# פרץ'ס

# בלעטליך

זשורנאל פיר

ליטעראטור געזעללשאפט און עקאנאמיע



ערשטער באנד



פערלאג פון י. לידסקי בוכהענדלער

ווארשא תרס"ג

# ПЕРЕЦЕСЪ БЛЕТЛАХЪ

Литературно-Общественно-Экономическій Сборникъ.

ВАРШАВА 1903.

Типографія А. Глинка Гусья № 20.

# מה נִשְׁתַּנָה?

קינדיש זענען די קשיות „מה נשתנה"; זיי זענען אויך פֿאַר קינדער געשריבען, זיי זאָללען פֿראָגען, כּדי דער טאַטע זאָלל קאָנען אויסשרייען מיט ברייטקייט „עֲבָדִים הָיִינוּ!" און ערצעהלען די מעשה פֿון יציאת מצרים, אויסרעכענען, וויפֿיעל מכּות פַּרְעֹה מיט די מִצְרִים האָבען בעקוממען און די „דַיֵּנוּ'ס", מיט וועלכע גאָטט האָט אונז בעגליקט... און דאָך איז חאַראַקטעריסטיש, אַז די גאַנצע הגדה מיט די קניידלעך קוממען אַרויס פֿונ'ם „מה נשתנה", פֿונ'ר פֿעראַנדערונג אין דער געוואָהנהייט!

דער כּח פֿון דער געוואָהנהייט איז יעדען בעקאַנט. מיר ווייסען, ווי זי בעהערשט אונז מיט לייב און זעעל. מיר פֿיהלען עס אין מַעֲשִׂים בְּכָל יום, אויף זיך אַלליין און אויף די אַרומיגע. פֿון בעט ביז'ן טיש, פֿון אויסטהון ביז אָנטהון געפֿינען מיר זיך ביי דער געוואָהנהייט אין די האַנד. איינער קאָנן ניט איינשלאָפֿען, ביז מען קיצעלט איהן נישט אין די פֿערזען; דער אַנדערער מוז האָבען דערצו אַ העכסט אינטערעסאַנטען ראָמאַן; איינער געוואָהנט זיך צו צו'ן אַ מַאֲכָל, אויף וועלכען איין אַנדערער קאָנן ניט קוקען; אַ צווייטער קאָנן ניט עססען, אום געקריגט זיך מיט'ן געזינדעל ביי'ם טיש. זאָלל איינער אָבטרעטען פֿון דער געוואָהנהייט, מאַכט ער ניט צו איין אויג אָדער פֿערדאַרבט זיך דען מאָגען.

— מה נשתנה? פֿראָגט דאָס קינד, קוים האָט זיך זיין פֿאָטער אַ ביסל אָנגעלעהנט אָן אַ קיססען — אַ זאַך, וואָס זיין טאַטע האָט זיך קיין מאָהל ניט ערלויבט.

— מה נשתנה? פֿראָגט דאָס קינד, ווען דעם טאַטען, וואָס עסט אַ גאַנץ יאָהר טראָקענע קאַרטאָפֿפֿעל, האָט זיך פּלוצלינג פֿערוואָלט איינטונקען די קאַרטאָפֿלע אין זאַלץ וואססער; מה נשתנה, וואָס היינט הייסט דער וואָכענדיגער חריין „מרור", און מען עסט איהן אָהן עססיג, אָהן זאַפֿט פֿון בּאָרקעס? מה נשתנה, וואָס היינט עסט מען ניט דאָס שוואַרצע ברויט, נור שוואַרצליכע מצה?

עפּעס אַראָב פֿון דער געוואָהנהייט — און דאָס קליינע יודעל פֿראָגט שוין שאלות, ער שפּאַרט זיך שוין, ער קאָנן שוין ניט לידען. ביי איהם דאַרפֿען זיין די טאָג אָהנליך איינער צום צווייטען, קיין נייער טאָג טאָר איהם קיין נייעס ניט ברענגען! אויב עס איז אַנדערש — איז אַ קַשְׁיָא און דער תּירוץ איז עֲבָדִים הָיִינוּ...

נור אויב „עַבְדוּת" הייסט--ניט האָבען

---

# פֿעליעטאָן.

## קיין אַמעריקאַ

(ערצעהלונג)

מאָטי איז אַ וואַססערפֿיהרער; נישט קיין וואַססערטראָגער, ווייל דער פּלומפּ איז אויף אַ באַרג, און סיי ווינטער, סיי זוממער מוז מען אַרבייטען מיט אַ שקאַפּע; נור ער איז נישט קיין וואַססערטראָגער פֿאַר זיך אַליין, ווייל ער האָט נישט, נישט זיין אייגענע שקאַפּע, נישט זיין אייגענע בעלי־בתּים. ער איז אַ „יונג" ביי'ן אַ וואַססערפֿיהרער, און „אַ יונג מיט ביינער (ווי זיין בעל־הבית זאָגט) וואָס עסט פֿאַר צעהן" (ווי די בעל־הבית'טע זאָגט). און דאָך, חאָטש ער האָט געאַרבייט (ווי אַללע זאָגען) מיט טאַטשקעס, האָט ער קוים „דערשלעפּט" זיין שטיקל ברויט.

זוממער איז נאָך געוועזען צו דערליידען, חאָטש איידער די שקאַפּע פֿלעגט אַרויף קוממען צו'ם פּלומפּ, האָט איהם געבראָכען די פּלייצע פֿון אונטערשטופּען, און ער איז הייזער געוועזען פֿון שרייען „וויאָ!" און פֿערשעלטען זיך און דער שקאַפּע יאָהר און טאָג, און חאָטש דער שוויים האָט איהם בעגאָססען פֿונ'ם שפּיץ קאָפּף ביז די פֿינגער פֿון פֿיס — פֿאָרט זוממער־לעב, אָבגערוהט און–יאַזדאַ! נור ווינטער! „מען קען

קיין דעה אויף זיך אַליין, טהון אַלץ נאָך דעם אַנדערנס וויללען, ביי יענעם אַלץ פֿראָגען, ניט לעבען לויט דען אייגענעם שכל; אויב דאָס הייסט עבדות, דאַנן איז די געוואָהנהייט דער גראָסטער דעספּאָט און האָט אונטער זיך פֿיעל מעהר קנעכט, אַלס אַללע דעספּאָטען צוזאַממען! איהר דיענען די דעספּאָטען אַלליין!

„עֲבָדִים הָיִינוּ לְפַרְעֹה בְּמִצְרָיִם, נור נאָך גראָססערע קנעכט זענען מיר געוועזען ביי דער געוואָהנהייט. צו געוואָהנט צו דער עבדות, האָט מען אונז קוים פֿון דאָרטען אַרויסגעריססען, קוים אַרויסגעפֿיהרט; קוים עטליכע שריט געמאַכט, רייסען מיר זיך צוריק. די נעגער אין אַמעריקאַ שלאָגען זיך אויך געגען זייערע בעפֿרייער; אונזער פֿויער באַנגט אויך נאָך די אַלטע צייטען... דעם אַרעסטאַנט קוממען אַ מאָל די טרעהרען אין די אויגען אַריין ביי'ם בעפֿרייען, איהם איז שווער צו שיידען זיך מיט דער פֿינסטערער קאַמער, וואו ער האָט אַ סך, און אֶפְשַׁר, די בעסטע פֿון זייער יאָהרען פֿערלאָרען!

די געוואָהנהייט איז דער גראָסטער דעספּאָט — אין איהר קנעכטשאַפֿט איז געבונדען דער וויללען, דער פֿערשטאַנד; אונטער איהר רעגירונג האָרט מען אויף צו דענקען, צו קלעהרען, עס ווילט זיך נישט, עס קאָנן זיך נישט.

עבדים היינו און עבדים זענען מיר עַד הַיּוֹם ביי דער געוואָהנהייט. זי האָט אונז צו געשמידט מיט אייזערנע קעטען צו אַ שרעקליך שווערע, אייזערנע טאַטשקע, אין וועלכע עס ליגען טויזענד־יאָהריגע מַשָּׂאוֹת. און אַללע ווײַלע וואַרפֿט זי נאָך עפּעס צו און שמייכעלט, און חַנְפ'עט: „אַ יאָ עס איז לייכט?" און מיר גלויבען און שלעפּען, און שלעפּען אָהן אויפֿהאָר. די טאַטשקע ווערט מיט יעדען טאָג שווערער, מיר — שוואַכער. און די געוואָהנהייט שמייכעלט, און חנפ'עט אַללע מאָל מעהר, און מיר גלויבען איהר אַללע מאָל פֿעסטער!

אין איהר שמייכעל ליגט דער אייגענער כִּשּׁוּף, וואָס אין דער שלאַנגס אויגען. בעצויבערענד, לאָזט זי אַריין דאָס גיפֿט און פֿערסמט דאָס בלוט; מען קאָנן זיך בשעת מעשה קיין ריהר ניט טהון, עס איז אַזוי אַנגענעהם צו קוקען אין די פֿערכשופֿטע אויגען אַריין!

מענשען וויללען, אַז די צייט זאָלל שטעהן אויף איין אָרט, קיין יאָהר הונדערט זאָלל גאָר נישט מוסיף זיין אויף'ן פֿאָריגען. מענשען וויללען, אז זייער יעצטיגעם לעבען זאָלל זיין אֶהנליך צו'ם

---

דאָך נישט זאָגען, עס איז דאָך אויך א צייט פֿון זיין ליעבען נאָמען, נור א הינטישע צייט!" אַז דו ביסט שוין גאר אויבען, שטיי! געפֿרוירען דער צאַפּען! און היינט דאס אַרויף און אראָב גליטשען זיך!

— „עט, עס איז קיין תַּכְלִית נישט — קלערט מאָטי — אַלס נור האָריוועען אויף יענעם! צייט צו האָבען אַיין אייגענע שקאַפֿע.. ז בעלי־בתים וואָלט איך שוין געקריגען". נור „ווי — נעמט מען די קלינגערס?"

נאָך איין דַאֲגָה האט אונזער אָרימער מאָטי געהאַט:

— „אַז זיין בעזונדער, אַ בעל־בית פֿאַר זיך, דאַרף מען דאָך א בעל־בית'טע..."

און א „בעל־בית'טע" איז אויך נישט אַזוי לייכט צו קריגען. און אֶפשר נאָך שווערער אַלס א שקאַפֿע.

— „א ליאַדע דינסטמיידעל, קוים האָט צ' עטליכע רובל, ווילל זי שוין אַ יחוס שדוך, אַ משרת פֿון אַ קלייט *), על כל פנים אַ בעל מלאכה, באַדיי א שוסטער! אַלס נישט קיין וואַססערשלעפּער! און אָהן די קלינגערס איז אַוודאי נישט גוט, צוויי מֵתִים געהן טאַנצען!"

— „ביי יענעם זיין איז ביטטער, נור ניט חתונה האָבען איז גאָר פֿאַר די הינד אַרויס־צו־וואַרפֿען... צו 26 יאָהר דאַווענען אָהן אַ טלית, עס געהט זיך די גרינגע גאַלל אָן... עס איז מיר שוין נִמְאָס וּמָאוּס!"

— „עס מוז נעמען א סוף!" שטעלט ער

*) לאַדען, געוועלב, קראָם.

לעבען פון זייער אַלטער-ייִדען מיט
טויזענדער יאָהר צוריק!

ווענן קנעכט זאָללען וויססען, אַז קנעכט זענען זיי אומגערן געוואָרען, אַז קיינער ווערט ניט געבאָרען אַ קנעכט, וואָלט שוין לאַנג קיין עבדות ניט געוועזען; ווענן מענשען וואָלטען געוואוסט, אַז גע-וואָהנהייט איז איין אומגעלומפּערט גרויס נאַררעשקייט, וואָלטען זיי זיך שוין לאַנג אבגעזאָגט פון איהר. וואָס מעהר מען פערשטעהט עס, וועניגער ווערען די קנעכט, שוואַכער די געוואָהנהייט.

אונ דאָך איז עס נישט אַזוי לייכט. באַלד יוערט אַ געפּראָגעריי: „מַה נִשְׁתַּנָּה?“... אונ נישט אַללע פראָגען אַזוי אונשולדיג קינדיש, ווי די קינדער ביי דער הַגָּדָה.

עס איז נישט אַזוי לייכט, וויל אויף אײן חָכָם איז דא אַ רָשָׁע, אַ תָּם אונ אַ שֶׁאֵינוֹ יוֹדֵעַ לִשְׁאוֹל...

דוד פינסקי.

## דֶער חוּרְבַּן צוּם עֶרְשְׁטֶען סֵדֶר.

ערב פסח!

— — — — — — — — — —

דוואָשע שטייט צווישען אַללע אַרבייטער אַרום אַ לאַנגען טיש, אונ שאָקקעלט זיך איבער דער פסח'דיגער אַרבייט.

פּיס האָט זי ווי קלאָצער, דְלאָנְיֶעס ווי קישעלעך. אונ די גליעדער ברעכען, דער קאָפּף איז אָנגעגאָססען ווי מיט בליי, דאָס פּנים — פערשלאָפען, צו קראָכען, מיעד, בלאַס אונ פויל.

עס איז שטילל, קיינער וויצעלט, ווי אין די ערשטע נאָכט, קיינער חָכְמָה'ט זיך; עס האָט שוין קיינער קיין כֹּחַ נישט, עס קענן זיך קיין צונג נישט איבער-דרייען. שטילל! עס הערט זיך נור אַ רוישען פון די וואַלגער-האָלצער, דאָס קריצען פון די מצה-ראָדליך, אַז זיי קומען פון דער מצה אַראָב אויפ'ן בלעכענען טיש... אָפט הערט זיך אַ מענשליכער, לאַנגער, מיעדער געניץ.

מען האָט אָבער דערצו אויך קיין צייט נישט; מען פערגינט זיך נישט אפילו דען שווייס פון פנים אָב-צו-ווישען...

נור — לאַנגער זאָלל שוין דאָס יודישע גלות נישט דויערן!

אָט, ענדיגט מען די לעצטע מייערע...

— — — — — — — — — —

געענדיגט! אַ לאַנגער „אַה!“ רייסט זיך אַרוים פון אַללע מויל'ער. די וואָל-גערקים שלעפען זיך צו צו די באַנק

---

אָב ביי זיך, איך מוז ערגיץ אַוועק, אין אַמעריקא, אין שְׁאוֹל-תַּחְתִּית אריין, נור א סוף זאלל עס האבען... „וויאָ!“ די שקאַפּע פיצקיט אונטער.

— „א ליאַדע ווער, א האָלאָדריגע, א גאָר-נישט, פאָהרט, אונ איך וועל דאָ בלייבען?“ בייזערט ער זיך.

— „נור פאָהרען — איז ער זיך מְיַשֵּׁב — אָהן א ווייב איז נאָך אֶרגער...

„דאָרט, זאָגט מען, איז די סחורה גאָר בְּיוֹקֶר... א ליאַדע מויד, זאגט מען, פער-ציקערט מען דארט...“

אונ עס בלייבט ביי איהם, אז עס וואָלט אַמבעסטען געוועזען טאקי דאָ חתונה האָבען, ווי עס איז חתונה האָבען, אונ אַוועק!“.

ער זיפצט אָב: ווי נעמט מען דאס!

* * *

„סאָשע“ איז א דיענסט-מיידעל, „ארבייט מיט שֵׁדִים“, קאָכט, וואַשט, פוצט אונ רייבט, אז עס בלישציעט אין אַללע ווינקעלעך. א בְּרִיָּה נִפְלָאָה, אונ דאך געהט אוועק א יאָהר נאָך א יאָהר אונ עס מאכט אויף איהר קיין בעל-עסקן נישט.

א מאָל שלאָפט זי נישט גאַנצע נאָכט: ס'טייטש, איהרע חברת'עס האבען זיך שוין טהייל פאר אַממען געשטעלט, טהייל אַפילו גֶע'גֶם, אונ זי גיט זיך נאָך קיין ריהר.

—רבונו של עולם — גיסט זי אוים איהר האַרץ, ווען קיינער הערט נישט — ווען וועלל איך שוין האבען מיין ווינקעלע, מיין בעל-הבית,

און פֿאַללען אַנידער איינער נאָך דער אַנדערער, די ראָדלער האָבען נאָך עטליכע מצות. אָט, שוין דער לעצטער קריץ! נור דער איינזאָצער האָט נאָך צו טהון ביים „גֵיהִינָם!"

פֿון „גיהינם" קוממען דאָך אַרויס — די לעצטע מצות...

„אוף!" שטויסט ארויס דער איינזאָצער און רוקט זיך אַוועק פֿון אויבען, דער קלייבער קלויבט צו זאַממען די לעצטע פֿרישע מצות פֿון באַנק...

נור אַהיים געהט מען נאָך נישט! צינד געהען ערשט „חִיוּבִים!"

— — — — — — — — — —

ערשט פֿאַר טאָג האָט דוואָשע אָבגענוממען איהר לוין, פֿאַר זיך און איהרע צוויי קינדער — וואָוקע און חיים'קע, וואָס האָבען צו געהאָלפֿען. זי לויפֿט אַהיים מיט די קינדער בי די האַנד, חאָטש זי פֿיהלט די פֿיס נישט. עס הייבט אָן גראָהען דער טאָג! פֿריהער האָט זי די קינדער געלייגט, און, אַז זי האָט זיך אויך געוואָלט וואַרפֿען אויפ'ן בעט, האָט שוין אַ גאַנצער העללער פענק מיט שטראַהלען בעלייכט איהר קליין פֿענסטעריל, און זי האָט דערזעהן די שטוב!

ניין! זי טאָר זיך נישט לייגען! זי האָט נאָך אַזוי פיעל צו טהון! דאָס בעט מיט דען טיש, האָט זי נאָך מוֹצָאֵי-שַׁבָּת פסח'דיג געמאַכט... נור זי האָט נאָך אַזוי פֿיעל אַרבייט! אַזוי פֿיעל אַרבייט! מען דאַרף נאָך פסח'דיג געפּאָסס קויפֿען און טוֹבֵל זיין, די קינדערליך חאָטש שטיוועלעך קויפֿען.. היטעלעך! היינט פֿלייש נעמען.. עפּיס אָבקאָכען..

דער מאַנן וועט קוממען פֿון וועג, זאָלל ער חאָטש האָבען עפּיס אין מויל אַריין צו נעמען.. עס איז אַזאַ שווערער וועג! און דאָ איז נאָך דִי פּאָדלאָגע נישט געוואַשען!

— אָח! קרעכצט זי אָב.

דער שלאָף איז שוין איבער געגאַנגען, און זי חַאַפּט אַ קאַנן און לויפֿט נאָך וואַססער צו דער פּאָדלאָגע...

— — — — — — — — — — — — — —

ערשט שפּעט נאָכמיטטאָג האָט זי דערהערט אַ גערויש פֿון די רעדער; זי דערקענט דען מאַנס „פּררו", מיט'ן קאַש-טאַנס פֿרייליך וויהערן. „זדאָראָוו" ווינשט זי איהם אין האַרץ; ער דיענט שוין ביי זיי דאָס 8-טע יאָהר; דאָס צווייטע פֿערד איז אַ נייעס, און ווער ווייסט, וואָס פֿאַר אַ צָרוֹת מען האָט דערפֿון אין וועג.

זי שוימט אָב די פֿיש, און נעמט זיך צו חֲרוֹסֶת און דערווייל איז דער מאַנן אַריין אין שטוב.

---

מיין מָקוֹם מְנוּחָה? ווען וועל איך שוין קאָכען מיינע פיש לְכָבוֹד שַׁבָּת!"

זי וויל אויך אמאָל זוכה זיין צו'ן אַ ציפּיק, צו'ן „אַ לעבען, ווי גאָטט האָט געבאָטען".

„נור וואָס - זיפֿצט זי אָב — אַז א ליאַדע ביקס, וואס פֿערדיענט א 10 גילדען אַ וואָך, אַ גאָר-נישט, אַ שניידעריל, אַ שוסטער-יונג זוכט שוין בעלי-בתישע טאָכטער, אז ניט גילד איהן אָב! אַז 50 רובל איז היינט קיין געלד נישט!"

זי ווייסט אויך, אַז אין אַמעריקא וואָלט זי גאָר געווען א סחורה; נור ווי פֿאָהרט עס א יודישע טאָכטער אַליין? האָהר און נאָגעל שטעללען זיך איהר קאַפּויר פֿאַר שרעק!

מיט די שווערע געדאַנקען שוימט זי די יויך, עס ווייזען זיך איהר טרערען אין די אויגען, נור ביי דער היץ פֿון דער ענגלישער קיך ווערען זיי פֿערטריקענט.

אַח, ווען עפּיס רעכטס — קלערט זי ווייטער — ווען עפּיס רעכטס... איך וואָלט איהם אזוי גוט, אַזוי גוט געווען... טאַקי מיט'ן גאַנצען האַרץ...

— „סאָשע אָפּפּען!" קלאַפּט און רופֿט מאָטי.

— „וַיָּבֹא-הָמָן", מאַכט סאָשע, און אָפּפֿענט די טהיר.

— מאַכט רש"י — פֿיהרט איים מאָטי — וועלכער טייוועל האָט דיך געברענגט? האַ? און מאָטי צולאַכט זיך אויף אַ קול. „אָבער איך קען לערנען?!"

— וואָס איז כּאַר א שִׂמְחָה אויף דיר?

— ווערסט עסען? פֿרעגט דוואָשע.

— עסען וועל איך? ענטפֿערט ער — עסען? און די סחורה ווער וועט צו טראָגען? און אין ביזנעס אַריין ווען? גרייט אָן וועש!

ער וואַרפֿט אַוועק די בייטש און ווערד נעלם פֿון שטוב.

די שטוב איז שוין יום-טוב-דיג ריין און בלאַנקט פֿון די געבענשטע ליכט. אַ ווייס טישטוך ליגט אויף דער ראַגאָזשע, וואָס בעדעקט דעם געכּשר'טען טיש. דער סדר איז שוין צורעכט געמאַכט: אויבען אָן אויף צוויי באַנקליך איז אַ הסבה-בעט פֿון דריי ווייסע קיסען; אויפֿ'ן טיש שטעהען טעללער, כּוסות, אַ פֿלאַש ראָזינקע וויין, די פֿיש... אויבען אָן שטייט די „קערה" מיט די „מינים"...

פֿלטיאל זיצט אויפֿ'ן הסבה בעט און צעהלט פֿערשלאָפֿען: דם, צפרדע, כּנים...

דוואָשע צעהלט נאָך און קראָפּיעט גלייך מיט איהם פֿון כּוס. די קינדער זענען איינגעשלאָפֿען זיצענדיג בייים טיש.

פלטיאל האַלט זיך, דוואָשע פֿאָהרט מיט... נור ביי „הלל", און פונקט ביי „משיבי עקרת הבית" האָבען זיך איהר די בלייערנע ברעמען אַראָב געלאָזט; דער שווערער קאָפּף איז געפֿאַללען אויפֿ'ן אָנלעהן פֿון באַנקעל, און — עס הערט זיך איהר מיעד שנאָרכען.

פלטיאל דערהערט, און הייבט אויף זיין שווערען בליק פֿון דער אַלטער הגדה. אויסרעדען אין מיט'ן הלל וויל ער נישט, שטרעקט ער אויס די האַנד און וויל זי וועקקען. נור ער קריגט אויף איהר רחמנות.

— נעביך, זי האָט זיך אָב געאַרבייט! שוין 4 וואָכען נישט געשלאָפֿען!..

עס פֿערגעהט איהם דאָס האַרץ. זי אַרבייט ביי איהם מעהר, ווי אַמאָל די יודען אין מצרים... מעהר ווי זיינע פֿערד אין וועג, מעהר ווי ער אַליין...

ער וועט זי נישט וועקקען, נור „זאָגען" אָהן איהר וועט ער אויך נישט... ער וועט וואַרטען אַ פּאָר מינוט, אַ פּאָר מינוט שלאָפֿען איז אויך עפּעס ווערט...

— — — — — — — — — — —

און ער איז אויך איינגעשלאָפֿען.

און עס חלום'ען זיך איהם די יונגע בעסערע יאָהרען. ווען ער האָט דאָס ערשטע מאָל דוואָשען דערקענט... ווי אַרויז האָט זי געבליהט... — — — —

— — — — — — — — — — — — — —

נור דער קאַשטאַן וויהערט אין שטאַלל, און דאָס איז גענוג געוועזען אין בעל-עגלה'ס חלום צו פֿערטווישען די סצע-

— איך פֿאָהר קיין אַמעריקא!

— אַ גוטען שליט-וועגס!

— „מערטשעס" ביי דיר! ווינשט מאָטי. און גיסט אויס דאָס וואַססער. אין מיט'ן פֿאַלט איהם עפּיס איין. ער וואַרפֿט אויף איהר אַ בליק, טראַכט „אפשר יאָ" און זאָגט:

— סאָשע, ווייסט דו, וואָס מיר איז איינ-געפֿאַללען? כ'לעבען פֿאָהר מיט!

— פֿאָהר צו'ן אַלדע שוואַרצע יאָהר—

— ס'געפֿעלט דיר נישט? זאָגט מאָטי, איז נישט געטאַנצט מיט'ן בער! ער נעמט צו די קאַנן און ווערט נעלם.

* * *

— „עס איז מיר גאר ביז אַהער נישט איינגעפֿאַללען — טראַכט מאָטי, אַרויסגעהענדיג פֿון שטוב — סאָשע איז גאָר קיין שלעכט שטיקל סחורה נישט... ריי'ם פֿענסטער זעה איך אַ קאַסטען; ליידיג איז ער נישט... עטליכע רובל מוז זי אויך האָבען. און אַזוי אויך נישט-קשה... כ'לעבין נישט-קשה!... קודם-כּל איין עהרליכע מויד, אַדרבא! נור אַז זי וויל נישט, איז נישט! מעהר מאַך איך מיט איהר קיין שמיעס. איך האָב פֿיינט פּיצקען!

דאָס פֿערד האָט זיך דערווייל געהאַט אויס-געשפּאַנט, און ער האָט געמוזט „אַוועק-ליגען אַללע געדאַנקען" און נעמען זיך צו דער שקאַפּע.

צו סאָשען איז דערווייל אַריין געקומען די בעל-הבית'טע.

— וואָס האָסט דו עפּיס אַזוי געלאַכט

נע... עס איז ערשט ניט לאַנג. ער איז אין וועג. און געהט נעבען דער בויד. עס לאָזט, דער הימעל גיעסט אַלס ווייטער און ווייטער אָהן רחמנות... דאָס נייע פֿערד „נאַרט זיך"... דער קאַשטאַן פֿאַלט שוין פֿון די פֿיס... די בויד זינקט אַללע מאָל טיעפֿער אין בלאָטע. און דאָ איז שוין ערב יום-טוב! אַז גאָטט, וועט קיין רחמנות נישט האָבען, וועט ער האַלטען פסח אונטערן וועג, אַהאַלבע מייל פֿון שטאָדט!

ניין! עס איז נישט מאָגליך!

ער געהט צו נענטער צו דער בויד; מען מוז דעם קאַשטאַן העלפֿען... ער שפּאַרט אונטער מיט די אַקסעל די בויד; עס געהט נישט! ער נעמט צוזאַממען אַללע כּוחות און — —

און טראַך! ער גיט אַ שטויס דעם טיש און קערט איהן איבער; עס פֿאַללען אַראָב אַללע כּוסות, אַללע טעללער, די פֿיש מיט דער פֿיש-יויך...

אַלס... אַלס...

און אַללע שפּרינגען אויף און דער-זעהען אַ חורבן.

י. גודא.

# דִי הַגָּדָה פוּן דֶער פְּרָאוִוינְץ.

אין די גריססען, וואָס מיר בעקוממען פֿון דער ווייטענס, וואו יודען וואָהנען, בעקלאָגען זיך די קאָרעספּאָנדענטען, אַז ביי זיי איז ניט דאָ קיין „מענשען"; מען טהוט קיין האַנד אין קאַלט וואַססער פֿאַר אָרעמע, קראַנקע און אומגליקליכע.

מיט וואָס דען בעשאָפֿטיגט מען זיך אין דער פֿרייע צייט? — אָדער מען קריגט זיך, אָדער מען שפּיעלט אין קאָרטען!

„שוין מעהר ווי דריי יאָהר, אַז מען קריגט זיך ביי אונז איבער דעם נייעם רָב — שרייבט אונז הָ' י-וו-ל פֿון מעזשיבוזש (פּאָדאָליער גוב.) — אונזערע חסידים געפֿעלט ניט דער נייער רב, ער האָט אָבער אַ צַד, וואָס שטייט פֿאַר איהם שטאָהל און אייזען. איין צד אויף דעם צווייטען הערט ניט אויף צו שרייבען מסירות. ערשט ניט לאַנג האָבען די חסידים אָבגעטהון דעם נייעם רב אַזאַ שפּיטצעל: זיי האָבען אויסגעדונגען ביים בעל-בית פֿון הויז דאָס בית המדרש, צאָהלען איהם טייערער דירה-געלד, נור מיט דעם בעדינג, אַז עס זאָלל דאָרט קיין בית המדרש נישט זיין. די דירה מאָג שטעהן לעדיג, אָדער אפֿילו פֿערדונגען ווערען אויף

---

מיט מאָטין? פֿראָגט די בעל-הבית'טע פערוואונדערט.

-- עט, דער פאַרח וויל, איך זאָלל מיט'ן פאָהרען קיין אַמעריקא.

— ווי הייסט?

— ער מיינט אוודאי חתונה האָבען, דער שוואַרצער יאָהר ווייסט איהן!

די בעל-הבית'טע האָט זיך בערוהיגט, און געפֿראָגט אויף די מייערען צום מיטטאָג.

-- ווי געפֿאָלט אייך דאָס בעל-הבית'טע?!

געפֿערט סאָשע איזה'ס.

— וואָס?

— מאָטין, מיין איך!

— אין מיט'ן זמן געפֿאָלט עס מיר אוודאי נישט, דערנאָך וועללין מיר זעהען!

איין ערליכער יונג איז ער, עהרליך האַלטען אַ ווייב וועט ער, ווייס איך? נור ווי קומט דערצו אַמעריקא?

— וואָס דען, רייסט זיך אָב סאָשע, דאָ וועלל איך חתונה האָבען מיט אַ וואַססער-פֿיהרער? פֿיש! באַשע-רחל איז מעהר לייט פֿאַר מיר? און קריגט אַ חתן גאָר מיט'ן גרויסען אופֿן! אַ סאַמאָראָדנע קירזנער!

— וואָס געהט דיך אָן יענער?

— עס געהט טאַקי אָן! איך וואָלט מיך געשאָמט אין שוהל אַריין צו קוממען.

— און דאָרט?

— עט, דאָרט איז עפּיס אַנדערש, אַללע גלייכע פּריצים. דבורה — די שוואַרצע דבורה, די פּאַסקודניצע, וואָס איז נֶעֱלָם געוואָרען מיט'ן וואָיעננע שניידעריל — שרייבט אויך,

אַ שאַנק, נור אַבי ניט קיין בית המדרש! און דער רב האָט נישט וואו צו דאַוונען. וואָס וועט ער טהון פּסח? ווייס איך נישט! „זאָלל מען חאָטש אין דעם בית המדרש, פֿאַר וועלכֿען מען צאָהלט אומזיסט געלד, מאַכֿען אַ בקור חולים, אָרימע לייט זאָללען נישט אויסגעהן אין גאַסס!" בעמערקט דער קאָרעספּאָנדענט מיט רעכֿט.

אין מעזשיבוזש קריגט מען זיך און אין אומאַן (קיעווער גוב.) שפּיעלט מען אין קאָרטען!

דאָס קאָרטען שפּיעלען איז אין אומאַן געוואָרען עפּידעמיעש — שרייבט מען אונז — אַללע שפּיעלען, פֿון גרויס ביז קליין אַפּילו ווייבער און פֿריילין! די געבילדעטע — אין „ווינט", האַלב געבילדעטע אין „פּרעפֿעראַנס" און פּראָסטע מיידען אין „אָקאָ" אדער „סטוקולקאַ"! מען איז אַזוי פֿערברענט אין די „קאָרטען", אַז מען בעמערקט גאָר ניט, ווי די אָרימע לייט וועגען היינטיגען ווינטער אויסגעגאַנגען פֿאַר קאָלט, און מען קלערט אפּילו נישט וועגען מצות פֿאַר אָרימע לייט אויף פּסח. עס פֿלעגט אין אומאַן אַמאָל צו זיין אַ חברה שומרי-חולים, נור היינטיגען ווינטער האָבען זיך אין איין נאַכֿט געטראָפֿען
4 „ראָאָשען" און מען האָט קיין צייט ניט געהאַט זיך אומקוקען אויף אַזױנע זאַכֿען!..

פֿון דעסטוועגען, האָבען זיך דאָך די אומאַנער יודען אָבגעריסען אויף עטליכֿע וואָכֿען פֿון גרינעם טישעל, און דאָס האָבען מיר נור צו פֿערדאַנקען דעם ליטווישען (?) צדיק, אַ בעל-שם, וואָס איז געקוממען מיט אַ גאַנצע סוויטע גבאים; אויך איז אָנגעקוממען אַ טרופּפּע אַקטערען מיט אַקטריסען. דער פּראָסטער עולם (דאָס מעהר ווייבער) לויפֿען מיט קאָרבלעך צו'ם רבין, און די אינטעליגענץ — אין טעאַטער.

נור צו די לובלינער און שעדליצער פּראָצענטניקעס (לויט מען שרייבט) איז ניט דאָ קיין שום מיטטעל, זיי זאָללען אָפּענען זייערע בייטעלעך און געבען אַמאָל אַ רובל; ניט קיין אָרעמאַנן, ניט קיין בעל-שם און ניט קיין טעאַטער! זיי וויסען נור פֿון „נעמען"; פֿון „געבען" האָבען זיי קיין בעגריעף ניט! זיי זענען שוין אַזוי אָבגעוואָהנט פֿון „געבען", אַז די לעצטע צייט האָבען זיי אפילו אויפֿגעהערט צוגעבען געלד אויף פּראָצענט!

נור מיינט נישט, דאָס געוויססען האָט זיך ביי זיי אויפֿגעוועקט, אָדער זיי האָבען פֿאַר בושה אַוועקגעוואָרפֿען די שאָנדליכֿע פּרנסה, חאָטש אויף דער עלטער. ניין, זיי האָבען זיך נור דערשראָקען פֿאַר'ן נייעם זאַקאָן געגען ליחווע... זיי האָבען דער-

---

אַז דאָרטען זענען אַללע גלייך, אַ דיענסט מאָג אָנשפּייען דער בעל-בית'טע אין פּרצוף אַריין, און — גאָר נישט, עס געהט קיינעם נישט אָן! דאָס הייסט אַ לעבען!

די בעל-הבית'טע טראָגט זיך אָב פֿון קיך און מאָשע טראַכֿט:

— ער איז באמת נישט-קשה, מאַ, הלל-מיר זעהן...

* * *

דען צווייטען טאָג האָט מאָטי ווייבער געברענגט וואַססער, אַריין געגאָססען, און — אַוועק-געגאַנגען.

— דער פּאַרח נעמט זיך נאָך איבער! בייזערט זיך מאָשע אין הארץ.

דען דריטטען און פֿירטען טאָג — אויך דאָס זעלבע. דען פֿינפֿטען טאָג מאַכֿט זי מיט'ן אַ שמיעס:

— „נו, ווען ווערט מען שוין דיינע פּטיר?

— נישט אַזוי געשווינד... איך שטעה אין אַ שידוך... אַליין פֿאָהר איך נישט.

— מיט וועמען? פֿרעגט מאָשע, און וואַרפֿט אויפֿ'ן איין אויג פֿון דער זייט.

— דאָס איז מיין זאַך, ענטפֿערט ער. אַ מויד מיט קלינגערס!

— אַ מויד?

— וואָס דען!

— אַי, איך ווייס וועה!

— אָפּשר —

— מיט איין אויג?

מאָטי קוקט אויף איהר —

איבער אויפגעהערט צו „געבען" און ווילען נור „נעמען" – איינקאַססירען וואָס מעהר, און וואָס גיכער עמיגרירען.

מיר ווינשען זיי אַ גוטען שליט-וועגס צו ליעב אַללע לובלינער און שעדליצער שאָפּעלעך, וואָס זיי האָבען געשווירען! נור איין זאַך וואָלטען מיר געוואָלט: די פּראָצענטניקעס זאָללען עמיגרירען, וואו זייער האַרץ גלוסט, אפילו אין די הָרֵי חשך, אפילו אין די אָרטער, וואו דער שוואַרצער פּעפּער וואַקסט, אפילו צו אלל-די-שוואַרצע יאהר... נור ניט קיין פּאַלעסטינע, ניט קיין אַרגענטינאַ. און בכלל ניט אין די אָרטער וואו יודען (אָדער בכלל מענשען) וואָהנען...

זעהט איהר, קאָלישער און זאַמושצער יודען, קאָננען מיר שווערען, וועללען שוין זייער גאַנץ לעבען ניט עמיגרירען; ניט, חו"ש, דערפאַר, ווייל זיי האָבען קיין מוראָ ניט פאַר דעם נייעם זאַקאָן, נור דערפאַר, ווייל זיי זעננען שווערע, ווי מיט בליי אָנגעגאָסענע מענשען, און קאָננען זיך ניט ריהרען פון אָרט. עס איז דעראיבער אַזאַ שטיללשווייגעניש אין די צוויי שטאָדט, אַז עד היום האָרט מען דאָרט אין מיטען העללען טאָג האָנער-קרעען,

די קאָלישער און זאַמושצער יודען געהען פּאַוואָלי און רעדען אַזוי שטיל, אַז מען מוז צולעגען די אויערען. מען זאָלל קעננען הערען – וואָס זיי שעפּטשען זיך דאָרט. טהון, טהוט מען גאָר ניט; זיי האָבען מורא, טאָמער וועללען זיי, ניט וויללענדיג, בשעת דעם טהון געבען אקלאַפּ, אַ שאָרך און מען וועט, חו"ש, דערהערען! „וואָס דאַרף גאָר ווער וויססען, וואָס עס טהוט זיך אין אונזערע שטאָדט, אין אונזער תלמוד תורה, אין בקור חולים? און בכלל וועמעס געשעפּט איז עס צו וויססען, צו ביי אונז געפינט זיך גאָר אַזוינע זאַכען"?. „מיר ווילען פון יענעם אויך גאָר ניט וויססען – זאָגען די קאָלישער און זאַמושצער יודען! און וויפיעל מיר האָבען נישט געבעטען די דאָרטיגע קאָרעספּאָנדענטען זיי זאָללען אונז מודיע זיין, וואָס עס האָרט זיך ביי זיי, ווי עס לעבט זיך דאָרט, האט קיינער געאָנטווערט אַ וואָרט, גלייך זיי טראָגען וואַססער אין מויל; שטיל!

היינטיגס יאָהר האָבען מיר יאָ דערזעהן אין „הצפירה" אַ נייעס פון זאַמושץ. מען האָט געשריבען, אַז איינער אַ דאָרטיגער בעל-בית, ה' שיפּמאַנן, איז געשטאָרבען. ליינענדיג די קאָרעספּאָנדענץ, האָבען „מיר" שוין אָנגעהויבען אַרוים שלעפּען „די" נאָז-טיכער אָב צו ווישען „און-

---

— דאַכט זיך–זאָגט ער–מיט צוויי!

— אַוודאי אַ בעל-בתיש קינד! – מאַכט זי חוזק.

— אַללע יודישע טאָכטער זעננען בעל-בתישע קינדער, נור היינט דיענט זי... פאַר ארימקייט...

סאָשע שמייכעלט: אָהן אַ דרייער?

— ווער רעד פון געלד! דער עָקר דאָס קָרן – שמייכעלט ווייטער מאָטי – נור עפּעס מוז זי האָבען... אין קיך שטעהט אַ קופערט... ער וואַרפט איין אויג אויף איהרען.

— ווי מיינער?

— עס פעהלט נאָך נישט אַ האָר!

— און אינגערווייניג, וואָס איז דאָ? אפשר שאָרבעליך? מאָטי שוטה!

— אָפּפען אויף, וועלל איך זעהן —

— געה צו אַלדע שוואַרצע יאהר! בייזערט זיך סאָשע, אַ מַכָּה וועט זי האָבען אַ וויפראַווע ווי איך... דו מיינסט טאַקי אַללע פיהרען זיך אַזוי?

— מיין כַּלָּה, מאַכט מאָטי און שמייכעלט, פיהרט זיך טאַקי אַזוי!

— אַז גאָטט ווילל — טראַכט סאָשע — שיעס'ט אַ בעזעם; ער רעד שוין נאָר חָכְמָה'לֶעך י אַ רעכטע כַּפָּרָה!

מאָטי געהט דאָך אַוועק צו פרידען.

— און אָפשר, טראַכט זי, איז עס טאַקי גאָטס ווילען.

* * * *

עס איז פרייטיג פאַרנאַכט, אָט, אָט

זערע" טרעהרען, נור איידער דאָס נאָטיבעל איז צוגעקוממען צו די אויגען, סטאָפּ! — אַ נייע קאָרעספּאָנדענץ, ווידער פֿון זאַמושין, אונ דער ה' פֿישמאַנן, וואָס איז אין דער ערשטער קאָרעספּאָנדענציע געשטאָרבען איז אין דער צווייטער קאָרעספּאָנדענציע לעבענדיג געוואָרען — פֿראָסט תחית המתים אין זאַמושץ! אונ „מיר" זעננען געבליבען שטעהן מיט „די" נאָטיבער אין דער לופֿטען, אונ מיר האָבען ניט געוואוסט, וואָס מען טהוט, צו ווישען זיך די אויגען פֿון וויינען אָדער פֿון לאַכען?..

פֿון ערגיץ אַנדערש האָבען מיר דאָך בריעף אונ. אויסער בריעף אָפֿענט זיך אָפֿט ביי אונז די טהיר, עס קומט אַריין אַ יוד אין וועגס-קליידער, אין טיעפֿע גוממענע קאַלאָשען.

— ווי קומט איהר איצט מיט קאַלאָשען? פֿראָג איך, נאָך מיט די שיפּכוּנישע טרערען אין די אויגען.

— איך קום — זאָגט ער — פֿון... (אונ ער רופֿט אָן אַ שטאָדטיל) ביי אונז, פֿערשטייט איהר מיך איז נאָך אַ בלאָטע, ניט נור אין גאַסס, נור אפילו ביי אונזערע בעלי-בתים אין הײַרצען! עס איז בכלל אַ בלאָטע! איך קום אַללע יאָהר וועגען מסחור, טרעט איך אָב ביי אייך צו פערקלאָגען אונזער שטאָדטל! ביי אייך איז

דאָך, דאַכט זיך מיר, אַ רעדאַקציע?

— יאָ אַ רעדאַקציע, וואָס זשע איז?

— איך בעט אייך, בעשרייבט אַביסל אונזער שטאָדטעל!

— ?

— איך ווייס? „זאָגען" העלפֿט ניט, בעשרייבט חאָטש. אַ צוויי דריי אָרנטליכע בעלי-בתים האָבען אייך געבעטען!

— געפֿינען זיך יאָ ביי אייך אָרנטליכע בעלי-בתים?

— ניי, ווי עס איז... נור קיינער האָרט זיי נישט, האָבען זיי טאַקי געבעטען איהר זאָלט שרייבען, אונ דעם אמת זאָג איך אייך, אַז דאָס הארץ קאָנן פּלאַצען צו זעהן, וואס עס טהוט זיך ביי אונז!

אונ דער יוד אונ נאָך אַ סך אַזוינע יודען, פֿון פֿערשיעדענע יודישע שטאָדט אונ שטאָדטליך, דערצאָהלען אונז מעשות אונ זאַכען, וואָס עס קומט דאָרט פֿאָר... זיי דערצאָהלען, וויא אָרימע קינדער דרעהען זיך אַרום פּוסט-אונ-פּאַס אָהן אַ שום ערציעהונג; קיין תלמוד תורה איז ניט דאָ, אונ ווען עס געפֿינט זיך נאָך אַ תלמוד תורה, אַ ירושה פֿון אַלטע דורות, וויללען זיך היינטיגע בעלי בתים אויף איהר ניט אומקוקען... די קינדער זעגען אבגעריסען, אבגעשליסען... דאָס איז זוממער צייט, ווינטער — ציטערען זיי פֿאַר קאָלט אַזוי

פֿאַלט צו דער שבת, נור וואס וועט מען קלאַפען אין שוהל. סאָשע איז אַ גאַנצע טאָג פֿערטראָגען אין עולמות. דען קוגעל האָט געמאַכט דער מַלְאָךְ, די חַלָּה איז פֿערבראָנט, דאָס עססען וועט נישט האָבען קיין יודישען טַעַם; איהר כַּפָּרָה! נור פֿערשמאָרעט איז זי „ביז וואַרימעס", אונ אין פֿאָססעל איז ניט דאָ קיין קראָפּליע וואַססער, זי וועט איהם בעצאָהלען! זי זאָל ער האלטען ביז צום סוף;

מאטי קלאפט, זי עפֿענט, לויפֿט אין קיך אריין, בעהאלט זיך אונטער דער טהיר אונ שרייט ארויס:

— ווארט, דו אַמעריקאַנישער פּאַרח, איך וועל דיר בעצאָהלען, מיך ווערסט דו האַלטען פֿאַר דער לעצטער? האַ? —

— פֿערטעהסט דו, כאָשע, אָנפֿערט ער איהר געלאַססען, איך האָב געזעהן, אַז דו פֿערהאַלטסט מיך שטאָנדיג; ווילסט מיט מיר רעדען, אונ אַ גאַנצע טאָג האָב איך דאָך קיין צייט נישט... פֿרייטאָג...

— נעם איין —

— סאָשען פאר אַ ווייב, מיינסט דו?

— גיס אויס דאָס וואָססער אונ געה; איך קענן מיך אויף דער ליכטיגער שיין נישט וויזען... פֿערריסט ביז וואַרעמים — דאַט ער מיך!

— זאָלל איך קוממען מאָרגען?

— קומט יאָ, קומט נישט — נור ציגד אַרויס! — — — — — — — — — — — — —

שבת האָט סאָשע בגוֹזין מְכַבֵּד געֿ

לאַנג, ביז זיי פֿערקיהלען זיך אונ ווערען קראַנק... בעלי-בתּישע קינדער האָבען זיך אויך נישט בעססער: זיי זעננען צוריק אַריין אין די האַנד פֿון די אַלטע מלמדים, אונ דישען זיך אין די אַלטע חדרים... פֿאַר חדרים אונ מלמדים האָט זיך צוריק גע-אָפֿענט די אַלטע וועלט. אונ יעדער בטלן, וואָס טויג צו קיין שום זאַך אין דער וועלט, ווערט איין ערציהער פֿון קינדער. עס וועט קוממען דערצו, אַז דער „חכם" וועט נור בלייבען אין דער הגדה; „רשעים" וועט נישט פעהלען, נור „תּמים" מיט „שאינו יודע לשאול"ס וועט זיין ווי האָלץ!

ניט לאַנג איז צו אונז אויך געקומ-מען אַ יוד פֿון סובאַלק אונ האָט געבעטען אַז מיר זאָללען „ל ו י ב ע ן" זיין שטאָדט! — „לויבען", ניט-„צו קלאָגען", איז אַזאַ זעלטענהייט, אַז מיר האָבען זיך מיט דעם יוד דערפֿרייט, בפרט, אַז ער האָט אונס דערלאַנגט דאָס ביכעל „תּקנות בית מושב זקנים של עיר סובאַלק" וואָס זיי האָבען נור וואָס אָבגעדרוקט אין וואַרשאָ אויף לשון קודש אונ זשאַרגאָן.

אין די צוויי שפּראַכען דערצאָהלען אונז די סובאַלקער יודען: „אַז מען דאַרף רחמנות האָבען אויף איין אַלטען קראַנקען אָרעמען מענש" אַז זיי, די סובאַלקער, האָרען דאָס געבעט פֿון: „אַל תּשליכני לעת זקנה"! אפילו דער רייכער מאַנן, — שרייבען די סובאַלקער — ציטטערט אונ שרעקט זיך פֿאַר דער אָלטער, ווי טרויריג אונ ווי שרעקליך, מוז זיין די אָלטער פֿאַר אָרימע לייט!

אין דעם זעלבען ביכעל זעננען אויך געדרוקט די תּקנות פֿון דעם בית מושב זקנים.

אומאַנער אונ מעזיבושער אונ אַללע אַנדערע יודען! אפשר וואָלט איהר דאָס ביכעל געליינט? איהר האָט קיין צייט נישט? איהר דאַרפֿט מלחמה פֿיהרען אונ קאָרטען שפּיעלען? נור ביי די דריי טייז מאָגט איהר דאָך געדענקען, אַז עס זעננען פֿערהאַנגען מענשען, וואָס האָבען נישט קיין דריי גראָשען, אונ אויף דער אָלטער, בשעת אַ קראַנק, אָדער אַזוי אַ צופֿאַלל, איז זיי זוי'ער, זוי'ער שלעכט!

איבעריגענס עס געהט דאָך צו יו"ט, עס געהט אַ גרויסער חוה"מ.. ליינט, איך בעט אייך! קאָרטען זעננען דאָך חמץ!

מ. ספּעקטאָר.

---

וועזען מיט ניסס, געוויזען איהם וואָס אין קופּערט איז דאָ; עס איז געוועזען אַ גרייטע וויפּראַווע אונ אַ קוויטעל אויף 50 קאָרבליך פֿון אַ גביר אין שטאָדטיל. מען האָט גערעדט פֿון אַמעריקאַ.

— אונ דאָרטען, מיינסט דו — זאָגט סאָשע — וואַקסען בולקעס אויף די ביימער?

— מען קען זיך דאָך צו שלאָגען צו'ן אַ פֿאַבריק.

— פֿון מיינעט וועגען, פֿאָהר.

— האָר נור, סאָשע, — מאַכט מאָטי ערנסט — נור איך בעט דיך נעם זיך נישט איבער, אַ יונג זעהסט דו בין איך מיט ביינער, ארבייטען קענן איך... אויסגעלאַססען בין איך נישט. —

— אונ איך? האַ?

— דו ביסט אויך — אַ וואַהלע טויד; אויף מיר אַזאַ יאָהר! נור... אַ יתומה ביסט דו, די צייט שטעהט נישט... וואָס? וואָס טויגען דיר די פּאַקסען?

— — — — — — — — — — — — — —

שבת-צונאַכטס איז געוועזען תּנאים; נישט לאַנג דערנאָך די חתונה; אַללעס גוי מען האָט אָבגעשמיעסט. נור דאָס פֿאָהרען קיין אַמעריקאַ איז נישט זיכער, עס קענן נאָך זיין, אַז מען וועט דאָ קויפֿען אַ שקאַפּע אונ לעבען ווי „אבות אבותינו"...

דערווייל געהט צו פּסח... מאָטי ארבייט ביי די מצות, אונ זי... זי לעקט שוין ציטרין. —

ב. פֿאָרבער.

# די רויז.

(אַ זוממער ערצעהלונג)

עס געהט צו פֶּסַח, עס איז פריהלינג, און אין זאַקסישען גאָרטען וועללען זיך באלד די רויזען בעוויזען.

איהר האָט עפּיס ליעב רויזען? אין אייער שמייכעל אַרום די ליפּפּען דערקענן איך, אַז יאָ! איי, וואָס פאַר אַ ליבּטליך עס האָבען זיך אין אייערע אויגען אָנגעצונדען! לאָזט נישט אַראָב די ברעמען; בְּהֵן צִדְקִי — איך וועלל קיינעם נישט פערציילען, נור אַז איהר האָט ליעב, וועלל איך אייך טאקי פּערציילען א מַעֲשֶׂה פון א רויז . . .

אַ מאָל איז געוועזען אַ רויז.

געוואַקסען האָט זי אין אַיין אֶפּפֶענטליכען (אֶפשר אין זאַקסישען) גאָרטען, אויפ'ן טראַוואניק, נאָהנט צו דער אַלעע, אויף א שטאָכעדיגען שטרויס (קרזאַק, קוסט).

בשעת ווען איהרע שוועסטער האָבען שוין לאַנג אינ'ם בליהען פערגעססען, איז זי נאָך יונג און גרין געוועזען. זי האָט נאָך דעמאָלט אויף אַנֶעמִיע געליטטען: וועניג, אָרים בלוט געהאַט! און זי האָט זיך געשאֶמט פאַר דער וועלט צו ווייזען. זי האָט זיך בעהאַלטען ווי אַמטיעפסטען צווישען די שטאָכ־נאָדעל.

נור אין שטיללע נאָכט האָט זי זיך אַ מאָל ארויס געדוקט, איין אויג געוואָרפען אויף איהרע שוועססער, אויף אַללע ראָמאַנטישגליקליכע בלומען, און פון זיי אויפגעהויבען דען טרויעריגען בליק צו'ם בלאָהעם, קלאָרען היממעל מיט אַ שטיללע, נור אַ וויינענדיגע פּרעטענסיע צו גאָטט, פאַר וואָס ער האט אין איהר איינער פערגעססען, זי איינע פערטהיילט, איהר איינער אַזאַ טרויריגע, איינזאַמע, עלענדע יוגענד געגעבען . . .

דאָס האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט.

זי האט זיך גיך און באַלד פאַר עפּיס דערשראָקקען, און, פערציטטערט, זיך צוריק בעהאַלטען אין שטרויס. אָט — דאַכט זיך איהר — מען שיעסט; דאָס האָבען נור, לְמַזָּל טוֹב, עטליכע קנאָספּען געפּלאַצט. אָט האָרט זי זיפצען — דאס גוסעט נור ערגיץ אין זאַמד אַ צוטרעטענע בלום . . . אָט, האָרען זיך עטליכע האַלז־און־נאָז טאָנער — אַ פערשפּאָטיגטער קאָרטען־שפּיעלער געהט, זינגענדיג, אַ היים און לאָזט זיך האָרען פון גאַסס.

נאָר זי איז נישט זיכער, צו זי זעהט עס און האָרט עס וואַכענדיג אָדער נור אין חָלוֹם. טהייל מאָל דאַכט זיך איהר, אַז איהר גאַנץ לעבען איז אַ חָלוֹם . . . אַז זי איז גאָר אַ געוואָהנליכער דאָרן, און אַ רויז — נור אויפ'ן עוֹלָם־הַדִּמְיוֹן! אַז זי וועט זיך גיך און באַלד אויפכאַפּפּען שפּיציג און פערקרומט און פולל מיט ברעננענדיגען, גיפטיגען זאַפט!

* * *

מיט דער צייט איז דער רויז בעססער געוואָרען. איהר דאָקטאָר איז געוועזען די וואַרעמערע זונן און עטליכע טראָפּפּען זוממערעגען . . . זי איז אַללע מאָל געזונדער און פוללער געוואָרען. דאס עדעלסטע רויטע בלוט האָט איהר אָנגעהויבען צו קרייזלען אין די אָדערן, זי ווערט רויט און רויטער און — מיט יעדער מינוט שאָן און שאָנער. דערביי ווערט זי אויך מוטהיגער און שטאַרקער ביי זיך!

און וואָס רויטער און געזונדער זי ווערד, הייבט זי זיך אַלס העכער און העכער, און קוקט אַללע מאָל זיכערער און לעבענדיגער ארויס אויף דער פרייער וועלט. דערנאָך איז געקוממען די העכסטע צייט, זי איז שוין אין גאַנצען צייטיג, פולל מיט זאַפט און שאַרלאַך־רויט! צינד הייבט זי זיך אויף אין גאַנצען, שטרעקט אַרויס דאס גאַנצע קעפּעל הויך איבערן שטרויס, אום אַללעם מיט אָפּפענע אויגען צו בעטראַכטען!

* * *

זי קוקט זיך אום און [illegible] ערט זיך! אַללע איהרע שוועסטער זעננען שוין פערשווינדען געוואָרען, זי איז געבליבען איין רויז אין גאָרטען, איינע אַליין. עס פראֶהט זי און שרעקט זי צוזאַממען! . . . און חאָטש זי האָט אַללעס נור ווי אין חלום געהאָרט און געזעהן, ווייסט זי דאָך, וואָס דאָס פערשווינדען בעטייט! זי ווייסט, אַז איהרע שוועסטער זעננען פון די שטרויסען אַראָב אין דער וועלט אַריין זוכען גליק. וואס דאס „גליק" אַליין איז, דאָס ווייסט זי נישט, נור עפּיס טרוימט איהר, אַז עס איז אַ גליק פערהאַנדען, אַז דאָס גליק וואַקסט נישט אויפ'ן שטרויס, און אַז צו ליעב איהם מוז מען אַרויס פון דער שטאָכעדיגער אָרימער היים אין דער פרייער וועלט אַריין, צו געזעצט צו עמיצענס אַ ברוסט!

זי שרעקט דאָס גֶעחָלוֹמְטֶע גליק און דאָך ציהט עס זי ווי אַ מאַגנעט . . . זי דערמאַנט זיך, אַז איינמאָל האָט זי געהאָרט אַזוי. זיעס מוזיקאַליש רעדען פון גליקליך זיין און גליקליך מאַכען . . . מענשען האָט זי נישט איינמאָל גע־

זעהען פֿון צווישען די שפּאַרעס פֿון שטרויס... טהייל עלענדע, טרויעריגע, פֿערקרומטע מענשען... נור טהייל פֿרייליכֿע, גליקליכֿע מיט רויזען אויפ׳ן האַרץ! און די האָבען געשמייכֿעלט, און דאָס פּנים האָט זיי געשטראַהלט מיט גליק! זי ווילל אויך אויסגלייכֿען, בלאַנק מאַכֿען אַ זויער=טרויעריג פּנים, זי ווילל אויך ליכֿט אָנצינדען אין האַלבֿ פֿערלאָשענע אויגען...

זי ווילל זיך אַליין אָברייסען פֿון שטרויס און צו=קאָללערן זיך צו דער אַלעע, וואו מענשען וועללען באַלד אָנהייבען שפּאַציערען... עס „פּאַסט" דאָך נישט, זי ווייסט שוין, אַז דער סדר עולם איז נישט, רויזען זאָללען זיך אָברייסען אַליין... מען מוס וואַרטען... אויך אונטען וועט מען זי נישט בעמערקען! עס קאָנן דורכֿגעהן אַ פֿערטראָגענער סוחר, אַ פּראָצענטניק, וואָס לויפֿט נאָך זיין אָפּפֿער אָדער וואָס ענטלויפֿט פֿאַר׳ן געזעטץ... אַ טראָגער מיט אַ שווערע לאַסט אויף די פּלייצעס, וואס וועט אויף איהר גאָר קיין מבֿין נישט זיין און נישט אָבטרעטען פֿון וועג... און אונטער אַזוינע פֿיס ווילל זי אַוודאי נישט שטאַרבען! זי מוסס בלייבֿען אויפ׳ן שטרויס, האטש אַזוי איינזאַם און טרויעריג!

— מען וועט דאָך באַלד קוממען! טרייסט זי זיך! מיינע שוועסטער זעננען דאָך אויך נישט זיצען געבליבען!

* * *

עס איז אַ קלאָרער, העללער פֿריה=מאָרגען; זיי וועללען זיך באַלד בעווייזען! דער הימּמעל איז אַזוי העלל=בלאָה, אַזוי צוזאָגענדיג, אַזוי שמייכֿעלדיג, אַזוי גוט! אין אַזאַ שיינעם העללען טאָג מוס איהר גליק געבאָרען ווערען, און — ווי אַ זילבערנע שטראַהל פֿון הימּמעל, ווי אַ ברכה פֿון גאָטט, אַראָבפֿאַללען אויף איהר! זיי וועללען זיכֿער קוממען און איינער פֿון זיי... איינעם פֿון זיי וועט זי בעגליקקען!

זי הייבט זיך נאָך האָבֿער איבערן שטרויס. זי גלייכֿט אויס און צולייגט איהרע רויטע קליידערליך, מיט די חנודינע טהוי=ברילליאַנטען בעשיטט. זי לייגט דאָס קאָפּיל אין אַ זייט; אַזוי פֿיהלט זי זיך שענער און נאָנטער צו דער שכֿנהלער אַלעע.

* * *

עמיץ געהט!

עס הייבט אָן ציטטערן דאָס קליינע רויזען=האַרציל. זי וויל זיך שוין צוריק בעהאַלטען, זי האָט חרטה... נור דער, וואָס קומט אָן, חאָטש ער זעהט זי נאָך נישט, ציהט זי צו זיך ווי אַ מאַגנעט,

עס געהט אַ יונגער מאַן מיט אַראָבגעלאָזטע אויגען...

— אַח! ער וועט מיך נישט דערזעהן! טרייסט זי זיך און שרעקט זיך צוזאַממען!

דער יונגער מאַן קוממט נאָנטער. זי האָט נאָך אַזאַ טרויעריג פּנים נישט געזעהען! אַ דיננער ביטטערער שמייכֿעל בלאָנדזשעט אַרום אַ פּאָר קליינע בלאַססע ליפּפּען... דער יונגער שטערן איז געריונצעלט, אויף די בלאַססע באַקקען איז שוין לאַנג, אַ פּנים, קיין פֿריידיגער שטראַהל נישט געפֿאַללען... זיינע אויגען זעהט זי נישט, נור זי פֿיהלט, אַז זיי מוזען זיין בלאָה און שאָן ווי דער הימּמעל, נור טרויעריג — ווי עס קאָן נור זיין אַ הימּמעל אָהן זונן!

— און קיין איינציגע פֿון מיינע שוועסטער — וווּנדערט זי זיך — האָט זיך פֿאַר אַזוינעם נישט געאָפּפֿערט?

דער יונגער מאַן הייבט פּלוצלינג אויף די אויגען; זי האָט געטראָפֿפֿען! דאָרט קאָנן זיין אַ הימּמעל, נור דערווייל איז אַ ים פֿון לייד! ער דערזעהט זי אויך; רייבֿט זיך מיט דער האַנד דען שטערן, ווי איינער וואָס דערמאַנט זיך עפּיס; זיין פּנים ווערט בלאַססער, און דער דיננער ביטטערער שמייכֿעל ווערט ברייטער און ברייטער און פֿערשפּרייט זיך אַלס האָבֿער און האָבֿער ביז די אויגען צו... נור באַלד פֿאַלט דעראויף אַ געדיכֿטער שאָטטען פֿון ווייטאָג! ער פֿערברעכֿט די האַנד:

— אַ רויז — ציטטערן זיינע ליפּפּען — אַ רויז! — ווען זי האָט מיר „יאָ" געזאָגט, האָט זי אַ רויז געטראָגען... נור דאָס אייגענע צירונג האָט זי געהאַט אויף דער ברוסט, ווען זי האָט מיר אָנגעטהון אַ פּאָר גרויסע האָרנער... די אייגענע רויז!

— אַח, דאָס נאַרישע האַרץ! בייזערט ער זיך אויף זיך אַליין — עס קאָנן נאָך אין איהר און אין רויזען נישט פֿערגעססען!

— מאַרש! קאָמאַנדירט ער זיך, און רייכט זיך אַוועק מיט געוואַלד, און פֿערשווינד אין איין אַנדערער אַלעע.

— אַח, גאָטט, גאָטט, קלאָגט זיך די רויז — וואָס מיינע שוועכטער קאָננען!

אָה! זי וועט עס נישט טהון... ביז׳ן לעצטען אָטהעם, ביז׳ן לעצטן הויך: אָה ניין! אינם טרייעם אָפּפֿערן זיך איז דאָס האָכֿסטע גליק פֿון אַ רויז!

* * *

עס קוממען אָן צוויי אַלטערע דאַמען.

געהענדיג; בעטראַכטען זיי אַללע שטרויסען; אַללע זענגען לעער!

— זיי מוזען דערוואַקסענע זיהן האָבען! טראַכט זיך די רויז.

— נור פאַר וואָס קוממען זיי אַלליין נישט — זעהט עס איהר ווינדערליך אויס.

— מיר האָבען זיך פערשפּאָטיגט — מאַכט איין דאַמע צו דער אַנדערער.

— איך זעה שוין — אָנפּערט די צווייטע — עס וועט שוין דאָס יאָהר קיין רויזען נישט זיין!

די רויז וויל דאָך, מען זאָלל זי בעמערקען, אָבוואָהל דאָס רַחֲמָנוּת אויף יענעם קלינגט איהר נאָך אין האַרציל. זי בעוועגט זיך און עס געראָטה איהר!

— אָט, אַ רויז! מאַכט איינע.

— איך זעה שוין — זאָגט די צווייטע — „קיין מעשה ניט" פון אַ רויז, נור איינע איז קיינע! פאַר מיינע געסט דאַרף איך ווענינגסטענס — אַ טאָפּף איינגעמאַכטס... נאַכט אויף נאַכט וויין און קאָרטען, דאַרף דאָס אויך נישט פעהלען.

— איך — ווענינגסטענס אַ קוואָרט סאָק...

די אָרימע רויז דאַנקט גאָטט, אַז די דאַמען זענגען פאָרבּיי געגאַנגען. זי שטויכט זיך אפילו נישט, ווי אַזוֹ מען דריקט אַרויס דען סאָק פון רויזען, ביי וואָס פאַר אַ פייער עס פרעגלען זיך קאָנפיטורען... נור די דאַמען אַליין זענען איהר נישט געפאָללען, אַזוינע דיקקע, שמאַלציגע פּנימער...

אַ רויז איז שוין בְּטֶבַע צו עדעל, עס זאָלל איהר אַזוינס געפאָללען!

*     *     *

מיט אַ גראָהעם פּאַראַסאָל אין דער האַנד, מיט גרויסע קאַלאָשען אויף די פיס, מיט אַ דיקקען פּאַלעטאָט, פערמאַכט אויף אַללע קנאָפּף, מיט אַ ווייס טוך פערבונדען די צאָהן, מיט אַ הויכען קוימען-צילינדער אין דער לינקער און אין דער רעכטער האַנד אַ דיקקען וויין-שטאָק, איבער וועלכען דער גאַנצער קאָרפּער בייגט זיך איבער אינ'ם גאַנג; מיט אַ גרויסער לְבָנָה געגען דער זונן אויפ'ן קאָפּף, מיט דאָפּעלטע ברילען אויף דער דאַרער, געגאָרבעט, שפּיציג-ביינינער נאָז, קומט אָן — שלעפּענדיג אַ פוס נאָך אַ פוס — איין אַלטער „דייטש"!

די רויז האָט זיין שטיללען גאַנג נישט דערהאָרט, און קיין צייט נישט געהאַט זיך פאַר איהן צו בעהאַלטען.

ער שטעלט זיך פאַר איהר אָב, שלעפּט צו איין פוס צו'ם צווייטען, מאַכט צורעכט די דאָפּפּעלטע ברילען און בעטראַכט די פריינע בריאה... ער רינצעלט דאָך די נאָז; זי איז איהם נישט געפאָללען.

— פּהי! — בלאָזט ער אַרויס פון צווישען די בלאָהע ליפּען. און דערפון ווערט אַ רֵיחַ און אַ געררויש, גלייך אַ פּויל בלאַטט וואָלט געפלויגען אין דער לופט.

— פּהי! שוין נישט פאַר מיר! צו פיעל ענטוויקעלט... צו אַלט! איך דאַרף יונגער, פרישער; נאָך גרינליך, עפּעס אַזוינס — — —

ער לייגט צו דען גראָבען פינגער מיט זיין נאָגטסטען שְׁכֵן צו די ליפּפּען, און וויל ענדיגען מיט אַ וואָהל-יונגערישען פייף, נור עס קומט אַרויס קוים אַ צישען פון אַ שלאַנג — — און געהט ווייטער.

— ברעך די פיס! קאָנן זיך די רויז נישט איינהאַלטען.

*     *     *

אָט, עס קומט אָן אַ מענש אין די מיטלערע יאָהרען. עלעגאַנט געקליידט, דער אָבערציהער מיט דער העללער אונטערלאָג אויפ'ן אַקסעל, מאָדישע זאָקק אַלס ביינקליידער. אַ אָפּפּענער זיאַקעט, פון וועלכען עס קוקט אַרויס אַ גאָלדען (אָדער אַ געגילדעט) קייטעל, און ענדיגט זיך נאַכלאָססיג, אַראָבפּאַללענדיג מיט אַ גרויסען פערדס קאָפּף אין אַראָם פון אַ קליינע פערדס פּאָדקאָווע; אויף דער ברוסט טאַנצט אין דער לופט אַ גאָלדענע פאַנסנעע אויף אַ דינן-זילבערנע האָהר; אַ יאָגער-הוט, און — אַ פּנים, צו וועלכען מען האָט זיך געמוזט גוט און שאַרף צו קוקען, מען זאָלל דערזעהן, אַז דאָס לעבען האָט שוין לאַנג דען פרישען הויך דערפון אַראָבגעבלאָזען... אָפּפענהאָרציגער זענען שוין זיינע אויגען געוועזען, זיי זענען רויטליך-מיעד, און אַרום געפּאַסט מיט בלאָהע ראַנדער.

די רויז בעמערקט ער באַלד, נור ער בלייבט אפילו נישט שטעהן אַ רֶגַע.

— פאַר איין אַנדערער — טראַכט ער — איז אַ רויז גענוג. איך וואָלט געשיקט אַ רויז מיט דער פרישער טהוי, אַ שמעקענדיגען בילעט מיט פלאַממענדיגע רייסען אונטער אַ דורכגעשטאַכען האַרץ... זי וויל אָבער בריליאַנטען!

ער מאַכט געשווינדערע טריט.

— אויס בריליאַנטען! אויס! פאַר דעם געלד קאָנן איך מיט'ן גראַף אין פּאַראַאָן שפּיעלען, דאָס איז וויכטיגער!

*     *     *

עס קומט אָן אַ בלאַססער יונגער מאַנן; לאַנגע, נאָכגעלאָסטע, פּאָעטיש-פאַנטאַסטיש צושויבערטע האָהר. די אויגען פערזונקט אין

היממעל, גלייך ביידע בלאָהע פאַרבען וויללען זיך צו־זאַממען גיעסען! אין מויל מיט גוט־גע־ריימטע ליפּפען — אַ זיעס זוממער־ליעדעל אָהן ווערטער, אונ אויפ'ן בלאַסליכען, מיט גאָלדענע זונן־שטראַהלען לייכט געדוימעלטען פּנים איז אויסגעגאָססען אַ פאַרביג־פּאָעטישער חלום.

די רויז דערפיהלט אַ שטאָך אין האַרץ, גלייך עס האָט זי אַפּיל געטראָפען.

עס טהוט איהר וועה, נור די וועהטאָג איז אַזוי זיעס, אַזוי עדעל־זיעס! איהר ציטטערט דאָס קליינע רויזען־האַרץ אונ צאַפּפּעלט ווי אַ יונג־פייגעלע אין שטייג, עס וויל זיך אויס רייסען!

— אָט — דאָס איז דער — צאַפּפּעלט עס אונ רייסט זיך — וואָס עס האָט זיך מיר אַזוי לאַנג געחלומט! וואָס גאָטט האָט מיר בעשערט! גליק איז אויף זיין ברוסט! אַה! ער זאָלל מיך נור זעהען! ער זאָלל מיך נור זעהן!

אונ איהר הייס געבעט איז ווייטער געהאָרט געוואָרען; ער האָט זי דערזעהן!

ער בלייבט שטעהן ענטציקט! די בלאָהע אויגען ווערען איהם גראָססער אונ די שטראַהלען אין זיי — ליכטיגער אונ וואַרימער!

ער געהט צו, אונ בעריהרט זי זאַנפט מיט די ציטטערדיגע פינגער, ער לייגט צו זיינע ליפּפען צו איהרע עדעלע בלעטליך... זיי טרינקען פון איהר טהוי... ער קישט זי.

— אָ, דו שאָנע, זיסע, הימלישע רויז! זינגט פון איהם אַרויס — דו גאָטטס זיסער שמייכעל! דו בעסטער שטראַהל פון זיין אויג! ווי ליעב האָב איך דיך! ווי דו ציהסט מיך צו דיר!

ער קושט זי נאָך אַמאָל... אונ זיינע ליפּפען דערפיהלען, אַז די רויז ווילל זיך אָנקלעבען אין זיי... אַז זי אין גאַנצען ציטטערט אונ ווילל זיך אָברייסען פון שטרויס...

ער ציטטערט אויך, נור אַ טרויעריגער וואָלקען ציהט זיך פּלוצלינג איבער זיין פּנים. ער רוקט זיך אָב.

— ניין — ציטטערן זיינע ליפּפען, בשעת ווען ער האַפּט די האַנד אַרונטער, גלייך ער ווילל זיי נישט געטרויען —

דאָס נישט! איך וועל דיר פאַר דיין גוטס מיט קיין שלעכטס נישט צאָהלען...

„צו געשווינד וואָלסט דו פערוועלקט אין מיין גאַססער שטוב... דערנערוויערט — וואָלט איך דיך נאָך בעלײדיגט, אונ דערנאָך — מיר אין קאָפּף אַ קויל אַריין געיאָגט..."

„אָ, ניין! בליה ווייטער, בליה! דו וועסט בלייבען די קעניגען פון אַללע מיינע חלומות... וואו איך וועל זיין, וועל איך אַלץ שיקקען מיינע זיפצען אונ מיין בעטען צו דיר... נור בליהען זאָללסט ווייטער..."

„בליה!"

אונ ער געהט אוועק...

* * *

בעטויבט, בלייבט די רויז אויפ'ן שטרויס אונ בעמערקט נישט, אַז מיט דער אַללע קומט אָן אַ שכור.

ער וואַקעלט זיך אַהין אונ אַהער, זינגט עפּעס אונטער דער נאָז אונ — טראַך! גלייך אויפ'ן שטרויס אַרויף.

אַז די פּאָליציי האָט'ן שפּעטער־צו אויפ־געהויבען, האָט זיך דער שטרויס צוריק אויס־געגלייכט, נור די רויז איז שוין אויף איהן נישט געוועזען, —

י. ל. פּרץ.

# חֲרוֹסֶת.

*

* *

קליינע מענשען, דראָבנע מענשען,
זייער שעלטען, זייער בענשען,
זייער לויבען, זייער שרייען,

זייער פלאַממען, זייער שפּייען,
זייער בעטען מיט געוויין,
אונ דאָס קריצצען מיט דיא צאָהן.

אַלם איז דרויב,
לייכטער שטויב,
פאַר דער שוואַכסטער פליעג קיין לאַסט!
אונ די צייט אָהן רוה, אָהן ראַסט
שוועבט אויף שטאָהלערנע, ריזיגע פליגעל נישט צו'ם גראָם.

פּלאי.



# דֶער
# פַּייל-אוּנ-בּויגֶען.
# אַ ל״ג-בָּעוֹמֶר בְּלֶאטְטֶעל.

## דִי נַאכְט וָואכְטֶער
### (אַ פְרוּם רַבָּנִישׁ לִיעדֶעל)

אַ נַאכְט — אַ מְחַיָה! דָאס נֶאכְטִיל אִיז טַייעֶר! —
נוּר הִיט אַייךְ פַאר פַייעֶר! הִיט אַייךְ פַאר פַייעֶר!
נוּר נִישְׁט גֶעקָאכְט אוּנ גֶעזָאטטֶען!
פֶערְשְׁלָאססֶען דִי פֶענְסְטֶער, דִי טְהִירֶען אוּנ טְהוֹיעֶרֶן,
פֶערְמַאכְט אוֹיךְ דִי אוֹיגֶען, פֶערְשְׁטָאפְּט אוֹיךְ דִי אוֹיעֶרֶן
אוּנ שְׁלָאפְּט אַייךְ וִוי גָאטט הָאט גֶעבָּאטֶען!

אוּנ קֶאנְט אִיהר נִישׁ׳ שְׁלָאפֶען, נוּ, לִיגְט חָאטְשׁ בֶּערִיהִט,
אוּנ הֶארְט וִוי דִי פְלֶעדֶערְמוֹיז זִינְגְט זִיךְ אִיהר לִיעד —
וִוי פְרוּם, אוּנ וִוי הַארְצִיג אוּנ טְהַייעֶר!
אוּנ הֶארְט אִיהר נָאךְ קוֹלוֹת, גֶעוַואלְדֶען, גֶעלֶאכְטֶער
צוּ קְלָלוֹת — זַייט רוּהִיג, מִיר זֶענֶען דִי וָואכְטֶער
אוּנ הִיטֶען אַייךְ אַללֶע פַאר פַייעֶר!

פֶערְשָׁאלְטֶען זָאלל וֶוערֶען, וֶוער אַנְדֶערְשׁ פֶערְשְׁטֶעהְט,
וָואס בְּלָאזְט אָן אַ פַייעֶר אוּנ רִיהְרְט דִי טְרָאמְפֵּייט,
וָואס הָאבֶען גֶעשְׁרִיגֶען, גֶעלַאכְט!
מֶען וֶועט אִין גֵיהִנָם דִי לַייבֶּער זֵיי דְרֶעשֶׁען,
אוּנ דָא וֶועלל׳מִיר לֶעשֶׁען אוּנ לֶעשֶׁען, אוּנ לֶעשֶׁען!
גֶעטְרַיי וֶועלל׳מִיר דִיענֶען דֶער נַאכְט!

מִיר וֶועל׳מִיר דַאוּנֶען אוּנ בֶּעטֶען, אוּנ קְנִיעֶן,
אוּנ גָאטט, דֶער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם וֶועט צִיהֶען
אַ וָואלְקֶען אַ שְׁוֶוערֶען וִוי בְּלַיי
אַ אִיבֶּער אַייךְ אַללֶע — אָה, גָאטט וֶועט אוּנְס הֶערְן!
עֶר וֶועט נָאךְ פֶערְלֶעשֶׁען דִי לְבָנָה, דִי שְׁטֶערֶען...
אוּנ אִיהר וֶועט אַייךְ שְׁלָאפֶען גֶעטְרַיי!

אוּנ מִיר וֶועלל׳מִיר רוּפֶען נָאךְ פֶעסְטֶער, גֶעטְרַייעֶר:
נוּר הִיט אַייךְ פַאר פַייעֶר, נוּר הִיט אַייךְ פַאר פַייעֶר!
נוּר שַׁא! קַיין גֶערוֹישׁ, קַיין גֶעלֶאכְטֶער!
קַיין לִיכְטֶעל אִין מוֹחַ, קַיין פְלֶאמְמֶעל אִין הַארְץ,
אוּנ פְרוּם זָאלל זַיין! רוּהִיג אוּנ טוּנְקֶעלְךָ, אוּנ שְׁוַוארְץ —
מִיר זֶענֶען, מִיר זֶענֶען דִי וָואכְטֶער!!

אונטערגעהערט פֿון איין אַלטען

[illegible].

# פָּאלִיטִיק.

## דִי מַעֲרָב אֶייראָפּעאִישֶׁע לַאגֶע.

די אַלטיטשקע—אייראָפּאַ, די חֵנֶוְדִיקע זְקֵנָה, ווערט טאַג־טעֶגליך מעהר אינטערעסאנט. איך האָב אַזוי ווייט גאָר נישט געוואוסט! נור איינמאָל האָב איך זי גוט און געטריי בעטראַכט, און האָב איהר כִּמְעַט געוואָלט אַ קוש געבען אין פּיסקעל!

עס איז געוועזען — מוז איך אייך פאַרבייגעהענדיג זאָגען — אין איינעם פון י ע נ ע טאָג, ווענן... וואָס... נור — געה בעשרייב אַזאַ טאָג, וואָס איז נישט אַהין, נישט אַהער און אַללעס צוזאַממען!

עס איז געוועזען — נישט קאַלט און נישט יואַרים; אַ טאָג, וואָס די „מְשׁוֹרְרִים" בעזינגען ווי אַ כַּלָּה, און די שווינדזיכטיגע פערשאָלטען ווי דען מַלְאַךְ הַמָּוֶת; עס האָט אין איהם געשטעקט דער גַן עֵדֶן מיט'ן גיהָנֹם צוזאַממען! אַזאַ טאָג איז אֶהנליך צו'ן אַ גרויסען פילאַנטראָפּ: אַ שמייכעל אויף'ן זיסען פָּנִים און אַ קרימינאַל אין שטיינערנעם האַרץ. אינ'ם שמייכעל ליגען אַללע מִדּוֹת און מַעֲלוֹת טוֹבוֹת און אין קרימינאַל זעננען פערריגעלט — גְּנֵבָה וּגְזֵלָה, נאָכטיגע „לֹא תִּנְאָף'ס", היינטיגע „לֹא תַחְמוֹד'ס" און מאָרגענדיגע כִּבּוּדִים...

צו האָט די זונן געשיינט? געוויסס! נור פונקט ווי אונזער ציוויליזאַציע — ליכט גאַנצע סנאָפּעס, נור וואַרימקייט קיין פּיצעל!

דערביי האָט געטראָפט אַ קליין רעגענדיל, וואָס האָט וואונדערליך דורכגענעצט דען קאָפּף, אַז די געדאַנקען האָבען אָנגעהויבען פוילען אין מוֹחַ.

איהר ווילט אַוַדְּאִי וויססען ווי דער הימֶמעל האָט אויסגעזעהען? ער איז געוועזען קלאָר און פערוואָלקענט צוזאַממען ווי אַ פילאָזאָפישער סיסטעם; לוסטיג און אומעדיג ווי — אַ בַּדְחָן ביי'ן אַ לְוָיָה אָדער — אַ יונגע אַלְמָנָה סוֹף שְׁלשִׁים... בְּקִצּוּר — עס איז געוועזען אַ טאָג מיט אַזוי פיעל לאָגיק, וויפיל איהר קאָנט טרעפען האָכסטענס ביי דבורה גינזבורג.

און דעמעלט פונקט איז מיר איינגעפאַללען צו בעטראַכטען אייראָפּאַ! און זי האָט אויך געהאַט אַזאַ פָּנִים ווי דער טאָג!

איהר זעהט אַמאָל אַ שאָנע, אַלטע, גאַנץ אַלטע פרוי... זי האָט שוין גאַנץ לאַנג אויסגעגעבען אַללע איהרע קינדער, זי האָט שוין אַפילו אויף איין איניקעל'ס חֲנָאִים די טעללער צוּבראָכען; אויפ'ן קאָפּף טראָגט זי עפּיס אַ מְשׁוּנֶה'נע זאַך; אַמאָל, דאַכט זיך אייך — אַ שטריימעל, אַמאָל — איין אַראַבישער טורבאַן און אַמאָל אַזוי דאַרף אַ מענש, מוז מען עס אָבנאַרען מיט אַ קאַטץ!

## ל"ג־בָּעוֹמֶר.

(פֶּעלְיֶעטָאן)

אַ יום־טוב פאַר קינדער!

וואָס אייגענטליך ל"ג־בעומר איז, אָסור אויב איך ווייס! אין חדר, געדענק איך, פלעגט דער רבי צו דערצעהלען פון אַ מגפה צווישען רבי עקיבא'ס 24,000 תלמידים... אויך פון „הלולא דר' שמעון בן יוחאי" און פון בוימעל גיסען אויף זיין קבר! נור איך האָב ווייניג וואָס געהאָרט; מיר איז עפּיס אַנדערש געלעגען אין קאָפּף: עס זעננען שוין אַריבער די טרויעריגע ספירה־טעג, ל"ג־בעומר הייבט מען זיך אָן באָדען, און דאָס וואַססער

„נַעַר הָיִיתִי וְגַם זָקַנְתִּי" און ציננד זעהט מיר דאָס אַללעס אויס אַזוי פראָסט, אַזוי נאַטירליך! מגפות האָבען פאַרצייטען אויך נישט געפעהלט, עס זעננען נור אַנדערע קמיעות, אַנדערע רפואות און אַנדערע דאָקטוירים געוועזען! אַז עס איז אַ מגפה געוועזען, און זי האָט ל"ג־בעומר אויפגעהאָרט — איז אויך ריכטיג, יעדע מגפה מוס אַמאָל אויפהאָרען; אַנטיסעמיטיזם, פאַנאַטיזם, ספּיריטיזם זעננען אויך מגפות און וועללען אויך אַמאָל אויפהאָרען... און יענע מגפה האָט נישט געקאָנט וויססען, אַז עס איז ל"ג בעומר, זי זאָלל, גאָטט ווייסט וועמען צו להכעיס, דוקא אויפהאָרען אַ טאָג פריהער אָדער שפּעטער! און

עפּיס אַ קנופּ. זי האָט מעהר רינצלען ווי שטערן, מעהר אויגען אַלס צאָהן, און די הויט איז געל ווי אַ פּאַרמיט און איינגע־שרומפּען ווי אַ האַרץ פון אַ מַלְוֶה אין אַ צייט פון פְּלֵטוֹת... זי איז געבויגען ווי דער יודישער שטאָלץ, און האָט קוים אַזוי פּיעל כֹּחַ, ווי אַ מְקוּבָּל נאָך פ"ח תַּעֲנִיתִים...

זי געפעֶלט אייך? מיר יאָ! יונגע לייט זעננען אויף אַזאַ שאָנהייט קיין בַּעֲלָנִים און קיין מְבִינִים נישט; מְשׁוּגָעֶנע פילאָזאָפען געפינען דאָך אין דער אַלטער יודענע אַ חֵן... דאָס לייטזעליגקייט פון דער גליקליכער מוטטער און באָבע בעשיינט איהר דאָס אַלטע פָּנִים, עס לייכט ווי די ליב־ליכסטע זונן און וואַרימט אונס די האָרצער, וואָס פרירין פון'ם פוילען לעבען...

אַזוינע אַלטיטשקע טרעפען זיך זעלטען; זעלטענער אַלס פרישע אייער אין גרויסע שטאָדט, אַלס טאַלענטען צווישען אונזערע שרייבער, אַלס אַ וואָרט אֱמֶת אין דער ליטעראַטור פאַר עמיגראַנטען...

נור אַזאַ זְקֵנָה איז שאָן! אַזוי אָבער האָט דעמעלט אייראָפּאַ נישט אויסגעזעהן!

פאַר מיר איז געשטאַנען איין אַלטע חֲצוּפָה; גרוי—נור נישט אַזוי פון יאָהרען, ווי פון הולטאַיִסטווע, ניט אַזוי פון דַאֲגוֹת (דערצו איז זי צו לייכטזיננניג, צו שמאָל־קאָפּיג, צו ענגהאָרציג) ווי פון דער פרוממער פּאָמאַדע!... געגרינצעלט—נור מיינט נישט, חָלִילָה, פון געראַנקען, פון קלערען, וואָס מאָרגען וועט זיין! דאָס האָט איהר די פאַלשע שמינקע, דער טעאַטראַלישער פודער און די שאַרלאַטאַנישע וואַססערן, די אָדעקאָלאָנס — אויסגעגעססען לאָבער און ריצען אין דער פוילער הויט... אַללעס איז געמאָהלט, געפאַרבט: אויגען, ברעמען, ליפּפּען, און אַללעס—גראָב געפאַרבט, אַז עס עקעלט!

דער קראַנקער צובראָכענער, אַנגע־שטעקטער, אַלטער קאָרפּער איז אויסגעפוצט נאָך דער לעצטער מאָדע! פּאַנאַמאַ־און פּאַנאַמינאַ־שניטט, ניי־קאַלעדאָנישע שפּיט־צען! אונפערשאָמט געבלאָזט ווי ביסמאַרקס מאָראַליטאָט; די צוויאהרינע אֵיבָרִים, וואָס האַלטען זיך אין איין צופאַללען זעננען צו־זאַממען געדריקט אין אַ גאָרסעט פון מילי־טאַריזם, אויף'ן אַלטען שטערן איז אויפ־געדרוקט די גאַנצע תּוֹכָחָה, נור די אַלטע ליפּפּען שמייכלען: סמאַילס! ה ע ל ף ד י ר א ל ל י י ן!

העלף דיר אַלליין! נור זי אַלליין האָט זיך נישט אויף צו דאָקטאָרן!

זי קאָנן נישט שלאָפען און איז קיינ־מאָל נישט רעכט וואַך; אַ געהרגעטער מאָגען און איין אַפּעטיט פון אַ הוּלְיָן־האָקקער ביי'ן אַ תַּאֲוָה צו לעקקערביססען

---

ר' עקיבא, אויב ער האָט געהאַט אַזוינע ענגע, דושנע און ברודיגע חדרים, ווי אונזערע קינדער האָבען היינט, איז לייכט צו פערשטעהן, פאַר וואָס די מגפה האָט זיך אין זיינע תלמידים געהאַלטען!

הלולא דר' שמעון בן יוחאי איז אויך צו דער־ליידען. „הלולא" איז אייגענטליך אַ חתונה און דאָ מיינט מען גאָר אַ יאָהר-צייט, נור עס מאַכט נישט אויס. סאַפיר זאָגט, אַז איבער דעם האָט אַ חופּה
4 שטאַנגען, ווייל זי איז מעהרסטענהיילס אַ דאָפּעלטע מִטָּה! און מרדכי הב"ד זאָגט, אַז דעריבער בעדעקט מען די כלה, זי זאָלל נישט זעהן ווי מען קוילערט זי. אַז, די וואָס ווילען נישט קיין אילוּמינאַציע אויף די השמונאים'ס נצחון געגען די גריכען, נור דַוְקא הייליגע חנוכה־ליכט לזכר פון נס, אַז פון איין פּאַרציע בוימעל האָט זיך אויסגעמאָסטען אַכט, האָטש דאָס מאַכט היינט אַ ליאַדע מוחרטע, אַז די לייט, וואָס האָבען ליעב און לעבען פון נסים אויף דער מאָס און וואָג, גיסען בוימעל דוקא אויף ר' שמעון בן יוחאי'ס קבר, איז אויך נישט הוין לְדֶרֶךְ הַטֶּבַע; זיי גלויבען פעסט, אַז ר' שמעון בן יוחאי האָט געמאַכט דען זהַר, דער זהר — די קבלה, די קבלה — חסידים און אונזערע חסידים־ליך (און דאָס איז מאַקי אמת) האָבען מתקן געווען נאַססען און דאָך ברעננענדיגען תקון, וואָס מאַכט דען גאָרגעל פייכט, דאָס לעבען זיס און דען קאָפּף אַזוי לויטער... ממש ווי זהר־לשון!

עס איז מיר אַפילו היינט קיין ווינדער נישט, אַז וואַססער לאָזט זיך אָבנאַרען און נעמט צו אַ קאַטין פאַר אַ מענש! טהוען מיר דען אַנדערש? געהט אַרוים אויפ'ן הייליגען אָרט, אָפּפענט אויף

פֿון אַיין אַלטען ראָמישען מיוחס . . , און זי
קוריערט זיך! דער פּאַפּסט פֿערשרייבּט
איהר קאַטאָלישען מאָרפיום צו׳ם שלאָפען,
נייע „עקרים" צו זיסע חלומות, קייזער
ווילהעלם גיט פּראָטעסטאַנטישע האָמעאָ=
פּאַטישע פּיללען צום וואַכען, און אנדערע
פּאָליטיקער — אַ מיטטעל=אַלטערישען מאַלץ=
עקסטראַקט געגען דען הוסט . . . ווייל אַז די
אַלטע פֿערהלישנעט זיך, רעדט זי אַמאָל
פֿון וועג און פֿערשפּריצט זיך אַלליין.

אויסער דעם גיט שטעקקער פּאַשטע=
טען פֿון יודען=פֿלייש . . .

זי פֿערקרימט זיך, עס איז דאָך
קאַניבּאַליזם! און דאָך שמעקט עס איהר
גוט און זי רעכענט, אַז זיי וועלען איהר
בּענייען די יאָהרען!

הכּלל — איין אַלט מאוס בּעשאָפּ=
פֿעניש . . . מיט איין פֿוס אין קבֿר און
דאָך! געוואַלד, ווי נעמט זי דען כּח?
זעהט נור! זי טאַנצט, זי קאָנקאַגיערט,
זי שפּרינגט!

וואָס איז די שׂמחה? צו האָט זי
איהרע טאָכטער פֿערזאָרגט?

איהר טאָכטער פֿראַנקרייך איז
אַ רואינירטע פּראָסטיטוטקע, וואָס פֿערקויפֿט
זיך אויפֿ׳ן קווינט און אויפֿ׳ן לויט . . .
גערמאַניאַ האָט זיך בּיי דער פּרייסישער
פּיקעלהויבּ אויסגעדיענט אַ לונגען=פֿעהלער
און קאָנען שוין קוים דען אָטהעם האַפּען . . .
איטאַליען האָט דען פּאַפּסט, אַ געפֿאָהר=
ליכען ראַק אויפֿ׳ן פּנים; וואָס מעהר מען
שניירט, מעהר וואַקסט ער! אויסטריאַ
טראָגט אַ צופֿליקטע ספּאָדניצע, אַ מין
כּתונת פּסים, אָהן נאָט, נור צוזאַממענגעק=
לעבּט מיט בּלוט פֿון אַ טוץ פֿעלקער . . . היש=
פּאַניען שפּרינגט ווי אַ הוהן, אויפֿ׳ן שוחט׳ס
פּאָדלאָגע — נאָך רוב סימנים . . . סערבּריען
וואַרפֿט זיך אין היצעגען פֿיעבּער און מילאַן
שפּרעכט איהר אָב אַיין עין־הרע . . . רומאָניען
ליידט אויף דעם, וואָס מען טאָר אין קיין
אָרענטליכער געזעללשאַפֿט נישט דערמאַנ=
נען! גריעכען לאַנד — פֿערקויפֿט דאָס העמד
אראָב פֿון לייבּ און קאָנן די חובות נישט
קלעקקען . . .

נו, וואָס איז די שׂמחה? וואָס טאַנצט
די חצופה?

און דאָך איז די חצופה אינטערעסאַנט!
עס שטעקט אין איהר אַ חן! זי רעדט דאָך
פֿון רחמנות, טריישאַפֿט, זי רעדט דאָך פֿון
ל י ע ב ע!

און זי — מיינט עס ערנסט!

דער משוגענער פילאָזאָף.

---

דאָרט די קבֿרים, אויבּ איהר וועט נישט געפֿינען
90 פּראָצענט קאַטץ! אָפּפֿענט אַ בּלאַטט געשיכטע
און בּעטראַכט גוט, וועט איהר זעהען, אַז מען רעדט
מכלומערשט פֿון מענשען און פֿון צווישען די שורות
קוקקען אַרויס פֿרומע קאָטציגע בּלאָהע אייגעליך,
אַז עס איז אַ מחיה! עס טרעפֿט זיך, אַז בּערען
פֿיהרען דאָס ראָדעל, בּיינער קנאַקקען אונטער די
צאָהן, בּלוט פֿליסט פֿון פּיסק אַראָבּ אַרום די לאַפּעס . . .
עס טרעפֿט, אַז פֿוקסען חאַפּען די לייצען אין די
האָנד אַריין און פֿערפֿאָהרען גלייך צו דער היהנער=
שטאַלל און פֿעדערן פֿליהען עד לבֿ השמים, נור
על פּי רוב — הרייט אונס רען שטריק אַרום דען
האַלז אַ פּראָסטע ווייסע אָדער שוואַרצע, נור —
זכרונה לבֿרכה — אַ קאַטץ! . . .

איך וואָלט אסך גערעדט פֿון טויטע קאַטץ,
איך זאָלל קיין מורא נישט האָבען פֿאַר די לעבּענ=
דיגע . . . אַח, זיי דראַפּען אונז אָרגער נאָך — זיי
מסרן!

נור ווייא עס איז, פֿון וואַנען ל״ג בּעומר קומט
אַרויס, זאָלל זיין פֿון דער קאַטץ אַליין, אַבּי צום
לעבּען! אַבּי אונזערע אָרימע קינדער חאַפּען זיך
חאָטש איינמאָל אין יאָהר אַרויס פֿון תּפֿיסה, פֿון
פֿינסטערן חדר. דער „סמאָטריטעל" אַלליין — דער
בּייזער מלמד אָפּפֿענט אַלליין אויף די טהיר און פֿיהרט
זיי אין וואָלדעל אַריין! אָה! לאַכט נישט אויס איין
טאָג אין פֿרישען פֿרייען וואַלד!

דאָס קינד גיט זיך קיין רעכענשאַפֿט דערפֿון
נישט אָב, נור עס דערפֿיהלט פֿאָרט, אַז אין חדר
איז דאָך נישט ווי עס דאַרף צו זיין! דער הימעל
איז דאָ נישט אַזוי קליין, נישט אזא שבּאַטקאַלע ווי

## ל"ג בעומר

(ערצאָהלונג)

משה'לע איז נאָך זייט ער לעבט ניט געוועזן אין גרינעם וואֶלדעל! זיטצענדיג אויף דער פריזבע פֿון זיין עלטערענס שטיבעל, אָדער געהענדיג שבת אין שוהל מיט דעם טאַטען, קוקט ער נור אין דער זייט, וואו דאָס שוואַרצע וואֶלדעל געפֿינט זיך אויף אַ באַרג, ניט ווייט פֿון שטאֶדטעל.

אַ צייט האָט ער גאָר ניט געוואוסט, וואָס די גרויסע שוואַרצע זאַך איז אַזוינס, נור איינמאָל, זוממער פֿאַרנאַכט, זיצענדיג מיט זיין אֶלטערן שוועסטערל נעבען דער שטוב, האָט ער זיך אויפֿגעהאֶרט צו שפּיעלען, פֿערטראַכט זיך, קיקענדיג אויף דען זוממערדיגען הימעל, און דערנאָך זי געפֿראֶגט: וואָס זענען עס די פֿייערליך, וואָס בלישטשען איבער אונז? „דאָס זעננען שטערען", האָט איהם די שוועסטער געאֶנטפֿערט. די אייגענע שוועסטער האָט איהם אַמאָל אויך אָנגעוויזען אויף דער „לבנה" און אויף דער „זונן".

— און אָט יענץ גרויס, שוואַרץ שטיק... העט, ווייט, — וואו דער הימעל ענדיגט זיך, וואָס איז? האָט משה'לע אויך אַמאָל געפֿראֶגט זיין שוועסטערל,

אָנווייזענדיג מיט דעֶן פֿינגערל אין דער זייט פֿון וואַלד.

און זי האָט איהם דערצאֶהלט, אַז דאָס איז אַ שאֶנער געדיכטער וואַלד, מיט אַ סך גרינע בוימער, אַז ער איז אין גאַנצען גרין; שוואַרץ זעהט ער נור אויס פֿון ווייטענס.

— זוממער איז ער גרין ווי דער מאַמעס גרינע שאַל, און ווינטער איז ער וויים=גראָה ווי דעם זיידענס לאַנגע באָרד, האָט איהם די שוועסטער פֿערטייטשט.

פֿון דענסטמאָל אָן האָט זיך משה'לע אֶפֿטער און בעססער צונעקוקט צו דער זייט, וואו דאָס וואֶלדעל געפֿינט זיך. פֿאַר=נאַכט האָט ער אָפֿט געזעהן, ווי דאָרט צווישען די בוימער, האָט געברענט אַפֿייער פֿון אַללערליי קאָליערען: רויט, בלוי און אַ מאָל גרין. און אויף דעם גרויסען שטיק הימעל, וואָס בעדעקט דען וואַלד, ברענט נאָך אַ גראָסער פֿייער. נור — אַזוי שאָן, אַזוי שאָן, מיט אַזוינע לאַנגע, ברייטע, פֿייערדיגע פּאַססען... און דער וואונדערליכער שאֶנער וואַלד ווערט קיין מאָל ניט פֿערברענט! אַז עס ווערט נאַכט, ווערט ער שוואַרץ ווי אַ אָבגעברענט שטיק האָלץ און מאָרגען איז ער ווייטער גרין ווי אַללע טאָג.

צו זיין גרויס פֿערוואונדערונג האָט איהם די שוועסטער ערקלעהרט, אַז דער וואַלד ברענט גאָר קיינמאָל ניט, אַז עס

צווישען דען רבי'נס פֿענסטער מיט'ן שכנ'ס דאַך! די סאָסנע שיעסט גלייך אַרויף צום הימעל, אום בעקרימט, אום געבויגען, גלייך, אָהן קונצען, אָהן פשטליך, נישט פֿערקניפּט און נישט פֿערבונדען!

דאָס קינד קלערט זיך: דאָ וואָהנט גאָטט און דאָרט דער רבי... פֿרישע לופֿט, פֿרייער אָטהעם, בעזאַנג פֿון פֿאֶגעל, גערויש פֿון בלאֶטטער, פֿער=שיעדענפֿאֶרביגע בלומען, גאָלדענע און זילבערנע זוממערפֿאֶגעליך זעננען גאָטטס, און די בלאָטע, דאָס מושב, דאָס ענגעניש, דער ברוד, און די געדרייטע פֿערקניפּטע, פֿערכשופֿטע פשטליך זענען טאַקי דען רבי'נס.

עס לאָסט מיך נישט שרייבען, אַזאַ גערודער ווערט אין גאַסס! איך לויף צו צו'ם פֿענסטער!

די נאַלעווקים רוישען ווי אַ ים, די פֿראַנציש-

קאַנער שומט און יאָגט, און פֿון דעם מבול מענשען שווימט אַללע מאָל אַרויס אַ נייער אָמניבום אָנ=געפּאַקט פֿולל און פֿולל מיט קינדער! אָח! ווי זיי זעהן אויס, די קינדער!

בלאַססע, גרינע, געלע און איינגעריסטע פּנימליך... זעלטען אַ געזונד באֶקקעלע, זעלטען אַ פֿריש פּנימעל! נור אַללע זעננען ריהריוודיק, אומגעדולדיג און אַללע אויגעלעך ברענגען ווי די ליכט!

פֿאָהרט, קינדערליך, פֿאָהרט, איך ווינש אייך...

נור ניין, נישט אַללע ווינש איך! נישט אַללע! זאָגט מיר, קינדערליך, פֿריהער וואָס פֿון אייך וועט אַרויס, וועלל איך אייך זאָגען, וואָס איך ווינש אייך! אָט ווייזט מיר נור, ווער פֿון אייך

איז דאָרט גאָר קיין פֿייער נישט דאָ, נור די זונן זעצט זיך דאָרט. משה'לע האָט איהר אזאַ זאַך ניט געוואָלט גלויבען, כָּל זְמַן ער וועט אַליין ניט זיין ביים וואֶלדעל, און דאָס אַללעס אַליין מיט זיינע אויגען נישט זעהן, און זיין יונג האֶרץ האָט אָנגעהויבען צאַפּלען און ציהען זיך צו'ם וואֶלדעל!

און וויפיעל מאָל ער האָט זיך אַלס נישט געבעטען, מען זאָלל איהן צו'ם וואֶלדעל פֿיהרען, האָט ער בעקוממען אַלס איין אֶנטפֿער, אַז אי"ה נאָך פסח, ווענן ער וועט אָנהויבען געהן אין חֵדֶר אַריין, וועט ער ל"ג בָּעוֹמֶר. אַהִין פֿאָהרען מיט אַללע יונגלעך...

חאָטש „אין חֵדֶר געהן" האָט איהם גאָר ניט געשמעקט, פֿון דעסטוועגען, האָט ער קוים דערלעבט דען „נאָך־פסח", ווען דער בעהעלפֿער איז געקוממען און איהן דאָס ערשטע מאָל געפֿיהרט אין חֵדֶר אַריין.

אין חדר איז איהם געוועזן דושנע, ענג, היים; דאָרט איז געוועזן אַ באֶזער רֶבִּי, וואָס שלאָגט; אַ רֶבִּיצִין, וואָס שעלט; אַ „בעלפֿער", וואָס קנייפּט אין דער שטילל... עס איז ניט אַזוי גוט געוועזן. עס זעננען געוועזן טאָג, ווענן ער האָט שוין מעהר ניט געוואָלט געהן, נור עס האָט שוין ניט געהאָלפֿען; מען האָט איהן שוין מיט געוואַלד געשלעפּט. איין איינציגע טרייסט, איין האָפֿפֿענונג איז געוועזן, וואָס באַלד וועט זיין ל"ג בָּעוֹמֶר.

די אֶלטערע חדר קינדער האָבען איהם שוין עטליכע מאָל דערצאֶהלט, אַז פֿאַר אַ יאָהרען זענען זיי אַללע צו זאַממען מיט דעם רֶבִּין און מיט דעם „בעלפֿער" אויף איין וואָגען געפֿאהרען צו'ם וואֶלדעל „אויף ל"ג בָּעומר". יעדען האָט דער „בעלפֿער" געגעבען אַ פֿייל־און־בויגען צו'ם שיעסען, און אַז דאָרט איז אַזוי שאֶן און גוט! מען לופֿט אַרום פֿריי, מען קאָללערט (קייקעלט) זיך אין הויכען גראָז, מען האַלט מִלְחָמָה, מען חאַפּט „משֶׁה רַבֵּינוּ'ס פֿערד־ליך"; מען טהוט, וואָס מען וויללט; דער רבי שרייט ניט, דער בעלפֿער שלאָגט ניט, קיינער שטאֶרט ניט — מען איז פֿריי!...

און מען עסט נאָך אַרבים מיט אֵייער און מען טרינקט אֶפּעֶל־קוואַס.

---

און משה'לע האָט נישט געהאָפֿפֿט אומזיסט: ל"ג בָּעומר אין דער פֿריה איז טאַקי דער בעהעלפֿער געקוממען מיט עטליכע פֿייל־און־בויגענס, געגעבען איהם איינען, די מאַמע האָט מיט געגעבען צוויי אייער, אַ פֿלאַש קוואַס און אַ פֿוללען טעללער אַרבים. דער בעהעלפֿער איז געוועזן זעהר גוט צו איהם, און, פֿיהרענדיג איהן

---

וועט האַנדלען מיט ווערמאָנטס סחורה, אָדער גלאַט אזוי — מיט פֿרעמדען שוויים און בלוט; ווער עס וועט בויען זיין הויז אויף יענעמס חורבה, ווער עס וועט אַרויסוואַקסען ווי אַ צווייגעל פֿון אַיין אַנדערענס מצבה — אָה! זאָגט מיר ווער, דען וועלל איך אָהן רחמנות אַרויסשלעפּען פֿון דער בויד און וואַרפֿען אונטער די ראָדער!

נור זאָגט מיר אויך ווער פֿון אייך וועט אַרויס וואַקסען איין ערליכער ארבייטער, וואָס וועט לעבען פֿון אייגען שוויים און בלוט, זאָגט מיר, ווער פֿון אייך וועט לעבען אויף זיין אייגענעם חשבון, נישט זיין קיין לויז אויף אַ פֿרעמדען קאָפּף, נישט אַריין שטעקקען ווי אַ וואָרם די זויג־נעפּף אין אַ פֿרעמדען מאָגען — זאָגט מיר ווער, און דעם וועלל איך געבען עטליכע גוטע, פֿיינע ביכליך צו לעזען, וואָס וועללען איהן זיכער צו נוטץ קוממען!

זאָגט מיר אויך, ווער פֿון אייך וועט זיך מאַכען פֿון דער תורה אַ סחורה, און וועט זי פֿערקויפֿען אויפ'ן קווינט און אויפ'ן לויט, אויפ'ן גלאָזעל ווי בראָנפֿען אין שענק... ווער פֿון אייך וועט מאַכען כאָנאָפּאָלען אויף כשר'ן וויין, האַנדלען מיט הכשרים אויף מעהל, אַריינשטעקקען דאָס גאַנצע יודישקייט אין אַ חליצה־שוך, אָדער צו מאַכען נאָך דאָס קלענסטע הומרא'לע, צו וואַרפֿען נאָך איין דראָבנע שטויב צו דער גלות טאַטשקע — זאָגט מיר ווער, וועלל איך איהן אַרויס שלעפּען אָהן רחמנות פֿון בויד און וואַרפֿען די פֿערד אונטער די פֿיס, ווייל נור פֿערדס פּאָדקאָווים קאָננען אַרויסשלאָגען אַ פֿונק פֿון אזוינע פֿינסטערע קאָרפּער!

נור זאָגט מיר אויך — ווער פֿון אייך וועט

אין חדר אַריין, האָט ער איהם עטליכע מאָל מיט אַ ווייך קול געזאָגט: משה'לע היינט וועללען מיר פֿאָהרען אויף „ל"ג בָּעוֹמר".

אין צוויי שעה אַרום, ווען די קינדער מיט די פֿלאָשער קוואַס אונ די בּינטלעך עססען אין די האַנד, זענען שוין אַללע געווען אין חדר, איז מיט אַ רַעַש, מיט אַ הילוכעריי אונ אַ געקלאַפּעריי צוגעפֿאָהרען בּערעלס וואָגעלע מיט זיין הינקענדיגער ווייסער שקאַפּע, מיט וועלכע ער פֿיהרט אַ גאַנץ יאָהר וַוייץ אונ מעהל. די קינדער האָבּען זיך ווי די פֿליעגען צו געחאַפּט צו'ם וואָגעלע, אַללע ווילען צו דער קעלניע, וויל, זיצענדיג נאָהנט צו דער שקאַפּע, וועט מען קאָנען האַלטען אַ בּיסעל די לייצען אָדער די בּייטש. נור די קעלניע האָט פֿערחאַפּט דער בּעהעלפֿער אַלליין, מיט צוויי דריי עלטער-געוואַקסענע קינדער, אונ די שוואַכע זענען געבּליבּען געפּאַקט אין וואָגען ווי הערינג אין פֿאַסעל, אַזוי, אַז אַסך פֿיסלעך האָבּען אַראָבּגעהאַנגען פֿון וואָגען. עס האָט געקוועטשט אונ געבּראָכען די יונגע בּיינדעלעך, פֿון אַללע זייטען, נור עס איז פֿאָרט געווען גוט אונ פֿראָהליך. צו דער גרויסען ענגשאַפֿט האָט זיך נאָך דער רבּי אַריין געזעצט אין מיטטען, אונ עס איז געוואָרען נאָך פֿראָהליכער,

חאָטש דען רֶבִּינס צופּלאָנטעטע בּאָרד האָט אַללע קינדער אַרום געשטאָכען אין די אייגעלעך.

נאָך דעם, אַז בּערעל האָט איבּער געבּונדען די שמאַטעס אויף די פֿאָדער-פֿיס פֿון דער שקאַפּע, האָט ער איבּערגענוממען אין זיין רְשׁוּת אַריין אַללע פֿלאָשער קוואַס מיט דעם גאַנצען עססענוואַרג. קיין פּלאַטץ איז פֿאַר איהם אויף דער פֿוהר ניט געבּליבּען, אונ ער האָט זיך געזעטצט אויפֿ'ן דראָנגיל בּיי דער אונטערשטער אַקסט, מיט די פּלייצעס צו די פּערשוינען. —

— פֿאָהר! האָט בּערעל קאָמאַנדירט אונ בּאַלד זיך גענוממען צו עססען פֿון די פּעקלעך אונ צו טרינקען פֿון די פֿלאָשער.

— וויאָ! האָט אַגעשרעה געטהון דער בּעהעלפֿער מיט די קינדער אין איין קול. דאָס וואָגעלע האָט זיך אָנגעהויבּען טרעסלען אונ משה'לע, דער יונגסטער אונ שוואַכסטער צווישען אַללע, איז געזעסען ווי דערשטיקט נעבּען רֶבִּין אונ בּיי יעדען טרעססעל פֿון וואָגעלע האָט זיך זיין קאָפּיל געשאָקעלט, אַ צאָנדעל אויף אַ צאָנדעל האָט געקלאַפּט; אַנדערע איז אויך נישט פֿיעל בּעססער געווועזען; עס האָט זיך אַללע רגע געהערט איין אַנדערער „אוי", נור מען איז בּאַלד דערצו געוואָהנט געוואָרען

אַרויסגעוואַקסען אַ מענש מיט אַ שטאָלצען שטערן, פֿרייע אויגען, אַ קלאָרען מוֹח אונ אַ בּרייט', אָפּפֿען האַרץ... אָ, זאָגט מיר, ווער פֿון אייך וועט זעהן ווייטער אַלס איין מינוט, אין וועלכער עס פֿערזינקט דאָס גראָבּע עם-הארצישע לעבּען, ווענענס בּליק וועט זעהן ווייטער ווי די דלת-אמות, וואָס דער פּרוּש האָט פֿאַר'ן נאַרישען אינגעלע אַרום געקרייד? אָה, זאָגט מיר ווער, וועל איך איהן אַראָבּ נעמען פֿון בּויד, אויסקושען יעדען אבר אונ מיטנעמען מיט מיר אין וואַלד אַריין...

דאָרט אין פֿרישען גרינען וואַלד, וועלען מיר זיך זעצען אונטער איין אַלטען קלוגען בּוים מיט ווייט פֿערשפּרייטע צווייגען, מיט מיליאָנען פֿרישע גרינע בּלעטער, וואָס זאָגען צו מיליאָנען פֿרישע, גאָר נייע בּליטהען... דאָרט וועלען מיר זיך זעצען, דאָרט... אינ'ם שטיללען אָרט, וואו מען האָרט נישט די עם-הארצים שרייען, די אָקסען בּלעקקען אונ די הינד בּיללען... דאָרט וועל איך איהם פֿערטייטשען וואָס פֿריהלינג בּעטייט, וואָס פֿריש לעבּען הייסט; איך וועל איהם דערצאָהלען, וואָס עס סוד'ען זיך די בּלעטער, וואָס עס רוישט דאָס יאָגענדיגע וואַססער אונ וואָס עס בּלאָזט אין די אויערען אַריין דער פֿרישער ווינד...

אָח! איך וועל איהם נאָך אַ פּאָר שאָנע מעשה'לעך פֿערצאָהלען אונ שענקען — עס איז דאָך ל"ג-בּעומר — איין אמת'ן, גוטען פֿייל-אונ-בויגען...

לָצְפֶּר.

און פֿראָהליך מיט אַ געפּילדער, ווי פֿון אַ וואָגען מיט גאָנז, האָט מען זיך ווייטער געטרעסעלט, מיט דעם געדאַנק, אַז מען וועט פֿאָרט אַמאָל קומען צו'ם טהייערען וואָלדעל, וואו עס איז אַזוי שאָן, גרין, פֿריי, און דער רבי מיט דעם בעהעלפֿער וועללען ניט זיין בּאָז און גאָר ניט זאָגען — ניט שטאָרען די פֿרייהייט. —

און חאָטש פֿון יעדען טרעסעל האָט דעם רבינס באָרד גלייך געטראָפֿען אין משה'לעם פּנים, אַמאָל אין די אויגען און געשטאָכען, האָט ער דערמעלט דעם רבין אַזוי ליעב בעקוממען, אַז ער האָט זיך געטוליעט צו איהם וואָס נאָנטער — אַזוי איז דער רבי גוט געוועזן צו איהם און צו אַללע קינדער!

* * *

מען איז שוין דורכגעפֿאָהרען דען מאַרק, די גאַסס, וואו די שוהל געפֿינט זיך; אָט איז מען שוין ביים מרחץ, און אָט איז מען שוין אויף דער ווייכער בריק. עס טרעסעלט ווינציגער, עס ווערט אַללע מאָל בעססער און נאָהנטער צום וואָלדעל; מען איז שוין אויף יענער זייט טייך, מען זעהט שוין אַרוים דאָס בית עולם מיט די מצבות און אַ ביסעל ווייטער — דאָס וואָלדעל.

נור... פּלוצים האָט זיך די זונן בעהאַלטען! מיט גרוים שרעק האָבען די יונגע פֿאַרשוינען ערשט איצטער בעמערקט דען פֿערוואָלקענטען הימעל, און נאָך איידער זיי זעננען אַריבער דעם בית עולם, האָט אָנגעהויבען בליטצען, און גיעסען אַ שלאַגס-רעגען.

* * *

קוים לעבענדיגע ווי אָבגעצוואָגענע קאָטצליך האָבען זיך אַללע אריין געחאַפּט אין שטיבעל פֿון קברות יוד, איבער צו וואַרטען דען רעגען. מען וואַרט און מען וואַרט און מען קאָנן זיך ניט דערוואַרטען, דער שלאַגס רעגען האָרט ניט אויף.

בערעל האָט זיין שקאַפּע אין גאַנצען געלאָזט אויף הפקר, און, זיצענדיג אין אַ ווינקעל, איז ער אַלץ געוועזן פֿערנוממען מיט די קינדערס פּאָקליך עססען און טרינקען. דער בעהעלפער האט זיך אויך צוגערוקט צו איהם.

— קינדער! טאָמער ווילט איהר עפּיס עססען? האָט געפֿראָגט דער רבי. איינינגע האָבען געאָנטחערט שטילל און טרויריג: „ניין", אַנדערע האָבען גאָר געשוויגען; די מיילעכלעך האָבען זיך ביי זיי ניט געעפֿענט צום עססען.

אַ פּאָר אָלטערע קינדער צוזאַממען מיט דעם רבין האָבען זיך דאָך צוגערוקט צו בערלען מיט דעם בעהעלפֿער, נור משה'לע מיט די איבריגע, קלענערע קינדער האָבען

## דער חברה-קדישא שמש.

### (אַ פּעטערבורגער בילד)

ביי ר' זלמן זילבערשטיין האָט זיך איין אומגליק געטראָפֿען; אַ קינד איז איהם, לא עליכם, נפֿטר געוואָרען. ער דרייט זיך אַרום אין שטוב, גיעהט פֿון איין ווינקעל צום צווייטען, גלייך ער וואָלט עפּיס געזוכט און צופּט זיך דאָס באָרדיל. עס ווייזט זיך נאָך קיין איינציגע טרער צו לעשען דאָס פֿייער אין די אויגען. אין אַ זייט זיצט שרה-חנה זיין ווייב צווישען אַ קראָנציל וויבער; זי — זאָגט מען — איז געראַטיוועט; עס רינגען איהר שוין בוכען טרערען, און דאָך האָרט מען זי נישט אויף צו טרייסטען... „גאָטט איז גערעכט און זיין משפּט איז גערעכט, און אַוועק ברענגען טאָר מען זיך נישט, ניין — איהר האָט נאָך קינדער!"

— אַ מענש האָט 10 פֿינגער — צוקלאָגט זיך שרה חנה — און וועלכען מען שניידט אָב... שניידט מען אַלס אַריין אין האַרץ...

ר' זלמן'ען חאַפּט עס אָן ביים האַרץ און ער צו-ווינט זיך. עטליכע קינדער אין אַ ווינקעל, וואָס האָבען ביז אַהער גאַנץ רוהיג געשפּיעלט זיך הייבען אויך אָן צו חליפּען.

מען קלינגט. ר' זלמן אָפֿענט און לאָזט אַריין אַ פּערשוין אין אַ לאַנגע קאַפּאָטע, מיט איין דיין — און דען צווייטען איבער דער חאָלעווע, מיט אַ היטעל אין אַ זייט און לויפֿענדיג-פֿריילכע

זיך ניט אבגעריסען פון פענסטער, קוקענ-דיג מיט טרויריגע פּנימליך ווי דער רעגען גיסט, און גיסט, און פּאַטשט אין קליינעם פענסטערל פון קברות יודם שטיבעל.

ערשט שפּעט פאַרנאַכט האָט דער רעגען אויפגעהערט, אין דרויסען איז געווען נאַסס און טונקעל, מען האָט צוריק איינ-געפּאַקט די קינדער אין בערעלם וואָגעלע און שטילל שוין, אָהן געפּילדער, האָט די מיעדע שקאַפּע קוים דערשלעפּט די מיעדע, האַלב-פאַרשלאָפענע קינדער דורך דער בלאָטע, אין שטאָדטעל אַריין.

* * *

אין דער פריה, ווענן משה'לע האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף האָבען שוין די שטראַהלען פון דער זונן געשפּיעלט זיך אויף זיין בעטעל, ער האָט זיך פרעהליך און לעבענדיג אַ וואָרף געטהון צו'ם פענסטער און ווייטער דערזעהן דאָס וואָלדעל.

— אָח, איצטער, איצטער איז דאָרט אַזוי שאָן! עס וואָלט צינדערט דאָרטען געווען אַזוי גוט, אַזוי פריי, האָט ער מיט פרייד אויסגעשריגען. נור באַלד איז אָנגעקומען דער בעהעלפער, באַז ווי אַ גאַנץ יאָהר און, ניט פראַגענדיג ביי איהם, האָט ער מיט געוואלד איהן אָנגעטהון.

משה'לען האָבען זיך געשטעלט טרערען אין די אויגען, אין האַלז האָט איהם אָנגעהויבען שטיקען, און ער האָט אַרויס געלאָזט אַ געוויין.

— וואָס האָסט דו זיך צו חליפּעט? האָט דער בעהעלפער אַ געשריגען געטהון — האָסט נאָכטען נאָך קאַרג געהוליעט? און שוין ווילסט דו ווייטער ניט געהן אין חדר?

און משה'לע איז שוין ווייטער אין חדר, וואו דער רבי איז שוין ווידער באָז, די רביצין שעלט, דער בעהעלפער קנייפט און צו „ל"ג-בעומר" איז נאָך אַזוי ווייט... עס איז אַזוי לאַנג צו וואַרטען צו דער גוטער פרייער מינוט!

א. ספּעקטאָר.

# פון וואַנענ'ען נעמט זיך:
# ער שפּיעלט פאַר'ן טייוועל?

(אַ באַנטאַזיע)

עס האָט געקאָנט זיין אַ כּלי-זמר, וואָס האָט זיך אין אַ מאָדעל אויף אַ חתונה פערליעבט, און האָט זעלטען, זעלטען שאָן און טרויריג געשפּיעלט, ווייל ער האָט בעמערקט, אַז זי האָרט, פיהלט און פער-שטייט איהן.

אויגעלעך, גלייך ער קומט פון אַ חתונה. דאָס ציעגענע באָרדיל שאָקעלט זיך אין גאַנצען ווי אַ גראָזיל פון אַ לייכט ווינטעלע, און ער אַלליין שאָקעלט זיך אויך, גלייך ער האַלט שוין נאָך אַרבע כּוסות.

— איך בין דער שמש פון חברה — שטעלט ער זיך פאָר מיט אַ צונג, וואָס האָט זיך אויך נישט איבער בעוועגט אין מויל — כתריאל-שמש!

ר' זלמנ'ס פנים פערצערט זיך, ער לאָזט איהן דאָך אַריין; חנה שרה הייבט אָן חלשען, די ווייבער — מינטערן; די קינדער — שרייען.

כתריאל קוקט זיך אויף דעם אַללעם נישט אום. ער קומט אַריין מיט זיין ממשלה, וואָס איז האָבער פאַר לעבען און טויט. און ער דיריגיערט: לייגט אַנד, נאָדעל-פאָדעם, וואַססער...!

און אַללע ווייבער האָבען חנה שרה'ן פערלאָסט און בענומען זיך צו בעדיענען דען שמש.

* * *

אין אַ שעה אַרום האָט שוין דער טויט אַ שאַנער פנים געהאַט: אָבגעוואַשען, בעניית און בעקלייד...

— קריעה! קאָמאַנדירט דער שמש, אָנ-חאַפּענדיג ר' זלמנ'ען ביי דער האַנד.

ר' זלמן בייגט זיך צו און שטעלט איהם פאָר דען לאַץ.

— עובר אויף בל תשחית — מאַכט כתריאל — טהוט אָן איין אַלטען ראָק.

— שנײדט! רייסט זיך היינט דאָס ערשטע מאָל אַרויס אַ פערדומפּען קול פון אָבל'ס האַלז.

כתריאל פערליערט זיך (דאָס טרעפט אפילו אַ גאַראָדאָוואָי!), נעמט דאָס טויטע קינד אין בוזעם

אויף דער חתונה, וואו זי איז געוועזען האָט ער געשפּיעלט שטאַנדיג וויינענדיג, שטאַנדיג הערץ=רייסענדיג, שטאַנדיג האָט זיך זיין וויטאָג געגאָססען און געגאָססען.

און דער עולם האָט נישט פֿערשטאַנען, וואָס עס איז, און האָבען דערביי „מצוה=טאַנץ" געמאַכט; זי האָט פֿערשטאַנען, און די ליכט אין איהרע אויגען, אָדער די פֿייכטע טהוי אין זיי, האָבען אויף זיין מוזיק געאַנטפֿערט.

איז אָבער זי אויף דער חתונה נישט געוועזען, האָט ער גלייך ווי אַללע אַנגעהויבען גרימפּלען: שבת, שבת! עס האָט געהיללעכט, געשאַרפּיט, געריססען, די געדאַרים איבער געוואָרפֿען... און דער עולם האָט געזאָגט: היינט שפּיעלט ער וואהל! ער רייסט איין סטרונע נאָך דער צווייטער!

דערנאָך האָט ער אויף איהר איינענער חתונה געשפּיעלט.

זי איז אַ יתומה געוועזען און ביי'ם אֵל־מלא־רחמים, האָט די פֿידעל אַזוי יאָממערליך געוויינט, אַזוי געקלאָגט, אַזוי געקראַכצט, אַז... אַז די מאַנער האָבען געוויינט ווי ווייבער, און די ווייבער האָבען זיך ראַפּטים געוואָרפֿען אויף דער ערד און געריססען די שייטלען.

— דער טייוועל שטעקט אין זיין פֿידעל, האָט מען געזאָגט, און ערשט אַז די כלה האָט געחלישט און טהייל ווייבער האָבען זיך מיט קראַמפּען צו לאַכט, האָט מען איהם די פֿידעל פֿון די האַנד אַרויס געריססען, און דעמעלט האָט מען ערשט בעמערקט, אַז ער האָט גלאַזערנע אויגען...

אַ צייט לאַנג האָט ער נישט געשפּיעלט; ער איז ערגיין פֿערפֿאַללען געוואָרען, אָדער קראַנק געלעגען... דערנאָך האָט מען איהן ווייטער אין קאַפּעללע געזעהן, נור מען האָט'ן קוים דערקענט... בלאַסס, אויסגעמאָגערט מיט פֿערלאָשענע אויגען, גאָר נישט דער מענש, גאָר נישט דאָס שפּיעלען. ער האָט שוין קיינמאָל קיין שטיינער געשפּיעלט, אפילו נישט פּרים געהאַלטען, אַיין אַנדערער האָט געשפּיעלט פּרים, און ער האָט צו געהאָלפֿען, זיצענדיג, נישט ריהרעוודיג...

איינמאָל האָט ער זי דערזעהן ביי דער „וויעטשערע"; ער האָט אויסגעריססען די פֿידעל ביי'ם פּרים און אָנגעהויבען שפּיעלען; שפּיעלען ווי אַמאָל: דאָס אויג פֿלאַמט, דאָס האַרץ דריקט, די פֿידעל וויינט —

נאָר קיינער האָרט נישט... זי האָרט נישט, זי האָט זיך צוריק פֿערמישט צווישען די ווייבער, ער זעהט זי נישט, קיין בליק אַנפֿערט נישט —

— העי! כלי=זמר! שרייט אַ מחותן—

אריין און מאַכט עטליכע טריט צו דער טהיר, חנה־שרה חליש'ט ווייטער, נור ר' זלמן מערקט עס נישט און געהט נאָך כתריאל'ן, וואָס שטעלט זיך אין מיט'ן אָב, דרעהט זיך איבער און וואַרפֿט אַ פריפֿענדיגען בליק אויף ר' זלמנען. דער פֿערשטייט, און ציהט אַרויס פֿון טאַש און דערלאַנגט איהם אַ פּאַפּירל. כתריאל געהט אַרויס.

* * *

אין פֿינף מינוט קלינגט ווייטער; כתריאל בעווייזט זיך נאָך אַ מאָל.

— וואָס איז — — געשעהען! פֿראָגט ר' זלמן אומרוהיג.

— גאָר נישט — אַנפֿערט כתריאל...

— נו — וואָס? וואָס?

— פֿערשטייט איהר, ר' זלמן, מאַכט כתריאל, אַזאָלכע נפשות'ליך (ער ווייזט אויפ'ן פּאָקיל אונטערן בוזעם) האָבען מיר עטליכע אַ טאָג... אַללע בעוויינען... פֿערשטייט איהר מיך... וועט קיין טרערען נישט קלעקקען... ס'האַרץ גיעסט מיר, נור די אויגען, פֿערשטייט איהר, די אַלטע אויגען וויללען שוין נישט... אַ וויסט שטיק'ל ברויט...

— נו? שרייט שוין אַרויס ר' זלמן.

— נור זייט נישט אין כעס, ר' זלמן! געזונד זאָלט איהר מיר זיין... איך האָב נאָך אין מיין מויל נישט געהאַט... דאָס האַרץ צוגיעסט זיך, נור מען איז דאָך נור אַ בשר ודם... עטליכע קאָפּיקעס...

— איך האָב דאָך אַ רובל געגעבען? מאַכט ר' זלמן מיט עקעל.

— זאָל איך איהן טוישען? איך האָב אַ ווייב

שפּיעל עֶפּיס פֿריילִיכִים צוּ דעֶר וויעֶטשעֶרעֶ! און עֶר האָט געֶחאַפּט די פֿיעדעֶל, געֶווארפעֶן אויף דער עֶרד, זי איז צוּבּראָכעֶן אויף פּיצפּיצליך געֶוואָרעֶן, עֶר איז עֶנטלאָפעֶן.

— אין דעֶם יונג שטעֶקט דעֶר טייוועֶל, האָט מעֶן געֶזאָגט.

פֿון דעֶמאָלט אָן האָט עֶר טאַקי אויפגעֶהאָרט צוּ שפּיעלעֶן אויף חתונות. דעֶר עול פֿון פּרנסה איז אין גאַנצעֶן אויפ'ן ווייב געֶפאַללעֶן, און עֶר איז געֶזעֶססעֶן אין שטוּב, שטאָנדיג מיעד, שטאָנדיג בּלאַסס, שטאָנדיג אָהן כּח:

דאָס ווייב האָט געֶזאָגט: אַ דבּוק, און געֶמאַכט זיך אַ שטעֶלל אופ'ן מאַרק מיט געֶקאָכטעֶן אַרבּים.

זי דאַנקט און לויבּט דעֶן אייבּעֶרשטעֶן, וואָס האָט זי געֶשטראָפט מיט רחמנות, וואָס האָט איהר אַ גוטעֶן דבּוק געֶשיקט. איין אַנדעֶרעֶר שלאָגט און הרגיט און האַקט אוּם די שויבּעֶן, דעֶר דבּוק איז חאָטש אַ גוטעֶר, אַ שטיללעֶר... וואָלט זי געֶהאַט געֶלד, וואָלט זי צוּ'ן אַ גוטעֶן יוּד געֶפאָהרעֶן.

— עֶר איז אַזוי גוּט, ריהמט זי זיך, אַז עֶר שעֶלט אַפילוּ נישט. אַמאָל פּלעֶגט גיכעֶר אַ קללה איהם אַרויס פֿון מויל, היינט איז עֶר שטילל ווי אַ טויבּ. עֶר וויל אַפּילוּ נישט עֶססעֶן... גיט מעֶן איהם, עֶסט עֶר, נישט — נישט!

נור טהייל מאָל, האַלבּעֶר נאַכט, מעֶהרסטעֶנטהיילס אין אַ לבנה נאַכט — הייבּט עֶר זיך אויף, נעֶמט אַראָב די פּיעדעֶל פֿון וואַנד און הייבּט אָן שפּיעלעֶן.

עֶר שפּיעלט אַמאָל וויינעֶנדיג, אַמאָל ליַזבּעֶנדיג, אַמאָל בּעֶט עֶר, אַמאָל בּייזעֶרט עֶר זיך, אַמאָל רייבּט עֶר די סטרונעֶס, אַמאָל גלאָט עֶר זיי אַזוי איידעֶל, אַזוי דינן, אַזוי האַרצעֶדיג ווייך, אַז עֶס צוּגעהט אין אַללעֶ אבריםּ...

און דעֶר עולם זאָגט:

— עֶר שפּיעלט שוין פֿאַר'ן טייוועֶל.

י. ל. פּרץ.

## טְרַאם, טְרַאם, טְרַאם...

אָבעֶנד. אין דרויסעֶן איז פֿריש און לופטיג; עֶס בּלאָזט אַ קאַלטעֶר ווינד.

איבּעֶר די גאַססעֶן אין דעֶר הויפּטשטאָדט, וואָס איז געֶשטאַנדעֶן אויף אַ וואַל, איז לאַנגזאַם אוּמגעֶגאַנגעֶן אַ יונגעֶר־מאַנן פֿון אַ יאָהר דריי־פיעֶר און צוואַנציג, לייכט אָנגעֶטהאָן, אָהן איין אויבּעֶרציהעֶר. די קאָלט נעֶמט איהם דוּרך יעֶדעֶן אֵבר, דאָך העֶבּט עֶר ניט אָן שנעֶללעֶר צוּגעֶהן.

מיט קינדער... מיין מַרְשַׁעַת ווייסט אַללע מיינע פֿערדיענסטען, זי געהט מיר נאָך... אַז ביי'ן אַ גביר, וויל זי אַ גאַנצען רובל...

ער בּעקומט נאָך קליין־געלד און וויל שוין אַרויס געהן, נור פּלוּצלינג בּעמערקט ר' זלמן, אַז כּתריאל איז נישט זעהר ניכטערן, ער שפּרינגט צוּ און חאַפּט איהן אָן ביי דער פּלייצע.

— איהר וועט מיר דאָס קינד פֿערליערען! רייסט זיך איהם אַרויס אַ געשריי פֿון האַרץ.

— נו, מאַכט קאַלטבּלוּטיג דער שמש, איהר קאָנט געבּען אויף אַ דראָשקע!

ער בּעקומט. אַרויס געהענדיג דאַנקט ער: געזונד זאָלט איהר מיר זיין... ר' זלמן, אַ דאַנק אייך... ווענן איך האָב סאַמע אַזוינע בּעלי־בּתּים...

נור ער דערמאַנט זיך און בּלייבּט שטעהן:

— ווענן עפּיס מיט וואָס איינצוּוויקלען דאָס קינד? מאַכט ער מיט אַ שמייכעלדיג בּעטטעל־קול.

— וואָס?

— נור נישט ווייס, עפּיס אַ שוואַרצע זאַך, אַ שאַלל, למשל.

אַ יודענע חאַפּט אַראָב פֿון חנה־שרה'ס פּלייצע אַ שאַלל און וואַרפט זי כּתריאל'ן.

— נור בּרענגט זי אָב... אַ נייע שאַלל! שרייט זי איהם נאָך.

— וואָס איז, אַ גנב בּין איך? בּייזערט זיך כּתריאל.

— נור געהט, נעהט!

* * *

אויף די טראָטואַרן בּעווייזט זיך אַ בּרייטער

זיין געזיבט איז פע־וואלקענט, און די אויגען אראבגעלאזען צו דער ערד. ער געהט שוין אזוי ארום א צייט. ער געהט נישט אהיים און וויל אפילו וועגען דער היים נישט טראכטען, נור ער קאנן דאס בשום אופן ניט אויספיהרען, עס טראכט זיך איהם געגען זיין ווילען עס דריקט איהם דען מוח.

אין דער פריה, אז ער איז אוועקגעגאנגען, האט ער איבערגעלאזען די מוטטער מיט די צוויי קליינערע ברידער אום געגעסען, אהן א קאפיקע געלד. א גאנצען טאג איז ער ארומגעגאנגען זוכען שטונדען און געהט צוריק מיט גאר נישט.

נאך וואס זאל ער יעטצט געהן אהיים? ער וואלט וועללען בעססער געהן, געהן און געהן אהן איין אויפהאר. נור ער האט א שלעכטע בעגלייטונג. א גאנצען טאג דאכט זיך איהם, אז איהם געהט נאך זיין הויז מיט נאך א זאלכע הייזער פון דער ארמער אונטער=גאסס, וואו די מאמעס, ברידער און שוועסטער קריממען זיך, דריקען די פערברעננטע, פערשמאכטעטע ליפפען און חליפען, חליפען און חליפען...

ער פרובט זיך אבשטעללען נעבען די גרויסע, העלל בעלייכטעטע פענסטער פון די קראממען, קוקען יעדען אין פנים אריין, בעטראכטען די רייך=אוסגעפוצטע פריילינס, ער וויל זיך פערנעמען מיט קריטיקירען, נור עס העלפט ניט. ער האט אלץ די הייזער הינטער זיך.

עס דריקט איהם שרעקליך דאס הארץ. ער וואלט וועללען פטור ווערען, בלייבען אלליין, חאטש אויף איין מינוט זיין פריי פון דער שווערער בעגלייטונג פון די הייזער, און ער שטעלט זיך אללע מאהל אב און קעהרט אום דען קאפף מיט א לײדענדער מינע, גלייך ער וואלט זיך בעטען, מען זאלל איהן לאזען צו רוה. די „הייזער"—דאכט זיך איהם — טרעטען אב אויף א ווײלע, נור קוים דרעהט ער זיך איבער, זיי זענען ווייטער דא!

ער קעהרט זיך אום האסטיג און לאזט זיך אראב צו דער אונטער=גאסס, צו יענע הייזער...

---

אויף די גרויסע טראפף, וואס פיהרען פון די אייבערשטע גאססען אין די אונטערסטע, האט ער זיך אבגעשטעללט.

אונטען אין טיעפען טהאל ליגען צוזאממענגעדריקט איינס אויף דאס אנדערע קליינע האלצערנע הייזלעך, צווישען וועלכע מען האט קוים געקאננט בעמערקען די שמאלע, לאנגע דורכגאנג. אויף איינעם פון די הייזלעך, ניט ווייט פון די טראפף, שטעלט ער אב זיין בליק.

---

שמייכעל אויף כתריאל'ס פנים; ער ווערט אבער באלד פערשווינדען. אויף'ן לעצטען טראפף אונטען ווארט אויף איהן דאס ווייב. ער מאכט א ערנסט פנים און דערלאנגט איהר עטליכע קאפיקים.

— און שוין? מאכט זי מיט א ביטטערן חוזק.

ער דערלאנגט איהר א ליידיג בייטעלע: זעה!

— פעררעד איין אנדערן די צאהן! אנטפערט זי און ציהט איין דען שטערן. כתריאל פיהלט אז עס געהט א וואלקען. ער גיט א זיפץ, וואס וואלט א גזלן געריהרט און דערלאנגט איהר דען רובל.

זי נעמט שוויגענדיג און וויל איהן דורכלאזען. ער האט אבער צו'ן איהר א בקשה.

— נאך היינט — מאכט ער א רחמנות פנים — נישט אין מויל געהאט.

— נו, מאכט זי, בלאז אויף מיר, זולל־וסובאניק! בלאז!

דאס, א פנים וויל ער נישט.

— נור, מוחל — זאגט ער, שפאטער עפים חאפען, אין דער היים... נור אויף א דראשקע דארף איך...

— קראנק צו פוס צו געהן?

זי שפייט אויס און געהט אוועק.

. . . . . . .

נעבען בית הקברות איז דא א קליינע שענק. כתריאל זיצט שוין דארט איבער א פאר ליידיגע פלאשער.

א שמייכעל פון לצנות ליגט איהם אויפ'ן פנים.

— נישט פערליערען די שאלל, אוודאי,

די לאָדען זענען שוין פֿערמאַכט. קיין קלאַנג און קיין שטראַהל דערמאָנט נישט, אַז דאָ וואָהנט ווער. ביים שוואַכען שיין פֿון אַ גאַסס=לאַמטערן, זעהט עס אויס ווי אַ גראָהע, מיט שימעל בעוואַקסענע, אַלטע חורבה, אין וועלכער עס וואָהנען נור שדים.

עס רייסט זיך איהם אַרויס אַ שווערער קרעכץ פֿון האַרץ.

— ווי האָבען זיי, נעבאָך, איבערגע=לעבט דען היינטיגען טאָג? טראַכט ער, קוקענדיג אויף'ן הייזעל.

ער פֿיהרט איבער זיין בליק אויף די הייזלעך אַרום און עס ווערט איהם נאָך אומעטיגער, נאָך קאַלטער פֿון זייער שוואַר=צען אויסזעהן.

און עס דאַכט זיך איהם, אַז פֿון די אַללע הייזלעך קוקט מען אויף איהן מיט גלאָזערנע אויגען, מען בעטטעלט ברויט, מען שטרעקט אויס די האַנד; אַפֿילו די שטראַהלען דורך די לאָדען און האַלב אָפֿפֿענע טהירען זעהען זיך אויס אַזוי טרויעריג, אַזוי פֿינסטער.

אין גאַסס איז דאָך לעבעדיג; עס שפּאַציערען בחורים מיט מאָדלעך; קליינע קינדער, חדרים יונגלעך, אַרבייט=יונגען... אַללע זענען אין גאַסס. מען ווייזט זיך; מען זינגט, מען לאַכט, מען יאָגט זיך.

איהם ווערט נאָך אומעטיגער, איהם דוכט זיך, אַז היסטעריקער אָדער מתים לאַכען עס; ער ווייס דען טעם פֿון אַזאַ פֿראָהליכקייט!

עס ווערט איהם אַלץ שווערער און שווערער, און ער הערבט אויף די אויגען פֿון די שוואַרצע הייזלעך צום הימעל.

דער הימעל איז בלאָה, אויסגעשטע=רענט, ווי מיט פֿליטטערלעך בעשיטט. פֿאָטען וואָלטען בעזונגען אַזאַ הימעל מיט די מיליאַרדען פֿינקעלנדע, בלישצענדע שטערן, און געליעבטע אין די אויבערסטע און אונטערסטע גאַססען וואָלטען געפֿאַנטאַ=זירט, קוקענדיג אויף איהן, און זייערע נשמות וואָלטען זיך אַוועק געטראָגען געאַרמט אין דער אונענדליכקייט פֿון דער וועלט. נור איהם דאַכט זיך, אַז דער הימעל איז פֿערפֿראָרען, און די שטערן זענען שטיקלעך אייז, אין וועלכע עס שפּיעגלען זיך נור אָב די אַללע קאָליערען.

אַלץ איז געפֿראָרען, אַלץ איז טודט, נור צו איז שטאַנדיג אַזוי?

ער ווילל זיך פֿאָרשטעללען וואַרמקייט, אַרויסרופֿען דען געפֿיהל און ווערען פֿראָה=ליכער; ער קאָנן אָבער ניט, די קאַלט נעמט איהן נאָך שטאַרקער דורך, און עס דאַכט זיך איהם שוין, אַז די זונן וועט גאָר קיינמאָל די מעגליכקייט ניט האָבען אַרויס=רופֿען ווענן עס איז אויף ווי מען עס איז געזיכט האָטש אַ שוואַכען שמייכעל.

— פֿינסטערנים, אומעט, קאַלט... זענען געוועזען און וועלען עוויג זיין, העבט ער אָן פֿילאָזאָפֿירען.

פּלוצלינג דערהערט ער הינטער זיך אַ געזאַנג פֿון אַ גאַנצען כאָר געזונדע, פֿרישע שטימען מיט בעגלייטונג פֿון מוזיק.

ער גיט אַ ציטטער. אויף די פֿליגעל פֿון געזאַנג טראָגט זיך אַ ניט געמאַכטע, אמת'ע פֿראָהליכקייט; די שטימען קומען אַרויס פֿון ברייטע, פֿוללע האַרצער.

איהם ווערט אונאַנגענעהם פֿון דער פֿראָהליכקייט, אַ קאַלט געהט איהם דורך, און ער לויפֿט אַראָב פֿון די טראָפּ.

---

אונטען איז געשטאַנען זיין צוועלף=יאָהריגער ברודער, מנשקע.

---

מורמעלט ער, וואָס? אַ גנב בין איך? חס ושלום! געגעבען צו בעהאַלטען! אַ טהייערע שאלל!

— יוסל! רופֿט ער.

— וואָס? ענטפֿערט מען פֿון אונטערן שענקפֿאַס.

— וויפֿיעל, זאָגסט דו, קומט מיר נאָך צו דער שאלל?

ב. פֿאָרבמאַן.

— גוטמאַנן? האָט איהן מנשקע גע־
פֿראָגט.

גוטמאַנן האָט נישט געאָנטפֿערט און
אָבגעשטעלט זיך קוקען אויף איהן, אָנ־
רוקענדיג די ברעמען. מנשקע האָט אָב־
געקעהרט די אויגען און געקוקט אָן אַ זייט.
דאָס יונגעל האָט געוואָלט עפּעס זאָגען
און דאָך מורא געהאַט, מען זאָלל איהן ניט
פֿראָגען וועגען דעם.

— געפּאַסט? האָט גוטמאַנן אַ פֿראָג
געטהאָן מיט אַ שניידיגער בויך־שטיממע.

דאָס יונגעל איז נאָך חשכדיגער גע־
וואָרען.

— ווי געהט עס דער תענית? האָט
איהן גוטמאַנן נאָך אומעטיגער געפֿראָגט.

מנשקע האָט זיך פֿלוצלינג צו־וויינט.

— דער בעל הבית האָט מיך אַרויס־
געטריעבען... האָט ער קוים אַרויסגערעדט.

הם! האָט גוטמאַנן געמאַכט מיט זיין
בויך־שטיממע און נאָך מעהר אָנגערוקט די
ברעמען — פֿאַר וואָס?

איך האָב געוואָלט עססען, האָב איך
אַ שטיקעל קולעטש ביי דער בעל־הבית־
טע...

— געגנבט, האָט גוטמאַנן אונטער־
געזאָגט מיט אַ דומפּען קול.

ער האָט געמאַכט עטליכע טריט;
דער ברודער נאָך איהם.

— איך האָב געוואָלט עססען, איך בין
קוים איינגעשטאַנענן, נישט געקאָננט אַרביי־
טען, האָט דאָס יונגעל וויינענדיג געזאָגט.

גוטמאַנן האָט נישט געאָנטפֿערט. איהם
איז נאָך שווערער געוואָרען אויפ'ן האַרץ,
עס דריקט איהם ביז צו טרעהרען. ער
בייסט די ליפּפּען און געהט ווייטער.

נעבען שטוב קומט איהם ענטגעגען
דער קליינערער אַכט־יאָהריגער ברודער,
הירשקע.

— נו? פֿראָגט ער איהן אויך מיט
זיין בויך־שטיממע.

הירשקע שווייגט און קעהרט אָב די
אויגען.

— ווי געהט עס דיר דער תענית?
פֿראָגט ער איהן ווייטער אָהן רחמנות.

דאָס קינד דרעהט זיך פּלוצלינג
צוריק איבער.

— מיר ווילט זיך גאָר ניט עססען —
האָט ער פֿראָהליך אויסגעשריען — ווי
איך בין אַ יוד, מיר ווילט זיך גאָר
ניט עססען!..

— געגנבט ברויט, האָט גוטמאַנן
אַרויסגערעדט האַלבפֿראָגענדיג, האַלב זיכער.

— אָ ניין, גאָר אַ נייס! — האָט זיך
דאָס קינד געהיטצט — איך האָב גאָר היינט
נאָך גאָר נישט געגעססען!..

— און זאַטט?.. האָט גוטמאַנן נאָך
גראָבער געמאַכט די שטיממע.

— איך וויל ניט עססען! ווי איך
בין אַ יוד, איך וויל ניט עססען! אָנטפֿערט
דאָס קינד מיט איין ערנסט, וואָס שניידט
גוטמאַננען אין האַרצען.

— איך בין טאַקי געוועזען אין
וואַלד! — מאַכט ווייטער דאָס יונגעל —
איך און נאָך חברים!.. אַ, האָבען מיר
דאָרטען אָנגעחאַפּט אַ סך „באַבאָטשקעס" 1)!
זעהסט אָ! — ער האָט אַריינגעשפּאַרט די
האַנד אין בוזעם — אָ, זעהסט...

ער האָט געהאַלטען אַ פֿולע האַנד
מיט שמעטטערלינגע 2).

— און אין חדר? האָט איהן גוטמאַנן
איבערגעריססען.

דאָס קינד ווערט פּלוצלינג וויינענדיג.

— איך האָב געוואָלט עססען, האָב
איך ניט געקאָנט לערנען! פֿעראָנטפֿערט
ער זיך דורך טרעהרען.

גוטמאַנן וואַרפֿט אויף די ברידער
אַ לאַנגען פֿינסטערן בליק און געהט ווייטער
פֿאָרביי זיין הויז.

— וואָהין געהסט דו? קום אַריין אין
שטוב! וויל איהן מנשה אָבשטעללען.

נור דאָס וואָרט „שטוב" שניידט איהן
ווי מיט מעססער. ער וואָלט יעטצט ענט־

---

1—2) זוממערפֿאָגעליך.

לאָפּען, וואָהין די אויגען טראָגען.

— קום אין שטוב! האָט הירשקע אונטערגעהאַלטען די בקשה מיט אַ ריהרענ־דען טאָן, נאָכגעהענדיג נאָך גוטמאַננען.

געהט אַלליין! וואָס דאַרפט איהר מיך! האָט ער געענטפערט און געגאַנגען וויטער.

— די מאַמע איז אין כעס! האָט מנשקע אַרויסגערעדט דורך טרעהרען.

— די מאַמע וויל שלאָגען! האָט איהן הירשקע אונטערגעהאַלטען מיט געוויין.

גוטמאַנן מאַכט נאָך עטליכע טריט, שטעלט זיך אָב און קוקט אויף די ק־ידער מיט אַ פינסטער־געקנויטשטען שטערן.

— קום, זעה! האָט הירשקע נאָך ריהרענדער געבעטטען.

ער האָט אַלץ געקוקט אויף די קינדער, וואָס זענען געשטאַנגען נעבען איהם מיט געבעט־פּנימלעך, ריהרענד קוקענדיג אויף איהן. אַ וואַרמע ליעבע און מיטלייד האָבען זיך ערוואַכט און אופגעהויבען ביי איהם אין האַרצען. עס האָט זיך איהם עפּעס פערוואָלט אָנהעבען גלאָטטען, קוססען און האַלזען זיי. אויף זיין פּנים בעוויזט זיך אַ שמייכעל.

— קומט! האָט ער אַרויסגערעדט פראָהליכער. ער נעמט זיי אָן ביי די האָנד און פיהרט זיי צום הויז. די קינדער האָבען זיך אָנגעשפּאַרט אָן איהם, ער האָט זיי צו געדריקט צו זיך, און זיין האַרץ האָט איהם אָנגעהויבען שטאַרקער צו קלאַפּען.

— קומט, מען וועט אייך ניט שלאָגען! האָט ער פראָהליך און פעסט אַרויסגערעדט און ער פיהלט, אַז עס ווערט איהם וואַרמער אין אַללע גליעדער.

ער ווערט פראָהליכער. דער אומעט פערלעגט זיך ערגיטץ אין אַ זייט, אין אַ בע־האַלטעןווינקעל אין האַרץ, און בייסט און שטעכט נאָך אונטער אַ ביסעל. נור גוטמאַנן ווילל עס ניט פיהלען.

פון דער אויבערסטער גאַסס דער־האַרט זיך אַ מאַרש, איין אויפרוף צום טאַנץ.

אין דער ניעדריגער נעבען די שוואַרצע, קליינע הייזלעך האָט מען איהן אונטער־געהאַפּט מיט צעהנדליגער שטיממען.

— נו, קינדער, זינגט דען מאַרש! — הייסט גוטמאַנן — מיר וועלען אַריין מיט געזאַנג און פראָהליך מאַכען די מאַמען!..

זיי העבען אָן. זיין קול ציטטערט נאָך, און ער לאָזט אַרויס אַ פאַלשען טאָן. ביי די קינדער קלינגט עס דאָך מיט פראָהליכקייט, מיט מונטערקייט, מיט שטאַרקייט.....

און זיין קול ווערט אויך אַללע מאָהל פולער און קלינגענדער.

— טראַם, טראַם! טראַם, טראַם, טראַם.....

און זיי זענען אַריין אין שטוב. —

ד. פּינסקי.

# דער לבנה'ס ערצאָהלונגען.

## I

יענע נאַכט — אזוי האָט די לבנה פערצאָהלט — בין איך געשווימען דורך דער קלאָרער לופט אין אינדיען און האָב מיך געשפּיעגעלט אינ'ם הייליגען טייך גאַנגעס: מיינע שטראַהלען האַבען געוואָלט דורכדרינגען דאָס געפלאָכט פון דיא אַלטע הויכע בוימער איבער'ן טייך. דערווייל איז פון טיעפען וואַלד אַרויס אַ מאָדעל, לייכט ווי אַ גאַזעלל, שאָן ווי חוה; עס האָט געשטעקט אין דער אינדישער טאָכטער עפּיס אַ לופטיג וועזען און עס האָט געלעבט אין איהר יעדעם גליעד. דורך איהר פיינער הויט האָב איך אַרויסגעזעהן אַללע איהרע געדאַנקען; די דאָרניגע ליאַנען האָבען איהר צוריססען די סאַנדאַלען — און זי איז דאָך ווייטער און שנעללער געגאַנגען; די ווילדע טהיערע, וואָס געהען צוריק פון טייך, וואו זיי האָבען געלאָשען

דען דורשט זענען אָב געשפּרונגען, דער-שראָקקען פאַר דער ברענענדיגער לאָמפּ, וואָס זי טראָגט אין דער האַנד. איך האָב געזעהען דאָס פרישע בלוט אין איהרע פיינע פינגער, מיט וועלכע זי האָט פער-שטעלט די פלאַם. זי איז צו געגאַנגען צו'ם טייך און אַרויפגעשטעלט דאָס לאָמ-פּעל אויפ'ן וואַססער. דאָס לאָמפּעל איז אַוועקגעשווימען; די פלאַם האָט אויפ-געפלאַקקערט, גלייך אָט אָט ווערט זי פערלאָשען. דאָך ברענט זי ווייטער, און דעם מאָרכענס שוואַרצע פינקעלדיגע אויגען אונטער די זיידענע ברעמען האָבען זי נאָך געיאָגט מיט אַ בליק, אין וועלכען עס האָט געשטעקט די גאַנצע נשמה. דאָס מאָרכען האָט געוויסט, אַז אויב די לאָמפּ וועט ברענען, ביז זי וועט פערשווינדען פון די אויגען, לעבט נאָך איהר געליעבטער, ווערט זי פערלאָשען, איז ער טויט! און די לאָמפּ ברענט און פלאַקקערט, און איהר האַרץ פלאַמט און צאַפּפּעלט. זי פאַלט אויף די קניע און בעט. נעבען איהר ליעגט אין גראָז אַ פייכטע, קאַלטע שלאַנג; דאָס מאָרכען בעמערקט זי נישט, עס טראַכט נור פון בראַמאַ, אינדיענס גאָטט, און איהר געליעבטען.

— ער לעבט! שרייט זי אויס מיט אַ שמחה, און דער ווידער-קול פון די בערג אַנטפערט איהר: ער לעבט!

---

II

— עס איז געוועזען נאַכטען פאַר-טאָג, פערצאָהלט די לבנה — קיין איינ-ציגער קוימען האָט נאָך נישט גערויכט אין דער גאַנצער שטאָדט, און איך האָב גראָד אויף זיי געקוקט. פון איין קוימען איז פּלוצלינג אַרויס אַ קליינער קאָפּ, דערנאָך אַ האַלבער קאָרפּער. די האַנד האָבען זיך געהאַלטען אויפ'ן ראַנד פון קוימען.

— הורראַה! שרייט די פיגור. עס איז געוועזען אַ יונגער קוימענקעהרער, וואָס איז דאָס ערשטע מאָהל אין זיין לעבען דורך דורך אַ קוימען. „הורראַה!"... יאָ, דאָ איז גאָר אַנדערש אַלס אין דעם ענגען קוימען; די לופט איז אַזוי פריש, און ער זעהט די גאַנצע שטאָדט ביז צום גרינעם וואַלד. די זון איז ערשט אויפגעשטאַנען; קיילעכדיג און גרויס קוקט זי איהם, דאַכט זיך, גלייך אין פּנים אַריין. און זיין געזיכט האָט געשטראַהלט מיט גליק, חאָטש עס איז געווען איינגעשמירט געוועזען אין רוס (סאַדזע).

— נו, מאַכט ער מיט פרייד, איצט קאָן מיך זעהען די גאַנצע שטאָדט, און די לבנה, און די זון! הורראַה!... און דערביי האָט ער אויפגעהויבען דען בעזען!

ה' צ' אַנדערסען. (פון דאַניש)

---

## וויטצען. און ב) אַפֿאָריזמען.

### שאלה ותשובה.

— ווער האָט עס געזאָגט, אַז דער מענש איז די פֿיינסטע בעשאָפֿפֿעניש אויף דער וועלט?

— אַ מענש!

### חדר וויטצען

— וואָס פֿאַר איין עססען האָסט דו אַם ליעבסטען?

— היערז מיט האָניג.

— ?

— אַז איך עסס עס ביי נאַכט, טהוט מיר דען צווייטען טאָג וויי דער בויך, געה איך נישט אין חדר.

* * *

דער רבי: (פֿראָגט די תלמידים נאָך אַ סעודה) נו, גוט געווע'ן?

די תלמידים: וואהל!

דער רבי: האָט נישט איינער געהאַט צו פֿיעל און דער צווייטער צו וועניג?

די תלמידים: ניין! אַללע האָבען געהאַט צו וועניג.

### סוחרים.

1: און פֿון וואַננען ביזט דו אַזוי רייך געוואָרען?

2: ע'מען קאָנן רייך ווערען אויף פֿערשיעדענע אופֿנים.

1: איין ערליכער אופֿן איז נור דאָ איינער.

2: און דער איז?

1: איך האָב באַלד געוויסט, אַז דו וייסט נישט פֿונ'ם.

### אויף די תנאים.

— איהר זעהט (מאַכט דער עדכן), ווי רייך דער מחותן איז... בעטראַכט נור דאָס זילבער אויפ'ן טיש!

— אפשר איז עס געבאָרגט? פֿראָגט דער אַנדערער מחותן.

— געהט! ווער וועט איהם געטרויען?

* * *

דער מאַנן: אַ שאָן ביססעל קאָסטען עס מיך דיינע קליידער!

דאָס ווייב: דו רופֿסט מיך דאָך טהייער ווייב!

### אַ גוטער דאָקטאָר.

— וואָס זיפֿצט איהר אַזוי?

— מיין ווייב, לא עליכם, איז נישט בקו הבריאה!

— ווער געהט אַריין?

— דער דאָקטאָר סקאָמאָרסקי.

— אַ גוטער דאָקטאָר! ער האָט מיין ווייב, עליה־השלום, אויך קוריערט!

שלמה גראָסגליק.

---

1) עס איז שווער צו וויססען, וואָס עס איז לייכטער: אַ חלב'ן ליכטעל צו שנייצען, אָדער אַ פֿאַנאַטיקער צו בעלעהרען; אַללע צוויי מינוט מוס מען אָנהייבען די אַרבייט אויפֿ'ס ניי, און ווערט מען אומגעדולדיג — פֿערלאָשט מען דאָס קליינע ליכטעל אין גאַנצען.

2) די אָפֿפֿענטליכע מיינונג (דעת הקהל) איז אַ ים און מען מיינט, אַז עס איז אַ טאָפּף מיט יאָך. משוגענע קאָכער שטעהען איבער איהר — איינער וואַרפֿט אַריין זאַלץ, דער צווייטער — צוקקער, דער דריטטער שוימט די בלאָזליך מיט אַ האָלצערנעם לאָפֿעל, אַ פֿירטער בלאָזט, אַז די באַקקען ווערען איהם געשוואָללען, דער פֿינפֿטער וויל דען גאַנצען טאָפּף אויסטרינקען, דער זעקסטער — אַרויסגיעסען איהן פֿאַר די הינד!

רבותים! מען לאַכט אויס אייך אין די פֿויסטען!

3) אַסך פּאָליטיקער מיינען, אַז אויב מען וויל דען רויך פּטור ווערען, דאַרף מען נור דען קוימען צו פֿערמויערען און דערפֿון טאַקי קומען אַללע שרפֿות.

4) דאָס מזל איז אַ סופֿלער. ער לעזט גאַנץ שטילל און רוהיג די ראָלע, אָהן ווילדע תנועות, אָהן התלהבות, אָהן געפֿיהל; איהם איז אַללעס איינס — אַ קאָמעדיע אָדער אַ טראַגעדיע. דאָס צאַפּלען, וואַרפֿען זיך, דאָס ווילדע שרייען און אַללע משוגענע תנועות, דאָס גיט שוין צו דער מענש — דער אַקטער.

5) אָרטאָדאָקסען זעהען מיט די אויערען, לעבען אין דער לופֿט, נישט אין דער ליכט, דעראיבער פֿערלאַנגען זיי עס זאָלל זיין שטילל און טונקעל.

לודוויג בערנע.

---

### „אַה!".

„אַה!" איז איין אויסגעשריי, וואָס איז ביי אַללע פֿאָלקער גלייך. טרעט אָן אַ פֿראַנצויז, אַ דייטש, אַ חינעזער, איין אַראַבער — ווענען עס איז אויף אַ היהנער־אויג, וועללען אַללע אויס שרייען, „אַה!". אפֿילו אַ יוד, וואָס איז געוואָהנט צו'ם טרעטען, שרייט אויך אויס: „אַה!". נאָך מעהר — דאָס שרייט מען אויף איין אופֿן אין פּולין, ליטאָ, בעססאַראַביען און וואָהלין.

X. Y. Z.

# אייראָפּאַ מיט'ן פּייל און בּויגען

(אַ פּאָליטישער פעליעטאָן).

אַ בּיסעלע פּאָליטיק, אָבער טאַקי גאָר אַ בּיסעל -- אַלץ בּעססער ווי גאָר נישט, איהר זייט דאָך ערשט נישט לאַנג געוועזען פּסחדיגע מלכים!

און גלאַט, ווי איז עס אַ יוד אָהן פּאָליטיק? אַ יוד אינטערעסירט זיך קיין מאָל נישט מיט דעם, וואָס איהן דאַרף אינטערעסירען — ער קריכט שטענדיג אין ווייטע עולמות, וואו ער קען זיך ניט איבּערדרעהען, וואו ער העבּט גאָר נישט אָן צו פערשטעהן, און וואו מען דאַרף איהן אין גאַנצען נישט האָבּען. די יודישע אונטערנאָווועדיגע פּאָליטיק האָט שוין אַ וועלט-בּעריהמטען נאָמען — זי דיענט אַלס אַ משל, עס געהען אַרום פון מויל צו מויל אַ סך אַנעקדאָטען, מעשות'לעך, וועגען איהר. איין אַנעקדאָט וועל איך אייך יעצט טאַקי דערצאָהלען. ער איז אפילו ניט קיין יום-טוב'דיגער, נור איהר עסט דאָך חרוסת אויך; אַזאַ טעם וועט ער זיכער האָבּען!

צוויי יודען זיטצען און רעדען וועגען פּאָליטיק. בּיי בּיידען האָבּען זיך שוין די היטעל פּערדרעהט, בּיידע שוויטצען איבּער'ן טערק און בּולגאַר, קריגען זיך פאַר'ן פראַנצויז און דייטש, שפּאַרען זיך וועגען ענגלענדער: ווער ס'וועט וועמען בּעססער געבּען אין אַ מלחמה! דעם איינעמ'ס ווייבּ איז געשטאַנען דערבּיי און געוויגט איהר קינד; דערהערענדיג, ווי איהר מאַנן רעדט פון שלאָגען זיך, האָט זי זיך צושריען:

— געוואַלד, שמערל, מיש זיך נישט! דאָס איז ניט דיין זאַך! — איהרע שווינדזיכטיגע בּאַקקען ווערען געדוויטעלט, און איהר קול ציטטערט: — מיש זיך נישט, וואָרום מיין שוועער האַרץ וועל איך אויסגיסען צו דיין קאָפּ!.. מיש זיך נישט, גזלן! — טרעהרען שטעהן שוין בּיי איהר אין די אויגען — אַ מענש אָליל וועללען זיך אַלליין אומגליקליך מאַכען!.. דו האָסט דיינע אייגענע קאָפּ־ דרעהעניש, מיש זיך נישט!..

„מיש זיך נישט”! גערעכט איז זי טאַקי, נור ווי קאָננען מיר זיך נישט אַריינמישען, אז עס איז יעצט אַ גאַנצער גערודער אין דער פּאָליטישער וועלט וועגען אָוועקלייגען די כּלי-זיין, צו צולאָזען דעם גראָסטען טהייל סאָלדאַטען, ווייל מען ווילל שוין אויפהערען מלחמות צופיהרען?.. יעצט אין פריהלינג, ווען מען פיהלט זיך אַזוי צופריעדען, ווענן מען קוקט אויף דער גאַנצער וועלט אַזוי בּנעימות'דיג, פריינדליך, ווילט זיך אַוודאי אַ רעד טהון וועגען פּטור ווערען די כּלי-זיין, וועגען שלום ושלוה!

דער ערשטער, וואָס האָט אַרויס געבּראַכט פון מויל די ווערטער: „אויס טהון די כלי-זיין”, איז קריסטיאַן דער נייענטע, דער קעניג פון דענעמאַרק. רעדענדיג מיט דעם איספּאַנישען געזאַנדטען, האָט ער אַרויסגעזאָגט די מיינונג, אַז אייראָפּאַ איז שוין ניט ווייט דערפון, זי זאָלל אָוועקלייגען די וואַפּען!

די ווערטער אַלליין האָבּען שוין אַ גרויסען רושם געמאַכט אין דער וועלט; דערצו האָט נאָך אין יענער צייט רוסלאַנד מיט דייטשלאַנד בּעשלאָססען דעם האַנדעלס-טראַקטאַט אויף גאַנצע צעהן יאָהר; עסטערייך טהוט דאָסזעלבע און אויך מיט רוסלאַנד. איטאַליען ווילל דאָס טהון. ווידער, פראַנץ יאָזעף, דער קיסר פון עסטערייך, האָט בּעזוכט פראַנקרייך און בּעעהרט דעם פּרעזידענט קאַרנאָ מיט דער גרעסטער עסטערייך-אונגאַרישער מעדאַל, וואָס נור געקרוינטע פּערזאָנען בּעקוממען זי. קורץ — שונאים געבּען זיך די האַנד, און די וואָס ווילען עווינען שלום אָהן קאַזאַרמען, האָבּען שוין געמיינט, אַז זיי זענען דעם מיליטאַריזם פּטור געוואָרען און זיי קאָננען שוין

דוהיג עססען אונ שלאָפֿען.

עס בלייבט דאָך נאָך די קשיה: ווי וועט עס געשעהן? די אייראָפּעאישע רעגיערונגען זענען נאָך ניט אַזוי סענטי-מענטאַל ווי די באַראָנעססאַ זוטנער; זיי זאָגען, אַז עס איז גרינג צו רעדען אין שווער צו טהון. אויב זיי האָבען ביז אַהער אַלץ אין איינעם פֿערגראָססערט זייער מיליטער, חאָטש עס איז זיי אנגעקומען מיט גרויסע שוועריגקייטען, כּמעט קריעת ים סוף, האָבען זיי דאָך געהאַט דערויף אַסבּה. צולאָזען דאָס מיליטער וואָלט מען געקאָנט, ווענן די סבּה זאָל אויפהאָרען צו עקזיסטירען. ווי מיר ווייסען אָבער, איז די סבּה נאָך פֿערהאַנען: אין 1870 יאָהר האָט דייטשלאַנד בעלעדיגט פֿראַנקרייך. פֿראַנקרייך וועט, נאַטירליך, דעראיבּער מיט דייטשלאַנד קיינמאָהל קיין שלום נישט מאַכען, ביז וואַנען זי וועט נישט ווערען בעפֿריעדיגט. בעפֿריעדיגען קאָנן מען זי נור מיט דעם, וואָס מען האָט אָבגענומען ביי איהר! דעראויף איז נאָך ווייט צו ווארטען. ווילהעלם, ווילהעלם'ס אייניקל, חאָטש ער האָט אַהויסען קאָפּף, וועט דאָך ניט וועללען אָבגעבען, וואָס דער זיידע האָט פֿערחאַפּט. אונ גלאַט זאָגט דייטשלאַנד, אַז עלזאַס-לאָטהאַרינגען געהאָרט איהר על פּי דין — אַז גאָט אַלליין, פֿאַר וועלכען ביסמאַרק אפילו האָט מורא געהאַט, וועט אויך אַנדערש ניט פּסק'ענען! דעראיבּער — כּל זמן פֿראַנקרייך אונ דייטש-לאַנד וועלען ניט דורכקוממען ווי-עס-איז צווישען זיך, איז נישט מעגליך קיין שלום, מלחמה האָנגט שטענדיג פֿאַר די אויגען, אונ אייראָפּאַ ציהט נאָך אָן דען פֿאַל-לענבויגען. קאַפּריווי, דער קאַנצלער פֿון דייטשלאַנד, האָט שוין טאַקי מודיע גע-ווען, אַז אַוועקלייגען די וואָפֿפֿען קאָנן דייטשלאַנד ניט. ער גאַראַנטירט אפילו, אַז גערמאַניע וועט קיין מלחמה ניט אָנ-הייבען; זי וויל זיך נור היטען פֿאַר שונאים - נור פֿון שלום איז עס שוין ווייט!

אין ענגלאַנד האָט מען זיך אויך אָנגעחאַפּט אָן דעם קאָניג קריסטיאַנס וואָרטער. מען וויל שוין דאָרט פֿאָרלעגען דער רעגיערונג, זי זאָלל נעמען אויף זיך די איניציאַטיווע צונויפֿצורופֿען אַקאָנפֿע-רענץ פֿון אַללע רעגיערונגען וועגען דעם ענין. פֿאַר ענגלאַנד, אַלס אַהאַנדעלס לאַנד, איז זעהר נוטצליך, אַז עס זאָללען אויפ-האָרען מלחמות; דאָך איז פֿאַר איהר נור נוטצליך, אַז אַנדערע זאָללען אויסטהון די כּלי-זין, אונ זי אַלליין זאָלל קאָננען דערווייל פֿערחאַפּען מיט דער שווערט נאָך אונ נאָך לאָנדער אין אַזיען, אַפֿריקאַ אונ אויסטראַליען. זי ווילל אויך ווערען אַפּעסטערע בעל-הבּית'טע אין מצרים (עגיפּ-טען), אַפֿגאַניסטאַן אונ אַנדערע לאָנדער, זי האָט נאָך ניט אַללע בעקליידט מיט איהר בוימוואָל פֿון מאַנטשעסטער אונ נישט אַללע צוטהיילט איהרע מעססערלעך פֿון בירמינגהאַם.

נור ווענן אפילו אַללע רעגיערונגען זאָללען זיך צווישען זיך אויסגלייכען, וועלען זיי אַלץ נאָך ניט אויעקלייגען דאָס גע-וועהר! עס בלייבט נאָך איבער די סאָ-ציאַליסטישע פּאַרטיי, וואָס ווערט פֿון טאָג צו טאָג שטאַרקער אונ העבט אָן, ניט אויף אַגלייכוואָרטעל, אַללע צו שראָק-קען. קאַפּריווי, ניט אָנרופֿענדיג דען נאָמען פֿון דער פּאַרטיי, האָט שוין געזאָגט, אַז אין אָנהייב פֿון פֿאָלגענדען יאָהר-הונדערט, וועט מען זיך דאַרפֿען נעמען צו איהר... אונ נעמען, הייסט נישט מיט לעדיגע האָנד! —

מיט איין וואָרט עס איז נאָך ווייט דערפֿון, אַז מען זאלל מאַכען פֿון די קאַזאַרמען טאַנץ-קלאַססען. עס וועט נאָך אָבקאָסטען ממון מיט דמים, אונ פֿאַר מאָרגען קאָנן מען אַלס נאָך דעראיבּער ניט זיכער זיין. —

אַי די וואָרטער פֿון דעם קאָניג קריסטיאַן? עס קאָנן זיין, אַז זיי זענען אין גאַנצען אַלוסטיג גלייכוואָרטעל פֿונ'ם

קאָררעספּאָנדענט. אין איראָפּא איז געווע'ן פּסח, אונ דער יום-טוב-דיגער קאָררעס-פּאָנדענט האָט אונס געוואָלט אויך מאַכען יום-טוב'דיג: וואָלל מען האָטש צו רגע האָפּפען, אַז אָט גיך אונ באַלד וועט אויפהאָרען אומשולדיג בלוט פערגאָססען צו ווערען, עס וועלען וועניגער ווערען יְתוֹמִים אונ אַלְמָנוֹת, אונ די מענשהייט, בעפּרייט פון מיליטאַריזם, וועט זיך בעססער אונ געשווינדער געהן איהר וועגס!

ביי דער האָפנונג דאַרפען מיר דאָך בלייבען. מיר מוזען האָפּפען, אַז פריהער צו שפּאָטער וועט מען די כּלי-זין אָבלייגען אין די מוזעאום'ס — אונזערע אייניקלעך וועלען האָבען אויף וואָס צו קוקען... אונ די פּאַללענבויגען וועללען נור בלייבען ביי אונזערע קינדער אין די האַנד. —

איך טראַכט מעהר נישט, וואָס וועלען טהון די בַּטְלָנִים, אַז עס וועט אויפהאָרען קריעג אונ פּאָליטיק?

באַראָנעססאַ זוטנער האָט אויפ-געשריבען א ראָמאַן „די וואַפּפען ניעדער!" (אראָב דאָס כּלי-זיין!) אונ איך קלער צו שרייבען א ראָמאַן „ניעדער מיט דען בטלנים!"

נור „חַטָּאִים כְּתִיב"; איך מיין דאָס בטלנות! —

נִישְׁט קֵיין בַּטְלָן.

# אויף שבועות.

## אַ יום־טוב בלאָטעל.

### די שוהל־קאַלינע.

פינסטער איז אין אונזער גושן,
פינסטער ווי אין אָרון־קודש...
דורך די הויכע שינדעל־דאַכער —
איינער געה'ר צו'ם פרנס־חדש

און דער צווייטער צום בעל־טאַקסע,
דעם בעל טובה'ס שטייט נאָך האָכער.
פון פראָצענטער און מסירות
וואַקסען ריעזיג הויכע דאַכער.

אויך פון קמיעות און פדיונות...
ליכטליך ציהען קליינע קינדער,
און עס וואַקסט ביים זייפענזיעדער
אויך אַ דאַכיל גאָר אַ ווינדער!

און אין מיטען איינגעאָרביט,
(טויזענד־יאָהריג איז דער גאַרב!)
אַנגעשפּאַרט ווי אויף אַ קריקע
אויף אַ קרוממען גריענען שקאַרב,

שבעהט ווי אין אַ שרעק פערגליווערט
ד'אַלטע דורכגענעצטע קלויז —
און פון שקאַרפּ, וואָס האַלט זי אונטער,
וואַקסט אַ קאַלינע אַרויס...

צווישען ריעזיג הויכע דאַכער
וואַקסט זי פינסטער און בעהאַלטען;
ציהט פון אַלטען שקאַרפ חיוני,
אַלטע שטיינער מוס זי שפּאַלטען!

און עס קראַנקט דאָס שוואַכע ביימעל,
שטאַנדיג אויסגעדאַרט און בלייך...
מיטטאָג... תמוז! און עס בעטעלט
קוים אַ שטראַהל אויס פון דער הייך!

קוים אַ שוואַכע שטראַהל, אַ מאַטטע,
אַח, עס פריהרט אזוי דאָס בלוט,
ווען די גרויסע, רייכע דאַכער
גלאַנצען ווי מיט גאָלד בעשיטט!

זיי אַ גייער אויף אַ טייבעל —
פלוצלינג שיעסט אַראָב די נאַכט
אויפ'ן אָרים ענגען גושן —
און די קאַלינע פערשמאַכט!

הייבט זיך מיט די לעצטע כחות
צו דעם הימעל אויף און בעט:
נאָך אַ שטראַהל, נאָך איין סעקונדע
וואַרעם ליכט -- פּוּ., שוין צו שפּאַט!

און די קלויז ווערט פולל מיט מתים
און זיי „דאַווינען" און „ליינען"...
פולל תכריכים, פולל סקעלעטען —
און זיי שאָקלען זיך און וויינען...

אַלטע בכיות, אַלטע תפלות,
ס'אַלטע ברעכען זיך די האַנד...
און דער פוילער מתים אָטהעם
שלאָגט אַ דורך די נאַססע וואַנד...

און צושפּרייט זיך אינם גוש'ן,
און עס שרעקט אַרום און גרוילט;
און פאַר שרעק און מתים־אָטהעם
דאַרט די קאַלינע און פוילט.

און עס וויינען אַללע פייגעל
די סוחאָטניצע אָהן ליגען,
קיינער וויל זיך דאָ נישט נאָסטען,
קיינער זעצט זיך דאָ נישט זינגען!

פליהט אַ דורך אַ מאָל אַ פויגעל,
זעהט זי פוילען דאָרט אין עק,
רייסט זיך פלוצלינג אָב זיין ליעדעל
און ער פליהט פערשטומט אַוועק!

נאַח, עס פליהט דער פרייער פויגעל,
צו דעם פרייען, פרישען לעבען,
וואו געזונדע ביימער וואַקסען,
און די גרויסע פייגעל שוועבען...

וואו דאָס ליעדעל פליעסט פון האַרצען
און עס הייבט זיך האָכער, האָכער...
און עס פערעלט זיך די משקה
אין געגילדטען לעבענס בעכער...

און דער טאָג האָט זונן און הימעל,
און די ליעבע הערשט ביי־נאַכט...
און די קאַלינע פון קלייזעל —
עלענד בלייבט זי און פערשמאַכט!

י. ל. פּרץ.

# סְפֵקוֹת.

אַ פאַקקענטראָגער האָט אויסגעלעגט זיין קראָם אין בית־המדרש אויפ'ן טיש. די שערים האָבען מיט דיא גרויסע אותיות געשריגען: „יסוד ושורש העבודה", „אַהבת ציון" „דער קאָרטען שפּיעלער", „ראשית חכמה", „גראָטץ'ס געשיכטע", „פון לערנערן איבערזאָצט, די אייגענע געשיכטע אויף לשון קודש אין פינקעלס איבערזעצונג, שמר'ס עטליכע בויכיגע ראָמאַנען און נאָך און נאָך — אַיין אוצר מיט ספרים.

איך בין שוין דעמאָלט אַ משכיל געווען און בין אַהיים געקוממען, נאָך די קאָסט ביי'ם שווער, צו מיינע עלטערן מיט אַ גאַנצען קאַסטען „ספרים" און „ביכער", דאָך בין איך געשטאַננען ביי'ם טיש און געמאַכט זיך לעזענדיג מאַנכע שערים; איך האָב געוואָלט בעמערקען, וואָס דער עולם קויפט.

אין מיט'ן גיט מיך עמיץ אַ ציה ביי דער פּאָלע. איך דרעה מיך איבער — עס שטעהט פאַר מיר ר' שבתי, מיין אַלטער רבי.

ר' שבתי'ן האָב איך ליעב געהאַט נישט וויל — נור חאָטש ער איז מיין „רבי" געוועזען. אַנדערע, בין איך מודה ומתודה, קאָנן איך עד היום נישט מוחל זיין די בלאָהע צייכען אויפ'ן לייב און די אויסגעריססענע האָהר פון קאָפּף. איינער האָט מיר אַ האַנד אויסגעלענקט, און דעם וועלל איך עס אויפ'ן טויטען בעט נישט פערגעסען: נור ר' שבתי האָט האָטש אומזיסט נישט געשלאָגען! נאָך אַ מעלה האָט ער געהאַט, וואָס ער האָט קיין פשטליך נישט געזאָגט, נישט געהייסען טרעפּען וואָס אַ... מהרש"א האָט אין זינן, נור דער עיקר געוואָלט „מחזק זיין" — שטאַרקען די אמונה; און די אמונה האָט ער געפּלאַנצט אין אונזערע יונגע הערצליך מיט שאָנע פרומע מעשיות, וואָס האָבען שטאָנדיג געהאַט אַ גוטען סוף פאַר'ן צדיק, שפּעטסטענס אויף יענער וועלט, בשעת דער רשע האָט קיינמאָל קיין האָניג נישט געלעקט. און די מעשיות פלעגט ער דערצאָלען מיט אַזא נעימות, מיט אַזא טרויריגזיסען נגון, אַז מיר האָבען געזעהען בחוש, ווי זיין נשמה גיעסט זיך אַרויס מיט'ן נגון פון מויל און מיט די ליכטיגע שטראַהלען פון טרערענפייכטע אויגען, און זי בעט זיך און חלשט: גלייבט קינדערליך, גלייבט!

„וואָס בעט ער זיך אַזוי — פלעגען מיר זיך אַללע וואונדערן — עס איז דען מאָגליך אַנדערש! ווי הייסט?

און דאָך האָט דער ר' שבתי וועניג.

---

# צו'ם עולָם הַתֹהוּ.

(פֶעלְיֶעטָאן)

פון דער פּראָווינץ פליהט אַ קופּקעלע נשמות אין הימעל אַריין. — עס זעננען פרישע נשמה'לעך, ערשט נאָכטען, אסרו־חג־שבועות, געשטאָרבענע. צום הימעל איז ווייט און אויבוואָהל זיי האָבען פליגעל ווי מלאכים, און עס הענגט זיי שוין נישט נאָך דער שווערער אומגעלומפערטער גוף, קעננען זי מיט איין מאָל זייגע טהויערן נישט דערגרייכען. עס קומט דערפון, וואָס די געוואָהנהייט איז די צווייטע נאַטור, און — אונזערע נשמות האָבען אין זיך אַסך פון יענער וועלט, וואו מנוחה האָט געהייסען: „גליק", וואו געהען מיט אַ מאָל און ווייט האָט מען נישט געקאָנט און נישט געטאָרט; וואו מען פלעגט צו זאָגען, אַז „פון איילעניש קומט קיין גוטס ניט ארויס", „פון נישט געהען און נישט פאָהרען האָט מען נישט קיין חרטה" און — „טישיעיעדיעש — דאַלשע באָדיעש"... דאָרטען זעגען געוועזען אָדלערס, אויף וועלכע מען פלעגט זאָגען, אַז זיי שיעסען גלייך ארויף מיט אַ מאָל צו דער זונן, נור ערשטענס איז עס נור מענשען, נישט קיין אָדלער געוועזען און צווייטענס איז די גאַנצע מעשה נישט אֶמת, אַיין אָדלער פליהט אויך נישט צו דער זונן. נור נישט אין דעם געהט עס. —

ביים ערשטען בעסטען וואָלקען האָבען זיי זיך אָבגעשטעלט.

— האָט נישט עמיץ אַ ביסל בראָנפּען? פער־

פרנסה געהאַט, אַנדערע „גמראַ־מלמדים" האָבען מעהר און בעססער געלערנט; אַזוי האָבען די בעלי בתים געזאָגט. —

---

עס שטעהט פֿאַר מיר צונד דער זעלבער ר' שבתי; ער איז נור עלטער, בלאַססער, טרויריגער, דאָס היטעל „אָבגעהומלטער", די קאַפּאָטע צוריססענער.

— ווילסט קויפֿען אַ ספר? פֿראַגט ער מיך בעטענדיג שטילל. איך פֿערשטעה, אַז מען דאַרף ענטפֿערן: יאָ! און טהו אַזוי.

— גוט, גוט — מאַכט ער צופֿריעדען — איך קאָנן דיר אַ וואוהל ספר פֿערקויפֿען!

איך דערמאָנן מיך ערשט, אַז ר' שבתי פֿלעגט שטאָנדיג אויפֿקויפֿען ספרים און האַלטען זיי ווי אַיין אויג אין קאָפּ. די רביצין פֿלעגט מאַכען קולות, אַז דאָס גאַנצע מזל „געהט אַריין אין די שמות", אַז אין בית המדרש איז דאָ גענוג ספרים, נור ער האָט נישט געהערט און ווייטער געקויפֿט, האָטש עס האָט אַ מאָל אויף שבת פֿערפֿעהלט.

— ווייסט — מאַכט ער ווייטער — איך קאָנן דיר געבען אַ „לקוטי ר' האי" מיט'ן קאָנינצערס פירוש. — נור אפשר האסט דו עס שוין?

איך פֿערזיכער איהן אַז נײן, און ער וויל אַהיים לויפֿען ברענגען דאָס ספר, פֿאַר וועלכען ער וויל 30 קאָפּ'. נור איך פֿערהאַלט איהן, און צאָהל איהם אויס דאָס געלד.

— איך וועל ביי אייך זיין, רבי, — זאָג איך איהם — וועלל איך עס אַליין אָבנעמען.

— ווערסט זיין, זיכער? פֿראַגט ער דערפֿרייט.

---

איך האָב געפֿראַגט איינעם פֿון מיינע געוועזענע חברים, ווי עס געהט ר' שבתי'ן.

— ווי אַ רשע אויף יענער וועלט, האָט ער מיר געענטפֿערט. ער האָט דאָס ערגסטע מעמד אין שטאָדט, ווייל ער לערנט וועניג גמרא, פֿערברענגט גאַנצע טאָג מיט מעשיות און, ווי ער קריגט אַ גולדען, קויפֿט ער נייע ספרים. — ער געהט נעביך אויס פֿאַר הונגער. —

— צו וואָס דאַרף ער אַזוי פֿיעל ספרים? פֿראָג איך.

— אַ תאוה, ענטפֿערט מיין חבר, איין אַנדערער, צו אַלטע מטבעות, ער — להבדיל — צו ספרים.

— און פֿערקויפֿט זיי קיינמאָל נישט?

— „יהרוג ואל יעבור!" פֿאַר אַ מיליאָן רובל נישט!

---

געסט איין נשמה, וואו זי האַלט אין דער וועלט.

— אוף! רופֿט אויס די צווייטע, חאָטש דאָס חלק, וואָס ווערט מיעד טראָגט מען דאָרט אונטען אויף אַ מטה אין קבר אַריין.

— זיי די זונן ברענט און בלענט! קלאָגט זיך אַ דריטטע אויס לויטער געוואוהנהייט, פֿערגעססענדיג, אַז זי ליגט שוין נישט אין דער פֿינסטערע תפיסה פֿון „עפר ואפר", אַז זי קוקט שוין נישט אַרויס דורך צוויי קאַרגע אויגען־שפּאַרעס מיט ברעמען פֿערשטעלט, אַז די זונן מיט איהר פֿייערדיג ליכט קאָנן איהר שוין צונד נישט שאַטטען.

איינע וויל האָרען עפּיס נייעס, איין אַנדערע וואָלט גערן געוואוסט ווי טהייער עס קאָנן זיין דאָרט ווייץ אָדער צו עס איז טאַקי פֿערהאַנדען אַ מחלוקת צווישען מיקקעל און קאַפּריווי.

— אינטערעססאַנט צו וויססען — זאָגט עמיץ — צו מילאַן וועט טאַקי „וואהנען" מיט נאַטאַליען, אָדער עס איז נור אַזוי — לפנים!

אין דער אייגענער רגע איז דורך געפֿלויגען אַ ליכטיגער מלאך. פֿון דער בעוועגונג פֿון זיינע זילבערנע פֿליגעל רוישט אין דער לופֿט אַ זיסע שטיללע מוזיק. פֿון דען אָבגלאַנץ פֿון זיינע אויגען קריגען די לייכטע אַלאַבאַסטער־נעפּעל גאָלדענע־שאַפּירענע ראָדער, בעגריסט פֿון די שטערן, שמייכעלט ער זיי צו, און פֿון דעם שמייכעל לעגען זיך נייע פאַססען ליכט אויפֿ'ן הימעל.

נור ער דערהערט פֿון וואָס די נייע נשמות רעדען, און טרויריג ווערד זיין הייליג פנים!... פֿון די ליכטיגע אויגען איז אַראָבגעפֿאַללען אַ טרער פֿון רחמנות. זי וועט אַראָב פֿאַללען אויף אַ

פֿערשטעה איך שוין, ווי גרויס עס מוס זיין די נויט, אַז רב שבתי האָט מיך אַליין אָנגעהאַפּט ביי דער פּאָלע. —

---

דען אייגענען פֿאַרנאַכט בין איך „אַריינגעפֿאַללען" צו מיין געוועזענעם רבין. אין שטוב איז תהו ובהו — קיין זכר פֿון כלים און אַמאָליג בעטגעוואַנד, כמעט ליידיגע בעטטען און אַ צושניטצטער טיש צו'ם קנעללען. ר'. שבתי'ן האָב איך געטראָפֿען זיטצען ביי'ם טיש מיט'ן קאָפּף אויף די האַנד, און פֿייגלען — די רביצין, מיט איין אָפּפֿען מויל ביי'ם קוימען-אויבען, אין דער לופֿט האָט געשמעקט מיט אַ מחלוקת'ל צווישען מאַנן און ווייב, וואָס פֿלעגט זיך אין מיינע צייטען אויך נישט זעלטען טרעפֿפֿען.

— ברוך הבא! שפּרינגט אויף די רביצין מיט אַ געמאַכטע שמחה —

ער בעגריסט מיך אויך אויפֿ'ן אייגענעם אופֿן, נור שטיללער און ווי פֿערשעמט.

איך זעץ מיך אַנידער קעגען איבער ר' שבתי'ן, אויף דער אייגענער באַנק, אויף וועלכער איך בין אַ מאָל געזעססען. ר' שבתי שווייגט נור די רביצין קאָן זיך נישט איינהאַלטען.

—פֿאַר דיר נישט „אויפֿזיך"— ברעכט זי אַרויס מיט איהר פֿייפֿענדיג, אָבגעבראָכען קול פֿון לעדיגען מויל... אַדרבא — מאַכט זי ווייטער— זיי דו דער שופט...

— פֿייגעל! בעט זיך ר' שבתי —

— לאָ'מיך חאָטש אָברעדען פֿון האַרץ. האָר! זאָג אַדרבא, ווער עס איז גערעכט!

אַ גאַנץ לעבען אַרבייט אַמענש (זי שטרעקט אויס אַ ביינינגען פֿינגער צו'ם מאַנן) ווי אַיין אייזעל, עסט נישט, טרינקט נישט, טהוט קיין אָרנטליכען שדוך מיט קיין קינד נישט, און לעגט דאָס גאַנצע מזל אין ספרים אַריין... ס'איז טאַקי הייליגע ספרים, נור עססען דאַרף מען דאָך, עססען! קאַרג ספרים האָט ער אין בית המדרש? קאַרג שוין אין דער היים?

זי הייבט אָן שווער אָבצואָטמען. ר' שבתי שווייגט.

— און ווילסט דווקא ספרים, זיי אַ מענש! מען וויל זאָלסט לערנען מעהר גמרא, לערן מעהר גמרא... אַזוי גרויס מכות זאָללען מיינע שונאים האָבען, ווי זים די מעשיות זעננען... קראָפּליך וואָלט איך אַוועק געשטעלט, נור אַז זיי ווילען נישט — די פּויערן — —

זי אָטהעמט נאָך שווערער אָב.

— ווילסט דו ווייטער נישט נאָכגעבען — פֿיהרט זי ווייטער איהר מוסר —

---

לעבענדיגע נשמה און זי וועט אין איהר בלוט פֿערגעהען...

דער מלאך שטעלט זיך נישט אָב, ער מאַכט אַוועק מיט אַ פֿליגעל, ווי איינער רעדט: „פֿערפֿאַללען... מיט וואָס דער טאָפּף האָט זיך אָנגעקאָכט!..." און פֿליהט ווייטער זיין וועגס.

* * *

די פֿערשאָמטע נשמות לאָזען אַראָב די קאָפּליך:

— פֿון וואָס דען רעדט מען? קלערען זיי טרויריג, און בעמערקען נישט, אַז זיי פֿליהען שוין לאַנג נישט אויף די אייגענע פֿליגעל... און דער וואָלקען, וואָס ווערט נאָכ'ן מלאך'ס אַוועקפֿליהען, אַללע מאָל טונקעלער, טראָגט זיי ערגיץ אַוועק אין אַ זייט.

פֿון וואָס רעדט מען דאָ? אויף יענער וועלט איז געוועזען אַזוי פֿיעל צו רעדען! עס זעננען אַזוי פֿיעל שאלות געוועזען, אַז דער מענש אַליין האָט זיך נישט געטרויט אויף אַללע צו ענטפֿערן. ער האָט זיך נור איבער געלאָזט די שאלת פּרנסה, דען מאָגען צו פֿערזאָרגען און די רעשט האָט ער געפֿראָגט ביי וועמען עס איז, ביי אַלטע ספרים, אַלטע קברים, ביי רביים, מאָטערס, כישוף-מאַכערס, גורל-וואַרפֿערס... איסער ברויט, קרויט, טהייל מאָל אַ שטיקל פֿלייש, האָט ער אַלס געזעהען מיט פֿרעמדע אויגען, געהערט מיט פֿרעמדע אויערען און דאָך איז דאָס מויל קיין רגע נישט געשטאַנען, עס האָט שטענדיג געמאָהלען; דער מוח איז שטענדיג פֿולל געוועזען. און דאָ... דאָ אויפֿ'ן וואָלקען פֿיהלען זיי זיך אַזוי לעער, אַזוי פּוסט...

איז נישט, פֿערקויפֿט מען אַ מאָל אַ ספר! ניין דאָס אויך נישט!

אויף ר' שבתי'ס פּנים זענען אויסגעגאָסען יסורים און זי דרייט זיך צו מיר איבער:

„איך בעט מיך ביי'ן איהם ווי ביי'ן אַ גזלן: — האָסט אַ פֿוללע שאַנק מיט ספרים, לאָז זיך דיר דאַכטען, אַז דו האָסט איין ספר ווייניגער, פֿערקויף אַ ספר! גיב מיר, וועל איך איינקויפֿען אַ ביסל הייוועץ צו'ם מסחר, וועט זיין אַ וואָך פּרנסה".

איהר קול ווערט ווייניגער.

— איך האָב שוין אַללעס פֿון שטוב אַרויס און פֿון מיר אַראָב פֿערקויפֿט..., איך האָב נישט אין וואָס זיך שבת צו ווייזען אין שוהל אַריין, ליכט בענש איך אין קאַרטאָפֿלעס, וואָס נאָך ווילסט דו, גזלן?

און דער „גזלן" פֿערשטעלט זיך דאָס פּנים און זיפֿצט.

— רביצין — זאָג איך צו'ן איהר — ר' שבתי האָט דאָך היינט אַ ספר פֿערקויפֿט?

— מזל טוב! — צו לאַכט זי זיך מיט ביטטערקייט — איינס פֿערקויפֿט און דאָס צווייטע געקויפֿט! ער האָט אַ היים געבּרענגט איין ניי ספר!

— איך קאָנן עס שוין צוריק פֿערקויפֿען, פֿאַלט ר' שבתי אַריין אין די רייד, איך האָב עס שוין דורכגעבלאַטטערט! דער — מסילת ישרים.

וויפֿיל קאָסט ער, רבי? פֿראָג איך.

— ער איז צוזאַממען מיט'ן ספר הישר לרבינו תם — —

— אָה, מאַך איך מיך שוין ווייסענדיג, און שטופּ אַריין דער רביצין אַ רובל.

פֿייל פֿון בויגען איז די אַלטע אַרויס פֿון שטוב.

---

ר' שבתי הייבט שווערליך אויף דען קאָפּף.

— דו האַלסט מיך אַוודאי — מאַכט ער — פֿאַר אַ משוגענעם?

— חלילה! לייגען איך שטיין און ביין, חאָטש איך בין מודה ומתודה, אַז איך האָב איהן שטאַרק חושד געווען.

— און דאָך — גיט ער צו מסופק — און דאָך... נור — דו האָסט אין מיר אַ טעות. און נישט נור אין מיר... אין אַסך פֿון מיינס־גלייכען...

ער הייבט זיך אויף און הייבט אָן אַרומגעהען איבער דער שטוב.

— מען מיינט — פֿיהרט ער ווייטער זיינע רייד — אַז אַזוינע ווי איך דאַרפֿען קיין ספרים נישט, זייער אמונה איז שטאַרק, אַזוי שטאַרק — מ'ויערן צו שטעללען!

---

פֿון דער ווייטענס פֿליהט „יענע" קויל, אויף וועלכער זיי האָבען געלעבט, איינגעהילט אין אַ שוואַרצען וואָלקען. אונטער דעם וואָלקען זענען געבליבען זייערע געדאַנקען, זייערע שאלות, זייערע ענינים צום רעדען. און זיי איז געבליבען אַ שוואַכער אָבגלאַנץ פֿון ברויט מיט קרויט, נור דאָס איז דעם מלאך נישט געפֿעללען.

— מען וואָלט געדאַרפֿט רעדען פֿון גוטע זאַכען — מיינט אַ נשמה.

— פֿון פֿרוממע — פֿערבעססערט אַ צווייטע.

— חאָטש אַ וואָרט תּורה — ראָטה אַ דריטטע.

נור די צונג לעגט זיך נישט. דאָ אין דער הויך אויפֿ'ן וואָלקען האָט גאָר אַללעס איין אַנדער פּנים. עמיץ דערמאַנט זיך פֿון עפּיס „גוטס" און פֿאַר די אויגען שטעלט זיך אַ שאָנער גן־עדן אָפּפעל, געדרייטעלט ווי אַ פֿערשאָמטע בתולה, נור פֿון מיטטען קוקט אַרויס אַ גרינער וואָרם. דער אָפּפעל האָט נור די שאָל, איננערווענדיג ליגט דער וואָרם אויף אַ שוואַרץ באָרגעל מיסט. דאָס שלעכטע זעהט טהייל מאָל אויס אַסך אַנדערש ווי אויף יענער וועלט. דערמאַנט, בעוויזט זיך עס אין דער לופֿט ווי אַ שטיקל צופּיענקעטע בלאָטע, נור פֿון ריטצען בליצען שטראַהלען אַרויס; איננערוועניג מוס זיין אַ ליכט, אַ ברילִיאַנט!

פֿון פֿרומקייט האָט מען אויך מורא צו רעדען. ווער ווייסט, וועלכער נוסח עס איז נוהג אין הימעל: נוסח ספרד, נוסח אשכנז, אָדער אפשר זענען גרעכט די דייטשע גאָליבראָדעם? צו שאָקעלט מען זיך דאָ ווי אַ לולב, מען שטעהט אויסגעצויגען ווי אַ סטרונע, אָדער מען זיצט איינ־

— און, איך זאָג דיר — שטעלט ער זיך אָב, און נעמט מיך אָן בײ׳ם קנאָפּף, פון ראָק — אַז אַללע מענשען האָבען ספקות. אַללע! איך אַוודאי!...

ער לאָזט מיך אָב און געהט ווייטער איבער דער שטוב.

— און ספקות איז אַ ביטטערע זאַך — קלינגט וואונדערליך זײן צובראָכען קול — דאָס איז אַ וואָרם נישט צום פערגעסען! עס עסט, גריזיעט, נאָגט... עס ציהט די כחות אַרויס... עס צודרייט דען מוח ווי איין ענגבויר.

איך קריג אויפ׳ן וואונדערליך רחמנות.

— און אין וואָס זענט איהר מסופק, רבי? פראָג איך איהן.

— אין וואָס? אין גאָר גרויסע זאַכען.

ער שטעלט זיך ווייטער אָב, נעמט מיך אָן בײ׳ם לאַץ און קוקט אויף מיר מיט זײנע גראָהע פערוואָלקענטע אויגען פון אונטער די גרייז־גראָהע, לאַנגע ברעמען:

— נו, אַדרבא, זאָג מיר דו, אפשר ווייסט דו... ער האַקט דאָך אָב.

— וואָס? פראָג איך איהן מיטליידיג.

— לאָז זײן דאָס: ווי איז מעגליך: אי עולם הבא, אי תחית המתים? אַז אַללע וועללען לעבענדיג ווערען און „בלע המות לנצח" — עס וועט קיינער נישט שטאַרבען — ווער וועט זײן אין גן עדן? און — ווייטער פערקעהרט — —

נור דערויף איז צוריק אָנגעקוממען פייגעל.

— האָסט געדאַווינט מנחה? גיט זי ראַפּטום אַ פראָג ר׳ שבתי׳ן.

— באַלד, באַלד! ענטפערט ער איהר.

זי וואַרט ביז ער הייבט נישט אָן צו דאַווינען און געהט שטילל אַרויס.

*ל. נ. פרלנג.*

# גְרִינְס אַלְם שַׁדְכָן.

(ערצעהלונג)

הירשעלע, אַ יונגער מאַנן פון אַ יאָהר 20, איז ביי ר׳ לייבוש פעסיעס אין הויז אַ היימעשער. מען האָט איהן דאָרטען ליעב ווי אַיין אייגען קינד און פעסיעס טאָכטער — אַ פריילײן פון אַ יאָהר 19 — האָט׳ן ליעב ווי „אַיין אייגענען ברודער". זי זאָגט עס איהם גאַנץ אָפט און אָפּפענהערציג, און דאָך איז הערשעלע שוין אַ יאָהר צייט שטענדיג טרויעריג און פערשמערצט. ער זעהט אויס קראַנקליך און בלאַסס.

און אַז זי פראָגט איהן פאַר וואָס ער

---

געבויגען איבער אַ מגן־דוד, וואָס מען מוס אויספלאָכטען פון חכמה מיט אמונה צוזאַממען?

עס רעדט זיך אפילו קיין תורה נישט. די „בני־תורה" צווישען די נשמות, זענען געוואָנהט צו פינסטערע שלש־סעודות תורה, פערטייבט מיט לאַנג־געצויגענע, מאָנאָטאָנע נגונים... צווישען „אנשי שלומנו", און נאָך אַ קאַפּף בראָנפען... און זאָג דאָ אַ גימטריא, אַז עס קאָנן דורכפליהען אַ ליטווישער מלמד און אויסווייזען, אַז עס לעגט זיך גאָר אַנדערש אויס!

— אַה! דערמאַנט זיך פּלוצלינג אַ נשמה. עס איז דאָך נאָך שבועות — האָט איהר אייך עפּיס געפּרייט מיט קבלת־התורה?

............

— עטליכע נשמות רוקען זיך אָב אין אַ זייט — דאָס זענגען דאָרטען קאַזיאָנגע רבנים געווען! זיי האָבען זיך געמאַכט אַ בעזונדער ראָדעל און גערעדט, וואָס מען וועט זאָגען אויף יענער וועלט וועגען טאַקסע פון נפטרים ונולדים. די גראָססערע קראַנץ נשמות האָט זיך טאַקי אָנגעהאַפּט אין שבועות, אין דער שאלה: ווער און ווי אזוי עס האָט זיך געפּרייט מיט קבלת־התורה.

— „אָביאַזאַטעלנאָ" — שפּרינגט אַרויס אַ ליטווישער בעל־טאַקסע — געפּרייט זיך, ווי דען! איך וואָלט אַ שאָן לייט געוועזען אָהנעם תורה׳לע! עס וואָלט אפילו קיין „סוויעטשנע־סבאָר" נישט געוועזען. „נאַקאַנוניע" — אסרו־חג האָב איך „ווי־ציעסט" דעם תורה׳לע אַ „וועטשער" געמאַכט, אַ קאַק־זיע, מיין דאָריטשקע האָט געשפּיעלט, זינקאַ סריעלאַלאַפוראָר — די וועלט אָבגענוממען! כאָיסעי אַנדרע־

זעהט אויס אַזוי שלעכט, פאַר וואָס איז ער שטאַנדיג אַזוי פערטראַכט און דער־ווייטערט זיך פון מענשען, פאַר וואָס ער רעדט נישט מיט איהר אַזוי פראָהליך ווי אַמאָל, ווי ערשט מיט אַ יאָהר צוריק?

אָנפערט ער איהר אַז דאָס טאַקי איז דערפאַר, ווייל זי, פייגעלע, האָט איהן ליעב ווי אַ ברודער.

— האַ, האַ, האַ! — צולאַכט זיך פייגעלע — וואָס דען ווילסט דו — איך זאָלל דיר פיינד האָבען?

— ניין! איך ווילל דו זאָלסט מיר ליעב האָבען, נור נישט ווי אַ ברודער!

— ווי אַזוי דען? צו לאַכט זיך פייגעלע נאָך שטאַרקער.

— ווי אַ חתן — אָנפערט ער ערנסט און פינסטער — ווייל איך האָב דיך ליעב ווי אַ כלה!

איינמאָל האָט ער איהר דער־צאָהלט, אַז זיינע עלטערען האָבען איהם געהייסען רעדען שידוכים, און מען רעדט איהם! נור ער ווילל נישט הערען און וויססען! נור, ווען זי, פייגעלע, זאָלל איהם זאָגען, אַז זי האָט איהן ליעב נישט ווי קיין ברודער, וואָלט ער געבעטען אַ שדכן, ער זאָלל אָנשלאָגען אַ שדוך מיט איהר.

פייגעלע האָט זיך ווייטער צולאַכט. זי האָט איהם געזאָגט, אַז ער איז „אַ נאַרע־לע", און הירשעל איז אַוועק געגאַנגען פון איהר מיט איין אַראָבגעלאָזטען קאָפּף און איין אומגליקליך צוּבראָכען האַרץ. און, הגם ער האָט נישט אויפגעהערט צו זיין אַ היימישער אין הויז, רעדט ער שוין מעהר נישט דערפון, און ווערט אַלס טרויעריגער און שווייגענדיגער.

זי האָט איהם דאָך נישט געקאָנט אַנדערש אָנפערן. איהר האָט מען שוין אויך גערעדט שידוכים און מיט אַ סך בעסערע חתנים. און ווי די שדכנים זאָגען, איז איינער גאָר וואהלל! „ער איז שאָן און געלערנט ווי די וועלט! ער רעדט און שרייבט אויף עטליכע שפראַך: אפילו דייטש און פראַנצעזיש! אין יודישע זאַכען איז ער אַוודאי געלערענט! ער האָט שוין אפילו אַמאָהל געשריבען אין אַ גאַזעטע; זיין נאָמען איז געדרוקט אין אַ בלאַט! אַז ווען מען וועט זיך, אי"ה, אויסגלייכען וועגען נדן, וועט מען זיך צוזאַממען פאָהרען אויף דער סטאַנציע קאַזאַטין, וואו אַללע באַהנען קוממען זיך צוזאַממען. מען זאָגט, אַז דער קאַזאַטינער וואַגזאַלל איז זעלטען שאָהן! בעלייכט איז ער מיט עלעקטריש פייער, און — אויב עס איז מן השמים, און חתן כלה וועללען זיך געפאַללען, וועט דער חתן מיט די מחותנים קוממען אַהער און מען וועט מאַכען תנאים".

---

יעוויטש איז פון דער „שקוראַ" געשפרונגען. ער וואָלט זיך אָביאַסניאַיעט, נור ביי'ם אוושין האָב איך אַיינגעשלונגען אַ ביין, און אָט — בין איך דאָ!

— און איך — רופט זיך אָן אַ מלוה — האָב מיך נוהג געוועזען ווי אבות־אַבותינו. שאַווער, תקון מיט פוטטער־געבאַקן — מעהר דאַרף מען נישט! גאָטט ווילל נישט מעהר! מיט'ן תורה'לע האָב איך מיך אַוודאי געפרייט. „לנכרי תשיך", מיט היתר עסקא אונטערגעשלאָגען, איז אַ יודישע פרנסה, ווי דען! נור מיין ביילא־גיטעל האָט פאַר גרויס שמחה, וואָס איך האָב איהר אַ סאַמעטענען מאַנטעל אין מיין אייגענעם לאָמבאַרד געקויפט, אָנגעבאַקקען אַזוי פיעל, אַזוי פיעל... און „איידער גאָטטס גאָב זאָלל קאַליע ווערען — —"

— האָט איהם דער בויך געפלאַצט, מזל־טוב!

פאַלט איהם אַ רביל אַריין אין די רייד. און עס איז איין אמת רבי'ל געוועזען. מען האָט עס נאָך געפיהלט פון מקוה וואַססער. געפרייט מיט קבלת־התורה — פערציילט ער — האָב איך מיך! אַ ביסל ספירט אויף פאָמעראַנצען־שאָלען האָט די רביצין אָנגעגאָססען, בעלי־בתים האָבען אויך געשיקט — איינער אַ פלאַש ווייַן, אַנדערע לעקקעך. איינער האָט אַריין געשיקט אַ חתיכה'לע טאָרט... וואָס זאָלל איך אייך זאָגען? טעם גן־עדן! איך האָב מיך טאַקי געפרייט! וואָרען באמת — וואָס וואָלט איך אָהנ'עם תורה'לע געטהון? איך האָב געהאַט אַזאַ גולם'וואַטע גוף, וואָס האָט צו עפּיס אַנדערש נישט געטויגט. איין פוס אַ לאָנגערער, אַ הייטעל אויף איין אויג און, רחמנא־לצלן, גיט פאַר אייך געדאַכט, געבראָכען. אין דער התחלה האָב איך

זי שטעלט זיך פֿאָר, ווי אַזוי דאָס שטאָדטעל וועט קאָכען, אַז איהר חתן וועט אָנקוממען מיט אַ פּאַראַד! אַללע וועללען לויפֿען, איינער דעם אַנדערען וועט איבעריאָגען, יעדערער וויל פֿריהער זעהען פֿייגעלעס חתן, און יעדער וועט סמאָטשקען מיט די ליפּען פֿון גרויס פֿערוואונדערונג: „נאָ, אַ חתן — אַ חתן! האָט עס אונזער פֿייגעלע בעקוממען, אַ חתן! פּראָסט אַ גליק!"

נאָכהער, אויף יום־טוב, וועט מען די כּלה נעמען אויף די „צווייטע טאָג" אַהין, צום חתן, אין שטאָדטעל אַריין! היינט וואָס וועט זיך דאָרט טהון, אַז זי וועט קוממען!

מיט איין וואָרט איהר פֿאַנטאַזיע האָט נישט אויפֿגעהערט צו שפּיעלען! זי וועט אַ כּלה ווערען; מען וועט פֿאָהרען אַהין, מען וועט פֿאָהרען אַהער, דער חתן וועט בעגלייטען! נייע מענשען, אַ נייע וועלט, מען וועט זי בעגעגנען... אֶפשר מיט מוזיק! און זי וועט זיין אַ פֿאָלקאָממענע, גליקליכע כּלה! היינט — אַז זי וועט חתונה האָבען! אַז זי וועט זיין אַ שנור אין אַ נייע שטאָדט! וואָס וועט זיך רענסטמאָהל טהון!

און דאָ קומט פּלוצים הירשעל! אַ געלאָכטער חלעבען! וואָס איז הירשעלע? אֶמת, זיינע עלטערן זענען אויך בעלי־בתּים, איהרע עלטערען וואָלט אָנשטעהן דער שידוך; דאָס איז אויך אֶמת, אַז הירשעל איז אַ וואוהלער יונגער מאַנן. אָבער וואָס איז הירשעל? ווער קען נישט הירשעלען אין גאַנצען שטאָדטעל? „פֿאַר וועמען איז פֿייגעלע אַ כּלה געוואָרען"! — „פֿאַר הירשלען!" חאַ חאַ חאַ! קיין קאַטאָווים נישט! מען דאַרף אַפּילו נישט געהן פֿייגעלעס חתן אָנקוקען, וואָרען — ווער קען איהן נישט? דאַכט זיך, אַז אַפּילו אַ קינד אין וויעג! נאָ — און נאָך־דעם וואָס וועט זיין? נאָך די תּנאים, מיין איך? גאָר נישט! און נאָך דער חתונה? ווייטער גאָר ניט! דער איינענער הירשעלע, דאָס אייגענע שטאָדטעל, די אייגענע טאַטע־מאַמע, אַלץ דאָס אייגענע. ווי מיידעל וויז! קיין שום פֿעראַנדערונג! היינט — צו וואָס טויג מיר אַזאַ כּלה־ווערען? נאָך וואָס חתונה האָבען? איז נישט אַ געלאָכטער, אַ פּראָסט נאַררעלע איז, אָט, דער הירשעל, אַז ער וויל איך זאָלל זיין כּלה ווערען!

*

* *

עס איז אַוועק אַ זוממער, אַ ווינטער, עס איז ווייטער זוממער; פּסח איז אַריבער און אָט איז ערב שבועות! — מאָנגער קויפֿען

---

אַפּילו דערפֿון אויך קיין פּרנסה נישט געהאַט. 16 יאָהר בין איך געזעססען אויפֿ'ן כּסא־הרבנות, און האָב גאָר נישט געוואוסט וואָס „כּשר" איז, וואָס פֿאַר אַ שמאַלץ־גראָבען, וואָס פֿאַר אַ ברכה פֿון גאָטט דאָס איז! דערנאָך בין איך דערגאַנגען דעם סוד פֿון „כּשר"! דער ערשטער איז געפֿאַללען דערויף, להבדיל בין החיים והמתים, גת פּיאַסעטשנער און איך בין באַלד נאָכגעגאַנגען... אַלץ איז פּרנסה! יין־קדוש צאָהלט, פּסח'דיקער וויין איז גאָר אַ מטמון! קצבים צאָהלען, ווי דען! און אַז אַ חברה סטודענטען ווילען זיך מתּיר זיין שמטה — אַ פֿינף־און־צוואַנציגער! ווי דען! צונד מוז דאָרט דער חליצה־שוך זיין אַ געשעפֿט, מען האָט אָנגעהויבען צו רעדען דערפֿון!

— געשטאָרבען בין איך — גיט צו דאָס רביל — איך ווייס אַליין נישט אויף וואָס, עפּיס פּלוצלינג... אַז מען האָט מיך „אַראָב געגוממען", האָט מען געזאָגט, אַז דאָס האַרץ האָט מיר געפּלאַצט, בשעת איך האָב געהערט, אַז רבנים ווילען מתּיר זיין חליצה... זאָלל זיין אַזוי! נור — ליגענט איז; זיי וועללען נישט מתּיר זיין!

— און איך — פֿאַלט אַריין אַ מלמד — האָב מיך אויך געפֿרייט, איך האָב דאָך יאָ פּרנסה פֿון תּורה'לע...

— שטילל, מלמד, בטלן! האַקט איבער אַיין אַנדערע נשמה. איך בין עס טאַקי, רבי, דער, וואָס האָט אַייך דען פֿינף־און־צוואַנציגער דערלאַנגט. איהר קענט מיך, אַוודאי, אַללע?

דאָס קרענציל נשמות ציהט מיט די פּלייצעס אויף'ס ניי.

תקונים׳ליך, ווייבער באַקקען פוטטער געבאַק׳ס און יונגע־לייט זוכען גרינס לכבוד יום־טוב אויסצופוטצען די „סטעליעס" מיט די פענסטער.

הירשעל איז אויך פערנומען מיט גרינס. זיין היים איז שוין פערזאָרגט, נור ער דאַרף נאָך ר׳ לייביש פעסיעס הויז פערפוטצען. עס זענגען דאָרט קיין יונגע לייט נישט דאָ, און ער איז דאָך אַ היימישער! און פייגעלע — ווייסט ער — האָט זעהר ליעב גרינס און נאָך מעהר — פרישע שמעקענדיגע בלומען.

היינט האָט ער כמעט פערגעססען „וויא אַזוי פייגעלע האָט איהם ליעב"; ער האָט קיין צייט נישט געהאַט וועגען דעם צו טראַכטען. ער האָט נור געדענקט, אַז עס געהט אַ יום־טוב, און ער וועט מעהר צייט האָבען צו רעדען מיט איהר, צו קוקען אויף איהר!

באַלד פריה מאָרגען איז ער אַריין צו ר׳ לייביש פעסיעס אין שטוב מיט אַ פולל קיישעל גרינס און בלומען.

דערזעהענדיג הירשלען, מיט׳ן קיישעל גרינס און בלומען איז פייגעלע אַנגענעהם איבעררַאשט געוואָרען און האָט איהן בעגריסט מיט אַ זעהר ליעבליכען שמייכעל, אַז איהם איז ליכטיג געוואָרען אין די אויגען.

— אַח! בלומען, האָט פייגעלע געפאַטשט מיט איהרע ווייסע האָנדליך, און איהרע אויגען זענגען פון פרייד גראָססער און שטראַהלענדיגער געוואָרען, אַח, וואָס פאַר אַ וואוילער ביסט דו, הירשעלע!

און הירשעלע האָט זיך מיט אַ בעזונדערן פלייס און לוסט גענומען צו בעפוטצען מיט גרינס דאָס צימער. ער האָט געאַרבייט בעגייסטערט ווי איין אָמתער קינסטלער, די אויגען האָבען איהם מאָרנע שאָן געבלישטשעט, אויף די בלאַססע באַקען האָבען זיך בעוויזען צוויי רויטליכע רויזען, און פלאַכטענדיג דען „מגן דוד", האָט ער זיך צוגעזונגען אַ זיס פראָהליך נגון׳דיל.

פייגעלע האָט די גאַנצע צייט קיין אויג נישט אַראָב געלאָזט פון דער אַרבייט און פון דעם קינסטלער זעלבסט.

אַז ער האָט געענדיגט האָבען זיי זיך ביידע אַנידער געשטעלט פון וויטענס בעטראַכטען דען שאָן געשמאַקפאָלל אויסגעציערטען רייזיגען מגן דוד, פון וועלכען פייגעלע איז אַזוי בעגייסטערט געוואָרען אַז זי האָט אומגעטראַכט, שווייגענדיג, אַרום גענוממען הירשעלען און צוגעדריקט צו זיך.

— מיין וואוילער, גוטער, שאָנער הירשעל! האָט זי מיט פרייד אויסגעשריגען—

---

— איך געדענק נישט — מאַכט דער רב — האָסט געמוזט דאָרטען אַנדערש אויסזעהען...

— אַ ביססעל פרוממער —אָנפערט די נשמה— מיר האָבען זיך אַזוי אָבגעשמיעסט...

— נו, שלום־עליכם — מאַכט דער רב, און בעמערקט ערשט, אַז ער האָט קיין האַנד נישט דערצו.

— עליכם־שלום — אָנפערט די נשמה — נור! אַ וואונדערליכע זאַך, דאָרט האָבען מיך דאָך אַללע געקאָנט!

איך הייס — אַח! (חאַפּט ער זיך צוריק) איך האָב גאָר פערגעססען, אַז איך האָב מיין נאָמען דעם עפר־ואֵפר, דעם גולם פאַר׳ן מלאך הומה איבערגעלאָזט... און האָב פערגעססען ווי איך הייס. נור „קאָבער־לאָפעל" האָט מען מיך גערופען, אַנדערע, פאַר קנאה, האָבען מיך „טעללער־לעקקער" גערופען, נור מען האָרט זיי ווי די קאַץ. נור אַ שבועות האָבען מיר געמאַכט גאָר אויפ׳ן גרויסען אופן, פערשטעהט איהר, מיר אַלליין זענגען קיין מאמינים נישט, אַ מאָל האָבען מיר אַללע געבלאָזען אויפ׳ן דגל־מחנה־יהודה קיין מזרח, אָלס קיין מזרה... וויטער און ווייטער, נור אַז דער האָט זיך איבערגעדרייט, האָבען מיר זיך אויך איבערגעדרייט און צוריק געבלאָזען, ווי דען! איך פלעג אָנגעמען אַ פוללען בויך מיט לופט און אַרבייטען ווי אַ מיעך! צווישען אונס זאָלל עס בלייבען, פונ׳ם בלאָזען איז אַ גרויסער עפוש געוועזען, נור נישט אין דעם געהט עס... פאַר׳ן המן־עם האָבען מיר אַ שבועות געמאַכט! דען המן־עם מוס מען האַלטען... אַ ניט... איהר פערשטייט שוין, אַז אַזוינע גראָבע יונגען...

הירשעלע האָט אַ ציטטער געטהון און דער ערשטער קוס האָט אויסגעשאָססען.

---

פֿון דעמעלט אָן האָט זי איהן ליעב געקריגען אַנדערש ווי אַ ברודער.

א. ספּעקטאָר.

## די עֲשֶׂרֶת הַדִּבְּרוֹת.

מיט אַ פירוש פֿון אַ קליין בעל־בית׳ל.

---

דער גרויסער גאָטט האָט גענעבען אויפֿ׳ן באַרג סיני קורץ געפּאַסטע צעהן געבאָטען און אונזער קליין־בעל־בית׳ל האָט צו זיי צוגעגעבען אַלאַנגען פירוש אין זיין קליין הערציל.

„אָנֹכִי!"... „לֹא יִהְיֶה לְךָ"... „לֹא תַעֲשֶׂה"...

זאָגט דער רבונו של עולם!

„איך איינער בין גאָטט און וויל מיין ממשלה מיט קיינעם נישט טהיילען! קיין אַנדערע געטטער, אויסער מיר, זאָלסט דו נישט האָבען; פֿון גאָלד און זילבער קיין אָבגאָטטער נישט אויסהאַקקען, נישט גיעססען" — —

און דאָס קליינע בעל הבית׳ל שרייבט איין ביי זיך אין הערצעלע:

„איין גאָטט אין הימטעל, נור אַסך צדיקים אויף דער ערד".

„צו גאָטט איז וויט און דער וועג פיהרט דורכען היילינען אָרט, און איך ציטטער פֿאַר די ווייסע מצבות"...

„צום רבי׳ן איז נאָהנט און די אֻמוֹת העולם מאַכען באַהנען, שאָססען און מען רעדט נאָך פֿון לופֿט־באַלאָנען..."

„גאָטט, ברוך הוא, ווי דער אֱמת איז, וויל זיין ממשלה מיט קיינעם נישט טהיילען, ער דאַרף און וויל ביי קיינעם קיין עצה נישט פֿרעגען, דאָס הייסט: ער איינער אַליין איז גוזר! נור קוים האָט ער גוזר געוועזען, זיינס אָבגעזאָגט, קאָנען קוממען אַליאַדרע צדיק׳ל, אפילו אַ ווייבעריש׳ס, און מבטל זיין, און מאַכען אַללעס כְּעַפְרָא דְאַרְעָא!"

„און דוקא ביללינ! אין גאַנצען פֿאַר ח"י גדולים!"

„אַמאָל איז געווען אַ ביסעל אָבגעשפּראָכענער בוימעל, אַ יהי־רצון׳דיל — צו מאַכען פֿון טויט לעבענדיג... און דאָס קאָסט נאָך ביללינער".

„אַ מאָל העלפֿט אפילו קעגען דער גזרה אַ טאָטערל אויך! און אַ פֿינף קאָפּ׳ איז אַ מטבע, אַ טרונק בראָנפֿען — אַוודאי!"

---

— געוואַלד! האָט ראַפּטום אַ געשריי געטהון איין נשמה פֿון צווייטען קראָנצעל — געוואַלד! מיר זעננען אונטער דער ערד!

פֿון וואַננען ווייסט דו? פֿראָגט מען פֿון אַללע זייטען דערשראָקקען.

— וואָס הייסט, איך קאָנן נישט קיין געאָגראַפֿיע, איך בין דאָך עפּיס אַרויס פֿון צווייטען קלאַסס?!

— אָט, אָט האָט איהר די ערד פֿון אויבען! האָט נאָך אַ רב אַ משכיל געוויזען מיט אַ שפּיץ נשמה־פֿליגעל!

און אַללע דערזעהן, ווי די ערד פֿליהט איבער זיי, און אונטער זיי נעמט זיך דער וואָלקען גאָר אין אַ זייט.

טהייל האָבען זיך אָבגעריססען פֿון וואָלקען און אַרויף געשאָססען הויך אין דער לופֿט, זיי וויללען די ערד דעריאָגען און איבער איהר צום הימטעל דערגרייכען. די רעשט לאַכען: זיי וויללען זיך אויף אייגענע פֿליגעל פֿערלאָזען! דו זיצסט אויף אַ וואָלקען, עס קאָסט דיך נישט קיין פֿוהר־געלד, קויפֿסט נישט קיין בילעט — פֿאָהר!

די נשמות, וואָס זעננען אַרויפֿגעפֿלויגען האָבען זיך אויך באַלד צוריק אַראָבגעלאָזט:

— אַ שרעק — פֿערצאָהלען זיי — ווי וויט יענע וועלט איז פֿון אונס אָב געפֿלויגען און גאָר אין אַ זייט... מיר וועללען זי שוין נישט דעריאָגען!

זיי דערצאָהלען נאָך, אַז נאָהנטער זעהט צונד די ערד גאָר אַנדערש אוים, זי איז עפּיס רויטליך און גאָלדען ליכטיג.

זיי זעצען זיך צוריק אין קראָנציל, רעדען פֿון

„עַס איז אַיין עבירה פֿון גאָלד און זילבּער אויסצוהאַקקען אָדער אויסצוגיעסען זיך עבודה־זרה׳לעך ... די מטבע טראָגט פּראָצענט און איז אויך אַ גרויסע עבודה־זרה!"

ווען גאָטט, דער רבונו של עולם, האָט געזאָגט:

„לא תשא ... לשוא!"

זעננען בּלאַסס געוואָרען די הימלען, עס האָבען געציטטערט די בּערג, עס האָבען טייבער און ימים געשוימט און געזאָטטען, די גאַנצע ערד האָט אַ פֿיעבער געחאַפּט, עטליכע שטערן זעננען פֿאַר שרעקק אַראָבגעפֿאַללען...

און דאָס קליינע בעל־הבית׳על שמייבעלט פֿאַר נחת און פֿערצייבענט זיך:

„לשוא? איין אַיינפֿאַלל! און אַוואָרט אומזיסט רעדען, וועלל איך יאָ? וואָס איז, אַ מחבר בין איך, וואָס רעדט צו שטיין און ביין? מיין צייט איז געלד, מיין וואָרט איז גאָלד! אומזיסט שווערען ביי גאָטטס נאָמען וועל איך נישט! איך וועל נור שווערען אין מאַרק, אין געוועלב... מיט גאָטטס נאָמען וועלל איך אויסנאַרען אַ צאָהנעריל אויף דער אַרשין, פֿערדרעען עמיצען די צאָהן, אויסגלייבען אַ קרומע וואָג, אונטערהאַלטען משופּע די מאָס...

אַלץ נישט אומזיסט!"

„אפשר וועלל איך נאָך אַ מאל מיט אַ שבועה׳לע זיך אַרוים צו נאַרען פֿון דער היים אויף אַיין אָקאַ׳לע... ווייטער נישט!"

„אומזיסט קיינמאָל נישט!"

„זכור את יום השבת"...

„איך וועלל געדענקען, אַודאי!..."

„יעדעס בעשאָפֿעניש דאַרף בעניצען די כחות; איינמאָל אין וואָך רוהען! רוהען דאַרפֿען ווייב און קינדער, דיענסטען און משרתים, אפילו דאָס פֿערד און די בהמה — וואָס דיענען ביי׳ן אַ יוד..."

„אָבער אַ קריסט מאָג פֿאָהרען אום שבת?"

„וועלל איך איהם מיין פֿערד פֿערדינגען!"

„שבת קאָנן זיך אויסשלאָפֿען דער משרת, דער אַרבייטער, די אַרבייטערין?"

„זאָללען זיי אַ גאַנצע וואָך קיין אויג נישט צוטהון, וועלל איך נור צאָהלען איינמאָל אין וואָך און נישט עובר זיין אויף „לא תלין".

„רוהען מאָגען ווייב און קינד... איך וועלל אויך נישט טהון די האַנד אין קאַלט וואַססער אַריין... געננג אַגאַנצע וואָך זיך אַרום געיאָגט מיט׳ן סאָנד *),

*) סוד.

יענער וועלט און בעמערקען נישט אַז עס ווערט אַללע מאָל פֿינצטערער, חושכדיקער, דער וואָלקען, די גאָלדענע ראָנדער פֿערלוירען, עס לעשט זיך אויס די זונן און עס ווייזט זיך קיין לבנה און קיין שטערן... וואָס אַ מאָל לעגען זיך דיקקערע שאַטטען אויפ׳ן וואָלקען, און, וואָס טונקעלער דער וואָלקען ווערט, העללער און ליכטיגער ווערט די קויל — די ערד, וואָס פֿליהט אַללע מאָל העכער און ווייטער ערגיץ אַוועק אין אַ זייט...

עס ווערט אַ ביסל אונרוהיג צווישען די נשמות.

— וואָס טהוט מען? וואו אַהין פֿליהען מיר?

— „בידך אפקיד רוחי!" לייענט קריאת־שמע דאָס רביל און הייבט אָן שנאָרכען.

— אוי! מאַכען אַללע פֿריילך פֿערוואונדערט, מען קאָנן דאָ אויך שלאָפֿען! מהיכי תיתא!

און אַללע צו לעגען זיך אויפ׳ן וואָלקען און שלאָפֿען איין.

די ערד ווערט אַלץ ליכטיגער און יאָגט זיך אַלץ העכער און ווייטער אין איהר וועג, און די שנאָרכענדיגע נשמות פֿליהען אַריין אויפ׳ן שוואַרצען וואָלקען אין עולם התהו. —

לצפר.

## געשלאָגען דען טאַטען.

(אַ מאָנאָלאָג אין קראַנקענהויז)

זיי, זיי רייצען מיך! זיי, זיי זידלען מיך!...

מיט קאָמאָרניקעס *), מיט גאָטט ווייסט וואָס!"

„שבת — איז אַ טאָג אויף „קאָפּף אַרבייט"; איך וועלל מיר אָב'סַדְרן די גאַנצע וואָך: ווי איין און ווי אויס, און וועלל שוין פֿערשפּאָרען אַ גאַנצע וואָך צו קלערען; עס וועט געהען אַ גאַנצע וואָך ווי אַ פּוטטער!"

„שבת קומט נאָך צו נוטץ, אַראָב צו נעמען ביי יענעם די שבת'ניקעס, ניר דאָס טהוט שוין דער קאָמאָרניק אַלליין; די פּראַשעניע וועלל איך איינגעבען אין מיטען דער וואָך!"

„כַּבֵּד אֶת אָבִיךָ וְאֶת אִמֶּךָ"...

„מיטן גראָסטען פֿערגניגען! דער אָרימסטער טאַטע קאָנן געווינען אויף דער לאָטעריע, געפֿינען אַ כשר'ע מציאָה און איבערלאָזען ירושה".

„נור אַ קראַנקער טאַטע מאָג ליגען אין שפּיטאָל און מיר נישט אַיינרעכּטען דעם סאַלאָן; די מאַמע מאָג וואַהנען בעזונדער און שטריקקען זאָקקען. לעדיג געהן איז גאָר קיין תכלית נישט! ביי זיך האַלטען איז גאָר קיין פּלאַן נישט, שנור און שוויגער־שפּיעל איז קיין געשאָפֿט, מיט'ן ווייב זיך גֶט'ען הייסט נישט גאָטט!"

*) סודעבני פּריסטאַוו.

„לֹא תִרְצָח!"

האָרט זיך גאָטטס קול צווישען דונערען און בליצען, און אונזער בעל־הבית'ל ווערט פֿערציטטערט.

„ווער — שרייט ער בעלײדיגט — איך? איך — נעמען אַ האַק אין דער האַנד אַריין און אָבהאַקקען עמיצען אַ קאָפּף? אָפּשר נאָך אַ פּיסטויל? איך וואָלט מיך דען אַליין נישט דערשאָססען פֿאַר שרעקק? מיין באָבע האָט דען געהאַט אַ פּיסטויל אין דער האַנד? וואָס איז, אַ ראָמער בין איך? אַ גרעקק? בלוט פֿערגיעסען וועלל איך? פּולווער וועלל איך קויפֿען? אַ נאַרר בין איך, משוגע!"

„וואָס דאַרף איך דאָס? וואָס דאַרף איך מיך שפּיעליען מיט אַ מעססער — מיין צינגעל איז וויינינג? מיט אַ פּראָשעניעלע, וואו אַהין מען דאַרף, בין איך נישט יוצא? וואָס? יענעמס בלוט וויל איך זעהען? זאָלל מען איהן בעגראָבען מיטן בלוט צוזאַממען; קיין איינציגער טראָפּפֿען זאָלל נישט פֿעהלען!"

„האָסט דאָס גאָר נישט געדאַרפֿט צו זאָגען, רבונו של עולם!!!"

„לֹא תִנְאָף..."

— „אָבער האַנדלען מיט דער סחורה

„געשלאָגען דען טאַטען!" פּראַים! דען טאַטען האָב איך געשלאָגען?! איך וועל שלאָגען דען טאַטען?!... חע!...

וואָס אמת איז אמת, משוגע בין איך. אַזוי זאָגט דער דאָקטאָר, אַזוי האָט געזאָגט אונזער שכן דער סטודענט און איך ווייס דאָס אַלליין.

איך בין קיין מענש נישט! איך בין, איך בין... איך האָב שטאָנדיג געוואָלט פֿראָגען ביי אונזער שכן, וואָס איך בין אַזוינס... נור אַ מענש בין איך געוויס נישט.

ער פֿלעגט מיר זאָגען, אַז אַ מענש דאַרף האָבען אייגענעם שכל, אייגענעם ווילען און דאַרף קאָנען אויספֿיהרען זיינס... איהר פֿערשטעהט איהן? איך — אסור. ווי איז דאָס, איך בעט אייך, אַיין אייגענער שכל און ווילען?

נור ווי די מעשה איז — קיין מענש בין איך נישט. אָבער שלאָגען דען טאַטען?!. איך?!. ווי הייסט?!...

וואָס אמת איז אמת — מיך האָט דער טאַטע גאַנץ אָפֿט געשלאָגען, אפילו צו אָפֿט... „טערריבוינץ" אין קאָפּף... „טירריבוינץ" אין האַרץ... איך האָב געשמייכעלט, שטאָנדיג געשמייכעלט, ביז עס פֿלעגט נישט אָנהויבען געהן בלוט. לאָזט זיך בלוט, ווער איך אָבהאָנדיג. כִּי הַדָּם הוּא הַנָּפֶשׁ — דאָס בלוט איז דאָך דאָס לעבען!... דאָס איז שוין איבריג, דאָס דאַרף מען שוין נישט... נור געשוויגען האָב איך, שטאָנדיג געשוויגען. קיין וואָרט נישט הויך, קיין פּיפּס... צו וואָס?...

---

און דער טאַטע האָט געשלאָגען סכנות'דיג...

קאָנן איך ? שיקקען קיין טירקיי, קיין אַרגענטינאַ און צוריק פיהרען וואָלוועל מלשינות און רכילות מאָג איך ? לא תנאף — זאָגסט דו ? מהיכי תיתא ! א י ך — נישט ! איך האָב קיין צייט נישט דערצו, איך בין קיין בעלן נישט דעראויף ; מיין ווייב און טאָכטער א ו י ך נישט — אַ ו ד אַ י נישט, איך וואָלט זיי די קאָפּ געשפּאָלטען ! נור י ע נ ע מ ם ו ו י י ב, י ע נ ע מ ס טאָכטער, רבונו של עולם ? זאָל זיך י ע ד ע ר ע ר הימען זיינם !"

„אמת, עס איז אַ שווערע פרנסה, מיט מסירת נפש, ס כ נ ו ת פ ש ו ת מיט אַ ביסל חלול השם, נור אויף דעם איז מען דאָך אין גלות...!"

„לא תִגְנוֹב..."

„אויך, רבונו של עולם, געזאָגט, כביכול, אומזיסט. א י ך וועלל גנבינען ! און דערנאָך ? דערנאָך וועט מען מיך איינזעטצען... און ווער וועט געבען מיין ווייב און קינדער עססען ?"

„זעהסט דו, רבונו של עולם, ווען אויף אַ מאָל אַ צעהן=טויזענטער... באַ ! מיין ווייב וואָלט געלעגט אויף איהר נאָמען אַ „זאַלאָג", און אין דער צייט, וואָס איך וואָלט נאָב'ן וויראָק *) געזעססען, וואָלט זי אַביסל געוואָכערט, ווי אַ יורענע... נור דאָס מיינסט דו דאָך נישט, פון צעהן=טויזענ=דער — פון אַ מילתא דלא שכיחא, רעדט מען נישט אויף אַ באַרג סיני !"

„לא תַעֲנֶה בְרֵעֲךָ עֵד שָׁקֶר !"

„אויסער — הם ושלום — ווים איך געגען אַ שונא !"

„אויסער נאָך פון דיין תורה וועגען, אַז דער גבאי וועט מיר קיין גוטע עליה נישט געבען... און אפשר — אויסער לשם מצוה — אַז איך וועלל וועללען איין אַנדערן רב... איין אַנדערן שוחט, אָדער מאַכען מיינס אַ קרוב פאַר אַ שוהל קלאַפּפּער. און נאָך — רבונו של עולם — אויסער די אַללע טויזענדער אופנים, ווען איז עס ג ל אַ ט אַ מ צ ו ה אַ י ו ד צ ו ב ע ג ר אָ ב ע ן !"

„לא תַחְמוֹד"

— „רבונו של עולם, איך זאָג דיר אָפּפען, איך וויל נישט — נישט יענעמס הויז, נישט יענעמס ווייב, נישט יענעמס פערד און וואָגען..."

„פערקעהרט ! איך, רבונו של עולם, פערגינן איהם ! איך פערגינן איהם אפילו זיין עשירות !—"

„איך וויל אַ בעססער און אַ גראָס=

*) פריגאָוואָר.

איינמאָהל איז געוועזען אַזאַ מעשה :

עס האָט זיך צו בראָכען איין אַלטע מאַשין. דער טאַטע האָט אָבגערעכענט דעם אַרבייטער פינף רובל פאַר פערריכטען זי.

דער אַרבייטער איז אָבגעוועזען ביים טאַטען צוואַנציג יאָהר ; ער האָט זיך נאָך מיט מיר גע=ניאַנטשעט, אַרומגעטראָגען. אַיין ערליכער מענש געוועזען, אַ שווייגענדיגער. מסתמא אויך קיין מענש נישט, הע...

דאָס רחמנות-פּנימ'ל פון אַרבייטער, זיינע שבועות דורך טרעהרען, אַז ער איז נישט שולדיג, האָבען מיך גערירהט. „טאַטינקע, האָט זיך מיר אַרויסגערעדט, טאַטינקע, אַיין עולה טהוסט דו... אַ רחמנות... ער איז נישט שולדיג... אַיין אַלטע מאַשין"... נו, נו, האָב איך געהאַט ! די אויגען זענען געוועזען אונטערגעשלאָגען, פון נאָז איז מיר געגאַנגען בלוט. איך האָב געשוויגען. מיך האָט מעהר נישט פערדראָססען אויפ'ן טאַטען — גערעכט בין א י ך דאָך... אַ רחמנות אויפ'ן אַרבייטער איז דאָך געווים... און בלוט האָט געגאָססען — אַ גאַנץ עמער ! איך האָב אודאי צעהן קוואָרט וואַססער איבערגעפיהרט. גוט נאָך, וואָס אין אונ=זער דירה איז אַ וואַססערלייטונג... אין דער אַלטער דירה וואָלט גאָר שלעכט געוועזען... דאָרטען איז פאַר נאַכט קיין מאָהל קיין וואַססער נישט געוועזען אין שטוב...

---

נאָכדעם ווייטער איז געוועזען אַזאַ מעשה. איהר מוזט עס הערען ! א י ך האָב געשלאָגען דען טאַטען, חע !.

פֿעֶר הויז; אַ פּאַלאַץ קאָנן איך אויך פֿערדרייהען!"

„איך וויל אַ ווייב מיט מעהר נדן;
אַ שאָהנע יודענע אַלס צולאָג — קאָנן אויך ניט שאַטטען!"

„איך וויל אויך אַ שאָנערע קאַרעטע
און בעססערע פֿערד!"

„און דאָס אַלץ וויל איך נ י ש ט פֿון
אַ בשר ודם, נישט צונעמען ביי יענעם —
נור „מ ת נ ת ידך הרחבה והמלאה", פֿון דיין כשר'ער האַנד!"

„דו זאָגסט דאָך „לי הכסף ולי הזהב!"
„און, אַז דו, רבונו של עולם, לאָזט
נישט אַרויס קיין נייע באַנקאָצעטטעל, אַז
דו נעמסט נור ביי'ן איינעם און גיסט דעם
צווייטען — בין א י ך שולדיג?"

„א י ך — דאַרף, מיין ווייב און
קינדער — ד אַ ר פֿ ע ן! ה אָ ב ע ן — מוז
איך, מיין דאגה ביי וועמען דו נעמסט?!"

אָט אזוי טייטשט זיך אוים דאָס בעל־בית'ל די עשרת הדברות.

י. ל. פּרץ.

# לֹא תִגְנוֹב.

(פֿון פּאָלנישען)

אין גאָרטען איז פֿינסטער און לעער.

דער ווינד שאָקעלט מיט די בוימער די לעצטע בלאַטלעך אַראָבצוואַרפֿען. דאָס ציטערדיגע שוואַכע ליכט פֿון נאַפֿט־לאָמפען שלאָגט זיך אָב אין די גריבלעך בלאַטע, אין וועלכער איך זינק איבער די קאַלאָשען, און בעלייכטען די פֿריש אָבגע־שווענקטע באַנק.

דער ווינטער געהט!

איך האָב מיר אויף געשטעלט דעם קאָלנער, אַראָב גערוקט דעם הוט איבער'ן שטערן, און געמאַרשירט דורך דער פוסטער אַלעע.

די אַלעע האָט אויסגעזעהן ווי אַ טונעל אָהן איין עק, שוואַך בעלייכטעט פֿון וויי־טע צוויי לאַמטערען; פֿון ביידע זייטען שאָקלען זיך די בוימער אין צוויי שורות און רוישען בייזעריג; מיט כעס האָט מיר אויך אין פנים אַריין דאָס דראָבנע רעגענדיל.

עס פֿאַלט מיר פּלוצלינג איין, אַז אַצונד אין דער וויסטער אַלעע קאָנן זיך עפּעס טרעפֿפֿען. איך קריג אַ קליין ביסעל מורא.

אין דעם זעלבען אויגענבליק האָט זיך מיר געגענאיבער בעוויזען אַ שוואַרצע גע־שטאַלט, גלייך זי וואָלט ערשט פֿון דער ערד ארויסגעוואַקסען. איך האָב מיך עטליכע שריט צוריק געצויגען, און די געשטאַלט איז פֿערשוואונדען געוואָרען.

---

ער האָט מיך איינמאָהל געטראָפֿען איבער אַ בוך... איך האָב זעהר ליעב ביכער צו לעזען... דער שכן פֿלעגט מיר געבען... האָט ער מיך, דער טאַטע, געוואָרפֿען אויף דר'ערד, געקאָפּיט מיט די פֿים אין קאָפּף, אין בויך, אין האַרץ... בלוט איז געגאַנגען פון די צאָהן און פֿון נאָז. איך האָב געשוויגען. עס האָבען נור די קלאָפּ געהיל־לעכט. נור, אַז ער האָט דאָס בוך געריססען, האָב איך די האַנד אויסגעשטרעקט און אַקוק געגעבען ברוגז'ליך אויפ'ן טאַטען. „דאָס איז אַ פֿרעמד בוך, אַ גוטס, איין עברה" האָב איך ברגז'דיג געשטאַ־מעלט. איך האָב דערפֿאַר בעקוממען נאָך אַ פּאָר־ציע... נאָכדעם האָט מיך דער טאַטע אויף דריי טאָג פֿערשלאָססען, ווייניג עססען געגעבען און אַלע טאָג געשלאָגען. איך בין געזעססען און געלייענט די שטיקלעך פֿון בוך, וועלכע איך האָב אַריינגע'גנב'ט צו זיך אין קעשענע... חי, חי, חי... עס האָט מיר באַנג געטהאָן נור איין זאַך: אויף איין שטיקקעל איז געשטאַנען, אַז דער העלד איז געלאָפֿען טרינקען זיך, און איך האָב דעם סוף נישט געוואוסט... עס האָט מיר טאַקי באמת באַנג געטהאָן און רוהען ניט געלאָזט...

אָבער שלאָגען דעם טאַטען?!. חע־ע!

---

דאָ צום סוף... נור איך שאַם מיך צו דער־צאָהלען... אַ ליעבין, חע!... אַ ליעבע!... איהר האָרט, ווי מיין קול ציטטערט? איך קאָנן קאַלט־בלוטיג ניט רעדען וועגען דעם. זי וואָהנט נעבען אונז, אַ טהיר נעבען אַ טהיר... איך זאָג אייך — אַ טהייערינקע, אַ ליבינקע, אַ גאָלדעלע... זאָג

— דאָס איז שוין אַיין אָנהייב—זאָגט מיר אונהיימליך דאָס האַרץ.

אַ שטאַרקער ווינד מיט אַ שלאַגס רעגען שלאָגט זיך דורך מיט אַ געוויש צווישען די בוימער. דער ווינד איז נאָך אַ ווײַלע שטיללער געוואָרען, נור דער רעגען האָט ווייטער געגאָססען. איך מאַך שוין שנעללערע טריט.

פלוצלינג — דערזעה איך נאָך אַ מאָל די זעלבע געשטאַלט און נאָך שאַרפער ווי פריהער.

נאָך עטליכע טריט האָב איך געהאַט צו דערגעהן ביז צו די לאַמטערען, איך אײַל צו, נור פלוצלינג דערהער איך אַ קול:

הערר!... און די געשטאַלט איז שוין מיר געשטאַנען האַרט געגענאיבער.

איך האָב דערזעהן אַ בעטלער; נור די אויגען האָבען וואונדערליך געפונקעלט.

— וויפיל איז דער זייגער? — האָט ער אַרויס געזאָגט מיט אַ וואונדערליכער שטיממע, וועלכע איך וועל קיין מאָהל נישט פערגעססען; עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז דאָס קול צורייסט איהם די ברוסט.

אַ ווײַלע זענען מיר געשטאַנען איינער געגען אַנדערן.

איך געדענק נישט ווי אַזוי און פאַר וואָס, נור פלוצלינג האָב איך אויפגעקנעפעלט דען ראָק, אַרויסגענוממען די פאָרטמאָנע, און דערלאַנגט דער געשטאַלט אַ רובל און געזאָגט:

— נאַ!... פאַר'ן זייגעריל וואָלסט דו אויך נישט מעהר געקריגען!

ער האָט אַ ציטטער געטהון און איז פערשוואונדען געוואָרען.

איך בין שוין בשלום דורך די גאַנצע אַלעע...

שלמה גראָססגלין.

---

איך איך! שטאַנדיג זיטצט זי איבער איין אַרבייט. מיט דער נאָדעל האַלט זי אויס איהרע עלטערן. שטיל ווי אַ טייבעל, קיינמאָהל קיין אונצופריעדען וואָרט נישט; שטאַנדיג גוט צו אַללעמען; שטאַנדיג מיט אַ וואָרט רחמנות!... איך זאָג אייך... אַ, עס דריקט מיר דאָס האַרץ... אַ!... איך זאָג אייך — אַ זיססינקע, אַ האַרציגע, אַ... אַ... אַ מאַמינקע!... איך פלעג צו איהר אָפט געהן... איהר זעהט! אָ, איך חאַפּ קוים דען אָטהעם... איך האָב ליעב געהאַט זיטצען און קוקקען אויף איהר, נור קוקקען, ניט אַראָבצונעמען איין אויג... דער טאַטע האָט מיך דערזעהען אַריינגעהן צו איהר... איז ער אַריינגעלאָפען האַסטיג נאָך מיר גלייך, געחאַפּט פון טיש אַ מעשענען לייכטער און געוואָרפען מיר אין קאָפּ... דאָס ערשטע מאָל, דאַכט זיך, האָב איך אַ ווייטאָג דערפיהלט... עס האָט אַ עפריטץ געטהון דאָס בלוט... דער טאַטע האָט מיך שוין געשלאָגען מיט די פויסטען... דאָס האַרץ האָט מיר געדריקט, שטאַרק געדריקט...

עס האָט מיר געברענט אין די אויגען, נור וויינען האָב איך נישט געוויינט... געשוויגען האָב איך; קיין וואָרט נישט... עס איז מיר מעהר נישט זעהר אומעדיג געוואָרען און פערדראָססיג אויפ'ן טאַטען, ווי וואַרפט מען דאָס אַ שווער לייכטער אין קאָפּ?... און אַז ער וואָלט מיך טויד שלאָגען? אַ גלייבוואָרטעל איז דאָס, וואָס?... נור איך האָב געשוויגען... זי האָט זיך פאַר מיר איינגעשטעלט... דער טאַטע האָט זי אָנגעהויבען שלאָגען... און איך... עס האָט מיך געוואָרפען ווי אין אַ פיבער... עס איז מיר געוואָרען אַזוי מאָדנע... איך האָב געברענט... אַז עס איז מיר לייכטער געוואָרען, איז דער טאַטע געשטאַנען אַ פערבלוטיגטער...

הם! האָב איך איהן געשלאָגען?!... אַ געלאָטער איז דאָס דאָך!...

דער דאָקטאָר זאָגט, אַז איך בין געריהרט... איהר זעהט? אָ, עס וואַרפט מיך אין קאַלט...

ד. פינסקי.

# דער נִסְתָּר.

איך בין אין גאַנצען צוויי טאָג צוריק אין דער היים אונ האָב מיך שוין אַזוי פֿערזינדיגט, אַז עס „קלינגט מיט מיר די וועלט". דער טאַטע וויל מיך שוין גאָר נישט קאָננען. עס אַרט איהן נישט מיין שטאַרק הוסטען. ער פֿרעגט ביי מיר גאָר נישט. נאָך נאָכטען האָט ער געזאָגט, אַז ווען ער זאָל געוויזען ווייסען „מיין שוואַרצען סוף", וואָלט ער מיך בעססער פֿאַר אַ שוסטער געמאַכט! איך האָב געהאַט מיט'ן רב אַ וויכוח אונ חריפות בעוויזען, נור דאָס מאַכט איהם נישט אויס. ער ווייסט פֿון לאַנג, אַז „דער קאָפּף האָט מיר נישט געדאַרט", נור וואָס האָט מען דערפֿון? לייטען געלאָכטער!

די מאַמע וויינט בעוויינט מיך אָרגער ווי אַ טויטען.

— וואָס דו האָסט דאָרט געטהון — קלאָגט זי — אין פֿערשאָלטענעם וואַרשוי — איז פֿערפֿאַללען, חאָטש אויך — אַ קלאָג איז צו מיר! — אַ גוטער שם! אָבער דאָ, דאָ... מיר אין די אויגען אַריין!

---

אונ וואָס איך האָב אַזוינס געטהון, אָסור אויב איך וויים. איך האָב, דער מאַמען צו ליעב, געדאַווינט, געוואַשען זיך, געבענשט, געשפּאַרט זיך מיט'ן רב וועגען אַ רמב"ם... אָה! איך דערמאַן מיך! שבת געטראָגען דאָס זייגעריל אונ — איך בין מודה ומתודה — געקאָמט זיך אים שבת!

די גראָסטע צרות האָב איך פֿון זרח ברוך'ס.

— אָט דאָס — קלאַפּט דער טאַטע אין טיש אַריין — איז אַ מענש! אַ משכיל, שרייבט אין צייטונג אונ ריהרט נישט קיין קוצו של יוד... כי הוא זה, דאָס הייסט אַ נחת! שרייבט פּראָשעניעס! לייענט ביכער ווי אַ וואַססער, אונ אַ יוד כדבעי, טאַקי אַ יוד!

— פֿון רב'ס זונן — יאָגט די מאַמע בוכען טרערען — איז שוין נישט וואָס צו רעדען, צו דעם דאַרף מען שוין זכות אבות... אָבער טאַקי דער זרח, דער זרח! אַ מחיה פשוט... נור מיך האָט געטראָפֿען די שטראָף!

---

פֿאַרנאַכט. — די טאַטע-מאַמע סודען זיך עפּים אויף דער פריזבע אונטער דען פֿענסטער — אונ עמיץ ריהרט די טהיר.

— מאָזנאַ? פֿרעגט אַ זים קול.

אונ איידער איך האָב צייט צו אָנפֿערן שטעלט מען זיך מיר פֿאָר:

— זאַחאַר באָריסאָוויטש שוויצבאָר.

— זרח ברוך'ס! זעץ איך מיר באַלד איבער אויף פּראָסטע יודיש.

ער זעצט זיך אויך אום געבעטען; חאַפּט אַ בוך פֿון טיש אונ בלאָטטערט עס ווי אַ בקי, פֿאַר וועלכען עס זענען שוין קיין נייע ביכער נישט דאָ, אונ הייבט ראַפּטום אויף דען קאָפּף אונ גיט אַ פֿראָג:

— אונ וואָס זאָגט איהר צו קרח'ן, אַה?

איך פֿערשטעה נישט די שאלה.

— איך מיין — מאַכט ער — אַז דאָס איז משה'עלעם אַ שפּיצעל!

אויף זיין בהמה'וואַטע געל פנים שיינט אַ שכל'דיגע שטראַהל.

— מילא דונגערן אונ בליטצען, ווייסט מען שוין, אַז עס איז עלעקטרי — נור זעהט איהר וואָס איך קאָנן נישט פֿערשטעהן, דאָס איז לוטס וויב! גלאַט פֿון אַ מענש זאָלל ווערען אַ שטיק זאַלץ!

די גאַנצע גאַלל האָט ער מיר געריהרט, נור איך האַלט מיך איין מיט אַללע כחות אונ שווייג.

ער לאָזט מיך אָבער נישט אָב, ער חאַפּט מיך אָן ביין אַ קנאָפּ פֿון ראָק אונ האַלט מיך:

— עה! שמייכעלט ער, מיר מאָגט איהר זאָגען... איך בין דאָך נישט גנילאָווקע! ביי דער נאָז פֿיהר איך אַללע! רבינו תם'ס תפלין לעג איך! איפּדערוואָך פֿאַר איך נאָך צו'ן אַ רבין... וואָס אַרט עס מיך?! מען האַלט מיך פֿאַר אַ צדיק... מען שרייבט ביי מיר אַדרעססען, פּראָשעניעס... אָבער פֿאַר אייך איז קיין סוד...

— נו, זאָגט איך בעט אייך, יאָגט! — שטעלט ער זיך צו מיר צו.

די גאַלל האָט אין מיר געפּלאַצט:

— וואָן! האָב איך אַ געשריי געטהון

* * *

ביי נאַכט האָט דער טאַטע געמיינט, אַז איך שלאָף אונ געזאָגט דער מאַמען:

— איך האָב'ן געבעטען, ער זאָלל איהם אַ ביסל מוסר זאָגען! האָט ער איהן אַרויסגעוואָרפֿען

— אַ קליפּה! זיפצט די מאַמע.

— היינט — מאַכט ווייטער דער טאַטע — האָב איך איהם נישט געוואָלט מאַכען אַ יריד, נור מאָרגען זאָלל ער זיך פּאַקקען!

איך האָב געהאָרט ווי די מאַמע האָט איבערגעדרייט דאָס פנים צום קישען אונ אָנגעהויבען שלאָכצען.

א. לעבענגאָן.

# דֶער תַּעֲנִית

## אַ שִׁבְעָה־עָשָׂר בְּתַמוּז בְּלֶאטְטֶעל.

### אוּיס דִי נְבִיאִים.

#### גָאט פְּרֶעגְט.

„אַז אִיךְ בִּין פוּלל דִי גַאנְצֶע וֶועלְט,
וָואס שְׁטֶעלְסְט דוּ מִיר אַ הוֹיז?
דַארְף אִיךְ עֶססֶען, טְרִינְקֶען דֶען?
וָואס מַאכְט דַיין קָרְבָּן אוֹיס?"

„דַארְף אִיךְ אָקְסֶען פְלֵייש אוּנ בְּלוּט?
וָואס מַאכְסְט דוּ דִיךְ צוּ לַאסְט?!
צוּ דַיין אֵייגֶען פֶּעטְס אוּנ בְּלוּט?
וָואס קוּמְט אַרוֹיס דוּ פַאסְט?!"

„אוּנ—דַיין גֶעבֶּעט! וָואס ווִילְסְט דוּ מִיךְ
אַלְס שׁוּתָּף צוּ דַיין רוּיב?
אוּנ בֶּעטְסְט דוּ שׁוֹין, וָואס שְׁרַייסְט דוּ נָאךְ?
דוּ מֵיינְסְט, אַז אִיךְ בִּין טוֹיב?"

„אוּנ אוֹיךְ דִי הֶאנְד וָואס שְׁפְּרֵייטְסְט דוּ אוֹיס?—
אִיךְ ווֵייס זֵיי זֶענֶגעֶן לַאנְג!
וָואס בֵּייגְסְט דוּ נָאךְ דֶען קָאפְּף צוּ דְר'עֶרְד—
בֶּעהַאלְטְסְט דוּ דַיין גֶעדַאנְק?"

י. ל. פרץ.

(אויס גליעב אוםעגעבען)

ד. פינסקי.

האט געגעסען אונ געגאָססען

# מקובלים.

אין די שלעכטע צייטען, פאַלט אפילו תורה — די בעסטע סחורה — אויך.

פון דער לאַשציוער ישיבה איז מעהר נישט געבליבען נור דער ראש ישיבה — ר' יעקיל מיט איין איינציגען תלמיד. דער ראש ישיבה איז איין אַלטער דאַרער יוד, מיט אַ לאַנגע צושויבערטע באָרד, מיט אַלטע, אויסגעלאָשענע אויגען; למך, זיין געליבסטער תלמיד, איז אַ יונגער מאַנן, אויך אַ דאַרער, אַ הויכער, אַ בלאַססער מיט שוואַרצע געקרייזעלטע פאות, ברענעדיקע, שוואַרצע, אונטערגעשלאָגענע אויגען, פערברענטע ליפפען, און אַ ציטטעריגען שפיציגען גאָרגעל; ביידע מיט אויפגעחראַשעטע הערצער, אָהן העמדער, ביידע אין לאַבעס; דער ראש ישיבה שלעפט קוים נאָך אַ פאָר פויערישע שטיוויל, דעם תלמיד פאַללען די שוסטער־שיך אָהן זאָקען אַראָב פון די פיס.—

דאָס איז געבליבען פון דער בעריהמטער ישיבה! דאָס פעראָרימטע שטאָדטיל האָט אַללע מאָהל מעהר אויפגעהערט צו שיקקען עססען, און צו געבען טאָג, די אָרים־בחורים זעננען זיך צו קראָכען! ר' יעקיל וויל שוין דאָ שטאַרבען, און זיין תלמיד — לעגען איהם די שאָרבליך אויף די אויגען.

און זיי ביידע ליידען אויך אַ מאָהל הונגער. פון ווייניג עססען קומט ווייניג שלאָפען, פון גאַנצע נאָכט נישט שלאָפען, און נישט עססען — אַ חשק צו קבלה!

ממה נפשך — דאַרף מען אויפזיין גאַנצע נאָכט און הונגערן גאַנצע טאָג — לאָז מען האָטש דערפון אַ נוצען האָבען, זאָל האָטש זיין: תעניתים מיט סגופים, זאָללען זיך האָטש אָפפענען אַללע טויערען פון דער וועלט מיט סודות, רוחות און מלאָכים!

זיי לערנען שוין קבלה אַ צייט!

צונד זיצען זיי ביים לאַנגען טיש, איינע אַליין. ביי יעדען איז צונד נאָך מיטטאָג, ביי זיי איז נאָך פאַר פרישטיק, נור זיי זעננען געוואָהנט דערצו. — דער ראש ישיבה פערגלייסט די אויגען און רעדט; דער תלמיד זיצט אונטערגעשפּאַרט מיט ביידע האָנד דען קאָפף און האָרט —

— אין דעם זעננען דאָ — זאָגט דער ראש ישיבה — אַ כך בחינות: איינער קען אַ שטיקעל, איינער אַ האַלבען, איינער אַ גאַנצען נגון. — דער רבי, ז"ל, האָט געקאָנט אַ גאַנצען נגון, אפילו מיט אַ צושפיעל! — איך (האָט ער צוגעגעבען טרויעריג) האָב קוים די זכיה צו'ן אַ פיצעלע, אָט אזוי גרויס... ער האָט אָב געמאָסטען

---

# שרייב אַ פעליעטאָן!

עס האָט קיין שיעור און קיין ערך נישט, וויטער אַ פעליעטאָן, אָבער אַ פיעליעטאָן, און דאָ איז נישט דאָ פון וואָס צו רעדען! עס פעהלט מאַטעריאַל! ארם־נהרים און אַמעריקאַ זעננען פערשלאָססען ווי אַ גביריש האַרץ, אין אַרגענטינאַ איז שטילל, צעדער־בוים — טויט, ווערמאָנט — שטום. איך זעה נישט מיט וואָס אייך צו פעראינטערעסירען. ערשט נישט לאַנג איז אינטערעסאַנט געוועזען צו קלערען, צו די וועלט וועט זיך אין קורצען איבערקעהרען, אַ געוויססער פאַלב האָט נביאות געזאָגט, אַז יאָ. דערפון וואָלט איך אייך געקאָנט אויפבלאָזען איין עסק ווי אַ לונג־און־לעבער, איך וואָלט אייך דערצאָהלט, אַז פאַלב איז נישט קיין פאַלב ביי'ן אַ קלייד און נישט קיין פאַלב אויף עמיצענס אַ שטערן, נור אַ געלעהרטער אַסטראָנאָם; אַז די וויססענשאַפט, מיט איהר גאַנצין בעל־בתישקייט און פאָזיטיווקייט האָט ליעב אַ מאָל אַ פשט'יל, אַ נביאה'לע, אַ טרעפעכין — דערביי וואָלט איך אַביסל געשפיעלט אויף אייערע נערווען; פריהער וואָלט איך אייך איבער געשראָקען: טאָמיר יאָ, דערנאָך געזאָגט ניין. און אפשר וואָלט געוועזען אַ יאָ און אַ ניין און אַ נישט צוזאַמכען... וואָס קומט אָבער אַרויס, אַז מען האָט מיר די מציאה פון די האָנד אַרויס געחאַפט. ה' וועבער איז פריהער געפאַללען אויף דער מציאה, און אויב ער וועט האַלז און לייב נישט ברעכען, וועט ער אַזוי פאַללען און פאַללען עד סוף כל הדורות. ה' וועבער האָט שוין אַ גליק צו המציאות. וועמען

אַ קליין פּיצעל דאַארען פינגער און ווייטער געצויגען. —

עס איז פערהאַננען אַ נגון וואָס מוז האָבען וואָרטער... דאָס איז גאָר אַ נידריגערע בחינה... עס איז פערהאַנן אַ העכערע בחינה — אַ נגון, וואָס זינגט זיך אַליין, גאָר אָהן וואָרטער, אַ ריינער נגון! נור דער נגון דאַרף דאָך נאָך האָבען אַ קול... מיט ליפּפּען, דורך וועלכע דאָס קול געהט ארויס! און ליפּפּען — פערשטעהסט דו — זענען דאָך נאָך גשמיות. אינם קול אפילו איז שוין אַיין עדעלער גשמיות, נור דאָך קיין רוחניות נישט.

דאָס קול שטעהט אויף דער גרעניץ צווישען רוחניות און גשמיות, צווישען הימעל און ערד!

דעראיבער איז דער נגון, וואָס הערט זיך מיט אַ קול און הענגט אָב פון די ליפּפּען, נאָך נישט ריין, נאָך נישט אין גאַנצען דיסטילירט... נאָך נישט קיין אמת'ער רוחניות!...

דער אמת'ער נגון אָבער זינגט זיך גאָר אָהן אַ קול... עס זינגט זיך אינווייניג אין האַרץ, אין די געדערים! אָט, דאָס איז דער סוד פון דוד המלך'ס וואָרטער: „כל עצמותי תאמרנה"... אינ'ם מאַרך פון די ביינער דאַרף זינגען, דאָרט דאַרף זיין דער נגון — דער העכסטער שבח פאַר גאָטט ב"ה! ווייל דאָס איז נישט דער נגון פון אַ בשר ודם, דאָס איז קיין אויסגעטראַכטער נגון! דאָס איז אַ חלק פונ'ם נגון, מיט וועלכען גאָטט האָט די וועלט בעשאַפפען, פון דער האַרמאָניע, וואָס ער האָט אַריין געגאָססען אין איהר, און וועלכער זי פיהרט זיך ווייטער פון גאָטטס לויב-ווענען!

אַזוי זינגט די פמליא של מעלה! אַזוי האָט געזונגען דער „יוד", זכרונו לברכה!

די לעקציע האָט איבערגעהאַקט אַ צוּשוויבערטער יונג מיט אַ שטריק אַרום די לענדען — אַ טרעגער — וואָס איז אַריין געקוממען אין ביהמ"ד, אַ נידערגעשטעלט אַ שיססעל גריטץ מיט אַ שטיקל ברויט אויפ'ן טיש נעבען ראש-ישיבה, און געזאָגט מיט אַ גראָב קול: „ר' טעביל שיקט דעם ראש-ישיבה עססען"; ער האָט זיך איבער געדרעהט און, אַרויסגעהענדיג, צו געגעבען: שפּעטער וועל איך קוממען נאָך דער שיססעל!"

דער ראש-ישיבה, וועלכען דאָס גראָבע טרעגער-קול האָט אַרויס געיאָגט פון דער געטליכער האַרמאָניע, האָט זיך שווער אויפגעהויבען און איז, נאָכשלעפּענדיג די גרויסע שטיעוויל, צוגעגאַנגען צו'ם כיור זיך וואַשען.

געהענדיג האָט ער ווייטער האָך גערעדט, האַטש מיט וועניגער התלהבות און דער תלמיד האָט איהן פון זיין אָרט נאָך געיאָגט מיט אויפגעשפּיצטע אויערען און

---

למשל, איז איינגעפאַללען איבער צו זעצען אויף לשון הקודש אַ ווערק פון אַ קאַטאָלישען גייסטליכען, וואָס ווייסט אויס, אַז די נשמות האָבען דאָס גן עדן אויף דער זונן, אַז זיי ציהען זיך ווי הייטליך אַללע מאָל דיננער און דיננער, ביז זיי ווערען אַזוי דינן, אַז עס קענן שוין דיננער נישט זיין? ווענען איז דאָס איינגעפאַללען? וועבערן! ווענען איז איינגעפאַללען צו לערנען יודישע קאָלאָניסטען צו בעאַרבייטען די ערד אין פּאַלעסטינאַ און אַרגענטינאַ כמנהג פולין, ד. ה. לויט צוויי דריי בראָשורען פאַר אונזערע פויערען געשריבען? וועבערן! ווער איז פריהער אַרויס מיט אַ ווערקעל איבער דער מגפה? וועבער! ווער האָט מיר צונד אויסגעחאַפּט פאַלב'ען מיט'ן סוף פון דער וועלט? וועבער! וועלכען מחבר איז איינגעפאַללען צו שרייבען אַ פעליעטאָן אין הצפירה איבער זיין אייגען ספר, וואָס ער וועט אַרויסגעבען, און, וואַרפענדיג אַ שטיין אין אַ פרעמדען גאָרטען, בעווייזען ווי נאָטיג און וואָהל זיין ספר איז און ענדיגען נאָך מיט אַ שמייכעלע: אַ יאָ, איך בין סקראָמנע און לויב מיך נישט? וועבערן! אַלץ וועבער און וועבער!

עס איז נאָך איין עסק געוועזען צו רעדען וועגען חליצה.

איהר ווייסט אפשר נישט, מיינע טהייערע לעזער, וואָס מען מיינט חליצה? איהר זייט דאָך „גראָבע יונגען", המון עם, מען שילט דאָך מיך מיט טויטע קללות, פאַר וואָס איך זאָג אייך אַ נאָל אויס פון חדר; מען האַקט דאָך מיר אין קאָפּ, אַז, אויב אייערע נשמות וועללען נישט הענגען ווי שפּינוועבס אויף די שטריימעל-האָר, וועללען זיי

ברענענדיגע פֿערחלומטע אויגען.

— נור — זאָגט ווייטער ר׳ יעקיל מיט אַ טרויריגער שטיממע — איך האָב אפילו די זכיה נישט משיג צו זיין, און וואָס פֿאַר אַ בחינה דאָס איז! אין וועלכען שער דאָס קומט! זעהסט דו — גיט ער שוין צו מיט אַ שמייכעל — די סגופים מיט די צרופים וואָס מען דאַרף דערצו, די וויים איך. און איך וועלל זיי דיר היינט איבערגעבען!

דעם תּלמיד קריעכען שיער די אויגען אַרויס; ער האַלט אָפּפּען דאָס מויל צו חאַפּען יעדעם וואָרט. נור דער רבי האַקט איבער: ער וואַשט זיך, ווישט זיך אָב, זאָגט „שאו ידיכם”, און געהט צוריק צום טיש און מאַכט מיט ציטעריגע ליפּפּען אַיין „המוציא”...

מיט ציטעריגע דאַרע האָנד העבט ער אויף די שיססעל; און די פּאַרע פֿערדעקט איהם און וואַרימט דאָס דאַרע פנים; דערנאָך שטעלט ער זי צוריק, נעמט דען לעפֿעל אין דער רעכטער האַנד, און וואַרימט די לינקע דערווייל אין דער אייסערליכער ראַנד פֿון שיסעל, דערביי צוקוועטשט ער מיט דער צונג אָן די לעדיגע דזיאָנסלים, די רעשט „מוציא” מיט זאַלץ.

ער האָט זיך אָנגעוואַרימט דאָס פּנים מיט די האָנד און ער קנייטשט שטאַרק אַיין דען שטערען, ציהט צוזאַממען די בלאָנע=בלאָע דאַרע ליפּפּען, און הייבט אָן בלאָזען.

ביי דער גאַנצער צייט האָט פֿון איהם דער תּלמיד קיין אויג נישט אַראָב געלאָזט. נור, בשעת דען רבי׳נס ציטערדיג מויל איז אַקעגען געלאָפֿען דעם ערשטען לעפֿעל גריץ, האָט איהן עפּיס אָנגעחאַפּט ביי׳ם האַרץ; ער האָט זיך פּלוצלינג פֿערשטעלט דאָס פּנים מיט ביידע האָנד און זיך אין גאַנצען שטאַרק אַיינגעצויגען.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז אַריין געקוממען נאָך אַ יונג מיט אַ שיססעל גריט׳ן מיט ברויט.

—„ר׳ יוסף שיקט דעם תּלמיד אָנבייסען!” נור דער תּלמיד האָט נישט אַוועק גענוממען די האָנד פֿון פּנים.

דער ראָש־ישיבה האָט אַוועק גענעגט דען לעפֿעל, צוגעגאַנגען צום תּלמיד, און אַ ווײלע מיט שטאָלצער־ליעבע אויפֿ׳ן תּלמיד געקוקט. דערנאָך האָט ער איינגעהילט די האַנד אין דער פּאָלע און אָנגערירט איהם די פּלייצע.

— מען האָט דיר געברענגט עססען— וועקט ער איהן מיט אַ פֿריינדליך קול. דער תּלמיד האָט טרויעריג און לאַנגזאַם אַוועק גענוממען די האָנד פֿון פּנים. ער איז נאָך בלאַססער געוועזען און די אונטערגעשלאָגענע אויגען האָבען נאָך ווילדער געברענט.

אַריין אין גיהנם אָדער גאָר אין קרימינאַל, מען יאָגט דאָך מיר אַרום, פֿאַר וואָס איך רעד מיט אייך ווי מיט מענשען! אפשר יאָ? אפשר ווייסט איהר טאַקי נישט וואָס חליצה איז? הערט וועלל איך אייך פֿערציילען.

איהר ווייסט, אַוודאי, אַז אויף איין אלמנה איז מעהר רחמנות ווי אויף איין אלמן. נור צו האָט איהר אייך אָבגעגעבען אַ חשבון פֿאַר וואָס? און דאָך איז עס זעהר לייכט צו טהון. אַ נקבה איז אַרגער ווי מאַנספערשוין. אַ מאַנספערשוין איז (על כל פנים עטליכע חדשים אין יאָהר) שטאַרקער פֿאַר איין נקבה, און אויף דער וועלט איז גאַנץ געפֿאָהרליך, אַז מען איז שוואַכער. עס איז אסך בעססער מאוסער, נאַרישער צו זיין, אַבי נישט צו האָבען אַ לויט כח ווענגיגער פֿאַר איין אַנדערן.

אַז „יד ישראל” איז נישט „תּקיפה”, כל זמן מיר אַליין האָבען וויניג פּראַוועס, האָבען מיר ביי די נקבות ווענגיג וואָס צו צונעמען. מיר טהון דאָך וואָס מיר קאָננען. אַ מיידעל ווערט געבוירען איז גאָר אַ קליינע שמחה, אין חדר אַריין שיקט מען זי נישט — נור ביז אַהער האָט זי נאָך אַלס קיין היזק נישט דערפֿון — עס קומט אָבער שפּעטער, איז זי אַ מאַנספערשוין מקדש! איהר ווייסט וואָס מען מיינט? ער גיט איהר אַ מטבע, אַ פֿינגעריל אָדער איין אַנדערע זאַך, וואָס מוז חאָטש ווערט זיין אַ פרוטה, און זי איז זיין; ער האָט זי געקויפֿט! זי מוז איהן פֿאָלגען, ליעב האָבען, טראָגען, האָבען, זי איהן איז נישט מקדש! געפֿאָלט זי איהם נישט, גיט ער איהר, נישט זי איהם אַ גט. אין שטוב צו שאַפֿפֿען, איבער די קינדער צו רעגירען—

— איך ווייס, רבי! אָנטפֿערט ער — נור איך וועלל נישט עססען היינט!

— דער פֿירטער תענית? האָט דער ראש־ישיבה געפֿראָגט פֿערוואונדערט — אונ אָהן מיר? גיט ער צו מיט אַ פּרעטענסיע.

— עס איז איין אַנדערער תענית — אָנטפֿערט דער תלמיד — עס איז אַ תענית תשובה!

— וואָס רעדסט דו? ... אונ אַ תענית תשובה?

— יאָ, רבי! אַ תענית תשובה... אַט, ערשט צונד, ווען איהר האָט אָנגעהויבען עססען, האָב איך געהאַט אַ הרהור — עובר צו זיין אויף לא־תחמוד!!

---

אין דער זעלבער נאַכט, גאַנץ שפּאָט, האָט דער תלמיד אויף געוועקט דען רבי'ן. זיי זעננען ביידע געשלאָפֿען געלעגען איבער אויף אַ באַנק אין קלויז.

— רבי — רבי! האָט ער גערופֿען מיט אַ שוואַך קול —

— וואָס איז? האָט זיך דער ראש ישיבה אויפֿגעכאַפּט דערשראָקען.

— איך בין צונר געוועזען אין דער הויכער מדרגה...

— ווי אַזוי? פֿראָגט דער ראש ישיבה פֿערשלאָפֿען.

— עס האָט אין מיר געזונגען!

דער ראש ישיבה האָט זיך ראַפּטום אויפֿגעזעצט:

— ווי אַזוי, ווי אַזוי?

— איך ווייס אַליין נישט, רבי — האָט דער תלמיד מיט נאָך אַ שוואַכער קול געאָנטפֿערט — איך האָב נישט געקאָנט שלאָפֿען, האָב איך מיך איין געטיעפֿט אין אייער שמועס... איך האָב געוואָלט דוקא קענגען דען נגון... אונ איך האָב פֿאַר גרוים צער, וואָס איך קען נישט דען נגון, אָנגעהויבען צו וויינען... איך האָב אין גאַנצען געוויינט; אַללע אברים האָבען אין מיר געוויינט פֿאַר'ן רבונו של עולם! אונ דערביי האָב איך געמאַכט די צרופים, וואָס איהר האָט מיר איבערגעגעבען... נור, אַ וואונדער־ליכע זאַך, נישט מיט'ן מויל, נור עפּיס איננערוויינינג... פֿון זיך אַליין! ראַפּטום איז מיר ליכטיג געוואָרען... איך האָב געהאַלטען צו די אויגען, אונ עס איז מיר געוועזען ליכטיג, זייער ליכטיג, זייער שטאַרק ליכטיג!...

— אַט! בייגט זיך צו'נם צו דער ראש ישיבה.

— דערנאָך איז מיר געוואָרען פֿון דער ליכט אַזוי גוט, אַזוי לייכט... עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך וואָג גאָר נישט, אַז מיין גוף האָט די וואָג פֿערלוירען, אַז איך קענן פֿליהען...

---

אונ זייגען — געהער צו'ן איהר. ער איז איהר שפּייזער! בתי מדרשים, חברות, כבוד התורה האָט ער — ביי די הקפות שטעהט זי פֿון דער וייטענס. ער מאָג שכּור'ן פּורים, זי נישט; ער עסט אין סוכּה, זי נישט, ער מאַכט פֿאַר איהר קדוש אונ הבדלה אונ זי קוקט איהם אין מויל אַריין... קורץ זי הענגט אָב פֿון איהם. אונ אויף אַ ברית עסט ער פֿלייש אונ פֿיש ־אונ זי איז יוצא מיט פּוטטער־קוכען מיט ציקאָריע. אַזוי פֿיעל ווי מיר האָבען פּראַוועס, אַזוי פֿיעל האָבען מיר ביי זיי צוגענוממען! ווי וואָלט אָבער געוועזען ווען יד ישראל זאָלל טאַקי זיין תקיפה? וואָלט אַ נקבה קיין ירושה נישט גענומ־מען, קיין עדות נישט געוועזען אין בית־דין... ווייבער, קליינע קינדער אונ קנעכט האָבען איין פּראַווע, שטעהן אויף איין מדרגה. פֿראָגט אונזערם

אַלמדן: וואָס איז אַ נקבה? „אַ פֿאָססעל אומריינקייט"! ער איז שטאַרק מסופק צו זי האָט אַ נשמה, האָב־סטענס וועט זי אויף יענער וועלט זיין ביי'ן איהם אַ פֿיסענבאָנקעלע... ער פֿיהלט שוין פֿאָראויס, ווי ער וועט דעמעלט האָבען דען יצר הרע אין די קנאָכיל! אַנדערע זעננען מסופק צו יודען זעננען מענשען, אונ קיין שום יוד איז נישט מסופק אַז אין 8 מיליאָן יודען זעננען נור דאָ 4 מיליאָן מענשען אונ די רעשט זעננען — ווייבער. לאַנגע הזהר אונ קורצער שכל, ניין מאָס רייד, אַ יודענע איז ערגער ווי דער טויט — דאָס רוב זעננען מכשפות...

אונ דאָס איז נישט אונזער יושר אַליין, עס איז ביי'ן אַללע פֿאָלקער אַזוי... אונ וואָס ווילדער אַ פֿאָלק איז, וואָס וויכטיגער עס איז ערגיץ די פֿויסט, ערגער איז אַלס דער פֿרוי. ביי טהייל ווילדע

— אַט! אַט!

— דערנאָך בין איך געוואָרען לוסטיג, לעבעדיג, לאַכענדיג... דאָס פּנים האָט זיך מיר נישט געריהרט, די ליפּפּען אויך נישט, אונ איך האָב דאָך געלאַכט... אַזוי גוט, אַזוי האַרציג, אַזוי נחת'דיג געלאַכט!

— אַט! אָט! אַט! מתוך שמחה!

— דערנאָך האָט עפּיס אין מיר געברומט, ווי אַיין אַנהייב ניגון —

דער ראש ישיבה איז אַראָב געשפּרונגען פון זיין באַנק אונ איז מיט איין מאָהל געווען ביים תלמיד: —

— נו — נו —

דערנאָך האָב איך געהערט, ווי עס האָט אין מיר אָנגעהויבען זינגען!

— וואָס האָסטו געפיהלט? וואָס? וואָס? זאָג!

— איך האָב געפיהלט אַז אַללע חושים זעננען מיר פערשטאָפּט אונ פער־מאַכט, אונ אינעווייניג זינגט, אונ פונקט אַזוי וויא מען דאַרף — גאָר אָהן ווערטער, אַט אַזוי...

— ווי אַזוי? ווי אַזוי?!

— ניין, איך קאָנן נישט... דעמאָלט האָב איך געוואוסט... דערנאָך איז פון'ם זינגען געוואָרען... געוואָרען...

— וואָס איז געוואָרען — וואָס איז געוואָרען?...

אַ מין שפּיעלען... גלייך להבדיל איך וואָלט דאָרט אינעווייניג אין מיר אַ פּיע־דעל געהאַט. אָדער גלייך יונה כלי־זמר זאָלל אין מיר זיצען אונ שפּיעלען זמירות, ווי ביים רבי'ן צו טיש! נור עס האָט גע־שפּיעלט נאָך בעססער, נאָך אָדעלער, מיט נאָך מעהר רוחניות! אונ ווייטער גאָר אָהן אַ קול, גאָר אָהן אַ קול — מיט סאַממע רוחניות!..

— וואהל איז דיר! וואהל איז דיר! וואהל איז דיר!

— צונד איז אַלעס אַוועק — מאַכט טרויריג דער תלמיד — עס האָבען זיך מיר צוריק געעפענט די חושים, אונ איך בין אַזוי מיעד, אַזוי מיעד, מי-ע-ד אַ-זוי — מיעד! אַז איך...

— רבי! האָט ער ראַפּטום אַ געשריי געטוהן, אונ זיך אָנגעחאַפּט ביים האַרץ — רבי! זאָגט מיט מיר ודוי! מען איז גע־קוממען נאָך מיר! — עס האָט דאָרט אין פמליא של מעלה אַ זינגערעל פערפעהלט! אַ מלאך מיט ווייסע פליגען... רבי! רבי! שמע ישראל! שמעעע... יש...

---

דאָס גאַנצע שטאָדטעל ווי איין מענש,

---

פערברענט מען גאָר די אַלמנות... ביי אונז הייסט „מקדש זיין" געבען אַ זאַך וואָס איז ווערט אַ פּרוטה, ביי טהייל ווילדע הייסט מקדש זיין געבען אַ האַק אין די צאָהן אַריין, אַז צוויי פון די פאָרענדיגע זאָללען אַרויס פאַללען... ביי אַנדערע מוז מען די כלה שלעפּען אויף דער ערד ביי די האָהר אונ אויסגלייכען איהר אַ פּאָר ביינער. ביי אונז אַ גרושה האָט נאָך אַ שטיקעל ווערט, ביי אַנדערע שטעקט אין דער גרושה די גאַנצע טומאה, מען לאָסט זי אין קיין פרום הויז נישט אַריין אונ זי שטאַרבט פאַר הונגער, אָדער רייסט אויס ביי די הינד אין גאַסס אַ ביין...

ביי אונז פראָגט מען קיין מיידעל קיין דעה נישט, אויב זי וויל דען חתן, אונ אַז זי זאָגט „ניין" אויף דעם, וואָס געפאָלט מאַמע, אָדער יאָ אויף אַזוינעם, וואָס פּאַסט נישט פאַר זייער יחוס, הייסט זי אַ חצופה, אַיין אויסגעלאַססענע... ביי'ן אַנדערע, איז די טאָכטער איין איינפאַכע סחורה, אונ דער פאָטער, אונ נאָך זיין טויט דער ברודער, אָדער איין אַנדערער קרוב, פערקויפט זי וועמען אונ פאַר וויפיל ער וויל. ביי אונז האָט דער מאַנן אַ פּראַווע אויפ'ן לייב נור אָהן אַ „פערעדאָוויעריע", אויף טהייל אָרטער קאָנן ער זי אָבטרעטען אויף אַ מאָל אונ איינציגווייס, אָדער מכבד זיין מיט איהר אַ גאַסט. די ווייבער לעקקען אין ערגיץ קיין האָניג נישט... די, וואָס האַלטען פאַר קלוג, גוט אונ פיין דאָס אַללעס וואָס אַרום זיי איז, אונ בפרט נאָך, דאָס וואָס איז שוין אַזוי פון אייביג אויף, די פערשטעהען, אַז עס דאַרף אַזוי צו זיין, אַז עס איז נישט מעגליך אַנדערש. אונ ווען עמיץ זאָגט זיי, אַז אַ נקבה קאָנן אפילו ווערען אַ רב, אַ דיין, וואָל־

האָט זיך געווינשען אַזאַ טויט, נור פֿאַר'ן ראש ישיבה איז אַלס וויניג:

— נאָך אַ פּאָר תעניתים, קרעכצט ער, וואָלט ער שוין געשטאָרבען „בנשיקה!"

י. ל. פּרץ.

## תַּעֲנִית גֶעדַאנְקֶען.

(אַפֿאָריזמען)

1) אַסך עֶדלע מענשען קאָננען נישט טויטען קיין פֿליעג און עסטען אויף איין אָקס...

2) האַלב געבילדעטע מיטטער פֿיהרען ריין און היגיעניש די קינדער כל זמן זיי זענגען געזונד; ביי דער ערשטער קראַנק אָבער, ווערען זיי אַבערגלויביש און שוואַך און קאָרמען די קראַנקע קינדער מיט קאַרמעלקעס און איינגעמאַכטס און טוישען אויף זיי נישט דאָס העמד. האַלב געבילדעטע פּאַטריאָטען טהוען דאָס זעלבע מיט'ן פֿאָלק.

3) דער „היינט" איז אַ מוטל בספק, דער „מאָרגען" וועט זיכער געהערען צו די, וואָס ווייסען נישט קיין גרויסען חלוק פֿון אַ תענית ביז נישט אַ תענית!

4) מענשען נעממען זיך צוזאַממען אָדער יענעם צו עסטען אָדער זיך נישט צו לאָזען עסטען; עס איז נאָטהווענדיג, נור נאַררען מאַכען פֿון דער נאָטהווענדיגקייט אַ אידעאַל.

5) אין יעדען מענש שטעקט אַ ביסל גוטס; ווער עס גיט עס אין גאַנצען אַוועק גאָטט, דעם בלייבט שוין גאָר נישט פֿאַר מענשען.

6) נישט איינער ווערט גרויס, ווייל ער שטעלט זיך אויף אַ בעססערען קאָפּף אַלס זיין אייגענער איז.

7) אַז דו פֿאָהרסט אין וועג זעהסט דו פֿון ווייטען גרויסע בערג, וואָס נאָהנטער אָבער ווערען זיי קלענער, און צום סוף קריכען גאַנץ לייכט אויף זיי אַרויף דעם בעל העגלה'ס געפּייניגערטע פֿערד; בעקענען דיך נישט מיט גרויסע לייט, וואָרען עס וועט דיר דאָס אייגענע געשעהען.

8) אַהוהן, וואָס האַפּט דען אָבראָק, וואָס פֿאַלט פֿון איבערגעפֿולטען פֿערד'ס מויל אַרויס, טראַכט ביי זיך: וואָס פֿאַר אַ פֿילאַנטראָפּ עס איז!

9) ביי טהייל געהט איבער דאָס האַרץ; ביי אַנדערע — פּלאַצט עס.

10) „נויט ברעכט אייזען" און „אייזען ברייכט די נויט" — דאָס איז דאָס קלאָציל, אויף וועלכען די געשיכטע

טען זיך ביי זיי די האָהר קאַפּויר געשטעלט, פּיאַנע וואָלט זיי פֿון מויל, אָדער זיי וואָלטען חוכא וטלולא געמאַכט נישט ערגער פֿון רעדאַקטאָר פֿון המליץ, הערדן ראַבינאָוויטץ, וואָס האָט אויסגעגאָססען אַ גאַנץ בלאַטט מיט בייזען חוזק אויף איין אַמעריקאַנישע שטאָדט, ווייל — ווייל זי האָט אויפֿגענוממען נישט קיין גע'מל'עטען, ד. ה. אַ נקבה'שען רב. און דאָך זעננען פֿערהאַנדען אַנדערע, וואָס זאָגען אַז צַללעס וואָס אַרום אונז געשיהט, קאָנן זיין גוט און שלעכט, און מיר דאַרפֿען שכל האָבען און דאָס שלעכטע פֿערריכטען, עס זאָלל ווערען גוט.

איינער פֿון די לייט איז געוועזען משה רבינו: פֿאַר מתן תורה האָט אַ נקבה נישט געהאַט קיין פּראַווע פֿון אַ מענש, קיין פּראַווע אויף פֿערמאָגען, קיין פּראַווע צו לעבען נישט אין אַ פֿרעמדען רשות, נישט אונטער אַ פֿרעמדע רוטה: אָדער זי איז געוועזען דעם טאַטענס, אָדער אַ קרוב'ס אָדער דעם מאַנס, און אַז זיא האָט פֿערלוירען דען „רשות", האָט זי אויסגעזעהען ווי אַ פֿיש וואָס פֿאַלט אַרויס פֿון וואַססער, אָדער אַ מענש, וואָס מען נעמט איהם צו די לופֿט. איין אַלמנה איז דעריבער ביטטער געוועזען. האָט זי האָטש קינדער געהאַט, איז זי געבליבען אַלס מאַמע ביי יורשים, נור אַז נישט, איז דאָס פֿערמאָגען אַריבערגעגאַנגען צו'ם מאַנ'ס קרובים און זי איז געבליבען ביי גאָר נישט, שלינג און שלאַנג, ווי מען זאָגט. נור איין גוטער מנהג איז געוועזען, דער ברודער פֿון געשטאָרבענעם פֿלעגט חתונה האָבען מיט דער אַלמנה און אַזיערנאָך איז דער פֿיש צוריק אַריין אין וואַססער, דער מענש האָט צוריק געקענט אָטהמען. נור דאָס איז נור געוועזען

וויקקעלט איהר אייביגען פּאָדים.

11) אָפּט שרייט מען „לא תגנוב" אויס לויטער קאָנקורענץ.

12) עס וואָלט היינט אויך פון שטיי־נער וואַססער געראָננען, דער שטעקקען זאָלל נישט זיין פערנוממען מיט עפּיס אַנדערש...

13) אין דער ערשטער קעשענע איז שוין געלעגען דער גאַנצער קאָרעקס מיט אַללע מפרשים.

14) די צוויליזאַציע איז אַ פונקט, וואָס בעוועגט זיך איממערוואָהרענד און מאַכט איהר אייביגע ליניע, און זי פיהרט אַללע מאָל צו'ן אַ האָבערן צוועק. טהייל מאָל ברעכט זיך די ליניע איבער און לאָזט זיך אַריין אין דער טיעף, און דעמעלט מיינען די קורצזיכטיגע, אַז זי האָט זיך איבערגעהאַקט.

15) דער קאָנסערוואַטיזם איז אַ פער־שווינדעלטער באַנקראָטט, וואָס וויל קיינ־מאָל נישט ליקווידירען.

16) אָרימקייט איז נישט קיין שאַנד נור — אַ מכה.

17) עס וואָלט קיינמאָל קיין שרפה נישט געוועזען, מענשען זאָללען באַלד דערזעהען דען רויך.

18) דאָס לעבען וואָלט געוועזען אַ גאַנץ האַרמאָנישע מעלאָדיע, ווען די לעדיגע מאָגען זאָללען נישט אַריין בורציען און די איבערגעפּולטע — אַריין גרעבצען.

19) מענשען שטאַרבען פערשיעדען: אַ גאָטהע שרייט: ליכט! אַנדערע וויל־לען די זונן זאָלל מיט זיי צוזאַממען אונ־טערגעהן.

20) טהייל מיינען, אַז וואָס מען קאָן נישט אויפעססען מוסס מען אויסטרינקען.

י. ל. פרץ.

# ליזא

(פון לעבען אין שטאַלל)

דער פאַסטוך יוזעף האָט צוזאַממען געטריעבען די בהמות פון די לאָנקעס און איז געקוממען צום פריץ מיט אַ ראַפּאָרט, אַז די שוואַרצע „ליזאַ" איז עפּיס ניט אין גאַנצען: עפּיס געהט זי אַרום דען גאַנצען טאָג אַראָבגעלאָזט דען קאָפּף, שמעקט נישט צו קיין גראָז, פאַרשטופּט זיך אין ווינקעלע און ליגט צוזאַממענגעקאָרציט. דער פריץ האָט געוואוסט, אַז יוזעף רעדט פון נוממער 5, וואָס האָט נאָך נאָכטען לויט דעם חשבון וועניג מילך געגעבען. ער אַיילט אין שטאַלל אַריין. ליזע זעהט ווירקליך שלעכט

---

אַ מנהג, וואָס מען האָט געקענט ברעכען. וואָס טהוט מען, אַז נישט? אַז דער ברודער נעמט צו דאָס „פערמאָגען" און זאָגט, אַז אָהן איהר וועט ער זיך בעגעהן? וואו וועט זיך די אלמנה אַהין טהון? — משה רבינו האָט די שאלה פעראָנפערט: אויב ער וויל זי נישט נעמען, זאָל ער געבען חליצה — דאָס הייסט זי שפייט איהם אָן אין פנים פאַר כל הקהל הקודש...

עס איז געוועזען אַ קלוגע ערליכע פראַוויע. קיין מענש וועט זיך נישט לאָזען שפייען בפרהסיא אין פנים אַריין, און אויב עס וועט זיך אַזוינער טרעפּען, איז גלייכער זי זאָלל פאַר הונגער שטאַר־בען איידער אַזאַ הונד אַ מאַנן צו האָבען.—

צו האָט זיך משה רבינו געקאָנט ריכטען, וואָס אונזערע רבנים וועללען פון זיין גוטער, קלוגער און ערהליכער פראַוויע מאַכען? באין אופן נישט. עס איז לייכטער צו טרעפּען וואָס אַ נאַרר האָט אין זינן איידער צו פּאַללען, וואָס פאַר אַ שלעכטע, אונזיננינגע נאַרישקייטען עס וועללען אַרויס פון אונזערע חכמים׳ס פערפלאָנטעטע מוחות. היינט איז די לאַגע אַזוי: ער טאָר זי נישט נעמען, און זי מוז נעמען חליצה, זי טאָר אַנדערש נישט חתונה האָבען מיט איין אַנדערן, ביז ער וועט זיך נישט גערענוויליג לאָזען אָנשפייען אין פנים אַריין! זי מוז לעבען אָהן לופט און וואַססער, כל זמן ער וועט נישט אַליין קוממען אין קהל שטוב און בפני קהל ועדה לאָזען זיך רופען „פאָדליעץ", חאָטש ער איז אַ מכה שולדיג...

אָט, דאָס איז חליצה! פויל אָרימע אלמנה, ווייל משה רבינו האָט דיר געוואָלט אַ טובה טהון,

אוים; זי ליגט אויסגעצויגען אויף פריש שטרוי, מאָרנע אויסגעצויגען איז דער האַלז אויף דער גאַנצער לאַנג פון פאָסטראָנעק (שטריק), און צייטענווייז לאָזט זי אַרויס ביטטערליכע זיפצען. דער פריץ פערשטעהט זיך אויף וועטערינערי, ער געהט צו נאָהנטער, בע־טאַפט דען האַלז, די פלייצעס, העבט אויף דען עק, קוקט אין פיסק אַריין און האַלט זיך איין עצה מיט יוזעפען. עס איז געבליעבען, אַז מען דאַרף ליזען געבען אַ הערינג מיט ענגליש זאַלץ אויף אַפעטיט; יוזעף איז אַוועק אין קיך נאָך די רפואות.

דעם פריץ ווערט אַביסל טרויעריג:

— שאָד ליזאַ!

ליזא'ן קאָנן ער ניט פון היינט. ער געדענקט זי אַזוי לאַנג! עס וועט זיין אַ געשיכטע פון אַ יאָהר 20. ער האָט נור וואָס געענדיגט די שוהלען און גענוממען זיך דעם פאטער אין דער ווירטשאַפט צו העלפען. די ערשטע מתנה, וואָס ער האָט בעקוממען פון פאָטער, איז געוועזען אַ קליין בונטיג קאָלבעל, און ער האָט עס אַ נאָממען געגעבען: „ליזאַ". דאָס קאָלבעל האָט ער ליעב געקריגען, ער פלעגט איהר אַלליין אַללע מאָל דערלאַנגען אַ ביסעל פריש כּעהל, פריש גראָז, אָדער אביסעל קאָניע־צינע, טהייל מאָל אַ שטיקעל לעקיך אויך. אַז זי האָט זיך אָבגעקאָלבט, זיין פאטער— געשטאָרבען און ער איז געבליעבען אַלליין בעל־הבית, האָט ער זי אָבגעשטעמפעלט מיט נוממער 5 און אַריינגעשטעלט צווישען ז י י נ ע קיה ד. ה. צווישען די, וואָס דער פאַחציאַר האָט אויף זיי גאָר קיין פראַווע נישט געהאַט; זי האָט געהערט צום הויף.

פון ליזא'ן איז געוואָרען אַ פיינע קוה. זי שאָנקט איהם אַללע יאהר אַ ניי שאָן קאָלבעל — איין אָקסיל אָדער אַ קיהעלע, און בעזאָרגט איהן אַ גאַנץ יאָהר מיט מילך, פוטטער און קאָז, און ער האָט שטאָלצירט אויף ז י י ן קוה. ער האָט זי פאַר אַללע פאָרגעשטעללט. און עס איז געוועזען אויף איהר וואָס צו זעהען: ליזאַ איז אַ הויכע, בונטע קוה מיט אַ פאָר גרויסע אויגען, שטאַרקע האָרנער, פעסטע פיס און אַ פוללע אייטער. יעדער האָט אויף איהר געקוקט מיט פערגניגען און געגלעט די פעטע פלייצעס. און דער פריץ האָט געקליבען נחת, גע־קוואָללען פון זיין ליזא'ן! צונד, שטייענדיג בייא'ן איהר און קוקענדיג אויף איהר קראַנק פנים, דערמאַנט ער זיך ביסלעכווייז אַללע איהרע מעלות און ער ווערד טרויריג. איהר יעדער זיפץ שלאָגט זיך אָב אין זיין הערץ. ער געהט צו נאָהנטער און העבט זי אָן וואַרים צו גלעטטען.

און ליזאַ שטעלט אוים אַ פאָר גרויסע אויגען אויפ'ן פריץ. זי דערקענט איהן,

---

שטאַרב פאַר הונגער, דאַר און קוואַר, ווייל משה רבינו'ס שטעל־פערטראָטער האָבען נור איבערגע־נוממען זיין שטעקקען נישט זיין שכל, נישט זיין יושר! און נייטען חליצה געבען טאָר מען אויך נישט! מען קאָנן נייטען געבען אַ גט, נייטען עס זאָלל קיינער קיין הייבען אויסער די רביצען נישט פערקויפען, עס זאָלל קיינער נישט אָנריהרען קיין יו"ט שני של גליות, נישט רעדען אויף אַ גוטען יוד, נישט אונטערשניידען אַ פאה, אויף דעם איז דאָ — שטיינער אין גאַסס, אַ שופר אין ארון קודש און מסירות און מלשינות אויף דער צונג... נור נייטען חליצה צו געבען דאָס נישט! אַ ל י י ן מיטן גוטען ווילען זאָלל ער זיך לאָזען אָנשפייען אין פנים אַריין! מען טאָר קיין יודישע פרנסה נישט צו שאַנ־דען מאַכען! און חליצה איז שוין אַ יודישע פרנסה!

זי וועט איהר כתובה אַוועק געבען, דאָס קלייד פון זיך אַראָב פערקויפען, זיך אַליין פאַר אַ דיענסט שטעללען, אַבי חליצה צו נעמען... דער וואָס האָט איין אָלטערן, בפרט נאָך אַ קראָנקליכען ברודער איין עקר און טהוט אַ שדוך מיט אַ קינד, קאָנן אָב לייגען דאָס בעלעגען דען נדן ביז דער חליצה! פאַר וואָס נישט?

און שטעלט אייך פאָר אַז פלוצלינג דרוקט דער וואָסחאָד, און נאָכ'ן וואָסחאָד די הצפירה אַ ידיעה, אַז די רבנים ווילען מתיר זיין חליצה! שטעלט אייך פאָר מיין פרייד און מיין פעליעטאָן, וואָס איך וואָלט איבער דער בשורה טובה געשריבען! איך וואָלט דאָס ערשטע מאָל געשריבען וועגען אַ שטרייכעל אָהן גאַלל, דאָס ערשטע מאָל גערעדט פון אונזערע „גאונים", אומגעוואָלט פון זיי מאַכען „זכרונו

זי שטעקט אויס איהר לאַנגע רויטע צונג און טרעסעלט זיך ווי אין פֿיבער; עס איז איהר קאַלט, חאָטש אַ הייסער שוויים פֿערדעקט איהר גאַנצען לייב; זי אָפּפּענט אויף דען גרויסען פּיסק און עס בעווייזט זיך אַ שורה גרויסע, געלבע ציינער, נור זי מאַכט איהן באַלד ווידער צו און האָרט ניט אויף צו זיפֿצען.

יוזעף איז צוריקגעקוממען און מען האָט איהר איבערגעוואַלד אַריינגעגאָססען אַ פֿלאַש ענגליש זאַלץ; דען הערינג האָט זי באַלד הערויס געוואָרפֿען. ליזאַ ווערד וואָס אַ מינוט שוואַכער. מען האָט איהר לויז געמאַכט דען פּאָסטראָנעק און זי האָט נאָך לאָנגער אויסגעצויגען דען האַלז, אַוועקגעלעגט דען קאָפּף אין אַ זייט און ביטטערליך געקרעכֿצעט.

אַ דינסט איז געקוממען רופֿען דען פּריץ צו וויעטשערע. ער איז נאָך אַ ווייל געשטאַנגען... ער גיט אַ קרעכֿץ, זאָגט אָן יוזעפֿען, אַז ער זאָלל באַלד אין דער פֿריה קוממען מיט אַ ראַפּאָרט פֿון ליזאַ'ס געזונד.—

ליזאַ העבט אויף דען שוואַכֿען קאָפּף, לאָזט אַרויס אַ לאַנגען, לאַנגען קרעכֿץ און קוקט נאָך דעם פּריץ ביז ער ווערט פֿערשווינד״ן. דערנאָך לאָזט זי איהן פֿאַללען צוריק. זי שפּירט, אַז זי ווערט שוואַכֿער, אַז די כּחות פֿערלאָזען זי. זי איז דאָך רוהיגער, ווייל זי האָט דען פּריץ געזעהן, און קוקט דאַנקבאַר אויף יוזעפֿען, וואָס האָט איהן אַריין גערופֿען.

יוזעף האָט אויסגעלאָשען די לאַטערנע און געהט אויך אַוועק.

אַרום איז שטיל. אַללע קיה שלאָפֿען נור איין ליזאַ קאָנן ניט צו טאָן קיין אויג. זי לעגט איבער דען קאָפּף אויף אַללע זייטען, וואַרפֿט זיך אין אַללע זייטען און געפֿינט זיך אַלס קיין אָרט נישט... עפּיס שטעכֿט זי אין דער ברוסט, און אינווענדיג ביים מאָגען איז אַזוי הייס, גלייך עס ברענט דאָרט אַ פֿייער. זי דערמאַנט זיך, אַז ווען דער פּריץ האָט זי געסטעמפּעלט מיטן הייסען אייזען האָט זי אויך אַזוי געברענט. זי געדענקט דען פּריץ און זיפֿצט שטאַרקער, זי דערמאַנט זיך נאָך דאָס לעצטע קאָלבעל, וואָס מען האָט איהר ניט לאַנג צוגענוממען... זי וואָלט זיך אפשר אַ סך זאַכֿען דערמאַנט, נור די יסורים לאָזען נישט... זי בלייבט ליגען אָהן געדאַנקען, נור אין דער פֿינסטערע שלאָגען איהרע בלישצענדיגע אויגען מיט אַהיציג פֿייער און זי ווערט אַללע מאָל אונרוהיגער.

אָט, דערמאַנט זי זיך ווייטער עפּיס, און גיט אַ ציטטער אויפֿ'ן גאַנצען לייב.

אַ פּאָר וואָכֿען צוריק איז אַריין געקוממען אַ הויכֿער מענש מיט אַ לאַנגער באָרד.

לברכה'ס", איך וואָלט אפילו מיך נישט געמאוסט איינעם אַ קויש אין פּיסקעל צו געבען — נור וואָס קומט אַרויס — עס איז באַלד געקוממען איין הכּחשה! לא היו דברים מעולם! עס איז קיינעם פֿון די רבנים גאָר נישט איינגעפֿאַללען עפּיס אַ קלער צו טהון פֿאַר דער אָרימער חליצה'ניצע...

די רבנים איז לייכֿט געוועזען מתּיר צו זיין פּראָצענט, ערלויבען די רייכֿע זאָללען שינדען ביי אָרימע לייט די הויט, אויסקלערען איין עצה איבערצוהאַלטען דען חמץ איבער פּסח אַבי צו ראַטיווען דעם שענקער אַ פֿעססעל בראָנפֿען, פֿערזאָרגען די בעלי־בתּים זאָללען קאָנען טראָגען דען טלית־זאַק אום שבּת איבער דער גאַסס, צו געפֿינגען איין עצה געגען שמיטה פֿאַר די חובבי־ציון, נור שווער איז מתּיר צו זיין אַרבּים און הערינג פֿאַר אָרימע לייט אויף פּסח... און נאָך שווערער איז מיר, אין אַזאַ צייט צו שרייבען אַ לייכֿטען פֿעליעטאָן — ווייל פֿון תּעניתים האָב איך פֿיינט צו רעדען!

**לָצְפֶּר.**

## דָאס אַייזֶען.

אָט האָרט אַ מעשה פֿון אַייזען.

עס איז געלעגען טויזענד יאָהר, אפשר הונדערט טויזענד יאָהר, אונטער דער ערד אין אַשרעקליכֿער טיעפֿענים — איין אונגעהייער גרויסע מאַססע פֿון אַייזען. געלעגען איז עס קאַלט, אָהן אַ בעוועגונג, טוידט, פֿערשימכּעלט; עס האָט פֿון איהם געטראָגען

אזוי ווי ביי דעם פּאַכציאַר, אין האַנד האָט ער געהאַלטען אַ שאַרף בלישצענדיג מעססער און ער האָט עס אַריין געשטעקט איהרע אַ חברת'ע אין האַלז; אַ שטראָם בלוט האָט אַ יאָג געטהון און מען האָט זי צוגענוממען פֿון שטאַלל... ליזאַ שפּירט נאָך צונד אַ ריח פֿון בלוט און זי האָרט נישט אויף צו קוקען אויף דעם אָרט, וואו איהר חברת'ע האָט געזאָססען און געזאָססען... דאָס אָרט איז יעצט פּוסט. ליזען שווידערט, חאָטש זי ווייסט נישט פֿאַר וואָס, נור עפּיס שראָקט אין איהר דאָס האַרץ און עס צאַפּפּעלט. באַלד פֿערגעסט זי דאָך דאָס בילד; די שמערצען שטאַרקען זיך, אין מאָגען וואַרפּט זיך עפּיס אַרום, דער בויך וואַקסט און וואַקסט, קאָנוואולסיען טרעטען וואָס אַמאָהל מעהר צו... אַזוינע שמערצען האָט זי נאָך קיין מאל נישט געשפּירט.

די זוממערנאַכט איז שנעלל פֿאַרביי. דער פּריץ האָט זיך אויסגעשלאָפֿען ביים אָפּפֿענעם פֿענסטער אין גאָרטען אַריין, און אויפֿשטעהענדיג, האָט ער אויסגעהערט פֿון יוזעפֿען די שלעכטע בשורה, אַז ליזען איז אָרגער. יוזעף גיט דערביי אַ מאַך מיט'ן האַנד, גלייך עס וואָללט שוין קיין האָפֿפֿנונג ניט געוועזען. דער פּריץ האָט אָבגעזיפֿצט און געהייסען רופֿען דען פּאַכציאַר...

ליזאַ ליגט אַלץ און קרעכצט, אַללע איינוואוהנער פֿון שטאַלל זענען שוין לאַנג אויפֿן פֿעלד. זי אַלליין ליעגט אויפֿן זעלביגען אָרט און האָרט ניט אויף ביטטערליך צו קרעכצען. זי זעהט אויס פֿינסטער, די הויט האָט זיך איהר צוזאַממענגעצויגען... זי איז אין גאַנצען ווי קלענער געוואָרען. און איבער נאַכט זענען איהר ווי נייע אַרויסגעוואַקסען עטליכע דאַרע ביינער פֿון אונטער דער הויט.

זי ליעגט און האָרט זיך איין צו קומט נישט צו'ן איהר דער פּריץ, נור זי דערהאָרט אַ גערויש פֿון ראָדער. אין אַ פּאָר מינוט אַרום קוממען אין שטאַלל אַריין עטליכע מענשען. אָט, דער פּריץ איז דאָ! נור נישט אַליין. ליזאַ דערקענט דען פּאַכציאַר און דערצו... דער הויכער מיט'ן שאַרפֿען מאָססער אין דער האַנד. זי ציטטערט נאָך מעהר. דער פּריץ, ווי עס ווייזט אויס, האָט פֿערגעססען איהרע אַללע מעלות, ער האָט אפילו קיין צייט נישט אויף איהר צו קוקען, ער דינגט זיך פֿעסט מיט'ן פּאַכציאַר... מען רעדט וועגען דער לעדער, וועגען פֿלייש... דער פּאַכציאַר שרייט אין איין אַיילעניש... עס איז שפּאָט... ליזאַ האָרט זיך איין מיט שרעק און לאָזט קיין אויג פֿון חלף נישט אַראָב.

אָט—געענדיגט! דער פּאַכציאַר צאָהלט געלד אויפֿ'ן פּריצ'ס אויסגעשטעלטער האַנד, און דער הויכער מיט'ן מעססער רוקט זיך נאָהנטער צו צו ליזען...

. . . . . . . . . .

א. י. פֿרייד.

---

אַקאָלט אַרויף און אַראָב, רעכטס און לינקס. אין אַללע זייטען האָט געטראָגען פֿון איהם מיט טוידט און קאָלט. געלעגען איז עס ווי אַ נבלה, און אויף איהם פֿון אויבען האָט גאָטט אָנגעשאָטטען גאַנצע טהאָלען און בערג. אויף דער ערד פֿון אויבען האָט געשפּראָצט גרין גראָז, עס האָבען געבליהט הונדערטע בלומען; עס האָט געוואַקסען ברויט, האָבער, פֿלאַקס, וואָלדער און עס זענען געשטאַנען שטאָדט, דאָרפֿער און הייזער. און די מענשען, וואָס האָבען אין זיי געוואָהנט, זענען פֿרום געוועזען און גאָטט געדיענט.— געוואָהנט האָבען ערד-אַרבייטער מיט ווייבער און קינדער און האָבען געלעבט פֿון אייגענער אַרבייט, אין אייגענע הייזער;— יעדער איז ביי זיך אַליין געוועזען בעל הבית, אַ מאַנן דעם ווייב און אַ טאַטע די קינדערלעך. קליינערהייט פֿלעגען די קינדער געהן אין שוהלע; אונטערגעוואַקסען, פֿלעגען זיי העלפֿען די טאַטע-מאַמען, און אזוי איז געגאַנגען, ווי גאָטט האָט געבאָטען, פֿון דור דורות. אונטער דער ערד איז געלעגען די אייזערנע פּגירה און אויף דער ערד האָט געוואָהנט דער לעבענדיגער מענש; טאַקי אזוי ווי עס דאַרף צו זיין. ויהי היום ויבא השטן — דער שטן איז געקוממען פֿון אַלל-די-שוואַרצע יאָהר, מעבר לים. ער איז געקוממען און גאָר נישט געזוכט און אַריינגעשטעקט די נאָז אין דער ערד! ער האָט אַריין געשטעקט די נאָז, און אָנגעהויבען

# נאך דער שלאכט.

## א

נעבען ירושלים איז געוואָרען שטיללער, נאָך דער בלוטיגער שלאַכט וואָס איז געווען דעם גאַנצען טאָג צווישען די ראָמער און די בעלאַגערטע יודען, זענען ביידע מיעד געוואָרען. די יודען האָבען זיך צוריק געצויגען אין שטאָדט און פאַררינגעלט די פעסטע טויערן, און ביי די ראָמער האָרט זיך דער סיגנאַל פון די טראָמפּעטען, די זעלנער זאָלען געהן רוהען. עס ווערט נאַכט, עס לעגט זיך אַ שוואַרצער שלייער אויף דער אומגעגענד פון ירושלים, און די טונקעלהייט פערדעקט די שרעקליכע שמערצען מיט דער גסיסה פון צעהן טויזענד פערוואונדעטע... ביסליכווייז ווערט גאַנץ פינסטער; אויפ'ן הימעל פונקעלט נישט קיין איינציגער שטערן; אַ קאַלטער, אַ שאַרפער ווינד טרייבט שוואַרצע חמאַרעס פון ווייטענס, פון ים זייט, און די חמאַרעס קלויבען זיך אַרום דעם באַרג ציון...

אַרום דעם ראָמישען לאַגער זענען אויסגעשטעללט די וואַכטער (שומרים). און אויף דעם פלאַטץ ביי דער מויער, וואו היינט איז געווען די שלאַכט, האָרט זיך: אַ פאַרשטיקט געשריי פון שרעקליכע ווייטאָגען, אַ חאָרחלען, חליפעריי, קללות, זיפצען, קולות פון יציאַת נשמה, די לעצטע קרעכצען פון די וואָס ראַנגלען זיך מיט'ן מלאך המות... עס נעהמט אַ גרויל צו בערעכנען די וועהטאָגען, יסורים, שמערצען און פערצווייפלונג פון די אונגליקליכע וואָס ליעגען דאָ אָנגעוואָרפען! צעהן טויזענד פאַרשוין! — —

דער קאַלטער ווינד האָט דורכגענומען דאָס גאַנצע לייב פון די אָנגעמידטע ראָמישע זעלנער. עס איז אַ זעלטענהייט, אין פּאַלעסטינאַ זאָל תחלת אָדר זיין אַזאַ ביטערע קעלט, און די ראָמער ציטערען אַללע גלידער. די וואַך צולעגט יעצט אַ פייער, שטעלט אויס די שומרים און זעצען זיך וואַרימען אַרום דעם פראָהליך פלאַקערנדען פייער.

הינטער זיי האָרט זיך פאַרשטיקטע קרעכצען און טיעפע זיפצען, ווי פון אַ קבר אַרויס...

מיט אַ טרויעריג פנים זיצען די ראָמישע זעלנער אַרום דעם פייער, און רעדען אדות דער היינטיגער שלאַכט, און ערצעהלען די גבורות פון די יודישע העלדען, וואָס האָבען געריססען ווי די טיגער, געשניטען מענשען ווי זאַנגען, און זיי דערמאָנען זייערע בעקאַנטע און גוטע פריינד, וואָס היינט איז געווען זייער לעצטער לעבענסטאָג...

עטליכע טריטט הינטער זיי האָרט זיך אַ קול, ציטטערט פון וואָהטאָגען און רופט אָהן כח:

— אָ יופיטער! אַ טראָפּעלע וואַססער! איך וויל טרינקען!

די טרויעריג-ערנסטע פנים'ער פון די ראָמישע וואַכטער ביי'ם פייער דרעהען זיך אום, ניט ווילענדיג, אין דער זייט, פון וואַנעט די שטיממע האָרט זיך. אָבער ווער וועט אין אַזאַ פינסטערניש געהן זוכען דאָרט ערגיץ אַ ניט-דערהרגטען, וואָס

---

בויערן און ערבערן. דערפון איז אַרויס אַ וואונדערליכע זאַך: דאָס מידטע אייזען האָט זיך דערוואַרעמט, אָנגעהויבען הייס ווערען, ווייך ווערען, צוהיצען זיך! — עס האָט זיך דערוואַרעמט און איז לעבעדיג געוואָרען! עס איז לעבעדיג געוואָרען און אַרויס פון אונטער דער ערד... עס איז אויפגעשטאַנען תחית המתים! און עס האָט זיך צושפּיעלט!... די האַנד צופיהרט! מיט דעם אייזען אין געוואָרען פולל און פולל!... אַ דראָט האָט אַרומגענוממען די גאַנצע ערד, און מען רעדט אויף איהר פון איין עק וועלט צום אַנדערען; אייזערנע שיפען פליהען, וואַגאָנען לויפען, ראָדער דרעהען, פרעססען קלאַפען, לאַמטערן לייכטען, קאַססעס פינקלען, זעגען בלישצען — מיט איין וואָרט: דאָס אייזען האָט זיך צושפּיעלט אין דער גאַנצער וועלט אין דער לאַנג און אין דער ברייט! נור וואָס איז אָבער געוואָרען מיט'ן לעבענדיגען מענש? עס איז געוואָרען, אַז די דראָטען, ראָדער, גווינטען, פרעססען, האָבען איהן אַרויסגעשלעפּט פון זיין שטוב, אָבגעריסען פון זיין בעל-הבתישקייט און צוגעשטעללט צו זיך פאַר אַ שומר, צו די ווינטען, פרעססען, קעססלען און אייזענס! גיאַנטשע זיי, היט זיי, געה אַרום זיי... און וועגען זיך פערגעס אפילו אַ טראַכט צו טהון!... חתנים האָט מען אָבגעריססען פון כלות, כלות פון חתנים, ווייבער פון מאַננער און קליינע פיצלעך קינדער פון טאַטע-מאַמע... יעדער איז צוגעשמידט צו זיינס, צו דער דראָט, צום גווינט, צום פאַפּיראָס, צום אויווען מיט די קויהלען און אָבטרעטען טאָר ער נישט! קוים טרעט ער אָב, איז שוין נישטאָ וואָס צו עססען!... האָרסט דו אויף צו דרעהען די מאַשין — שטאַרב! האָרסט דו אויף צו ברענגען ביים אויווען — שטאַרב!

דער שטן לאַכט, דאָס אייזען שיינט... און איהר ווערט פערפינסטערט און קלאָגט אויף אייערע יאָהרען און טאָג... אָט אַזוי איז די מעשה!...

גליעב אוספענסקי.

איהם ברענט נאָך אביססעל וואַססער? — געוויסס האָט ער, רופענדיג נאָך דעם וואַססער, אַרויס־געלאָזט פון זיך אויך זיין לעצטען אָטהעם! —

## ב.

פלוצלינג האָט זיך אַרום דער וואַרטע עפּעס אויסטערלישעס אָנגעהויבען צו טהון... עס האָרט זיך עפּעס אַ שאָרך, פרעהר גאַנץ שטילל און קורץ, נאָכדעם דייטליכער און לאַנגער... עס איז געוואָרען עפּעס אַ אונרוהיגקייט, עס ריהרט זיך עפּעס צווישען די טויזענדער ניט־דערהרגטע...

עפּעס אָטהעמט שווער, עפּעס סאָפּיט און פרייכט אין דער פינסטערניש, מען ערקענט אַז עמיץ שטרענגט זיך אָן און ריהרט זיך... אָט האָרט מען שוין גאַנץ נאָהענט דאָס סאָפּען און קרעכצען, עס טראָגט זיך אין דער פינסטערניש אַ פּאַרשטיקט חליפעריי, און יעדע רגע קומט עס אַלץ נאָהנטער און ווערט דייטליכער...

אפילו דעם מענש פון אייזערנע נערווען ווערט אונהיימליך, און עס חאַפּט אַ ציטטער דאָ צווישען די בערג מתים, אין דער קאַלטער פינסטערער נאַכט, פון פאָרנט דאָס רויטע פייער און הינטער די פּלייצעס — דער פרישער בית הקברות מיט דער וואונדערליכער בעוועגונג...

די זעלנער שטעהען אויף, שטרענגען זיך אָן צו בעמערקען וואָס טהוט זיך הינטער זיי אין דער פינסטערניש. אָבער זיי בעמערקען קיין זאַך נישט, און אונזיכער געהען זיי צוריק אויף זייער אָרט ביי'ם פייער, נאָר יעדער שטעלט אָן דאָס אויער, קוקט מיט אונרוהיגע אויגען, און מיט דער האַנד חאַפּט ער שוין דאָס געוועהר...

און אָט וויזט זיך אין עק ראָד פונ'ם פייער עפּעס אַ אויסגעקרימטע, אויסגעמיטשעטע געשטאַלט. אַ פערוואונדעטער יודישער זעלנער רוקט זיך פאָר־ווערטס, אָכצט און קרעכצט און קריכט אויף אַללע פיער. די האַנד זענען פערבלוטיגט, די ברוסט איז געלאָכערט פון אַ שפּיציגען פייל. — די ראָמער קוקען אויף איהם מיט אונרוה און צאָרען.

אין איהם אָבער לאַכען די אויגען מיט'ן מזיל, קוים האָט ער נאָר ערשפּיערט די וואַרימקייט פונ'ם פייער. באַלד אָבער הויבט ער ווידער אָן צו בראַסקען מיט די צאָהן און זיך טרייסלען אין גאַנצען קאָרפּער.

— אוועק פון דאַנען, פאַרפלוכטער הונד! — שרייט אַ ראָמער.

אָבער ד ע ר האָרט ניט, אָדער פאַרשטעהט ניט. אגב איז איהם שוין אַללעס איינס, לאָז מען איהם דערהרגענען, ער האָט שוין ניט וואָס אָנצווערען! על כן רוקט ער זיך פּאַוואָליע, לאַנגזאַם, אַללע מאָל נאָהנטער צו'ם פייער וואָס ציהט איהן ווי אַ מאַגנעט. ער האָט זיך אַוואָרף געטהון ביי'ם פייער ווי לאַנג ער איז, אויף דער ערד, מיט דער מינע פון אַ מענשען וואָס טראַכט זיך:

— דאָ וועט זיין וואָהל צו שטאַרבען!

אָבער ניט איינער אַליין איז ער צוגעקראָכען אַהער. גלייך מיט איהם האָבען נאָך אַנדערע בעמערקט דאָס פייער און זיי איילען זיך, וויפיעל זייער כח טראָגט, קומען צום ערשטען, אָנצואַרימען זייערע גלידער ביי'ם גוטען פראָהליכען פייער.

ווי שרעקליך איז דאָס, אויסגעהן אויף דער האָהלער ערד! ביי נאַכט, אין דער קעלט, זיך ערטרינקען אין אייגענעם בלוט, שטאַרבען מיט דעם געדאַנקען אַז די מינדסטע הילף האָט געקאָנט ראַטעווען דאָס לעבען... מען בעדאַרף שוין קיין חבוט הקבר ניט ליידען! —

שרעקליך האָבען אויסגעזעהן די אונגליקליכע, וואָס טונקען זיך אַרויף פון דער פינסטערניש, ווי פון די קברים... האַלב טויטע, צובראָכענע, צו־שטאָכענע, צוטראָטטענע, צוריבענע. נאָך דעם יודען קומט צו קריכען אַ ראָמער, נאָכדעם אַ צווייטער, אַ דריטטער און אַ פיערטער, און ווייטער אַ יוד. אין עטליכע מינוט זענען זיי שוין געווען אַזוי פיעל, אַז די געזונטע זעלנער האָבען ניט געוואוסט אויב זיי וועללען גאָר קאָנען אָפּטרייבען פון זיך אַזוי פיעל האַלב־מתים...

דער אָפיציער פון דער וואַרטע איז אָבער געווען אַ אָרענטליכער און אַ באַרימהאַרציגער מענש. קוקענדיג אויף דער סצענע האָט זיך אין איהם ערוועקט אַ גרויס מיטלייד אפילו אויף די פּאָאַר פאַרוואונדעטע יודען. ער האָט בעפאָהלען די וואַך זאָל זיך צוריק ציהען עטליכע הונדערט טריטט רעכטס אין דער זייט. — פאַר'ן אַוועקגאַנג האָט ער נאָך בעפאָהלען זיינע לייט, צו־וואַרפען אַ ביסעל האָלץ צו'ם פייער, עס זאָל קענען ברענגען ביז פריהמאָרגען...

## ג.

מיט וועלכער שמחה האָבען די פאַרוואונדעטע געקוקט אויף דער וואַך, וואָס רוקט זיך אָפּ אָן אַ זייט! יעצט וועלען זיי אַליין בלייבען די בעלי־בתים פון דעם פּלאַץ מיט דעם פייער! קיינער וועט זיי שוין ניט שטערען. על כן האָט מען אָנגעפאַנגען זיך קלויבען אַרום דעם פייער מיט נאָך מעהר געשווינדיגקייט.

אַללע, ביי וועלכע עס איז נאָך געבליעבען דאָס לעצטע ביססעלע כח, רוקען זיך מיט אַ ברע־נענדיגען בליק, מיט האַלב־אָפּגעגעסענע אויגען, זיי ריהרען זיך און קריכען און שלעפּען דאָס לייב צו'ם

פייער. אויף זייער בלוטיגען וועג טרעפען זיי שטארקע מניעות, שרעקליכע שטערונגען: דא ווערט זיך א גוסס אונ וויל זיי מיטדי לעצטע כוחות אבווארפען, דארט מוזען זיי איבערקריכען איבער א מת. —

אנפאנגס איז אנגעקומען נאר איין צעהנדליג, נאכדעם צוויי צעהנדליג אונ באלד — דרייסיג, אונ באלד א גאנצע מאה. אונ ווער איז אימשטאנד צו שילדערן, וויפיעל ענערגיע די אומגליקליכע האבען פערברויכט, זיי זאלען אריבערקריכען מיט צוטרעטענע גליעדער, זאלען פויזען אויפ'ן בויך, שלעפען זיך אויף דער ברוסט, קריכען מיט צובראכענע האנד אונ פיס, אונ קומען צו'ם געווינשטען ציעל! אונ וויפיעל זענען צושטארבען אין וועג!.. וויפיעל איז אויסגעגאנגען די כוחות, עס האט פערפעהלט אטהעם אונ זיי זענען געבליבען ליעגען נאך ווייט פון פייער!

אונ דאך האט ניט אויף דאס שארכען אונ ריהרען זיך, דאס קריכען אונ שלעפען. אללע האפען זיך אהער, צו דעם זאממעל־פונקט, גלייך ווי טוידטע וואלטען זיך צונויפגעקומען אויף א שמיעס ערגעץ אין שאול תחתיה...

די בלייכע פנימער זעהען אויס קעגען דעם פייער ווי טוידט־בלוטיג. מיט די צוקוידערטע בארד, אויסגעקרומטע מיילער, פערבלוטיגטע אונ פערבלאטיגטע האאר, זעהען זיי אויס ווי די טייוולאנים, ווי די מלאכי חבלה...

אונ דאך האבען געפונקעלט זייערע אויגען אונ א פרייד האט זיך אויסגעגאסען אויף זייער וואקס־געלן פנים, ווען זיי האבען דערלעבט צוקומען צום ציעל. איינער האט געדאנקט גאטט, אדער יופיטער, אונ געזעסען פערקלערט; אנדערע זענען אנידערגעפאללען ביי'ם פייער גאר אהן געדאנקען, פערקלערט, פארמוטשעט, דער שלאף איז זיי בעפאללען.

אבער ביסליכווייז איז פון קליינעם הויפען געווארען א גרויסער הויפען. פון דער פינסטערניש זענען צוגעקוממען נייע אונ נייע געסט. די ערשטע ארטער ביי'ם פייער זענען שוין אללע געדינגט בעזעצט, אונ די פערבלוטיגטע אבגעריסענע קערפער האבען אויסגעזעהען פאנטאסטיש אין זייערע צווארפענע פאזען ביי'ם גלאנץ פון דער ציטטערנדיגער פלאם.

וואס פאר א גליק איז דאס געווען פאר די לייט, אז זיי האבען געקאנט אנוואריממען די צושטאכענע גליעדער! דער שטוממער שמייכעל פון צופריעדענהייט אויף זייער געזיכט האט דייטליך געוויזען ווי גליקליך זייער הארץ איז יעצט.

אונ עס איז דאך טאקע א ריינע געווינסט, א זעלטען גליק! כמעט אללע האבען זיך דאך שוין מיאש געווען פונ'ם לעבען, געלעגען פערצווייפעלט, פערווארפען, אין שרעקליכע שמערצען, אונ געווען בעריים צו שטארבען אהן שום הילף, אהן א טראפען טרייסט אונ נחמה. אונ יעצט, פלוצים, האט אנגע־

הויבען צופיקען די האפפנונג אין זייער אבגעשטארבענע הערצער: — אפשר וועט זיך עמיץ מרחם זיין... טראכטען זיי — אפשר וועלען מיר נאך לעבען. זיי האבען גאר פערגעססען, אז היינט האט קיינער ניט אין זיננען די פארוואונדעטע; די לעבעדיגע האבען גענוג צו טהון מיט זיך אליין... היינט איז נור טוידט אונ מארד, קיין הילף, קיין רחמנות...

אונ אט ווערט ביסליכווייז מעהר אונ מעהר ביי'ם פייער. פון אללע עקקען, פון אללע ווינקעלער פונ'ם פינסטערן פלאטץ ריהרט זיך ווי א פאליע אונ עס רוקט זיך צו'ם פייער א שרעקליכע, בלוטיגע, צוהרגיטע מחנה, בעגאסען מיט פיעבערשווייס.

---

## ד.

מען האט געקאנט פאראויס זעהען, וואס שפעטער וועט ארויס קומען: עס האט פ ע ר ־ פ ע ה ל ט א ר ט ב י י ם פ י י ע ר! די, וואס זענען געווען אין דער ערשטער שורה, אונ זענען דארט געלעגען אדער געזעססען איינגעהויקערט, אנגעשפארט דען קאפף אויף די קניע, האבען זיך ניט בעוועגט אונ זענען געווען ווי פערזונקען אין ענטציקונג. הינטער זיי, אין דעם צווייטען עגול, האט מען אויך געהאט הנאה פון ווארימען פייער. אפילו ווייטער, די דריטטע שורה, האט זיך בעמיהט, לויט איהר מעגליכקייט, זי זאל געניעסען אביססעל פון דעם וואס איז זיי אזוי שווער אונ מיט אזוי פיעל אנשטרענגונג אנגעקומען.

אבער די איבריגע, די ווייטערע, די וואס ה י נ ט ע ר זיי?

ווען די כחות האבען ערלויבט שטעהן אויף די פיס, דער האט נור געקאנט ז ע ה ע ן דאס פייער פון דער ווייטענס, אונ האט מקנא געווען די גליקליכע וואס זיצען נאהענט צו איהם. די ווייטע קען זיך אפילו א טראפען ווארימקייט ניט בעקומען.

אונ דארט, פון ווייטענס, רוקט זיך נאך א גאנצע מחנה פון א זאלכע צוהרגטע, וואס האבען זיך פארשפאטיגט אונ קריכען אם לעצטען. די מחנה קלינגט מיט די צאהן פאר קאלט, איז צוריססען, צומוטשעט, קרעכצט אונ אכצט אונ לאמענטירט אונ בעקלאגט זיך צום פייער מיט א באז־שרעקליכער מינע.

מיט דער שווערסטער אנשטרענגונג, מיט די לעצטע ביססעל כחות זענען זיי דאך קוים דערקראכען אהער. אנדערע האבען געמוזט זיך קויקלען אונ קריכען פון גאנץ ווייט, פון עק קריגס־פלאטץ. די יסורים וואס זיי האבען איבערגעליטטען איז גאר ניט מיט ווערטער ארויסצורעדען — עס דאכט זיך זיי יעצט, אז דאס איז די גראסטע עולה אין דער וועלט, וואס זיי האבען קיין ארט ניט ביי דעם ווארימען פייער... האטש אביססעלע ווארימקייט... ה א ט ש א י י ן מינוט...

האָרענדיג ווי די ווייטע בעקלאָגען זיך און מאַכען פאָרוואָרפע, מאַכען די, וואָס זיצען נאָהענט ביי'ם פייער, אויך אַ בּאָזע מינע, אַ אֵימה'דיג אויסזעהען, און זענען מוכן ומזומן צו שיצען מיט די פויסטען זייער פּלאַץ.

ווערמען געהט דאָ יעצט אָן ירושלים און בית המקדש, אָדער ראָם און טיטוס און אפילו ווייב און קינד, אָדער עפּעס אַנדערש אין דער וועלט? יעצט איז ביי זיי די וויכטיגסטע דאגה' ניט צושטאָרבען פאַר קעלט, צו וועלכער זיי זיינען גאָר ניט געוואוינט. פיעל זענען מוכן ומזומן צו אַלעם, אַבי ניט די אָבשייליכע קעלט, דער שניידיגער ווינד!

זיי שטרעקען אויס צום פייער די ציטערנדע האַנד, גלייך זיי בעטען רחמים אַ טראָפּעלע וואַרימקייט חאָטשי אויף אַ סעקונדע, און דער ווילדער כעס, וואָס זידט שוין און קאָכט אין זייער האַרצען האַלט ביי'ם אויסברעכען אַ ליאַדע מינוט...

די לעצטע שורות האָבען זיך אָנגעשפּאַרט אויף די ערשטע שורות... עס איז געוואָרען אַ טרעוואָגע, אַ נ'אונרוהיגקייט.. און באמת איז דאָך גענוג איין איינציגער שטופּ פון אַללע זייטען אין דער מיטט צו, אַז אַללע וואָס זיינען ביי'ם פייער זאָללען ווערען אַריינגעשטופּט אין פּלאַם, און די וואָס זיצען און דערקוויקען זיך אַזוי מיט דער וואַרימקייט, זאָללען לעבענדיג פאַרברענט ווערען!...

אין אַזאַ שרעקליכער סכנה איז אפילו ביי די אָפּגעלאָזענסטע צוגעקוממען כח און מוטה. אויסער עטליכע וואָס זענען געוועזען פאַרזונקען אין טיעפען שלאָף, זענען אַללע פון די ערשטע שורות אויפגעשפּרונגען אויף די גלייכע פיסס און זיך געשטעלט בערייט, צושיצען און וועהרען זיך, אָדער, אים ערגסטען פאַלל, צוענטלויפען. בעססער שטאַרבען אויף דער קעלט, איידער לאַנגזאַם צו ברענען אויפ'ן פייער.—

---

ה.

דאָס דריקען און שטופּען האָט דערווייל ווייטער געדויערט — אמת טאַקי לאַנגזאַם, ניט האַסטיג, ווייל די לייט זענען געווען אָבגעשוואַכט, דורך דעם פאַרליערען פיעל בלוט; דאָך אַללע מאָל איז די לאַגע ערגער געוואָרען... אַללע מאָל מעהר צוגעדריקט די מיטטעלסטע.

און דאָס צוריקשטופּען פון די מיטטעלסטע וואָס זענען ביי'ם פייער, הייבּט אויך אָן ווערען פעסטער, שטאַרקער און פערצווייפעלטער... און די, וואָס געפינען זיך צווישען די צוויי מחנות, צווישען די שטופּער און צוריקשטופּער, די וואָס ווערען יעצט געדריקט פון ביידע זייטען, צוזאַונדעטע מיט צוריבענע אָדער אויסגעדרעהטע גלידער, געשטיקטע, געטרעטענע און צוריססענע, האָבען געפיהלט און געוואוסט אַז זיי זיינען פערלאָרען.—

מיט שוואַכע קולות האָבען זיי געשריען, זיך געבעטען תחנונים, מען זאָל רחמנות האָבען אויף זיי — ביז זיי זיינען צוטרעטטען און פערשוואונדען געוואָרען אונטער די פיס.

יעדער האָט דאָ געהאַט אין זינען נור זיך אַליין, נור אייגען־ליבשאַפט איז דאָ געווען די איינציגע הערשערין; ניטאָ קיין רחמים, קיין מורא, קיין חדרארין. איין אָפיציער איין עלטערער איז גאָר אַ יחיד וואָס שטעהט אין וועג. קיינער איז ניט קיין גראָססערער מיוחס פון מיר זעלבּסט...

כעס, שנאָה, משוגענע שרעק האָט אַללע בעהערשט.

דאָרט זענען געווען פיעל יודען. הגם די צאָהל פון די ראָמער איז געוועהן ד"י מאָל מעהר. די יודען, וואָס פיהלען אַז דאָס לאַנד איז זייערס, טראַכטען, אַז ווען ניט די פערפלוכטע ראָמער, וואָלטען אַללע פאַרוואונדעטע יודען געפינען אַ נ'אָרט ביי'ם פייער.

די ראָמער טראַכטען פערקעהרט, אַז די יודען שטעהען זיי אין וועג.

באַלד האָבען איינע אויף די אַנדערע אָנגעהויבען קוקען מיט צאָרענדיגע אויגען. מאַנכע האָבען זיך שוין אַרומגעקוקט, וואו נעמט מען עפּיס אַ פּאַססיג כלי־זיין אין האַנד. איינער האָט געמאָסטען דעם אַנדערנס כח, און עס שיטט זיך בעליידיגונגען און קללות...

דאָס פייער, וואָס זעצט אין דער הויך, בעלייכט די טרויעריגע, שרעקליכע סצענע! אָט די נפשות, מיט צושלאָגענע קאָפּ, צוהאַקטע פּנימער, מיט צובראָכענע אַראָבגעהאָנגענע אָרעם, פעראייטערטע פערבלוטיגטע ברוסטען, מיט פערבלוטיגטע אָדער טויט־בלאַססע פּנימער — אָט די לייט וואָס אַ מינוט פריהער האָבען זיי זיך קוים געקאָנט ריהרען, יעצט זיי זיי זיינען צורייצט און אויפגעהעצט פון שרעק, און אויפגעברענט פון נקמה, ווייזען זיי אויס, גלייך זיי וואָלטען אויפגעשטאַנען תחית המתים...

נאָך אַ רגע און צווישען די מחנות וועט אויסברעכען אַ נייע מערדערישע שלאַכט, שוין ניט צוליעב דעם פייער מיט דער וואַרימקייט, נאָר צוליעב פּאַטריאָטיזמוס, — נאַציאָנאַל און גלויבענס־האַס.—

דאָ איז שוין קיין שום ספק: ענטוועדער די ראָמער שטערען, אָדער די יודען; מען דאַרף ענטוועדער די אָדער די אַרויסצוטרייבען. אַזוי איז דער פּסק־דין, אַנדערש קאָנן ניט זיין.

די וואונדען, וואָס פריהער האָט פאַרקלעמט דאָס האַרץ קוקענדיג אויף זיי, ריהרען זיי יעצט נישט מעהר; אדרבה, עס פרייט זיי גאָר קוקענדיג אויף דעם. די וואונדען זענען דאָך אַ בטוחות, אַז מען וועט

געשווינדער קאָנען דעם שונא בייקומען. —

אין דער מינוט האָט אַ ראָמישער זעלנער זיך איינגעבויגען און געוואָלט דען קלאָטץ, וואָס האָט זיך איהם צוגעקויקעלט צו די פֿיס, אויפֿהייבען און ארויפֿוואַרפֿען אויפֿ׳ן פֿייער.

מען האָט פֿאַלש פֿערשטאַנען זיין בעוועגונג. די יודען האָבען געמיינט, אַז ער חאַפּט דען קלאָטץ צו שלאָגען. חאַפּט דאַגעגען אַ יוד אַ שטיקעל צוּבראָכֿען שווערד, וואָס וואַלגערט זיך בּיי דער האַנד, רייסט זיך אויף פֿון אָרט און גיט אַ זעץ מיט אַללע כחות דעם ראָמער, שרייענדיג:

— טויטט פֿאַר די ראָמער!

ו.

דאָס איז געווען דער אָנהייב! די לופֿט איז געוואָרען מיט אַ מאָל פֿולל מיט אַ ווילד געשריי: — איינע זענען אָנגעפֿאַללען אויף די אַנדערע מיט אַ כעס, מיט אַ גיפֿטיגקייט, עס איז געוואָרען אַ שרעקליכֿע, אַ האָללישע מלחמה. אין די האַנד האָבען זיי ניט געהאַט קיין געוועהר, נאָר עטליכֿע האָבען עפּיס אַ שפּיץ פֿון אַ שפּיז, אַ שטיק פֿון אַ מעססער, אַ צובראָכֿענעם בויגען: דאָס מאַכֿט אָבער גאָר ניט אויס. ווי די טיגער האָט זיך איינער געוואָרפֿען אויף דעם צווייטען, אַריינגערוקט די נאָגעל אין האַלז און אַנגעשטרענגט אַללע כחות צו דערשטיקען, צוקוועטשען און צורייסען דען שונא.

ביי זייער אָבגעשוואַכֿטקייט און צוהיצטקייט איז באַלד אויף זיי אַללע בעפֿאַללען אַ מין שגעון. מענשען, וואָס זענען אָהן כחות געלעגען אויף דער ערד, זענען פּלוצם ווי אונטערגעטראגען געוואָרען, האָבען געריססען מיט די צאָהן, געוואָרגען מיט די האַנד, און געשטויסען מיט די פֿיס די אַנדערע משוגעים, וועלכֿע האָבען זיי צוריק געטרעטען, געקוועטשט און געהרגעט.

דער גראָסטער כח הדמיון, די שטאַרקסטע פֿאַנטאַזיע איז ניט אים שטאַנד, פֿאָרצושטעללען אַזאַ שרעקליך בילד! דאָס איז געווען אַ שרעקליך געשלעגעריי, מיט אַ ווילדער רציחה, ווי ביי משוגעים אין הויז. דאָס טרויעריגע פֿייער, וואָס האָט געהאַלטען ביי׳ם אויסלעשען, האָט די ווילדקייט בעלייכֿט. מען האָט זיך געשלאָגען מיט די האַנד און מיט די פֿיס, און ניט אָבגערוהט זיך אפילו דען אָטהעם צו חאַפּען. מאַנכֿמאָל האָט זיך עמיץ געגעבען אַ ריסס אויף, מיט האַסט, גלייך ער האָט בדעה אומוואַרפֿען אַ ריז, און פּלוצים האָט ער זיך שטום, אָהן אַ וואָרט, אויסגעצויגען אַ טוידטער אויף דער ערד, ביי די פֿיסס פֿון דעם, וועלכֿען ער האָט ערשט געוואָלט אומבּרענגען...

אַנדערע, וואָס האָבען זיך צוגעקלעבט און געשטיקט איינער דען צווייטען ווי די ווילדע חיות, האָט מען אין דער דריקונג אַריינגעשטויסען אין פֿייער. דאַמאָלס האָבען זיי זיך ערשט אין די גרעסטע וואָהטאָגען איינער פֿון אַנדערען אָבגעריססען...

די ראָמישע וואַכֿטער האָבען געזעהן פֿון ווייטענס די שרעקליכֿע סצענע און זענען צוגעגאַנגען נאָהנטער. אָבער פֿערציטטערטע און איבערראַשטע האָבען זיי ניט געוואַגט, זיך אַריינצומישען צווישען די שונאים. איינער האָט קוים אויסגערעדט מיט שוידער:

— אָה מלחמה! וואָס מלחמה מאַכֿט פֿון אַ מענשען! —

און דאָס געשלעג איז וואָס אַ מאָל געוואָרען מעהר פֿאַרמישט. ווער וועט מנצח זיין — איז שווער צו זאָגען פֿאָראויס; דאָך האָט אויסגעזעהען, אַז די אויסגעדאַרטע יודען נעהמען די אויבערהאַנד. מאַנכֿע פֿון זיי האָבען מיט גרויסע שטיינער צוזעצט די קאָפּ פֿון די, וואָס זיינען זיי געקומען אונטער די האַנד. אַנדערע האָבען געשטיקט און געוואָרגען און געוואָרפֿען הרוגים ווי אָבגעשניטטענע זאַנגען.

שכור פֿון שגעון, האָבען זיך איינע אויף די אַנדערע געוואָרפֿען און געבראָכֿען און געריססען אָהן אונטערשייד, פֿריינד אָדער פֿיינד. אין דער לופֿט האָט זיך געטראָגען אַ געשטאַנק פֿון געברענטע מענשליכֿע קערפּער.

עס האָט אָבער ניט לאַנג געדויערט און די קריגער זענען שיטערער געוואָרען. כמעט אַללע ליגען שוין אויף דער ערד טוידטע אָדער זיי גוסען און לאָזען אַרויס דען לעצטען אָטהעם אין די גראָסטע וואָהטאָגען, און וואַרפֿען זיך אין קאָנוואולסיע. עטליכֿע איז געראָטהען צו ענטלויפֿען; עטליכֿע קופּקעליך שלאָגען זיך נאָך ווילד און ריטשען און שרייען אונמענשליך.

עס זענען נאָך געבליבען אַ צוואַנציג, וואָס רייסען זיך נאָך, אָבער באַלד זיינען זיי אויך צו פֿאַללען! אין דער לופֿט האָרט זיך שוין דאָס לעצטע געשריי „טויט פֿאַר די ראָמער!", דער לעצטער חליפֿ, דאָס לעצטע האָרחלען...

און עס איז ווידער גאַנץ פֿינסטער. דאָס פֿייער וואָס דורך איהם האָט אויסגעבראָכֿען דאָס בלוטיגע געשלעגעריי, איז פֿערלאָשען, און די עטליכֿע געבליבענע זיינען ווידער פֿאַרשוואונדען געוואָרען אין דער פֿינסטערניש, פֿון וועלכֿער זיי האָבען זיך ערשט נישט לאַנג אַרויסגערוקט אויף אַ קליינע ווײַלע. — —

(פֿריי אויס דעם פֿראַנצאָזישען)

י. ח. זאָגאָראָדסקי.

# די טרייסט

# א שבת־נחמו בלאטעל.

## די טרייסט.

טרייסט מיין פאלק, עס דארף די טרייסט!
שטארקט דאס הארץ, מאכט פעסט דען גייסט,
זייט נישט דער ווינד, וואס לעשט די פלאם,
נור בלאזט זי אויף, ווייל נאכט איז סם!
נור בוימעל גיעסט אונ פוצט די קנויט,
ווייל נאכט איז גיפט אונ שלאף איז טויט——
טרייסט מיין פאלק, עס דארף די טרייסט!

מאכט פעסט דאס הארץ אונ שטארקט דען גייסט——
עס האט געלייכט שוין נישט איין נאכט,
עס האט געזיעגט שוין נישט איין שלאכט,
אונ נישט געלאזט די פאהן פון האנד—
ס'שטעהט—איין אייזען פעסטע וואנד
אין וויסטען ווילד־פערקאכטען ים!
אה! שטארקט דאס פאלק! בלאזט אויף די פלאם!

אה! שטארקט דאס פאלק! נישט אבגעשלאפט
זאלל שפריצען העלל די לעבענסקראפט—
אלס פייערדיגע זייל ביי נאכט!

אט זינקט די נאכט, דער טאג ערוואכט
אונ שיקט די שטראהל— די גאלד'נע פייל
דער אלטער פייערדיגער זייל
אלס גרוס דעם אלטען פעסטען גייסט...
אה! טרייסט מיין פאלק— ס'איז ווערט די טרייסט!

י. ל. פרץ.

אַ יַם... די זוּנן האָט זיִ בעגאָססען מיִט אַ פורפור ליִכט. — איִך שפּרינג אויף, פֿערמאַך די אויגען און פֿאַלל איִהר איִן די אָרעם אַריין.

. . . . . . . . . . .

אַז איִך האָב צוריִק די אויגען געעֶפֿענט איִז זיִ שוין אַלט געוועזען... זיִ האָט שוין קוים אַ פֿונק פֿון לעבען געהאַט, די האָר זענען ווייסליִך און שיִטטער... די זוּנן איִז פֿערשוויִנדען... אַרום איִז נאַכט...

איִך קוק מיִך אום, איִך וויִלל זיִ נאָך אַמאָל זעהען, נור זיִ איִז שוין פֿערשוואונדען געוואָרען.

דאָס איִז שאָנהייט! מאַכט דער מלאָך גבריאל.

דערנאָך האָט ער נאָך אַ אַמאָל אָנגעריִהרט מיינע אויגען און איִך האָב דערזעהן:

אויף אַ טעראַססע ביי'ן אַ שלאָסס זענען געשטאַנען אַ מאַנן מיִט אַ פֿרוי; ביידע יונג, בייִדע פֿולל מיִט ליִעבע. אַ שטראַהל פֿון דער זוּנן האָט בייִדע געקושט, און איִז דערנאָך אַראָבגעפֿאַללען טיִעף איִן אָבגרונד, איִבער וועלכען דער שלאָסס איִז געשטאַנען. „זעהסט די בלום, וואָס דו האָסט מיִר געגעבען — האָט ער איִהר געזאָגט — זיִ איִז אויך פֿערליִעבט איִן דיִר; גיִב מיִר דיין האַנד, וועלל איִך זיִ צודריִקקען צום

## די וואָהל.

### ביינאַכט איִן וואַלד.

איִך בין געלעגען אויף דער ערד און האָב געבעטען און געוויינט; און אַרום מיִר איִז געוועזען פֿינסטער.

— „דו רופֿסט מיִך?" האָרט זיִך אַ קול איִן שראָקליִכען שטורם.

— „איִך רוף איִן מיין אונגליִק!" אָנטפֿער איִך מיִט ביִטטערע טרערען.

און פֿאַר מיִר איִז געשטאַנען דער ליִכטיִגער מלאָך גבריִאל מיִט רחמנות איִן די הימליִשע אויגען.

— דו וויִלסט וויִססען, וואָס אויסצוקלויבען איִן לעבען?

איִך דאַרף ניִשט אָנפֿערן; ער ווייסט מיינע געדאַנקען.

ער ריִהרט אָן מיִט אַ שפּיִצגאָלדענען פֿליִגעל מיינע אויגען און איִך דערזעה —

אַ שלאַנקע פֿרוי איִן חוה'ס טראַכט איִז געשטאַנען פֿאַר מיִר. זיִ בעוועגט זיִך שטיִלל, נור ביי יעדער בעוועגונג ציטטערט איִהר ווייס=ווידען לייב. איִהרע אויגען זענען צוויי בלויע בלומליִך געוועזען, וואָס האָבען דורכגענוממען די נשמה. זיִ אָפּפֿענט איִהרע ליִפּפּען און מיִר דאַכט זיִך, אַז ערגיִץ, פֿאַרנאַכט, איִן שאָטטען בליִצט פֿאָספֿאָריִש

## די קראַנקע נערוועז.

עס טהוט זיִך מעשים! עס זעצט און קנאַנקט; עס קאָכט, עס שוימט, עס זיִעדט און פֿלאַקקערט! וואָס איִז געשעהען אַזוינס! רבונו של עולם! ווער האָט אויפגעוועקט אונזער טויטען ים? ווער האָט אַרויסגעלאָזט דען וויִלדען שטורם? וואָס לויפֿען די לייט אַזוי אַרום ווי משוגע?

עס איִז, דאַכט זיִך, קיין וויִכטיִג נייעס ניִשט געשעהען! סאַמע דראָבנע פֿאַקטען!

וואָרען וואָס? אויסער „אחיאָסף" האָט זיִך נאָך איינער ערלויבט צו שרייבען און צו דרוקקען העבראַיִש! אמת, ער דרוקט זיִי אונטער דער נאָז — בק"ק וואַרשוי; נו, דעריִבער? דאַרף דעריִבער די וועלט ניִשט שלאָפֿען?

אַ נייַ געבאַקקענער ד"ר דע פֿילאָזאָפֿיִע האָט די „רויז" איִן „לכבוד פסח" ניִשט פֿערשטאַנען...

נו, על כן? דאַרף דערמיִט וואַרשוי קליִנגען?

„פלוני", אַ געוויִססער „פלוני", האָט אַריינגעשלעפּט דען ירושלים=בער — יעבצ'ן צום „הויזפֿריינד" איִן באָד אַריין, און האָט איהם, כמעט אָהנם באָדער'ס וויִססען, אַריינגעוואָרפֿען עטליִכע באָזיִמליך — הכלל? איִז אַ לאָך איִן היִממעל?

דאַרף דעריִבער רודערן, ברעננען, שטורמען, קנאַקקען?

אַח, ווי דערנערוויִערט עס זענגען אונזערע לייט!

---

דריי=פֿיִערטעל נייע געשיִכטע שרייבען אונז די קראַנקע נערוועז!

האַרץ״. ער טהוט עס, און וואַרפֿענדיג איין אויג אויפֿן אָבגרונד, זאָגט ער ווייטער: וואַרף אַראָב דיין פֿאָטער, וועלל איך אַראָבשפּרינגען און ברענגען איהן דיר״. ער האָט זיך איבערגעבויגען, גרייט אַריינצושפּרינגען.

איך האָב צוגעמאַכט די אויגען און אויפֿגעאָפֿענט זיי צוריק, און האָב נאָך אַמאָל געזעהען: זיי שטעהען ווייטער אויף דער טעראַססע ביי׳ם שלאָסס, נור זיי זענען אֶלטער געוועזען; אין די מיטטעל יאָהרען. זיי האָבען נישט גערעדט, געשוויגען, און דער הימעל איז געוועזען גראָה און זייערע אויגען זענען פֿולל געוועזען מיט גלייכגילטיגקייט, אפילו מיט האַסס. זיי געהען אַרויף אויף די טראָפּ. זי האָט אַרויסגעלאָזט דען פֿאָטער פֿון די האַנד און ער איז אַראָבגעפֿאַללען איין טראָפּ נידריגער.

— הייב איהן אויף, איך בעט דיך, מאַכט זי צו איהם.

נור ער האָט נישט געענטפֿערט און גערופֿען די דיענסט, זי זאָלל דערלאַנגען דער מאַדאַם דען פֿאָטער.

— דאָס איז ליעבע! זאָגט דער מלאך גבריאל.

. . . . . . . . .

צונד האָט ער מיר די אמת געוויזען. אין מאַרק איז געשטאַנען איין עשאַפֿאָט און אַרום האָט איין ערב־רב פֿון מענשען געוויישט ווי אַ ים און אַרויסגעשטעקט די צאָהן פֿאַר פֿרייד. און איך האָב געזעהען אַ געבונדענען מיט שטריק, אַ פֿערבראָכער מיט אַ שטאָלץ־שאַן פּנים און אויגען ווי שטערן, נור באָרפֿיס איז ער געוועזען, און געקליידט אין צוריססען אַלטוואַרג.

איך האָב געהערט; עס קומט צו מיר צו אַ קול; איך הייב די אויגען אויף, דאָס האָט ער גערעדט, ער רעדט האַסטיג. דער המון־עם הייסט שווייגען — ער רעדט! דאָס ערב־רב ברומט, זיין שטיממע הערשט דאָך איבער׳ן ברילל; מען וואַרפֿט זיך אויף איהן, פֿערמאַכט איהם דאָס מויל, נור די אויגען פֿון פֿערבראָכער האָבען נאָך געקוקט צו דער זון, און די האַנד האָבען זיך געריססען און געראַנגעלט. דעמאָלט איז דער עולם נאָך אַמאָל צוגעשפּרונגען! ער האָט געקריגען אַ זעטץ, און דער קאָפּף איז צוגעפֿאַללען צום עשאַפֿאָט. עס בליצט די האַק אין דער לופֿט, עס הערט זיך אַ קלונג — פֿון טויזענד הערצער רייסט זיך אַרויס אַ געשריי, דער קאָפּף איז אַראָב געפֿאַללען אויף דער ערד, און זיי האָבען איהן אויפֿגעהויבען ביי די האָר. און דער קאָפּף האָט אַלס גערעדט, און הויך דען אמת געזאָגט, און אַז מען האָט איהר די צונג אַרויסגעריססען, האָבען נאָך די אויגען געפֿונקעלט, ווי צוויי ברענענדיגע קוילען געלייכט...

---

קראַפֿט־עבינג — אַ בעריהמטער וויענער פּראָפֿעססאָר — איז דער מיינונג, אַז דער גאַנצער אַנטיסעמיטיזם, וועלכען מיר האָבען אַזוי פֿיעל „גוטס״ צו פֿערדאַנקען, וואָס האָט אונז געגעבען: אַרגענטינאַ, פּאַלעסטינאַ, פּאַטריאָטען, נאַציאָנאַליסטען און... „אחיאסף״ — וואָס האָט אונז אַזוי נמאס ומאוס געמאַכט גאַנץ אייראָפּאַ מיט איהר ציוויליזאַציע, וואָס האָט אויפֿגעוועקט אין אונז אַזאַ הייסע ליעבע צו אַראַבער און טירקען און אפילו צו די אַרגענטינישע קצבים — אַז דער גאַנצער אַנטיסעמיטיזמוס איז נישט מעהר נור אַ נערווענקראַנקהייט וואָס גרעניצט, פּראַוודע, מיט שגעון.

מיר ידען, האָטש מיר זענען איין „עם סגולה״, איין אויסדערוועהלט פֿאָלק פֿון אַללע אומות, מיר ליידען פֿון דעסטוועגען אויך אויף די אייגענע קראַנק, וואָס הערשען אין אייראָפּע. עס האָט אונז נאָך קיין איין מגפה פֿריי נישט דורכגעלאָסט און דאָס גראַסירענדע נערווען־פֿיעבער אודאי נישט...

מיר זאָללען נישט זיין אַזוי נערוואָז, וואָלטען מיר פֿאַר שראָק די קאָפּף נישט פֿערלוירען און נישט געלאָזט שאַרלאַטאַנען זאָללען אונז מיט איין האַנד פֿיהרען ביי דער נאָז און מיט צווייטער גראַבלען אין קעשענע... מיר זאָללען נישט זיין אַזוי נערוואָז, וואָלטען מיר נישט געזוכט שוין און הילף ביים קאָנסערוואַטיזם, ביי אונזער אייביגען בלוט־פֿיינד, וואָס שטאַרקט זיך אויף אונזער פּאָהיבעל... ווען מיר זאָללען נישט זיין נערוואָז, וואָלטען מיר נישט געלאָזט גנבים זאָללען אונז ראַטירען בשעת שרפה, און נישט געוואָלט אַרויסשפּרינגען פֿון דאַכשטיבער דורכן פֿענסטער...

דאָס איז געוועזען — אמת.

איך בין ווייטער געפאַללען אויף דער ערד און האָב געקלערט, און די מחשבות האָבען מלחמה געהאַלטען איינע מיט דער צווייטער. צוויי מאָל האָט מיך דער מלאך געפרעגט, וואָס איך קלויב מיר אויס. ער פרעגט צום דריטטען מאָל און דערמאָלט האָב איך אויפגעהויבען דעם קאָפּף און געזאָגט:

דען אמת!

קנוט האַמסון.

# „קאַפּיקע".

(אויס דעם רוססישען).

„קאַפּיקע" איז אַ דאַמסקע שניידער. ער איז שוין איבער אַ פיערציגער; ער איז אַ הויכער, אַ מאָגערער מיט אַ שיטטער ציגען־באָרדעל, מיט אַ רויטע, מיט שוואַרצע פינטעלעך בעוואָקסענע, נאָז. ער האָט אַ גרויסען, לאָנגליכדיגען קאָפּף, ברייטע אַרויסשטאַרענדע באַקקענביינער, אַ רונדען שטערן און גרויסע, גראָהע, גוטע אויגען. ער רעדט אַ ביססעל אונטער דער נאָז. געקליידט איז קאַפּיקע שטענדיג אָרעם: די שטיוועל זעננען אויסגעטרעטטענע, דער זיאַקעט און די הויזען האָבען אַ לאַטע אויף אַ לאַטע, דאָס היטעל איז צוקנוידערט און צוריססען. קאַפּיקע האָט אַ ווייב מיט אַ שטיף־זוהן פון 17 יאָהר. נישט קוקענדיג אויף זיינע יאָהרען איז דאָך קאַפּיקע אַליין נישט קיין מייסטער פאַר זיך, און וועט שוין, דאַכט זיך, שטאַרבען אַ פּועל ביי יענעם. אַ מאָל צוואַנציג שוין אַוודאי האָט קאַפּיקע געמאַכט אַ כוס'ע אויף קוראַזש און איז געגאַנגען אין צעך אַריין, אַרויס צו נעמען אַ דיפּלאָם אויף אַ מייסטער; אָבער געוואָהנליך פלעגט דערפון גאָר נישט ווערען. — ער פלעגט שטעהן, שטעהן ביי דער טהיר, נעמען זיך עטליכע מאָל ביי דער קלאַמקע, נור ביים קלאָנסטען גערויש פון אינגערוועגדיג — מאַכען פּלֵיטָה.

קאַפּיקע געהט אַפילו גאַנץ אָרנטליך, גיך און פיין; פון דעסטוועגען פערדיענט ער וועניג, ווייל די בעלי בתים פון די ווערק־שטיבער לאָזען איהם נישט גערן צו זיך אַרבייטען, ערשטענס — ווייל ער איז אַ גוטער שניידער און אַ מענש אין די יאָהרען, האַלט ער זיך אַלליין פאַר אַ מייסטער און לאָזט זיך נישט אַרום פיהרען ביי דער נאָז; צווייטענס — קאָנן מען וואו ער איז דאָ נישט צושניידען אויף יתוּר. ער קריגט זיך, ליאַרמט און העבט אויף אַ מאָל אַ האַנד

---

זען מיר זאָללען נישט זיין נערוואָז, וואָלט דער מאָרגענדיגער טאָג אויף אונס געוויזען: אָט דאָס זעננען די, וואָס האָבען ביינאַכט די לאָמפּ נישט אַרויסגעלאָזט פון האַנד! נור מיר זעננען אָבער נערוואָזער אַלס אונזערע פעטטערן־קינדער, מיר אַליין העלפען צו דער פינסטערניש, זי זאָלל אונז איינשלינגען; מיר אַליין דרעהען זיך אַ שטריק אַרום האַלז, מיר אַליין זאָגען זיך אָב אפילו פון די רעכטע, וואָס קיינער וויל ביי אונז נישט נעמען!

מיר זעננען אַזוי נערוואָז, אַז עס איז אַ חרפה און אַ שאַנד פאַר לייט, איין אונגליק פאַר אונז און איין אויסגעצייכענט געשאָפט פאַר די, וואָס זעננען שטאָנדיג גרייט אונטער צו צינדען אַ הויז, אַבי זיך אָנצו־וואַרימען, פאַר די — וואָס יעדעס פאָלקס־אומגליק איז פאַר זיי אַ טייבעל, פיש צו חאַפּען; פאַר די, וואָס דרייען אויס זייער ווינד־מיהלעכיל געגען יעדען ווינד אויף דער וועלט, מאָג ער ברענגען די פעסט, נור גרויפען זאָלל ער מאָהלען...

---

און ווי נערוואָז די לייט אַליין זעננען! ווי זיי ציטטערן, עס זאָלל זיי עמיץ נישט אַראָבריסען די מאַסקע פון פנים! עס זאָלל נישט עמיץ אָנצינדען אַ ליכט, מען זאָלל זעהען וואו זייערע האַנד שטעקקען!

נור איך בין פערקראָכען אין אַ זייט, נישט פון זיי וויל איך רעדען... איך האָב אָנגעהויבען צו רעדען פון „אחיאסף", פון אַ דאָקטאָר דע פילאָזאָפיע, וואָס פערשטעהט נישט די רייז, און פון פראָצעס „פלוני קאָנטראַ יעבץ".

אויך. דריטטענס — האָט ער נאָך אַ חסרון — ער האָט ליעב דען טרונק!

„קאָפּיקע" רופט מען איהן דעריבער, ווייל ער פּלעגט אַללע מאָל זאָגען: „ע, וואָלט איך געהאַט אַ ק אָ פּ י ק ע, וואָללט איך שוין, זינדיגער מענש, געמאַכט אַ כוס׳ע!"

און אַ קאָפּיקע האָט ביי איהם געהייסען געלד בכלל. — האָט ער אָבער „געמאַכט אַ לחיים", איז שוין נישט געוועזען פון איהן אויס צוהאַלטען. ער פּלעגט זיך ציעפּען, קריכען אין די אויגען אַריין און פאָרוואַרפען דעם מייסטער חטאים און חסרונות.

דעריבער לאָזט קיין מייסטער, וואָס היט זיין כבוד, קאָפּיקען נישט. איבער דער שוועלל. די געמיינערע בעלי־מלאכות וויללען גיכער אויסהאַלטען זיין שגעון, נור פאַר דאָס, דריקען זיי פון איהם די נשמה אַרויס. זיי צאָהלען איהם די העלפט און ער מוז אַרבייטען ווי אַיין עזעל. קאָפּיקע בייזערט זיך, זידעלט, שרייט, נור בעססער קאָנן ער זיך דאָך נישט מאַכען. אין דער היים הונגערט אַ ווייב מיט אַ שטיף־זוהן — אַ קאַלעקאַ אָהן פיס און מען מוז זיי דאָך, ווי עס איז, פערשטופּען די מיילער. נור הונגער איז סיי ווי סיי אַיין אָפטער גאַסט ביי איהם אין שטוב, וואָרען נאָך דען גאַנצען שוויים און אויפזיין גאַנצע נאַכט ביי דער אַרבייט האָט ער אַלס מעהר נישט פערדיענט ווי דריי רובעל אַ וואָך און דערפון דאַרף מען צאָהלען אַ האַלבען רובעל אַ וואָך דירה־געלד, מען דאַרף הייצען, עססען, אַ שוך און אַ קלייד... מעהרסטענטהיילס האָט צו די דריי רובעל אַ וואָך נאָך עפּיס געפעהלט. און דעריבער פּלעגט ער יעדען פרייטאָג פאַר נאַכט אַרום לויפען פון איין בעל מלאכה צום צווייטען, מען זאָלל איהן צונעהמען אויף דער וואָך צו דער אַרבייט; די נשמה ווילל ער אַוועק געבען מען זאָלל איהן נור געבען עפּיס אַ קאָנטאָ אויף שבת. גאַנץ אָפט פּלעגט דאָך קאָפּיקע אַהיים קוממען מיט גאָר נישט און מען האָט שבת אויך געהונגערט.

ביי דעם אַללעם איז קאָפּיקע נישט אַראָב געפאַללען ביי זיך און האָט קיין מרה־שחורה נישט געליטטען. אַ גאַנצען שבת האָט ער זיך געזונגען זמירות, פראָהליך געמאַכט דאָס ווייב מיט׳ן שטיף־זוהן מיט מעשיות און וויצען, און שבת־צונאַכט ווייטער לויפען זוכען אַרבייט, אָדער — אַוועקגעהן אין חברה־נושאים־שטיבעל, געוואָהר ווערען צו מאַכט זיך נישט עפּיס אַ טרונק בראָנפען.

קאָפּיקע איז נישט קיין חברה מאַנן. ער איז אַפילו נישט קיין „מלאָדז"; ער איז נור אַ „ליעבהאָבער", ער חאַפּט מיט אַללע צוזאַממען אַ כוס׳ע און העלפט צו ביי

---

וואָס פאַר אַ משוגע נערוועין עס שטעקט אין דעם אַללעם!

---

ווען נישט די משוגענע נערוועין, וואָלטען זיך די בני אחיאסף נישט אזוי געשראָקקען פאַר׳ן החץ, נישט אַזוי אַגיטירט געגען די יום־טוב־בלאַטטליך, נישט אזוי אָבגערעדט די מוכרי ספרים, זיי זאָללען נישט האַנדלען מיט דעם „סם" — (אויף מייז ?)

וואָרען איך קאָנן מיר גאָר נישט איינרעדען, מען זאָלל קענען מיט אַיין החץ און 6—5 יום־טוב־בלאַטטליך זיי אַזוי פיעל שאָדען מאַכען! אונזער בעל־הבית׳ל האָט אַ דיקקע־גלאַטטע הויט; נישט אַזוי געשווינד טרעפּט איהן אַ „פייל", אויך האָט כען איהן צו פיעל און צו לאַנג צוגעוואָהנט צו גאָגעל־מאָגעל און קאַנדעל־צוקקער עס זאָללען איהם אַזוי לייכט שמעקקען די ביטטערע יום־טוב־בלאַטטליך.

איך האָף נור, אַז מיט דער צייט וועט דער עולם קריגען אַ בעססערן געשמאַקק, אַז מיט דער צייט וועט אונזער „ישראליק" אָפּפענען די אויגען און דערקקענן, ווער זיינע שונאים און ווער זיינע פריינד זענען... צו ווילל ען זיין גוטס די, וואָס גיבען איהם וואָס ער וויל ל, אָדער די, וואָס גיבען איהם, וואָס ער ד אַ ר ף צו וועללען; צו מיינען זיין טובה די, וואָס זאָגען איהם דען אמת, אָדער די וואָס פער־שכורן איהם מיט זיעסען שקר, מיט פאַלשע האָפ־נונגען און דער עיקר מיט פאַלשע חשבונות...

נור ביז דער צייט קאָנגען נאָך די בני אחיאסף רייך ווערען, און אַז עס וועט קוממען די צייט — איבערדרעהען דאָס ווינד־מיהלעכיל און מאָהלען

מתיִם. אֵייגעֶנטליִך קוּמט איִהם שוֹין לאַנג צוּ זיין אַ „מלאָדז", עֶרשטעֶנס — איִז עֶר קיין בעל־פּחדן ניִשט, עֶר קאָנן שלאָפֿעֶן איִן איין בעֶטט מיִט אַ מת, איִבּעֶרנאָכטיִגעֶן אייִנעֶר אַלליין אויפֿ'ן בית עולם, אַפֿיִלוּ איִן אַיין אָפֿפֿעֶן קבר . . . אוּנ צוּם טרוּנק איִז עֶר אויך אַ בּריאָה נפלאָה: אַנדעֶרעֶ חאַפּעֶן איין איִבּעֶריִגעֶ כּוס'עֶ אוּנ פֿעֶרגעֶססעֶן וואָס זיי דאַרפֿעֶן טהוּן; עֶר טריִנקט אוּנ טריִנקט — דיִ נאָז ווערט איִהם נוּר אַ ביִסעֶל רויט — נוּר קאָפּ האַלט עֶר אוּנ טהוּט זיין זאַך בּשלֵמות. אַללעֶ וויִיסעֶן עֶס, קאָננעֶן זיינעֶ מעלות, מעֶן האָט איִהם אפֿיִלוּ שוֹין לאַנג צוּגעֶזאָגט אַיינצוּשרייבעֶן אַלס „מלאָדז" נוּר עֶפּיִס מאַכט זיִך ניִשט; אוּנ עֶר איִז אַלס אַיין עֶוויִגעֶר „קאַנדיִדאַט", קוּמט אָפּט איִן שוּהלעֶכעֶל אַריין דוּרכנעֶצעֶן זיִך דעֶן האַלז אוּנ בּרעֶנגט נאָך אַמאָל עֶטליִכעֶ גראָשעֶן אַהייִם.

קאָפּיִקעֶ וואָהנט כּמעַט גאָר אוּנטעֶר דעֶר שטאָדט איִן אַ זעֶמליאַנקעֶ בּיים בּרעֶג טייך. פֿעֶרדיִענט עֶר אַ פּאָר גוּלדעֶן — לויפֿט עֶר בּאַלד אַהייִם צוּם ווייבּ — צוּ דעֶר פֿרוּממעֶר, שטיִללעֶר יוּדעֶנעֶ, וואָס איִז שטעֶנדיִג צוּפֿריִעדעֶן מיִט וואָס עֶס איִז — וואָס איִז מיִט אַללעֶס יוצא, אוּנ צוּם שטיִף־זוּהן — אויך אַ וואָהלעֶר יוּנג, נוּר נעֶבּעֶך אַ היִנקעֶנדיִגעֶר, 17 יאָהריִגעֶר בּחוּר. — עֶר ליִעבּט זיי ווי זיין גאַנץ לעֶבּעֶן אוּנ זייך גאַנץ לעֶבּעֶן אוּנ זיין גאַנץ פֿעֶרדיִענסט גיִט עֶר זיי בּאַלד אַוועֶק. פֿאַר זיין געֶלד קויפֿט עֶר זיִך אַפֿיִלוּ קיין טרוּנק בּראָנפֿעֶן ניִשט; עֶר טריִנקט — אַז עֶס מאַכט זיִך אַ פֿוּנדעֶ, אַיין אוּמזיִסטעֶר „קנאַק".

אַהייִם לויפֿעֶנדיִג מיִט עֶפּיִס געֶלד — לייכט זיין פּניִם פֿאַר שמחה, דיִ אויגעֶן ווערעֶן איִהם גראָסעֶר; ווּעמעֶן עֶר טרעֶפֿט אויפֿ'ן וועֶג זאָגט עֶר אָן דיִ בּשוּרה טוֹבה אַז עֶר „טראָגט שוֹין אַהייִם דיִ קאָפּיִקעֶ".

עֶס איִז דאָ איִן יאָהר אַ צייט ווען קאָפּיִקעֶ טראָגט אַהייִם אַ גאַנצעֶן 25־געֶר! דאָס איִז נאָך ימים נוראָיִם, ווייל קאָפּיִקעֶ זיִנגט גוּט אוּנ קאָנן אפֿיִלוּ לעֶזעֶן נאָטעֶן! עֶר האָט אַ גוּטעֶן בּאַסס, אַ שטאַרקעֶן, מיִט וויִיכעֶ אוּנ טיִעפֿעֶ טאָנעֶר. אַיין אַנדעֶרעֶר וואָלט אֶפשר עֶפּיִס געֶמאַכט מיִט'ן קוֹל, עֶר וואָלט אֶפשר נאָך אַיין אֵיירעָפּעֶאיִשעֶ בּעֶריִהמטהייִט געֶוואָרעֶן, נוּר קאָפּיִקעֶ האָט דעֶרצוּ ניִשט געֶטויגט.

איין מאָל איִן זיין גאַנץ לעֶבּעֶן האָט עֶר געֶזוּנגעֶן אויסעֶר דעֶר שוּהל.

דאָס איִז געֶשעֶהעֶן שוֹין אַ יאָהר 20 צוּריִק. עֶר האָט זיִך דעֶמעֶלט צוּקריִגט מיִט אַ בּעל־הבּיִת, צוּועֶקגעֶוואָרפֿעֶן דיִ מלאכה אוּנ איִז גאָר אָנגעֶקוּממעֶן איִן אַ קאָהר מיִט אַרפּיאַנקעֶס. מעֶן האָט איִהם געֶראָטהעֶן עֶר זאָלל אַריין איִן אַ טעֶאַטר, נוּר עֶר האָט מוֹרא

---

אפֿילוּ סאָציאַל־דעֶמאָקראַטיִע. —

ליִידעֶר זעֶננעֶן זיי נעֶרוואָז, קאָנקוּריִרעֶן נעֶרוואָז אוּנ האָבּעֶן אויף דעֶר וועֶלט נעֶרוואָזעֶ נאָכשטוּפּעֶר.

איִן אַ געֶוויִססעֶר שטאָדט, למשל, האָבּעֶן זיִך צוּזאַממעֶן געֶנוּמעֶן אַ הוּנדעֶרט אחיאסף־שטוּפּעֶר, אַ הוּנדעֶרט יוּנגעֶ פֿעֶרבּרעֶנטעֶ פּאַלעֶסטיִנצעֶס, וואָס אויף יעֶדעֶן פֿוּן זיי, וויִיזט אויס, קאָנן מיִשה קוּממעֶן צוּ רייטעֶן, אוּנ האָבּעֶן געֶלעֶגט איִן חרם אַריין „דיִ אַפֿפֿעֶן" מיִט „ר' שלמה" צוּזאַממעֶן . . .

איִז דאָס ניִשט נעֶרוואָזיִטאָט, וואָס גרעֶנצט, אויבּ ניִשט מיִט שגעוֹן, על כּל פּנים מיִט איִנקוויִזיִציעֶ?

---

שלוֹם־עליכם, אֵיינעֶר פֿוּן דיִ בּעֶסטעֶ זיאַרגאָניִסטעֶן האָט אַ מאָל ניִשט געֶוואוּסט וואָס מעֶן מייִנט: „פּאָקשיִזוועֶ". אַיין אַנדעֶרעֶר אויף זיין אָרט, רוּפֿט אַריין דעֶן עֶרשטעֶן בּעֶסטעֶן פּאָלניִשעֶן יוּד אוּנ פֿראָגט, וואָס דאָס וואָרט בּעֶטייט. עֶר איִז אָבּעֶר נעֶרוואָז, שטעֶלט עֶר זיִך אַניִדעֶר ווי אַיין אָקס מיִט גרויסעֶ האָרנעֶר איִן זיין אַמעֶראַקאַניִשעֶן רעֶקלאַמאַציאָנס „קוֹל־מבשר", אוּנ בּלעֶקט אַרויס: מאי פּאָקשיוועֶ? כּדי עֶר זאָל „פּאָסט־פֿאַקטוּם" געֶוואָהר ווערעֶן, אַז פּאָקשיִזוועֶ איִז דאָס אֵייגעֶנעֶ וואָס „קראָפּיִזוועֶ", דאָס הייִסט אַ מין געֶוויִקס, וואָס פּאַסט אַזוֹי איִן אַ גאָרטעֶן אַריין ווי זיין „קוֹל מבשר" איִן אַיין אָרנטליִכעֶ ליִטעֶראַטוּר.

דאָס אֵייגעֶנעֶ האָט זיִך צוּנד געֶטראָפֿפֿעֶן אַ דאָקטאָר דעֶ פֿיִלאָזאָפֿיִע. עֶר האָט ניִשט פֿעֶרשטאַנגעֶן דיִ „רוֹיז". מאי כּוּלי האי? צוּ טרעֶפֿט אֵיינמאָל,

געהאַט אַפילו אַריין צוגעהן צום דירעקטאָר און האָט זיך בעססער צוריק איבערגעבעטען מיט'ן בעל הבית. איצט זינגט ער נור ימים נוראים אין שוהל און שרייט איבער דעם חזן מיט אַללע זיינע משוררים.

זיין „צוברוממען" און „אונטערהעלפען" געפאַללט גרייליך די גרויסע בעלי־בתים פון שוהל און ער קריגט יעדעס יאָהר 35 רובעל דערפאַר, און דערפון האָט ער האַלין אויף ווינטער און אַ בגד אויפ'ן לייב...

ברענגט ער עפּיס אַהיים, געהט ער גלייך צו צום ווייב, שטעלט זיך פאַר איהר „פאַד קאָזיראָק", בלאָזט זיך אָן און גיט איהר אַגעשריי אין אויער אַריין: „עס איז דאָ די קאָפּיקע!" מיט'ן שטיף־זוהן וויעדער פערברענגט ער שוין די צייט אין וויכטיגערע געשפרעכען. דאָס ווייב איז עפּיס אַ פערשלאָגענע, אַ שטיללע און אַ „פערציק'ענ־דיגע" יודענע און קיממערט זיך ווייניג וועגען איהם מיט זיינע מעשיות און גלייבע וואָרטליך; אָבער יאָסקע איז אַ „לעבעדיג ברעקעל". ער האָרכט מיט גרויס חשק און דעריבער דערצאָהלט איהם קאָפּיקע אַללעס, וואָס ער האָט אויף דער לונג, אַללע זיינע געשעפטען, פערדיענסטען און אַללע בייעסען פון שטאָדטעל.

זיי שלאָפען אַפילו ביינאַנד: זוממער אויף דער פאָדלאָגע און ווינטער אויפ'ן אויבען און דעקען זיך ביידע צו מיט די זעלבע שמאַטעס און רעדען טהיילמאָל גאַנצע נאַכט פון פערשיעדענע זאַכען.

די צייט געהט זיך דערווייל איהר וועג, אַ יאָהר נאָך אַ יאָהר; אַלץ ווערט עלטער, אויך אונזער קאָפּיקע איז געוואָרען אַלט און אָבגעלאָזט. קיין אַרבייט האָט ער שוין כמעט גאָר נישט, ער איז שוין גאָר „צוריקגעבליעבען". עס זענען אָנגעשוואוממען נייע יונגע בעלי־מלאָכה'ס און ער קריגט קוים זעלטען אַ מאָל אַ פיצעל אַרבייט. פאַר קיין „מלאָדו" האָט מען איהן נאָך אויך נישט איינגעשריבען און עס ווייזט אויס, אַז מען וועט איהן שוין נישט איינשרייבען. ער איז זיך אַלליין שולדיג, ער האָט אַ סקאַנדאַל געמאַכט! עס איז געשטאָרבען אַ גרויסער גביר — אַ גבאי, און ביי דער טהרה האָט איהם קאָפּיקע אָנגעריהרט מיט'ן פינגער אין גראָבען בויך און געזאָגט: „נו סמאַרקאַטש, האָסט זיך גענוג אָנגעטרונקען מיט פרעמד בלוט? האַ?!..." מעהר האָט מען נישט געדאַרפט!...

די ימים נוראים זענען איהם אויך גאַנץ ביטטער צוגעגאַנגען. דער בראָנפען און די נאַססע דירה זיינע האָבען איהם איבער־געפיהרט די שטיממע און דער חזן האָט איהם אָבגעזאָגט. —

עס איז פאָרבייגעגאַנגען סוכות, עס

---

אַז אַ דאָקטאָר דע פילאָזאָפיע פערשטעהט נישט וואָס ער לעזט, און זעצט אפילו איבער וואָס ער פערשטעהט נישט? עס איז מעשים בכל יום! און הוקא נישט דעריבער, ווייל די זאַכען זענען צו טיעף, נור ווייל אַ דאָקטאָר דע פילאָזאָפיע איז טהייל מאָל אַזוי פלאַך, אַזוי פליטקע, אַז עפּיס טיעפערס קאָנן זיין מוח נישט האַפען...

איז אָבער דער דאָקטאָר דע פילאָזאָפיע אַזוי נערוועז, אַז ער מוז אויפשרייבען „לאָקשען", און עס טרעפען זיך נאָך אַזוינע נערווען־קראַנקע וואָס בעצאָהלען דערפאַר!...

---

נור דאָס אַללעס איז קיין „מן המעשר" נישט פון די צולאָזטע משוגענע נערווען, וואָס האָנען זיך בעוויזען אין פראָצעסס: „פלוני קאָנטראַ יעבץ".

וועגען יעבצ'ן און זיין „ליטעראַטור" וועלען מיר רעדען אויף איין אַנדער אָרט, מיר ווילל'ען נור צונד אָבווייזען ווי דענגערהיערט זיינע בעשיצער זענען.

איך וועל אייך נור אין קורצען זאָגען אין וואָס עס געהט. פלוני וואַרפט פאָר יעבצ'ן: 1) אַז ער האָט געשריבען אַ פאַלשע היסטאָריע, פון וועלכער אַללע אומות העולם קוממען אַרויס איינגעריסט ווי די קוימענקעהרער און איין כנסת־ישראל — ווייס ווי אַ מעהל־העגדלער. 2) אַז אין זיין יודישער היסטאָריע האָט ער איבערגעהיפערט אַללע באמת וויכטיגע פאַקטען און היסטאָרישע מענשען, אויף וועלכע ער האָט אָדער אַ שפּיי געטהון אָדער אַ קורצען „הרם" געוואָרפען... און האָט דאַגעגען אויפגעבלאָזען די

איז אָנגעקוממען דער נאַססער, קאַלטער הערבסט. זיינע שטיוועל האָבען געהאַלטען אָפּפּען די מיילער און געזופּט אין זיך אַריין די בלאָטע און אַרויסגעלאָזט זי מיט אַלערליי משונה'דיגע קולות... זיין ראָק איז אויך שוין גאָר צוטראָגען! אָרטערווייס קוקט אַרויס דאָס שמוציגע העמד. און באַלד קוממט שוין אָן דער שטרענגער ווינטער; קיין האָלץ איז נישט דאָ, פון דירה טרייבט מען... שלעכט!

קאָפּיקע האָט אַראָבגעלאָזט דען קאָפּף און געלאָזט זיך געהן צו די געמיינסטע בעלי־מלאכה'ס בייגען זיך און בעטען אַרבייט; ער שווערט מיט כלה שבועות, אַז ער וועט שוין זיין גוט און פרום. נאָר אומעטום האָט מען איהן שוין גאָר נישט גערעכענט פאַר אַפּועל.

עס זעננען געוועזען ברעננענדיגע שבט־פראָסט; ביי קאָפּיקען איז געלעגען דער שניי אויף די וואָנד אויף אַ פינגער די דיקק. גור היינט איז איהם שוין ווידער היימליך — מען דאַרף אין אַ וואָך צייט פערטיג מאַכען אַ גאַנצע גאַרדעראָבע פאַר אַ גביר'ס אַ טאָכטער צו דער חתונה און מען האָט איהם אויך שוין צוגעוואָרפען אַ שטיקעל אַרבייט.

ביי נאַכט איז ער אַ היים געקוממען לוסטיג. ער האָט געבראַכט אַ ביססעל האָלץ, ברוידט און אַ פּאָר הערינג. ער האָט איבערגעשראָקען דאָס ווייב, אַריינ־שרייענדיג איהר אין אויער: „עס איז דאָ אַ קאָפּיקע" און האָט יאָסקען געגעבען אַ שנעלל אין נאָז. ביי די וועטשערע איז ער גאָר לוסטיג געוועזען, אויך דאָס האָלץ האָט פראָהליך געקנאַקט... און ער פערציילט זיינע מעשות, ווי די כלה זעהט אויס, ווי זי קוקט „קאַסאָקע", ווי זי „רעדט אונטערן צונג", וויפיעל און וואָס פאַר אַ קליידער מען מאַכט איהר, אויך פון וואָס פאַר אַ ג ע ש אָ פ ט ע ן דער פאָטער איהרער איז געוואָרען אַזוי רייך, א. ז. וו..

מען האָט אָבגעגעססען. דאָס האָלץ האָט שוין אויסגעברענט, אין הייזעל איז וואַרימער געוואָרען, — און מען איז גע־גאַנגען שלאָפען. דאָס ווייב האָט זיך גע־לעגט אויפ'ן געלעגער און זיך צוגעדעקט מיט אַ גאַנצע „קראָוועו" שמאַטעס, קאָפּיקע מיט'ן שטיף־זוהן זעננען אַרויף געקראָכען אויפען אויבען, האָבען זיך גוט דורכגע־וואַרעמט און אָנגעהויבען פלוידערן. די פלאַם פון דעם לעמפּעל האָט זיך דאָס לעצטע מאָל בעוויזען און איז פערלאָשען געוואָרען.

עס איז געוואָרען פינסטער, פון אויבען האָט זיך אַרויס געצויגען אַ גרינער רויך, פון די וואָנד האָט געצויגען אַ נאַסע פאַרע,

---

עטליכע „פאַלעסטינצעס", וואָס האָבען דערווייל נאָך גאָר נישט געטהון, חאָטש זיי האָבען אַזוי פיעל געקאָסט און קאָסטען ווייטער... און 3) און דאָס איז דער עיקר — אַז ער שרייבט געפאָהרליכע קינדער־ביכער, וואָס ווילען אונז צוריק פיהרען צו די „גוטטע, פרוממע, נור, ליידער, פינסטערע צייטען!".

די קריטיק איז אַריין ווי אַ שטיין אין אונזער ליטעראַרישען טייך און די גרויסע פיש האָבען זיך ווילד דערשראָקקען! פריהער האָבען זיי פאַר שרעקק געשוויגען, נור דערנאָך, אַז מען האָט געזעהען, אַז דער פלוני שטעהט דערווייל אַליין, זעגנען די העכט אַרויף געשווימען מיט די אָפּפענע מיילער, נור איינצושלינגען!

צו אַללעם ערשטען איז אַרויס אַ „זי" — אַ דבורה גינצבורג, פאַר וואָס נישט אַ מחבר — אַ זכר? כדי מען זאָל נישט קאָננען זאָגען: „הדיוט קופץ בראש"; הדיוט איז לשון זכר. און דער רעדאַקטאָר פון המליץ, וואָס בייזערט זיך אויף אַ קליינע „עדה" אין אַמעריקאַ, וואָס האָט אויפגענוממען פאַר זיך אַליין, אין גאַנצען פאַר אַ פּאָר מנינים, אַ בעל־דרשן אַ יודענע, לאָזט די אשה צנועה דרשנ'ען פון מליץ־בעלעמער פאַר כל ישראל. נאָך מעהר — אַלס עלעגאַנטער העדר טרעט ער איהר אָב דען אויבן־אָן און מאַכט פון דער ווייבערישע נערהוען־לאָגיק אַ לייטענד אַרטיקל!

און דבורה גינצבורג איז שרעקליך דערנער־וועט; זי האַלט זיך איין מיט אַללע קראַפטען קיין שלעכט וואָרט נישט צו רעדען און דאָך איז איהר אַרטיקל אַ וואַלד מיט שאַרפע באַגנעטען. האָניג און מילך

דער שטיף־זוהן שלאָפט שוין און אָטהמעט שווער, נור קאָפּיקע רעדט נאָך אַליין.

„יאָסקע", בורטשעט ער פון שלאָף:— „יאָסקע, דו שלאָפסט שוין — האַ? אַ, ווי איך האָב מיך דורכגעוואַרעמט די ביינער אַ מחיה! אָבער דער קאָפּ? דער קאָפּ דרעהט זיך מיר עפּיס, פּונקט ווי איך וואָלט אויסגעטרונקען אַ טאָפּ שפּירט... עס ווילט זיך גריילך אַ טרונק, נאָר איך קאָנן עפּיס דען קאָפּ נישט אויפהעבען פון אָרט. — אָט דאָס הייסט זיך דורכגעוואַרעמט! און ווי גוט איז דאָס די בעלי־בתים אין זייערע וואַרעמע און ליכטיגע הייזער!...

„אָרעמער יאָסקע, ווי ער חראַפּעט דאָס! אַז איך וועל פערדינען געלד — וועל איך איהם אויפנעהען אַ וואַרעמען פּאַלטאָ... מען מוז פעסט צו מאַכען די אויגען — עס דרעהען זיך עפּיס אַרום איבערן אויבען אַזוינע גרינע ראָדער...

---

צו מאָרגענס אין דער פריה האָט קאָפּיקעס ווייב געמאַכט אַ געוואַלד, עס זענען זיך צוזאַממען געלאָפען מענשען: קאָפּיקע און זיין לאָמער שטיעף־זוהן זענען דערגאָרעט געוואָרען.....

א. גאָרין.

## נ. גאַרין.

### דאָס ביבעלע פון גליק.

(אַ מעשהלע)

אַמאָל איז געוועזען אויף דער וועלט (און עס קאָנן זיין, אַז יעצט איז נאָך אויך דאָ) אַ קליין אויסגעריבען, פערשמוצט ביבעלע. און אַ כשוף איז געלעגען בעהאַלטען אין דעם ביבעלע: ווער עס האָט עס נור אין האַנד גענוממען, דער איז געוואָרען גוט, וואהל און פראָהליך. און איבערהויפּט האָט ער האָלד בעקוממען אַללע און האָט נור געקלעהרט, ווי אַזוי עס זאָלל געשעהן, אַז אַללע זאָלל זיין אַזוי גוט ווי איהם איז.

דער סוחר האָט אויפגעהאָרט צו נאַרען, דער גביר האָט אָנגעהויבען קלערען וועגען אָרימאַנן, דער גרויסער שררה האָט שוין מעהר נישט געמיינט, אַז ער האָט קיינמאָל קיין טעות נישט און אַז אויף זיין קאָפּ שטעהט די וועלט.

און דאָס אַלס איז געשעהן דעריבער, ווייל יעדערער, וואָס האָט געהאַלטען דאָס כשוף ביבעלע, האָט אין דער מינוט יענעם ליעב געהאַט ווי זיך אַליין. איז איהם אָבער דאָס ביבעלע, דורך וואָס עס איז פאַר אַ סבה, אַרויס געפאַללען פון דער האַנד,

— דאַכט זיך — רינט איהר פון מויל, נור דער האָניג איז פולל גיפט און די מילך איז אויראָניש זויער און געזעצט. זי וויל נישט פלוני'ן בעליידיגען, דאָך איז פון „אַ פלוני דאָרט" (איזה פלוני) בפרט, און פון אַ זשאַרגאָן־שרייבער בכלל אַ העזה צו קריטיקירען יעבצן! דאָס הייסט (אַ פנים) אַריינברעכען אין דער חברה „שמור לי ואשמור לך" און צו שאַנדען מאַכען דאָס גאַנצע „עסק"... זי איז — חלילה! — נישט בייז, נור דער „פלוני" איז אַ „פרעמד צווייגעל" אויף אונזער בוים, אין אונזער ווייגאָרטען, און די אשה צנועה וויל איהן מיט'ן שאַרפען ציינגעל אָבשניידען און אַרויסוואַרפען — על כל פנים — פאַר די אומות העולם... צו די דריי קנינים, וואָס דער רבונו של עולם האָט אויף דער וועלט, קומט, אַ פנים, צו נאָך אַ קנין! היינט

ווערט דער הייליגער קוליטש געפלאָכטען אין פיהרען, פון שמים־וארץ, ארץ ישראל, תורה און יעב"ץ — ווער עס גלויבט נישט אין יעבצ'ן — וואָן! אַרויס פון כנסת ישראל! ווער עס קריטיקירט, ווער עס זאָגט אַרויס דען אמת צו הויך, צו פראָסט, ווער עס רופט אָן די זאַך ביים נאָמען, ווער עס וויל נישט און לאָזט נישט נאַררען דאָס פאָלק; ווער עס וויל נישט זיינע וואָרטער איינוויקלען אין וואַטטע, בעשפריצען מיט אָדעקאָלאָן, פערזיססען מיט צוקקער, ווער עס דענערוויערט אונז — אַרויס!

היסטעריע איז אַנשטעקענד; באַלד זענגען אַרויס נאָך צוויי „גן־עדן־פאַנגעס"; און זענגען אַריין ווי די קוואָקעס צווישען די מודעות אין המליץ... ווי קוואָקקען אוים דאָס יונגע האַרצוויטאָג, וואָס מען האָט יעבצן אַראָב געריססען די קרוין פון קאָפּ־

האָט ער צוריק אָנגעהויבען קלערען נור וועגען זיך אַלליין און פון מעהר שוין גאָר נישט געוואָללט וויססען; איז דאָס ביבעלע איהם וויטער פאַר די אויגען געקומען, האָט ער עס מיט די פיס אַוועקגעשלייַדערט אָדער מיט אַ צוואַנג אינם פייער אַריינגעוואָרפען, דאָס ביבעלע האָט זיך געברענט און יענער האָט זיך בערוהיגט. — נור אַזוי ווי אין ביבעלע האָט געשטעקט אַ כשוף, איז עס קיינמאָל נישט פערברענט געוואָרען און האָט זיך וויעדער איין אַנדערן בעוויזען.

עס איז געוועזען עפיס אַפראָהליכער יום טוב; ווער עס האָט געקאָנט, האָט זיך געפרייט. נור אַ קליין קליין קראַנק יונגעלע איז געוועזען אומעטיג. איהן האָבען שטאָנדיג געפייניגט שלעכטע קראַנקהייטען און לאַנג, שוין לאַנג האָט זיך איהם געדאַכט, אַז די גאַנצע וועלט איז איין אַפּאָטהעקע און אַללע אונבעקאַנטע מענשען זענען דאָקטורים, וואָס ווילען איהם שטאָפּען מיט אַללערליי פערשידענע ביטטערע רפואות.

קיינער האָט דאָס נישט האָלד, און דערפאַר, שפּאַצירענדיג מיט דער ניאַנקע, איז דאָס יונגעלע, ווען אַללע קינדער האָבען זיך געפרייט, געגאַנגען אומעטיג און פערקלעמט ווי אַללע מאָל. ער האָט געהאַט אַ גרויסען שווערען קאָפּף וואָס האָט איהם אַראָב געוואָגען און דעריבער איז איהם לייכטער געוועזען צו קוקען אַראָב, נישט אַרויף, און עס קאָנן זיין, אַז נור דעריבער האָט ער דערזעהן דאָס קליין פערשמוצטע ביבעלע, און חאָטש די ניאַנקע האָט איהן געצויגען ביי דער האַנד פאָרוועָרטס איז ער פאָרט בעשטאַנען אויף דאָס ווייניגע און האָט אויפגעהויבען דאָס ביבעלע.

ער האָט עס געהאַלטען שטאַרק און וואָס מעהר ער האָט עס צוגעדריקט צו זיך, איז איהם אַלץ פראָהליכער געוואָרען אויפ'ן הערציל.

אַז ער איז געקוממען אַהיים און האָט דערזעהן די מאַמען, האָט ער מיט שמחה אַ געשריי געטהון: מאַמע! און איז צוגעלאָפען צו איהר.

און חאָטש אויף די קולות איז אַרויסגעשפּרונגען דער טאַטע, וואָס האָט געלעזען אַ קלוג בוך, און באָזהאַפט געפראָגט זיין קאַפּריזנעם זוהן, צו ער קאָנן נישט האָבער שרייען — האָט זיך דאָס קינד נישט בעליידיגט; עס האָט פערשטאַנען אַז דער טאַטע שרייט דערפאַר, וואָס ער האָט נישט אַזאַ ביבעלע ווי ער.

די מאַמע, דערזעהענדיג איהן אַזאַ פראָהליכען, האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטען פאַר שמחה, זי האָט זיך אַוואָרף

---

און זענען מנדר (איך געדענק נישט וויפיעל מאָל ח״י), לטובת הפועלים אין ארץ ישראל!

אַזאַ ערנסט-ערליך-קלוג אַריינמישען זיך אין אַ ליטעראַרישען וכוח, אַזאַ מין פיין אונטערהאַלטען אַ געפאַללענען גבור, אַזאַ מין סימפּאַטישע אַמעריקאַנישע רעקלאַמע — שרייבען און תתמיגען נור האָבסט דענעררווירטע דאַמען!

איך גלייב, אַז זיי שרייבען אמת — אַז זיי האָבען באמת זייער גאַנצע מיללייניגע חכמה אויסגעזייגט פון יעבציס ברוסטען, אַז עס צאַפּעלט זיי באמת דאָס האַרץ זעהענדיג, ווי מען רייסט דער אַמם די קאָפּקע פון אַלט-קלוגען קאָפּף... נור נישט יעדער צאַפּפּעל פון אַ מיידעל-האַרץ דאַרף נאָטירט ווערען אויף דער ליטעראַרישער באָרזע, און אַז מען זייגט שוין אָב ביי יעבצן — הייבען ערשט אָן צו שפּראָצען צאָנדליך, דאַרף מען ערשט אָנהייבען עססען — אָנהייבען באמת צו לערנען!

דערנאָך איז דער רעדאַקטאָר ה׳ ראַבינאָוויטץ אַליין אַרויס מיט אַ בעמערקונג, אַז די זשאַרגאָניסטען, וואָס שרייבען פאַר זיצערין און קאָבין, וואָלטען געדאַרפט בעססער וואָרנען פאַר דער מהומה׳דיקער עמיגראַציע און נישט רעדען פון יעבצן. די קאָבין מיט דער זיצערין — מיינט ה׳ ראַבינאָוויטש — מאָגען נישט וויססען, אַז יעבץ „טאַנצט אויף די הינטערפיסליך״ און „וויל צוריק שלעפּען די כנסת ישראל אין מיטטעל-אַלטער אַריין״...

נור אַזוי אומגערעכט קאָנן מען אויך נישט זיין ביי פעלליג געזונדע גערויען. וואָרען — וועמען האָבען מיר די מהומה צו פערדאַנקען, אַז נישט די לשון-קדש׳ע קעססעל-פויקער? צו איז צערערבוימס

געטהון אונ איהן אָנגעהויבען אַזוי שמערצליך צו קושען, אַז אַיין אַנדערט מאָל וואָלט ער זיך צוווייַנט, נור דאָס מאָל האָט ער מיט אַ שמייכעל געזאָגט:

— מאַמע טהייערע, מיר טהוט וועה, לאָז מיך, זעה...

אונ חאָטש די מאַמע האָט איהן נאָך שטאַרקער אָנגעהויבען צו צודריקקען, האָט ער שטיל געליטטען, ווייל ער האָט יעצט פערשטאַנגען, אַז די מאַמע האָט איהן ליעב, נור זי פערשטעהט נישט, אַז זי טהוט איהם וועה. אַז ער איז צולעצט צוגעפלויגען צו דער מאַמען, האָט ער איהר געוויזען זיין ביכעלע אונ האָט מיט אַ גליקליכע מינע, אונ אונטערטאַנצענדיג פאַר שמחה, אַריין געקוקט איהר אין די אויגען אַריין אונ געזאָגט:

— זעהסט — אַ ביכעלע.....

די מאַמע, פערשטעהט זיך, האָט נישט געוויסט וואָס דאָס איז פאַר אַ ביכעלע, זי האָט נור געזעהן, אַז איהר קינד איז גליקליך; וואָס דאַרף אַ מאַמע מעהר? עס האָט זיך איהר געוואָלט איהם צו געבען נאָך אַ ביססעל גליק אונ האָט איהן מיט אַ שמייכעל געגלעט.

— ליעב, טהייער קינד מיינס!...

יאָ, דאָס קינד איז געוועזען זעהר גליקליך, אונ אַז די ניאַנקע, לעגענדיג איהן שלאָפען, האָט געפּרובט צו נעהמען ביי איהם דאָס ביכעלע, האָט ער זיך אַזוי צוווינט, אַז זי האָט עס איהם געמוזט צוריק געבען אונ ער איז דערמיט איינגעשלאָפען.

ביי נאַכט איז צו איהם געקוממען צופליהען אַ מלאך אונ געזאָגט צו איהם:

— איך בין דער שר פון גליק. פיעלע האָב איך געגעבען דאָס ביכעלע אונ זיי זענען געוועזען גליקליך כל זמן זיי האָבען עס געהאַלטען. נור אַז איך האָב עס נור צוגענוממען ביי זיי, האָבען זיי דאָס צווייטע מאָל נישט געוואָלט עס צוריקנעמען פון מיר. דו, קליין יונגעלע, ביזט דער ערשטער, וואָס האָט געוואָלט עס נעמען צוריק. אונ דערפאַר וועל איך דיר ענטדעקקען דען סוד, ווי אַזוי אַללע קאָננען גליקליך ווערען. אונ חאָטש דו ביזט נאָך גאָר אַ קליין יונגעלע, וועסט דו עס דאָך פערשטעהן, דען דו האָסט אַ גוט האַרץ.

אונ אַזוי ווי דאָס יונגעלע האָט דאָס טאַקי געוואָלט, וואָרען אַזא כשוף האָט שוין געשטעקט אין'ם ביכעלע, האָט ער געענטפערט דעם מלאך:

— טהייערער מלאך! איך וויל טאַקי אַז אַללע, אַללע זאָללען זיין גליקליך ווי איך. אָט — דער טאַטע, די מאַמע, דער טישלער, וואָס איז היינט געקוממען בעטען אַרבייט, אויך יענע אַלטיטשקע, דו גע־

המליץ נישט געשטאַנגען אין דער ערשטע שורה אונ געפּויקט „טרעוואָגע": — לויפט, רייסט, יאָגט...? אויף וועמען זיע פאַלט דער חוב צוריק־צו־פּויקען? צוריק־צו־רופען? די זיצערין אונ די קאָבין לויפען, זוייל — ווייל אין יעדער שטאָדט איז דאָ עטליכע לשון־קדש פּויקער וואָס צוטראָגען די טרעוואָגע אין אַללע גאַססען אונ לאָזען קיין אַנדערע ספרים אויסער יעבץ אונ אחיאסף נישט קויפען...

אמת — דער עולם האָט געפּויקט קיין אַריך־ישראל אונ געלאָפען איז מען קיין אַרגענטינא; שולדיג איז דאָך דער פּויקער— די גאַנצע „טרעוואָגע" איז איבריג געוועזען!

אונ דאַרף מען צוריק פּויקען זיארגאָן, זאָללען די פּויקער אַליין שרייבען! קאָננען זיי נישט שרייבען אין קיין איינפאַך דורכזיכטיגער שפּראַכע, וואָס פערדעקט נישט די לאַכער אין דער לאָגיק, פערבלימט נישט די פינסטערע חכמות, אונ פערהאַקט נישט מיט געדונגערטע וואָרטער דען לעזערס שכל הישר, זאָללען זיי זיך אַ זיארגאָן פּויקער דינגען! די פראַקסע קענען זיי... ווי לאַנג איז גאָר, אַז מען האָט אַ „בילליער" געדונגען געגען באַראָן הירש? ווי לאַנג איז, אַז מען האָט אונטערן טיטעל „איין אמת וואָרט", פּאָפּולאַריזירט ווערמאָנטס מסירות? ווי לאַנג איז עס, אַז מען האָט גאָר געדונגען אַ „דאָרן" געגען איין אומשולדיגער אָרימער „רויז"? וואָס? צונד האָט קהליש געלד פערפעהלט?

איך גלייב באמונה שלמה אַז ה' ראַבינאָוויטש וויל זיין אונפּאַרטייאיש; איך גלייב אַז ער וויל אפילו מיט די צייט דען גאַנצען צעדערבוימישען בית אַריסטרייבען פון המליץ... נור די נערוועו זענען

דענקסט? די וואָס איז געגאַנגען און גע־ווײנט, אַז זי האָט נישט וואָס צו עססען, און אויך יענס יונגעל, וואָס האָט געבעטען ביי מיר אַ נדבה...... אַללע, אַללע, טהייערער מלאך, אַללע ווילל איך זאָללען גליקליך זיין!

— און אויב צוליעב דעם — אַללע זאָללען גליקליך זיין, וועסט דו מוזען שטאַרבען? ווילסט דו אויך וויססען דען סוד?

— יאָ, יאָ — איך ווילל!...

— אויב אַזוי, קום!

און דער מלאך האָט איהן אָנגענוממען ביי דער האַנד און זיי זענען בײדע אַוועק־געגאַנגען.

זיי זענען אַרויס אין גאַסס אַריין, און לאַנג, לאַנג געגאַנגען; זיי זענען שוין געוועזען וויט, וויט אויס דער שטאָדט, אַלס דער מלאך האָט איהן געוויזען אַרויף אין דער הויך; און חאָטש עס איז געוועזען פינסטער, דאָך, גאָר אויבען אויף אַ שפּיץ באַרג זענען געוועזען העלל בעלייכטעטע פענסטער פון אַ פערכישופטען פּאַלאַץ.

דער מלאך האָט זיך צו געבויגען צו'ם יונגעלע און געזאָגט:

— אָט, וואָס מען דאַרף טהון כדי אַללע זאָללען גליקליך זיין! דאָרטען אין דעם שלאָסס שלאָפט אַ בעצויבערטע פּרינצעססין און כדי אַללע זאָללען גליקליך זיין, מוס מען זי אויפוועקען; נור דאָס איז נישט אַזוי לייכט. — זי בעוואַכט אַ ביזער, שלעכטער מכשף, דו זעהסט פאַר אונז דען גרויססען ברייטען וועג, וואָס איז בעלייכטעט מיט אַללערליי פייערען, וואָס פיהרט גלייך אין דער הויך אַרויף צום באַרג? דו זעהסט וויפיעל קינדער עס געהען מיט דעם וועג? פיעל פון זיי געהען אַהין, און קוממען אין שלאָסס מיט דעם געדאַנק אויף צו וועקקען די פּרינצעססין, נור קיינער וועט זי נישט אויפוועקקען; דען וואָס האָבער זיי קוממען, ווערען זייערע הערצער אַלס מעהר פער־שטיינערט, און אַז זיי קוממען שוין גאָר אַרויף אין דער הויך מיט זייערע שטיינערנע הערצער, פערגעססען זיי צו ליעב וואָס זיי זענען געקוממען, און דער ביזער מכשף לאַכט... און וואַרפט זיי ווי שטיינער אַראָב אין יענער פינסטערער זייט, פון וואַנען עס הערען זיך די קולות, דאָס ווײנען, די זיפצען און... די יללות.

— ווער שרייט דאָס?

דאָס שרייען די, וואָס געהען אין דער פינסטער, און אין דער בלאָטע; זיי שרייען, ווייל עס איז זיי שרעקליך און אומעטיג אין דער פינסטערניש; זיי שרייען דערפאַר, ווייל זיי זענען אין בלאָטע, ווייל זיי וויללען עססען. זיי שרייען און האָפפען, אַז די

---

שולדיג, און ער ווילל אויך, אַז דער זיארגאָן זאָלל זיך נישט אַריינמישען אין דער לשון קדש'ער וועלט, ווייל — אָהן זיינע שרייבער, איז דאָרט אַזוי רוהיג, אַזוי שטיל, אַזוי שלום ושלוה! עס שרייבען סאַמע גוטע ברידער, קיין „פרעמדען" לאָזט מען נישט אַ לעז דעקקען, נאַ־דיר! קומט עס פון דער זייט!

---

אין דער אַנמערקונג האָט זיך אָנגעחאַפּט איין אַנדערער נערוועזער שרייבער אין הצפירה. הערר פראָסס איז אַרויס, „איש יהודי ספרא" האָט „אונ־טערגעגאַרטעלט זיינע לענדען" און „פּאַטשט" אין הצפירה! דאָס שטיללע וואַססערל רייסט איין די ברעגעס!

מיט וואָס פלוני קריטיקירט יעביצען, דער־מאַנט ער נישט, כדי ער זאָלל נישט דאַרפען דערויף צו ענטפערען; אויף דער זעג, ווייסט ער, האָט די שלאַנג קיין צאָהן נישט... פאַר דאָס אָבער האָט ער פערפּלייצט אַ שאָקק נומערען הצפירה מיט גיפט... און דוקא מיטן ערגסטען...

וואָס ווילל פראָסס? אָסור אויב איך ווייס! איך ווייס נור, אַז לויט זיין לאָגיק איז אַ משרת אָדער אַ קאָכין אַ מאוסערע פרנסה אַלס אַ פאַקטאָר ביי הלוואות און פלוני האָט נור אַ פּראַווע צו רעדען מיט משרתים און קאָכינס; עס זעהט אויס אַז לויט פראָסס שכל הישר איז יעביץ אַ פאָרטשריטס־מאַנן — ווי דען! נור אַז מען קאָנן אַזוינס שרייבען, און נאָך אַזוי פיעל דערפון שרייבען האָט מען זיכער קיין געזונטע נערווען...

נור דאָס איז נאָך וועניג. אויפען אָרימען

פּרינצעססען וועט זיך אויפהאַפּען דורך זייער געשריי פאַר הונגער... נאָר דער שלעכטער מכשף לאַכט אונ וואַרפט זיי אָנשטאָט ברויט שטיינערנע מענשען אַראָב, אונ זיי אין דער פינסטער זעהען נישט ווער עס וואַרפט אונ מיינען, אַז די שטיינער פליהען אויף זיי פון הימעל אַראָב, אָדער אַז עמיץ פון זיי אַלליין וואַרפט; אונ דעמאָלט הרגינען זיי איינער דען צווייטען.

— אונ פאַר וואָס טהוט דאָס דער מכשף אַזוי?

— ער דאַרף זיי פיינינגען, ווייל נור דורך די פינסטערניש קאָנן מען דערגעהן דען וועג, וואָס פיהרט צום פּאַלאַץ, אויף וועלכען דער מכשף האָט שאָן גאָר קיין שליטה נישט, נאָר פון דעם ווייסט נישט קיינער. אונ כל זמן דאָרטען איז פינסטער, בלאָטיג אונ שרעקליך, בעמיהען זיך אַללע אַרויף צו קוממען מיט'ן בעלייכטען, פערכשופטען וועג. — מיט וועלכען וועג ווילסט דו געהן? צו מיט יענעם, וואָס איז פינסטער־חשך אונ בלאָטיג, וואו עס איז נישט דאָ אַזעלכע אויסגעפּוצטע, פראַה־ליכע קינדער, צו אויף יענעם וועג, וואָס פיהרט גלייך אַרויף?

— מיט דעם, האָט געענטפערט דאָס יונגעל אונ געוויזען אויף דער פינסטערער בלאָטיגער זייט.

— דו האָסט קיין מורא נישט? דאָרטען זעננען בייזע קינדער, זיי געהען אין דער פינסטער אַהין אונ צוריק, אונ נישט וויססענדיג דען וועג, שרייען זיי אונ הרגינען איינער דעם צווייטען; דאָרטען קאָנן דיך טרעפען דען מכשף'ס אַ שטיין... ווילסט דאָך געהן?

— יאָ!

— נו, קום!

זיי האָבען אָנגעהויבען געהן אונ דאָס יונגעל האָט דערזעהן הערום זיך שרעקליכע געשטאַלטען פון בייזע קינדער.

— קינדער! קוממט מיט מיר! איך ווייס דעם וועג!

— וואו, וואו?

— אָט דאָ, נאָך מיר געהט!

— איז דען דאָ נאָך אַ וועג, אויסער יענעם, אויף וועלכען עס געהן די גליקליכע קינדער?

— אָח — יאָ! מיט יענעם וועג געהט נישט! מיט מיר, מיט מיר קוממט!

— אָבער דו געהסט דאָך אויך גאָר אָהן אַ וועג ווי מיר —

— ניין, דאָס איז טאַקי דער וועג... קוממט, מיט מיר איז דאָ אַ מלאך.

— אָה, דו נאַריש יונגעל, מיר זעננען אַזוי אויך פערמאַטטערט, מיר ווילל'ען עססען... דו האָסט ברוידט?

„מאַקאַר" פאַלט נאָך אַ שישקע... טאַוויאָזו איז דאָ! אַ פּעליעטאָן אין המליץ! טאַוויאָזו איז מודה אַז יעבין פּאָלשט די געשיכטע, ער פראָגט נור: „וואָס שאַדט אונז דער „שקר"?, וואָס שאַדט עס — פראָגט טאַוויאָזו — אַז מיר ווערלען אָבנאַרען די קינ־דער? אַז זיי וועללען עלטער ווערען — מיינט טאַווי־יאָזו — וועללען זיי שוין אַלליין וויססען דען אמת...

נו, זאָגט אַליין, צו אַמענש, וואָס האָט אַ פּרעטענסיע אויף בילדונג??, אויף די קינדערישע האַרצליך זייהען שקרים, כדי דער ווינד פון שפּעטערן לעבען זאָלל האָבען וואָס אויסצורייסען — צו דאַרף אַזאַ „מענש" נישט נעטיג אַ קאַלט־וואַססער קור?!..

נור דאָס אַללעס איז נאָך וועניג! נאָך גאָר נישט! עס קריכט אַרויס נאָך איינער מיט אַ „גע־וואַלד" — מיט „אַ פּראָטעסט פון כלל ישראל געגען הויזפריינד!".

נור דאָס גרעניצט זיך שוין טאַקי מיט שגעון... עפּיס אַ חצקון שרייבט אין נאָמען פון כל ישראל, פון דער גאַנצער אומה!!!

נור וואָס איז מיין טרייסט?

מיין טרייסט איז, אַז די נערוזען פון די אומות העולם, פון דער כנסת־ישראל אונ פון אונזער ליטעראַטור וועללען זיך אַמאָל שטיללען, אונ געזונד לאַכען פון דער אַלט־נאַרישער צייט גלייך מיטן

יוסף פון ראדאנוביץ.

— איך האָב אַ ביכֿעלע פֿון גליק...

דאָס איז גאָר איין אָקס — זאָגען די שלעכֿטע קינדער... לאָמיר איהם דער־טרינקען אין דער בלאָטע מיט זיין נאַרישׁ ביכֿעל צוזאַממען.

— אויב דו ווילסט, פֿליהען מיר אַוועק — האָט זיך איינגעבויגען און געזאָגט צו איהם דער מלאָך.

— ניין, איך וויל נישט, זיי וועללען מיך דערטרינקען, אָבער דאָס ביכֿעלע וועט דאָך בלייבען... אַזוי מוסס זיין, טהייערער מלאָך!... דו ווייסט דאָך יענעם, וואָס וועט אויפֿהייבען דאָס ביכֿעלע, פֿיהרען ווייטער, יאָ?

דאָס יונגעל האָט שוין נישט געהאָרט קיין אַנטפֿער; די בייזע קינדער האָבען זיך אַ וואָרף געטהון אויף איהם און אַריין געשליידערט אין דער בלאָטע און אַז זיי האָבען איהם אין גאַנצען פֿערזינקט, זענען זיי אַללע געוואָרען פֿראָהליך און האָבען געטאַנצט אויף זיין קבֿר. זיי האָבען געמיינט אַז זיי האָבען בעגראָבען דאָס יונגעל מיט זיין ביכֿעל, נור דאָס ביכֿעל האָט געפֿונגען איין אַנדערער און האָט עס אַוועקגע־טראָגען ווייטער; און אַז אַללע זענען שוין אַוועק, האָט דער מלאָך אַרויסגענוממען דאָס יונגעלע פֿון בלאָטע, האָט איהן אָבגעוואַשען און אַוועקגעטראָגען אין פּאַלאַץ צו דער פּרינצעססין.

ער איז נישט געשטאָרבען, נור ער שלאָפֿט צוזאַממען מיט דער פּרינצעססין, און ער האָט גוטע חלומות. דער גוטער מלאָך דערצאָהלט זיי איהם, ווען ער קומט צופֿליהען פֿון בלאָטיגען און פֿינסטערן וועג, אויף וועלכֿען עס איז שוין שטיל, נור מען געהט אַלס און מען טראָגט דאָס ביכֿעלע פֿון גליק, אַלץ נאָהנטער צום בעצויבערטען פּאַלאַץ. און אַז מען וועט אַמאָל אַהין ברענגען דאָס ביכֿעלע וועט זיך אויפֿכאַפּען די פּרינצעססין און אויך דאָס יונגעלע. און עס וועט אומקוממען דער שלעכֿטער מכשף און מיט איהם וועט פֿערשווינדען די פֿינסטערניש און די מענשען וועללען דעמאָלט דערזעהן, אַז גליק אויף דער וועלט איז דאָ פֿאַר אַללע!

איבערזעצט דורך
אהרן הורוויץ.

# אונזער טרייסט און האָפֿנונג.

## א) אונזער טרייסט.

מען דאַרף זיך טרייסטען!

אַ פֿאָלק, וואָס האָט אַזוי פֿיעל צרות איבער־געלעבט, אַזוי פֿיעל פֿינסטערע צייטען איבער־געוואַרט; אַ פֿאָלק, וואָס מצרים און בבֿל, צוויי שראָקליכֿע שכנים, האָבען נישט אויפֿגעגעססען, און דאָס בלוטדורשטיגע אונגעהייער — דאָס מיטעלאַלטער, נישט איינגעשלונגען — וועט היינט, אין ניינצעהנטען יאָהר־הונדערט, נישט פֿערלוירען געהן.

מען דאַרף זיך טרייסטען און האָפֿפֿען!

טרייסטען דאַרף מען זיך מיט דעם, וואָס איבערוואָהל דער האַסס צווישען מענשען איז נאָך נישט אויסגעלאָשען; איבערוואָהל דעם שוואַכֿען דיענט נאָך נישט דאָס אייגענע רעכֿט, וואָס דעם שטאַרקען; אַז איבערוואָהל: „לא תגנוב, לא תגזול, לא תרצח, לא תחמוד“... איז נור נוהג צווישען אייגענעם און דעם צווייטען פֿון אייגענעם פֿאָלק, — דאָך איז דער האַסס צווישען מענשען שוואַכֿער, מילדער, געלאַססענער ווי פֿריהער...

אַמאָל זענען נישט קיין פֿעלקער, נישט קיין מדינות, נישט קיין שבטים, נישט קיין משפחות געוועזען, נור איינצעלנע האָרדען; הבֿרות מענשען האָבען זיך אַרומגעדרייט ווי חיות אין סטאַדעס... דעמאָלט זענען די חיות הייליג געוועזען, און דער מענש האָט נור אַלס פֿרעסס־פֿלייש געדיענט! אין דער האָרדע אַליין האָט געמוסט שוין זיין אַ ציימען פֿון מוסר, נור צווישען איין האָרדע און דער צווייטער איז געוועזען אייביג קריג, און אייביגע פֿרעססעריי, און —

די שוואַכֿע האָרדע איז אויסגעקוילט און אויפֿגעגעססען געוואָרען.

דערנאָך בעוויזען זיך נאָמאַדען — גרויסע פֿאַמי־ליען פּאַסטוכֿער, וואָס בלאָנקען זיך אַרום אין סטעפּ מיט זייערע סטאַדעס. איין פּלאַץ קאָן קיין צוויי סטאַדעס נישט ערנאָהרען; איין ברונגען, איין קוואַללען קאָן קיין צוויי סטאַדעס נישט לעשען דעם דאָרשט, און צווישען איין פֿאַמיליע און דער צווייטער

אִיז ווייטער קריג אוּן מלחמה, אוּן וועה אוּן ווינד אִיז דער שוואַכערער פאַמיליע! דאָך פרעסט מען זיי שוין נישט אויף! די סטאַדע דאַרף מענשען. דער פאַטריאַך אוּן זיינע ווייבער דאַרפען שוין בעדינונג! אוּן דעמעלט — ווערט די קנעכטשאַפט געבוירען!

שרעקליך זעהט זי היינט אויס, נוּר דעמעלט אִיז זי אַ גרויסע גוּטע רעפאָרם געוועזען! 90 פראָצענט מענשען האָט זי גערעטטעט פוּן טויט! אַלס קנעכט האָט דער מענש שוין אַ גרעססערן ווערטה געקריגען — ער האָט אויפגעהערט נוּר פרעסס-פליַיש צוּ זיין!

מענשען האָבען זיך בעזעצט אוּן אָנגעהויבען בעאַרבייטען די ערד; עס זענען געוואָרען לאַנדער אוּן שטאָדט, נוּר נישט מיט אַ מאָל געשיהט עס! אַללע מאָל פאַללען אַראָב נייערע נאָמאַדען פוּן בערג אִין וואַלד, בעפאַללען די שוואַכערע ערד-אַרבייטער, קוילען אויס די, וואָס שטעללען זיך אַקעגען, די רעשט נעמט מען געפאַנגען, טהייל פוּן זיי פערקויפט מען, אַנדערע בעהאַלט מען ביי זיך אַליין פאַר קנעכט...

שלעכט אִיז דעם בעזיעגטען שוואַכען!..

דאָך בלייבט ער שוין איבער ביי זיך אִין דער היים, אויף זיין אייגען פעלד אוּן קויפט זיך אָב דאָס לעבען מיט אַ גראָססער אָדער קלענער טהייל פוּן דער תבואה... שלעכט אִיז דעם שוואַכען — דאָך ווערט מיט דער צייט אַזויערנאָך פוּן קנעכט דער היינטיגער פרייערער פויער...

דורך מלחמות אוּן קנעכטשאַפט מישען זיך אויס די שטאַממען, משפחות אוּן שבטים טרעפפען זיך אויף איין פלאַץ אוּן לעבען אונטער איין ממשלה.

אוּן אַזויערנאָך — ווערען מיט דער צייט מדינות. —

אוּן גאַנץ אייראָפּאָ אִיז שוין בעזעצט, אַללע האָבען זייערע לאַנדער, מען האָט זיך איבער ערד שוין נישט וואָס צוּ שלאָגען... נוּר די מלחמה ווערט נישט אויסגעלאָשען: עס הייבט זיך ווייטער אָן קריג צווישען מדינות — ד. ה. צווישען קאָניגע, פירשטען אוּן פּריצים...

שלעכט אִיז דעם שוואַכען אוּן בעזיעגטען... נוּר אַלס בעססער ווי פריהער: דער בעזיגטער איינוואָהנער ליזט זיך אויס מיט קאָנטריבוציעס, מיט מס; ער בעקומט נוּר אַ נייעם הער-שער; די בעזיגטע מדינה ווערט נוּר צוגעטהיילט אַלס פראָווינץ צוּ אַ ניי לאַנד!

נוּר דאָס פאָלק ווערט שוין נישט פערטריבען, נישט אויסגעקוילט, נישט אויפגעגעססען, נישט פאַר קנעכט פערקויפט; עס טראָגט אַ צייט נוּר אַ גראָססערע לאַסט; עס ציהלט נוּר גראָססערע שטייער.

די מדינה טרעט אָב היינט דעם „פאָלק"... — נישט פאַטערלאַנד —, די „נאַציאָן" אִיז היינט אִין דער מאָדע!.. פעלקער טהיילען זיך אָב איינס פוּן צווייטען... אוּן פעלקער פיהרען מלחמה! ווי אַזוי דאָס געשיהט, פוּן דעם וועללען מיר רעדען איין אַנדערס מאָל. נוּר עס אִיז אַ פאַקט אוּן שלעכט אִיז דעם שוואַכען, בעזיעגטען פאָלק... פוּן דעסטוועגען דאָך אִיז בעססער ווי אַ מאָל... מען צושניידט שוין נישט די פעלקער ווי ברויט, וואָס מען צוטהיילט צווישען עטליכע מיילער; מען שטעלט שוין נישט קיין גרענייצין אויף דער קאַרטע, לויט ווי עס פאַלט איין אַ קאַרל אָדער אַ נאַפאָ-לעאָן. עס געהען ווייטער מלחמות נוּר עס געהט שוין וועגען עפּיס אַנדערש. — יעדעס פאָלק וויל האָבען ביים צווייטען נוּר אָפפענע גרעניצען... נוּר איין אָרט, וואו פראָדוקט צוּ פער-קויפען!...

---

עס אִיז אמת, אַז אוּנז, דעם שוואַכסטען פאָלק אִין דער וועלט, איז נישט גוּט, נוּר דאָך אִיז אוּנז בעססער ווי אַמאָל...

אמת אִיז, אַז כל זמן יעדעס פאָלק בעזונדער וועט זיך זינגען זיין „אַתּה בחרתּנו", וועט זיך איינרעדען, אַז נוּר פוּן זיינעטוועגען האָט גאָט די וועלט בעשאַפען, אַז זיין מח אִיז דער קלוגסטער, זיין הארץ דאָס גאָלדענסטע, זיין חאַראַקטער דער בעסטער, אוּן דעריבער — קומט איהם אַ פרייערער פלאַץ ביים טיש, פאַר דער ברייטסטער שיססעל אוּן פוּלסטען כוס; אמת אִיז, אַז כל זמן דאָס אַללעס וועט עקזיסטירען וועללען מיר קיין גן עדן אויף דער ערד נישט האָבען...

נוּר דאָס אַלטע גיהנום מיט זיינע שדים אִיז דאָך איינמאָל פאַר אַללע מאָל פערפאַללען! מען וועט אוּנז דאָך שוין נישט פרעססען, נישט קנעכטען, נישט ברענגען אוּן בראָטען, נישט פערטרייבען. דער שטאַרקערער אִיז אויך אַ מענש, אוּן דער מענש ווערט עדעלער, די מלחמה שוואַכער, די מיטטעל — מענשלי-כער. אוּן דעם שוואַכענס לעבען ווערט דאָך אַללע מאָל גרינגער אוּן וועניגער ביטטער...

מיר האָבען אָבער נאָך האָפנונג אויף ווייטער אויך, אוּן פוּן דעם וועללען מיר שוין רעדען אִין „שבת אויבם"

דוד שטיבער.

# אַפָאריזְמֶען.

1) אַ בוך איז אַ באַנקאָצעטטעלל, צייטונגען (אונ בלאָטליך) — קלייןגעלד. —

2) אונזער פילאָזאָפיע איז אַ שליססעל, מיט וועלכען מיר ווילען אָפפענען דען אַלטען שלאָסס פון די אייביגע סודות. אונזער אַרבייט איז אָבער מעהרסטענטהיילס אומזיסט. אונזער שליססעל ווערט אויסגעדרעהט, אויסגעבויגען, גאַנץ אָפט צובראָכען אונ שלאָסס בלייבט שלאָסס. —

טהייל מאָל סקריפעט דער אַלטער שלאָסס אונ דעמעלט דאַכט זיך אונז, אַז מיר הערען אַ בת־קול אָדער אַ נבואָה. —

3) אויף דער אַלטער שפאַרען מיר זיך אָן אויפ'ן אייגענעם שטעקקען, אויף וועלכע מיר רייטען אין דער פריהעסטער יוגענד — אויף דער האָפנונג.

4) ווען איך זאָלל געפינגען דען שליססעל צו אַללע היסטאָרישע סודות, וואָלט איך איהן אויך, פאַר רחמנות אויפ'ן מענש, געוואָרפען אין וואַססער אַריין.

5) אויפ'ן אָרט פון נייע געדאַנקען שטעלט מען גאַנץ אָפט נייע וואָרטער, אונ מענשען מיינען אַז זיי ווערען קליגער.

6) גאַנץ אָפט שפרינגט מען אַריין אין אַ ברונגען פון שקר פאַר מורא, מען זאלל זיך ניט אייננעצען די פיס אין קוואַללען פון אמת.

7) אַ נייע באַהן מאַכט נייע רייזענדער; אַ נייעם בוך — נייע דענקער. —

שלמה גראָסגליק.

## בריפקאַסטען:

הערן א. בורליץ, ווילנא. — די „לאָקשען" זענגען געווים פרישמאַנס; זיין סטיעל אונ זיינע חכמה'לעך.

הערן א. ר. קיידאָנאָווא. 1) וועגען די איבערזעצונגען וועללען מיר שרייבען העבראַיש. 2) געגען דער פאַלשער „מסירה" האָבען מיר געשריבען איין אמתן פראָטעסט.



האָבען אַלץ־אין־איינעם נאָך

# דֶער שׁוֹפָר

## אַ ראֹשׁ הַשָּׁנָה בְּלֶאטְטֶעל.

### פוּן יְחֶזְקֵאל (קאפיטל ל"ג).

עֶס שְׁלַייכְט זִיךְ צוּ'ן אַ שְׁטָאדְט בֵּיינַאכְט
דֶער שְׁוֶוערְט;
נוּר אוֹיפֶן טְהוּרְם, דֶער וָואכְטֶער וַואכְט
אוּנ הֶערְט —

אוּנ בְּלָאזְט טְרָאמְפֵּייט
אוּנ שְׁמֶעטֶטֶערְט מִיט מַאכְט —
עֶס צִיטֶערְט דִי נַאכְט —
דָאס פָאלְק עֶרְוַואכְט —
דֶער שׂוֹנֵא גֶעהט, דֶער שׂוֹנֵא גֶעהט!
אוּנ עֶס פְלַאקקֶערְט אוֹיף דִי שְׁלַאכְט —

אִין הוֹיף, אִין גַאסס,
אוֹיף מוֹי'ר אוּנ וַואנְד;
פַאר וַוייבּ אוּנ קִינְד
פַאר פָאלְק אוּנ לַאנְד,
פַאר רֶעכְט אוּנ פְרַיי גֶעהט אַלְץ אִין קַאהן!
וֶוער זִיעֶגֶען וֶועט דָאס וַוייסְט אַיין גָאטט —
דֶער וָואכְטֶער הָאט
דָאךְ זַיינְס גֶעטְהוּן;
עֶר הָאט זַיין עֶהרֶע נִישְׁט בֶּעפְלֶעקְט —
עֶר הָאט גֶעוֶועקְט,
עֶר הָאט גֶעדִיעֶנְט זַיין פָאלְק אוּנ לַאנְד!

גוּר וֶועה דֶעם וָואכְטֶער, שְׁפָּאטט אוּנ שַׁאנְד,
וָואס הָאט בֵּיינַאכְט
אַיין אוֹיג פֶערְמַאכְט
אוּנ עֶרְוַואכְט
עֶרְשְׁט אִין דֶער בְּרַאנְד!

י. ל. פרץ.

# דֶער חָלוֹם

יוננערהייט (איין ערך פון דריי ביז צוועלף יאהר) בין איך כמעט נישט ארויס פון שטוב. איך בין עטליכע מאל געפאהרליך קראנק געוועזען אונ דער דאקטאר האט מיר פערווערט דאס לערנען. בסוד סודות פארן בייזען דאקטאר — וואס פלעגט פאר נישט פאלגען טיפען מיט די פיס אונ קולות מאכען — האט מען מיך אין דער היים קוים אויסגעלערענט דאווינען. איך פלעג גאנצע טאג זיצען, זומער ביים פענסטער אונ ווינטער אין בעט, אונ אויסהערען די ליעדלעך, מיט וועלכע מיין קליין-ברודערילס ניאנע פלעגט איהן איינשלאפען... ערשט צום צוועלפטען יאהר האט מען מיך אויף א האלבען טאג געשיקט אין חדר אריין, אויך האט מען דעם רבין אנגעזאגט זָהִיר וְהִזָּהֵר, ער זאל מיך נישט מאטערן אונ — חס ושלום! — נישט אנריהרען. —

---

נאך עטליכע וואכען זיין אין חדר, בין איך געווארען א מין „כְּוִי": האלב חיה אונ האלב בהמה... דער ניאניעס ליעדלעך אונ דעם רבינ'ס מעשיות האבען זיך מיר ווינדערליך אויסגעמישט אין מוח. ווי אזוי איך האב מיר פארגעשטעלט די הייליגע זאכען, ווייס איך שוין נישט... פערפלאנטעט זענען זיי געוועזען גענוג; נור געציטטערט האב איך פאר צוויי מלאך-המות'ן. מיט איינעם — א זָכָר — האט מיך דער רבי בעקאנט געמאכט. ער האט מיר פערציילט, אז „ער" האט 1000 אויגען אונ א שווערט אין דער האנד! זיין פנים האט ער מיר נישט בעשריבען אונ דעריבער האב איך איהם אליין צוגעגעבען דעם רבינס בייזע, בייזעריגע פנים, מיט זיין שפיציגער נאז, שיעלע אויגען אונ קאלטאנאוואטע בארד אונ פאות. די שווערט האב איך דעם מלאך המות געלאסט אין דער רעכטער האנד, אונ אין דער לינקער אריין האב איך איהם אריינגעשטעקט דען קאנטשוק מיט די בלייערליך, וואס דער רבי פלעגט גאנץ אפט אראבלאזען אויף מיינע חברים'ס דארע פלייצעס.

דען צווייטען, אדער בעססער געזאגט — די צווייטע מלאך המות'טע האט מיר פארגעשטעלט מיין ברודערס ניאניע. זי פלעגט שטאנדיג זינגען פרומע ליעדלעך; אזוינע אויסגעצויגענע, וויינענדיגע, ווייכע, אז עס פלעגט מיך אנכאפען ביי'ם הארץ. נור גאנץ אפט פלעגט זי זיך ערגיץ ארויסגנביינין אונ צוריק קומען מיט א רויט פנים, טרערען אין די אויגען אונ ציטטערדיגע האנד; זי האט זיך דעמעל טאביסל געוואקקעלט אויף

# צוּם נַייֶעם יָאהְר.

„דאס אלטע [שווארצע] יאהר — וואלט אנגעהויבען א משורר אויף מיין ארט — לאזט זיך אראב אין טיפען אבגרונד פון פערגעססעניש, אונ א ניי, ווייס, אומשולדיג יאהר שיינט אויף ווי א מארגענשטערן"... ליידער, בין איך קיין משורר נישט אונ אויף פראסט יודיש הייסט עס, אז מיר האבען זיך אבגעמאטטערט 365 טאג מיט איין עודף, אונ מיט גאטס הילף וועל'מיר ווייטער ארבייטען א גאנץ געהענדיג יאהר — — לטובת הכלל...

אין דער האנדעל-וועלט איז א מנהג פאר ניי-יאהר צו מאכען א בילאנס; זאגסט וואלט קיינער נישט געקענט מכוון זיין די שעה, אונ וויססען ווען אנצוזעצען... פרומע סוחרים מאכען דען בילאנס אויף ראש-השנה, אונ, אז ער שטימט נישט, דער"מאננען זיי זיך נאך א פאר הוצאה'ליך יום-כפור ביים על-חטא...

ליטעראטור איז אויך א געשעפט אונ א שטארק געשעפט... בוכהאלטערס שפיעלען, ניט פאר אייך געדאכט, גאר א גרויסע ראללע. קונים (דען „קורא נכבד" מיין איך) שלעפט מען שוין, ב"ח, ביי די פאלעס... א געוויססע פירמא האט זיך שוין אפילו געלאסט אויף קאליערטע רעקלאמען, אונ בעשטעלט א יונג, ער זאל פון נאך יום-טוב אן שטעהען אין דער טהיר אונ לויבען די סחורה אונ אויסשרייען, אז אנדערע געוועלבען זענען נור פאר „עבדים ושפחות"... הכלל ליטעראטור איז א געשעפט, פאר טהייל א גוט-געשעפט, בפרט פאר פאשקווילים-

די פּיס און מיט אַ טרויריג דומפּיג קול ווי פון אַ גרוב אַרויס, פלעגט זי דעמאָלט זינגען אַ ליעדעל פון מלאך המות. דאָס איז געוועזען, ווי געזאָגט, אַ נקבה; אײַנגעהילט אין אַ ווייס לײַלעך, פליהט זי שטאַנדיג אַרום אין דער לופט, און אויף וועמען זי וואַרפט ביי נאַכט דאָס לײַלעך, דעם נעהט מען צו מאָרגענס תּכריכים...

טהייל מאָל שאָקעלט זי מיט דעם ווייסען לײַלעך איבער אַ גאַנץ דאָרף אָדער אַ שטאָט, און דעמאָלט ווערט אַ מגפה. אָהנעם לײַלעך איז די „נקבה" גאָר נישט מאוס געוועזען: בלאָהע אויגען, לאַנגע, העלל-ויידענע האָהר...

---

דאָס אייגענע יאָהר האָט מיך דער טאַטע דאָס ערשטע מאָל מיט גענוממען ראש השנה צום דאַווענען. צוקוממענדיג צו דער שוהל, און דערזעהענדיג דען ווייסען עולם האָב איך אָנגעהויבען ציטטערן, נור דער טאַטע, וואָס האָט מיך געפיהרט ביי דער האַנד, האָט עס נישט בעמערקט און האָט מיך נאָכגעשלעפּט ביז צו דער מזרח-וואַנד, וואו ער האָט מיך אַנידערגעזעצט נעבען זיך און געגעבען אַיין אויפגעמישט מחזור'ל אין דער האַנד אַריין. איך האָב פון ווייסען עולם קיין אויג נישט געקענט אָברייסען און דאָס געוויין פון דער ווייבערישער שוהל האָט מיך דורכגענוממען... דערנאָך האָב איך ערשט בעמערקט דען וואַלד מיט ליכט אין אָרון אין דער רעכטער האַנד ביי'ם חזן, און, נישט וויססענדיג פאַר וואָס, האָב איך מיך נאָך מעהר געשראָקען און צוגעדריקט זיך צום טאַטען.

— ביסט נעביך מיעד פון דער היץ, האָט דער טאַטע געזאָגט, לעג דיך אַביסל צו...

איך האָב'ן געפאָלגט. איך האָב מיך צוגעלעגט אויף דער באַנק און אָנגעשפּאַרט דעם ברעננענדיגען קאָפּף אויפ'ן טאַטענס שויס. מיט פערמאַכטע אויגען בין איך אַביסעל רוהיגער געוואָרען. פון דער וואַרים בין איך באַלד אײַנגעשלאָפען, און עס האָט זיך מיר געחלומט אַ ווונדערליכער חלום:

איך בין געלעגען קראַנק אין בעט און דער טאַטע מיט דער מאַמען זענען געשטאַנען איבער מיר און האָבען געוויינט. די מאַמע האָט זיך פערשטעלט די אויגען מיט אַ טיכעל, נור דער קאָפּף מיט די פּלייצעס האָבען שרעקליך געציטטערט. דעם טאַטען זענען גערוננען די טרערען אויף די אײַנגעפאַלענע באַקקען, פון דאָרט זענען זיי אַראָב אויף דער ברייטער בלאָנדער באָרד און פון דאָרט אויף דער ברוסט. אין אַ ווינקעל זענען געשטאַנען צוויי דאָקטורים, וואָס האָבען מיך ערשט לאַנג בעטראַכט, און סודען זיך

---

טען, פאַר שיעסער פון אונטערן פּלאָט וכדומה אָרענטליכע לייט, איז על כן אַ יושר אויך צו מאַכען אַ בילאַנס.

נור מיינט נישט חלילה, אַז עס געהט וועגען אַ באַנקראָטיל... חס וחלילה! אונזערע גרויסע פירמען שטעללען אויס זייערע וועקסעל אויף „לעתיד לבא"—„תנצב"ה"... צאָהל-פּלאַץ — אויף דער פּאַפּיערענער בריק און אַ מטבע — כחרס הנשבר; אַזוינע וועקסלען שטעלט מען קיינמאָל נישט פאָר, מען פּראָטעסטירט נישט.

נור אַ בילאַנס דאַרף מען מאַכען; באָדיי פאַר שאַנקייט וועגען! און דערצו וויל איך מיך טאַקי נעמען.

אויב איהר וועט מיך פרעגען „מי שמך?" וועלל איך אייך אָנפערן: כל ישראל ערבין זה בזה, און קוים בין איך איין ערב, מוז איך וויססען ווי דאָס געשעפט שטעהט, לאָמיך חאָטש אַ מאָל וויססען פאַר וועמען מען וועט מיך שמייסען...

און עס קאָנן זיין, אַז מען וועט מיך גאָר נישט שמייסען! איך זעה, אַז די געשעפטען שטעהען גאָר נישט אַזוי שלעכט... דער עולם איז נישט לעדיג געגאַנגען, מען האָט געטהון! ווי דען!

דער עיקר האָבען מיר געאַרבייט וועגען „צער גדול בנים"... די שאלה, ווי אַזוי קינדער צו ערציהען איז ביי אונז גאָר ברעננענדיג. ביי אונז איז „פרו ורבו" די ערשטע מצוה און געגען איהר (על כל פנים אויף דער פּראָווינץ) העלפט נישט קיין ערוב-תבשילין, קיין שובר, אויסער — אַז מען הייבט זיך אויף און מען מאַכט פּיס, קיין ארץ ישראל אָדער קיין אַמעריקאַ (אַרגענטינאַ, ווי עס ווייסט אויס, איז דערצו-

צונד אויף לאַטייניש, קוקקענדיג אויף מיר פון דער זייט. גאָטט ווייסט — קלער איך מיר — וואָס פאַר ביטטער־געזאַלצען פלאָשעלע זיי וועלען מיר צונד פערשרייבען. נור אזוי לייבט וועלל איך שוין נישט איינעמען. וועט זיין קאַווע־לאָפעליך, וועט מיר די מאַמע מוזען געבען איהר יום־טוב־דיקע ציטטער־נאָדעל צו שפּיעלען, און אויב גאַנצע עסס־לעפעל—וועלל איך נאָך וועללען דעם טאַטענס זילבערנעם גאַרטעל מיט דעם גאָלדענעם קאַפּעל פון סדר...

איך האָב געמוזט אין חלום אַ סך יונגער זיין, אַז עס האט זיך מיר אַזוינס פערגלוסט. נור פלוצלינג האָב איך דערזעהען אין די פענסטער, גענען וועלכע איך בין געלעגען— צוויי געשטאַלטען. אין פענסטער פון דער רעכטער זייט איז געשטאַנען די מלאָך המות'טע אין ווייסען ליילך, און אין פענסטער פון דער לינקער זייט—דער מלאָך המות מיט 1000 אויגען און אַ שווערט אין דער האַנד... זי וויל שוין אויסטהון דאָס ליילך, און וויל עס אוודאי וואַרפען אויף מיר, ער הייבט אויף די שווערט — נור זיי האָבען זיך איינס דאָס אַנדערע דערזעהען, איינס פאַר דעם אַנדערן דערשראָקען און פערשווינדען געוואָרען. פאַר שרעק האָב איך דאָך מיך אָנגעהויבען צו שטיקקען, דאָס בלוט איז אין מיר פערקיהלט געוואָרען, אונטער די נאָגעל האָט מיך געשטאָכען ווי מיט שפּילקעס און די עטליכע האָהר, וואָס זענגען מיר צוריק געוואַקסען נאָכען טיפוס, האָבען זיך מיר אויפגעשטעלט און געריסען זיך פון דער הויט אַרויס, גלייך זיי ווילען ענטלויפען פאַר שרעקק...

מען בעמערקט מיין לאַגע, עס ווערט אַ געשריי, די טאַטע־מאַמע מיט די דאָקטוירים לויפען צו מיר צו און מיר ווערט פינסטער פאַר די אויגען.

---

צו האָט מיר עמיץ די האַנד אויף די אויגען אַרויף געלעגט? צו האָט מען פאַר'ן מלאָך המות די לאָדען פערמאַכט? צו חלעש איך?

און אפשר בין איך גאָר געשטאָרבען?

קוים האָב איך דאָס געפרעגט, האָט זיך דער חלום פעראָנדערט.

איך בין שוין טאַקי אַ געשטאָרבענער, און ביידע מלאָך־המות'ן פיהרען מיך ערגיץ — וואַלד אויס, וואַלד איין, איבער טהאָל און איבער באַרג.

איך האָב מורא צו פרעגען וואו אַהין מען פיהרט מיך, זיי זעהען ביידע אַזוי שרעקליך אויס, אַז איך ציטטער אַ ריהר צו טהון מיט די ליפּפען. אויך ווייס איך נישט צו אַ טויטער מאָג און קאָנן רעדען...

— מן הסתם אין גן עדן אַריין, טרייסט

---

גאַר קיין רפואה נישט, ווייל די עמיגראַנטען בענקען דאָרט נאָך די ווייבער). ביי'ן אַזאַ לאַגע, דאַרפט איהר פערשטיין, האָט מען קינדער ווי האָלץ, און וואָס צו טהון מיט זיי איז נישט דאָ... שקאָלעס איז דאָ ווייניג... די חדרים זענגען ערגער פאַר פערצייטישע קרימינאַלען, די מלמדים זענגען ערגער פאַר די חדרים, און לערנען מוז מען אַ סך, און קיין געלד איז, לא עליכם, נישט דאָ, מען זאָלל זיך קאָנגען בעססער מאַכען. דאַכט זיך, אַז די שאלה איז אַ ליימיגע בלאָטע, נישט אַיין און נישט אויס; הכל יודעין, אַז פאַר מלמד־געלד פערזעצט מען דאָס קישען פון אונטערן קאָפּ און דאָך שטאַרבט דער מלמד פאַר הונגער; הכל יודעין אַז די חדרים מיט די מלמדים זענגען סם פאַר די קינדער, נור פאַר 12—16 רובל אַ זמן קאָנן מען קיין בעססער חדר מיט קיין בעססערן מלמד נישט האָבען... נו, אדרבא, לאָז עמיץ פון אייך זיין אַ חכם און געבען אַיין עצה? און דאָך האָבען אונזערע לייט געטהון, און ווי הייסט געטהון!

ערשטענס האָט מען אָנגעהויבען איבערזעצען פון ענגלישען ספּענצערס בוך איבער ערציהונג! דער גרעסטער קבצן, וואָס קאָנן אפילו גאָר קיין מלמד־געלד נישט צאָהלען, וועט פון דעם ווערק געוואָהר ווערען אויף קלאָר, אַז די לאָרדען, באַנקירען און רייכע פאַבריקאַנטען אין ענגלאַנד ערציהען שלעכט זייערע קינדער. אַז אויפן אָרט פון לאַטיין און גריכיש און שלעכטער, געפעלשטער היסטאָריע איז גלייכער צו געבען: גימנאַסטיק, מעדיצין און גוטע היסטאָריע. און קוים וועט ער דאָס ווייסען, וועט ער שוין אַליין פערשטעהן, אַז

איך מיך, איך בין דאָך אַ גוטער געוועזען און אַזוי פיעל געליטטען יונגער הייט... איך האָב קיינעם קיין גוט נישט געטהון, וואָרען וואָס פאַר אַ גוטס קאָנן טהון אַ קראַנק יונגעלע? נור זוממער־צייט אין שאָנעם וועטטער, אַז מען האָט מיך צוגערוקט אויף אַ פּאָטעל צום פענסטער, פלעג איך אַרויס־שיטטען די פייגעלעך עססען... פיצליך זעממעל, קרישקאַליך ברויט, טהיילמאָל אויך פּאָדימליך פליייש, אויב איך אַליין האָב גראָד גענעססען...

און מען פיהרט מיך טאַקי אין דער איינענער רגע איבער אַ גרינעם וואַלד, וואו די פייגעליך וואָהנען, און זיי שטעהען גאַנצע מחנות אויף די ביימער, און זינגען אַללע אין איין כאָר:

אין גן עדן אַריין, אין גן עדן אַריין! דו ביסט אַ גוטער געוועזען, דו האָסט אונז אָרימע שוואַכע פייגעלעך עססען געגעבען!

---

און טאָמיר פאָרט אין גיהנום אַריין? פראָגט דאָס פערקלעמטע האַרץ, און אין דער רגע פערטוישט זיך די געגענד; דער וואַלדט ווער פערשווינדען און איך פּל.ה צווישען שנייענע בערג... אַרום איז קיין צייכען פון לעבען. עס פינקעלט אַזוי קאַלט, עס בלישציעט אַזוי שטאַרר, אַזוי טויט...

פלוצלינג בעווייזען זיך דאָך אַ סטאַרע מיט שוואַרצע קראָהען מיט פייערדיגע אויגען.

— קראַ־קראַ־קראַ — שרייען די קראָ־העָן — אין גיהנום אַריין, אין גיהנום, אונז האָט ער קיינמאָל נישט קיין קרישקאַלע געוואָרפען.

און די קראָהען האָבען אמת געזאָגט. פאַר זיי האָב איך שטאָנדיג מורא געהאַט. איינמאָל האָט זיך אַ קראָה צוגעשלאָגען, מן הסתם פאַר הונגער, צום פענסטער און האָט געדראַפּעט אין די שויבען... אויפ'ן פענסטער־בראָטיל אין שטוב איז געלעגען ברויט... איך בין קראַנק געלעגען און גראָד איינער אַליין געוועזען אין שטוב, איך האָב דאָך נור געדאַרפט עמיצען צורופען, מען זאָלל זי ראַטיוועָן... נור איך האָב מיך פאַר דער קראָה דערשראָקען און בעהאַלטען מיך אונטער דער קאָלדרע... נאָכ'ן ווינטער, אַז דער שניי איז אָבגעגאַנגען, האָט מען אונטערן פענסטער געפונען אַ טויטע קראָה...

---

פלוצלינג הייבען מיר זיך אָן אַראָב צו לאָזען, די לאַנדשאַפט האָט זיך ווייטער געאָנדערט, מיר פליהען איבער אונגעהייערע פעלזען, וואָס שטעהען קאָפּ אויף קאָפּ און בעוואַכען עפּיס אַ וואַססער. צו איז דאָס דער ים הקרוש, צו דער סמבטיון, אָדער

---

מען דאַרף לויפען אין בית המדרש אַריין, נישט לאָזען אויסנעמען און נייטען די גבירים זאָללען קויפען שטיוועלעך פאַר די תלמוד־תורה קינדער... עס וועט אייך אפשר ווינדערן פאַר וואָס מען האָט די סחורה געבערענגט פון ענגלאַנד, נישט למשל פון פראַנקרייך? נור דאָס ווענדט זיך שוין אין דער סימפּאַטיע, וואָס מיר האָבען צו ענגלישע סחורה. ווער ווייסט עס נישט פון: ענגלישע פעדער־מאָס־סערלעך, ענגליש זאַלץ, ענגלישע קראָנק וכדומה גוטע זאַכען פון יענער מדינה; אַז איהר וועט אייך גוט איינהערען מוצאי־יום־כפור צום „לשנה הבאה", וועט איהר אויך הערען, ווי אַסך ענדיגען: בענ־געללאַנד... עס איז שוין אַזוי.

נור מיט דעם איז מען נאָך נישט יוצא. עס איז טאַקי אַיושר צו פערזאָרגען די ענגלענדער, דאָך דאַרף מען פאַר אונזערע וואָרם אויך עפּיס צו טהון, און מיר האָבען נישט געשוויגען. עס איז כמעט ווי געבליבען, אַז אַללע מלמדים פון כל תפוצות ישראל זאָללען זיך צוזאַממען קוממען אויף איין אסיפה און אָבקלערען, וואָס מען זאָלל טהון.

פון אַזאַ אסיפה מיט סאַמע גמרא־קאָפּליך, פערשטעהט זיך, וועט שוין עפּיס אַרויס; עס וועט שוין גאָר איין אַנדערער ווינד בלאָזען, זיי וועללען די וועלט פערפּלייצען — — מיט זייערע הכמות! און, דער עיקר, איז עס גלאַט אַ דבר השוה לכל נפש:

די מלמדים וועללען זיך אַביסל איבערלופטערן און חאַטש אַ חדש צייט נישט הערען די ווייבערס קללות; די בעלי בתים וועללען זיך איינשפּאָרען אַ חדש רבי־געלד, וואָ־ען פאַר דער אסיפה־צייט וועגען זיי דאָך נישט מחויב צו צאָהלען... און די

איין אַנדער וואַססער — ווייס איך ניט. מיר האָבּין עטליכע ראָדער געמאַכט איבער די פֿעלזען אונ ענדליך זיך אַראָבּגעלאָזט צו אַ הייל. מיינע בּעגלייטער האָבּען מיך אַריין געלאָזט אונ געהייסען זיך אַנידער זעצען בּיי דער וואַנד, אונ זיי האָבּען זיך אַנידער געזעצט היטען בּיים אַריינגאַנג, די מלאך המות׳טע פֿון איין זייט אונ דער מלאך המות אין דער צווייטער. אין דער הייל איז פֿינסטער, נור אויף דעם קאַלטען גליטשיגען בּאָדען טאַנצען אַרום עטליכע ליכטיגע קיילעכליך, כּמעט די אייגענע, וואָס איך האָב ערב ראש השנה בּיי אונז אין קעלער געזעהען, ווען דער משרת האָט מיך מיטגענוממען אויסקלויבען אַ גוטע פֿלאַש ווייןאויף קדוש...

די ליכטיגע קיילעכליך האָבען מיך נאָך מעהר דערמאַנט אין דער היים, אונ איך האָב אָנגעהויבען קלערען, וואָס דאָרטען טהוט זיך, צו דער טאַטע האָט מיך שוין פֿערגעססען, צו די מאַמע דערמאַנט מיך האָטש אַ מאָל, צו קוממען זיי האָטש אַמאָל אויף מיין קבר?.. אונ ווער זיצט אויף מיין בּאַנקיל בּיים טיש? אונ ווער קריגט די לעבערליך פֿון די פֿיש?

עס האָט מיך אָנגענוממען אַ בּיטטער געוויין, ניט איינצוהאַלטען, אונ איך וואַרף אַ בּליק מיט שרעק אויף מיינע שומרים... רבונו של עולם! וואָס איז דאָס אַזוינס?

---

פֿון דער מלאך־המות׳טע האָט זיך אַראָבּגערוקט דאָס ווייסע לייליך... וואָס פֿאַר אַ זיידענע האָהר? וואָס פֿאַר אַ בּלאָהע אויגען? אַ רויט־פֿערטרונקען פּנים מיט אַ האַלבּ־גאָהלען קאָפּף... אונ דער קאָפּף וואַקעלט זיך, אונ די נאָז (האָטש ניט קיין לאַנגע) שלאָגט זיך אַללע מאָל אָן אין דער פֿלאַש, וואָס זי האַלט אין בּיידע ציטטערדיגע האַנד... איך קוק מיך בּעססער איין, דאָס איז זי, זי מיין בּרודערס ניאַניע...

איך וואַרף אַיין אויג אויפ׳ן צווייטען! וואָס פֿאַר אַ 1000 אויגען? וואָס פֿאַר אַ שווערט! עס זיצט מיין רבּי, רייבּערט אַ לאַנגען ליולקע־ציבּעך. האַלט צו איין אויג אונ וויל פֿערמאַכען דאָס צווייטע...

צו חלומט זיך מיר?

פּלוצלינג אָפּפענט די מלאך־המות׳טע איין אויג אונ פֿראָגט:

— אַ צאָ, פּשיא יוחאַ, פּאָוויע רעביצין, יאַק זיע טאָ זעמנאָן זאָבּאַצי?

דער מלמד ענפֿערט ניט, אַ שמייכעל ווייזט זיך אויף זיין פּנים אונ בּיידע שלאָפֿען איין....

זיי שנאָרכען אונ איך בּענוץ די געלעגענהייט אונ מאַך „ויברח”...

---

קינדער, אַח די אָרימע קינדער, וועללען צייט האָבּען זיך אויסצוהיילען די בּלאָנעבּלאָהע ציינכען...

אויסצופֿיהרען דעם פּלאַן פֿעהלט ניט מעהר נור אַ נדיב, ער זאָלל געבּען די מלמדים אויף הוצאה...

נור נדיבים וואַקסען ניט ווי די שוואָממען אין וואַלד, מען מוס דערווייל פֿערזאָרגען די קינדערליך מיט וואַקאַציעס! מיט די טאַטעס וויל מען גאָר ניט רעדען; מען ווייסט, אַז זיי האָבּען גאָר קיין מוח ניט צו פּלוסופֿיא. מיר רעדען בּעססער „צו אונזערע” מאַמעס! מען פֿערציילט זיי, אַז אין די גרויסע היצען, בּשעת „דער פֿערמאָגליכער עולם קיהלען זיך אָב אויף די זוממער־וואָהנונג אונטער אַ שטן (!) פֿון אַ געדיכטען, פֿערוואַקסענעם בּוים” איז אונזערע קינדער מיט די „אַרויסגעשטעקטע טשאָקעס” זעהר שלעכט אין „איינגען דושנעם חדר”... איהר זעהט, אַז מיר האָבּען צו טהון מיט אַ פֿילוסוף, אַלץ געהט אויפֿן הויכען אופֿן! נור דער פֿילוסוף האָט זיך בּאַלד דערשראָקקען פֿאַר זיינע אייגענע רייד, מען קאָנן דאָך איהן, הלילה, חושד זיין, אַז ער איז אַ שונא די חדרים, אַז ער וויל, חס ושלום, שקאָלעס אויף זייער אָרט, דעריבּער כאַפּט ער זיך בּאַלד צוריק: חס ושלום! — חס ושלום! שרייט ער — שיקט אייך די קינדער אין חדר אַריין וויפֿיל איהר ווילט *), נור „וואַקאַציע!” „זאָללען זיך די קינדער אין אַזוינע (!) היצען פּאָפּראַווען די יונגע קאָרפּערליך אין געזונד”!..

---

*) אונ אפשר האָט דער פּלוס, איינמאָל קיין חדר ניט געזעהן.

איך לויף איבער טהאָל און באַרג, וואַלד אויס, וואַלד אַיין און קום ענדליך אין אַ שטאָדט אַריין... איך קוק מיך אום עס איז מיין שטאָדט! נור עס איז שטיל, גלייך דאָס גאַנצע שטעדטיל וואָלט אויסגעשטאָרבען; די גאַססען לעדיג, טהיר און טהויער און לאָדען פערמאַכט, די געוועלבער פערהאַממערט... וואָס איז דאָ אַזוינס געשעהן? איך וויל לויפען אויף „אונזער" גאַסס, נור דערווייל יאָגען זיך דורך עטליכע ווייבער, אין ווייסע ספּאָדניצעס מיט העלל בלאָהע בלומען אויף די קאָפּף און פערוויינטע פּנימער... איך שטוים מיך, אַז עס איז ראָש השנה, דער עולם איז אין שוהל, און די ווייבער לויפען פון קריאַת התורה אָנזאָגען די קינדער אָדער מבקר חולה זיין די קראַנקע... מיין מאַמע פלעגט אויך אַזוי צו טהון אַללע יאָהר, און איך לויף גלייך אין שוהל אַריין.

אין דער ווייבערישער שוהל אַריין האָב איך מורא צו געהען, די מאַמע דאַרף נישט מעהר נור איהר טויטען זוהן צו זעהען, אַזוי הלישט זי אויך יעדעס מאָל אין שוהל און עס איז זי שווער צו דערמונטערן. און איך געה גלייך צום טאַטען.

איך קום אין שוהל אַריין און קיינער זעהט מיך נישט... דורכגעהענדיג, ריהר איך מיך אַללע מאָל אָן אין איינעם אַנדערן און קיינער פיהלט מיך נישט, נור איך האָב קיין צייט נישט זיך אויף דעם אַללעם צו קוקען, איך לויף גלייך צו מיט האַרץ-קלאַפּען צו דער מזרח-וואַנד און שטעל זיך געגען איבער דעם טאַטען... ער זעהט מיך אויך נישט! איך רוק איהם אָב דאָס מחזורל, ער קוקט זיך אום, מיט אַ פערוואונדערט און אַביסל דערשראָקקען פּנים, ריקט עס צוריק און זאָגט ווייטער נאָך דעם בעל קורא...

איך זעץ מיך נעבען איהם אַנידער, ער פיהלט נישט... ער פיהלט מיך נישט, חאָטש איך שפּאַר מיך אינעם אָן, שטעלל מיך אויף אויפן באַנקיל און קוש איהן אין מויל אַריין, האָטש איך נעם איהן אַרום און דריק מיך צו'ן איהם צו — ער זעהט מיך נישט, ער פיהלט מיך נישט... איך בין אָבגעשטאָרבען פאַר דער וועלט... פאַרן טאַטען אַפילו...

און עס האַפּט מיך אָן אַ שרעקליך געוויין, און איך ציה מיך אוים אויף דער וואַנד, און שפּאַר אָן דען קאָפּף מיטן פּנים אַראָב אויפ'ן טאַטענס שוים, און הייב אָן אַזוי צו שלאָכצען אַז —

ער וועקט מיך אויף און פיהרט מיך אָב אַ קראַנקען אַהיים. —

י. ל. פּרץ.

---

זעהט איהר: צוויי לשון-קדש-שרייבער האָבען אויפגעבויט אַ הויז פון אַ מלמדישע אסיפה מיט כּפענצערן און אַ זשאַרגאָניסט האָט באַלד אַרויפגעשטעלט אַ פאָהנדיל — וואַקאַציע! נור אונזער פּילוסוף ווייסט פריהער, אַז די מאַמעס וועללען פראָגען: וואָס טהוט מען מיט די קינדער אין דער היים? זיי וועללען דאָך אונז די קאָפּף אָבדרעהן? איז ער מקדים די רפואה פאַר דער מכה און ענטפערט — גאַנץ יודישליך — מיט אַ קשיא אויף אַ קשיא: און „ווער איז אייך שולדיג אין דעם [,] אַז נישט טאַקי איהר זעלבסט [?]" — פאַר וואָס? ווייל „איהר קאַנט נישט, איהר ווייסט נישט אָדער איהר פויעלט אייך [צו] ערציהען [אייערע] קינדער"! וואָרין טאַקי: „פאַר וואָס האָט איהר זיי נישט ערצויגען אַזוי, אַז זיי זאָללען זיך צו-הויז אויפפיהרען ווי לייטישע (!) קינדער?" האַ?

איי וואָס, ספּענצער איז נאָך נישט אין גאַנצען אַרויס, און די מלמדים זעננען זיך נאָך נישט צוזאַממען געפאָהרען... דאָס איז נישט זיין דאגה. ווען אַ פילוסוף, זאָלל וועללען קוקען אויף אַזוינע קלייניגקייטען וואָלט ער קיינמאָל קיין סיסטעם נישט געמאַכט. און מאַכען מוז מען! פאַר „יהא מונח" און „תיקו" צאָהלט מען נישט!

---

מיר וואָלטען געקאָנט אַריינפיהרען אין בילאַנס נאָך אַ מאַססע המצאות וועגען דעם ענין, נור ערשטענס זאָגט דער דיטש, אַז „אַללער גוטען דינגע זינד דריי"... מיר אַליין זאָגען אויך: אין דרייען איז שטאַרקער אז: דעריבער טאַקי האָבען מיר: שלשה שאכלו, אומרים ג' פעמים, שפּיי אוים דריי

# אויפ'ן שאססע.

תהו ובהו איז צונד אויפ'ן טראקט, וואס פיהרט פון שטאדטיל ק. צום שטאדטיל ט.. ערשט נישט לאנג האט זיך דא געצויגען א גרוביגער וועג, אין ביידע זייטען מיט ראוועס, וואס זענען שטאנדיג געשטאנען געוועזען מיט ערד און בעוואקסען מיט גראז; צונד איז ער אין גאנצען פער־לעגט מיט נאך נישט צוגעפרעסטע'ן שאבער.

עטליכע וואכען צוריק זעננען דא אראב־געקוממען אינושאניערען מיט יעאמעטרען און האבען געמאסטען און געראכענט און אב־געשטעלט דען וועג. — פון אללע זייטען האט מען אנגעהויבען פיהרען שטיינער צום אלטען טראקט; דערנאך האט מען גאנצע טאג שטיינער געהאקט און אין א קורצע צייט האט זיך אין די זייטען פון וועג אויסגעצויגען א לאנגע שורה מיט פריזעמעס שאבער, אזוינע גלייכע, דרייעקיגע פריזמעס, גלייך מען וואלט זיי מיט א צירקעל געמאסטען.

נאך איידער עס ווערט רעכט טאג, בעווייזט א ליכטעל אינם הייזעל ביים וועג, וואו דער „שרייבער" וואהנט; ער האט שוין בערעכענט די נאכטיגע ארבייט, דערהאפט זיך דאס הארץ מיט א פאר גלאזליך בראנפען און לאזט זיך ארויס אויפ'ן טראקט, וואו די ארבייטער ווארטען שוין אויף איהם; די ארבייטער זעננען פויערען פון דער אומ־געגענד, וואס קאננען זיך נישט דערנאהערען פון די קלייננע פעלדער, און אין „הויף" צאהלט מען ערגער, ווי ביים שאססע. דער „פאן־פיסארו" ציילט איבער די ארבייטער און דארף געבען א סיגנאל, מען זאלל אנהייבען צו טהון, נאר אין דער מינוט האט זיך בעוויזען א נייע פיגור, גלייך זי וואללט פון אונטער דער ערד ארויס, און האט זיך געשטעללט גלייך מיט אללע אין דער שורה.

דאס איז געוועזען א יוד. נאך א יונגער מאנן, נור שוין אויסגעדארט און אב־געמאטטערט. וואונדערליך האט אויסגעזעהען די דארע טרוקענע פיגור, מיט איהרע שווארץ־פלאמענדיגע אויגען און פערברענטע ליפפען, צווישען די אויסגערוהטע, פרישע, געזונדע און שטארקע פויערען.

ער איז געשטאננען און געווארט מען זאלל איהן פרעגען.

דער שרייבער האט איהן בעטראכט פון קאפף ביז צו פיס.

— היימ'עק? — פרעגט ער — חיימ'עק פון ק.?

דער יוד האט אראבגענוממען דאס היטטעל און האט זיך טיעף פערבויגען.

— ווי קוממסט דו אהער? פראגט דער

---

מאל וכדומה און צווייטענס — האבען מיר זיך שוין אזוי צולאזט הערען „צער גדול בנים", אז עס בלייבט אונז אזוי אויך שוין ווייניג פלאץ אויפ'ן ערשט בילאנס.

אין געאגראפיע האבין מיר אויך א גרויסע זאך געטהון... מען האט געפונענז א גלייכען וועג מיט קפיצת הדרך פון אייזישאק און האציפלאץ ביז חברון און ירושלים איבער ארגענטינא און אין גאנצען מיט איין סטאציע אויפ'ן וועג — דעם בארא[ן] הירש'ס קעשנע. לעת עתה איז די סטאציע נאך צו, נור קוים וועט מען זי אפפנען, וועלען זיך אונזערע געאגראפען דארט אנידער זעצען „בעז־וויעזדנא" און פערשיקקען: די יורעלעך קיין אר־געטינא און דאס יודישקייט קיין ארץ ישראל. אלפ פראבי וועט מען דערוויל שיקקען לעהרער פון ארץ ישראל קיין ארגענטינא, און איבער הונדערט און צוואנציג יאהר, אז עס וועט ווערען איבריג יורעלעך אין ארגענטינא אויך, וועט מען דען עודף שיקקען צוריק אויפ'ן אייגענעם וועג קיין ארץ ישראל.

דען וועג, אייגענטליך, האט שוין לאנג גע־פונגען סיר גאלדשמיט, דען פלאן מיט די לעהרער און מיטן יודישקייט האט אויפגעגעבען א געוויססער ד"ר אייזענשטאט, און צו דער סטאציע בענקען מיר אללע, איינס ביי איינם... אם בעסטען איז דער פלאן פארן יודישקייט: זי וועט דער טערק אריינ־לאזען פראנק און פריי און לאזען וואהנען אפילו אין דער מערת המכפלה.—

אין דער פאלקס־ווירטשאפט האבען מיר אויך נישט געשוויגען. אז מיר יודען זענען א פאלק מוזען מיר האבען א ווירטשאפט. האבען מיר טאקי

„פאַן פיסאַרז" פערוואונדערט.

— צום שאָססע! הערט זיך דעם יודס שטיללע תשובה.

דער שרייבער האָט זיך צולאַכט:

— צום שאָססע? חאַ=חאַ=חאַ! יאָ אַ חתונה... וואָס איז? מען קריגט שוין אין שטאָדט קיין אַרבייט נישט?

— איך בין אָבגעברענט געוואָרען, האָט קוים „חיימ'קע" אַרויסגערעדט.

— נו? קומסט דו צום שאָססע! אַ שיין עסק!! וואָס מיינסט דו דיר עפּיס, דאַרמאָזיאַר'ס דאַרף איך דאָ? אַ טאַטשקע איז קיין נאָדעל נישט!

„חיימ'קע" האָט אָנגעהויבען זיך צו פֿעראַנפֿערן: נישט נור ער אַליין, דאָס גאַנצע שטעדטיל איז אָבגעברענט געוואָרען, נישט דאָ פֿאַר וועמען צו נעהען... אין דער היים האָט ער געלאָזט אַ ווייב מיט אַכט קינדער... און ווייל ער קאָנן דען „פאַן פיסאַרז", קומט ער צו'ן איהם בעטען אַרבייט ביי ם שאָססע...

דער שרייבער שאָקעלט מיט'ן קאָפּ:

— וועסט נישט קעננען, ס'איז נישט פאַר דיינע כחות!

חיימ'עק'ן האָט אויפֿגעבליצט אין די אויגען; מען זאָגט איהם אין גאַנצען נישט אָב! ער גיט זיך מיה און גלייכט אויס די איינגעבויגענע פּלייצעס; ער ווילל אויסוויזען האָבער און געזונטער. —

— פֿאַר וואָס זאָלל איך נישט קאָננען? מאַכט ער מיט גאוה, גלייך ער וואָלט אויפֿגעוואַקסען מיט אַ קאָפּ. אוי פּאַניע פיסאַרז... איך בין דאָך אַזוי געזונד! אונ=אָ=וואַ! אַ גרויסע זאַך צו שטופּען אַ טאַטשקע! די גאַנצע שטאָדט ווייסט, וואָס פֿאַר אַ גבורה עס שטעקט אין מיר! און צווייטענס אויב איך וועל ביז מיטטאָג נישט האַלטען גלייך מיט אַללע, וועט מיר דער פּריץ אָבזאָגען, וועלל איך מיר אַוועק געהען, איך זאָלל אַזוי דען מאָרגענדיגען טאָג דערלעבען!

דער פאַן פיסאַרז איז לוסטיג געוואָרען.

— איז נישט גלייכער — וויצעלט ער — זאָלסט בעססער האַנדלען מיט פּראָצענט? (חיימ'על האָט אַ שמייכעל געטהון), נישט גלייכער צו שינדען פֿון מענשען די הויט, אָדער אַפילו צו שאַבערן אין אַ קרעמיל, מיט תבואה צו האַנדלין, אַביי רייך צו ווערען? דו וואָללסט דיר דערנאָך געמאַכט איין אַטלעסענעם חאַלאַט, געהאַט געלד ווי האָלץ, (חיימ'עק שמייכעלט ווידער) פֿאַרן ערגסטען פֿאַלל וואָלסט דו אָקאָוויט „געמוילעכט"... פֿערד געלאַטחענט... וואָלסט דו אַלץ אַ בעססערע פּרנסה געהאַט...

יודען גנבים!

חיימ'עק האָט צום דריטטען מאָל

אַזוי געזאָגט: יעדער יוד, און אפילו נשים וקטנים, איז מחויב יעדעס יאָהר צו לאָזען פֿלאַנצען אויף זיין חשבון חאָטש איין ביימעל אין ארץ ישראל. וואו? איז קיין חלוק נישט, באָדיי ביים סולטאַן אין פּאַלאַץ אַביי פֿלאַנצען. 12 מיליאָן יודען האָבען מיר (אַזוי האָט אַ סטאַטיסטיקער משלנו בערעכענט), וועללען מיר במשך פֿון 10 יאָהר האָבען אונזערע 120 מיליאָן ביימער און גאַנץ ארץ ישראל וועט בעוואַקסען ווערען. אמת איז, אַז ווען מען וועט דאַרפֿען צוריק געהען פֿון אַרגענטינאַ קיין ארץ ישראל וועט מען מוזען די ביימער אויסהאַקקען און פֿערזייען אַביסל תבואה, נור דאָס מאַכט נישט אויס, עס וועט זיך שוין דערמעלט מאַכען אַ נייע חברה „חובבי ציון", וואָס וועט נעמען דאָס עסק אויף זיך!... די שאלה איז נור: צו די וואָרצעל אונטער דער ערד וועללען נישט שאַטטען צו גלגול מחילות.

אין דער אַרחיטעקטור האָבען מיר אויך בעוויזען גבורות הבורא. מען האָט אויפֿגעשטעלט אַ פּאַלאַץ פֿון שלום! וואו, לויט וועמענס פּלאַן און פֿון וואָס פֿאַר אַ מאַטעריאַל? ווייס איך נישט. נור אַ וווּנדערליכער פּאַלאַץ. ער איז אָפֿפען פֿון אַללע זייטען פֿאַר אַללע, וואָס קוממען אַריין און געהען אַרויס אַרבייטען לטובת הכלל! נאָך וואָס זיי קוממען אַריין, זיי זאָללען דאַרפֿען אַרויסגעהן, ווייסט מען נישט, נור נאָך מעהר ווּנדער איז, אַז דער אָפּפענער פּאַלאַץ, איז דאָך פֿערמאַכט פֿאַר די וואָס שרייבען נור — „להכעים", „לקנטר"... מען ווייסט שוין וועמען מען מיינט...

אין שפּראַכען האָבען מיר אויך בעוויזען וואָס מיר קאָננען: כדי פּטור צו ווערען פֿון זשאַרגאָן

געשמײַכעלט, אז די ווייסע צאָהן האָבען זיך איהם בעוויזען צווישען די רויטע ליפּפּען. ער האָט זיך געפיהלט גליקליך, אַז דער פּריץ איז נישט באָז און מאַכט גלאַט אַזוי אַביסל חוזק; זאָלל איהם זיין צו געזונד!

— זרעשטאָן — מאַכט דער שרייבער — אַרבײַט, אַז דו ווילסט! די אַרבײַט, ווייס איך פֿריהער, וועט טויגען אויף כּפּרות, נור מײַן נישט, אַז דו וועסט נעמען פֿאַר אַ טאָג און אַרבײַטען אַ האַלבען! ווילסט אַרבײַטען אויפֿ'ן שטיק?

— יאָ!

— נאָ! נעם די טאַטשקע און פֿאָהר! נור שיטט מיר נישט אוים דען שאַבער אין גראָבען אַריין.. וויפֿיל פּריזמען דו וועסט אָבמאַכען, אַזוי פֿיעל וועסט דו קריגען!

דער שרייבער האָט אַ געשריי געטהון, מען זאָלל זיך געשווינדער נעמען צו דער אַרבײַט און איז צוריק צו זיך אין שטיבעל אַריין, צו דערקוויקען זיך דאָס האַרץ מיט נאָך אַ כּוס'ע.

און חיימ'עק נעמט זיך פֿעסט צו דער אַרבײַט:

ער האָט אַראָבגעוואָרפֿען די קאַפּאָטע, אַראָבגענוממען דאָס היטטעל און איז געבליבען אין קאַפּעל און אַרבע כּנפֿות.

דערנאָך איז ער געגאַנגען אין סקלאַד אַריין, גענוממען זיך אַ טאַטשקע, פֿערלייגט די שעלקים אויף די אַקסעל און האָט אָנגעהויבען אַרבײַטען...

ער האָט אָנגעשיטט די טאַטשקע מיט שאַבער איבערן ראַנד, אַרויפגעפֿאָהרען אויפֿ'ן ברעט איבערן ראָוו, און האָט זי אויסגעשיטט עטליכע טריטט ווייטער. מיט דער לעדיגער טאַטשקע יאָגט ער זיך צוריק, גלייך עמיץ שלאָגט איהם אין קאַרק אַריין....

די פֿויערען דאַנגעגען אַרבײַטען פּאַמעליך, ווי די אָקסען אויפֿ'ן פֿעלד. נאָך יעדען קורס שטעלט מען זיך אב, און לאָזט אָב די טאַטשקע, און מען זעצט זיך אויף די שטיינער אָברוהען אַ ווײַלע. איין חיימ'עק רוהט נישט אַ רגע. און אַז ער בלייבט שוין אָהן כּחות, און מוז זיך אַמאָל זעצען, חאַפּט ער זיך באַלד אויף, ווי אַיין אָבגעבריהטער, און וויל זיך אויסשלאָגען די פֿערלוירענע צייט, איבערלאָדיענדיג די טאַטשקע און שטופּענדיג זי נאָך ראַששער מיט די ציטטערדיקע האַנד...

דער שרייבער שרייט אַללע מאָל:

— הער, חיימ'עק, וועסט דיר אָברייסען דאָס האַרץ, שלינג נישט אַזוי!

נור חיימ'עק הערט נישט! מען צאָהלט דאָך איהם פֿון שטיק! עס וויל זיך איהם אַרבײַטען! נור צרות האָט ער פֿון די קליינע שטיינדליך, וואָס זענען פֿערשיטט אויפֿ'ן ברעטט, און שטעכען איהם די פֿים...

---

האָבען מיר געמאַכט פֿון לשון קדש נאָך אַ בעססערן, לייכטערן, ברודיגערן זשאַרגאָן און אונזער בעריהמטער „אחד העם" האָט אונז ערשט אין קורצען בעפֿרייט גאָר אין גאַנצען פֿון „דקדוק". שרייב „נהו", שרייב „נגהו", שרייב ווי דו ווילסט, אַבי שרייב. דערויף האָט ער געבראַנגט אַ ראיה פֿון ווינטני און צוגעמאַכט אַ גרויסע הקדמה...

---

עס בלייבט מיר נאָך איבער צו רעדען פֿון דער שאָנער ליטעראַטור. נור... עס איז פֿאַר יום־טוב, איהר האָט אייך אַזוי פֿיעל בעמיהט אויסצורייניגען די דירות... לאָז איך עס איבער אויף איין אַנדערט מאָל.

און צונד ווינש איך אייך: גליק, פּרנסה, בעזונד.. און — — גאָט זאָלל אייך היטען פֿאַר אייערע גוטע פֿריינד, ווייל מיט די שונאים וועט איהר אייך אליין אין עצה געבען...

גרשום לבווין,

סטוד. מעדיצ.

# אַלין פֿערלוירען.

ראש השנה גאַנין פֿריה.—

אין איין אויסגעלעריגטע שטוב, ווי נאָך אַ ליציטאַציע, זיצט ר' חיים, איין אָבגעקוממענער עושר און זאָגט תהלים. דאָס ווייב זיינס איז שוין לאַנג אָנגעטהון צו געהן אין שוהל אַריין און קוקט אומרוהיג: פֿריהר אויף דער טהיר, דורך וועלכער דער שמש פֿון שוהל האָט שוין לאַנג געראַפּט

דאָס שטיינדיל הייבט נישט אָן צו וויסען, אַז ער האָט איבערגעלאָזט אין דער היים אַ ווייב מיט 8 קינדער, בְּסַךְ הַכֹּל 9 מיילער; דעם שטיין חלומט זיך נישט, אַז יעדעס מויל ווילל עססען, אַז עס בעקומט נישט, מאַכט עס קולות... עס פאַללט איהם גאָר נישט איין, אַז חיים׳עק איז נערוועז, — אַזוי נערוועז, אַז ער קאָנן נישט ליידען, אַז אַ קינד וויינט!

כָּל זְמַן עס האָט זיך געלאָסט, איז ער אַ שניידער געוועזען, געזעססען ביים טיש און האָט אַזוי שטאַרק געאַרבעט, אַז עס פלעגט איהם פלאַטצען איין נאָדעל נאָך דער צווייטער אונטער דער האַנד. צונד אויס שניידער! עס חלומט זיך שוין קיינעם נישט אַ מלבוש צו מאַכען; פון אַ האַלבער שטאָדט איז אַש און קוילען געוואָרען... און חיים׳קע האָט זיך געמוסט נעמען צום שאָססע, אַבי דען טאָג איבערצולעבען!... נור פון דעם אַללעם וויל דאָס שטיינדיל נישט אָנהייבען צו וויססען; און קוועהלט איהן, און שטעכט אָהן רחמנות.

חיים׳עק פערקרימט זיך און קרעכצט פאַר ווייטאָג און האָט דאָך קיין צייט נישט אויסצוקלויבען ריינע שטעללען פאַר די פיס; ער טרעט וואו עס קומט אויס, אַבי די טאַטשקע שטופט זיך!

עס זעננען שוין פערביי אַ פּאָר שטונדען. די זונן איז שוין אַרויף גאָר הויך און האָט זיך שרעקליך צוברענט. חיים׳עק האָט זיך געמוזט אַנידער זעצען, אויפהעבען דען קאַפּעל און אָבקיהלען זיך דען פערשוויצטען שטערן. ער רעכענט אויף די פינגער די פּריזמען, וואָס ער האָט געמאַכט, און עס רייסט זיך איהם אויס אַ זיפץ פון האַרץ. —

די עטליכע שעה אַרבייט וועללען קוים געניעגען דעם ווייב מיט דער אַלטערער טאָכטער. דער חשבון האָט איהן איבערגעשראָקען. ער האָט זיך צוריק צוגעכאַפּט צו דער אַרבייט, גלייך עס וואָלט איהם עמיץ נייע כחות געגעבען.

צונד האָט ער שוין געהאַט צוויי שונאים: דען שאַבער אונטער די פיס און די זונן איבערן קאָפּ! די זונן שיסט מיט פייער און עס געהט זי גאָר נישט אָן, אַז דאָ שטעהט אַ יוד און אַרבייט זיך אויס די לעצטע כחות!

אין אַזאַ היץ איז נאָר גוט דעם שרייבער, וואָס האַפּט זיך אַללע מאָל אין שטוב אַריין, אָדער בארטעקען, וואָס אַרבייט זיך אַזוי לאַנגזאַם, אַז אין דער צייט, וואָס ער שיטט אויס די טאַטשקע, מאַכט חיים׳עק אַ גאַנץ קורס אַהין און צוריק! באַ! ער דאַרף זיך נישט אַזוי איילען, ער האָט אַ שטיקל פעלד, איז אַ קלענערער בעדאָרפער... און אויסער דעם איז ער פון אייביג אויף

---

אַריינקוממען און צונעמען דעם מאַנס טלית-און-קיטל, צום שחרית, וואָס ער דאַווינט פאַר׳ן עמוד, און דערנאָך אויפ׳ן מאַנן, וואָס זיצט אַלס און זאָגט, און זאָגט, מיט אַזאַ האַרצרייסענדיג קול, חאָטש עס איז שוין אַזוי שפּאָט! זי זיפצט אַ מישנע הויך, נור דער מאַנן האָרט נישט.

ענדליך הייבט זי זיך אויף, געהט צו צום מאַנן און ווינשט איהם: „ער זאָלל זיך אויסבעטען אַ גוט יאָהר”... ער חאַפּט זיך אויף, נעמט טלית-און-קיטל און געהט מיט.

— זעהסט גיטל, מאַכט ער מיט אַ ביטטערליך קול, אַז מען פערליערט די פּרנסה, פערליערט מען אַ לץ... דאַווין שחרית פאַר׳ן עמוד, נור דען טלית פראָג דיר אַליין!...

— עט, מאַכט גיטל אַוועק מיט די האַנד, כדאי פון וואָס צו רעדען.

ער גיט אויף איהר אַ קוק און קראַכצט אָב נאָך אַמאָל: נאָך פאַר אַ יאָהר איז זי געגאַנגען אין שוהל בעהאָנגען מיט פּערל און גאָלד... היינט!... די קיינט-און-זייגער מיט די פּערל האָט זיין געוועזענעם בעלפערס ווייב אָבגעקויפט... די רעשט זאַכען זעננען פערזעצט... וואָס פאַר דאַווינען וועט זי נעביך האָבען!

— נור נישט קשה, טרייסט ער זיך, אויף דעם איז ראש השנה!

ער וועט שוין מאַכען אַ שחרית, אַז עס וועט אין הימעל ברענען! זיין גיטל וועט אויך נישט שווייגען! זי קאָנן איינרייסען אַ שוהל! דער רבונו של עולם וועט זיך מוזען אומקוקקען און רחמנות האָבען! און עס וועט זיין אַ גוט יאָהר... דער

געוואוינט צו אַרבייטען אין פֿעלד אונטער דער זונן! חיימ'עק איז אָבער דעליקאט, נערוועז, און האָט נאָך קיין מאָל אין דרויסען אויף דער זונן נישט געאַרבייט. אמת ביי איהם אין שטוב פֿלעגט זיין ענג און פֿאַרנע, ווייניג לופֿט; נור איבערן קאָפּ איז פֿאָרט געוועזען אַ דאַך, וואָס האָט'ן געשיצט פֿאַרן פֿייער פֿון הימעל!

און די זונן הייבט זיך אַלץ האָבער און האָבער, און שיטט אַלץ ברענענדיגערע סנאָפּעס מיט שטראַהלען... נור חיימ'עק פֿאַלט נישט אָב, ער האָט כח אויס צו־האַלטען! נישט אומזיסט האָט ער געזאָגט דעם שרייבער, אַז ער וועט אַרבייטען נישט ערגער פֿאַר אַללע. באַ! ער האָט זיי שוין אַללע איבערגעיאָגט!

עס איז צוועלף דער זייגער. אַללע פֿויערען וואַרפֿען אָב פֿון זיך די טאַטשקעס און לאָזען זיך אין אַ זייט אונטער די ביימער מיטטאָג עססען. חיימ'עק האָט אַריינגעחאַפּט נאָך אַ שטיק מיטטאָג: נאָך עטליכע טאַטשקעס צוזאַממענגעפֿיהרט, און זעצט זיך ווייטער ביים ראָוו און בערעכענט נאָך אַמאָל די אַרבייט. די זונן ברענט, נור איהם ווערט קאַלט פֿון חשבון! די אַללע פּריזמען, וואָס ער האָט ביז אַהער געמאַכט, וועללען קוים גענוג זיין פֿאַרן ווייב מיט ד ר י י קינדער! און וואו בלייבט די רעשט? חיימ'עק האָט אַ קוק געטהון אויפֿ'ן הימעל און טרייסט זיך: די זונן שטעהט איהם ערשט גראַדע איבערן קאָפּ! ביז פֿאַרנאַכט איז ווייט; און די „רעשט" איז סאַמע קלייניגקייט וואָס מען קומט איבער מיט וואָס עס איז.

ער שלעפּט אַרויס פֿון קעשענע אַ שטיקעל ברויט מיט זאַלץ און זעצט זיך אָבּרוהען. אַ וואונדערליכע זאַך, ווי שוואַך די האָנד זעננען איהם געוואָרען! כל זמן ער איז געוועזען אין דער אַרבייט, האָט ער נישט אַזוי געפֿיהלט; צונד דאַכט זיך איהם, רייסען זיי זיך איהם אָב פֿון די אַקסעל! נור דאָס איז גאָר נישט! ער וועט זיך אַ ביסל צולעגען און דער שלאָף וועט איהם בעניייען די כחות. ער בעדעקט זיך איבערן קאָפּ מיט'ן חאַלאַט, לעגט זיך צו אויפֿ'ן גראָז און שלאָפֿט איין...

פֿריהער חלומט זיך איהם, אַז ער איז ווייט פֿונם שאָססע, פֿונם שאַבער, פֿון דער ברעננענדיגער זונן; ער זיצט זיך גאָר אין שטאָדט, אין דער שטיללער, קיהלער היים... און פֿערבאָרגט געלד אויף פּראָצענט... מוילעבט אָקאָוויט", שאַבערט אין קראָם... לייט האָבען דרך ארץ פֿאַרן גאָלדענען קאַלב, בעטען טובות... און ער ליגט און ציהט זיך אויס אויף סאַמע באַנקאָצעטעל, ווי אויף היי, און האָרט

---

געהאַלטען פֿאַר פֿערפֿאַללען. אַז מען האָט געזאָגט, אַז דער פּריץ נעמט אָב עפּיס אַ ירושה און וועט אין קורצען דורכפֿאָהרען דורכען שטאָדטיל, האָט ער נישט געגלויבט. אַ נאַרר וואָלט עמיץ געוועזען דעם פֿערשווענדער אַ ירושה צו לאָזען. צונד פֿאָהרט ער.

עס איז דאָך ראש השנה און ר' חיים האָט זיך נור אָבגעשטעלט און נישט צו געגאַנגען צו דער בריטשקע. אינ'ם פֿאָהרען האָט דער פּריץ אַרויסגענוממען דען ברוסט־טאַש און געוויזען איהם פֿון ווייטען אַ הונדערטער.

ר' חיים'ס פֿיס וויללען זיך אַוועק רייסען און געהן, נור ער האַלט זיי איין.

— ראש השנה! מאַכט ער צו זיך באַו, ראש השנה!

בעלפֿערטשיק וועט אין איהם קיין נקמה נישט האָבען! ער וועט נאָך דאָס הויז אויך צוריק קויפֿען!

— געהסט? פֿראָגט איהן איבער גיטל, זעהענדיג ווי ער בלייבט אונטערשטעללינג פֿער־טראַכט.

— געה, געה! מאַכט ער, אויף מיר מוז מען וואַרטען!

— פֿייערדיג זאָלל זיין דער שחרית און פֿולל מיט טרערען! טראַכט ער, בשעת גיטל איז שוין פֿערשווינדען געוואָרען רעכטס אין אַ צווייטער גאַסס.

נור עכיין רופֿט איהן ביי'ם נאָמען:

— חיים!

ער קוקט זיך אום, עס פֿאָהרט זיין אַ מאָל געוועזענער פּריץ, ביי וועלכען עס קומט איהם אַ גאַנצען הונדערטער. דען הונדערטער האָט ער

זיך אַיין ווי אָם די רובעלדיגע פּאַפּיערלעך רוישען. ער דערמאַנט זיך, אַז דער שרייבער האָט איהם טאַקי געזאָגט, אַז דאָס איז אַ בעססערע פרנסה, איידער צו טרעטען אויף שאַבער און צו שלעפּען די פּער־שאָלטענע טאַטשקע אונטער דער קאָבעדיגער זונן... די פויערען האָבען אויך אויפ'ן געקוקט מיט אַ שמייכעל: ווי קומט קאַפּעל און אַרבע־כנפות צום שאָססע? נור באַלד האָט איהן דער „מַלְאָךְ שֶׁל שֵׁנָה" צוריק אַרויפגעפיהרט אויפ'ן שאָססע און געהייסען אַרבייטען!.. און ער האָט אַ ווייב מיט אַכט קינדערליך, ער טאָר נישט אַרבייטען רוהיג און פּאַמעליך ווי אַנדערע, דער חשבון יאָגט... ער טאָר די טאַטשקע נישט אָב־לאָזען אַ רגע...

דאָס ווייב מיט דריי קינדער האָט ער שוין אַפילו פערזאָרגט, נור דאָס קליינ־וואַרג, די רעשט לעגט זיך איהם אין שלאָף, ווי אַ שטיין אויפ'ן האַרץ. דער שלאָף האָט איהן נאָך מעהר אָבגעמאַטטערט.

ער האַפּט זיך אויף, אָפּפענט די אויגען און וואַרפט אַ בליק אויפ'ן שאָססע. די פויערען זענען נאָך נישט צוריקגעקוממען צו דער אַרבייט; אין אַזאַ היץ גלוסט זיך נישט אַזוי געשווינד אַרויס צו קריכען פון שאָטטען אונטער די ביימער... נור חיים'קע האָט קיין צייט נישט. ער פּער־לעגט צוריק די שעלקים אויף די אַקסעל; גיט אַ שטופּ די טאַטשקע און הייבט אָן צו אַרבייטען אויפ'ן פערטען קינד.

און עס געהט ווייטער אַ מלחמה מיט'ן בלוטיגען שווייס; און דאָס שוואַכע יודעל מיט די שוואַרץ־פלאַממענדיגע אויגען און פערברענטע ליפּפען איז דאָך גובר! עס זענען ווייטער אַ וועק אַ פּאָר שטונדען. די זונן לאָסט זיך שוין אַראָב! דער שרייבער שפּאַציערט אויף און אָב איבערן שאָססע און וואונדערט זיך: פון וואַננען עס נעמט זיך צו חיים'עק'ן אַזוי פיעל כח?

— אַ האַרטע בעסטיע! זאָגט ער. —

די „האַרטע בעסטיע" האָרט זיין לויב, שמייכעלט און טהוט ווייטער דאָס זייניגע, נור עס געהט אַללע מאָל ערגער. האָנד און פיס זאָגען אָב! נאָך אַ רגע — און ער וועט — דאַכט זיך — אַנידער פּאַללען, ווי אַ פערד ביים דישעל, און וועט שוין נישט הערען די בייטש! —

עס איז אָבער אַ מערכה, וואָס חיים'עק האָט נאָך אַזאַ פּאַס מיט כח, מיט וועלכען ער שטופּט ווייטער די טאַטשקע אויפ'ן שאַבער!

אַז דאָס פליייש האָט זיך שוין גאָר אין גאַנצען „בעדאָקט", האָט ער נאָך נערוען, און זיי וועללען העלפען אין דער נויט!

אָט, אָט — דאַכט זיך — וועט חיימקע אַרויסלאָזען אַ געשריי פאַר ווייטאָג, אַזוי אַנגעשוואָללען זענען איהם די אָדערן מיט די שלעפען, אַזוי שראָקליך זעהט ער אוים, שטופּענדיג די טאַטשקע מיט פערהאַקטע צאָהן און ציטטערדיקע האָנד!...

נור ער שרייט נישט — די נערווען אַרבייטען.

— אַ פערפאַללענען חוב מאָג מען אָבנעמען על פּי דין! זאָגט איהם דאָס האַרץ... מיט אַ הונדערטער קאָנן גאָטט העלפען! דו וועסט דאָך איהן שוין מעהר פאַר די אויגען נישט זעהן!

— ראש השנה! ראש השנה! ענטפערט ער דעם האַרץ.

— מען מאָג דאָך!

— געלד נעמען — און פאַרן עמוד דאַווענען! בייזערט ער זיך, און רייסט זיך אָב פון אָרט און לויפט אין שוהל אַריין.

ער וועט פאַר הונדערט רובעל זיין כבוד, זיין שחרית נישט פערקויפען...

---

ער קומט צו צו דער שוהל — מען דאַווענט שוין...

— גומל לאיש חסד כמפעלו — האָרט זיך פון עמוד זיין געוועזענעם בעלפערס קול. ער האָט איהם אפילו זיין כבוד צו גענוממען...

נ. פּרצנן.

ענדליך איז שוין אָבענד. — די פלאַמ-מענדיג-רויטע זונן לאָזט זיך אַראָב אונטער דער ערד. דער „פּאַן פּיסאַרז" פערשרייבט שוין די אַרבייט און לאָזט אָב די פויערין אַהיים. חיים'עק שטעהט ביי דער טאַטשקע, ווישט זיך דען פערשוויצטען שטערן, און מאַכט צום דריטטען מאָל אַ חשבון!

נישט קשה! ער האָט פערדיענט אַזוי פיעל ווי אַללע, נאָך מיט אַ צושפּרונג!

דאָס ווייב מיט אַללע אַכט קינדער וועללען מאָרגען האָבען צו עססען... מאָרגען וועט ער ווייטער קוממען, ווייטער מלחמה האַלטען מיט שאַבער און זונן און אַזוי ווייטער און ווייטער, און עס וועט אַללע טאָג זיין וואָס צו עססען...

פאַר וואָס דען לאָזט חיים'עק נישט אָב די טאַטשקע און פילט זי ווידער אָן מיט שטיינער און שטופּט זי ווייטער איבערן ברעט?

זיין גאַנצער קאָרפּער איז שוין אָבגעמאַטערט, די נערווען זענען שוין אויך אָבגעניצט. ער אַרבייט זיך שוין נישט אַזוי האַסטיג און ווילד, ווי פריהער... די אַרבייט געהט שווער, מיעד, פערשלאָפען.

ער שטופט די טאַטשקע און קוקט וויט, וויט אַוועק, און הערט זיך איין צום ווידער-קול פון אַללע זייטען... עס האָט זיך אַראָבגעלאָזט אַ פינסטערע נאַכט און חיים'עק שטופּט נאָך אַלץ זיין טאַטשקע. עס אַרבייטען שוין נישט, נישט דאָס פלייש, נישט די נערווען, צונד אַרבייט שוין — דער געדאַנק, ער וויל אויך אָנשיטטען אַ פּריזמע שטיינער....

פראָגט חיימקע'ן: פאַר וועמיס וועגען? וועט ער אייך אָפּשר אָנפערן:

— פאַרן ניינטען קינד, וואָס איז נאָך אויף דער וועלט נישט געקוממען, נור עס איז שוין אַ פּאָר חדשים אין וועג...

י. רוזענוואסער.

# בילדער פון קור-אָרט.

## א. די ערשטע טריט.

גאָר אין ווינקעלע אין פראָמענאַדע, אונטער אַ ברייט-צולעגטען קאַשטאַן, שטעהט אַ שטיינערנע באַנק; אַהער קומט נישט צו דאָס רוישען פון די קור-גאָסט, וואָס מוזען שפּאַצירען... די מוזיק, וואָס היללעכט ערגיץ וויט, רופט זיך דאָ אָן שטילל, גלייך אַ טייכעל רוישט מעלאָדיש. — אהער פערבלאָנדזיט עמיץ זעלטען... אונטערן קאַשטאַן אויף דער שטיינערנער באַנק זיצט צונד אַ יונגע פרוי. פאַר איהר ליגט אָפען אַ בוך, נור זי לעזט עס נישט... דער טונקעל-שווער בעלאָקטער קאָפּף איז אָנגעשפּאַרט אויף דער ווייסער אַלאַבאַסטער האַנד, און אַ שווערע זאָרג ליגט אויף דער נאָך ווייסערן שטערן און דריקט אויס אַ טרער פון הימעל-בלאָהעם אויג...

אויף דער נישט ווייטער אַללע, וואָס איז בעגאָססען מיט העללער ליכט פון דער זונן, סקריפּעט און בעוועגט זיך לאַנגזאַם אַ פאָטעל אויף ראָד'ליך, פון אַ דיענער אונטערגעשטופּט. — אין פאָטעל זיצט אַ וואונדערליך בלאַססער יונגער-מאַן און בייגט זיך גאַנץ אָפט איבער צו'ן אַ קליין, אָפּשר צוויי-יאָהריג מיידעלע, וואָס געהט נאָך אין דער זייט פון פאָטעל מיט אַ שמייכעל אויפ'ן רויזיגען מויליכעל און בלאָה-לאַכענדיגע-אויגען...

איהרע העלל-בלאָהע האָהר פאַללען אַראָב פון אונטערן באַטיסטענעם, העל-גאָלאַנדישען ציפּיקיל אויפ'ן קאָראָנקאָווע קאָלנעריל פון בלאָהעם קליידעל, און רייסען זיך אַראָב צום ווייסען שטערן, אויף וועלכען עס טאַנצען דראָבנע פּיפּיגע לאָקליך. —

דער פאָטעל רוקט זיך אַלץ נאָהנטער צו צום קאַשטאַן. — נור אָט — דער בלאַססער מאַנן גיט אַ צייכען און עס פערהאַלט זיך דער שטוהל. דער דיענער קומט צו רעכטס צום פאָטעל און דער בלאַססער מאַנן שפּאַרט

זיך אן אויף זיין אקסעל און הייבט זיך אויף מיט מיה, האלטענדיג דאס קינד ביי דער האנד...

ער בלייבט שטעהן און אטהעמט אב שווער; זיין געזיכט איז נאך בלאססער געוואָרען, ער מאכט א פאר טריט, עטליכע טראָפען שווייס בעדעקקען איהם דען שטערן.

א פרייד בעווייזט זיך אויפ'ן קינדס רויזיגען פנים, נור דער בלאססער יונגער מאנן דריקט עס ביי דער האנד און בעט עס זאל שווייגען.

דאס קינד קאנן זיך אבער ניכט איינהאלטען.

— „מאמא!"— האט עס אויסגעשריגען מיט פרייד. „מאמא! דער טאטע געהט שוין אליין!".

די פרוי פון אונטערן־קאשטאן האט זיך אויפגעהאפט פון דער טיעפער זארג, זי איז ארויס אויף דער אללעע און איהר געזיכט מיט זיסער רעזיגנאציאן האט בעלייכט א גליקליכער שמייכעל.

---

## ב. די אקאציע.

אויפ'ן הויף פון רעסטאראן אין א ווינקעל צווישען דער מויער פון קיך אין א הויכען פארקאן פון צוויטען הויז, איז אויפגעוואקסען איין אקאציע. די צווייגען, צו וועלכע די זונן קומט קיינמאל נישט צו, זעננען איינגעצויגען, איינגעהארבעט ווי פון איין אלטער פאר דער צייט. די דיקק־פערשטויבטע בלאטטער האבען זיך איינגעוויקעלט און האנגען אראב אהן כח. ביים שטאמם פון בוים האט די דיענערשאפט איהר ארט צו וואשען געפאסס... צווישען די צווייגען טריקענען זיך גאנץ אפט האנדטיכער, סציערקים... ארטערווייז איז זי בעשפריצט מיט ברודיג וואססער, בעווארפען מיט רעשטליך עססען...

אזוי זעה איך זי. דורכען פענסטער טרויעריג וואקסען אויפ'ן ענגען הויף, אין שלעכטער לופט, בענקענדיג צו'ן א שטראהל פון דער זונן, צו'ן א געזאנג פון א פויגעל, וואס זי האט נאך אפשר קיינמאל נישט געהערט!

און ביי נאכט, אז דער ווינד רוישט צווישען די צווייגען, דאכט זיך מיר, אז איך האר איהר טרויריג געזאנג, אז דאס קלאגט זי זיך פאר גאטט און דער וועלט אויף איהר מזל. —

היינט האט זיך די לבנה ארייננגעגנבעט צו מיר אין שטוב, דורך די נישט גוט צוזאממענגעצויגענע פארהאנגליך. זי האט געווארפען ציטטעריגע ווייסע שטראלען אויפ'ן פוסבאדען און איך האב דעריבער נישט געקאנט איינשלאפען. — איך בין אראב פון בעטט און געוואלט צוזאממענציהען די פארהאנגליך, נור מיר איז איינגעפאללען איין אויג צו ווארפען אויף דער אקאציע, צו זעהען איהר טרויריג פנים, און צו הארען דאס נאך טרויעריגע רוישען פון איהרע בלאטטער... עס האט זיך מיר עפיס פערגלוסט צו הארען דאס געזאנג פון באנגשאפט און עלענד.

איך האב ארויסגעקוקט....

די לבנה האט שטילל געשוועבט איבערן הימעל און אין איהר ליכט האב איך די אקאציע קוים דערקאנט. — באדענדיג זיך אין א ים פון דער לבנה'ס ווייס־זילבערנע שטראהלען איז זי געשטאנען אויסגעגלייכט, ווי אויפגעוואקסען, און האט זיך לייכט געוויעגט צום טאקט פון שטיללען נאכט־ווינטעל מיט טויזענד ציטטעריגע בלאטטער.

ניין! דאס איז קיין רוישען; דאס איז געזאנג! איך קאנן דאס ליעד — דאס ליעד פון לעבען, פון ליעבע און גליק...

דער מאנד אין הימעל דאס איז דער בן מלך... ער בעשיטט מיט זיינע ווייס־זילבערנע ליעבעס־שטראהלען די בת מלכה, זיין פערליעבטע אקאציע... און זי זינגט איהם דאס ליעד פון לעבען, ליעבע און גליק...

פראנציסקא זארנשטיין.

# אַפָאריזְמֶען.

1) ווען דער הוט, וואָס מיר טראָגען אויפ'ן קאָפּף, זאָלל קאָננען דענקען אונ דערביי פרום זיין, וואָלט ער געזאָגט מיט התלהבות: „ברוך שעשני קאַפּעלוּש; געלויבט איז דער, וואָס האָט מיר אַ מענש בעשאַפֿען, ער זאָלל שטעהען אין מיין דיענסט אונ אַרומטראָגען מיך אין די גאַססען, איך זאָל מיך נישט דאַרפֿען אָנריהרען אין דער בלאָטע".

2) דער מענש וואָס זאָגט פאַר'ן שלאָף: „געלויבט איז גאָטט פטור אַ טאָג", איז נישט ווערטה אויפצושטעהן.

3) אללע דראַפּען זיך אַרויף אין דער הויך; וויניג קוממען אַרויף אונ נאָך וויניגער בלייבען אויבען: אַ סך קריגען קאָפּף-שווינדעל אונ פאַללען אַראָב, אונ אַ סך רוקקען זיך אַליין אַראָב, אַבי צו קריגען אַ פֿעסטערן גרונד אונטער די פיס.

4) ווער איז דער גראָסטער פיינלינג? דער וואָס שטאַרבט פאַר שראָק פאַר'ן טויט.

5) די וואָס האָבען אַ פולל האַרץ מיט פראָבנאָ, ווילען עס זאָלל זיין נאַכט, זיי זאָללען קענגען לייכטען.

6) דער פאָרטשריט בעשטעהט אין דעם, מען זאָלל וואָס אַ מאָל וויניגער ברויכען די, וואָס זענגען זיך מקריב פאַר דער וועלט.

7) „גלויבען" — איז אַ חשק צו פערשוויטטען דען אָבגרונד צווישען „וועללען" אונ „האָבען".

8) אַז מען זאָגט: דאָס פאָלק איז אָרעם, האַפּט זיך דער רייכער אָן ביי דער קעשענע.

זיגמונד סטענצעל.

כס. מעדיצ.

## וויצען:

1) דער דאָקטאָר (צום קראַנקען) די טראָפּפען דאַרף מען נעמען דריי מאָל אין טאָג נאָכן עססען.

דער קראַנקער: נישט מאָגליך!

דער דאָקטאָר: ווי הייסט?

דער קראַנקער: ווער וועט מיר דריי מאָל אין טאָג געבען צו עססען?

2) אַל תהי ברכת הדיוט קלה בעיניך; וויל וואָס גראָב איז נישט לייכט.

3) די פרומע עססען ראש השנה אַ ראש כבש, דאָס הייסט: זיי ווילען נישט זיין פון עקק, נור — נישט קליגער פאַר אַ שעפס.

# הוֹשַׁעְנָא

## וָואס טְרַאכְטֶען אוּן קְלֶערֶען?

(נאַכאַהמוּנג)

וָואס טְרַאכְטֶען אוּן קְלֶערֶען
גֶערִינְגְצֶעלְטֶע שְׁטֶערֶען,
וָוענן ס'וֶוערֶען אִין ד'אוֹיגֶען
פֶערְבַּאקְקֶען דִי טְרֶערֶען?
וָואס טְרַאכְט אוּן וָואס חָלוֹמְט
דִי שְׁטוּמְפִּיגֶע קְוַואַל?
צוּ בְּלִיצְט דָארְט חָאטְשׁ אֵיינְמָאל
אִין לֶעבֶּען דִי שְׁטְרַאהל,
וָואס לַייכְט אוּנְז בַּיים זוּכֶען
אִין פִינְסְטֶערֶע טָאג
דֶער אָרִימֶער מֶענְשְׁהֵייטְם
פֶערְלוֹירֶענֶען וֶועג?

וָואס טְרַאכְטֶען, וָואס קְלֶערֶען
דִי אַללֶע, וָואס שְׁטִיפֶּען
דִי טַאטְשְׁקֶע פוּן צָרוֹת?
צוּ שַׁיינְט אוֹיף דִי לִיפֶּען
וָואס שֵׁיילֶען זִיךְ, בְּרֶענְגֶען
פוּן עֶבִּיגֶע זָארְגֶען,
חָאטְשׁ אֵיינְמָאל אַ שְׁמֵייכֶעל
אַיין אָבְּגְלַאנְץ פוּן מָארְגֶען,
פוּן גְלִיקְלִיכֶען מָארְגֶען,
וָואס אוּנְז מַאכְט בֶּעקַאנְט
דֶעם פִינְסְטֶערְן הִימֶעלְם
פֶערְגָאלְדֶעטֶער רַאנְד?

וָואס טְרַאכְט זִיךְ דֶער הוּנְגֶער
אִין קֶעללֶער פֶערְשְׁמַאכְט?
דֶער שְׁלָאף ווילל נִישְׁט קוּמֶען
אוּנ שְׁטִילל אִיז דִי נַאכְט;
צוּ הֶערְט עֶר אִין שְׁטִיללֶען
דֶען אַייזֶערְנֶען קְלַאנְג —
דֶען טְרִיט פוּן דִי צַייטֶען,
פוּן דוֹרוֹת דֶען גַאנְג...
צוּ שְׁפַּאלְט זִיךְ דֶער הִימֶעל?
בַּיי גָאטט אִין דֶער הַאנְד
צוּ זֶעהט עֶר דֶען דוּננֶער?
צוּ ווַייס עֶר, ס'אִיז קְרַאנְט?

י. ל. פרץ.

# דִי אוּטָאפִּיֶען אוּנ דָאס לֶעבֶּען.

טהײל שרײפטשטעללער, וואָס זענעֶן נישט צופריעדען מיט'ן דור, אין וועלכען זיי לעבען, וואָס זעהען ארום זיך אַ סך טרערען אונ וועניג גליק, אַ סך חֲנוּפֶה אונ וועניג אֶמת, אַ סך תאַוות אונ וועניג יושר— אונ גלויבען, אַז דאָס לעבען איז נישט קיין ראַק, וואָס רוקט זיך אונטערוויילעכטס, אונ נישט קיין זומפּ מיט שטעהענדיג וואַססער... אונ האָפּפען, אַז מיט דער צייט וועט אַלץ ווערען בעססער אונ פיינער, די חסרונות קלענער אונ וועניגער אונ די מעלות גראָססער אונ מעהרער... די שרײפטשטעללער וויללען אונז פאָרשטעללען דאָס שפּאָטערע לעבען לויט זייער פאַנטאַזיע. אונ זייערע נְבִיאוּת, זייער פאָרשטעללונג פון דער שפּאָטערער צייט, זייער כח הדמיון'ס המצאות ווערן אָנגערופען „אוטאָפיען".

דאַגעגען די אַללע וואָס קאָננען זיך אויף קיין רגע נישט אַרויסרייסען פון זייער צייט אונ פון זייער דור, וואָס עס איז זיי צו גוט, זיי זאָללען ווערען, עס זאָלל אַנדערש ווערען, אדער צו שלעכט, זיי זאָללען נאָך קאָננען אויף עפּיס האָפּפען — די אַללע אַנדערע האַלטען די אוטאָפיען פיר אונמאָגליך, פיר נאַריש אויסגעקלעהרטע מעשׂות, וואָס וועללען שטאָנדיג בלייבען „נישט געשטויגען נישט געפלויגען"...

אַז מיר וועללען נעמען די לעצטע אוטאָפיע, וואָס האָט אויפגעשריבען דער וועלט-בערימטער, אַמעריקאַנישער שרײפטשטעללער בעללאַמי, אונ וואָס איז זיך צוגאַנגען אין מיליאָנען עקזעמפּלאַרען אין אייראָפּא אונ אַמעריקאַ, וואָס שטעלט אונז פאָר דאָס לעבען אין 20סטען יאָהר-הונדערט, ד. ה. הונדערט יאָהר שפּאָטער, ווען — לויט בעללאַמיס פאַנטאַזיע — וועללען שוין נישט זיין קיין קנאָה-שׂנאָה אונ קיין מלחמות צווישען פאָלקער, עס וועט פערשווינדען ווערען אָרום אונ רייך, אונ די מאַשינען וועללען פערטרעטען אונז דעם אַרבייטער ביי די שווערסטע אַרבייטען; דער טעלעפאָן וועט אונז אַריינברענגען אין שטוב אַריין טעאַטער, קאָנצערט אונ פאָרלעזונגען פון אוניווערזיטאָטען; מען וועט נור דאַרפען אָנריהרען אַ קנאָפּיל אין דער וואַנד אונ האָרען די שאָנסטע דְרָשָׁה פון אַ שוהל אָדער אין אַ פּאַרלאַמענט... עלעקטריציטאָט מיט לופטבאלאָנען וועללען אונז געבען קְפִיצַת הַדֶרֶך, אונ קינסטליכע דאָכער וועללען אונז פערשפּאָרען צו טראָגען פּאַראַסאָלען... וועללען מיר נישט וויססען, ווי ווייט דער מחבר האָט געטראָפען... נור דער, וואָס

---

# וָואס זָאל אִיך וֶועלְלֶען?

ראש־השנה שרייבט מען, יום־כפור חתמ'עט מען אונ הושענא־רבה מאַכט מען דען צוק אונ מען גיבט די קוויטליך אַרויס. אונ נישט נור מענשען שטעהען לדין, נישט נור אונז פּסק'ט מען לעבען אָדער טויט, פּרנסה אָדער קצבה, מנוחה אָדער גלות... „זכר כל המעשים לפניך בא", אַלץ וואָס מיר טהוען, אַלץ וואָס מיר מאַכען ווערט גע'משפּט אונ אונזערע יום-טוב-בלאָטליך וואַרטען אויך מיט אַ ציטטערניש אויפ'ן קוויטעל... זיי ווילען אויך וויססען, צו וועללען זיי אויסלעבען דאָס יאָהר אָדער אויסגעהן ווי אַ ליכט אין דער פינסטערער נאַכט... קיין גרויסע צדיקים זענען זיי נישט, זיי זאָללען רעכנען אַז באַלד ראש־השנה, אָדער אפילו יום־כפור וועט זייער גזר־דין אַרויס... נישט איין מלאך חבלה וועט קריצען מיט די צאָהן, נישט איין פּאַמפּלעטיסט — אַ קטיגור וועט זיך אויסרייסען דען האַלז, אונ הלואי עס זאָל זיך ענדיגען הושענא־רבה פאַר'נאַכט!

נור ביז הושענא־רבה פאַר'נאַכט איז אויך נאָך דאָ עפּיס צו טהון! נאָך ביי נאַכט אויף הושענא־רבה שפּאַלט זיך דער הימעל אויף אַ סעקונדע אונ דעמעלט איז אַ שעת הכושר, איין עת־רצון פאַר'ן זינדיגען מענש, אונ וואָס ער חאַפּט זיך דעמעלט אַרויס, דאָס ווערט מקוים.

וואַך זיין אַ גאַנצע נאַכט, אָבפּאַססען דען שפּאַלט אין הימעל אונ אַ געשריי טהון איז אַ קלייניגקייט... נור וואָס שרייט מען? וואָס זאָלל

וועט לעבען אין הונדערט יאהר ארום וועט קאננען וויססען, צו האט בעללאמי איבער־געטריבען אדער דאס שפּאטערע לעבען נאך מיט טונקעלע און שוואכע פארבען געמאלט; צו איז די מענשהייט געשווינדער אדער לאנגזאמער געגאנגען אלס בעללאמיס פאנטאזיע, אדער זי איז אפשר געגאנגען אויף איין אנדערן וועג צו איין אנדערן צוועק? מיר קאננען נור אין אלגעמיינעם בעטראכטען, וואס פאר א ווערט עס האבען די אללע הלומות, די אללע נבואות וועגען דער קינפטיגער צייט....

צו דעם צוועק דארפען מיר זיך דער־מאננען איין אוטאפּיע, וואס איז געשריבען געוואָרען נישט קיין גאנצע הונדערט יאהר צוריק, אינ'ם יאהר 1810, פון א געוויססען א. דע לעוויס.

פון דעם ווערק זעהען מיר בחוש, אז עס איז נישט אזוי לייכט צו זיין א נביא און צו טרעפען וואס שפּאטער וועט זיין. עס איז כמעט לאכערליך צו זעהען, ווי לעוויס האט זיך ובאין אופן נישט געקאנט אויס־רייסען פון זיין דור, און בעשרייבט אונז אויפן ארט פון מענשען און לעבען פון 1910, כמעט זיין אייגען לעבען און זיין אייגען דור... קוים וואס אביסל בעססער...

פון דעסטוועגען האט דאך ביי איהם אויפגעבליצט א גוטע, ליכטיגע שטראהל: ער רעדט פון דעם, אז מען וועט דורכגראבען דען זועזישען קאנאל: מען פארט, שרייבט ער, אין גאנצען צוויי טאג פון זועץ קיין אלעקסאנדריען! דאס איז געשעהען, שרייבט ער, באלד ווען די אייראפּאער האבען געקריגען א ממשלה אין מצרים! פון חינא קומט מען שוין צופאהרען דורכ'ן שווארצען מעער. פאר דאס האט ער שוין ווענינער גליק געהאט מיט דער רעשט המצאות, וואס דאס היינטיגע לעבען האט אזוי איבערגעטריבען, אז זיי זעהען אונז אויס ווי א נאררישער קינדער־שפּיעל. מען האט פּראיעקטירט, שרייבט ער ווייטער, דען קאנאל צו מאכען אזוי ברייט, ער זאלל קאננען טראגען די האנדעלס־שיפען, נור דאס דארף קאסטען אזוי פיעל כח און צייט, אז עס וועט אפשר קיינמאל נישט געשעהען.

פון דאמפּ־שיפען, באהנען, ווער שמועסט — לופט־באלאנען האט זיך איהם נישט געקאנט גאר חלומ'ען: צייט דאס פאהרען אויף ראדער, שרייבט ער, האט זיך אזוי אויסגעפיינערט, פאהרט מען ממש פייל פון בויגען: מען האט אויסגעגראבען אין דער גאנצער לאנג פון ראדאן א קאנאל, מען האט איינגעשפּאנט פערד צו די שיפלעך, די פערד לויפען אויף דער יבשה, שלעפּען די שיפלעך אין קאנאל אויפ'ן

איך וועללען, וואס זאלל איך פערלאנגען פון הימעל? אפשר געלד? ווען איך האב געלד, וואלט איך אפשר נישט נור שירים שרייבען נור זינגען אפילו געקאנט; איך וואלט געמאגט גרינמפלען און עס וואלט די נשמה אויסגעגאנגען פאר תענוג... ווען איך האב געלד, וואלטען זיך די יום־טוב בלאטליך געאלטערט אין פריידען... וואָרען לאז'מיר זיך נישט נארען: אמת איז טאקי א שאנע געראטענע כלה, נור ערשטענס קאנן זי נישט טאנצען ווי דער ציגיינער שפּיעלט און קאנן פאר'ן עולם קיין חנ'דליך נישט מאכען, און אפילו א שאנע געראטענע כלה, וואס קאנן טאנצען צו'ם ציגיינערס כוזיק און שניידט חנ'דליך אויפ'ן שאקק, דארף אויך האבען א ביסל נדן, מען זאלל זי וועללען נעמען... א בוך מיט'ן גאלדענעם שניטט האט גאר איין אנדער פנים... נור וואס

קומט ארויס, אז איך בין שטארק מסופק צו פון הימעל קאנן מען האבען געלד. אפשר איז א מאל בעססערע צייטען געוועזען און עס האט פון הימעל מיט ראנדליך געדעגנט... היינט לא עליכם... אט תורה איז א הימעל זאך. פארצייטענס פלעגען זיין ארימע ישיבה בחורים און רייכע ארענדארען, „ישוב'ניקעס" — ווי מען רופט זיי אין דער ליטא, און קוים האט א „ישוב'ניק" געקריגען א האלב דער־וואקסענע טאכטער, האט ער איינגעשפּאנט זיין פערד אין בידקע און איז געפאהרען צום ראש־ישיבה אין שטאדט אריין און געקויפט זיך פיר 100, 200, טהייל מאל פאר 1000 ראנדליך תורה... צו דער תורה האט ער צוגעקריגען א צולאג א בחור'ל ווי א הערינג, נור דען הערינג האט מען נישט אריינ־געשאצט אין מקח... און יעדער ישיבה בחור האט

וואַססער, אונ מען קאָנן זיך בעגעהן גאָר אין גאַנצען אָהן ווינד! פון אַזאַ המצאָה האָט זיך לעוויסען געחלומ'ט דעמעלט, ווען אין אַמעריקאַ האָט מען שוין הונדערט יאָהר געוואוסט פון פּאַראָווע קעססעל. דער היִנ'ץ האָט לעווים געמוסט זיין גאָר אַ גרויסער שונא! ער פאַלט אויף איין עצה, אויפצושטעללען גרויסע רעזערוואוואַרען מיט קאַלטער לופט, וואָס מען זאָלל זי צושיקען דורך ראָרען אין די הייזער אַריין. אויסער דעם שטעלט ער אויף ריעזיגע ראָרען אַלס ווענטילאַטאָרען, וואָס זאָללען אַראָבברענגען ריינע, פרישע לופט פון אונטערן הימעל, איבער צו לופטערן די גאַססען אונ די הייזער. אויף די הויכע באָרג הייסט ער אַרויפשלעפען אַרמאַטען, מען זאָלל צושיססען אונ אַוועקיאָגען די וואָלקען אין די וויסטע מדבריות אַריין.

פון די עטליכע ביישפיעלען קאָנט איהר שוין האָבען אַ בעגריף ווי אונטערשטעלליג דער כח הדמיון איז געגען דעם, וואָס געשיהט באמת. נור אינטערעסאַנט וועט נאָך זיין צו זעהען, וואָס פאַר אַ בעגריף ער האָט געקאָנט דעמאָלט האָבען איבער דער היינטיגער פרעססע:

אין 1910, שרייבט לעווים, געהען אַרויס אין פאַריז טאָג־טאָגליך עטליכע קליינע שריפטען, אין וועלכע עס ווערט בעשריבען אַלין, מיט וועלכען דאָס פובליק קאָנן זיך אינטערעסירען. זיין שריפט פון זיי געהט אַרויס סאַנקציאָנירט פון דער רעגירונג, די רעשט גיבען אַרויס געוואָהנליכע ספעקולאַנטען, וואָס שרייבען וועגען ליטעראַטור, געזעללשאַפטליך לעבען, נייעס, אונ אַז מען זאָלל זיי לאָזען, וואָלטען זיי געשריבען איבער פּאָליטיק אויך.

וואָס וואָלט געוועזען, ווען עמיץ וועקט אויף לעווים'ן פון קבר אונ זאָגט איהם, אַז איבער פּאָליטיק שרייבען צייטונגען אפילו אין חינא, אונ אַז אין איין אַמעריקאַ געהען אַרויס 20,954 צייטונגען— צו וואָלט ער געגלויבט? צו וואָלט ער געגלויבט, ווען עמיץ דערצעהלט איהם וועגען טעלעפאָנען, לופט־באַלאָנען אונ עלעקטריציטעט?

מיר זעהען, אַז די פליגעל פון דער צייט זעננען שטאַרקער אונ געשווינדער אַלין די פליגעל פון אונזער פאַנטאַזיע. מיר דאַרפען דעריבער האָפען — נור אַרבייטען אונ נישט שרייבען קיין חלומות....

א. ג.

## פּאָרט געפּיפּפּען.

— האָרסט דו, מיין קינד, אַז דו וועסט וועללען לערנען, וועט דיר זיין אַזוי געוואוסט, אַז אויב ער וויל האָבען ראָנדליך, מיט מלבושים מיט קאָסט אונ אַ צו־לאָג אַ כלה — מוז ער זיצען אונ לערנען...

היינט אוים ישוב'ניקעס, אויף זייער אָרט האָבען מיר באַנקיערס אונ פּראָצענטניקעס אונ זיי ווייסען, אַז תורה איז קיין סחורה נישט. אַ דאָקטאָר, אַ יוריסט, אַ צאָהן־רייסער, אפילו אַ זאָלכער פון דער האַנדעלס שוהלע, זאפילו אַ רב — אַ קאַזיאָנע— נור נישט קיין תורה.

וועל עס זיצט היינט אונ לערנט קריעגט — אַ גאַרב, אַ מלמדישען פּאַטענט אויף אַ לונגען־פּעהלער, נור נישט אַ דרייער געלד.

מען זאָגט: צדקה תציל ממות... עס קאָנן זיין אַז צדקה ראַטעוועט פון טויט — דען אָרימאַן, וואָס נעמט זי אונ קויפט זיך אַ ברויט, ער זאָלל נישט שטאַרבען פאַר הונגער, דען עושר בשעת מגפה, די זאַראַזע זאָלל זיך נישט פערשלעפען פון קעללער צו'ם בעלל־עטאַזש... נור קיין געלד האָט מען נישט דערפון — אַז מען גיט האָט מען ווייניגער, אונ דער אָרימאַנן האָט פּאָרט קוים אויף חיי שעה...

פון דאַווינען האָט מען אויך קיין געלד נישט... אַ והא ראיה— אונזערע גבירים, וואָס שטרעקען דאָס לעבען אונ גאַנץ אָפט מיט'ן רחמנות, מיט'ן יושר אונ מיט דער מענשליכקייט צוזאַממען, אַבי רייכער צו ווערען, ווילען אַלליין גאָר נישט דאַווינען אונ זעננען גאַנץ צופריעדען דערפון, וואָס אָרימע לייט לאָזען דאָס סדור'ל נישט אַרויס פון דער האַנד... עס זאָלל אין סדור'ל שטעקקען אַ כח פאַר אַ דרייער, וואָלט מען די אָרימע לייט געטהיילט יום־טוב־בלאָטליך אונ אַללע פּראָצענטניקעס אונ

גוט, אַזוי וואהל... אַז דו וועסט קאָננעָן לערנעָן וועסט דו קריגעָן אַ כלה... צו דער חופה וועט מען דיר געבעָן אַ טלית מיט אַ גאָלדענע עטרה... אַ קיטעל מיט אַ זילבערנע יאַרמולקע אונ אַ שטריימעל...

— אונ אַז דו וועסט גאָר גוט לערנעָן, וועסט דו קריגעָן אַ סך, אַ סך נדן, וועסט דו זיין אַ גרויסער עושר...

אַזוי האָט גערעדט אַ ווייבעל פון אַ יאָהר דרייסיג, האַלטענדיג איהר אַבט־יאָהריגעָן זוהן אויף דער שויס אונ זוכענדיג מיט די פינגער אין קאָפּעלע! אונ דאָס יונגעלע דריקט זיך אַלץ פעסטער אונ פעסטער צו דער מוטטערס ברוסט.

איין אויגעלע האָט ער בעהאַלטעָן אונטער דער מאַמעס פאַרטוך; נור מיט׳ן אַנדערן קוקט ער אַרויס דורכ׳ן פענסטער איבערן הויף, אַרויס אויף די פעלדער, אויף די לאָנקעס, וואָס ציהעָן זיך וויט, וויט ערגיץ אַוועק...

אונ פון דער וויטענס פון פעלד לאָזט זיך צו אַ קול פון אַ פייפעריל. דאָס קינד פערהאָרט זיך, אונ עס פערוווילט זיך איהם ארויסחאַפּעָן זיך אויף די גרויסע, ברייטע לאָנקעס, אָנרייסעָן וויצקעס ביים טייך אונ מאַכעָן זיך אַזאַ פייפעריל; עס פערוווילט זיך איהם אויך אַביסל דורכ־לויפעָן איבער דער גאַסס, היַרזשעָן אונ מאַכעָן מיט׳ן קאָפּ ווי אַ יונג פערדעל אונ ער וויל ארויסרייסעָן דאָס קאָפּעל ביי דער מוטטער פון די האַנד. נור זי האַלט עס געניוג פעסט.

— אַז דו וועסט וועללעָן לערנעָן, זאָגט זי ווייטער מיט איהר זינגענדיג זיס קול, וועט דיר זיין אַזוי גוט, אַזוי וואהל... דו קאָנסט נאָך ווערעָן אַ רב, אַ גרויסער רב, אַ גאון...

ער האָרט אויף צו רייסעָן דעָן קאָפּ פון די מוטטערס האַנד אונ בלייבט אומעטיג ליגעָן; ער דערמאָנט זיך, אַז אין חדר האָט היינט „איין אָקס געשטויסעָן אַ קוה", אונ דער רבי האָט געשלאָגעָן, געקניפּעָן אויך... לערנעָן איז עפּיס ניט אזוי גוט... אונ טרעהרעָן שטעללעָן זיך איהם אין די אויגעָן.

אונ דאָס פייפעריל פון דער וויטענס פייפט, אונ ער קוקט מיט איין אויגעלע דורכ׳ן פענסטער אויף די פעלדער אונ לאָנקעס, אונ ער פערטראַכט זיך. עס פערוווילט זיך איהם ווייטער אַרויסלויפעָן אויף דער לאָנקע, שפּיעלעָן מיט אַנדערע קינדער, חאַפּעָן זוממער־פייגעליך, רייסעָן משוגענע גרייפליך...

— יאָ, קינד מיינס, דו וועסט וועללעָן לערנעָן? אַז דו וועסט קאָננעָן לערנעָן וועט מען דיר געבעָן אַ סך נדן, אַ סך... וועסט

---

באַנקיערעָן וואָלטעָן געהאַלטעָן סדורים אונ געדאַווינט..

דאַווינעָן איז אַ סגולה אויף דרך־ארץ, אויף שטילקייט; דאַווינעָן שטילט אַ מאָל דעָן הונגער בייַ׳ם קבצן ווי דער אָרימער מאַמעס פינגער בייַ׳ם אויס־געדאַרטעָן קינד אין מויל. דאַווינעָן איז אַ סגולה צו׳ן אַ סך זאַכעָן, נור קיין געלד דערפון האָט מען ניט. אונ אפילו אַז מען איז אַ נאַרר אונ מען האָט אַ גאָרגעל אונ מען לאָזט צו צום עמוד... האָט מען אויך קוים וואַססער אויף קאַשע, נור קיין געלד ניט!

איך טרייב דורך דורכ׳ן זכרון אַללע תרי״ג מצות אונ זעה קיין איינציגע ניט, פון וועלכער מען זאָלל קאָננעָן האָבעָן (דירעקט אָדער אונדירעקט) אַ דרייער! פאַר די תרי״ג מצות האָט משה רבינו צו־געזאָגט: געזונד, לאַנג־לעבעָן, אַ זול, רעגעָן פון הימעל, דעָן כח פון דער ערד — נור אַלץ ניט קיין געלד! אַז דו וועסט מקיים זיין אַללע תרי״ג מצות, וועט דיר די ערד געבעָן איהר קראַפט, דער הימעל — טהוי אונ רעגען אונ דאָך — וועסט דו שטאַרבעָן פאַר הונגער, אויב דו וועסט ניט אַרבייַטעָן, אַקקערן, זייעָן אונ שניידעָן, אונ פון די אַללע דריי צוזאַממעָן — פון הימעלס רעגעָן, דער ערדס כח אונ שווייס פון דיין שטערן וועסט דו קיים האָבעָן ברויט, ברויט צו עססעָן, אָבער אַלץ ניט קיין געלד! דו מאָגסט מקיים זיין אַללע תרי״ג מצות, מיט אַללע דקדוקים, וועסט דו אַלץ ניט קאָננעָן ארומגעהן אין אַ הונגער־יאָהר מיט די האַנד אין די קעשענעס אונ פייפעָן אַ ליעדעל פון אַ קאַטאַרינקע...

געלד קאָנן מען האָבעָן פון וואָס איהר ווילט, פון דער קלענסטער עבירה, אפילו פון קאָרטען־שפּיעלעָן, נור ניט פון הימעל־זאַכעָן. אויב דער

זיין אַיין עושר, אַ גאון... האָרט איהם די מוטטער, אַרומקריבענדיג מיט די פינגער איבער'ן קאָפּעל.

— און דער רבי וועט מיך נישט שלאָגען? פראַגט ער.

— גאָר נייעס! פאַר וואָס זאָלל ער דיך שלאָגען?! — ענטפערט די מוטטער — אַ יונגעל, וואָס וויל לערנען, שלאָגט מען נישט!

— און אַ רב איז גוט צו זיין? פראַגט דאָס קינד פעראינטערעסירט.

— אַוודאי איז גוט צו זיין אַ רב! ענטפערט די מוטטער, ווי דען! אַ רב גיבען אַללע אָב כבוד! אַ רב האָט מען ליעב!..

דאָס קינד הייבט אויף אַביסל דאָס קאָפּעל, שפּאַרט עס אונטער אויף דער האַנד, און פערטראַכט זיך, קוקענדיג מיט ביידע אויגען אין פענסטער אַריין. ער שטעלט זיך פאָר, ווי ער וועט זיין אַ רב, ווי אַללע וועלען איהן ליעב האָבען, וויפיעל כבוד ער וועט האָבען...

נור דאָס פייפעריל הייבט אָן ווידער צו פייפען! עס גיסען זיך די טרעללען פון איהם... דאָס קינד האָרט זיך צו, און פלוצלינג שטעלט ער אָן די ליפען און גיט אַ פייף...

— פע, קינד מיינס, פע! זאָגט איהם די מוטטער ברוגז, מען טאָר נישט פייפען!

וואָס ביזט דו, אַ שייגאָץ? אַ שייגאָץ פייפט, אָבער דו?

— און אַ רב טאָר נישט פייפען? — פראַגט דאָס קינד בתמימות.

— געה, ביזט אַ נאַרר! ענטפערט איהם די מוטטער — אַוודאי טאָר אַ רב נישט פייפען!

דאָס קינד פערטראַכט זיך. נאָך אַ קליינע ווייל הייבט עס אויף דאָס קאָפּעל און זאָגט ערנסט אַרויס:

— ווע'לל איך קיינמאָל, קיינמאָל נישט פייפען!...

---

דאָס קינד איז אויסגעוואַקסען — אַ נחת דעם טאַטען און דער מאַמען. מיט איהם איז פולל די גאַנצע שטאָדט! אַללע טאַטע־מאַמעס שטעללען איהם פאַר אַ ביישפיעל זייערע זיהן. „עס איז אַ מחיה אויפ'ן צו־קוקען" זאָגט מען; ער איז שטילל ווי אַ טויב, ריהרט נישט קיין פליג אויף דער וואַנד... געהט אַפילו נישט שפּאַצירען... שטאָנדיג, אָדער געדאַווינט, אָדער געלערנט! ער האָט אַפילו נישט קיין פייערדיגען קאָפּף, נור אַ מתמיד איז ער...

ער האָט שוין „סמיכה אויף הוראָה", און מען רעדט איהם שוין שאָנע שדוכים, און מיט מאַססען געלד.

די עלטערן קוועללען און שעפּען

---

רבונו של עולם זאָגט: „כי לי הכסף ולי הזהב", מיינט ער: דאָס זילבער פון דער לבנה מיט איהרע שטראַהלען און דאָס גאָלד פון דער זונן אין תמוז... אָבער געלד האָט דער הימעל נישט — ניין! איך וועלל זיבער שרייען אומזיסט!

---

איך האָב אַמאָל געוואָלט זיין אַ פילאַנטראָפּ— אַ בעל טובה פאַר'ן כלל! איך האָב אַ גוט האַרץ בטבע, און אַז איך געה אַרויס זאַטט נאָך אַ סעודת מצוה פאַר אַ פילאַנטראָפּס כבוד וועגען, און אַז איך זעה נאָך פיש, פלייש און קאָמפּאָט און אַביסל קאָניאַק דען אויסגעשטערענטען הימעל, האָב איך ליעב אַ קראָבין צו טהון: רבונו של עולם מאַך מיר אויך פאַר אַ פילאַנטראָפּ... די אָרימע לייט זעננען דאָך דיינע פאָגעלעך, וואָס האָבען קיין פעלד און קיין שאָף און רינד און קיין דאַך איבער'ן קאָפּף... גיב מיר אַזוי פיעל, איך זאָלל זיי קאָנען קרישקאליך וואַרפען... און אַזוי אויך, טהייל מאָל ביי נאַכט, אַז איך האָב מיך פריה געלעגט און חאַפּ מיך אויף פאַר טאָג און האָב קיין ליכט נישט אין שטוב, אָדער דאָס ברעכען אין די פלייצעס לאָזט מיך נישט אויפשטעהען און זעצען זיך צום שרייב־טיש, גלאָץ איך אויס די אויגען אין דער פינסטערניש אַריין, עס הערט מיר ווייך אויפ'ן האַרץ, טרערען פעדריי'ען זיך מיר אין די ברעמען און איך קלער מיט אַ וויי־טאָג: וואָס פאַר אַ טובה קאָנן איך טהון מיין פאָלק? מיט וואָס קאָנן איך העלפען דער כנסת ישראל? אַנדערע קאָננען בויען, אויפשטעללען פיתום ורעמסס אין דער לופט, אויפ'ן אייז, אפילו אויפ'ן עולם הדמיון, און איך קאָנן נור צו־וואַרפען; אַנדערע וו..קק..ן האָביש

אײמער־װײַז נחת.

די מוטער האָט איהן שױן נישט אױף דער שױס, און פֿאָהרט איהם שױן נישט מיט דער האַנד איבער׳ן קאָפּעל; אַזאַ גרױסען יונג גיט שױן די מאַמע אַפֿילו קײן קוש נישט. נור איהר בליק, מיט װעלכען זי נעמט איהן אַרום, איז ליבטיג, שטאָלץ און פֿולל מיט הײסער ליעבע...

—שרעק דיך נישט, מאַכט זי צו איהם, מיר װײסען, ב״ה, װאָס דו ביסט װערט, מען װעט דיך נישט פֿערנאַררען...

— שאָם דיך נישט — גיט זי צו װײַבער, זעהענדיג װי ער שטעהט מיט׳ן פּנים אין פֿענסטער, אײנגעשפּאַרט מיט׳ן שטערען אָן דער שױב — אין קורצען װעללען תּנאים זײן, מיט מזל און ברכה... און דו מוכט אָנגרײטען אַ פּשטל, עס זאָלל קנאַקקען, עס זאָלל אַײנרײסען די װעלט, עס זאָלל די װעלט קלינגען...

— שאָם דיך נישט, קוק נישט אין פֿענסטער אַרײן... קוק אױף דער מאַמען... האָט זי צוגעגעבען, זוכענדיג נאָך זײן בליק.

נור ער קאָנן דען בליק פֿון פֿענסטער נישט אַװעקרײסען.

אױפֿ׳ן הױף, אױפֿ׳ן אַלטען דעמבינע קלאָץ זיצט זײן אַלטע בעקאַנטע, מירל, פֿרײדעל דער אָפּפּעל־יודענעס טאָכטער...

ערשט פֿאַר אַ יאָהר צעהן האָבען זײ צוזאַממען אין בעהאַלטעניש געשפּיעלט...

װי זי איז אױפֿגעװאַקסען, װי זי שטראַהלט...

װי פֿרעהליך און לוסטיג זי איז. בעגאָססען מיט דער ליכט פֿון דער זונן, דאַכט זיך, אַז איהרע גאָלדענע האָהר ברעננען... װאָס פֿאַר אײן אױגען זי האָט... זי װאַרפֿט אַ מאָל אַ בליק אין פֿענסטער אַרײן, נור גלײך זי זעהט איהן נישט. אינ׳ם ריהרען פֿון די ליפּפּען דערקאָנט ער אַז זי זינגט עפּיס. עס װילט זיך איהם דורכברעכען מיט׳ן שטערן די שױב, אַבי צו חאַפּען אַ טאָן פֿון איהר ליעד.

— זעהסט דו — פֿיהרט װײטער די מוטער — בעריל דער שדכן איז הײנט געװעזען... מען האַלט שױן בײַ פֿיער טױזענד...

— דו האָרסט דאָך נישט, װאָס איך רעד מיט דיר — האַקט זי זיך פּלוצלינג איבער, און שלעפּט איהן האַסטיג אַװעק פֿון פֿענסטער...

— האָר, מען גיט פֿיער טױזענד, דער טאַטע װילל שױן נעמען, נור איך האָב מיך אײנגעשפּאַרט נאָך 500 רובל אױף מלבושים—פֿערשטײסט? הײנט־מאָרגען װעט אַװדאי קוממען דער פּריזװער... דער פּרילוצקער רב...

און דער פּרילוצקער רב האָט אױף

---

די אַלטע שפּראַכע פֿון קבר און איך שרײב דאָס רוב דוקא פּראָסט יודיש... װאָס טהוט מען?

דאָ האָב איך קײן דעה נישט... קאָנקורירען מיט ראָטשילדען אין ארץ ישראל אָדער מיט׳ן באַראָן הירש אין אַרגענטינאַ — קאָן איך נישט. נאָכשרײען, רעדען צו דער װאַנד, העלפֿען בלױס קרעכצען — װיל איך נישט... װאָס טהוט מען פֿאָרט? איך װעלל אַמאָל שטאַרבען און עס װעט פֿון מיר קײן גוטער זכר נישט בלײבען... די שמאָלע װעגליך, װאָס איך האָב אױסגעטראָטען מיט פֿערבלוטיגטע פֿיס צװישען די דאָרנער, װעללען פֿערװאָקסען װערען, די פֿעליעטאָנען װעללען אױפֿגעגעססען װערען פֿון מײז, מײן אָרימע מצבה װעט צופֿאַללען, צושטױבט װערען... װער װעט מיך געדענקען?

װען איך זאָלל קאָננען זײן אַ פֿילאַנטראָפּ, װאָלט מען מיך בײַ׳ם לעבען מיט בלומען און װינשקאַרטען בעװאָרפֿען, נאָכ׳ן טױט אַ ריזיגע מצבה געשטעלט און אױף מײן יאָהרצײט װאָלטען אין אַללע קהלות „פֿאַניכידען" געװעזען... און איך האָב מיר נישט אײנמאָל געטראַכט געדולדיג צו װאַרטען ביז אַ שבועות, אַ יום־כפּור, אַ תשעה־באב, אַ הושענא־רבה, אָבפּאַססען װען דער הימעל װעט זיך שפּאַלטען און אַ געשרײ טהון: פֿילאַנטראָפּ!...

לײדער בין איך דאָס יאָהר געװאָרען, אַז דאָס איז קײן געשאָפֿט נישט... קײם װעלל איך װעללען עפּיס שענקען לטובת הכלל, װעללען אונזערע שרײבער אַזױ לאַנג און אַזױ ברײט מיר עצות געבען, װאָס צו טהון לטובת הכלל... אַז זײ װעללען מיך ברענגען אין דולל־הױז אַרײן...

---

איהן אַ גרויסען איינדרוק געמאַכט... ער האָט געהערט, אַז דאָס איז אַ למדן מופלג און איז פֿולל אומעטום, אין גאַנץ ש"ס!

— זעה נור, זאָלסט נישט פֿערשאָמט ווערען! מאַכט ווייטער די מוטטער.

און ער דערמאַנט זיך, אַז ער האָט אַ האַרבע שטעללע אין פּסחים, און דער פּרילוצקער רב קאָנן אַקוראַט אויף איהר טרעפֿפֿען. און ער לויפֿט צו צו דער שאַנק, חאַפּט אַרויס די גמרא, מישט זי אויף און זעצט זיך קלערען. די מוטטער חאַפּט זיך שטיללערהייט אַרויס פֿון שטוב, נור זי קאָנן זיך נישט אין גאַנצען אַוועק רייסען, זי בלייבט שטעהן אונטער דער טהיר און קוקט אַריין דורך דער שפּאַרע.

דער זוהן קוקט אויף דער גמרא און רינצעלט דען שטערן.

— ווי אַ זקן זעהט ער אויס — קלערט זי זיך מיט נחת — ער זאָלל 70 יאָהר אַלט זיין, וואָלט ער נישט געדאַרפֿט אַ בעססער פּנים האָבען!

נור זי זעהט, אַז פֿערטראַכטערהייט ביינגט ער אַוועק דען קאָפּ פֿון דער גמרא, צום פֿענסטער...

און די קנייטשען פֿון שטערען ווערען פֿערשוואונדען, די אויגען ווערען גראָססער, נור טרויריגער... אָט — ריהרט ער מיט די ליפּען...

נור רבונו של עולם! ער זינגט! „שיין ביסט דו הדס לעבען..."

— גאָטט איז מיט דיר! עס וועט נאָך עמיץ דערהערען! פֿאַלט די מוטטער צו'ן איהם צו...

---

קיין רב איז ער נאָך נישט, חתונה געהאַט האָט ער, זיין ווייב איז נישט אַזוי שאָן ווי מירל, פֿריידעל דער אָפּפּעל יודענעס טאָכטער, נור איין אשה כשרה איז זי... האָט פֿאַר'ן דרך ארץ און איז'ן מאַכיל־ומשקה... 4000 רובל האָט מען געגעבען... ביז עס וועט נפֿטר ווערען אַ רב פֿון איין אָרענטליך שטאָדטעל, האָט מען דערוויייל פֿערבאָרגט דאָס געלד אויף פּראָצענט, און ער זיצט און לערנט און איז זעהר אַ שאָנער בעל־הבית. זיין שטאָדט איז אויף דער מזרח־וואַנד, זיין עטרה איז די שאָנסטע אין ביהמ"ד, און ער שטעהט ביי'ם ספר!...

היינט לייענט מען די תוכחה... און צו דער תוכחה וועט מען אופֿרופֿען מירל, פֿריידעל דער אָפּפּעל־יודענעס טאָכטערס מאַנן... אַ משולח איז ער און פֿאַר צוויי מאָל ח"י לאָזט ער זיך אָנשעלטען... ער פֿערגעסט וואו ער שטעהט און דערמאַנט זיך, אַז ער האָט זי נאָכטען פֿרייטאָג, צו־ריקגעהענדיג פֿון באָד, געזעהען אין גאַסס

---

איך האָב שוין אפילו געקלערט אַ געשריי צו־טהון: שלום!...

וואָרען מיינט נישט, חס ושלום, אַז איך בין בטבע אַ מזיק... אַז איך האָב אַ ווילדע הנאה דערפֿון, וואָס איך זעה מיך אַללע מאָל אַרויף אויפֿ'ן לעדערנען פֿערד, שפּאַנן דען הילצערנען פֿאַללענ־בויגען און שיעס אויס אַ פּאָר טוץ פּאַפּירענע פֿויגעל, וואָס דאָס שלעכטע ווינטעל פֿון דער ניט־גוטער צייט טראָגט אַרום אין די לופֿטען... מיינט נישט אַז איך האָב נחת דערפֿון, וואָס איך מוז אַללע מאָל אַרויסשטעללען די באַליע אין מיטטען גאַסס אַריין און וואַשען אונזער ברודיגע וועש בפֿני קהל ועדה... קיין גוטס קומט מיר אודאי דערפֿון נישט אַרויס; ווער עס רייסט אויס דאָרנער — מוז זיך פֿערוואונדען די האַנד, ווער עס האַלט מלחמה מיט

לעבענדיגע ברואים, מוז זיך אַ מאָל לאָזען אַ ביסס טהון... עס איז אפשר אַ כבוד צו וואַהנען אויפֿ'ן פּאַרנאַס, אויפֿ'ן הויכען ליטעראַרישען באַרג, וואָס שפּאַרט אונטער די וואָלקען, אויב נישט דען הימעל אַלליין, און מחזקות מאַכען מיט די מיזען... נור צו זיין דאָרט אַ סטרוז, און האַלטען שטאַנדיג דען בעזעם אין דער האַנד, אָבצוקעהרען די פֿוילע בלאַטטער... אַרום צוגעהען און שאָקלען די יונגע ביימליך, די קיעפֿער זאַללען אַראָבפֿאַללען און נישט אויפֿפֿרעססען די יונגע גרינע בלאַטליך, איז גאַר קיין נחת און גאַר קיין כבוד נישט, און — על אחת כמה וכמה — קיין תענוג נישט!

גלויבט מיר, אַז עס איז אַ ביטטערער חוב, וואָס איך מוז אָבצאָהלען, איין אָבקומעניש אויף דער וועלט; מיין פֿינסטער מזל, פֿון וועלכען איך

מיט א קוישעל אפפעל.

— יודען געשווינד, קויפט שבת-אויבס! האט זי גערופען און איהר קול איז געוועזען אבגעריססען, הייזעריג און דאס פנים פערשווארצט...

— א רחמנות — טראכט ער — וואס פון איהר איז געווארען... און ער דערמאנט זיך, ווי זי האט אויסגעזעהען דעמעלט, זיצענדיג אויפ'ן קלאץ, בעגאססען מיט דער ליכט פון דער זונן...

געוואלטיג רייסען זיך איהם איצט אין הארץ אריין די אלטע זכרונות... און דערווייל איז דורכגעגאנגען דורך דער גאסס א ראטע מיט מוזיק, דעם קורא'ס קול ווערט פערהיללעכט, פערשטיקט; דער מארש רייסט זיך אין ביהמ"ד אריין דורך אללע פענסטער און די קולות טאנצען ארום איבער אללע קאפף...

די ראטע איז ארויס פון גאסס. אינ'ם שטיללען ביהמ"ד הייבט זיך צוריק אויף דעם קורא'ס קול, נור ער איז נאך פערטראכט און, נישט וויססענדיג וואס ער טהוט, פערבייגט ער די ליפפען און וויל געבען א פייף —

נור דער שמש האט'ן א ציה געטהון בי'ם טלית און געפראגט: וועמען אויפרופען חמישי?

---

קיין רב איז נאך אלס נישט נפטר געווארען, און דער הויקער (אזוי רופט מען זיין ווייב אין שטאדט) האט שוין דריי קינדערליך געהאט...

דריי מאל איז זי שוין געלעגען אין קינפעט און ער האט געמוסט איהר ארט פערטרעטטען און פערלייהען אויף משכנות. צונד איז זי גלאט נישט אזוי אין גאנצען, און אין שטוב איז דא א סך צו טהון, מוז ער אפטערס זיך פערנעממען מיט'ן עסק... לערנען, לערנט ער ביי נאכט. עס ווייזט זיך אויס, אז א יודענע איז פארט נישט קיין מאנספערשוין... אמאל איז זי זיך גאר טועה. ער רעכענט א סך בעססער!

דאס געבורויך ווערט גראססער און — וואו תורה דא איז חכמה — עס ווייזט זיך אויס, אז ער איז א גרויסער בריה אין דעם אויך... ער האט אלץ אויפ'ן קאפף... צו דער מינוט, צו דער קאפיקע!

איינמאל איז צונ'ם אריין געפאללען א יודענע מיט א געוויין: — בארגט מיר צו נאך א האלבען רובל, דאס משכון קאסט מיך 12 רובל, גענוממען האב איך אין גאנצען 4... דאס קינד איז מיר חרוב...

ער דערקאנט זי באלד אינ'ם קול, דאס איז זי... עפיס ווערט איהם קאלט און ווארים ארום הארץ, די האנד שטרעקט זיך אליין אוים צום ביטעל מיט געלד, וואס

---

קאנן מיך נישט אבבייסען ווי א גנב פון דער תליה...

נור פאר שלום האב איך מורא! פאר שטילקייט ציטטער איך אימת מות!

שלום איז צווישען גנבים, ווען זיי גרייטען זיך אן צו דער פינגער-מלאכה... זיי מאכען שלום מיט דער פינסטערער נאכט און ציגדען קיין שטרייכהעלץ נישט אן... שלום מאכען זיי מיט יעדען וואלקען וואס ציהט זיך איבער דער לבנה... שלום מאכען זיי אפילו מיט'ן ברוטאן אויפ'ן הויף און ווארפען איהם א שטיק „לא יחרץ" פלייש, צו פערשטאפפען דאס מויל...

נור פריזו און וויל שטיללערהייט און בשלום צו פעריאגען די אונגעבעטענע גאסט? דו מוסט ליבט מאכען, הויז-לייט וועקקען, קולות מאכען...

שלום און שטילל איז אויפ'ן קברות... אהן געוויש פרעססען זיך די ווארם אריין אין די מתים'ס לייבער, שטילל האלזט ארום דער מאך די אלטע מצבה און ציהט זי אין דער ערד אריין... שטילל רוישט דאס ארימע בוימעל, וואס ציהט אריין אין זיך דען קברים-זאפט... נור פריזו גנב תחית המתים!... מוסט דו פריהר בלאזען אויפ'ן שופר של משיח!

שטילל איז נאכט און טויט...

שלום איז טהייל מאל א שטארקער יצר הרע... דאס איז א ווארימע שטוב, א ווייכער פאטעל, ווי גארנע פאנטאפעל און א זיידענע שלאפמיץ... נור דאס אללעס צו בעקוממען טאר מען נישט געהן מיטן גלייכען וועג... און עס דאכט זיך — גאר נישט... צו בין איך דען מחויב צו זאגען דען אמת? דערנאך: וואס שאדט א שקר'ל מפני דרכי השלום? און אויב א גראססערס, נור אזא געלאססענס,

שטעהט פֿאַר'ן אויפֿ'ן טיש.

נור ער האָט זיך באַלד דערמאַנט וואו ער איז... ער האָט אַ ווייב מיט קינדער און זי איז דאָך אַיין אשת־איש, ער האט מיט כח בערוהיגט דאָס ציטטערדיגע האַרץ, מיט כח זיך אויסגעגלייכט און אָבגעשטעלט אַ געוועהנליך רוהיג און שטרענג פנים —

— איך קאָן נישט! אָנפּערט ער איהר — איך האָב מיר מיין טאַקסע...

— נישט איהר — וויינט פֿאַר איהם מרים — אייער ווייב האָט מיר געגעבען...

— אַלץ איינס — האַקט ער איהר איבער מיט אַ האַרט־טרוקען קול — מיין ווייב ווייסט אַודאי וואָס זי טהוט! מעהר קאָן מען נישט געבען —

זי בלייבט שטעהן מיט דערשראָקענע אויגען און אַיין אָפּפּען מויל. דאָס איז איהר לעצטע האָפֿנונג געוועזען; אין דער היים ליעגט דאָס קינד אין אַ שרעקליכער היץ, דער מאַנן איז אין דאָרף. זי הייבט אָן שטאַמלען איהר געבעט:

— מיין קינד... מיין מאַנן...

— מיין ליעבע יודענע — אָנפּערט ער איהר — וואָס געהט מיך אָן אייער מאַנן, אייער קינד?... און ער פֿערשליעסט האַסטיג די שופֿלאַדע, און געהט אַרויס אין דער צווייטער שטוב אַריין..

— גאָטט וועט אייך שטראָפֿען דערפֿאַר! שרייט איהם נאָך די פֿערצווייפֿעלטע יודענע און לויפֿט אַרויס פֿון שטוב.

---

ערשט צום זעכציגסטען יאָהר האָט זיך איהם געמאַכט אַ גרויס רבנות, נור דעמאָלט איז ער שוין קראַנק געוועזען... און איז שוין פֿון דער קראַנק נישט אויפֿגעשטאַנען.

נור אַ וואונדער! נאָך דער ווידוי, אַ רגע פֿאַר'ן טויט, האָט ער אָנגעהויבען פֿייפֿען, אַז מען האָט געהערט אין גאַס.

נ. גייזאַן.

# אַ רפֿואה צו דיפּטעריט.

אין דער צייט פֿון פאַרע און עלעקטריציטאָט איז זיך שווער פֿאָרצושטעללען, אַז פֿאָלקער זאָללען זיך קאָננען אָבטהיילען צוריק ווי אַ מאָל, אין די אַלטע פֿרומע יאָהרען, און פֿיהרען אייביגע מלחמות.

אומזיסט בעמיהען זיך די שאָוויניסטען אויפֿצובלאָזען דען האַסס צווישען פֿאָלקער. מיט יעדער מינוט וואַקסט די איבערצייגונג, אַז אַללע מענשען, אויב זיי וויללען באמת

---

אַ חנו'דיגע? מענשען האָבען עס אַזוי ליעב, די אָרימע אונגליקליכע מענשען... און אַזוי פֿאַלט מען אַלץ נידריגער און נידריגער, ביז מען דריקט די פֿערבלוטיגסטע האַנד, מען קושט דאָס גראָסטע לאָסטער־מויל און מען מאַכט שותפות מיט'ן ערגסטען באַנדיט... אָ, ניין! שלום איז אַ שרעקליכע זאַך... שלום איז דער שקר אַלליין.

ניין, איך וויל אויף שלום נישט בעטען!

---

איך האָב אַמאָל אַ געליעבטע געהאַט.

איך האָב זי ליעב געהאַט, כאָטש זי איז אָרים און אָרם־נאַקיט געוועזען... איך האָב זי ליעב געהאַט, ווייל איך בין, ווי איך האָב נישט איין מאָל שוין געזאָגט, אַ פֿערפֿאַללענער ראָמאַנטיקער און אַ אידעאַליסט אין דער „רעאַליסטישער צייט"! און זי האָט מיר אויסגעזעהען אַזוי שאָן, אַזוי אידעאַלנע שאָן, אַזוי ערהאַבען, אַזוי ערעלמיטהיג, אַזוי גוט... אַ געוויססע צייט איז זי מיין מוזע געוועזען, און דעמאָלט האָבען זיך פֿון מיין האַרפֿעס סטרונעס אָבגעריססען סאַמע ווייכע, סאַמע זיסע, סאַמע ערהאַבענע טאָנער — ווייל איך האָב פֿון פֿוללען, ווייכען האַרץ איהר ליעב געזונגען! איך האָב דעמאָלט גוטע נאָכט און זיסע חלומות געהאַט, ווייל זי איז מיר נאַכט אויף נאַכט ביי'ם בעט געשטאַנען, צאַרטליך מיר די האָאר געשטרייכעלט, מיט די כאַמעטענע וואַרימע האַנדליך דאָס פנים געגלעט... איך האָב אין שלאָף איהר ראָזיגען אָטהעם געפֿיהלט, און בין גאַנץ אָפֿט אויפֿגעשטאַנען מיט ברעננענדיגע ליפּפּען פֿון איהר'ס אַ האָניג־קוש.

ענטוויקלען זיך און אויסבילדען, מוזען ארבייטען צוזאמנען. די ערשטע, וואס ווילל נישט וויססען פון גרענניצען און צאלל איז די וויססענשאפט, און די קאנגרעססען פון געלעהרטע פון פערשידענע לאנדער מעהרען זיך פון יאהר צו יאהר.

ערשט פאר א פאר חדשים איז געוועזען אין רוים א קאנגרעס פון דאקטוירים; פאר צוויי וואכען ווידער האט זיך פערזאממעלט אין בודאפעסט, אין הויפטשטאדט פון אונגארן, א קאנגרעס פון היגיעניסטען, און מיר ווילען זיך טהיילען מיט אונזערע לעזער מיט א גוטע בשורה פון דעם לעצטען קאנגרעס. עס געהט וועגען א רפואה אויף דיפטעריטוס.

יעדער ווייסט, וואס פאר א שרעקליכע קראנקהייט עס איז דער דיפטעריט, ווי פיעל טויזענדער קינדער ער נעמט ביי אונז צו. דען דיפטעריטוס האבען מיר — גלייך ווי חאלערא, שווינדזוכט, טיפוס און פאקקען — צו פערדאנקען די מיקראבען, די קליינע ברואים, וואס מיר זעהען נישט מיט די בלויסע אויגען נור דורך א מיקראסקאפ — א שפאקטיוו, וואס פערגראססערט טויזענדער מאל. ביי דיפטעריטוס מאכען זיך ביים קינד אין האלז, אין דער קעהל, ווייסע בלאטערליך, וואס זענען די נאסט, וואו די געפאהרליכע דיפטעריט-מיקראבען האלטען זיך, זענען זיך שראקליך פרה ורבה, און לאזען פון זיך זייער טאקסינא — דען סם, וואס פערגיפט דאס בלוט.

מיט די אייגענע מיקראבען טאקי וויל מען צונד היילען די קראנק.

אין פלוג זעהט עס ווילד אוס, צו היילען א קראנק מיט דער קראנק אליין, און דאך איז עס זעהר ריכטיג.

א טהייל פון די קראנקהייטען, אויף וועלכע מענשען ליידען, האלטען זיך אויך ביי פערשידענע טהירע, אנדערע האבען אויף זיי גאר קיין שליטה נישט, אדער — זיי געהען גאנץ לייכט איבער און זענען ביי זיי גאר נישט געפאהרליך. ציעגען, למשל, ליידען נישט אויף שווינדזוכט. חאלערא האט אויף קיין טהיער קיין שליטה נישט, קיה ליידען אויף פאקקען, נור דער איבערגאנג איז ביי זיי שוואך און קיינמאל נישט געפאהרליך.

צוריק מיט הונדערט יאהר האט איין ענגלישער דאקטאר דשענער בעמערקט, אז מענשען, וואס האבען זיך צופאלליג אנגעשטעקט (זאראזשעט) מיט פאקען פון קיה, האלטען איבער די זאראזע זייער לייכט און ווערען שוין קיינמאל נישט קראנק אויף פאקקען, אפילו בשעת מגפה. און דעמעלט זענען פאקקען געוועזען איין אונגעהייער געפאהרליכע, עפידעמישע קראנק, וואס

---

מיז דער צייט האט זיך מיין געליבטע פערדארבען: זי איז א צנועה געווארען און אויסגעזוינט זיך די הימעל-בלאהע אויגען ביי די נארישע תחינות; זי איז א גבאי'תע געווארען, אנגעהויבען רבני'שען טאבאק צו שמעקקען און דער אמאליגע רויזענבעכער זעהט היינט אויס ווי א דאפעלטער, איבערגעקעהרטער קוימען... זי איז א טוקערן געווארען און אויפ'ן ארט פון מאנדלען פיהלט מען מיילען ווייט פון איהר שמעל און מקוה-וואסער... און זי חבר'ת זיך היינט מיט רבנים, מלמדים און ישיבה-בחורים און געהט ארום מיט א צדקה-פושקע אין די הייזער... אויף הכנסת כלה.—

איך וואלט איהר דאס אלץ מוחל געוועזען, עס זאלל זיין צמת... עס איז אבער אין גאנצען פאלש... זי חאפט זיך טהייל-מאל ארויס פון דער חברה און קאנקאניערט אין מיט'ן גאסס ביי'ן א שארמאנקע אדער ברעכט זיך אויס די גליעדער אין די הויף צווישען אבגעריססענע שווארצע-קינסטלער... אויך אויף הכנסת כלה.

מיט דער צייט איז זי פאראזמרוינגט, פערנאבלאססיגט און פערוואהרלאססיגט געווארען...

איך וויל איהר נאמען בסוד נישט האלטען... „חבת-ציון" הייסט די דאמע...

און אז איך זעה זי, שטארבט אין מיר דאס הארץ פאר רחמנות און עס גיעסט זיך איבער די גאלל פאר כעס... און העלפען קאן איך נישט...

איך האב קיין האפפנונג נישט אפילו אויפ'ן שפאלט אין הימעל! מיין הייסע בקשה: דער רבונו של עולם זאלל זי אויסריינינגען, צוריק פריש, געזונד און יונג מאכען, אויסרייסען זי פון דער

האָט וויִסט געמאַכט גאַנצע שטאָדט.

דעם דאָקטאָר דשעננער איז אײַנגעפאַללען צו פּריִוועז קונציג צו זאַראַזשען מענשען מיט קוה־פּאָקקען, כּדי זיי זאָללען שוין אַססעקוריִרט זיין געגען די געפאָהרליכע מענשליכע פּאָקקען. צו דעם צוועק האָט ער גענוממען און איינגעאימפּפט — דאָס הייסט אַריינגעפיִהרט אַ געוויססע צאָהל מענשען אונטער דער הויט, אַביסל מאַטעריע פון די פּאָקקען־קרעצליך ביי קיה, און האָט זיך איבערגעצייגט, אַז זיי קריגען טאַקי פּאָקקען, נור לייכטע און ווערען באַלד און זיכער געזונד און געשיצט שוין פאַר דער מגפה!

דעמעלט האָט מען נאָך פון מיקראָבען ניִשט געוואוסט, דאָך האָט מען זיך ריכטיג פערטייטשט, אַז אונזער קאָרפּער קאָן זיך צוגעוואָהנען צו דער קראַנק און ווערען אָטפּאָרנע — ווידערשטאַנדספאָהיג געגען איהר, אויב זי — די קראַנק — בעפאַלט זיי ניִשט מיט אַ מאָל מיט אַ שטאַרקען כּח

דער פּראָיעקט פון דאָקטאָר דשעננער איז זעלטען וואהל געראָטהען און עד היום, אין אַללע געבילדעטע לאַנדער, זעננען די אֶלטערן מחויב צו שטעללען די קינדער קוה־פּאָקקען, צו אַססעקוריִרען זיי געגען אֶמת'ע פּאָקקען

היינט וויסען מיר שוין, אַז ביי פּאָקקען האָבען מיר צוטהון מיט מיקראָבען, וואָס זעננען ביי קיה וויִניגער גיפטיג אַליין ביי מענשען, און אַז מען שפּריצט זיי ביי אונז אַריין אינם בלוט, געוויינען מיר זיך צו זיי, און קריגען דאַדורך דען כּח אויסצושטעהן די גיפטיגערע פּאָקקען, פּונקט אַזוי ווי מיר געוויינען זיך צו דעם סם פון רייכער'ן און בראָנפען טרינקען.

צו קאָנן מען ניִשט דאָס אייגענע פּריפען ביי אַנדערע מיקראָבען?

דער בעריהמטער דאָקטאָר פּאַסטעער אין פּאַריז, האָט אַנגעווענדעט די אייגענע מעטאָדע צו וואַססערשייַ (ווּשציעקליזנאַ, וואָדראָבאָיאַזן), און היילט אויס אַ גרויסען פּראָצענט קראַנקע.

אויף דעם אייגענעם אופן האָט דער בערלינער דאָקטאָר קאָך געוואָלט היילען טיפוּס, סיפיליס און שווינדזוכט, נור עס איז נאָך עד היום ניִשט געראָטען, חאָטש די וועלט האָט שוין געקלונגען מיט אַ בשורה טובה, אַז עס איז שוין אויס לונגענפעהלער.

מיט דער אייגענעם מעטאָדע, לויט ווי ער האָט עס פאָרגעשטעלט דעם קאָנגרעסס, היילט דער דאָקטאָר רו, פּאַסטעערס אַ תלמיד, דען דיפטעריט.

ער נעמט דיפטעריט־מיקראָבען (אַ

---

## גוט־יום־טוב ביטען.

### א) ביי'ם בעל־הבית

ביי טודרוס דעם מאָבעלהאָנדלער איז פול געוועזען דאָס שטוב מיט גאָסט, ווען עס זענען אַריינגעקוממען צו איהם גוט־יום־טוב ביטטען זיינע אַרבייטער: ליזער דער הויכער, אברהם'ל דער געלער און יענקל דער דאַרער.

די אַרבייטער האָבען זיך אַ ביסל פערלאָרען, געפינענדיג אַזוי פיעל גאָסט... דאָך שמייכלען זיי, און ליזער דער הויכער דערוועגט זיך אויברופען מיט אַ ברייטקייט, חאָטש ניִשט אַזוי הויך: גוט יום־טוב!!

— אַ, סקאָציל קומט! אַנטפערט די בעל־הבית

שוואַרצער חברה'ס האַנד און איהר צוריק געבען דען עהרליכען, פרייען, געזונדען כשוף — די בקשה קאָנן ניִשט איינגעפאַסט ווערען אין איין וואָרט און דער הימעל שפּאַלט זיך גאָר אויף איין סעקונדע...

איך האָב נאָך אַנדערע אפשר בעססערע און וויכטיגערע בקשות און זיי וואָלטען זיך דוקא געלאָזט איינפאַססען אין איין וואָרט, אין איין איינציג וואָרט שאַרף ווי דער בליץ, שטאַרק ווי דער דונער... נור צום הימעל איז ווייט, מען מוס שרייען הויך און — שטיעוועל האָבען אוירען, אָקסען לאַנגע צונגען און איך — איך האָב שטאַרק, שטאַרק מורא...

[illegible]

ביסל מאטעריע פון די בלאטליך אין א קראנקענס קעהל) אונ לאזט זי אריין אין בוליאן (א זאפט פון פליש). אין דעם זאפט מעהרען זיי זיך געשווינד אונ לאזען פון זיך ארויס די טאקסינא, דען סם, וואס איז אזוי שאדליך פאר אונזערע קינדער. די טאקסינא איז אזוי שטארק, אז עס איז גענוג אריין צו שפריצען איין טראפפען א ים-חזיר'ל אונטער דער הויט, עס זאלל פאללען אין עטליכע שטונדען; דאך קאנן מען זיך צום סם צוגעוואהנען. דער דאקטאר רו האט עס פראביערט ביי פערד: ער האט זיי אריינגעשפריצט אונטער דער הויט אללע מאל גראססערע דאזען (חלקים) פון דעם סם, אונ געברענגט זיי דערצו, אז עס האט זיי אויפגעהערט צו שאטטען. אזא פערד איז שוין אויף אייביג אסעקוריערט פאר דיפטעריטום, אונ אז מען שפריצט אריין א מענש אביסל סוראווניצע *) פון אזא פערד'ט בלוט, קאנן עס איהן ראטיוועז פון דער שרעקליכער קראנק, וויל עס ברענגט אין אונזער בלוט אריין א קליין ביסל גיפט צו וועלכען אונזער בלוט געוואהנט זיך זעהר לייכט אונ ווערט אזויערנאך פעהיג גובר צו זיין די שטארקערע מיקראבען מיט זייער שטארקערען סם.

אזא סוראווניצע שפריצט דער דאקטאר רו אריין דעם קראנקען קינד אין קעהל אריין, אונ, אויב די קראנק איז נאך אין דער התחלה אונ נישט שטארק ענטוויקעלט, ראטיוועט ער עס פון זיכערן טויט...

דער בעסטער עדות זענען ציפער:

פון 446 קראנקע קינדער, וואס דער דאקטאר רו האט געהיילט לויט זיין מעטאדע, זענען געזונד געווארען 339, דאס הייסט 76 %, בשעת ווען פון 520 קינדער, וואס מען האט געהיילט לויט דער אלטער מעטאדע זענען געזונד געווארען קוים 240, ד. ה. אין גאנצען 40 %.

איהר זעהט, אז מיט דער נייער מעטאדע וועט מען מיליאנען קינדער ראטיוועז פון טויט!

זיגמונד סטענצל,

סטוד. מעדיצ.

*) דאס וואסעריגע טהייל, וואס בלייבט ווען דאס בלוט ווערט געראנגען.

---

טע, וואס האט אויפגעהויבען דען קאפף, אונ א קוק געטהון, ווער עס איז געקוממען.

— א, ס'קאצין קומט! חזר'ט איבער דעם בעל-הבית קליינער זוהן מיט א דינן קול'כל אונ גיט א קלאפ לייזער דעם הויכען אין רוקען.

לייזער שמייכעלט.

כען ווייזט זיי אן אויף שטוהלען ביי'ם עק טיש, אונ זיי זעצען זיך מיט דרך-ארץ, פערקאסעענדיג די פאלעס פון די ראק. זיי ווייסען נישט וואס צו טהון מיט זיך אונ קוקען ארום אויף די וואנד, בעטראכטען די בילדער, טאפען די שטוהלען אונטער זיך.

— וואס זיטצט איהר אזוי? — זאגט זיי ענדליך דער בעל-הבית, איבערררייסענדיג זיין געשפרעך מיט די אויבענאנעדיגע גאסט — גיסט זיך אן אונ מאכט לחיים.

לייזער דער הויכער העבט זיך אויף פון זיין ארט, וויל דערלאנגען צו דער פלאש מיט בראנפען, וואס שטעהט פאר איהם. ער ציהט זיך כמעט אוים אויפן טיש.

— אי, ביי איהם זענען צוריסען די...! — שרייט אוים דער קליינער זוהן אונ פאטשט מיט די האנד — דא הינטען צוריסען...

לייזער ווערט רויט; אברהם'ל אונ יענקל פערשאמען זיך אויך. דאס יונגעל שפארט זיך נאך איין, אונ וויל דוקא לייזער'ן אויפהעבען אונ ווייזען דעם ריס. די מאמע שרייט אויף איהן אן, אונ ער געהט מיט א גלאכטער אב.

לייזער האט דערווייל אנגעגאססען זיך מיט די חברים.

— לחיים! מאכט ער צום בעל הבית, לחיים...

— לחיים! האלטען איהם אונטער אברהם'ל מיט יענקלען.

לייזער שמייכעלט — ער וויל נאך עפיס זאגען.

— לחיים, לחיים! אנטפערט זיי דער בעל-הבית, איבערררייסענדיג זיין געשפרעך מיט א יודען אין א צילינדער, אונ קעהרט זיך אום צום צילינדער צוריק.

לײזער מאַכט מיט די ליפּפּען; אברהם׳ל אונ יענקל קוקען אויף איהן.

— לחיים! זאָגט לײזער ענדליך אַרױס, װענדענדיג זיך צו דער בעל־הבית׳טע.

— לחיים! חזר׳ן איבער די חברים.

— לחיים טובים ולשלום! ענטפערט זי זײ אונ קעהרט צוריק אָב דען קאפּף צו דער יודענע, מיט װעלכער זי האָט גערעדט.

— הלואי אויף אײער רבקה׳ס חתונה! װינשט לײזער מיט אַ חנפריגען שמײכעל. די חברים העלפען איהם שמײכלען.

די בעל־הבית׳טע שמײכעלט אָב צוריק האָפליך, אַנײג טהוענדיג מיט׳ן קאָפּף.

זײ טרינקען אויס די כוסות אונ פערבײסען. עססענדיג, האָרען זײ זיך צו צום בעל־הבית געשפּראָך; ער רעדט פון זײנע געשעפטען.

— איך האָב, דאַנק גאָטט, נישט װאָס צו זינדיגען —רעדט ר׳ טודרוס מיט אַ פראָהליכען טאָן— אַ נאָמען, דאַנק גאָטט, װײסט איהר דאָך אַלײן... מענשען, דאַנק גאָטט, לעבען פון מיר... — ער װײזט אָן מיט דער האַנד אויף דעם עק טיש, װאו עס זיטצען די אַרבײטער — אונ אַלץ איז, לויב גאָטט — זאָגט ער, װערענדיג נאָך פראָהליכער אונ צופּאַטשענדיג מיט דער האַנד אויפ׳ן טיש — אונ לאָמיר טאַקי נעהמען לחיים.

ער הערבט אָן אָנגיססען די באָכער.

— װײסט גאָר װאָס, יענקל? — װענדט ער זיך צום דאַרען — זינג אונז גאָר דײן „מכלכל חיים”.

— אַי, האָט ער אַ „מכלכל חיים” — זאָגט ער צו די אַרומיגע גאָסט. זײ שטעללען אָן די אויגען אויף יענקלען.

אויף יענקלס געזיכט טרעטען אַרױס רויטע פלעקען.

— נו הער אָן! קאָמאַנדירט דער בעל־הבית.

— הײנט קאָנן איך עפּיס נישט זינגען — ענטפערט יענקל — עפּיס הוסט איך אונ אין האַרץ טוט מיר װעה.

— נו, נו, לאָז זיך נישט בעטען — דערװידערט איהם ר׳ טודרוס — אַ גײם בײ דיר הוסטען. נעם אַ ביסל בראָנפען אונ זינג... לאָז זיך נישט בעטען... גיב איהם אָן, לײזער!

לײזער גיסט אָן, אונ אַללע קוקען אויף יענקלען. יעקל דערװידערט נישט מעהר. ער מאַכט לחיים, זופּט אָב אַ ביסל אונ קוקט זיך איבער מיט לײזער׳ן אונ אברהם׳לען.

— איהר־ט־אָך אונטערהעלפען? זאָגט ער זײ שטיל, האַלב בעטענדיג, האַלב הײסענדיג. ער הערבט אָן מאַכען „די שטעל”, קוקענדיג אונטערן טיש. די חברים העלפען אונטער: פּאָם, פּאָם, פּאָם... ער בעל־הבית קװעלט.

— איהר װעט האָרען... אַ טהײער שטיק, זאָגט ער צו די גאָסט אונ הערבט אָן אונטערציהען דען נגון.

נור פּלוצלינג צוהוסט זיך יענקל שטאַרק. ער קאָנן קוים דען אָטהעם חאַפּען, ער האַלט זיך פאַר׳ן האַרץ; אַ שװײס בעדעקט זײן שטערן... די חברים קוקען אויף איהן פערזאָרגט ברוממענדיג זײער „פּאָם, פּאָם”... די גאָסט קעהרען אָב די פּנימער מיט עקעל.

— אַ, אַ פּלאַגע! — מאַכט דער בעל־הבית פערדראָססיג, — איטצטער איז שוין פערפאַללען — ער װעט זיך שוין נישט אָבהוסטען... דאָס שטיק איז אָבער אַ מין הפלא, זאָג איך אײך...

יענקל קאָנן זיך טאַקי נישט אָבהוסטען אונ שטעהט אויף פון אָרט אַװעקגעהן אַהײם, די חברים הערבען זיך אויך אויף.

— אַי, ביזט דו אַ מענש! זאָגט דער בעל־הבית צו יענקלען — מען בעט דיך עפּיס אויסזינגען, פערהוסט דו זיך!..

די בעל־הבית׳טע בעמערקט דערװײלע אויף אברהם׳לען אַ נײען ראָק.

— זעה, דאָס איז בײ דיר אַ נײם? — מאַכט זי צו איהם הנו׳דיג, — טראָג געזונדערהײט! װיפיעל האָסט׳ע בעצאָהלט?

— ער קאָסט מיך אַ רובעל אַכט — ענטפערט אברהם׳ל, רויט װערענדיג — בײ אשר׳ן גענומען אויף אויסצאָהלען...

— אַ שאָנער ראָק! זעהסט, טודרוס, — װענדט זי זיך צום מאַנן, — זעהסט סאַר׳ אַ ראָק אויף אברהם׳לען? כמעט אַ שאָנערער פאַר דײנעם...

— מילא! ענטפערט ר׳ טודרוס מיט אַ זיססען שמײכעל אונ הערבט זיך אָן בעריהמען פאַר זײנע גאָסט, אַז ער האָט ליעב, מענשען זאָללען בײ איהם פערדינען.

די אַרבײטער װינשען אַללעמען אַ גוט יום־טוב אונ געהען אַװעק.

— װײז, װײז דען ריסס! שרײט דאָס יונגעל, נאָכלויפענדיג לײזערן אונ הערבענדיג בײ איהם די פּאָלעס פון ראָק...

— האָרט! שרײט דער בעל־הבית זײ נאָך, — מאָרגען זעהט למען השם, װאָס פריהער קוממען צו דער אַרבײט...

---

## ב) בײם „מענש”.

בײ שלום, משה קאַרלינס משרת, האָבען זיך שוין אַ סך גאָסט צונױפגעקליבען, אָבער עס איז נאָך אַלץ נישט שמחת־תורה׳דיג, אַפילו הירשעל דער פּויקער, װאָס פון איהם קאָנן מען בלײבען אָהן אַ בויך לאַכענדיג, זיטצט אויך כמעט גאָר װי אַ סטאַטיק. ער װאַרפט אַפילו אַ מאָל אַרױס אַ שטוקע—

ער קרייהעט ווי א האן אדער הירזשעט ווי א פערד, דערביי שפארט ער עפּיס אריין אין מויל — און דער עולם צולאכט זיך, נור באלד בלייבט מען ווייטער רוהיג זיצען און מען הענט אן צו קוקען אויף דער גאסס-טהיר.

שלום און דוואָשע זיין ווייב זענען עפּיס אויך נישט גוט אויפגעלעגט, רעדען געהאַפּט, קוקען אויס די אויגען אויף דער גאסס-טהיר, און דוואָשע איילט זיך נישט צו דערלאנגען דען גאנצען כבוד צום טיש.

דאס וואַרט מען אויף שלום'ס בעל-הבית, אויף ר' משה קארלין.

— פאר איהם דארף מען קיין פאראד נישט מאכען, זאגט שלום צו זיינע גאסט אין איין זייט צימער, ער וועט נאך זאגען, אז איך עסס זיין פלייש און טרינק זיין בלוט...

— ער געהט דען גוט-יום-טוב ביטען! רעדט דוואָשע באז צווישען איהרע ווייבער אין דער אנדערער זייט צימער, — ער געהט דאך מעהר נישט רעווידירען... ער געהט דאך נור זעהען, צו האט מען איהן נישט בעגנב'ט...

זי לאזט אויס מיט א קללה.

אויפ'ן געדעקטען טיש שטעהט מעהר נישט ווי איין פלאש בראנפען, אטליכע קיכלעך, הערינג און אוגערקעס. פאר די ווייבער האט מען גאר קיין טיש נישט געשטעלט. זיי זיצען אויף די בעטען ביי דער אנדערער וואנד, געגען טיש, און דוואָשע טראגט זיי צו בראנפען מיט קיכלעך.

— שרעקט אייך נישט — טרייסטען שלום מיט דוואָשען זייערע גאסט, — אזא גוט יאהר זאללען מיר האבען און אללע אונזערע גוטע פריינד, ס'אר א כבוד עס שטעהט אין אייזען! זאלל נור דער בעל הבאנדזיע אוועקגעהן...

און דוואָשע צורעדט זיך אויך פאר איהרע ווייבער וועגען איהר כבוד: חרעמזלעך, אנגעפיללטע קישקעס, א געפיללטע גאנז, געפיללטע אפפעל...

— אלץ, דאנק גאָטט, ווי ביי א בעל-הביתטע — ענדיגט זי איהר בעשרייבונג, — און איך דארף גאר מורא האבען פאר דעם המן!...

ענדליך אפפענט זיך די טהיר אין פאָרדער-צימער און עס קומט דער בעל-הבית: א קורצער דיקער ייד אין מיטטעלע יאהרען. אללע גאסט שטעהען אויף פון די ערטער. שלום לויפט צו אראבנעמען פון איהם דען מאנטעל; דוואָשע קריכט זיך.

— איין ענגע לופט — זאגט דער בעל-הבית, קריממענדיג די נאז, — פאר וואס מאכט מען נישט אויף א פענסטער? פע! בלאזט ער אב פון זיך.

שלום ווינקט צו איינעם, ער זאלל אויפמאכען א פענסטער.

ר' משה געהט אריין אין צווייטען צימער, קוקט זיך ארום, גיט א נייג א ביסל מיט'ן קאפף און געהט זיך זעצען צום אויבען אן. די ווייבער שטעהען ארויס אין פאָרדער-צימער, וואס איז אי א קיך.

— דו וואהנסט דאך גאנץ פיין, — זאגט דער בעל-הבית צו שלום'ען, וואס שטעהט נעבען איהם — גאנץ היבש! וואס זינדיגסט דו?

— ווער זינדיגט? איך זינדיג גאר נישט! — ענטפערט שלום, — בעססער, מעהר נישט, וואלט נישט אויסמאכען.

— בע-ס-ס-ער! ציהט ר' משה איראָניש, — אט דאס איז שוין נישט גוט! דערמיט אלליין זינדיגסט דו...

דוואָשע ווארפט אויף איהן א באזען בליק, קרימט זיך מיט די ליפפען און געהט ארויס אין קיך צו די ווייבער, אבצוקיהלען דארטען דאס הארץ מיט א קללה.

שלום גיסט דערווייל אן א קעלעשיק פאר דעם בעל-הבית.

— מאכט ברכה — זאגט ער — אט דאס איז מיין כבוד: אויף בעססערס האט קיין פעראיבעל נישט.

— וואס איז? גאנץ גוט, גאנץ גוט! ענטפערט דער בעל-הבית, אבטריקענדיג א ביסל בראנפען און אבבערעכענדיג א שטיקעל קיכעל.

דוואָשע קרימט זיך.

— גיב דאס דיינע גאסט! בורציעט זי און שלעפט איהרע ווייבער צו'ם אויוועז, וואו עס שטעהט איהר „כל-טוב".

שלום וויל זיך דערווייל אונטערהנפהנען דען בעל-הבית.

— איך האב נאכטען געזעהען דען פריץ באסעוויטש, העבט ער אן צו דערצאהלען מיט א חנפה'דיגען שמייכעל. דער בעל-הבית קנייטשט אן דען שטערן און שטעלט אן דאס אויער.

— ער ווערט שוין ווייכער — דערצאהלט שלום ווייטער, — ער וועט שוין באלד נעמען אונזער מקח... איך האב איהם אונטערגעלאָזען א שפילקע...

שלום העבט אן דערצאהלען מיט היטץ, וואס פאר א שפילקע ער האט אונטערגעלאזט דעם פריץ. דוואָשע שטעהט אין קיך און זידט.

— ער דארף איהן דא נאטהיג האבען, שיפעט זי, ער האט זיך פעררעדט מיט איהם!..

די גאסט זיטצען און געניצען אדער לויפען אין קיך צו די ווייבער „אבפיהרען דאס הארץ".

— ער האט זיך אוועקגעזעצט, דער טרעמבויך! מאכט איינער מיט פעררדראס.

— לאז איהן זיך אויסרוהען! זאגט א צווייטער, — ער טראגט נעביך אויף זיך אזא משא כבדה...

— ווי געפאלט אייך מיין קעססעלפויק? לויפט אריין הירשעל מיט א קאמישע מינע.

— נא, געה, קלאפ אונז עפּיס אויס! לאכט

אײנער געבענדיג הירשלען א פאָר װילקעס.

מען צולאַכט זיך אונ מען קוקט אַריין אין צװײטען צימער אױפ'ן „קעססעלפויק״.

שלום ענדיגט, אונ דער בעל־הבית שמייכעלט גנאַדיג.

— מאַלאַדיעץ! רעדט ער אַרױס.

— װאָס זיטצט מען עפּיס בײ דיר װי תשעה־באב? לעגט ער צו מיט זײן גנאַדיגען שמייכעל, — זאָל מען זאָגען עפּיס אַ נגון.

— ע־טשע־טשע! קרימט זיך דװאָשע, עס װילט זיך איהם! זאָגען איהם נאָך אַ נגון!

שלום בעט זיך איין בײ אַ פּאָר גאָסט „זאָגען״ אַ נגון, יענע העבען אָן; פון קיך װינקט מען זײ, זײ זאָללען אױפהערען. נור דער בעל־הבית האָרט סאַי־װי־סאַי נישט אױס ביז'ן סוף; ער שטעהט אױף, שלום דערלאַנגט איהם דען מאַנטעל, אונ, זאָגענדיג אַללעמען „אַ גוטען יום־טוב״, געהט ער אַװעק.

אַללע אָטהמען פרייער אָב.

— געראַרפט זיך מיט איהם פערערדען? פּאַלט אָן דװאָשע אױף שלום'ען.

— נו? פיהרט שלום פעראַנדער מיט די האַנד, — טרײבען איהן?

דער פויקער קריזהעט אױס װי אַ האָן אונ עס העבט זיך אָן איבערצוקעהרען די שטוב.

ד. פּינסקי.

# אַפאָריזמען.

1) דער שלימאַק האָט װיניג־װאָס דערפון, װאָס ער לעבט אין דער צייט פון פאַרע אונ עלעקטריציטאָט. (K.)

2) פרישות — אױב זי איז אַלײן נישט קײן קראַנק, קומט זי פון אַ קראַנק. (P.)

3) דאָס ראָדעל דרײט זיך: מען קאָנן זײן משוגע רייך אונ װילד אָרים. (P.)

4) נאָך אײדער עס װערט עפּיס נייעס געבױרען זענגען שױן גרייט די װיקקעל־שנור צום שטייף־האַלטען אונ די װיעג — צום אײנשלאָפען. (P.)

5) בלינדע מײנען, אַז אַנדערע האָבען זייערע אױגען, אונ װאַרפען זײ שטיינער אונטער די פיס. (P.)

6) װער עס איז אַלט אין דער יוגענד, קאָנן זײן יונג אױף דער עלטער. (P.)

7) פערדעקקען אַ פעהלער מיט אַ ליגען הייסט צו מאַכען אַ לאָך אױפ'ן אָרט פון אַ פלעק. (W.)

# דאָס חנוכּה ליכטעל.

עס פאַלט צו די נאַכט... די פינסטערע נאַכט,
און שאָטען בּעדעקקען די וואַנד;
נור אומעטיג מילד, טרויריג פערשמאַכט,
אַ ליכטעל אין פענסטעריל בּרענדט.

עס בּרענט און פערציילט די טרויריגע מעהר:
אַמאָל איז געוועזען אַ שווערט...
אַ שטאָהלערנע, אַח, היינט גלאַנצט זי נישט מעהר,
היינט ליגט זי צובּראָכען אויף דר'ערד

פערראָסט איז די שווערט, און טויט איז די האַנד,
וואָס פלעגט אַמאָל מיט איהר צו פעכטען...
עס בּלייבען די בּיינער אין מדבּר, אין זאַנד...
ס'איז, דאַכט זיך, געוועזען ערשט נאַכטען?

אַח ניין! שוין טויזענדער, טויזענדער יאָהר
פעהלט שוין די האַנד און די שווערט...:
טהייל דריקקען די אַקסעל און פרעגען: איז וואָהר
דאָס נס, וואָס מיר האָבּען געהערט?

שאַ! און פערראָסטעט, און שטיל ווי די מויז...
און בּלייערן שטום איז דער הימעל...
און פינסטער און גליטשיג אין אייבּיגען הויז,
ער לייכט נור דער גלאַנצענדער שימעל!

י. ל. פרץ.

# דִי אַרְבֵּייטֶער-לַאגֶע אִין לָאנְדָאן.

די עֶמִיגראַציע איז פערקלענערט געוואָרען...

די שרעקק, דאָס לויפען אין גאַנצע סטאַדעס, האָט אויפגעהערט, נור די עֶקאָנאָמישע לאַגע אין לאַנד ברענגט נאָך דערצו, אַז מאַססען מענשען מוזען זוכען זייער גליק אין פרעמדע לאֶנדער.

אין 1893 האָט דייטשלאַנד פערמאַכט איהרע גרעניצען פאַר אונזערע עמיגראַנטען און דאָך האָבען זיך דורכגעשוואַרצט 11,732 יודען און האָבען זיך אין האַמבורג פערשיפט.

דאָס זעלבע געשיהט אין 1894.

וואו אַהין געהען די עמיגראַנטען?

קיין אַרגענטינאַ נעמט מען נור אויף איינציגע פאַרטיען, וואָס פאָהרען אַרויס מיט פאַספאָרטען אויפ'ן באַראָן הירש'ס רעכענונג... זיי שוואַרצען זיך נישט דורך.

ארץ ישראל איז פאַר אונז פערמאַכט...

עס בלייבען נור דריי עמיגראַציאָנס פלאֶץ:

פעראייניגטע שטאַאטען אַמעריקאַס— הויפטזאָכליך ניואָרק.

ענגלאַנד—הויפטזאָכליך לאָנדאָן און די ענגלישע קאָלאָניען.

מיר וואָלטען געוואָלט בעריכטען אונזערע לעזער פון דער לאַגע פון אונזערע עמיגראַנטען, און די, וואָס וויללען עמיגרירען — מיט דער לאַגע פון די אַרבייטער אין די לאֶנדער, וואו אַהין זיי וויללען עמיגרירען...

אונטער דער האַנד האָבען מיר דערווייל וויכטיגע סטאַטיסטישע ציפפערן וועגען דער אַרבייטער-לאַגע אין לאָנדאָן, און מיר וויללען זי אויסנוצען צו אונזער צוועק.

אונז אינטערעסירט נור די אַרבייטער-פראַגע דעריבער, ווייל מיר האַלטען יעדע עמיגראַציע פאַר נוצליך נור אַזוי ווייט, ווי ווייט דער עמיגראַנט ווילל פערטוישען דען האַנדעל אויף אַרבייט; ווי ווייט ער ווילל פערטוישען דען אַרשין, די וואָג און די קוואָרט, דאָס פערדיענען פאַרן וועג, דאָס לעבען אין זכות פון איין המְצָאָה'לע, אַ שפּיצעל, אַ ליגען... אויף אַ לעבען פון אייגענעם שווייס... ווי ווייט די אַללע, וואָס הענגען צווישען הימעל און ערד אויף אַ שפינוועבס-פאָדעם פון „גאָט וועט העלפען", וויללען זיך זוכען אַ בעשטאֶנדיגע בעשאֶפטיגונג מיט אַ זיכערן מאָרגען...

---

ענגלאַנד איז דאָס רייכסטע לאַנד אויף דער וועלט.

איהרע 36 מילליאָן איינוואָהנער פער-

---

# אִין אֵייָראפַּא
## אוּנ בַּיי אוּנְז אוּנְטֶערן אוֹיבַן.

אַז מען רייסט אָב דאָס אויג פון'ם זיעדענדיגען לעבען אין אייראָפאָ, און מען וואַרפט אַ בליק צו אונז אונטערן אויבען, האָט מען דאָס געפיהל פון אַ רייזענדען, וואָס קומט נאָך שטורם און וועטטער אַהיים אין אַ וואַרימע, שטיללע, אַלט-פראֶנקישע שטוב.—

אין דרויסען האָט זיך דער הייליגער הימעל צוקריגט מיט דער זינדיגער ערד. דער הימעל האָט איינגערונצעלט זיין שטערן ווי אַ פאַרמיט, און עס ציהט זיך איבער איהן אַ וואָלקען נאָך אַ וואָלקען; אַללע מאָל שווערער, בלייערנער, שוואַרצער און גיעססענדיגער! פון דער השגחה'ס אויג פליהט אַ בליץ נאָך אַ בליץ און פון גאָט'ס האַנד שלאָגט אַ דונער נאָך אַ דונער...

אָט טרעפט ער אין איין אַלטע שאָפע אַריין; דאָס האָלץ איז אַזוי דאַר, אַזוי אויסגעטריקענט געוועזען, אַז מען האָט געמיינט, אַז זי וועט די וועלט איבערלעבען, און אָט פלאַקקערט זי אויף ווי אַ קיהן, און פאַלט און ברעכט צוזאַממען; אָט שלאֶנגלען זיך פייערדיגע צונגען צווישען זיילען רויך ארום אַ נייטאָדישען פאַלאַץ; פון איהם וועט אַוודאַי באַלד קיין זכר נישט בלייבען. און דאָ יאָגט זיך באַרג אָב דאָס שיימענדיג-זידענדיגע וואַססער, יאָגט און שלאָגט מיט אַ כעס און רייסט מיט זיך מיט אַללע שטיינער, פלאָנצען און גרעניצען, וואָס שטעהען איהם אין וועג.

דיִענֶען אַ יאָהר 1,300 מיִלליאָן פֿונט שטעֶרלִינג. דאָס הייִסט אויף אונזעֶר געֶלד — 11 מיִליאַרד 700 מיִלליאָן רובּל! אַז מיִר וועֶללעֶן די סוממעֶ צוטהייִלעֶן אויף דעֶר צאָהל פֿון די אַיינוואוהנעֶר, וועֶללעֶן מיִר האָבּעֶן אויף יעֶדעֶן קאָפּף 325 רובּל אַ יאָהר. לאָז'מיִר רעֶכֿעֶנעֶן, אַז יעֶדעֶ פֿאַמיִליעֶ בּעֶשטעֶהט דורכֿבּאַנק פֿון צוויי עֶלטעֶרן און דריי קִינדעֶר, וועֶט אונז אויסקוממעֶן, אַז יעֶדעֶ פֿאַמיִליעֶ פֿעֶרדיִענט דורכֿבּאַנק 5 מאָל 325 רובּל אַ יאָהר! דאָס הייִסט — 1,625 רובּל אַ יאָהר.

דאַכֿט זִיך עֶס דאַרף גענוג זיין; אַז פֿאַר דעֶם געֶלד קאָנן מעֶן לעֶבּעֶן ווי גאָט אִין פֿראַנקרייִך, און דאָך פֿעֶהלט אִין עֶנגלאַנד — נישט קיין אָרימקייט!

דעֶר דלות שטעֶקט אִינ'ם אֵיינציִגעֶן וואָרט „דורכֿבּאַנק"!

די 1300 מיִלליאָן פֿונט שטעֶרלִינג וועֶרעֶן נִישט גלייך צוטהייִלט; נִישט יעֶדעֶר בּעקומט פֿון זיי אַ גלייך חלק! פֿעֶרקעֶהרט — אַ קלייִן בּיִסל מעֶנשעֶן האָט צופיִעל און דאָס רוב צו וועֶניִג אָדעֶר גאָר נִישט.

די סוממעֶ 1300 מיִלליאָן פֿונט שטעֶרלִינג צופֿאַללט אויף:

1) אַיינקִינפֿטעֶ פֿון דעֶר עֶרד, פֿאַר פּריצים, פּויעֶרן און אַרעֶנדאַרעֶן 200 מיִלליאָן פֿונט
2) פֿאַר קאַפּיִטאַליִסטעֶן 250 „ „
3) פֿאַר פֿאַבּריִקעֶן, פֿאַד-ראַדעֶן, האַנדעֶל א.ד.ג. 250 מיִלליאָן פֿונט
4) און פֿאַר אַרבּייִטעֶר און בּעל מלאכות די רעֶשט 500 „ „

נאַטיִרלִיך געֶהעֶרעֶן אונזעֶרעֶ עֶמיִגראַנטעֶן צו דעֶר פֿיִערטעֶר קלאַסס און מיִר וועֶללעֶן זִיך נור אִינטעֶרעֶסיִרעֶן מִיט די 500 מיִליאָן פֿונט שטעֶרלִינג.

די אַרבּייִט, זעֶהט איִהר, פֿעֶרדיִענט אַסך געֶלד! 500 מיִלליאָן פֿונט שטעֶרלִינג, אָדעֶר אויף אונזעֶר געֶלד איִבּעֶר 4,500 מיִלליאָן רובּל איִז אַ גרויסעֶ סוממעֶ! אמת איִז, אַז די סוממע צופֿאַללט אויף קנאַפּעֶ 6 מיִלליאָן אַרבּייִטעֶר און אויף יעֶדעֶן בּעֶזונדעֶר קומט קוים אויס דורכֿסבּאַנק 88 פֿ"ש אָדעֶר קנאַפּעֶ 800 רובּל אַ יאָהר, נור סיי ווי סיי, בּעֶטרעֶפֿט עֶס איִבּעֶר 2 רובּל אַ טאָג! און בּיי אונז וואָלט מעֶן זִיך בּעֶססעֶר נִישט געֶוואונשעֶן...

נור ווייטעֶר דאָס אֵייגעֶנעֶ אונגליִק, די צוויי רובּל אַ טאָג זעֶננעֶן נור דורכֿבּאַנק! און אִין אמת האָבּעֶן אִין עֶנגלאַנד אִין גאַנצעֶן 11 מיִלליאָן מעֶנשעֶן פּרנסה בּריות (אַיין ערך $^3/_{10}$ אַיינוואוהנעֶר) און 27 מיִלליאָן (ד. ה. $^7/_{10}$ אַיינוואוהנעֶר) לעֶבּעֶן בּדוחק!

אויבּ טהייִל אַרבּייִטעֶר פֿעֶרדיִענעֶן 25 רובּל, פֿעֶרדיִענעֶן אַנדעֶרע קוים 4—3 רובּל אַ וואָך! דאָס פֿעֶרשטעֶהט זִיך איִז אַ בּיִסל

---

נור, געֶלויבּט איז גאָטט, מיר זעֶננעֶן שוין אִין דעֶר היִים... דאָ איִז לאַנגווייליִג נור שטִילל, דושנא נור וואַרים — דאָ איִז מעֶן זיִכעֶר מיִט'ן לעֶבּעֶן...

דאָרט האָט דעֶר דונעֶר געֶקנאַקט, דאָ קנאַקט אַ מאָל אַ בּרעֶננעֶנדיִג שייטעֶל האָלץ אִין אויבּעֶן... דאָרט האָט זִיך געֶדאַכֿט, אַז גאָטט וויִלל כּשר'עֶן די עֶרד מיִט פֿייעֶר און איבּעֶרשוועֶנקעֶן מיִט וואַססעֶר, דאָ זיצט קוים די אַלטעֶ בּאָבּעֶ און פֿליִקט פֿעֶדעֶרן... דאָרט פֿיהרעֶן היממעֶל און עֶרד מלחמה, און דאָ שפּאַרעֶן זִיך צוויי אַלטעֶ מוהמעֶס וואָס עֶס איִז בּעֶססעֶר: געֶריִבּעֶנעֶר אָדעֶר געֶשאָבּעֶנעֶר רעֶטיך...

און זיי זעֶהעֶן גאר נִישט אַזוי שראָקליִך אויס! וואָללעֶנעֶ זאָקקעֶן אִין די האָנד, שפּיִזלעֶך אונטעֶר די אויערעֶן, די בּריִללעֶן פֿעֶררוקט אויפֿ'ן שטעֶרן... וואָס? עֶס וועֶט גאָר נִישט זיין דעֶרפֿון!

---

לעֶוויאַטאַנעֶן לעֶבּעֶן אִין אַ ים; מיִקראָבּעֶן — אִין אַ טראָפּעֶן וואַססעֶר... אִינ'ם טראָפּעֶן שלאָגט זִיך אָבּ דאָס גאַנצעֶ לעֶבּעֶן נור — מיִקראָסקאָפּיִש קלייִן און... אַ מאָל מיִט'ן קאָפּף אַראָבּ!

---

נאָט אייך פֿאַקטעֶן:

אַייראָפּאַ האָט אַריִסטאָקראַטעֶן און מיִר האָבּעֶן אַריִסטאָקראַטעֶן. בּיידעֶרלייִ מיוחסים האָבּעֶן פֿיינט די פֿאָלקס-בּיִלדונג. בּיידעֶ זאָגעֶן, אַז דאָס פֿאָלק דאַרף אַ סך גלויבּעֶן און וועֶניִג וויִססעֶן. בּיידעֶ זאָגעֶן, אַז שוהלעֶן און בּפרט אוניִווערזיִטעֶטעֶן, אַז וויִססעֶנשאַפֿט און בּפרט אַיין אַיינפֿאַך אמת וואָרט

צו וועניג. בפרט אַז עס פֿעהלט צו אַ קראַנק, אָדער אַז עס מאַכט זיך אַ קריזיס און מען פֿערליערט אין גאַנצען די אַרבייט! . . . אַמווענינגסטען פֿערדיענען די ווייבער. זייער לוין געגען דעם מאַננער-לוין, פֿער-האַלט זיך ווי 40 קעגען 100, ד. ה. וואו אַ מאַנספּערשוין בעקומט אַ רובל, פֿערדיענט די פֿרוי נור 40 קאפּ'.

---

די געמיינסטע לאָנדאָנער איינוואָהנער געפֿינגען זיך אין חלק שטאָדט, וואָס הייסט איטשעפעל.

אין איטשעפעל געפֿינגען זיך: 891,539 נפשות, און % 35 פּראָצענט פֿון דער צאָהל פֿערדיענט וועניגער אַלץ צעהן רובל אַ וואָך. און ווייל דאָס לעבען אין לאָנדאָן איז אַ סך טהייערער ווי ביי אונז, האָבען מיר שוין 316,000 מענשען וואָס לעבען בדוחק.

11,000 נפשות וואָס ליידען נויט: דאָס זענגען מענשען גאָר אָהן אַ זיכערע בעשעפֿטיגונג, וואָס לעבען פֿון טאָג אויף טאָג פֿון צופֿעללינע פֿערדיענסטען. זיי האָבען אפילו קיין דירות נישט, און אַז מען פֿערדיענט נישט די דריי פּענס (איין ערך פֿון 4 קאפּ.) אויף נאַכטלאַגער שלאָפֿט מען זיך איבער אונטערן פֿרייען הימעל.

אין אַנדערע אָרימע גאַססען איז אויך נישט בעססער.

בכלל איז דאָ אין לאָנדאָן 77% אָרימע לייט און אין גאַנצען 23% פֿערמאָגליכערע אָדער 1,292,337 אָהן און 2,916,433 מיט פּרנסה! און אפילו אין ענגלאַנד איז כמעט יעדער דריטטער מענש אַ נצרך!

---

לויט סטאַטיסטיק ווערט אין לאָנדאָן דער געברויך אויף אַרבייט יאָהר יאָהרליך גראָססער.

פֿון 1886 ביז 1890 איז די צאָהל פֿון אַרבייטער אָהן אַרבייט געפֿאַללען פֿון $13_{,30}$ אויף $1_{,75}$ און דאָך איז די אָרימקייט געוועג גרוים. דערויף האָבען מיר צוויי שראָקליכע פֿאַקטען. עס ווייזט זיך אויס, אַז: 1) אַ $^{1}/_{5}$ איינוואָהנער אין לאָנדאָן שטאַרבען נישט אויף די אייגענע בעטטען, נור אין שפּיטאָלער, אָחראָנעס און אַנדערע צדקה-הייזער. און אַז —

2) די שטאַרבליכקייט צווישען קינדער אין די אָרימע גאַססען איז 3 מאָל אַזוי גרוים ווי אין די רייכע גאַססען.

---

מיר זעהען, אַז אין דער רייכסטער שטאָדט פֿון רייכסטען לאַנד לעקט דער אָרימאַן אויך קיין האָניג נישט; אַז דער, וואָס האָט נישט קיין חלק אין די מיליאָנען,

---

אָהן איין איינציל זענען אַזוינע שווערע מאכלים, אַז דאָס פֿאָלק קאָנן זיי נישט פֿערדייען . . . אַז דערפֿון פֿערדאַרבט עס זיך דען מאָגען, שלאָפֿט אונרוהיג און חאָט בייזע חלומות . . . און דאָך איז ווייט פֿון יענע אַריסטאָקראַטען ביז אונזערע! די אַריסטאָקראַ-טען, למשל אין פּרייסען, די „יונקערס", ווי מען רופֿט זיי דאָרט, זענגען רייכע גוטסבעזיצער פֿון אייביגע יאָהרען, אַריסטאָקראַטען מיט סאַמע ריין בלאָהליך בלוט; מיט אַ יחוס, וואָס גרייכט אַמאָל ביז די חיות ובהמות אין נח'ס תיבה! זיי געדענקען נאָך די אַלטע גוטע צייטען, ווען לעזען און שרייבען האָט געהאָרט צו זיי, בפרט רעגירען! אין לאַנד זענגען נור געוועזען צוויי קלאַססען: אַ קליין ביסל פּריצים וואָס האָבען געהאַט אַללעס און איבער אַללעם צו שאַפֿפֿען, און אַ גרויסע מאַססע פּויערען, וואָס האָבען אַ סך געאַרבייט און גאָר נישט געהאַט. דעמאָלט האָבען אונזערע יונקערס געלעבט אַ גוטען טאָג. און אַז דאָס פּויערן-פֿאָלק האָט עפּיס פֿער-לאַנגט, נישט אויף די קניען, נישט אין קלויסטער און נישט פֿון גאָטט — האָט מען איהם געענטפֿערט מיט קאַרטאַטשען . . .

נאַטירליך געהט די יונקערס היינט אויך נישט אַזוי שלעכט; זיי זענגען נאָך עד היום די זיילען, וואָס האַלטען אונטער דען פּרייסישען הימעל . . .

די גראָסטע שטעללען אין לאַנד, אין דער אַדמיניסטראַציע, אין מיליטער און בפרט אין קייזערס הויף געהערען צו זיי, און אויסער דעם האָבען זיי נאָך מאַססען גיטער, וואָס זיי האָבען געקריגען בירושה פֿון די אַללע גוטע צייטען, און, ליידער, נאָך נישט פֿערטרונקען און פֿערהולטאַיעט . . .

וואָס פֿאַללען אַלס הכנסה פֿון דער ערד, פּראָצענט פֿון קאַפּיטאַל, אָדער פֿערדיענסט פֿון פֿאַבריק אונ האַנדעל, מוז גענוג ביללינ פֿערקויפען זיין שווייס אונ בלוט אונ נישט שטענדיג נאָך קריגט ער אויף זיי אַ קונה; געזונדערהייט מוז ער זיך גאַנץ אָפּט איינשטייפען דען בויך אונ זוכען זיסע חלומות אין גאַסס, צו קוקען ווי זיינע קינדער שטאַרבען איהם פֿאַר הונגער אונ קאַלט אונ אויף דער שוואַכער אַלטער מוז ער זוכען אַ בעטט אין שפּיטאַל...

אונזערע עמיגראַנטען זענען מעהרסטענטהיילס שניידער, קירזשנער אונ נייטאָרען, אונ די אַרבייט צאָהלט זיך גראַדע אַם ערגסטען אין לאָנדאָן. אין די בראַנזשען איז מעהרסטענטהיילס דער אַרבייטער נישט בעשעפֿטיגט ביים בעל הבית אויף דער פֿאַבריק אָדער אין וואַרשטאַט, נור ער בעקומט די אַרבייט צו זיך אַ היים.

לויט דעם ענגלישען געזעטץ מוז זיין די פֿאַבריק אָדער דער וואַרשטאַט, וואו די אַרבייטער זענען בעשעפֿטיגט, אַזוי איינגעריכטעט, אַז עס זאָלל נישט שאַדטען דעם אַרבייטערס געזונד. עס מוז זיין אַ געוויססע נאָרמע לופֿט, עס מוז זיין וואַרים, טרוקען אונ גענוג ליכטיג. אונ אַזוי ערנאָך פֿערברענגט דער אַרבייטער דען גראָסטען טהייל מעת־לעת - האָטש אויף אַ געזונד אָרט, בשעת ווען אין דער היים איז ענג, דושנא, גאַנץ אָפּט נאַסס אונ מעהרסטענטהיילס אַ שלעכטע בעלייכטונג. אויך אין דער היים אַרבייט ער לענגער ווי אין פֿאַבריק. דאָ אַרבייט מען שוין נישט אויפ'ן טאָג, נור אויפ'ן שטיק אונ מען וויל מעהר פֿערדיענען.

אין פֿאַבריק טאָרען קיין קליינע קינדער נישט אַרבייטען, אַ ביסל גראָססערע טאָרען נישט אַרבייטען ביי נאַכט אונ מוזען רוהען צווישען דער אַרבייט ביי טאָג; ווייבער טאָרען אויך ביי נאַכט אין פֿאַבריק נישט אַרבייטען... דאָס אַלץ האָרט אויף, אַז מען נעמט די אַרבייט אַהיים אונ מאַנער, פֿרויען אונ קינדער פֿערליערען דאָס געזונד מיט די כוחות ביי דער אַרבייט.

אונ דער מנהג אַרויס צו געבען די אַרבייט האָט זיך אַזוי איינגעוואָרצעלט, אַז אויף 906 שניידערישע וואַרשטאַטען אין איטשעפּעל, וואָס בעשעפֿטיגען דורכבאַנק פֿון 10 ביז 25 אַרבייטער, ווערט 80 פּראָצענט אַרבייט אַרויס געגעבען פֿון דער פֿאַבריק.

דורך דעם וואָס די אַרבייטער פֿערלאַנגערן זיך אַלליין דען אַרבייט'ס טאָג, האָבען זיי זיך אַליין געמאַכט אַזאַ שרעקליכע קאָנקורענץ, אַז עס איז זעלטען זיי זאָללען האָבען אַרבייט אַ גאַנצע וואָך.

פֿון די גראָססערע פֿאַבריקען קריגט

---

פֿאַר וואָס האָט דער פּרייסישער יונקער פֿיינט די פֿאָלקס־בילדונג? פֿאַר וואָס קריגט ער האַרץ־קלאַפּפען פֿאַר דעם, וואָס ער רופֿט: „דעמאַגאָגיע“? ווייל ער ווייסט, אַז וואָס קליגער עס וועט זיין דאָס פֿאָלק, קלענער וועט ווערען זיין פֿעטטער ביססען...

נור וואָס פֿאַר אַ אַריסטאָקראַטען האָבען מיר? ווער שרייט אויף אונז, אַז מיר זאָגען צופֿיעל אויף דעם פּראָסטען פֿאָלק, דעם „המון עם“? ווער איז ביי אונס די זויער־מילך אונ ווער די סמעטענע? ווער האָט רויט אונ ווער בלאַהליך בלוט? דאַכט זיך אַז אין יעדער קלענסטער רייהע פֿון יודישע דורות, וועט איהר געפֿינען אַללע שטאַפּלען פֿון דער לייטער, אויף וועלכע אַ יודישער פֿוס מאָג נור טרעטען! איהר וועט געפֿינען אַ פֿאַקטאָר אונ אַ רב, אַ רופֿא אונ אַ דאָקטאָר, אונ אַ פּראָצענטניק אונ נאָך עפּיס ערגערס, אונ אַ גביר, אונ אַ טראָגער... ווער'זשע זענען אונזערע אַריסטאָקראַטען?

אונזערע אַריסטאָקראַטען זענען: מלמדים, וואָס האָבען זיך אויסגעלערנט אַ ביסל העבראַישע גראַמאַטיק, אַ באָדער־יונג וואָס האָט זיך צוגעחאַפּט צו לעטריסעס ראָמאַנטישע געדיכטע, איין אויסגעקאָרמיט פֿאַקטוירזש בעל־בתיש־אָקסיל, וואָס האָט איינגענומען אַ צוואַנציג לעקציעס אַללענדאָרף... אָט די לייט אונ זייער גלייכען זענען אונזערע יונקערס! אָט, די לייט ווייסען שוין אַזוינע סודות, וואָס מען טאָר דעם פֿאָלק נישט אויסזאָגען... אָט, די לייט זאָגען, אַז די זויערמילך, דער המון עם דאַרף האָבען אַ פּרוכת איבער די אויגען אונ לאָזען זיך פֿיהרען פֿון זיי!..

אָט דאָ זענען אונזערע יונקערס אין די

מען אַרבייט אויף 3 טאָג, אונ פון די קלענערע אויף 2½ טאָג אַ וואָך. . דאָס אייגענע איז ביי טאַפּיציערער, קירזשנער אונ ביי נייטאָרען.

אונ אַזוויערנאָך — אַז מען פֿערדינט אַ רובל אַ טאָג, פֿערדינט מען דאָך נור דריי רובל אַ וואָך!

נור דאָס ערגסטע איז, וואָס די אַרבייט אין לאָנדאָן איז אַזוי ספּעציאַליזירט, אַז צו איין קלייד ווערען בענוצט 25 נייטאָרען; עס איז אונמעגליך געוואָרען, דער פֿאַבריקאַנט, וואָס גיט אַרויס די אַרבייט פֿון פֿאַבריק, זאָלל זיך קאָננען אַלליין די אַרבייטער פֿערזאָרגען, אונ צווישען אַרבייטער מיט'ן פֿאַבריקאַנט האָט זיך בעוויזען דער פֿערמיטלער. דער נעמט אויף זיך די גאַנצע אַרבייט אונ פֿערטהיילט זי צווישען די אַרבייטער.

נאַטירליך פֿערקלענערט דען פֿאַקטאָרס פֿערדינסט דען לוין פֿאַר דער אַרבייט...

---

איהר זעהט, אַז אין דער רייכסטער שטאָדט, פֿונ'ם רייכסטען לאַנד זעננען אויך דאָ אָרימע לייט... אונ מיינט נישט, אַז דאָס זעננען דוקא פֿוילע אָדער שכורים, אַז עס איז אמת וואָס די זאַטטע זאָגען, אַז ווער עס ווילל אַרבייטען, דעם פֿעהלט נישט קיין אַרבייט... ספּענצער, דער פֿילאָזאָף פֿון זאַטטע בייכער, האָט טאַקי געזאָגט, אַז די אַללע, וואָס נאָכטיגען אין גאַסס אונ שטאַרבען אין שפּיטאָל זעננען זיך אַליין שולדיג...

נור די סטאַטיסטיק זאָגט אַנדערש; זי ווייזט אויס, אַז אויף 1610 פֿאַמיליען אָהן ברויט איז געוועזען אין גאַנצען 4 פּראָצענט פֿוילע, וואָס האָבען נישט געוואָלט אַרבייטען, 14 פּראָצענט אויסברענגער אונ שכורים — 27 פּראָצענט קראַנקע, אונ גאַנצע 55 פּראָצענט געזונטע אַרבייטער, וואָס האָבען געזוכט אונ נישט געפֿונען קיין אַרבייט.

פֿון 2,466 פֿאַלל פֿון אָרימקייט, איז געוועזען:

13% שכרות, פֿערשווענדערייי, נישטאָרנטליך אויפֿפֿיהרען זיך,
19% אונגליקליכע צופֿאַללע אונ
68% אָהן אַרבייט!

איהר זעהט, אַז די אַרבייטער אין לאָנדאָן טהיילען זיך אין פֿערשידענע קלאַססען אונ אַז אַ געוויססע קלאַססע אַרבייטער ליידט הונגער נישט ערגער ווי ביי אונז...

צו דער אָרימסטע קלאַססע מוזען מיר רעכענען אונזערע יודישע עמיגראַנטען. עס עמיגרירען געוועהנליך נור מענשען, וואָס האָבען שוין דאָ די לעצטע האָפֿנונג מיטן לעצטען גראָשען פֿערלוירען צוזאַממען, ליידיג-גייער אָדער נישט זעהר פֿעהיגע בעלי מלאכות. זיי קוממען אַריין אין אַ פֿרעמדע

פֿעדערן... וואָס די אַלטע באָבע פֿליקט!

צו האָט איהר געהערט פֿון לעצטען אייזענבאַהן-שטרייק אין אַמעריקאַ? די אַרבייטער אונ דיענער פֿון דער באַהן האָבען געוואָלט אַ גראָססערן לוין, די בעלי בתים פֿון דער באַהן האָבען נישט געוואָלט געבען, האָבען זיך די אַרבייטער מישב געוועזען אונ אויפֿגעהערט צו אַרבייטען... דאָס הייסט אויף זייער לשון — אַ „שטרייק"... דאָס מחלוקת האָט לאַנג געדויערט, די אַרבייטער האָבען פֿאַר הונגער געמאַכט באַוועריעס, צובראָכען וואַגאָנען, פֿערברענט סטאַציעס... די בעלי בתים האָבען געבעטען הילף ביים פּרעזידענט, מען האָט געשיקט סאָלדאַטען מיט ביקסען... מען האָט געשאָססען, עס איז בלוט פֿערגאָססען געוואָרען... נור דאָס איז נאָך אַ קלייניגקייט... אין אונזערע צייטען הענגט דער ווערטה פֿון אַ זאַך נישט אָב פֿונ'ם בלוט, וואָס זי האָט געקאָסט...

ביי אונז געהען אַללע רעכענונגען, אַללע חשבונות אויף געלד! אויף געלד ווערט געשאַצט די אַרבייט; אויף געלד ווערען געשאַצט האַנד אונ פֿיס, וואָס מען פֿערליערט ביי דער מאַשין אונ אַפֿילו אַ גאַנצער לעבעדיגער מענש, אויב ער ווערט אַ מאָל צוקוועטשט צווישען איהרע צאָהן... בפרט אין אַמעריקאַ, וואו מען שאַצט אויף געלד אַפֿילו אַ קוש, וואָס אַ מיידעל קריגט אָהן איהר גוטען ווילען...

אַלץ ווערט בערעכענט אויף געלד; אונ אויף געלד איז דער שטרייק ווערט געוועזען גאָר אַ קלייניגקייט: די בעלי בתים פֿון דער אָבגעשטעלטער באַהן האָבען געהאַט אַ היזק פֿון דריי מיללאָן

שטאָרט אָהן געלד, אומגעקאָנט די שפּראַכע, מיט וועלכער מען דאַרף זוכען אַרבייט און גאַנץ אָפֿט גאָר אָהן אַ פֿאַך אין דער האַנד . . .

ספּעציעל איבער יודישע אַרבייטער טרעפֿען מיר אַזאַ נאָטאַטקע :

„אין לאָנדאָן זעננען דאָ 165 טויזענד יודישע אַרבייטער. כמעט אַללע ליידען נויט . . . אַ מאַססע פֿון זייערע פֿערדיענען זייער ברויט מיט שוויצען . . . עס זעננען פֿערהאַנדען גאַרבאַרניעס, וואָס אַרבייטען אויס די פֿעלל מיט מענשען-שווייס . . . אין אַ פֿאַסס ווערט אַריין געלייגט די פֿעלל ביז אין דער העלפֿט, פֿון אויבען זעצט זיך אַרויף אַ יוד און נעמט איין אויף שוויצען . . . דער שווייס רינט . . . און מיט'ן שווייס נעצט ער דורך די פֿעלל . . ."

„די אַרבייט געשיהט ביינאַכט; ביי טאָג האָט מען מורא פֿאַר דער פּאָליציי . . . די „שוויצערס" ווערען אַרויס געצויגען פֿאַר טאָג נישט טויט, נישט לעבענדיג פֿערחלישט . . ."

„נאך וואונדערליכער איז — בעמערקט דער קאָרעספּאָנדענט — אַז טהייל גאַרבאַרניעס, וואו די לעדער ווערט אויסגעאַרבייט מיט יודישען שווייס, געהאָרען צו יודען" . . .

---

מיר וואונדערן זיך נישט ! מיר ווייסען אַז האַנדעל און אינדוסטריע זעננען אַ פּאָלק, וואָס ווייסען נישט און ווילען נישט ווייסען פֿון וועמיס אָדערן עס שפּריצט זייער פֿערדיענסט . . .

אויך דאַרף אונז דער פֿאַקט נישט איבערשראָקקען. דער פֿאַקט אַלליין איז שראָקליך, עמפּאָרענד, נור קוים ווייסט שוין דערפֿון די פּאָליציי. וועט ער שוין פֿערשווינדען . . .

אויך מוזען מיר וויססען, אַז דאָס טרעפֿט זיך נאָר די „גרינע", דאָס הייסט „פֿריש געבאַקקענע עמיגראַנטען", די איינציגע וואָס מען לויפֿט נאָך נאָך אין די גאַססען בעקוקקען די ווילדע רוסיש-פּויליש-יודישע בריאות . . .

נור מיט דער צייט געוואָהנט זיך דער עמיגראַנט צו צום לאַנד, צו זיינע מנהגים און זיין שפּראַכע און האָט דאָס איינענע ווי אַללע אַרבייטער

---

נור סיי ווי סיי אין לאָנדאָן „לעקט מען אויך קיין האָניג נישט", און אויבוואהל נאָך דעם אַללעם זעננען די פּרייזען פֿאַר אַרבייט האָכער ווי ביי אונז, ראָטהען מיר דאָך, עס זאָלל זיך יעדער, וואָס וויל עמיגרירען, איבערלעגען, צו עס איז איהם נישט גלייכער אריין צו געהן ביי אונז אַרבייטען אין אַ פֿאַבריק ביי אַ קלענערן נור אַ זיכערן לוין, איידער צו זוכען

---

דאָללאַר, די אויבס-סוחרים אין קאַליפֿאָרניען, וואָס האָבען די סחורה נישט געקאָנט פֿערשיקקען — 5 מיללאָן דאָללאַר; צוזאַממען האָבען די קאַפּיטאַליסטען געליטטען אויף 8 מיללאָן און דאַגעגען האָבען די אַרבייטער געהאַט אַ היזק פֿון גאַנצע 10 מיללאָן דאָללאַר !

בכלל איז ווערט געוועזען דער שטרייק איין ערך פֿון 35,000,000 רובל אונזער געלד !

ביי אונז איז אויך געוועזען אַ שטרייק . . . אין קישינעוו . . . און אַ דאָפּעלטער שטרייק . . . דער בעל טקסא האָט אויפֿגעהערט צו צאָהלען שכירות די דיינים, און די דיינים האָבען אויפֿגעהערט שאלות צו פּסקענען . . .

דער שטרייק האָט אוודאי געקאָסט, ווי מען זאָגט „ח"י גדולים מיט אַ קניש" און דאָך האָט אַ דיין געהלשט אין מיטען גאַסס פֿאַר הונגער . . .

---

„שאלת הפועלים!" — די אַרבייטער פֿראַגע ! אין אייראָפּאַ, אַז אַ בעל-בתישער מענש דערמאַנט זיך אין דער פֿראַגע, ציטטערט אונטער'ם האַנד און פֿיס . . קיין פֿרוממער יוד שרעקט זיך נישט אַזוי אלול פֿאַר'ן שופר, און אויף דער אַלטער פֿאַר'ן קבר מיט'ן מלאך דומה, ווי דאָרט אַ פֿאַבריקאַנט פֿאַר'ן הונגעריגען אַרבייטער ! דער בעל הבית ווייסט, אַז דער אַרבייטער איז קיין פֿייער נישט און האָט גאָר קיין חשק נישט אויסצופֿאַסטען זיך דאָס ליכטיגע גן עדן . . . אַז ער איז הונגעריג, וויל ער שוין נישט מודה זיין, אַז דאָס האָט איהם גאָטט היינט קיין ברויט נישט בעשערט, נור ער מיינט, אַז דער פֿאַבריקאַנט האָט אַ קישקע אָהן אַ דנאָ . . . אַז דאָס ווייב ווערט איהם

אַ האָבערן נור נישט קיין זיבערן לוין אין דער פרעמד.

נור געגעראַלנע עצות געבען פאַר אַללע איז נישט מאָגליך אונ נישט נייטיג. יעדער ווייסט וואָס ער האָט דאָ, אונ מיר האָבען איהם געזאָגט, וואָס ער קאָנן אין לאָנדאָן האבען.

---

די פראַגע איז נור: ווי אַזוי קוקט מען אויף אונזערע עמיגראַנטען אין לאָנדאָן?

ענגלאַנד איז טאַקי אַ פריי אונ אַ געבילדעט לאַנד, דאָרט ווייסט מען נישט קיין חלוק פון אַ יוד ביז אַ קריסט, דער ענגלאָנדער אינטערעסירט זיך נישט דערמיט אין וואָס עמיץ גלויבט, צו וועמען ער בוקט זיך — נור דורך דער קאָנקורענץ פון אונזערע עמיגראַנטען פאַלט נאָך נידריגער דער פרייז פון דער אַרבייט. אונ מאַנכע קוקען דערויף מיט אַ קרום אויג, נישט דורך דעם, ווייל זיי זענען יודען, נור דורך דעם, וואָס זיי קאָנקוריערען מיט'ן היימישען אָרימען אַרבייטער. אויף אונזערע עמיגראַנטען זאָגט מען, אַז זיי זענען פלייסיגער, פאָהיגער אונ שפּיצפינדיגער פאַר'ן ענגלענדער, נור איין חסרון האָבען זיי, וואָס זיי לאָזען זיך בעגניגען מיט וואָס עס איז אונ פערדאַרבען דען פרייז פון דער אַרבייט. טהייל האָבען שוין געוואָלט בעווייזען, אַז דער גאַנצער דלות פון ענגלישען אַרבייטער קומט אַרויס פון דער יודישער קאָנקורענץ.

נור עס האַלט נאָך נישט דערביי. מען זאָלל אונזערע עמיגראַנטען שטעהן אין וועג.

די ענגלאָנדער ווייסען, אַז זיי שיקקען מעהר אַרויס עמיגראַנטען אַלץ זיי נעממען אויף; אונ אַז אויב זיי וועללען פערמאַכען די גרעניץ פאַר פרעמדע פון אַנדערע לאָנדער, וועללען אַנדערע לאָנדער אויך דאָס אייגענע טהון פאַר זיי. אונ די אַרבייטער אַלליין זענען צו קלוג, זיי זאָללען נישט פערשטעהן, אַז דער הונד איז ערגיץ אַנדערש בעגראָבען. —

---

אין דער לעצטער, 27-סטער זיצונג פון די ענגלישע טראַדאַניאָנס*) האָט דער פרעזעס אין זיין רעדע, צווישען אַנדערע זאַכען געזאָגט: עס איז איין אוננוצליכע זאַך, מען זאָלל פערמאַכען די גרעניצען פאַר אָרימע לייט. דאָס אַרבייטער-פאָלק דאַרף זיך פיהלען פערבונדען אונ סאָלידאַר מיט די אַללע, וואָס ליידען גלייך מיט איהם, נישט קוקענדיג אויף לאַנד אונ פאָלק...

דר. שטיצלר.

*) ענגלישע חברות פון אַרבייטער.

---

קראַנק, אַז די קינדער הייבען אָן הוסטען, זאָגט ער שוין נישט, ווי אַ מאָל אין די גוטע, גאָלדענע יאָהרען, אַז עס איז איין אָבקומעניש פאַר די זינד, שלאָגט זיך שוין נישט אין האַרץ אַריין אונ לויפט שוין נישט צום שטריימעל עס זאָלל איהם אַרויס געבען אַ תשובה... איהם דאַכט זיך גאָר, אַז זיין דירה איז שולדיג, אַז ער וואוינט אין אַ נאַססען קבר! אונ עס דאַכט איהם, אַז דער פאַבריקאַנט איז איהם מחויב אויפצושטעללען אַ הויז!... אַז זיין זוהן מוז צו 10 יאָהר געהן אין פאַבריק אריין אַרבייטען, גלויבט ער שוין נישט ווי אַ מאָל, אַז אַרבייט איז אַ הייליגע זאַך, אַז פאַר דער אַרבייט צאָהלט מען אויף יענער וועלט, נור ער איז בייז פאַר וואָס האָבען אַנדערע גימנאַזיום אונ אוניווערזיטאָט אונ דערנאָך אַ גוטע שטעללע... אונ זיינע קינדער נישט! ער זאָגט נאָך, אַז די פאַבריקאַנטען קאָנקירירען אויף זיין חשבון, אַז דריי פערטיל סחורה איז זיין שווייס אונ בלוט...

אונ אַז עטליכע מיליאָנען מיינען איז ביטטער ווי גאַלל!

נור דאָס אַלץ איז אין אייראָפּאַ... ביי אונז איז פון דעם אַלעם קיין זכר נישט דאָ, מיר האָבען קיין פאַבריקען נישט, קיין אַרבייטער נישט... מיר קאָננען, דאַכט זיך, רוהיג שלאָפען... אונ דאָך האָבען מיר אַ קליין „שאלת הפועלים"יל... אַ קליינס, אַ חנודיקס... צום קישען!

מיר שטיצען די אַרבייטער אין ארץ ישראל...

טאַג טאָגליך געהען אין המליץ נדבות אויף די פועלים!

אונ עס איז אַ גוטע זאַך! אויסער וואָס די אַרביי-

# נֵס חֲנוּכָּה.

(ערצאֶהלונג)

I.

איך האָב שוין געהאַלטען דען פּאַלטאָ אין דער האַנד, אונ האָב מיך דאָך אָבגעשטעלט:

— געהן — אָדער נישט געהן אויף דער לעקציע?

אח, עס איז אַזוי אונאַנגענעהם! אַזאַ שלעכט, אַזאַ פּויל וועטטער... אַ האַלבע מייל וועגס... אונ וואָס? נאָך אַמאָל „פּקד פּקדתי", נאָך אַמאָל דער „אַלטער בעל הבית", וואָס האָט אָבגעלעבט אָהן דקדוק עטליכע זעכציג יאָהר, איז צעהן מאָל געוועזען אין „לאַפּסק", אַ פּאָר מאָל אין „דאַנציג", שעור נישט אָנגעשלאָגען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, אונ קאָנן אַלץ נישט פֿאַרשטעהן אויף וואָס מען גיט דאָ אויס געלד... אַ טהייערע מציאה — דקדוק! ווייטער דער „יונגער בעל הבית", וואָס ווייסט, אַז פּראַקטישער וואָלט געוועזען צו טראָגען פּאות מיט אַ שטריימעל, אַ קאַפּטאַן מיט סטראָקעס, צו פֿאָהרען צו'ן אַ גוטען יוד אונ נישט צו וויסען פֿון דקדוק. ער איז, נעבּיך, אַ כשר קרבן... אַלץ סוחר מוז ער, נעבּיך, קוממען צווישען מענשען, טראָגען אַ קאַפּעלוש מיט אַ געפּרעסט העמד, לאָזען דעם ווייב געהן אין טעאַטער אַריין, דער טאָכטער — לעזען ביכער אונ האַלטען נאָך צום יונגעל אַ לעהרער אויף „דקדוק"...

— איז דען דער טאַטע נישט ג'רעכט? — מאַכט ער — נור די וועלט וויל אַזוי!

אונ דער וועלט קאָנן ער קיינמאָל גאָר נישט אָבזאָגען!

— טהוט מיר האָטש צוליעב — בעט ער זיך בּיי מיר — אונ מאַכט מיר איהם נישט קאַליע.

— איך צאָהל אייך — זאָגט ער — אַזוי פֿיעל געלד פֿאַר אַ היפּל ביסל דקדוק; זאָלל ער נישט וויסען, אַז די ערד דרעהט זיך אַרום דער זונן!

אונ איך האָב צוגעזאָגט, אַז ער וועט עס פֿון מיר נישט וויסען, ווייל... ווייל איך האָב אין גאַנצען איין לעקציע געהאַט אונ... אַ קראַנקע מאַמע אין שטוב!...

— געהן — אָדער נישט געהן?

בּיי דער לעקציע פֿילנייעט מיך דאָס גאַנצע הויזגעזינד.

צו זי אויך?

זי זיצט פֿון דער זייטענס, שטאָנדיג פֿערלעזען, פֿערטיעפֿט... טהייל מאָל הייבט זי אויף די לאַנגע, ווידענע ברעמען אונ רעמאַלט ווערט ליכטיג אין שטוב...

נור דאָס געשיהט אַזוי זעלטען, אַזוי זעלטען...

---

טער וועללען אַ מאָל עפּיס האָבען פֿונ'ם געלד, איז דאָס דערווייל די בעסטע רעקלאַמע, וואָס אַמעריקאַ פֿערמאָגט עס נישט!

עס האָט אַ יונגער שנעק ערגיץ אַ דרשה געהאַלטען אונ עס וויל קיינער דערביבער אין צייטונג קיין וואָרט נישט שרייבען... שרייבט ער אַליין: „ווייל איך האָב אין האָציפּלאָץ פֿאַר די משכילים אין שטאָדט אַ דרשה געזאָגט אונ אַללע זענען שיער אויסגעגאַנגען — שענק איך 18 גדולים לטובת הפּועלים". דער מליץ דרוקט אונ די וועלט קלינגט מיט'ן נייעם בעל דרשן.

שאלת הפּועלים איז אפילו אַ סגולה אויף פּראַקסע פֿאַר אַ יונגען דאָקטאָר; אויב ער האָט נור אַ גוטען פֿריינד, וועט שוין אָן איהם דאָס פּובליקום נישט פֿערגעססען...

קוים האָט ער געענדיגט דאָס אוניווערזיטאַט, שאָנקט זיין גוטער פֿריינד פֿאַר גרויס פֿרייד, וואָס דער בּערימטער קאָפּף האָט געענדיגט מעדיצין — ח"י גדולים! ווערט דער ראָקטאָר אַ חתן — ווייטער ח"י גדולים! האָט ער חתונה — נאָך אַ מאָל ח"י גדולים... מאַכט ער אַ ברית — ווייטער ח"י גדולים! פֿערשרייבט ער די ערשטע רעצעפּט עמיצען אויף אַ קאַטאַר — גאָר נייע ח"י גדולים פֿון דער נאָדעל! אונ אַזויערנאָך קלינגט גאַנץ אייראָפּאַ מיט'ן דאָקטאָרעל, וואָס, ווען נישט די שאלת הפּועלים, וואָלט ער געמוסט אַרומלויפֿען אין די גאַסען, שרייען: „אני שלמה!" אונ יעדען אַריינשטופּען אין האַנד אַריין די אַדרעסס...

אַ ליטעראַט האָט פֿערקויפֿט — נישט די פֿעדער, די איז שוין לאַנג פֿערקאַניעט... נור זיך אַליין, פֿאַר עטליכע רובל נדן! וועד וואָלט גע־

אונ וואָס וועט זיין דערפֿון ? גאָר נישט, אויסער הארצוויַיטאָג ! —

— האָרסט ? — וועקט מיך אויף דער מאַמעס שוואַכע קול פֿון בעטט — דער רופא זאָגט, אַז ווען איך זאָלל האָבען אַ פּאָאָר וואַרימע, וואָללענע זאָקקען, וואָלט איך געמאָגט אַראָבקריכען פון בעטט.

— מען מוז געהן אויף דער לעקציע !

---

II.

אויסער דער בעל הבית'טע, וואָס האָט זיך, ווי איהר שטייגער איז, ארויסגעחאַפּט, דער שווער זאָלל נישט וויססען, אין טעאַטער אַריין, האָב איך געטראָפֿען דאָס גאַנצע הויז=געזינד אַרום זידענדיגען טאָמבאַקענעם סאַמאָוואַר.

אויף מיין גוט'ן=אָווינד — האָט דער יונגערער בעל הבית געאָנפֿערט אַ שוואַכען „גוט=יאָהר" אונ נישט אויפֿגעהאָרט צו דרעהען אין דער האַנד די טאַליע קאָרטען, וואָס ער האָט געהאַלטען, געוויס וואַרטענדיג אויף גאָסט. אונטער אַ שפּיציגער יאַרמולקע, איינגעהילט אין אַ ברייטען טערקישען שלאָפּראָק, לוינט נישט דעם אַלטען בעל הבית אַרויסצונעמען די לאַנגע אַנטיפּקע מיט'ן ברושטינענעם שפּיטץ פֿון מויל, אָדער אויפֿצוהייבען די אויגען פֿון אַלטען ליסער סדור. ער שאָקעלט מיר קוים מיטן קאָפּף אונ פֿערטיעפֿט זיך ווייטער אינ'ם פירוש צו'ם זמר לחנוכה.

זי איז אויך פֿערטיעפֿט, נור, ווי געוואָהנליך — אין איהר ראָמאַן.

נור אויף מיין תלמיד האָט מיין אַריינ=קוממען אַ שרעקליכען איינדרוק געמאַכט.

— וואָס ? שפּרינגט ער אָב פֿון טיש אונ וואַרפֿט טראָציג אַרונטער דאָס שוואַרצ=געלאָקטע קאָפּעל — היינט אויך לערנען ?

— פֿאַר וואָס נישט ? שמייכעלט דער פֿאָטער.

— עס איז דאָך חנוכה ! טופּעט דער קליינער מיטן פֿוס אונ ווייזט מיטן פֿינגער אויפ'ן ערשטען ליכטעל מיטן שמש, וואָס האָבען געברענט אונטער דער פֿאָרהאַנג אויפֿן פֿענסטער, צוגעקלעבט צו'ן אַ שייטעל האָלץ.

— גאַנץ גערעכט ! בורטשעט אַריין דער אַלטער.

— נו, נו, מוחל ! מאַכט גלייכגילטיג דער יונגער בעל הבית.

עס דאַכט זיך מיר, אַז זי איז בלאַססער געוואָרען אונ האָט טיעפֿער אַראָבגעלאָזט דען קאָפּף צום בוך.

איך זאָג „אַ גוטע נאַכט", נור דער יונגער בעל הבית לאָזט מיר נישט אַוועק געהן :

— איהר מוזט שוין בלייבען אויף טהיי !

— אונ אויף „שקציס'לעך מיט מאָהן" — האָט פֿרעהליך אויסגעשריגען מיין תלמיד.

---

וואוסט דערפֿון ? שאלת הפועלים ! 20 נוממערען דורכאַנאַנד ווינשט מען איהם, אונ פֿאַר יעדען וואונש קריגען די אַרבייטער ח"י גדולים...

אונ עס האַקכט פֿון טאָג צו טאָג !... די גבירה האָט דעם גביר געוואָרפֿען אַ ראָנדעל אין קאָפּף אַריין : האָט זי געטראָפֿען, שענקט דער גבירה'ס מוטטער, ד. ה. דעם גביר'ס שוויגער, ח"י גדולים ! האָט זי נישט געטראָפֿען — שענקט די דינסט, וואָס האַלט מיט'ן בעל הבית, ח"י גדולים ! געהט די דינסט אַוועק דיקקער ווי זי איז געקוממען, שענקט דעם בעל הבית'ס אַ גוטער פֿריינד ח"י גדולים . . .

נו, זאָגט אַלליין, קאָנן אַזאַ שאלת הפועלים עמיצען שאַטטען ?

מען זאָגט אַז דאָ האָבען מיר אַסך אָרימע בעל מלאכות, אַז פֿאַר דעם געלד וואָלט מען זיי געקאָנט וואַרשטאַטען מאַכען, נייַ־מאַשינען קויפֿען...

עס קאָנן זיין, נור מיר קאָננען נישט אַנדערש, מיר מוזען האָבען אונזער אייגען, היימיש, וואַרם, שטילל שאלת הפועלים'יל !

---

אין אייראָפּאָ זעננען געוועזען פּאַנאַמאַס אונ פּאַנאַמינאַס... אונ גאַנץ אייראָפּא האָט געקאָכט ווי אַ קעססעל !

אין פֿראַנקרייך האָבען מיניסטאָרען געגנבית אונ געגאַנגען אין קרימינאַל אַריין ; אין איטאַליען האָבען סענאַטאָרען געגראַבעלט אין דער קאַססע, אונ גאַנץ איטאַליען האָט געזאָטטען ! אין הישפּאַניען האָבען אַ סך אַריסטאָקראַטען געהאַט לאַנגע פֿינגער אונ מען האָט זיי נישט געשוויגען ! אין שיקאַגאָ האָט מען

ער וואָלט מיט מיר גוט געלעבט, ווען נישט דער „פקד, פקדתי״.

איך וויל אָבזאָגען, נור דער לאָבוז חאַפּט מיך אָן ביי דער האַנד, אונ רוקט מיר צו, מיט אַ שעלמישען שמייכעל אויפן ריהרעוודיגען פּנים, אַ שטוהל געגענאיבער דער שוועסטער.

האָט ער עפּיס בעמערקט?

נאַטירליך האָט ער געקאָנט עפּיס בע-מערקען נור פון מיין זייט... זי איז שטאַנדיג פערטיעפט אונ פערלעזען... זי האַלט מיך געוויסט פיר אַ בטלן... אפשר נאָך פאַר עפּיס ערגערס... זי ווייסט דאָך נישט, אַז איך האָב אַ קראַנקע מאַמע אין דער היים!

III.

— עס מוז שוין זיין אָנגעצווינגען! רופט זיך אָן אונגעדולדיג דער יונגער בעל הבית —

— באַלד, באַלד, טאַטישי! — אָנפּערט זי האַסטיג אונ איהר בלאַסס פּנים ווערט געראָיטעלט.

דער יונגער בעל הבית פערטראַכט זיך וויטער; מיין תלמיד לאָזט איבערן טיש אַ דריידעל, דער אַלטער לעגט אוועק דען סדור אונ גרייט זיך צו צו דער טהיר.

אונגערענווילליג האָב איך מיך פער-קוקט אויף די חנוכה-ליכט, וואָס ברענגען מיר געגענאיבער אויפ'ן פענסטער. זיי ברענגען אַזוי טרויריג, אַזוי ניעדערגעשלאָגען אונ פערשאָמט פאַר'ן פערוילבערטען בליך-לאָמפּ, וואָס הענגט איבערן עסס-טיש אונ בעלייכט אַזוי העלל דען פיינגעדעקטען טיש... עס ווערט מיר נאָך אונמוטהיגער אונ אין בעמערק נישט, אַז זי דערלאַנגט מיר אַ גלאָז טהיי.

— מיט ציטראָן? וועקט מיך איהר טרויריגע שטיממע.

— אפשר מיט מילך? פראָגט דער פאָטער.

— ניין, ניין! די מילך איז אָנגע-ברענט! וואָרענט מיך דער תלמיד.

— ניזנאָשני! רייסט זיך איהר פון מויל אַרויס.

IV.

עס איז ווייטער שטילל. מען האָרט נישט מעהר נור דען זייגער פון דער וואַנד, דאָס זופּען פון די גלאָזער אונ דאָס קלינגען מיט די לעפעליך.

פלוצלינג פאַלט איין מיין תלמיד צו פראָגען:

— לעהרער, וואָס איז אַזוינע חנוכה?

— ווערסט פראָגען מאָרגען דען רבי'ן אין חדר — מאַכט אונגעדולדיג דער אַלטער.

— עה! מאַכט מיין שילער טראָטציג —

---

מיט'ן בעטט-געוואַנד, צו-געבאָרגט די רעשט אויף פּראָצענט — אונ אַריינגעטראָגען 100 פראַנק... צו וועמען? מן הסתם צון אַ יוד... וואָס האָט מען דאָ צו פראָגען...

אין קורצען האָט מען געקויפט אַ שטיק ערד, מען האָט עס אַ נאָמען געגעבען „עין-זיתים״... אונ במשך פון אַ יאָהר זענען געפלויגען פון ארץ ישראל בשורות טובות ווי די טויבען, דער כנסת ישראל צו'ם דערקוויקעניש... די אייגענע, וואָס האָבען די חברה צוזאַממענגעשלאָגען, האָבען דען גאָרטען געפלאַנצט, וויין געבויט... „אונזער וויינ-גאָרטען — האָט מען געשריבען — וואַקסט פון טאָג צו טאָג, מיט יעדער מינוט וואַקסט זיין ווערט, מענשען זעהען אונ גלויבען נישט זייער אייגענע אויגען״... „נור אַזוירנאָך — האָט מען געשריבען

איינגעזעצט אַיין אָסטרייכישען קאָנסול פאַר געלד, זאַכען; אין ענגלאַנד איז אַריינגעפאַללען, נעבּיך, אַ לאָרד...

אומעטום — סקאַנדאַלען, ערד-ציטטערניש!

ביי אונז איז געוועזען אַ פאַנאַמינאַלע — אונ שטילל! שאַ! —

עס האָבען גאַנץ קליינע מענשעליך געמאַכט אַ גאַנץ קליין חברה'לע צו קויפען ערד אין ארץ ישראל... קוים טויזענד מענשען אונ אין גאַנצען צו הונדערט פראַנק...

מיט דער צייט, האָט מען אויסגערעכענט, ווערט די ערד וואַקסען אונ וואַקסען, אונ יעדערער פון די טויזענד מיטגלידער ווערט האָבען זיין אייגענע קאָלאָניע אין ארץ ישראל... וואו אַ שניידער, וואו אַ שוסטער, וואו אַ קבצן, האָט פערקויפט דאָס צירונג

דער לעהרער ווייסט וואָהל בעסער פֿאַר'ן רבי'ן.

דער אַלטער וואַרפֿט אַ באָזען בליק אויפ'ן זוהן; דאָס האָט געהייסען: „זעהסט ?!"

— איך וויל אויך וויסען וואָס חנוכה איז! האָט זי זיך אָנגערופֿען שטיל.

— נו, אדרבא! מאַכט דער יונגער בעל הבית — לאָ'מיך זעהן וואָס ביי'ן אייך איז חנוכה!

## V.

— עס איז געוועזען אין דער צייט — האָב איך אָנגעהויבען — ווען די גריכען האָבען אונז אונטערדריקט אין ארץ ישראל.

די גריעכען... נור דער אַלטער האַקט מיר איבער מיט אַ זויערע מינע:

— אין שמונה עשרה שטעהט „מלכות יון... הרשעה!"

— עס איז אַלץ איינס, מן הסתם — בעמערקט דער יונגער בעל הבית — וואָס ביי אונז איז יון — איז ביי זיי אודאי גריכען!

— די גריכען — האָב איך נאָך אַמאָל אָנגעהויבען — האָבען אונז שראָקליך אונטערדריקט; עס איז געוועזען די ערגסטע צייט פֿיר יודען. עס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס גאַנצע פֿאָלק וועט שוין אונטערגעהן און פֿערלוירען ווערען... נאָך עטליכע אונגליקליכע מרידות איז אונזער גאַנצע קראַפֿט צושלאָגען געוואָרען... דער לעצטער פֿונק פֿון האָפֿפֿנונג האָט זיך אויסגעלאָשען... מען האָט אונז אין אונזער אייגענעם לאַנד ווי וואָרם מיט די פֿיס געטרעטען...

דער יונגער בעל הבית האָט שוין לאַנג נישט געהערט; ער האָט איבערגעבייגען דאָס אויער צו דער טהיר, צו וועט נישט עמיץ קלינגען פֿון זיינע גאָסט... נור דער אַלטער לאָזט פֿון מיר קיין אויג נישט אַראָב. און אַז איך האָב נאָך אַמאָל בענוצט דאָס וואָרט „אונטערדריקט", האָט ער זיך נישט איינגעהאַלטען און געזאָגט:

— אַ מענש רעדט ריינע דבורים... אונטערדריקט — שמיקט... וואָס טויג מיר דאָרט... מען האָט אונז פשוט נישט געלאָזט קיין שבת האַלטען, קיין יום טוב מאַכען, קיין תורה לערנען און אפילו מילה פֿערווערט!

— שפּיעלט איהר נישט פּראָפֿעראַנס? האָט מיך ראַפּטום געפֿראָגט דער יונגער בעל הבית — אפשר גאָר אין אָקע?

## VI.

עס איז ווייטער שטיל געוואָרען און איך האָב ווייטער פֿערצעהלט:

— די לאַגע איז מיט דעם נאָך ערגער געוואָרען, וואָס אונזער אַדעל און די רייכע לייט האָבען זיך אָנגעהויבען מיט זייער אייגען פֿאָלק צו שאָמען און אָנגעהויבען זיך צו פֿיהרען גריכיש... מען האָט אָנגעהויבען צו בעזוכען גימנאַזיום'ס...

---

קאָנן קוממען די גאולה, נור דורך אַזוינע חברות קאָנן מען אויסגעליזט ווערען פֿון גלות.

פּלוצלינג איז אָבער דער געזעלשאַפֿט איינגעפֿאַללען אַראָבצושיקקען אַ מענש קיין ארץ ישראל, צו בעקוקקען עין זיתים, און עס איז איהם פֿינסטער געוואָרען פֿאַר די אויגען — שטיינער און ביינער!

די 100 טויזענד פֿראַנק — פֿיו!

נור שטיל! קיין סקאַנדאַלען מאַכט מען נישט! מען האָט קיינעם נישט אָבגעגעבען „פּאָד־סוד"... וואָסרען עס האָט זיך אויסגעוויזען דאָס אייגענע וואָס אין חעלם!

אין חעלם איז אַ מאָל פֿערשוואונדען געוואָרען מילך פֿון אַ טאָפּף... און קיינער איז נישט שולדיג געוועזען! די קאַץ איז געוועזען געפּגרט, דער בעל הבית און די בעל הבית'טע — פֿליישיג, און פֿאַר דער דינסט וואָלט דער רב געמאָגט שווערען...

אין אונגאַרן איז ערשט נישט לאַנג געוועזען אַ שטאַרק מחלוקת וועגען חופה וקדושין. די אַריסטאָקראַטען, וואָס האָבען דאָרט אַ גרויסע דעה, זאָגען אַז אין חתונה האָבען שטעקט אַ גרויסער סוד, אַ הייליגקייט, אַ היממעל־זאַך, און אַז חאָטש „בת פלוני לפלוני" איז בעשערט און ווערט אויסגערופען נאָך 40 טאָג איידער גאָטט טראַנספּאָטירט אַרויס די נשמה פֿון אוצר, מוז איבער יעדען זווג דאָס שטריימעל מאַכען אַ ברכה!.. דאָס פּראָסטע פֿאָלק אָבער זאָגט אַז חתונה האָבען איז אַ מענשליכע זאַך, אַז עס שטעקט דערינגען גאָר קיין סודות נישט, און מען דאַרף דערצו נישט מעהר, נור ער זאָלל וועללען, זי זאָלל וועללען און דאָס מאַגיסטראַט זאָלל פֿערשרייבען, אַז זיי האָבען ביידע געוואָלט; כדי מען זאָלל וויסען, ווער מיט וועמען עס וועט זיך אַמאָל

זי אונ דער זיידע קוקען מיך ביידע אָן פֶערוואונדערט !

— נור אין יענע גימנאַזיום׳ס , האָב איך ווייטער געצויגען , האָט מען נישט גֶעלֶערענט ווי אין די היינטיגע ... מען האָט נור גימנאַסטיג געמאַכט אונ דוקא נאַקיט , אונ זכרים מיט נקבות צוזאַממען ...

ביידע פּאָר אויגען האָבען זיך צוריק אַראָבגעלאָזט , נור פֿאַר דאָס האָבען זיך דעם יונגען בעל הבית׳ס אויגען צופלאַמט :

— וואָס רעדט איהר ?!

איך ענפער איהם נישט אונ פֿערצייל ווייטער פֿון די טעאַטערע , וואו מענשען האָבען זיך געשלאָגען מיט ווילדע חיות אונ אָקסען , אונ פון אַנדערע גיריכישע מנהגים , וואָס האָבען געמוזט דעם יודישען לעבען זיין צו-ווידער .

— נור דאָס איז אַלץ פֿאַר די גריכען נאָך ווייניג געוועזען ; זיי האָבען געוואָלט עס זאָלל פֿון יודישען לעבען קיין צייכען נישט בלייבען . אונ זיי האָבען אויפגעשטעלט אַ מזבח מיט איין עבודה זרה אין מיטן גאַסס אונ געהייסען צו׳ן איהר מקריב זיין קרבנות .

— צאָ טאָ זנאַטשי ? האָט זי איבער גע-פֿראָגט . איך האָב איהר פֿערטייטשט אונ דער אַלטער האָט זיך צוהיצט אונ געענדיגט :

— אונ אַ חזיר ! דוקא אַ חזיר זאָל מען מקריב זיין .

— אונ עס האָט זיך געטראָפֿען אַ יוד — האָב איך ווייטער אָנגעהויבען — וואָס איז צוגעגאַנגען צום מזבח אונ האָט געוואָלט ברענגען אַ קרבן ...

נור אין דער אייגענער רגע איז פֿון די בּאָרג אַראָב דער אַלטער מאַקאַבעער מיט זיינע פֿינף זיהן ... נאָך איידער די גריכישע סאָלדאַטען זעננען צו זיך געקוממען , האָט זיך דער נידערטרעכטיגער געבאָדען אין זיין בלוט , דער מזבח איז געוועזען צו-שטויסען אונ אין איין סעקונדע האָט די מרידה אויפגעפלאַמט ...

... אונ די מאַקאַבעער מיט אַ קליין ביסל גבורים האָבען געזיגט די הונדערט מאָל שטאַרקערע גריכען ...

... זיי האָבען די גריכען פֿערטריבען פֿון לאַנד אונ בעפֿרייט דאָס פֿאָלק .

---

## VI.

— צום אַנדענקען פֿון דעם זיעג — האָב איך געענדיגט מיין ערצאָהלונג — צינדען מיר עד היום אונזער אָרימע אילומינאַציע , אונזערע חנוכה-ליכט .

— וואָס ? איז אויפגעשפרונגען דער אַלטער אונ האָט געציטטערט פֿאַר צאָרן — ד אָ ס איז דאָס נס ?

— אַהער , שמערקע ! האָט ער אַ געשרעה געטהון צום אייניקעל , וואָס האָט זיך פֿאַר

---

גט׳ען אונ ווער עס וועט נאָך זעמען נעמען ירושה אונ קדיש זאָגען ...

אין אונגאַרן איז דאָ אַ פּאַרלאַמענט , וואו עס זיצען אויסדערוויילטע פון פֿאָלק , אונ אַ הערנהויז , וואו עס זיצען גרויסע הערן — אַריסטאָקראַטען . קיין פראַווע איז דאָרט נישט גילטיג , ביז זי ווערט נישט אָנגענוממען אין פּאַרלאַמענט , בעשטעטיגט אין הערנהויז אונ דערנאָך ערשט — אונטערגעשרי-בען פֿון קייזער . נאַטירליך האָט דער פּאַרלעמענט געוואָלט , אַז די חתונה זאָלל בלייבען אַ ציוויל-זאַך , נישט קיין הייליגער סוד ... נור דאָס הערן-הויז האָט נישט געוואָלט , אונ עס האָט זיך נישט אונטערגעגעבען , ביז מען האָט עס נישט גענייט מיט שטיינער אונ בלאָטע די אַריסטאָקראַטען אין די קאַטשען אַריין אונ מיט אויסהאַקקען די שויבען . זיי האָבען זיך אונטערגעגעבען אונ — היינט מאָרגען וועט דער קייזער אונטערשרייבען דאָס נייע געזעטץ , אַז חופה וקדושין קאָננען זיך בעגעהן אָהנ׳ם שטריימעל ...

ביי אונז איז אויך עפּיס אָהנליכ׳ס געשעהען נור ... מיט׳ן קאָפּף אַראָב !

אין אַ געוויססע שטאָדט האָבען די „דייטשען״ , דאָס הייסט אַ-גזער ליבעראַלע , געבילדעטע פּאַרטיי געוואָלט דורכאויס אַריינפֿיהרען די חופה אין שוהל אַריין , גלייך צום אָרון קודש ... אונ די פֿרוממע קלאַססע האָט נישט געלאָזט ! פֿאַר דער חופה — זאָגען זיי — איז גענוג פלאַטץ אויפ׳ן באָרגעל מיסט , אויפ׳ן שוהל-הויף ...

זעהט איהר , פּונקט פֿערקעהרט ווי אין אונגאַרן ! די פֿרוממע קלאַסס איז לייכט צו פֿערשטעהן ... זיי ווילען בכלל נישט קיין נייעס ... דערצו ווייסען

שרעקן נאָך ווייטער אָבגערוקט.

דער אַלטער קלאַפּט אין טיש אריין אַז עס קלינגען די טעללער:

— דאָס נס איז געוועזען... אַז מ׳האָט אַרויסגעטריבען די טמא יְוָנִים, איז נישט מעהר געבליבען ווי איין קריגעל כשר׳ן בוימעל...

נור ער האָט זיך צו הוסט אונ נישט געקענט דען אָטהעם חאַפּען. דער יונגער בעל הבית איז צוגעלאָפּען אונ האָט איהם אַרויסגעפיהרט אין דער צווייטער שטוב אריין.

## VIII.

איך וויל אַרויס פון שטוב, נור זי פערהאַלט מיך:

— זי זענען געגען אַסימילאַציאַ? האָט זי מיך געפראָגט.

— אַסימיליערען — האָב איך איהר גע־אַנפערט — הייסט פערצאָהרען, אויפעססען אונ פערדייען. מיר אַסימיליערען רינדפלייש, ברויט אונ אונז ווילען אַנדערע אַסימיליערען...

זי שווייגט אַ פּאָר סעקונדען אונ פראָגט דערנאָך דערשראָקען:

— ווערלען דען אייביג, אייביג זיין קריעג אונ שטרייט צווישען פעלקער?

— אָה, ניין — האָב איך איהר געענט־פערט. אין אַ געוויססען פונקט מוזען זיך אַללע פעלקער פעראייניגען!

— אונ דער איז?

— די מענשהייט!... זאָלל יעדערער ביי זיך טהון וואָס מען דאַרף, ווערלען זיך שוין אללע צוזאַממען טרעפען.

זי האָט זיך פערטראַכט. איך וויל ווייטער רעדען נור מיר האַקט איבער דער קלאַפּ פון דער טהיר...

— די מאַמע געהט! האָט זי שטיל אויסגעשריען אונ ענטלויפען. נור אַוועק־געהענדיג דערלאַנגט זי מיר דאָס ערשטע מאָל די האַנד.

## IX.

דען צווייטען טאָג אין דער פריה, נאָך ליגענדיג אין בעטט האָב איך דערהאַלטען אַ בריעף דורך אַ פּאָסלאַניעץ.

די קאָנוועָרט האָט איהר פאָטערס פּיר־מאַ "Jakób Berenholc" — דאָס האַרץ קלאַפּט אין מיר ווי ביי׳ן אַ גזלן... נור אינערווייניג איז מעהר נישט געלעגען נור 10 רובל פאַר׳ן חודש, וואָס האָט זיך נאָך נישט געענדיגט. אויס לעקציע!

ל. פרץ.

---

זיי, אַז לויט אונזער געזעטץ איז גענוג, אַז זי שטעקט אויס אַ פינגער, ער זעצט ארויף אַ פינגערל וואָס מוז ווערט זיין וועניגסטענס אַ פרוטה אונ זאָגט הרי־את״... דערביי דאַרפען, נאַטירליך, זיין עדות, ער זאָלל נישט אָבלייקענען שטיין אונ ביין; אַ מנין איז נאָך בעססער, נור אַזוי ווי יעדער קאָנן צו־קוממען צום עמוד, אַזוי קאָנן יעדערער מקדש זיין...

נור וואָס די „דייטשען" ווילען, פאַר וואָס גיט דער ראַבינער חופה וקדושין דוקא ביים ארון קודש אין קאָהר־שוהל, איז נישט צו פערשטעהן...

דאַכט זיך, אַז אין דער קלאַסס שטעללען זיך צו דער חופה: אַ חתן, וואָס האָט שוין קיין האָהר אונ קיין סודות נישט, אונ אַ כלה, וואָס ווייסט פון פאָל דע קאָק, זאָלאַ אונ אַנדערע, אפילו ווי אזוי מען האָט קיין קינדער נישט, אַז עס האָבען נישט חתונה קיין מענשען, נור צוויי בייטעליך געלד... וואָס׳זשע דאַרף מען דאָ דען פרעדיגער?

נור נישט אין דעם געהט אונז...

גענוג, אַז די פראַגע, וואָס האָט אויפגעקאָכט גאַנץ אונגאַרן, האָט זיך אָבגעשלאָגען אין אונזער טראָפּפען וואַססער, נור מיטן קאָפּף אַראָב!

---

פון דעסטוועגען מיינט נישט, אַז עס איז גאָר אין גאַנצען שטילל! די פרוממע חובבי ציון שלאָגען זיך מיט די ליבעראַלע חובבי ציון... אין וואָס עס געהט, איז שווער צו וויססען פון די הונדערטער פאַשקווילען, וואָס ווערען צושיקט אין בריעף אָדער געדרוקט אין צייטונגען... עס מוז דאָך זיין איין אַרט פראַגע: וואָס עס איז בעססער, געשאָ־בענער אָדער געריבענער רעטטיך?

דער ל׳ פון רעדאקציע

# דאָך אַמאָל געווײנט!

(אַ בילד).

אַ לוסטיגער קבצן איז בערל טראָגער!..

זיין דירה איז אין קעללער שטוב, די צוויי קליינע פענסטער זעננען מיט'ן ברוק צוגלייך, די שויבען זעננען פערגראָהט און קויטיג, די וואַנד פייכט, אין די ווינקלען בלישציעט דער שימעל און דאָך, אַז עס פאַלט צו די נאַכט, לויפט בערל אַהיים מיט אַ שמחה...

ביי דער וואַנד, צווישען די פענסטער, שטעהט אַ טישעל, צוויי פיס האָט עס אייגענע, די אַנדערע פערטרעטען צוויי שייטליך האָלץ... דאָך ווינטערצייט ווערען זיי גאַנץ אָפט פערשוואונדען... נור בערל זאָגט, אַז, אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנד, וועט עס שטעהן „מיט גאָטט'ס הילף..." און עס שטעהט!

דריי ווייסע שטיהלען איז דאָ אין שטוב... נור אַללע אָהן אָנלעהנען... קיים איז אַ שטוהל אַ קאַליקע געוואָרען, האָט בערל באַלד אָנגעהויבען זוכען עטליכע נאָגעל, צוריק צושלאָגען דאָס אַראָבגעפאַלענע אָבער, נור ער האָט זיך אַזוי די נאָגעל געשאַפּט ביז צום ערשטען פראָסט! דעמעלט האָט בערל געזאָגט „כל חמירא" און די אָנלעהן איז אַריין אין אויבען אַריין...

אין שטוב זעננען דאָ צוויי בעטטען, אויף זיי ליגען שמאַטעס, וואָס בערל רופט: קישען און קאָלדרע, און אונטער זיי שטעהען קאָסטלעך, פולל מיט אַנדערע מאָדע שמאַטעס. און בערל זאָגט, אַז דאָס זעננען העמדער און נאָך אַזעלכע זאַכען...

נור בערל זאָרגט נישט:

— וואָס דאַרף איך מעהר? שמייכעלט ער — אַבי געלעבט!

פיער קינדערליך האָט ער. צוויי שלאָפען אין איין בעט מיט איהם און צוויי מיט דער מוטטער צוזאַממען, נור —

— קינדער — זאָגט ער — זעננען אַ נחת... עס דאַרף אַסך... אמת... נור פאַר דאָס, אַז איך קומם אַהיים, איז דאָ מיט וועמען זיך צו שפּיעלען, מיט וועמען זיך נאַריש צו מאַכען...

די פיער זעננען איהם פון זיעבען געבליעבען און ער קאָנן זיך אָן יענע דריי אָהן פייכטע אויגען נישט דערמאַנגנען! אָבער אַזוי, וואָס פעהלט בערל טראָגער?

פון ווייב איז ער נישט צופריעדען, ד. ה. ער קאָנן נישט ליידען, וואָס זי זיפצט שטאַנדיג און וויינט. וואָס איז? אַ קאָנטראַקט האָט זי פון גאָטט? ער איז איהר מחויב צו געבען? נישט אַללע קאָננען זיין ראָטהשילד!

— עט! מאַכט ער, מיין ווייבעל טויג שוין צו גאָר נישט! אַ קלאָג־מוטטער געוואָרען!

קיים ווייזען זיך טרערען אין איהרע אויגען, שטעלט ער זיך איהר געגענאיבער, פערבריעכט בדהנות די האַנד, מאַכט אַ וויינענדיג פנים און יאָקעלט נאָך מיט'ן קאָפּף...

— דיר לאַכט זיך אַלץ! ווערט בת־שבע בּאָז.

— איך גיעס דאָך גאָר! ענטפערט ער מיט אַ וויינענדיג קול.

— זאָלל מען שוין וויינען נאָך דיר, שטאַרקער פאָטער! דרעהט זי זיך פונ'ם אַוועק.

נור בערל בעליידיגט זיך נישט, וואָס אַרט איהן אַ קללה? עס דאַכט זיך איהם, אַז אָהן „דעם" וואָלט זיך גאָר נישט אַזוי פראָהליך געלעבט.

בּאָז ווערט ער נור אַז זי הייבט אָן זיך צו שילטען; דעמעלט שילט ער זי צוריק; בפרט נאָך, אַז זי הייבט אָן אויף זיך בעטען דען טויט...

דעמעלט חאַפּט עס איהן ביז אין „זיעבענטען ריפּ"...

—אוי, אָבדאַרען זאָל דיר די צונג! ענטפערט ער און שפּייט אויס מיט הארץ.

זי ווערט שטילל און גיעסט מיט טרעהרען און ער וואַרפט אויף איהר באָזע בליקען.

— און וואָס האָסט דו פון וויינען? פערד! איהם דאַכט זיך, אַז אַ מענש דאַרף קיינמאָל נישט וויינען, אויסער יום־כפור אויף די זינד...

נור איינמאָל איז געשעהן אַזאַ מעשה:

אַ מאָל אין אַ יומא־דפגרא האָט זיך בערל אַזוי צושפּיעלט מיט די קינדער, אַזוי געבאָריט זיך מיט זיי, אַז ער איז אינטערהיילעכטס אַרויפגעפאַללען אויפן בעטט און — עס איז צושיטט געוואָרען אויף שטיקלעך!

— ברוך דיין אמת! האָט ער אַרויסגעלאָזט אין אַ געלעכטער, וואַרט קינדער, מיר וועלען מאַכען אַ הספד.

ער בייגט זיך איין ווי דער הויקערדיגער מגיד און ווילל אָנהייבען עפּיס צו זאָגען, נור בת־שבע שווייגט נישט:

— אוי, איך קאָנן שוין דאָס נישט איבערטראָגען! האָט זי זיך אָנגעחאַפּט מיט אַ געוויין בּיי'ם קאָפּף, — איך וועל אָן מיר אַ מעשה טהון!

—משוגע ביסט דו, וואָס? שרייט צו'ן איהר בערל.

— טאָמער איז געוועזען די פאָר בעטטלעך אין שטוב, שוין — דאָס אויך נישט, רבונו של עולם! נעם מיך שוין צו פון דער וועלט!

בערל ווערט שוין אין כעס:

האָרסט אַ קלאָג אַביסל? דאָס בעטטעל איז צובראָכען געוואָרען! בהמה! באַלד — בּעע!

— לאַכען זאָלסט דו שוין מיט בלוט, טאַטע געטרייער.

— חע, הע, חע! לאַכט ער שוין צוריק מיט גוטען, — ניין זאָג דען אמת: מה רעש? וואָס קעהרסט דו די וועלט? דאָס בעטט צובראָכען! אַי וואַי, אַ שרעק! דער הימעל לעגט זיך איין! וואָס האָט געזאָלט אויסגעהן צו איינעם פון אונז, האָט זיך

גאַר אויסגעלאָזט צום בעטט! אַי, אַי בהמה!

דער געדאַנק, אַז דאָס בעט האָט געקאָנט זיין אַ כפרה פאַר איינעם פון הויזגעזינד, קריכט איהר אין קאָפּף אַריין. זי ווערט אַביסל רוהיגער און קלערט דערוויל, וואָס מען וועט טהון. מען וועט שוין די קינדער קיין שיך נישט מאַכען. פאַרן ערשטען געלד וועט מען קויפען, אָדער אפשר נאָך פערריכטען דאָס בעטט... דערוויל וועט זי מיט צוויי קינדער שלאָפען אויף דער ערד; עס פעהלט איהר גאָר נישט אַיין, עס זאָלל קאָננען אַנדערש זיין... נור פאַר וואָס לאַכט ער נאָך?

— ער פערקרימט זיך — וואָרטשינט זי מיט כעס — פריהו נור, וואַלגער זיך אַ פאָר נאַכט אויף דער פאָדלאָגע, אין דער נעץ, וועסט דו שוין זעהען! זאָלסט שוין לאַכען פאַר'ן טויד, רבונו של עולם!

— חאַ, חאַ, חאַ! — אַ קליינינקייט! בערל טראָגער וועט שלאָפען אויף דער פאָדלאָגע! קאָנסט נישט דען גרויסען פריץ? לאַכט בערל נאָך האָכער.

קינדער — קאָמאַנדירט ער — שלעפט דען שעננויק!...

זי ווערט אונטערגעצונדען:

— נישט דערלעבען וועסט דו צו שלאָפען אויף דער פאָדלאָגע! לאָזט זי אַרויס אַ געשריי און וואַרפט זיך אַרויף אויפ'ן שעננויק.

בערל קוקט זי אָן פערוואונדערט.

— וואָס ביזט דו, משוגע צו חסר דעה? דריקט ער מיט די פּלייצעס.

— אַז דו וועסט שטאַרבען, וועסט דו ליעגען אויף דר'ערד — ענטפערט זי — נישט איצטער!

— מאַך נישט קיין קונצען, בת־שבע, זיי לאָז שלאָפען! מאַכט בערל שטרענג.

זי ווייזט איהם מיטן פינגער אויף איהר בעטט.

— דאָרט לעג דיך, פלאַגע!

— איך שלאָף נישט אין קיין ווייבעריש בעטט, ווייצעלט ער, געה שוין געה! לאָז מיך שלאָפען! ער נעמט אָן דען שעננויק.

— איך האָב געזאָגט: ניין — איז ניין! שרייט אויס בת־שבע און חאַפּט אָן דען שעננויק מיט ביידע הענד.

— לעג איך מיך אָהן דען שעננויק! לאָזט בערל אַרויס אַ געלעכטער און ציהט אַראָב פון זיך דען פעלץ.

— איך וועלל דיר געבען אַ „לעגען זיך", אַז דו וועסט נישט וויסען, פון וואַננען דיר איז געקוממען! צושרייט זיך בת־שבע און שפּרינגט צו איהם צו מיט די נאָגעל.

אַ רויטקייט איז איהר אַרויס אויף די באַקען, די אויגען ברענען. בערל קוקט אויף איהר פערוואונדערט; זי זעהט גאָר אַנדערש אויס אין כעס. פאַר אַ יאָהר צעהן האָט זי שטענדיג כמעט אַזוי אויסגעזעהען. ער שמייכעלט:

— אָ מיין שאָן ווייבעל! שרייט ער אויס און וויל זי אַרומנעמען. זי רעכענט עס ווייטער פאַר חוזק, שטופּט איהן צוריק מיט כעס און געהט איהם אויסבעטען איהר בעטט.

ער בענוצט די מינוט, חאַפּט אַראָב זיין שעננויק, שליידערט איהן צום אויבען צו און וואַרפט זיך אויפ'ן אַרויף.

— היידאַ, קינדער! שלאָפען קומט!

— אין בעטט אַריין זאָלסט דו געהן! שרייט זי אויס מיט האַרץ.

— מאָרגען! לאַכט ער פון נייעם געלעכטער.

— אין בעטט אַריין! הערסט, וואָס איך זאָג דיר?

— או — הום! ברומט ער מיט אַ חוזק.

— נאַ! נאַ! נאַ! שרייט זי און הייבט אָן מיט אַ ווילדען כעס צו זעטצען מיט די פיס אין איבערגעבליבען בעטט אַריין... עס צושיטט זיך אויך... בערל מיט די קינדער שפּרינגען אויף דערשראָקען.

זי איז אויסער זיך, זי טרעט מיט די פיס די ברעטליך... זי וויל עס זאָלל פון בעטט קיין זכר נישט בלייבען.

בערל וויל זי איינהאַלטען, בערוהיגען, זי רייסט זיך פונ'ם אויס; ער חאַפּט זי אַרום און האַלט זי פעסט, וויל זי איהן בייסען. — „בת־שבע, זעה! בת־שבע!" שרייט ער אויס מיט שרעק.

ער זעטצט זי אַנידער אויף אַ שטוהל; בת־שבע הערט אָן צו זיך קוממען און צוויינט זיך. די קינדער העלפען איהר וויינען פאַר שרעק.

בערל ווייסט נישט וואָס מיט זיך צוטהון; טרויריג שטעהט ער איהר געגענאיבער און לאָזט פון איהר קיין אויג נישט אַראָב. די דאַרע באַקקען ברענען, די אויגען פלאַממען...

— בת־שבע! הייבט ער אָן וויינען — און ריהרט זי געלאַססען ביי'ם אַקסעל — בת־שבע, האָר אויף איך בעט דיך, צו וויינען!

זיין קול ציטטערט.

— בת־שבע! מאַכט ער נאָך ווייכער; אין האַרץ ווערט איהם וואונדערליך ווייך, און אין האַלז הערט איהן אָן צו שטיקקען און — ער דערפיהלט נאַססע טרעהרען אין די אויגען...

דעמאָלט האָט בערל אויך געוויינט!

דוד פּינסקי.

# שַׁבָּת-אוֹיבֶּם.

## דִי צַייט.

דִי אֵייבִּיגֶע צַייט,
זִי גֶעהט זִיךְ אִיהר וֶועג
אוּנ וֵויים קֵיין מָאנַאטֶען,
קֵיין וָואכֶען, קֵיין טָאג —
זִי גֶעהט זִיךְ אָהן אוֹיפְהֶער
אִיהר אֵייבִּיגֶען וֶועג
אוּנ וֵויים נִישְׁט וָואס „נָאהנְט" אִיז אוּנ „וַוייט".

עָס הֶעלְפֶען קֵיין טְרֶערֶען —
קֵיין בֶּעטֶען, קֵיין צָארן;
עָס צִיהֶען קֵיין לֵייצֶען,
זִי פִיהלְט נִישְׁט קֵיין שְׁפָּארן;
זִי זֶעהט נִישְׁט קֵיין גְרִיבֶּער,
קֵיין שְׁטֵיין אוּנ קֵיין דָארן
אוּנ גֶעהט אַלֶץ אִיהר אֵייבִּיגֶען וֶועג.

עֶס דוּנֶערְט וֶועזוּבִי 1),
עֶס פְלַאטֶערְט אַ שְׁטוּיבּ,
עֶס פִּישְׁצֶיעט אַ וֶוארְמִיל,
נְיאַגַארַא 2) מַאכְט טוֹיבּ —
זִי הֶערְט זֵיי וִוי אוּנְזֶער
קְרִיטִיק אָדֶער לוֹיבּ —
אוּנ גֶעהט זִיךְ אִיהר אֵייבִּיגָען וָועג. —

וָוענן טוֹיזֶענְדֶער נַחַת,
וֶוענן טוֹיזֶענְדֶער נוֹיטֶען,
זָאלל בְּלִיצֶען דֶער „מָארְגֶען"
מִיט גָאלְדֶענֶע צְווֹיטֶען —
זִי גְרִיסְט נִישְׁט דָאס לֶעבֶּען,
בֶּעוֵויינְט נִישְׁט דֶען טוֹיטֶען
אוּנ גֶעהט זִיךְ אִיהר אֵייבִּיגָען וָועג. —

1) אַ בוּלקאַן (אַ פֿייערשפּייענדיגער באַרג).
2) דער שטאַרקסטער וואַססער-פֿאַלל.

י. ל. פרץ.

## באַשֶׁע לֵאָה.

ווער קאָנן נאָך ווי באַשע לאה אויסרופֿען אַללע סחורות, וואָס ליגען אין קיישעל? אַז באַשע לאָה העבט אָן „אויסשרייען" מיט איהר הילכיגען, געזונדען סאַפּראַן: „פֿרישע אייער, ציבעלעס מאַרמעלאַדנע, פּעטרושקע, אֶפּפֿעל־הוילע צוקער. באַרנעס זיססע האָב איך" א. ז. וו. — אַז זי העבט עס אָן אויסשרייען, האָרט מען זי אויף דער צעהנטער גאַסס. אַזוי זאָגען עדות אַללע אַנדערע מאַרק־ווייבער.

און זי שרייט נישט גלאַט אַזוי, אָהן אַ סדר, אָהן אַ טעם, אַבי געשריען. זי מאַכט עס מעשה חזן, זי זינגט. „זי טאָקט אָב", זאָגען אַללע. ביי איהר קומט עס אַרויס מיט אַללערליי טאָנער, מיט פֿערשידענע וואַריאַציעס, אַז די דינסט מאָדלעך דערמאָנען זיך דען קאַדריל, וואָס זיי האָבען שבת געטאַנצט ביי באַשע לאה'ן אין שטוב . . .

— אַ סחורה אַ ביסל, — מאַכען אויף איהר די איבריגע ווייבער מיט די קאָפּף, ווענן זי זינגט אָב —, אַ שטוקע, פֿערשטוכט זאָלל זי ווערען!

נור די קללה איז נישט ערנסט. פֿערקעהרט. אַללע ווייבער ליעבען זי און גרויסען זיך מיט איהר שטימע און מיט איהר קאָננען אָבטאָקען מעשה חזן. בפרט זייט דער אַלטער פריץ גרינקעוויטש, וואָס ליגט שוין אַ פאָר יאָהר מיט די פֿיס אונטער זיך, האָט, ליגענדיג אין אַ זוממער טאָג ביי'ם אָפֿפֿענעם פֿענסטער, אויסגעשריען: „אַ, יאַקי זשידאָווקאָ מאַ גלאָס!" און האָט זיך געשטאַרקט און אויפֿגעהויבען זיך אַ ביסל און אַרויסגעקוקט דורכ'ן פֿענסטער אויף באַשע לאה'ן. דערביי האָט ער צו געשמייכעלט, ווי אַ מאָל אין די גוטע יאָהרען, ווענן די פֿיס האָבען איהן נאָך געטראָגען.

באַשע לאה איז אַ יונג ווייבעל פֿון אַ יאָהר צוויי און דרייסיג, פֿון מיטטעלען וואוקס. זי טראָגט אַ פאַריק, נור ער ליגט אויף איה אַזוי קינציג, אַז עס איז איהן נישט צו דערקעננען — גלייך אייגענע האָר. זי געהט אין אַ פֿערלאַפּעט קליידעל און יאַקעל, נור ריין אַרום זיך, און דער קאָליער געהט איהר צום געזיכט. אַ מאָל איז זי גאָר אַ שיינהייט געוועזען. היינט איז די הויט אויפ'ן פנים אַ ביסל צו דיקק; פֿון די חן־גריבלעך אויף די באַקקען זענען קנויטשען געוואָרען. נור איהרע אויגען פֿינקלען נאָך און אויף די ליפען שפּיעלט נאָך אַ לוסטיגער שמייכעל. בלינצעלט, שצורעט זי אַ מאָל מיט די אויגען, קריגט איהר פנים אַזאַ פֿראָהליכע מינע, אַז איהרע חבר'טעס

---

## די נייע בעוועגונג.

אין מערב־אייראָפּאַ, צווישען די שווערבעוואַפֿפֿענטע פֿאָלקער, וואָס אָטהמען קוים אונטער דער שטאָהלענער לאַסט; אין מערב־אייראָפּאַ. וואו די פֿרעססע פֿון האַסס צווישען פֿאָלקער, רעליגיאָנען, ראַססען און קלאַססען רייסט און בייסט מיט ווילדען כעס דען אייזערנען נאַמאָרדניק; וואו די רעגירונגען נוצען דען אַנטיסעמיטיזם אַלס דונער־אַבלייטער פֿאַר די גאָלדענע פּאַללען; וואו קינד און קייט וואַרפֿט זיך אין ווילדע חלומות פֿון דינאַמיט... אין מערב־אייראָפּאַ בעמערקט זיך צוגד אַ נייע בעוועגונג...

איבערן ווילד־ברויזענדען ים פֿליהט אַ טויב מיט'ן גרינעם בלאַטט פֿון שלום.

עס מאַכען זיך איבעראַלל מאָראַלישע געזעללשאַפֿטען. וואָס ווילל'ען, עס זאָלל אויפֿהערען דער אייביגער קריעג צווישען רעליגיאָנען, פֿאָלקער, ראַססען און קלאַססען; מענשען זאָללען אַוועקלעגען דאָס מאָרדערישע געוועהר פֿון האַנד, יעדערער זאָלל אַוועקלעגען דען קאַלטען רשע — דען עגאָאיזם, מענשען זאָללען אָנהעבען לעבען מאָראַליש, מיט יושר, מיט רחמנות...

זיי גלויבען אין דער מאָראַליטאָט, וואָס איז נישט דער אָבגלאַנץ פֿון דער בלאַנקער שווערט, וואָס שטעקט נישט אין קרופּס קאַרטאָטשען, וואָס האַלט זיך נישט אין דער געביילטער פֿויסט און געהט נישט האַנד אין האַנד מיט אייגענגוּן,

דערמאָנען זיך די „מאָדילשע יאָהרען" און באַשע לאה'ס אַמאָליגע „קונצען"...

— אָ, יאָ! דאָס איז אַ פֿייער געוועזען, אַ פֿייער! זאָגט מען און מען מאַכט אויף איהר מיט די קאָפּ.

— און וואָס איז זי יעטצט? רופֿט זיך אָב לוסטיג אַ טראָגערן.

— באַשע לאה'קע! ענטפֿערט אַ צווייטע מיט אַ טאָן, גלייך זי וואָלט יעטצט שוין פֿעראַנטפֿערט, ווער און וואָס באַשע לאה איז.

באַשע לאה האָט אַ סך מינים סחורה, ווי נור פֿון דאָס וועגען, כדי זי זאָל האָבען אַ סך אויסצוזינגען. שטענדיג זעהט מען זי מיט אַ קיישעל אייער אויף דער רעכטער און אַ קייש־ל עפּפּעל מיט באַרנען אויף דער לינקער האַנד. די עלטערע טאָכטער, אַ מאָדעלע פֿון אַ יאָהר צעהן, טראָגט איהר נאָך אַ קיישעל פֿלוימען מיט אַ קיישעל פּע־טרושקע, מערען, רעטיך. דערנאָך געהט די יונגערע זיבעניאָהריגע טאָכטער, מיט אַ קיישעל קרויט, טראָגענדיג עס פֿון פֿאָרנט מיטביידע האַנד. און צום לעטצט געהט נאָך אַ יונגעלע פֿון אַ יאָהר פֿיער—פֿינף מיט אַ „קראָנז" גרויסע ציבעלעס „מאַרמעלאַדנע" אויפֿ'ן האַלז.

פֿאַר באַשע לאה'ן איז אַלץ אַ סחורה. קוים ווייזט זיך עפּיס אַ נייער מין סחורה אויפֿ'ן מאַרק, ווערט מען שוין אין גיכען האָרען, ווי באַשע לאה זינגט איהן אויס.

און שטענדיג קומט אויס איהר נגון; שטענדיג געהט עס ביי איהר אַרויס אָבגע־טאָקט דורך די שמייכלענדיגע ליפּען.

באַשע לאה'ן האַלט מען פֿאַר אַ בריה נפלאה. מען זעהט זי קיינמאָהל נישט רוהיג זיטצען: שטענדיג איז זי אין גאַנג, שטענ־דיג זוכט זי עפּיס; איהרע אויגען וואַרפֿט זי אין אַללע זייטען.

— דאָס איז אַ בראַנד! זאָגט אויף איהר דער גאַנצער מאַרק.

נור פֿאַר דאָס האָט זי אַ שבת, אַ יום טוב, זעהר אַ פֿראָהליכען טאָג. באַלד נאָך מיטטאָג רוימט זי אויף דאָס צימער, וואַשט און פּוצט אויס די קינדערלאַך, טהוט זיך אַלליין איבער און זעצט זיך וואַרטען אויף גאָסט. איהרע געסט זענען איהרע קונים פֿון אַ גאַנץ וואָך — די דיענסט מאָדלעך פֿון ווייטע און נאָהענטע גאַססען. עס קוממען אויך עטליכע „קאַוואַליערען" — און עס ווערט געטאַנצט. אין קליינעם און נידריגען שטיבל ווערט צו ענג, נור דאָס מאַכט נישט אויס. מען צוועצט זיך אין בעט, אויפֿ'ן טיש, אויפֿ'ן פֿענסטער און וואו נור מען קאָנן, אַבי מאַכען גרוימער אין מיטטען.

באַשע לאה איז די פֿיהרערקע און זינ־

שאָוויניזם און רעליגיאָנס־האַסס!..

און זיי גלויבען, אַז דער מענש מוז זיך אויפֿחאַפּען פֿון דען ווּסטען שלאָף און דערזעהן די ליכט, וואָס שלאָגט איהם אין די אויגען! ער מוז דערפֿיהלען, אַז ער איז מ ע נ ש, און אַז נישט דער עגאָאיזם מיט נאָגעל און באַקקצאַהן, נור די ריינע מענשליכע מאָראַליטאָט דאַרף זיין דער קאָמפּאַס, צו פֿיהרען זיין שיפֿף איבערן ים!

---

איהר שאָקעלט מסופק מיט די קאָפּף! אונזער פּעססימיזם, וואָס איז אַרויס ־ווי אַ הונדס־שוואָם אויפֿ'ן מיסט פֿון די לעצטע צייטען, איז אַ נאַכט־געוויקס און דרעהט זיך צוועק פֿאַר יעדען ליכטיגען שטראַהל...

און דער עיקר, עס איז דאָך געגען די לעצטע פּוסקים! געגען דאַרווין, ספּענצער און ליפּפּערט, געגען די דריי זיילען, וואָס האַלטען אונטער די בילדונג אפילו אין ישיבות און בתי מדרשים.

מען זאָגט, אַז דער אייגענער בטלנישער ליץ, וואָס האָט געוויזען אויף דער האַנד, ווי אַזוי פֿראַנצויזען און פּרייסען האָבען מלחמה געהאַלטען, און האט, מיט אַ ש פּ י י אויף דער האַנד, דער־טרונקען עטליכע ראָטעס סאָלדאַטען פֿון ביידע צדדים, האָט אַמאָל אויך אויסגעטייטשט פֿון וואַנען עס נעמען זיך אַזוי פֿיעל פֿערשיעדענע מאָדען אין ווייבערישע קליידער.

יעדער פֿאַבריקאַנט — זאָגט ער — האָט שטעהן אַ פֿאַססעל מיט מוסטער שטיקלעך; אַללע מאָל האַפּט ער אַרויס אַ מוסטער, אַרבייט

גערקע אין די טאַנץ, זי איז שטאַנדיג אַ„הערר" און פֿיהרט איהר דאַמע „ווי אַ וואַהרער קאַוואַליער". איהר דרעה, איהר קעהר, איהר קלאַפּ מיט'ן פֿוס איז „אויף די קאָפּ צו שטעללען זיך!".

איהר מאַנן, וואָס האַלט נישט, ווי ער זאָגט, פֿון טאַנצען, ציהט זיך אויס אויפֿ'ן אויוון, האַלט נעבען זיך דען קליינען זוהן און, אונטערשפּאַרענדיג מיט איין האַנד דען קאָפּ, לאָזט ער קיין אויג נישט אַראָב פֿון זיין „אַלטיטשקער". ער קוועלט פֿון איהר, ער קלויבט נחת...

און באַשע לאה ווערט אַלץ פֿראָהליכער, לוסטיגער, אויפֿגערעגטער. זי קאָן שוין עפּיס נישט איינזיטצען אויף איין אָרט, זי שפּרינגט אַרום, מאַכט מיט די האַנד, בלינצעלט מיט די פֿינקעלדיגע אויגען, שלאָגט און באָרעט זיך מיט יעדען... יענמאָלט שטעהען צו איהר צו די גאָסט און בעטען, זי זאָלל טאַנצען דען „ציגיינער".

און באַשע לאה לאָזט זיך נישט לאַנג בעטען.

— שאַ, מאַכט אַ וואַרע! שרייט זי אויס. די גאָסט מאַכען איהר אָרט, און זי שטעלט זיך אַוועק אין עק ציממער, העבט אויף אַ ביסל מיט דער לינקער האַנד דאָס קלייד און מיט דער רעכטער אַ טיכל איבער'ן קאָפּ, גיט אַ היטציגען וואָרף מיט די אַקסלען, אַ דרעה מיט'ן טיכל איבער'ן קאָפּ און העבט אָן טאַנצען, צווינגענדיג זיך אַלליין דען נגון.

ווילד איז דער ציגיינער נגון. אין איהם גיסט זיך אויס דאָס גאַנצע ציגיינערישע לעבען. אָט יאָגט ער ווי אַ ווינד אין בּרייטען, פֿרייען סטעפּ, אָן שעפּציעט ער ווי בּיי'ם וואָראָזשען, בּיי'ם קאָרטען וואַרפֿען, אָט שטאַרקט ער זיך און בּרילט ווי אַ בּער, אָט פֿאַלט טיעפֿער דער טאָן, גלייך מען סודעט זיך אַרויסצוגנבנען אַ פֿערד פֿון שטאַלל און אָט העבט ער זיך ווייטער אויף, און דוננערט, און הילכט, גלייך ווי טויזענדער מענשען יאָגען זיך נאָך דעם פֿערד גנב, און ער, דער פֿערד גנב, טראָגט און יאָגט זיך אויפֿ'ן געגנבטען פֿערד פֿייל פֿון בּויגען.

נור נאָך ווילדער, נאָך שטורמענדיגער איז דער ציגיינער־טאַנץ. דאָס דרעהט זיך אַ שטורם ווינד, וואָס טראָגט מיט זיך גאַנצע בּערג זאַמד, נישט געפֿינענדיג אין דער גרענצענלאָזער סטעפּ קיין שום פֿער־האַלטונג, נישט אין דער לאַנג און נישט אין דער בּרייט.

און וואונדערליך־קונציג טאַנצט איהן באַשע לאה. די גאָסט קאָננען די אויגען נישט אַוועקרייסען פֿון איהרע פֿיס, און קאָננען קוים בּעמערקען, ווי זיי בּייגען

---

גאָך אַ סחורה און — עס ווערט אַ נייע מאָדע! און, אַז ער האָט דאָס גאַנצע פּאָססעל געענדיגט, דרעהט ער עס איבער קאַפּויר, און עס קומט אַרויס גאָר אַ נייע מאָדע, וואָס די בּאָבע־יאַחנע האָט נאָך געטראָגען.

איך ווייס נישט, ווי אַזוי עס געהט צו בּיי פֿאַבּריקאַנטען, נור אין דער פֿהילאָזאָפֿישער אינ־דוסטריע איז זיכער אַזוי!

אַלטע סיסטעמען שטעהען אויף תחית המתים און ווערען צוריק די נייעסטע מאָדע... אין אַ צייט אַרום פֿערליערט דער נייער סיסטעם דאָס געזונד, העבט אָן הוסטען, קריגט אַסטמאַ — פֿאַלט און ווערט בּעגראָבען, און אויף זיין אָרט שטעהט אויף אַ נייער שוכן־עפר; אַ נייע פֿהילאָ־זאָפֿיע פֿון דער בּאָבע־יאַחנעס צייטען — און די בּאָבע־יאַחנע, אויב זי לעבט נאָך, טאַנצט פֿאַר פֿרייד, אַז איהר צייט איז צוריק געקוממען!

דאַכט זיך, אַז „כל דאלים גבר" (ווער עס איז שטאַרקער, בּיי דעם בּלייבט עס!) איז איינע אַלטע פֿהילאָזאָפֿיע, נאָך פֿון אדם הראשון'ס צייטען... איין אמת'ע, נאַקיטע וואַלד־פֿהילאָזאָפֿיע — אַלץ ווענדט זיך אין דער פֿויסט. די וועלט איז אַ קניהש; ווער עס איז שטאַרקער, בּייסט פֿריהער אַריין; ווער עס האָט אַ בּרייטערען מויל און בּעססערע צאָהן, רייסט אָב אַ גראָססער און אַ בּעססער שטיק... אָדער, ווי מען פֿלעגט צו זאָגען: אויף דער וועלט איז ווי אויף אַ חתונה — חאַפּ און פֿרעס, חאַפּ און זויף!

דער סיסטעם איז אַזוי אַלט, ווי דאָס ווילדע לעבען. — נישט איינמאָל האָט זיך אפילו שוין געדאַכט, אַז די מאָראַליטעט, אַז דער יושר פֿון

זיך, און דריקען פערוואונדערט מיט די אַקסלען.

— אַ, אַ! שדים זיטצען אין איהרע פּים!... שרייט ווער אוים.

— אַ, אַ! זענען אַללע מודה און שאָקלען מיט די קאָפּף.

נור אָט האָט זי געענדיגט. זי וואַרפט זיך אויף אַ שטוהל, און עס ווערט אַ פּאַטשעריי: בראַוואָ! בראַוואָ!

— וואָס זאָגט איהר צו מיין אַלטיטשקער? ריפט באַשע לאה'ס מאַנן פון אויווען, אַראָבקוקענדיג אויף איהר מיט אַ גליקליכען שמייכעל.

פאַר נאַכט, אַז עס ווערט שוין פינסטער, האָרען אויף די טאָנץ. עס ווערט שטילל. די גאָסט פערנעהמען אָרטער — מען גרייט זיך צו עפּים... באַשע לאה וועט געבען קאָנצערט.

אַללע אויגען קוקען אויף איהר; פון אַללע זייטען שיטטען זיך בקשות, זי זאָלל דאָס אָדער יענס זינגען. באַשע לאה'ס אויגען העבען אָן אויפ'ס ניי צו ברענגען; דאָס פנים פלאַמט. נור זי זעהט יעצט אוים ערנסט, פערקלעהרט און אפילו טרויעריג. זי שטעהט אין מיטטען צימּמער מיט אַ חנודיגען שמייכעל אויף די ליפּען און קוקט אויף די גאָסט. נור זי טראַכט יעצט נישט וועגען זיי און זי זעהט זיי ווי דורך אַ נעבעל, אַ טומאַן.

— נו, שטילל זאָלל זיין, הולטייקעס! זאָגט זי ענדליך אַרוים, און פון איהרע האַלב אָפּענע ליפּען רייסט זיך אַרוים אַ שטאַרקער ברוסט-טאָן — און עס העבט זיך אָן דער קאָנצערט.

זי זינגט געוואָהנליך טרויעריגע זאַכען. „אַ פראָהליכס, זאָגט זי, געהט עפּים נישט ביי מיר". איהר פנים ווערט אַלץ ערנסטער, טרויעריגער, טיעפזיננינגער; דער שמייכעל פערשווינדט פון די ליפּען. די באַקען פייערן, און די אויגען לייכטען אַזוי מילד, אַזוי ווייך...

זי פערגעסט אין אַללעם. זי קאָנן שוין נישט איינשטעהן אויף איין אָרט און העבט אָן אומגעהן איבערן צימער ווי פערחלומ'ט. און דער געזאַנג ווערט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, און שטאַרקער העבט זיך און פאַלט די ברוסט, געשווינדער קלאַפּט דאָס האַרץ. עפּים איז איהר אַזוי שווער, און עס ווילט זיך איהר וואָס האָכער און שטאַרקער זינגען, און עס דוכט זיך איהר, אַז עפּים וועט זי אויסזינגען, אַז עפּים וועט איהר דערנאָך ווערען אַזוי גרינג, אַזוי מחיה-דיג...

אַללע אַרום זענען ווי פערכשופט, ווי פערשטיינערט. מען גיט זיך נישט קיין ריהר,

---

צאָהן-און-נאָגעל איז אָבגעשוואַכט, אָבגעניצט, אַז מיר האָבען די „טהייערע שמאַטע" אין ארחיוו אַריינגעלעגט, וואו זי איז שוין מיט שיממעל בעוואַקסען; אַז מיר, מיר מענשען, האָבען שוין איינגעזעהען, אַז דאָס פאַסט נור פאַר ווילדע חיות און נאָך נאַקיטע ווילדע לייט, אַז מיר דאַרפען זוכען אונזער גליק אין עפּים אַנדערש, עפּים גראָססערס, האָכערס... און דאָך — האָט זיך נור אַזוי געדאַכט! די פהילאָזאָפּישע פאַבריקאַנטען פון נייינצעהנטען יאַהר-הונדערט: דאַרווין, ספענצער, ליפּפערט און אַללע זייערע נאָכשלעפּער און נאָכשטופּפער האָבען די מאָדע בעגייערט!

דאַרווין האָט בעמערקט, אַז דורך ערציהען, לעבען אויף אַ געוויססע אַרט, אין אַ געוויססען קלימאַט, אין געוויססע בעדינגונגען — פערענדערט זיך דער קאָרפּער פון מענשען און טהיערע און דערפון איז איהם איינגעפאַללען, צו בעניי'ען דעם אַלטען לאַמאַרקישען סיסטעם, אַז גאָטט האָט קיין בעזונדערע מינים נישט בעשאַפען, אַז פון זיין האַנד איז נור איין לעבען אַרוים, אַז די אַללע מינים, משפחות און סאָרטען קוממען אַרוים מיט דער צייט—איין מין פון צווייטען, איין סאָרט פון צווייטען; און דאָס ווענדט זיך אין די פערשידענע פערענדערונגען, וואָס מאַכען זיך אינ'ם לעבען... נור — וואָס שאַדט עס אונז? וואָס זאָלל אונז דער פוסטער יחוס? אדרבא, עס איז מעהר כבוד, אַז מיר האָבען זיך אַלליין אויסגעאַרבייט, אַלליין מיט דער צייט פאַר מענשען געמאַכט, דען עקק פערלוירען און אַזוי פיעל שכל, אַזוי פיעל יושר בעקוממען! נישט איינער זוכט אפשר אין שלאָף דען

מען לאָזט נישט קיין פּאַרע פֿון מויל.

דאָס זיבעניאָהריגע טאָכטערל שפּאַרט זיך אָן אין אַ שויס פֿון אַ מאָדעל, מיט ביידע האָנדלעך אונטערהאַלטענדיג דאָס קליינע קעפּעל, און לאָזט פֿון דער מאַמען קיין אויג נישט אַראָב. דאָס קליינע פּנימל פֿלאַמט, די אייגעלעך ברענגען, דאָס האַרץ קלאַפּט שטאַרקער.

זוטמער, ווען דאָס פֿענסטער איז אָפֿען, קלינגט בּאַשעס לאה'ס שטימע ווייט איבער'ן אָרמען גאָססעל.

ביי די טהירען און טויערן פֿון די איינגעבויגענע הייזלעך זיצען די אָרמע איינוואָהנערינען, אונטערגעשפּאַרט ערהייט די קאָפּף, און זינגען זיך צו שטיללערהייט באַשע לאה'ן, און עס ווערט זיי אַזוי אומעדיג און אַזוי גוט צוזאַממען, און זיי האָבען נישט קיין חשק און נישט קיין כח אויפֿהעבען זיך פֿון אָרט, אָבּרייסען זיך פֿון באַשע לאה'ס געזאַנג.

און געגענאיבער אין שניידערישען שוהלעכיל שטעהט דער עולם די מעריבדיגע שמונה עשרה. אין שוהלעכיל איז נאָך פֿינסטער, און דער עולם דאַווינט מיט האַרץ און חשק. נור אָט פֿליהט אַריין דורך די אַלטע, צופֿוילטע פֿענסטער באַשע לאה'ס געזאַנג — און דער עולם ווערט צורודערט, די מחשבות ווערען צושטאָרט און עס ווערט שוואַכער דאָס שאָקלען זיך און שעפּציען. נור זייער רבי, דער פּרוש, „שטאַרקט זיך", רייבט דען שטערן און שרייט אויס: „נו, אַ!" און העבט אָן שטאַרקער צו שאָקלען זיך, פֿעסטער צו ברוממען דאָס שמונה־עשרה. דער עולם כאַפּט זיך אויף ווי פֿון שלאָף און העבט זיך אָן ווייטער צו שאָקלען און שעפּציען, נור דאָס האַרץ דריקט דאָך אַזוי מאָדנע...

נור אָט צו גיסט זיך איבער'ן גאָססעל אַ לאַנגער הויכער טאָן — באַשע לאה האָט געענדיגט.

די גאָסט אָטהמען אָב; עס ווערט אַ גערודעריי, אַ שרייעריי: מען לויבט די זינגערן.

— פֿערברענט זאָלל זי ווערען, סאַר' אַ זינגען!

— אַי, שטום זאָלל זי ווערען! אַ מין קולבעל!

— אַ האַלז פֿון אַ גוטען זולל וסובא!

— אַ ווייבעלע אַ ביסל!

נור דאָס קליינע טאָכטערל לויפֿט צו צו באַשע לאה'ן, כאַפּט זי אַרום אַרום האַלז און דריקט זי צו זיך שטאַרק, שטאַרק...

— אוי, מאַמעניו, האָב איך דיך האָלט! זאָגט זי אַרויס מיט היטץ.

און דער פֿאַרבער קריכט אַראָב פֿון אויווען און פֿראָגט מיט טרעהרען אין קול:

עקק, ווי איין אַלטער דייטש די יאַרמולקע, נישט איינעם חלום'ט זיך נאָך דער וואַלד... נור מיט דער צייט ווערלען די חלומות און דאָס זוכען דען נאָכטיגען טאָג אויפֿהערען, פֿערשווינדען...

אמת איז, אַז אין „בראשית" איז די מעשה אַנדערש פֿערצאָהלט... נור „מעשה בראשית" איז נישט געשריבען פּראָסט „כדבר איש אל רעהו" — עס איז פֿולל סודות; איך זעה עפּיס אַנדערש, יענער עפּיס אַנדערש און דער אַלשיך — עליו השלום — אויך עפּיס אַנדערש... ווער ווייסט, אפשר מיינט גאָר דאָס דער פּסוק... אַ קשיא אויף אַ מעשה! אַז „חמיץ" קען זיין על פּי קבלה דער יצר הרע און „מצה" דער יצר טוב, האָטש זיי שטעהען ביידע נישט אין מעשה בראשית, קאָנן „חוה" זיין די פֿאַנטאַזיע, וואָס טרייבט דען מענש צו זוכען נייע אמת'ן, נייע וועגען; דער „עץ הדעת" — די קולטור און די שלאַנג — דער „סקעפּטעציזם", דאָס מסופּק זיין, דאָס אונרוהיגע פֿראָגען: פֿאַר וואָס און פֿאַר ווען, דאָס וואָס לאָזט אונזער פֿאַנטאַזיע נישט שלאָפֿען און נייט זי, זי זאָלל אַללע רגע אויפֿשטעללען נייע סיסטעמען, נייע הייזליך פֿון קאָרטען, „אויף וועלכע דער פּויערישער שכל הישר דאַרף נור אַ בלאָז טהון, זיי זאָללען אומפֿאַללען"...

פֿערצייטענס וואָלט מען אַזאַ דאַרווין פֿערברענט, נור היינטיגע קאַלטע צייטען האָט ער אויסגעלעבט זיינע יאָהרען און געפֿונען נאָך אַ גאָטסגעלעהרטען, וואָס האָט אויסגעלייגט דען פּסוק, ער זאָלל פּאַססען צו זיין טעאָריע; נאַטירליך — דעם פּסוק צוליעב. —

— נו, וואָס זאָגט איהר צו מיין אַלטיטשקער! האַ?

באַשע לאה שמייכעלט שוין ווייטער.

(דוד פינסקי.

# מָשִׁיחַ.

אין שטוב איז שוין טונקעל. אַ גאַנצען טאָג האָט געטריפּעט אַ קאַלטער, דראָבנער רעגען און דעריבער פאַלט אַזוי געשווינד צו די נאַכט.

עס איז נאָכ'ן שלש־סעודות. דער טאַטע האָט גענוממען די גראָבע קאַפּאָטע און איז אַוועק געגאַנגען אין שטיבעל אַריין מעריב דאַווינען; מיך האָט די מאַמע נישט גע־אָוט מיטנעמען: דער זיבענ־יאָהריגער, ציטטעריגער בן יחיד האָט זיך געקאָנט אין אַזאַ וועטטער לייכט פערקיהלען.

זי האָט זיך אַניעדערגעזעצט, ווי איהר שטייגער איז געוועזען, ביי'ם פענסטער און האָט אָנגעהויבען שטילל צו שעפּציען דען „גאָטט פון אברהם". איך האָב מיך געזעצט אויף אַ באָנקעלע איהר צופיססענס און האָב, אויך ווי געוואָהנליך, אָנגעשפּאַרט דען קאָפּף אויף דער מאַמעס שויס.

עס איז נאָך טונקעלער געוואָרען; איך האָב שוין נישט געזעהען מיין אייגענע האַנד, וואָס איך האָב געהאַלטען נישט ווייט פון די אויגען. אין דער פינסטער האָב איך מיך קיינמאָל נישט היימליך געפיהלט, האָב איך דעריבער נאָך פעסטער צוגעדריקט דען קאָפּף צו דער מאַמעס קניע.

דאָס בעשטאַנדיגע קלאַפּען פון די טראָפּפען רעגען אין די שויבען אַריין, צוזאַממען מיט דער מאַמעס טרויעריגען, שטיללען, האַלב געזונגענעם „גאָטט פון אברהם", האָבען מיך גאַנץ געשווינד איינגעשלאָפען... איך האָב צוגעמאַכט די אויגען, נור אין דרימעל האָר איך נאָך אַלץ דער מאַמעס טרויעריגע שטיממע:

כל ישראל'ס קינדערליך זאָללען זאָגען: אמן!

מיר זאָללען זוכה זיין משיח'ן אַ קעגען צוגעהן.

אמן ואמן — עס זאָלל ווערען וואָהר, משיח זאָל קוממען דאָס היינטיגע יאָהר...

— אמן! האָב איך נאָכגעזאָגט פערשלאָפען, נור מיט'ן גאַנצען האַרץ... איך האָב דעמעלט אַזוי געוואָלט משיח זאָלל שוין קוממען!

---

אין יענער צייט האָב איך אפילו טהייל

---

נור דאַרויין איז געפאַללען אויף נאָך איין המציאה. וואָרען די שאלה איז: פאַר וואָס ווערען טהייל פעראָנדערונגען פערשוואונדען און אַנדערע האַלטען זיך שטאָהל און אייזען? מיר ווייסען, אַז נישט איינמאָל ווערט געבוירען אַ קאַלב מיט צוויי עקקען, אָדער מיט צוויי קעפּף, מיט זעקס פיס — פאַר וואָס בלייבט פון דעם אַלעם קיין זכר נישט, און פאַר וואָס, אַז עס האָט זיך נור בעוויזען אַ האָרן, האָבען זיך באַלד אַללע בהמות פערקוקט און האָרנער בעקוממען? אויף דעם איז די תשובה: כל דאלים גבר! דאָס לעבען איז איין אייביגע מלחמה, איינער מיט'ן אַנדערן, איין מין מיט'ן צווייטען און איין משפחה מיט דער צווייטער... אַללע שלאָגען זיך שטאָנדיג און גובר איז דער שטאַרקערער — דעריבער איז דאָס קאַלב מיט איבריגע פיס נעלם געוואָרען, ווייל פיער פיס איז איבעריג גענוג, בפרט — איין קאָפּף! נור דער אָקס מיט'ן האָרן, וואָס איז געוואָרען אַ שור נגח, האָט זיך טאַקי געמעהרט און געפריכטבאַרט... אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז עס זענען געוואָרען אַ וועלט אָקסען מיט האָרנער און די רעשט אָקסען אָהן האָרנער זענען נעלם געוואָרען... אויסגעפייגערט אָדער אויפגעפרעססען געוואָרען פון אַנדערע בהמות, ווייל פון פרעה'ס חלום זעהט אויס, אַז אַמאָל האָבען די קיה איינס דאָס אַנדערע געגעססען גאָר מענשען צו גלייך! פון וואַננען עס האָט זיך דער ערשטער האָרן גענוממען, דאָס ווייסט דער טייפעל, גענוג — אַ האָרן האָט זיך בעוויזען און דער ערשטער גליקליכער אָקס, וואָס האָט'ן געקריגען, האָט מוצא חן געוועזען ביי די קיה, ער האָט געהאַט אַ כך

מאָל נישט געקאָנט פֿערשטעהן, ווי אַזוי משיח — אַודאי אַ יוד אַ למדן — וועט זיך נישט שאָמען צורייטען איבער דער גאַסס אויף אַיין אֵייזעל און וועט איהם קלאַפּען מיט די פּיס אין בויך אַריין, ווי אַ בעל־עגלה, וואָס רייט פּאָיען אַ פֿערד... דאָס גאַנצע בלוט פֿלעגט מיר קוממען אין פּנים אַריין, טראַכטענדיג, ווי די „שטאָדטשקצים" וועללען דערזעהען, אַ יוד מיט אַ לאַנגער גרויז־גראָהער באָרד רייטענדיג אויף אַיין אֵייזעל... זיי וועללען לאַכען אין די פֿויסטען אַריין: „יאַק זשיד וויערהשעם יעדזיע"... נור די בושה, — האָב איך מיך געטרייסט,— וועט געדויערען אַ רגע — דערנאָך וועלל'מיר זעהען, ווער עס וועט לאַכען! עס וועט קוממען אַ וואהלע, אַ גליקליכע, גילדענע און אייביגע צייט... דער טאַטע וועט שוין נישט זיפּצען אַ גאַנצע וואָך אויף פּרנסה און נאָכ'ן עססען, ביי'ם בענשען נישט אַזוי וויינענדיג דריקקען די וואָרטער: „מידך הרחבה והמלאה!" און די מאַמע וועט שוין נישט בגנבה אויסווישען זיך די הייסע טרערען מיט'ן אַרבעל... עס וועט שוין קיין פּרנסה נישט פֿעהלען — אויף די ביימער וועללען וואַקסען בולקעס...

אויך וועט זיין תחית המתים... מיין יונג ברודעריל, וואָס מען האָט פֿאַריאָהרען ערשט אַריינגעלעגט אין דער ערד אַריין, וועט אויפֿשטעהן און די מאַמע וועט וויטער האָבען איהרע ביידע קינדער!

אויך אונס, תּלמידים'לעך אין חדר, וועט גוט זיין!... קיין רבי וועט שוין נישט קנייפּען, נישט שלאָגען!... עס וועט זיין אֵיין ישיבה פֿאַר דער גאַנצער וועלט, פֿאַר יונג און אַלט צוזאַממען, און משיח, און אפשר גאָטט אַלליין — וועט לערנען מיט'ן עולם, ווי דער דיין מיט דער חברה ש"ס... און זיי וועלל איך זיכער פֿערשטעהן... זיי וועללען נישט שפּריטצען מיט'ן מויל און נישט רעדען אַזוי שטומפּיג ווי דער רבי...

* * * *

און די מאַמע חזר'ט נאָך אַ מאָל איבער:

אמן ואמן — עס זאָלל טערען וואָהר.

משיח זאָלל קוממען דאָס היינטיגע יאָהר.

— רבונו של עולם, טראַכט איך מיר, פֿאַר וואָס קומט ער טאַקי נישט?

זייט איך געדענק, זאָגט אַלץ די מאַמע דען „גאָטט פֿון אברהם" יעדען שבת פֿאַרנאַכט מיט אַ קול, וואָס קאָנן שטיינער ריהרען... דאָס אֵייגענע טהוען אַללע פֿרוממע ווייבער אויף דער גאַנצער וועלט! מיר, מאַנספֿערשוינען, שווייגען אויך נישט! מיר דאַווינען דריי מאָל אין טאָג און בעטען זיך

קינדער און האָט זיי אַללע פֿערירשענט דען האָרן... טרעפֿט זיך אַמאָל אֵיינס ווערט געבוירען מיט אַ גאָהלען קאָפּף — געהט עס לאבוד, — ווי אֵיינער אָהן כלי זיין אין דער מלחמה מיט שטאַרק בעוואָפֿפֿענטע! טחוירען, למשל, האָבען אַמאָל געלעבט ווי אַללע אַנדערע חיות ובהמות; פּלוצלינג האָט אַיין טחויר אָנגעהויבען צו שוויטצען מיט אַ ריח, ווי פֿון אַ בעל־תשובה, נעבען וועלכען עס קאָנן אפילו קיין צדיק נישט אַיינשטעהען... מיט דער צייט האָט מען אַללע טחוירען אויפֿגעגעססען, נור פֿאַר דען טחויר איז יעדערער ענטלאָפֿען, און ער מיט זיינע יורשים זענען געבליבען לעבען, און זיי מעהרען און פֿרוכטבאַרן זיך, אַז מען פֿיהלט זיי שוין אפילו אין דער ליטעראַטור... פּאָקשיווע (אָדער ווי די ליטוואַקעס רופֿ'ען: קראַפּיווע) איז אַ מאָל געוועזען אַ געוויקס ווי אַללע געוויקסען, נור פֿון דער העללער הויט האָט אַיין פּאָקשיווע אָנגעהויבען צו שטעכען און צו בריהען; מיט דער צייט האָט מען אַללע מינים פּאָקשיווע צו טרעטען און אויסגעריססען, נור די בריהענדיגע און שטעכענדיגע זענען געבליבען! און אַזוי אַללע חיות ובהמות! טהייל פֿערד האָבען אפשר אַמאָל קיין עקקען נישט געהאַט. נור די אָהן עקקען האָבען די פֿליגען אויפֿגעגעססען, און נצול איז געוואָרען נור דאָס פֿערד, וואָס האָט זיך געקאָנט קראַטצען מיט'ן עקק ביז'ן קאָפּף.

הכלל אַ מלחמה און מען דאַרף נור גוט כלי זיין!

נור כל זמן דאָס אַלץ איז נור נוהג אין וואַלד און פֿעלד, צווישען חיות און בהמות... אַרט מיך

אַ ל ל ע אין אײנעם: ער זאָלל קוממען! אונ ער — זוימט זיך אַלץ אונ זוימט זיך!

אַז דער דרדיקי מלמד האָט מיר דאָס ערשטע מאָל פערטײטשט דען אני מאמין, אַז „אחכה לו בכל יום שיבא" איז די טײטש: „איך וואַרט אויפ'ן יעדען טאָג, ער זאָלל קוממען", האָב איך טאַקי געמײנט, אַז מען וואַרט אויפ'ן באמת... אַז מאָרגען אָדער איבער מאָרגען מוז ער קוממען!... א י ב ע ר ד ע ר וואָך אודאי! ציַנד האָב איך שוין געוואוסט, ווי לאַנג מיר זענען שוין אין גלות, איך האָב שוין געוואוסט וויפיעל הונדערטער יאָהר מיר ריכטען זיך, אונ ריכטען זיך אומזיסט... אונ דעריבער האָט מיך דורכגענוממען אַ וואונדערליכער האַרצווייטאָג...

מיט'ן גאַנצען יונגען, פרישען האַרץ האָב איך געגלויבט, אַז גאָטט איז גערעכט... ער איז אַודאי גערעכט!... אַז דאָס, וואָס משיח קומט נישט, זענען מיר מיט אונזערע זינד שולדיג, אַז משיח קאָנן איבער אונזערע חטאים נישט קוממען... ער קאָנן נישט! נור דאָך... ווען גאָטט זאָלל ב א מ ת ו ו ע ל ל ע ן... וואָלט ער שוין געקוממען!

מײן טאַטע איז קעגען מיר אויך שטאָנדיג, שטאָנדיג גערעכט... אַז ער זאָגט: „ניין!" ווייסט ער פאַר וואָס, אונ דאָך... אַז איך שפּאַר מיך אײן, אַז איך הײב מיך אָן שטאַרק צו בעטען... קריגט ער באַלד אויף מיר רחמנות אונ טהוט מ י ר צוליעב!... די מאַמע קאָנן ביי מיר קײן טרער אין די אויגען נישט ז ע ה ן... אונ פאַר וואָס גאָטט?...

עס האָט זיך מיר געגלוסט צו וויינען, נור איך האָב מיך געשעמט פאַר דער מאַמען. איך האָב מיך אײנגעהאַלטען, איך זאָלל נישט אַרויס מיט אַ קול, אונ איבערגעדרייט זיך אויף אַ זייט, די מאַמע זאָלל אויף דער קניע נישט דערפיהלען די טרערען, וואָס האָבען מיר געקאַפּיט אונ געקאַפּיט פון די אויגען.

נור קוים האָב איך מיך איבערגעדרייט, האָב איך דערזעהן אַ וואונדערליכע געשטאַלט, וואָס האָט זיך געלאַססען צוגערוקט צו מיר.

אונ איך האָב מיך אפילו פאַר דער געשטאַלט נישט געשראָקען: אַזוי פיעל גוטסקייט איז געוועזען אויסגעגאָססען אויף איהר פנים!... עס איז געוועזען אַ הויכער שאָנער יוד, מיט אַ לאַנגער גרייזגראָהער באָרד ביז'ן גאַרטעל אונ מיט אַזוינע ערליכע, גוטע אויגען, מיט אַזאַ ווייכען, רחמנות'דיקען בליק, אַז עס איז נישט מעגליך געוועזען צו דערשרעקקען זיך.

ער איז צו געקוממען גאַנץ נאָהנט צו

---

נישט, לוינט אפילו נישט צורערגעהן, פון וואַנגען עס האָבען זיך גענוממען די ערשטע פעראַנדערונגען, דער ערשטער האָרן, דער ערשטער שוויינס, דער ערשטער עקק... כדאי זיך דעריבער דען קאָפּף צו פערדרעהען; מיר זענען שוין ל אַ נ ג פון וואַלד אַרויס, אונ ביי אונז, דאַכט זיך, איז גאָר פערקעהרט. אָט האָט ושתי אַ האָרן בעקוממען, דאַכט זיך אַ וואהל כלי זיין אין דער מלחמה צווישען מאַנן אונ ווייב אונ אפילו צווישען ווייבער, אונ דאָך — איז דער מוסר שטאַרקער געוועזען פאַר'ן האָרן: אחשורוש האָט אײנגעזעהן מיט'ן שכל פון זיינע עצה-געבער, אַז אַ ווייב דאַרף פאָלגען אַ מאַנן, אַז יעדער מאַנן מוז האָבען צו שאַפּפען ביי זיך אין דער היים, אפילו ווען ער איז אַזוי קלוג ווי אחשורוש אונ דערביי נאָך אַזוי שכור, אַז ער הייסט, די פלונית'טע זאָלל אַריין קוממען גאָר על פי פשט, אָ ה ן אַיין אײנהיעל... אמת איז, אַז די ממשלה, וואָס אַ מאַנן האָט, איז, כל זמן דאָס ווייב איז אין שטוב, נישט אַזוי פעסט... נור דער „יושר" האָט פאָרט גובר געוועזען דען האָרן, אונ ושתי האָט געמוסט אָבטרעטען אסתר המלכה'ן די קרוין.

עס ווערען גאַנץ אָפט געבוירען מענשען מיט צו שאַרפע צאָהן, צו האַרטע פויסטען, אָדער מיט נשמות פון טהוירען אונ פוקסען, נור מיר האָבען שטאָנדיג געמיינט, אַז פאַר זייערט וועגען טאַקי האָבען מיר קרימינאַלען, אַרעסטען, אונ טהייל מאָל (בסוד זאָלל עס בלייבען) אַ בינטעל הייסע ריטטער... ביז מען ווערט פון זיי פטור... אונזער לעבען, האָבען מיר געמיינט, ריננט שוין כמעט אַזוי קלאָר ווי אַ וואַססער... עס פ אַ ל ט אמאָל אַריין

מִיר אוּנ הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען מִיט רחמנות אַ לײבֿטֶען, לייטזעֶליגען קנִיפּ אִין בּאֶקקֶעל.

— אִיךְ בִּין משיח, הָאט עֶר זִיךְ אִיבֶּערֶעבּויגֶען צוּ מִיר אוּנ אַייִנגֶערוּימט מִיר אִין אוֹיעֶר אַריין, — אִיךְ בִּין משיח, אוּנ, ווײַל דוּ בֶּענקסט אַזוֹי נאָךְ מִיר, האָבּ אִיךְ מִיךְ דִיר בֶּעווִיזֶען...

דאָס האַרץ אִיז מִיר אַוועק פֿאַר תענוג.

— נוּר בּאמת קוּמֶמֶען — הָאט עֶר צוּגֶעגֶעבֶּען טרוֹיעֶרִיג — קאֶנן אִיךְ נִישט... עֶס אִיז אַ גזרה פֿוּן גאָטט... עֶס מוּסס זײַן, ווִי דוּ ווײַסט, אָדער כּוּלוֹ זכּאי — אַללֶע גערֶבֿעֶט, אָדער כּוּלוֹ חייב — אַללֶע שוּלדִיג...

אוּנ דאָס, מײַן קִינד, הָאט עֶר שוועֶר אָבגעזיפֿצט, — אִיז נִישט אַזוֹי לײַבֿט, ווִי דוּ מײַנסט!

— פֿאַר וואָס? פֿראָג אִיךְ, צוּגאָסטען אִין טרעֶרען.

— אָח, מײַן לִיעב קִינד, מאַבֿט טרוֹיעֶרִיג דִי געשטאַלט, — דוּ ווײַסט דעֶנן, וואָס אִיךְ לייד? אִיךְ בִּין דאָךְ שטאֶנדִיג אוּנטעֶר ווֶעגס... זוּממעֶר נעֶמט מִיךְ דוּרךְ דִי הִיטץ אוּנ ווינטעֶר — דִי קאֶלט... שטאֶנדִיג געֶה אִיךְ אוּנ געֶה, אוּנ קאֶנן קײנמאָל צוּ'ן אַייךְ נִישט קוּמֶמֶען...

עֶס מאַבֿט זִיךְ אַמאָל אַ צייט אוּנ עֶס דאַבֿט זִיךְ — כּוּלוֹ חייב; אִיךְ העֶב אָן געֶהעֶן — שפּרִינגט פֿלוּצלִינג אַרוֹיס אַ יוּד אַ קבצן, פֿעֶרזעֶצט אַ משכון אוּנ קוֹיפֿט אַיין אתרוג, אַ הדר! „צוּרִיק!" — שרייט אַ בת־קול — אוּנ אִיךְ מוּסס געֶהן צוּרִיק... עֶס מאַבֿט זִיךְ ווייטעֶר „כּוּלוֹ זכּאי", אַמאָל אִין טוֹיזעֶנד יאָהר, אִיךְ העֶב ווײַטעֶר אָן געֶהעֶן... נאַ! טהוּט זִיךְ פֿלוּצלִינג אַ יוּד אָן דײַטש... דאָס בת־קול רוּפֿט ווייטעֶר: „צוּרִיק!"... אוּנ אִיךְ מוּסס רייטען צוּרִיק!

אוּנ אַזוֹי שטאֶנדִיג אוּנ שטאֶנדִיג...

ווײַסט דוּ שוֹין, מײַן קִינד, וואָס אִיךְ שטעֶה אוֹיס?

— אַ מערכה, הָאט עֶר צוּגעֶגעֶבעֶן, — וואָס אִיךְ געֶה חאָטש נִישט צוּ פֿוּס... זײַ וואָלטעֶן מִיר שוֹין לאַנג געֶשוואָלעֶן געֶוואָרעֶן...

דאָס האַרץ בּרעֶבֿט מִיר פֿאַר רחמנות.

— בּאַ, הָאט עֶר צוּגעֶגעֶבעֶן נאָךְ טרוֹיעֶרִיגעֶר, — וואָלט אִיךְ געֶהאַט אַ גוּט רייט־פֿעֶרד, פֿוּן מצרים... אַזוֹי ווִי שלמה המלך האָט געֶהאַט, וואָלט אִיךְ בּײַ'ם עֶרשטען בּעֶפֿעֶהל: „געֶה!", אַריינגעֶזעֶצט אִיהם דִי שפּאָרען אִין לײַב אַריין, אַז אִיךְ וואָלט מִיט אַיין שפּרוּנג געֶוועֶזעֶן אִין „תפוצות ישראל"... דאָס בת־קול וואָלט געֶמאָגט שוֹין רוּפֿעֶן...

רייט אִיךְ אָבעֶר אוֹיף אַיין אֵייזעֶל, אוֹיף

---

אַ שטײנדעל, מאַבֿט עֶטלִיבֿעֶ ראָדלִיךְ אַרוּם זִיךְ, נוּר בּאַלד ווערט עֶס פֿעֶרשוואוּנדעֶן מִיט דִי ראָדלִיךְ צוּזאַמֶמען, דעֶר שפּיגעֶל גלייבֿט זִיךְ אוֹיס אוּנ רִינט ווייטעֶר אַזוֹי רײַן, אַזוֹי קלאָר ווִי דעֶר הִימֶמעֶל... טִיעֶפֿעֶר אִיז אפילוּ קאַלט אוּנ פֿינסטעֶר, אוּנ דעֶר העֶבֿט לאָסט דעֶן קאַרפּ נִישט שלאָפֿעֶן, נוּר מִיט דעֶר צייט, האָט מעֶן געֶמײַנט, ווֶעט מעֶן דאָרט אוֹיךְ אַריין קוּקעֶן... מִיט דעֶר צייט ווֶעט דעֶר מעֶנש אַיינזעֶהעֶן, אַז דִי עֶרד קאֶנן עֶרנאֶהרען 10 מאָל אַזוֹי פֿיעל מעֶנשעֶן ווִי עֶס אִיז דאָ אוֹיף דעֶר וועלט, אַז מִיר דאַרפֿעֶן אַיינשטרעֶנגען אוּנזעֶר אִינטעֶללעגעֶנץ, נִישט אַיינעֶר זאָלל דעֶם צווייטעֶן אַרוֹיס רייסעֶן פֿוּן מוֹיל, נוּר מעֶהר בּעֶנוּצען דִי נאַטוּר-קראֶפֿטעֶן, וואָס דִיענעֶן אוּנז נאָךְ אִין גאָר אַ קלײנעם פּראָצעֶנט.

אִיךְ האָבּ געֶמײנט, אַז אַיינעֶר ווֶעט אַרוֹיס נעֶמען דִי האָנד פֿוּן צווייטעֶנס טאַש, דעֶר צווייטעֶר ווֶעט אוֹיפֿהאֶרעֶן צוּ רייסעֶן דעֶן עֶרשטעֶנס נאָז, אוּנ זײַ וועֶללעֶן זִיךְ בּײדעֶ נעֶמעֶן צוּ דִי וואַססעֶר־פֿאַללעֶן, וואָס רוֹישעֶן, הִילבֿעֶן אוּנ בּײזעֶרן זִיךְ, פֿאַר וואָס זײַ פֿעֶרלִיערעֶן אַזוֹי פֿיעל קראַפֿט אוּמזיסט... אִיךְ האָבּ געֶרעֶבֿעֶנט, אַז אָט, אָט ווֶעט ישעיה'ס נבואה פֿוּן אֵייבִּיגען פֿרִידעֶן מקוים וועֶרען אוּנ אוֹיף דעֶר וועלט ווֶעט וועֶרען אַ געֶקִישעֶריי, אַ געֶהאַלזעֶריי אַז מלאָכים אִין הִימֶמעֶל וועֶללעֶן אוּנז מקנא זײַן...

זעֶנגען אָבעֶר געֶקוּמֶמעֶן ספּעֶנצער אוּנ ליפּפּעֶרט אוּנ האָבען געֶזאָגט: לֹא כי! דִי צווײ פֿהִילאָזאָפֿעֶן, מִיט אַ הוּנדעֶרט נאָבֿשטוּפּפּעֶר, ווייזען אוֹיס, אַז אוֹיסעֶר דעם, וואָס מִיר קוּמֶמעֶן אַ ר ו י ס פֿוּן וואַלד, מוּזעֶן מִיר נאָךְ אֵייבִּיג שוֹין, לעֶבען לוֹיט'דעם שלחן־ערוּךְ, וואָס אִיז אִין דעֶם וואַלד נוֹהג... אוּנ דעֶר

א ביטטער, איינגעשפּארט איזעל... קוים וואס עס קריכט...

---

די געשטאלט איז פערשוואונדען געווארען, אונ די מאמע האט אלץ געזאגט, אזוי ערנסט געזאגט!

אמן ואמן — עס זאלל זיין וואהר, משיח זאלל קוממען דאס היינטיגע יאהר. —

. . . . . . . . . .

אברהם פּערלאוטער.

---

שלחן־ערוך האט נור איין פאראגראף: כל דאלים גבר! ואידך — פירושא (די רעשט איז נור א פירוש): פויסט, נאגעל, באקקצאהן, רציחה, מסירות, פאלשקייט — וואס איהר ווילט אלליין...

דאס אייגענע שווערט האנגט איבער אונזער קאפף אויך! די פויסט איז ביי אונז אויך יושר אונ עהרליכקייט צוזאממען! דאס גאנצע לעבען, אפילו דאס מענשליכע, איז איין אייביגע מלחמה... יוסעל מיט שמואל'ן, יודען מיט קריסטען, פראנצאזען מיט דייטשען, ווייסע מענשען מיט שווארצע אונ געלע — אללע מוזען זיך שטאנדיג רייסען ביי די האהר, צופען ביי די נאז, אונ ווער עס איז שטארקער, דער בייסט פעסטער אינ'ם קניזש...

די פויסט איז אלט ווי די וועלט, ווי דער וואלד מיט זיינע חיות רעות! נור דער סיסטעם האט איין נייען נאמען! די ח"י גדולים קוממען נאך דארווינען: „דער קאמפף אום דאס דאזיין", הייסט עס! דאס איז דער העכט, וואס שווימט ארום אין כפענצערס וואססער, דאס איז די ראפּיכע, וואס גראבעלט זיך אזוי אומגעלומפערט ארום אין ליפערטס שווערען שליים... איין אייביגע מלחמה צווישען מענשען, פעלקער אונ ראססען! אונ דו ביזט דיך נישט, יעדער דארף פאר זיך זארגען!

עס איז שוין אזוי, עס מוז אונ עס דארף אזוי זיין!

אונ עס איז א גאנץ איינפאכער סיסטעם:

די גריכען האבען אמאל געטויט קראנקע אונ פעלערהאפטע קינדער, עס זאלל ארויס א דור מיט סאמע גבורים, אונ דער נייצעהנטער יאהרהונדערט וויל מיט דער פייערדיגער קאנקורענץ אויסבּרענגען אללע שלימזלדיגע מענשען, עס זאלל ארויס א דור מיט סאמע דורכגעטריבענע שווינדלער...

דאס לעבען איז איין אייביגער קריעג — ווער עס פאלט איז אודאי שכּור געוועזען, אדער עס האט זיך איהם אין מיטן דערינגען פערגלוסט צוגעניצען... דאס לעבען איז א „מאקאטאווער דראנג" אויסגעשמיערט מיט זייף; ווער עס חאפּט זיך ארויף, בעקוממט א צילינדער מיט א זייגערל...

אונ מיט דער צייט וועללען אללע קאנגען קריכען!

---

דער עגאאיזם, דאס אייביגע פערזארגען נור זיך אלליין, דאס אנפיללען נור דעם אייגענעם מאגען — אט דאס זענגען, לויט דער פהילאזאפיע, די געשיכטליכע היבען, אויף וועלכע עס יאהרט די מענשהייט, אונ אהן וועלכע זי וואלט געבליבען ליעגען ווי איין אויסגעטריקקענט טייג אין עקק מולטער — צונד העבט זי זיך אונ וועט באלד ארייבער איבער דעם ראנד! „די אייגענליעבע", אט דאס איז, לויט ספענצער אונ ליפפערט, די שפּינגערן, וואס זיצט ביים אייביגען ראדעל פון דער צייט אונ שפּינט אונז די ציווילזאציע! אפשר שרעקט אייך, וואס דער שטאף איז ברודיג פון ארימען שווייס אונ רויט פון אונשולדיגען בלוט? וואס מאכט דאס אויס? פון דעם שטאף קוממען דאך ארויס אזוינע שלאפראק, פראק אונ זיידענע קליידער פאר א צעהנדליגג אויסדערוואהלטע... אייביגע מלחמה, אייביגע קאנקורענץ צווישען מענשען, פעלקער אונ ראססען; אונ מענשען, פעלקער אונ ראססען, וועללען אזוי לאנג אראב פאללען ווי פוילע עפפעליך פון בוים, ביז עס וועללען בלייבען סאמע פאהיגע מאנשעסטער פאבריקאנטען!

איהר פראגט, צו דאס איז מאראליש?

— מאראליש? ענטפערט אייך די פהילאזאפיע, איז דענן דא א מאראליטאט? אונ אונזערע פהילאזאפען זענגען קלאר אין דער סאציאלאגיע ווי ביי זיך אין דער היים אונ וועלכען אייך פערשיטטען מיט א מילליאן פאקטען, ווי א וואלד מיט שישקעס, אונ מען וועט אייך בעווייזען, אז יעדעס פאלק האט אין יעדער צייט אונ אויף יעדען ארט אנדערע דעות, אנדערע מדות, אז וואס ביי איינעם איז רויט, איז ביי'ם צווייטען גרין, וואס איינער האלט פאר א מצוה, האלט דער צווייטער פאר איין עברה... ווי קאנן זיין א מאראליטאט? ווי קאנן זי דיענען א מאטאר אין אונזער מאשין, זיין א לאקאמאטיוו, וואס פיהרט די וואגאנען פון דורות?

(ענדע אין המן־טאש).

# נאַטור-קרעֶפטעֶן.

## א) מאַגנעֶם *).

1 § וואָס איז אַזוינס מאַגנעֶם?

וואָס שטעֶקט אין איהם פאַר אַ קראַפט?

מיר וועֶללעֶן אָנוואַרפעֶן אויפ'ן טיש עֶטליכעֶ דראָבנעֶ שטיקליך: האָלץ, פּאַפּיער, אַייזערנעֶ נאָגעֶליך, שטאָהל־פעֶדערן, נאָדלעֶן, גלאָז... און צוריהרען זיך צו דעֶם אַללעֶם מיט'ן מאַגנעֶם, וואָס מיר האָבעֶן געֶוואָהנליך אין דער געֶשטאַלט פון אַ פּאָדקאָווע.

כל זמן מיר וועֶללעֶן די זאַכעֶן אָנריהרעֶן נישט מיט די שפּיצעֶן, נור מיט וואָס עֶס איז פאַר אַ טהייל פון דער פּאָדקאָווע, וועֶללעֶן מיר גאָר נישט בעֶמערקעֶן; די שטיקליך, וואָס מיר האָבעֶן צוואָרפעֶן אויפ'ן טיש, בלייבעֶן רוהיג ליעגעֶן יעֶדעֶס אויף זיין אָרט.

נישט אַזוי אָבער וועט געֶשעֶהן, אויב מיר וועללעֶן זיך צוריהרעֶן צו די קלייני־קייטעֶן מיט אַ שפּיץ פון דער פּאָדקאָווע; דעֶמעֶלט וועֶללען מיר זעֶהעֶן. אַז רוהיג ליעגעֶן אויף'ן אָרט וועט נור בלייבעֶן האָלץ און פּאַפּיער, בשעת וועֶנן שטאָהל און אַייזעֶן וועט זיך בעֶ־העֶפטעֶן און אָנהאַלטעֶן ווי צוגעֶקלעֶבט צו דעֶם שפּיץ.

מיר זעֶהעֶן: 1) אַז דער כח פון מאַגנעֶם ליעגט אין די שפּיצעֶן און 2) אַז עֶר ווירקט נור אויף אַייזען און שטאָהל, נישט אויף האָלץ און פּאַפּיער.

2 § דער כח פון מאַגנעֶם ווירקט נישט דוקא,

וועֶנן עֶר ריהרט זיך צו צו שטאָהל אָדער אַייזעֶן, נור אפילו פון דער וויטעֶנס. מיר זעֶהעֶן בחוש, אַז נאָך איידער מיר ריהרעֶן אָן מיט אַ שפּיץ די שטאָהל־פעֶדערעֶן, נאָדלעֶן אָדער דען אַייזערנעֶן שטויב, שפּרינ־געֶן זיי אַ קעֶגעֶן און ציעפּעֶן זיך אָן אינ'ם שפּיץ.

נאָך מעֶהר: דער כח ווירקט אַפילו דורך אַיין אַנדער קאָרפּער, חאָטש אויף איהם אַלליין האָט עֶר קיין פעולה נישט. דער מאַגנעֶם, ווי מיר וויסעֶן, ציהט קיין פּאַפּיער נישט צו, און פון דעֶסטוועֶגעֶן וועט עֶר דורך אַ בויגעֶן פּאַפּיער אָדער אַ דינן האָלצערן ברעֶטטעֶל צו ציהעֶן אַ שטאָהל־פעֶדער אָדער אַ נאָדעֶל (פיגורא 1).



פיגורא 1

צושפּרייט אַ ביסל אַייזעֶן־שטויב, בעֶ־דעֶקט דאָס מיט אַ פּאַפּיער און האַלט דערי־בער דעֶן מאַגנעֶם מיט די שפּיצעֶן אַראָב צום פּאַפּיער צו, וועט איהר דערנאָך, אַז איהר וועט לאַנגזאַם אויפהעֶבעֶן דאָס פּאַפּיער, דערזעֶהעֶן, ווי דער שטויב האָט זיך צוזאַמ־מעֶנגעֶנוממעֶן אין צוויי קופּקעֶליך געֶגעֶן די שפּיצעֶן פון מאַגנעֶם.

3 § אַז מיר וועֶללעֶן צוציהעֶן צום שפּיץ פון דער פּאָדקאָווע אַיין אַייזערן נאָגעֶלע, וועט עֶס, כל זמן עֶס וועט האָנגעֶן אָן שפּיץ,

*) מאגנעט, מאגניט, אַם ריכטיגסטען וואָלט געווען מאַגנעט.

האָבען דען אייגענען כח וואָס דער מאַגנעס און וועט צו ציהען אַ צווייט און דאָס צווייטע אַ דריטט נאָגעלע (פיגורא 2); נור קוים וועללען מיר אָבררייסען דאָס ערשטע נאָגעלע פון מאַגנעס וועללען זיך אַללע נאָגעליך צופאַללען. מיר זעהען אַז:

אַ י י ז ע ן. וואָס ריהרט זיך אָן אין מ אַ ג נ ע ס, ווערט מאַגנעטיזירט נור, קוים רייסט זיך עס אָב פון'ם מאַגנעס, פערליערט עס די קראַפט.



פיגורא 2

§ 4 דאַגעגען ווערט שטאָהל מאַגנעטיזירט אויף תמיד. אַ שטאָהלערנע פעדער אָדער אַ נאָדעל, וואָס האָט זיך אָנגעריהרט אָן אַ שטאַרקען מאַגנעס, ווערט אַלליין אַ מאַגנעס, און פערליערט שוין קיינמאָל נישט די קראַפט.



פיגורא 3

אויב דער מאַגנעס איז שוואַכער, מוז מען מיט'ן שפּיץ דורכפיהרען אויף און אָב, אַהין און צוריק, איבער נאָדעל. נאָך עטליכע מאָל דורכפיהרען דען מאַגנעס, ווערט די נאָדעל מאַגנעטיזירט. אַז מען וויל מאַגנעטיזירען אַ שטאָהל־פעדער, דאַרף מען אָנהעבען ביי דער ברייטער זייט און צו קוממען צו דעם שפּיץ; פון שפּיץ געהען צוריק, צו דער ברייטער זייט פון דער נאָדעל, און אַזוי דורכפיהרען עטליכע מאָל.

§ 5 אויפ'ן אָרט פון אַ נאָדעל, וועללען מיר בעססער אָנמאַגנעטיזירען אַ שפּיזעל פון אַ זאָקק, און מיר וועללען עס אייַנטונקען אין אייזען־שטויב.

אַז מיר וועללען צוריק אַרויס נעמען דאָס שפּיזעל, וועללען מיר זעהען, אַז דער שטויב האָט זיך פערזאַממעלט און צוגעציעפּעט צו ביידע עקקען פון שפּיזעל (פיגורא 3), אַזוי אַז דאָס שפּיזעל זעהט אויס ווי אַ טאָפּפּעלט בעזעמעל. דערזעהען מיר, אַז עס איז קיין אונטערשיעד נישט, וואָס פאַר אַ פאָרם דער מאַגנעס האָט, צי ער איז אויסגעבויגען ווי אַ פּאָדקעווע אָדער ווי אַ שפּיזעל, אַז סיי ווי סיי ווירקען נור די עקקען, בשעת ווען די ליניע צווישען זיי בעהאַלט זיך רוהיג, און עס אַרט זי נישט דאָס בעגעגענען זיך מיט שטאָהל און אייזען.

ביידע עקקען ווערען גערופען: די פּ אָ ל ע ן 1) פון מאַגנעס, אָדער: מאַגנעס־פּאָלען; דער גאַנצער שטח אין דער מיטט, פון איין עק צום צווייטען, הייסט: די אינדיפערענץ 2) ליניע.

§ 6 עס איז אַ פראַגע: צי איז אין'ם גאַנצען — שטח פון דער א י נ ד י פ ע ר ע נ ץ־

1) פּאָל — פּאָליוס — עקק.

2) אינדיפערענץ הייסט „קיין אונטערשיעד", רוהיג זיך אויפפיהרען געגען עפּעס, נישט אינטערעסירען זיך מיט עפּעס.

לִינִיעֶ קֵיין „מאַגנעֶס״ נִישט דאָ, אָדעֶר דעֶר כּח, וואָס שטעֶקט אִין דעֶר גאַנצעֶר לִינִיעֶ, קאָנן דוּרך עֶפּיִס אַ פֶערהִינדעֶרנִיס נִישט ווירקעֶן.

למשל: אַ שטיין לִיעגט אויף דעֶר עֶרד — שטעֶקט אִין אִיהם גאָר קֵיין קראַפֿט נִישט; אַז מִיר וואַרפֿעֶן אִיהן אַרויף אִין דעֶר הויך, פֿאַלט עֶר מִיט׳ן אֵייגעֶנעֶם כּח, וואָס מִיר האָבעֶן בּעֶנוּצט אַרויף צוּ וואַרפֿעֶן דעֶן שטיין, צוּריק אַראָב אויף דעֶר עֶרד. אַז מִיר לעֶגעֶן אָבּעֶר דעֶן שטיין אויף עֶפּיִס אַרויף, אויף אַ טִישׁ, למשל, האָט עֶר, דעֶר שטיין, אִין זִיך דעֶן כּח אַראָב צוּ פֿאַללעֶן, נוּר דעֶר טִישׁ לאָזט אִיהן נִישט, אוּנ דעֶר כּח בּלייבּט פֿעֶרהאַלטעֶן, דוּרך דעֶן כּח פֿוּן טִישׁ, וואָס אִיז שטאַרקעֶר פֿאַר אִיהם. דעֶריִבּעֶר מוּז דעֶר טִישׁ זיין גענוּג שטאַרק, עֶר זאָלל קאָננעֶן גוֹבר זיין דעֶן כּח, מִיט וועֶלכעֶן דעֶר שטיין דאַרף אַראָב פֿאַללעֶן. לעֶגט אַ שווערעֶן שטיין אויף אַ שוואַכעֶ זאַך, וועֶט עֶר זִי דוּרכ־בּרעֶכעֶן. — אַז מִיר וועֶללעֶן אָבּעֶר אָבּרוּקקעֶן דעֶן שטיין פֿוּן טִישׁ, וועֶרט דעֶר כּח צוּם אַראָב־פֿאַללעֶן בּעֶפֿרייט, אוּנ דעֶר שטיין פֿאַלט אַראָב. — דעֶריִבּעֶר פֿראָגעֶן מִיר בּיים מאַגנעֶס: צוּ אִיז אִין דעֶר אִינדִיפֿעֶרעֶנץ־לִינִיעֶ גאָר קֵיין קראַפֿט נִישט דאָ, אָדעֶר זִי אִיז דוּרך עֶפּיִס אַ סבּה פֿעֶר־האַלטעֶן, ווִי אִין שטיין, וואָס האָט דִי קראַפֿט צוּ פֿאַללעֶן, נוּר דעֶר טִישׁ לאָזט אִיהן נִישט.

מִיר קאָננעֶן לייכט געֶפִֿינעֶן דִי אַנט־וואָרט.

מִיר וועֶללעֶן אִיבּעֶרבּרעֶכעֶן דאָס שפִּיעֶ־זעֶל אויף צווייעֶן, אוּנ פֿוּן דעֶם אֵייגעֶנעֶם מאַגנעֶס מִיט צוויי פּאָלעֶן, וועֶללעֶן מִיר שוין האָבּעֶן צוויי מאַגנעֶסעֶן מִיט 4 פּאָלעֶן, מִיט 4 שפִּיצעֶן, וואָס יעֶדעֶר פֿוּן זיי וועֶט צוּ צִיהעֶן אַייזעֶן אוּנ שטאָהל. פֿוּן דִי צוויי האֶלפֿטעֶן קאָננעֶן מִיר מאַכעֶן פִֿיעֶר פִֿיעֶרטעֶל, אַכט זעֶכצעֶנטעֶל, אוּנ אַזוי ווייטעֶר אָהן אַ שִׁיעֶר, אוּנ ווִי קליין עֶס וועֶט נִישט זיין דעֶר אָבּגעֶבּראָכעֶנעֶ טהייל, וועֶט עֶר אַלץ האָבּעֶן צוויי פּאָלעֶן, וואָס וועֶללעֶן צוּצִיהעֶן אַייזעֶן אוּנ שטאָהל, אוּנ אֵיין אִינדִיפֿעֶרעֶנץ־לִינִיעֶ אִין דעֶר מִיטט.

נוּר קוים וועֶללעֶן מִיר פֿוּן דִי אַללעֶ שטִיקלִיך אוֹיסלעֶגעֶן צוּרִיק אֵיין לִינִיעֶ, אַזוי אַז אֵיין מאָל זאָלל אָנרִיהרעֶן דעֶן צווייטעֶן אוּנ פֿרייִ וועֶללעֶן נוּר בּלייבּעֶן דִי עֶקסטעֶ פּאָלעֶן, וועֶללעֶן אַללעֶ מִיטטעֶלסטעֶ פּאָלעֶן, כּל זמן זיי וועֶללעֶן זִיך אָנרִיהרעֶן אֵיינס אִינ׳ס צווייטעֶן, פֿעֶרלִיערעֶן דִי קראַפֿט פֿוּן מאַגנעֶס; צוּצִיהעֶן שטאָהל אוּנ אַייזעֶן וועֶללעֶן נוּר דִי אוֹיסעֶרעֶ פּאָללעֶן, דִי פֿרייִעֶ, וואָס רִיהרעֶן זִיך אִין זייעֶרעֶ חברים נִישט אָן, אוּנ פֿוּן אֵיין עֶקסטעֶן פּאָל בִּיז דעֶם צווייטעֶן וועֶט ווערעֶן אַיין אִינדִיפֿעֶרעֶנץ־לִינִיעֶ.

דעֶרפֿוּן זעֶהעֶן מִיר, אַז דעֶר מאַגנעֶס שטעֶקט אִינ׳ם גאַנצעֶן שפִּיעֶזעֶל, נוּר כּל זמן אֵיין מאַגנעֶס רִיהרט אָן דעֶן צווייטעֶן, וועֶרט דִי קראַפֿט אִין דִי מִיטטעֶלסטעֶ פּאָלעֶן פֿעֶר־האַלטעֶן.

מִיר קאָננעֶן זִיך דעֶרִיבּעֶר פֿאָרשטעֶללעֶן יעֶדעֶן מאַגנעֶס אַלץ אַ שורה פֿוּן דִי קלעֶנסטעֶ מאַגנעֶסלִיך אוּנ ווייל אִין דעֶר גאַנצעֶר לאָנג, אוֹיסעֶר בּיי פֿרייעֶ עֶקקעֶן, רִיהרט זִיך אָן איין פּאָל אִין צווייטעֶן, דאָס הייסט יעֶדעֶר נאָרד־פּאָל אִין אַ זִיד־פּאָל, אוּנ ווייל דעֶר כּח אִין דִי פּאָלעֶן אִיז גלייך אוּנ אֵיין פּאָל קאָנן נִישט גוֹבר זיין דעֶן צווייטעֶן, דעֶרִי־בּעֶר ווערעֶן בּיידעֶ בּטל אָדעֶר פֿעֶרהאַלטעֶן, כּל זמן מעֶן בּעֶפֿרייט נִישט אֵיין פּאָל פֿוּן צווייטעֶן. מִיר האָבּעֶן למשל 2 מאַגנעֶסעֶן

א———ב אוּנ ג———ד (א׳ ג׳ אִיז זִיד־ אוּנ ב׳ ד׳ — נאָרד־פּאָל). אַז מִיר וועֶללעֶן צוּרוּקקעֶן אֵיינס צוּם צווייטעֶן, וועֶט אוֹיס־קוּממעֶן, אַז ב וועֶט זִיך אָנרִיהרעֶן אִין ג אוּנ דעֶר כּח פֿוּן בּיידעֶ וועֶט ווערעֶן פֿעֶרהאַלטעֶן אָדעֶר — בּטל אויף אַ צייט.

§ 7 מִיר וועֶללעֶן אָנמאַגנעֶטִיזִיעֶ־רעֶן אַ נאָדעֶל אוּנ אוֹיפֿהאָנגעֶן זִי אִין דעֶר מִיטט אויף אַ פֿאָדעֶם, ווִי עֶס אִיז אוֹיפֿגעֶהאַנגעֶן דעֶר מאַגנעֶס ח ב אִין דעֶר פִֿיגוּרא 4. נאָך עֶטלִי־כעֶ וואָרף, וואָס דִי נאָדעֶל וועֶט מאַכעֶן אִין דעֶר לוּפֿט, וועֶט זִי זִיך בּעֶרוּהִיגעֶן אוּנ




פִֿיגוּרא 4

בלײַבען האַנגען מיט איין שפּיץ קיין נאָרד (צפון זייט) און מיט'ן צווייטען קיין זיד (דרום זייט). מיר וועללען מאַכען מיט א שטיקעל קרייד א סימן אויף דעם עק, וואָס האַלט זיך אין נאָרד און צוריק צורודערן די נאָדעל. א געוויססע צייט וועט זי זיך אַרום־דרעהען, ביז זי וועט זיך בערוהיגען, צוריק קומען צו דער ערשטער לאַגע און דער עקק, וואָס מיר האָבען בעשטראָכען מיט קרייד, וועט ווייטער שטעהען גענען נאָרד. דאָס אייגענע וועט זיין, אַז איהר וועט אַרויפלעגען די מאַגנעטיזירטע נאָדעל אויף א קאָרק און אַרויף לאָזען אויף וואַססער אין א שיסעל; דער קאָרק וועט אַרום שווימען אין אַללע זייטען, בפרט אַז איהר וועט רודערן מיט דער שיסעל, נור דער מאַגנעט וועט זיך שטאַנדיג אויסדרעהען און האַלטען אין זיין ליניע, מיט איין עק קיין צפון און מיט'ן צווייטען קיין דרום, און שטאַנדיג מיט די אייגענע עקקען.

דערפֿון זעהען מיר:

1) אַז דער מאַגנעט האַלט זיך שטאַנדיג אין דער לאַנג צווישען צפון און דרום און 2) אַז איין זייט ציהט שטאַנדיג קיין צפון און די צווייטע — שטאַנדיג קיין דרום, און זיי קאָננען זיך קיינ־מאָל נישט פֿערטוישען.

דעריבער רופֿען מיר דעם שפּיץ, וואָס ציהט קיין צפון — נאָרד־פאָל און דעם, וואָס ציהט קיין דרום — זיד־פאָל.

מיר קאָננען דאָס זעלבע מאַכען אויף איין אַנדערן אופן: מיט א נאָגעלע און א האַמערל וועללען מיר מאַכען א קליין טיעפֿען אָרט אין דער מיטט פֿון דער אינגערוועגדיגער זייט פֿון א שטאָהל פֿעדער, אין א קאָרק וועללען מיר אַריינזעצען א נאָדעל מיט'ן אויער אַראָב און אויפֿ'ן שפּיץ אויפֿהאַנגען די שטאָהל־פֿעדער ביים טיעפֿערן אָרט. די שטאָהל־פֿעדער וועט זיך אויך האַלטען שטאַנדיג מיט דעם אייגענעם פאָל קיין צפון און מיט'ן אַנדערן שטאַנדיג קיין דרום, מיר זאָללען זיי טויזענדער מאָל איבערטווישען (פֿיגורא 5).



פֿיגורא 5

8 § מיר געהען צוריק צו דער נאָדעל, וואָס מיר האָבען פֿריהער אויפֿגעהאַנגען. מיר וועללען אָנמאַגנעטיזירען נאָך איין נאָדעל (פֿיגורא 6) און האַלטען זי אין דער




פֿיגורא 6

האַנד. מיר ווילען זעהען צו איין מאַגנעט ציהט צו דעם צווייטען. און — א וואונדער־ליכע זאַך: אַז מיר לעגען צו דעם נאָרד־פאָל פֿון מאַגנעט, וואָס מיר האַלטען אין דער האַנד, צום נאָרד־פאָל פֿון מאַגנעט, וואָס האַנגט אין דער לופֿט, וועט דער לעצטער אָבשפּרינגען! דאָס אייגענע וועט זיין, אַז

מִיר ווערלען צוזיהרען אײַין זיר=פאָל צום צווייטען; וויפיעל מיר ווערלען עס נישט פריפען, ווערלען מיר אַליין זעהען דאָס זעלבע: צוויי גלייכע פאָלען שטויסען זיך אָב.

צונד ווערלען מיר פריפען פערקעהרט: מיר ווערלען צולעגען זיך צו נאָרד אונ נאָרד צו זיד — זיי ווערלען זיך איינם דאָס אַנדערע צוציהען; זיי לויפען זיך אַקעגען. —

וואָס פאַר אַ נוצען מיר האָבען פון מאַגנעס, קאָננען מיר וויסען ערשט דערמעלט, ווען מיר ווערען בעקאַנט מיט עלעקטריציטאָט אונ עלעקטרישע מאַשינען, פון וועלכע מיר ווערלען רעדען איין אַנדערט מאָל.

דערווייל איז אויך לייכט צו בעמערקען, אַז אויף דער אייגענשאַפט פון מאַגנעס איז געבויט דער קאָמפאַס (פיגורא 7), דורך וועלכען עס איז לייכט צו געפיננען נישט נור דען מזרח, וואו צו שטעהן שמנה־עשרה, נור אויך דען וועג אין סטעפ, אין אַ שיפף אויפ'ן ים אונ אין בערגווערק אונטער דער ערד.

עס בלייבט אונז נאָך צו ערצאָהלען, אַז דען ערשטען, נאַטירליכען מאַגנעס האָט מען שוין לאַנג געפוננען אין דער ערד נעבען דער גריכישער שטאָדט מאַגנעזיא (פון וואַננען עס נעמט זיך דער נאָמען מאַגנעס) אונ, אַז די קינסטליכע מאַגנעזען, וואָס מיר מאַכען זיך אַלליין דורך אָנרייבען אונ בפרט דורך עלעקטריציטאָט, פון וועלכען מיר ווערלען רעדען איין אַנדערט מאָל, זענען פיעל שטאַרקער פאַר די נאַטירליכע.

ד"ר שטיצער.




פיגורא 7

# אויסגעפֿירט!

משה לויב דער „מאַקאַציאָר" איז געבאָרען געוואָרען צו זיין אַיין אַרטיסט, ווי עס זאָגט די גאַנצע שטאָדט — די זעלבע שטאָדט, אין וועלכער ער האָט דאָס ערשטע מאָהל דען מויל געעפֿענט און וועלכע האָט איהם אַ נאָמען געגעבען „מאַקאַציאָר", פֿערדרעהענדיג דאָס וואָרט „אַקטיאָר". ער האָט אין זיך אַזאַלכע שטיק, זאָגט מען, אַז מען קאָנן בלייבען אָהן אַ בויך לאַכענדיג. וואו משה לויב איז, דאָרטען איז פֿראָהליך. שטעלט ער זיך אָרגיטץ צו, וועט שוין אַרום איהם ווערען אַ ראָדעל. דערהויפּט געראָטה איהם נאָכמאַכען אַיין אַלטע פֿרוי. דאַרף ער נור פֿערלעגען די אונטערסטע ליפּ אויף דער אויבערסטער, אַרויפֿלעגען די רעכטע האַנד אויף'ן באַק און אַרויסלאָזען אַ זויערן טאָן, צולעגט זיך שוין דער עולם פֿאַר געלעכטער.

נור ער איז געוואָרען אַ שלאָסער, געאַרבייט שטענדיג אויף פֿרעמדע ווערקשטאַטטען און איז געוועזען אַיין אָרממאַנן, ווי גאָטט האָט געבאָטען.

ער איז גאָר ניט געוועזען אַזאַ פֿראָהליכער. זיין געזיכט איז געוועזען שטענדיג ווי מיט אַ וואָלקען בעצויגען; אין זיינע אויגען זענען, דאַכט זיך, שטענדיג טרערען געשטאַנענען. איהם איז דרייסיג יאָהר — און אין קאָפּף און אין באָרד האָט ער מעהר ווייסע האָר אַלס שוואַרצע. קוקענדיג אויף איהם, ווענן ער געהט פֿערטראַכט פֿאַרביי, ווילט זיך גאָר ווייבען. נור ער האָט געהאַט אין זיך, ווי די שטאָדט האָט געזאָגט, פֿראָהליכע שטיק: מיט איין וואָרט, ער איז געוועזען אַיין אַקטיאָר, ריכטיגער געזאָגט — אַ קלאָאון.

דערפֿאַר איז קיין וואונדער ניט, וואָס זיין בעל הבית, אָבלאָזענדיג די אַרבייטער פּורים ביי טאָג, האָט געבעטען איהן צו זיך צו דער סעודה משמח זיין אַ ביסל.

משה לויב איז, ווי עס ווייזט אויס, ניט זעהר צופֿריעדען געוועזען מיט דער איינלאַדונג און האָט געאָנטפֿערט מיט אַ האַלבען מויל. דער בעל הבית האָט אויף איהן אַ וואָרף געטהאָן אַ בליק פֿון אונטער'ן שטערן.

— זאָללסט קוממען, האָרסט דו! האָט ער איבערגעחזרט און געקוקט אויף „זיין מענש", וואָס פֿאַר אַ מינע יענער וועט מאַכען.

— גוט, האָט אַרויסגערעדט משה לויב שוואַך, נעהמענדיג זיך פֿאַר דאָס האָנדעל פֿון טהיר.

— מען זאָלל נאָך דיר ניט דאַרפֿען

---

## פֿעליעטאָן.

### די נייע בעוועגונג.

(ענדע פֿון שבת־אויבם)

ביי אונז מאָסט מען אויף עללען און קוואָרטען און מען וואָגט אויף לויטען; אין רוססלאַנד ווערט געמאָסטען אויף אַרשינען און ציעטווערטים און געוואָגען אויף זאָלאָטניקים, אין אייראָפּאַ איז אָנגענוממען געוואָרען דער פֿראַנצאָזישער מעטטער מיט'ן קילאָ... ווילדע מאָסטען אויף דער האַנד און טהייל ווייסען גאָר ניט צו וואָגען... און פֿון דעסטוועגען וועט קיינעם ניט איינפֿאַללען צו קלערען: טאָמער איז גאָר קיין מאָס און קיין וואָג ניט פֿערהאַנדען? מיר האָבען ציפֿפֿערן ביז 9 מיט איין נאָל; אַמאָל האָט מען געצאָהלט ביז צוואַנציג, די ראָמער האָבען געהאַט עקסטראַ ציפֿפֿערן פֿאַר 20, 30 א. ז. וו.; טהייל ווילדע קאָנגען מעהר ניט צאָהלען ווי ביז 5, זעקס הייסט שוין אַסך אָדער מען זאָגט: 5 און 1... און פֿון דעסטוועגען איז קיינער ניט מסופּק אַז צוויי און צוויי איז דאָך נור 4, ניט 3 און ניט 7... מיר נוטצען געלד פֿון קופּער, זילבער און גאָלד; אין טהייל לאָנדער בענוצט מען אויך ניקעל, די גריכען האָבען געהאַט מטבעות פֿון אייזען, ווילדע שטאַממען האַנדלען און טוישען אויף גרינגע שטיקלעך גלאָז, מושעלן, ביסלעך רייז, און פֿון דעסטוועגען זענען מיר זיך אַללע מקריב פֿאַר געלד, און ווייסען, אַז געלד עקזיסטירט...

נור, אַז עס זענען פֿערהאַנדען פֿערשיעדענע מנהגים און דעות ביי פֿעלקער, ווערט שוין דער עולם

שיקקען! האָט איהם נאָכגעשריען דער פאַבריקאַנט.

משה לויב איז ארויס, אונ דער פאַבריקאַנט האָט אַ מאַך געטהאָן מיט'ן קאָפּף אין זיין זייט, ווי ער וואָלט געזאָגט: „וואָס זאָגט מען צו היינטיגע מענשען, ווי זיי מאַכען דאָס אַ ביסל קוראַזש!...״

אויפ'ן גאַסס זענען צו געגאַנגען צו משה לויב'ען דריי אַרבייטער פון זיין פאַבריק: זלמן לאַמינע, מענדעל קאָסאָי אונ חיים דער גרינער.

— האָר איהן נישט, האָבען זיי אָנגעהויבען, איבערשלאָגענדיג איינער דעם אַנדערן, — זיי בעססער אין דער היים. מיר וועלען קוממען צו דיר, מיר וועלען פערברייגגען. מאַלע ער ווילל! האָר איהן נישט!

— אונ וואָס אַרט מיך, אַז איך וועל געהן? האָט געאָנטפערט משה לויב.

— וואָס אַרט דיך? פרא-אדם! האָט אויסגעשריען זלמן לאַמינע, — וואָס, ביי דיר איז קיין געזינד נישטאָ?! ביי דיר וועט מען צו דער סעודה נישט זיצען?

משה לויב האָט געשוויגען. ער האָט דאָס אַללײן די גאַנצע צייט געקלערט, דערפאַר האָט ער דאָך דעם בעל-הבית געאָנטפערט מיט אַ האַלבען מויל.

— זיי נישט קיין פערד אונ זיצ אין דער היים, האָט איבערגעשלאָגען זלמנ'ען מענדעל קאָסאָי, — מיר וועללען קוממען צו דיר אונ פערברייגגען אַ ביסל די נאַכט. איהם וועט זיין פרעהליך אָהן דיר, נישט קשה!

— גלאַט, ער ווילל זיך פרעהליך מאַכען, דאַרף דיין געזינד האָבען אַ פערשטאָרטען פורים? האָט אונטערגעחאַפּט חיים דער גרינער.

— מיר וועלען זעהען, האָט געאָנטפערט משה לויב מיט איין אומעדיגער מינע.

— ניין, האָבען אויסגעשריען די אַרבייטער, — מיר האָבען נישט וואָס צו זעהען! דו זאָללסט טאַקי זיין אין דער היים!

— זאָללען מיר קוממען צו דיר ביי דער נאַכט? האָט זלמן געפּרעגט אונ אַריינגעקוקט איהם אין די אויגען.

— קוממט... מיילא... מיר וועלען זעהען... האָט משה לויב געשטאַממעלט.

— ווי איך בין אַ יוד, אַז דו ביזט אַ גרויסער נאַרר, אַ פערד אונ אַ שוטה דערצו! האָט אויסגעשריען זלמן אונ איז אָבגעשפּרונגען פון משה לויב'ן, פעראַנדערשפּרייטענדיג די האַנד.

— פע, טאַקי אַ מאָדנער נאַרר! האָט געזאָגט מענדעל.

— אַ פערד, אַ בהמה! האָט צוגעגעבען חיים.

---

מסופק צו עס איז פערהאַנדען אַ מאָראַליטעט, קאָנען שוין זיין, אַז „איוב לא היה ולא נברא״, אַז ניט — שטעקט די מאָראַליטעט טאַקי אין דער פרייער קאָנקורענץ — אין דער זיעב, וואָס לאָזט אַרויס די קליינע אונ דראָבנע אונ בעהאַלט די גראָבע, גרויסע אונ פעטטע... אין דער זיעב, וואָס וועט אונז מיט דער צייט אויסשאָקלען הונדערט מיליאָן אַרבייטער אונ עטליכע מאַנשעסטער — פאַבריקאַנטען...

וואָס האָט די מאָראַליטעט פאַר'ן אָרמען אונגליקליכען, וואָס פאַלט אונטער דער לאַסט? נישט מעהר ווי אַ היתר: קריך אויף! חאַפּ אויף! גלייך מיט'ן בעל-הגדה, וויסט זי נור: „נעם די מצה!״ דער קניזש ליגט אין מיט'ן גאַסס, חאַפּ דיך צו!

אונ עס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס איז נור אַ גוטע פהילאָזאָפיע נור פאַר רייכע לייט אונ שטאַרקע פעלקער, אַז די פהילאָזאָפיע קאָנן נור ליגען אין איין אָנגעשוואָלענעם ברוסט-טאַש אונ זיין אונטער געשפאַרט מיט אַ וואַלד פון באַגנעטען, אַז אָרימע לייט אונ שוואַכע פעלקער, וואָס קאָנען לייכט אונטערגעהן אין דער אייביגער מלחמה, וועללען זיך האַלטען אָן די אַלטע מענשליכע אידעאַלען, אָן דעם אַלטען יושר, אָן דער אַלטער מאָראַליטעט...

עס האָט זיך אָבער אויסגעוויזען, אַז עס איז אַ טעות... ווי געזאָגט, קוממען שוין היינט ספּענצער אונ ליפפערט אין ביהמ״ד אַריין, מען שטודירט זיי אין אַללע ישיבות... דער געוועזענער פרוש, וואָס האָט געלעבט פון תעניתים, וויסט שוין היינט,

— וואָס דו האָסט קיין היים נישט? האָט אָנגעהויבען וויטער זלמן.

— ווי לאָזט מען דאָס גלאַט אַ געזינד אַלליין? האָט צוגעגעבען מענדעל.

— איך זאָלל אפילו וויסען, אַז ער וועט מיך מאָרגען אַבזאָגען, וואָלט איך נישט געגאַנגען. ביי מיר איז אויך יום־טוב! האָט געדעדט חיים.

— ווי דען? אַזוי דאַרף זיין! האָט פֿערשטאַרקט זלמן.

—אודאי! האָט זיך מענדעל געחתמ'עט. און... מען איז זיך צוגאַנגען מיט דעם, אַז משה לויב „וועט זעהען"...

---

— דער בעל־הבית האָט געבעטען, איך זאָלל קוממען צו איהם צו דער סעודה, האָט ער געזאָגט חנה'ן זיין ווייב, קוממענ־דיג אַ היים. ער האָט גערעדט מיט אַ מינע, גלייך איהם וואָלט שווער געוועזען מודה זיין זיך אין עפּיס אַ זינד.

— נו, און דו וואָס קלערסט? האָט דאָס ווייב איהן געפֿראָגט און אַ וואָרף געטהאָן אַ שטעכעדיגען בליק אויף איהן.

— וויים איך?

— ווי הייסט „וויים איך"? וואָס טייטש „וויים איך"? האָט שוין דאָס ווייב ערהאָכערט דען קול.

— פֿערדאַרף געהן, רעכן איך, האָט ער שוואַך אַרויסגערעדט.

— ווי הייסט „מע'דאַרף געהן"? און איך מיט די קינדער זאָללען זיטצען און חשך'ן? האָט זי גערעדט מיט איין איינגע־האַלטענעם טאָן און אָנגעהויבען בלייך ווערען.

ער האָט געשוויגען און געקלאַפּט מיט'ן פֿינגער אויפ'ן טיש.

— ווי לעגט זיך דיר דאָס גאָר אויפ'ן זיננען? האָט שוין דאָס ווייב אָנגעהויבען הויך, — ווי איז גאָר דאָס רעכט ביי דיר? וואָס ביזט דו ביי איהם, אַ פֿערקויפֿטער, וואָס?

— ער נויט דאָך מיך נישט פֿון קהל! ער האָט מיך געבעטען, האָט משה לויב פֿערטעדיגט דען בעל־הבית.

— ווי בעט ער דאָס גאָר? האָט זיך צושריען דאָס ווייב, — פֿאַר וואָס זאָלל ער גאָר בעטען? וואָס איז, ער ווייס נישט, אַז דו האָסט אַלליין אַ געזינדל? נור דיך אַרט דאָך זעהר שטאַרק דאָס געזינד! איז זי אַריבער אויפ'ן מאַנן און געקרימט זיך, — פֿון דיינעט וועגען מאָגען מיר אַללע אויף דער וועלט נישט זיין! דו ביזט דען אויך אַ מענש?

אין איהר קול האָבען זיך שוין טרערען געפֿיהלט.

---

אַז דאָס בעסטע אבר פֿון אַ מענש איז דער מאָגען, אַז אַללע אַנדערע אברים זעננען משרתים, אַז נור ער, דער מאָגען, מאַכט די געשיכטע, אַז נור איינגענלייבע שפּינט די קולטור!

---

אויף ספּענצערס קניע וועט אויפֿגעצויגען ווערען אַ נייער דור פֿון סאַמע חאַפּערס...

ווי אַזוי דאַרף מען ערציהען קינדער?

קינדער — זאָגט ספּענצער — דאַרף מען ער־ציהען אויף אַזאַ'ן אופן, אַז זיי זאָללען קאָננען גליקליך זיין... זיי זאָללען קאָננען אויסנוטצען דאָס גאַנצע נחת, וואָס די נאַטור וועט זיי געבען, זיי זאָללען זיין ווי אַ שוואָם, איינצוזאַפּען דאָס גאַנצע פֿערגניגען, וואָס זיי וועללען געפֿינגען אויף זייער וועג...

וואָרום — אַז יעדערער וועט האָבען זיך אין זינן, וועט אַללעמען גוט זיין, מן הסתם!

ספּענצער און ליפּפערט ווערען אונזערע נייע גאָטטער!

נור דאָס איז אויך נישט קיין נייעס! די יונגע עגיפּטיאַנער, וואָס מען האָט יאָהר־יאָהרליך אַריין געוואָרפֿען אין נילוס אַלס קרבן פֿאַר'ן הייליגען טייך, האָט אַלליין אויך געגלויבט אין זיין הייליגקייט...

די אַמעריקאַנישע קנעכט האָבען זיך געשלאָגען אין איין שורה מיט זייערע בעלי־בתים געגען די, וואָס האָבען זיי געוואָלט בעפֿרייען; אונזערע אַלטע פּויערען זאָגען נאָך, אַז עס איז בעססער צו אַרביי־טען „פּאַנשציזנע" איידער צו צאָהלען פּאָדאַטעק — און מיר, מיר אָרם, צו וואָרפֿען, שוואַכסטע פֿאָלק אויף דער וועלט, העבען אויך אָן צו גלויבען, אַז

— שאַ, איך געה דאָך נאָך נישט! האָט משה לויב באָז אויסגעשריען.

— ניין, פֿאַר וואָס זאָלסט דו דאָס גאָר איבעררעדען, האָט זי געשריען מיט טרעהרען אויף די אויגען. דער בעל־הבית בעט דיך, דאַנק איהם אָב און זאָג איהם, אַז דו קאָנסט נישט קוממען, דו האָסט אַלליין אַ געזינד. און גענוג — אוים מאַרק! וואָס איז נאָך דאָ דער ישוב הדעת?

משה לויב האָט אַראָבגעלאָזען דען קאָפּף.

— דו האָסט נאָך מסתמא צוגעזאָגט קוממען? האָט חנה געפֿאָרשט, אַיינדרינגענ־דיג אין איהם איהר באָזען בליק.

משה לויב האָט זיך געשטעלט ביי'ם פֿענסטער, געשריבען מיט'ן פֿינגער אויפ'ן שויב און געשוויגען.

— האַ? צוגעזאָגט, צוגעזאָגט? האָט חנה גיפֿטיג געשיפּעט. וועלען מיר זעהען, צו וועסט דו געהן, צו נישט! וועלען מיר זעהען! סיידען, דו ווילסט אָנמאַכען לייטיש געלאָכטער, סיידען!

זי האָט זיך שוין געוואָרפֿען, געשיקט פֿייערדיגע בליקען דעם מאַנן און געקלאַפּט אין טיש מיט דער קוואָרט, וואָס זי האָט געהאַלטען.

— ווי איז דאָס אַ מענש מיט אַ דעת, האָט זי אָנגעהויבען אַרבייטען מיט די האַנד.

— וויפֿיעל בראַנפֿען זאָלל איך קויפֿען?

האָט ער זי איבערגעריסען מיט אַ ברגז־דיגער מינע.

זי האָט זיך אָבגעהאַקט, געהאַלטען אַ ווייל די האַנד אין דער לופֿטען און, אַראָבלאָזענדיג זיי, געזאָגט מיט פֿעראַכטונג:

— קויף, וויפֿיעל דו ווילסט! וואָס פֿראָגסט דו ביי מיר? נייע נייסען! איך זאָג טאַקי, ווי איז דאָס אַ מענש מיט אַ דעת, האָט זי ווייטער אָנגעהויבען איהרס, נור שוואַכער.

משה לויב איז אַרויס פֿון שטוב.

— אוי, אוי, אוי, אוי! האָט זי איהם נאָכגעשיקט, — אַללע מענשען, וואָס ווינ־שען מיר באָז, זאָללען זיין אַזאַלכע מענשען ווי ער איז!

---

פֿון דעסטוועגען איז זי פֿראָהליכער געוואָרען און האָט אַ גאַנצען טאָג געבאַקט און געקאָכט „מיט לייטען צו גלייך". ער האָט אויך געבראַכט פֿון גאַסס „כל־טוב"; בראַנפֿען, הערינג, דריי אָראַנזשען *), אַ צעהנדליג עפּפעל און... האָט געררעכענט נאָך עפּים צו קויפֿען.

— ען, האָט זי גערעדט בעפֿריעדיגט, איינשטעללענדיג דאָס אַלץ אין אַלמער'ל, — גלאַט וועללען אַוועקגעהן צום בעל־הבית!

*) אַפּעלסינעס, פּאָמעראַנצען.

---

דער אידעאַל פֿון מענשען איז דער אייביגער קריעג צווישען מענשען און פֿעלקער, ראַססען און קלאַססען...

---

דער דאַרווין — ספּענצער — ליפּערטישער סיסטעם, אָדער בכלל דער פּאַפּיערענער ליבע־ראַליזם, איז דורך גאַנץ אייראָפּאַ ווי אַ זאַראַזע — פֿרייהייט הייסט דאָס רעכט צו מאַכען זיך מיט די עללענבויגען איין אָרט ביי'ם טיש; וואָהלען — הייסט קויפֿען שטיממען פֿאַר געלד און בראָנפֿען, פּאַר־לאַמענטען זעננען בערזען, וואו פּאַרטייען שווינדלען מיט פּאָליטישע פּאַפּירען, וואו די דעפּוטירטע פֿערקויפֿען איינער דעם צווייטען די געקויפֿטע שטיממען מיט איין אונגעהייערן ראַבאַט... די „פֿרייע פּרעססע", דער שטאָלץ פֿון נייצעהנטען יאָהר־הונדערט, איז אַ רינשטאָק פֿון בלאַגע און שאַנטאַזש...

נור אייראָפּאַ, אויב זי האָט נאָך נישט אָב־געפּאָקט, איז זי אַריבער די געפֿאַהר, האַלט זי שוין נאָכ'ן קריזים... די געלעהרטע וועלט פֿער־צייכענט אַללע מאָל נייע פֿאַקטען, נייע עדות געגען דאַרווינס סיסטעם; ביי'ם „כל דאַלים גבר", אָדער פֿרייע־קאָנקורענץ האַלטען זיך נאָך, נור די אַלטע געלעהרטע, מיט שוין פֿערטריקקענטע מוחות, וואָס זעננען שוין נישט פֿאָהיג אָנצונעמען איין אַנדער צורה... אויך אַלטע און נייע פּראָפֿעססאָרען — טעללער־לעקקער, וואָס לעבען פֿון עטליכע ביססען, וואָס מען וואַרפֿט זיי פֿון רייכען טיש. זיי מוזען שטאַנדיג שטעהן ביי דער באַליע און וואַשען די רייכע ברודיגע וועש, אָדער משונה אַרום טאַנצען אויף די באַרשטען

מיך אַרט נישט, אַז מען וועט ביי אונז אויך פֿערבריינגען. שלח־מנות האָט מען, דאַנק גאָט, פֿערשפּיעלט, האָט זי אַרויסגערעדט מיט אַ קרעכץ, — באָרכ־אַ־שעם, אויף דאָס חאַפּט נישט דאָס ביטטערע פּרנסה, זאָלל נאָך דאָס שטיקעל סעודה אויך נישט זיין!... דעם פּעמפּיק ווילט זיך! נישט קשה, ער וועט זיך אָנזויפֿען אָהן דיר...

די אייגענע ווערטער האָט זי איבער־געחזר'ט, זעטצענדיג זיך צו דער סעודה. זי איז געוועזען צופֿריעדען, וואָס ער האָט זי געפֿאָלגט, נור זי האָט איהם נישט געקאָנט מוחל זיין, וואָס ביי איהם איז רעכט גע־וועזען אַוועקגעהן צום בעל־הבית. משה לויב האָט דאָס אויסגעהערט שווייגענדיגערהייט. ער האָט נור געט אַכט, וואָס וועט איהם מאָרגען זאָגען דער בעל־הבית.

— מיילא, אָבשמייסען וועט ער דאָך מיך נישט, טראַכט ער.

אין שטוב איז געוועזען ריין און ליכטיג. חנה האָט זיך איבערגעטהאָן יום־טוב־דיג און איהר פּנים איז יונגער געוואָרען. זי האָט אויך די פֿיער קינדערלעך אויסגע־וואַשען און צוגעקליעבען, ווי זי האָט נור געקאָנט, פֿערנאָהענדיג פֿאַר נאַכט די לאָבער און ריססען אין זייערע בגדים־לעך. זי האָט זיך געבריה'ט, געוואָלט בעצאָהלען דעם מאַנן פֿאַר איהר נצחון.

נור זיי האָבען נאָך קיין צייט נישט געהאַט אַראָבשלינגען די ערשטע המוציא, איז געקוממען דעם בעל־הבית קליינערער זוהן, אַ יונגעל פֿון אַ יאָהר פֿיערצעהן.

— זעה, ער האָט זיך גאָר אַוועקגע־זעצט עססען! האָט ער אויסגעשריען, — דער טאַטע האָט געהייסען שוין קוממען!

ער איז צוגעגאַנגען און האָט אָנגענומ־מען משה לויב'ען פֿאַר'ן אַרבעל. משה לויב האָט געשמייכעלט און געקוקט אויף דאָס ווייב. חנה האָט געוואָרפֿען ברגז'דיגע בליקען אויפֿ'ן יונגעל.

— קומם, נו קומם! האָט יענער גע־שלעפּט משה לויב'ען.

— וואָס „קומם, נו קומם"! האָט חנה באָז אויסגעשריען, — איהר־ט־צעך בעגעהן אָהן איהם אוין! אָהן איהם איז ביי אַייך די שמחה קיין שמחה נישט?

— נו קומם, נו קומם! האָט זיך גע־רעדט זיינס דאָס יונגעל און געצויגען משה לויב'ען, — דער טאַטע האָט אָהן דיר נישט געהייסען קוממען.

— איך וועל אָבעססען די סעודה, וועל איך קוממען, האָט משה לויב געזאָגט מיט אַ שמייכעל, קוקענדיג אויף דאָס ווייב.

— אַ האָר אויך נישט! האָט יענע אויסגעשריען, — ביי אונז איז אויך פּורים! ער דאַרף קיין אָרטער נישט זוכען, וואו

---

און אויספּוצען די גבירישע דיעלען, מען זאָלל נישט דערקענען די פֿלעקקען פֿון שווייס און בלוט...

---

נור די יונגע, געבילדעטע וועלט פֿרייט זיך מיט די נייע געזעלשאַפֿטען פֿון ריינער מאָראַליטאַט, פֿון דער מאָראַליטאַט, וואָס לייקענט אין „כל דאַלים גבר" און ווילל דער יושר זאָל זיין אומאָבהאַנגיג פֿון רעליגיאָן, לאַנדער, פֿאָלקער, קלאַססען און ראַססען; עס איז אַ נייע בעוועגונג, וואָס וועט אונז אָבשניידען די רעשט נאָגעל, אַוועק האַקקען די רעשט אָהנליכ־קייט צו ווילדע טהיערע...

---

דער אַלטער סיסטעם פּלאַצט... איבער'ן מזבח פֿון שווייס און בלוט העבט זיך אויף דער האַקק... דערשראָקקענע גלחים ענטלויפֿען און זוכען זיך נאָך אַלטערע, אויסגעפֿריזזטערע גאָטטער, טהייל לויפֿען צו די טישליך אָנקלאַפּען צו רוחות, טהייל ווילען אויפֿוועקען די גריכישע גאָטטער, בעגייען דען אָלימפּ, אַנדערע ווילען פֿערגיססען דען וואָרם מיט שלאָפֿגעטראַנק — מיט בודיזם, נאָך אַנדערע ציהען און שלעפּען צום גאָלדענעם פּאַנ־טאָפֿעלע אין רוים, נור דער האַקק לאָזט זיך אַלץ נידריגער און נידריגער און דער מזבח וועט היינט־מאָרגען צושפּרינגען אין דער לופֿטען...

און דעמעלט וועט אונז, דאַכט זיך, אויך גוט זיין!

בער ז״ק פֿון רעדאַקציע.

צו משמח זיין! דו װעסט גאָר נישט אָנ־הײבען צוגעהן, האָט זי געשיפּעט צום מאַנן.

— נו גיכער, הײב זיך! קומם! האָט איהן דאָס יונגעל געשלעפּט, דורכלאָזענדיג פאַרבײ די אויערען חנה׳ס רעד.

— אַז איך האָב געזאָגט, ער װעט נישט געהן, האָט איהר נישט, װאָס צושלעפּען! האָט זי אויסגעשריען, אויפשפּרינגענדיג און אַראָבלאָזענדיג זיך צוריק אויפ׳ן שטול.

— אָהן דיר װעל איך נישט אַװעקגעהן, האָט געטענ׳עט דאָס יונגעל, — קומם נו, מען דאַרף זיך גאָר בעטען בײ איהם!

משה לויב האָט נור געקוקט אויף זיין װײב. דאָס יונגעל האָט דערװײל אויפגעזוכט משה לויב׳ס מאַנטעל און דערלאַנגט איהן משה לויב׳ען.

— װײסט גאָר װאָס, חנה, איך װעל יעצט געהן און װעל באַלד קוממען, האָט ער געזאָגט צום װײב.

— דרעה מיר קײן קאָפּ נישט! האָט זי אויסגעשריען, פעראַנדערפיהרענדיג די האַנד, — ער װעט באַלד קוממען! נאָך װאָס װעסט דו זאָגען?! אפילו אויף אַ מינוט װעסט דו אויך נישט געהן!

דערװײל זענען אונטערגעקוממען פון בעל הבית צװײ בחורים, משרתים פון זיין קראָם.

— װאָס לאָזט׳ע זיך אַזױ לאַנג בעטען? האָט אײנער אויסגעשריען.

— װעסט אַרגער מאַכען, האָט דער בעל הבית געזאָגט! האָט צוגעגעבען דער צװײטער משרת.

— די פלונית׳טע לאָזט נישט, האָט משה לויב געשמײכעלט.

— ער װעט נישט געהן! ער איז נישט קײן פערקויפטער! האָט חנה אויסגעשריען, אויפשפּרינגענדיג פון שטוהל. ער װעט נישט געהן! לאָז ער נישט סטראַשען! אַרגער מאַכען! מען נעהמט בײ איהם קײן נדבות נישט! נישטאָ, איך װעל נישט לאָזען! ער װעט נישט געהן! האָט זי זיך נאָך אויף די הויכע טאָנער צושריען, דערזעהענדיג װי די משרתים האָבען גענוממען העבען משה לויב׳ען מיט געװאַלד פון אָרט. זי האָט זיך אַ װאָרף געטהאָן צו זײ.

— ע, מיר לאַכען פון דעם! האָבען זײ געאָנטפערט, אָבשטופּענדיג חנה׳ן. זײ האָבען גענוממען משה לויב׳ען אונטער די האַנד און אַרויסגעפיהרט איהן פון שטוב. ער האָט נור געשמײכעלט...

חנה איז געבליעבען מיט די קינדער. דער כעס האָט אין איהר געברענט, זי האָט עפּיס נישט געװאוסט, װאָס זאָל זי טהון. פייערדיגע בליקען האָט זי געװאָרפען אין אַללע זייטען, זי האָט באַז אָבגערוקט

# דאָס שאַבטעל.

איהר װילט װיססען, פון װאַננען איך האָב מיך „אויסגעלערנט" יודיש, אָדער, װי איהר זאָגט, זשאַרגאָן? — איך װעל אײך פערצעהלען.

איך פלעג אויך פיינט האָבען דאָס קאָסטעל, אין װעלכען אַללע פאָלקער און אַללע צייטען האָבען אַריינגעשפּיגען צו עטליכע װאָרטער. — אַז כמעט אַללע נײע שפּראַכען קוממען אַזױ אַרױס, האָב איך נישט געװאוסט — דער עיקר: אָהן אַ גראַממאַטיק! װאָס הײסט, עס זאָל נישט זיין אַ בפירושער, געדרוקטער דין, װענן צו זאָגען אַזױ און װענן אַנדערש?.. גאָר נישט — אַ הפקר װעלט!

אַז עטליכע מיללױאָנען רעדען אויף דעם לשון, האָט מיך נישט געאַרט — פערקעהרט, עס האָט מיך פערדראָססען! זאָללען זײ אַװעקװאַרפען דאָס מאוסעניש! אַװעקװאַרפען דאָס קויטיגע העמד, אָנטהון אַ פרישס און איבערטױשען אַ שפּראַכע — איז געװעזען בײ מיר אויף אײן משקל; עס װענדט זיך אָן גוטען װיללען!...

אַז מיין אײגענער טאַטע, מיין מאַמע, מיינע שװעסטער און ברידער בענוצען די שפּראַכע (— פוי, פוי! „שפּראַכע" זאָג איך נאָך! —) האָט מיך װײניג געריהרט — איך בין דאָך טאַקי פון מיין משפחה אַרױס געשפּרונגען װי פון דער בלאָטע און בוכהאַלטער געװאָרען! זײ זאָללען װעללען, װאָלט איך זײ די האַנד דערלאַנגט און אויך אַרױסגעצױגען... זײ װיללען נישט, דאַרף מען נישט.

איך האָב צייט געהאַט דען זשאַרגאָן צו פּלײ,

אַללע שטוהלען פון טיש; פאַרבייגעהענדיג, האָט זי אַראָבגעוואָרפען אַ טעללער און צובראָכען. דאָס האָט זי נאָך מעהר צורייצט.

— אַ בראָך זאָלל שוין זיין צו זיינע יאָהרען? האָט זי אויסגעשריען. אונטערבּרעכען זאָלל ער זיך דען קאָפּף!... אַי, מיין לעבען! האָט זי פּלוצלינג אַ קוויטש געטהאָן און געגעבען זיך מיט ביידע פויסטען אין קאָפּף.

די פיער קליינע קינדער האָבען זיך דערשראָקען און צוויינט.

— וויינען זאָלט איהר שוין נאָך אַייער טאַטען! האָט זי זיך אַרויפגעוואָרפען אויף זיי, — שטומם זאָללט איהר מיר ווערען! האָט זי געקוויטשעט און אָנגעהויבען שלאָגען אויף רעכטס און לינקס.

די קינדער זענען צולאָפען פון טיש און בעהאַלטען זיך אין די ווינקעלעך.

— מיין ביטטער האַרץ וועל איך אויסלאָזען צו אייער קאָפּף, צו אַייער לייב און לעבען, צו אַייערע האַנד און פיס! האָט זי געבריללט.

זי האָט זיך שווער אַראָבגעלאָזען אויפ׳ן האָלצערן זיטץ־בעטטעל און מיט אַ ווילדען קוק געקוקט אַרום זיך. עס האָט זיך איהר עפּיס געוואָלט טהון — דאָס האַרץ איז איהר שיער נישט אַרויסגעשפרונגען.

— אַהיים זאָלל ער מיר נישט דערוועגען קוממען! האָט זי געשריען, גלייך איינער וואָלט זי געהאָרט, — דען קאָפּף וועל איך איהם צושפּאַלטען! מיט פּאָמאָיעס וועל איך איהן אָבגיססען! זאָלל ער גאָר נישט דערלעבען קוממען אַהיים!...

זי האָט זיך צורעדט און צושאָלטען. פּלוצלינג פאַלט איהר איין פון אַלץ מאַכען אַ תל, עס זאָלל פון גאָר נישט בלייבען אַ שריד ופליט.

זי איז אויפגעשפרונגען מיט אַ קוויטשעריי פון אָרט און אַ לאָז געטהאָן זיך צו׳ם אויוועען. נור אין דער מינוט האָט זיך די טהיר געעפענט און עס זענען אַריין זלמן לאַמינע, מענדעל קאָסאָי, חיים דער גרינער, מיט ווייב און קינד.

— גוט יום־טוב! וואָס טהוט זיך דאָ? האָט געפראָגט זלמן, אַרומקוקענדיג זיך, — וועמען בעוויינט מען דאָ?

— זאָלל מען איהן שוין טאַקי אויף אַיין אמת בעוויינען, האָט חנה געענטפערט, אָבווישענדיג די טרעהרען מיט׳ן פאַרטוך, — יתומים זאָללען זיי בלייבען!

— ער איז טאַקי אַוועקגעגאַנגען? האָט געפראָגט חיים דער גרינער.

דאָס איז געוועזען נאָך נאַכט צו דעם פייער — און חנה האָט אויפגעעפענט דען מויל און געשאָטען מיט קללות...

---

געססען; און אפשר, האָט זיך מיר נור געדאַכט, אַז איך האָב׳ן פערגעססען; אַ מענש רעדט זיך אַזוי פעל איין!

נור צייטען אָנדערען זיך, עס איז אַ פשוט׳ע מעשה! איינמאָל האָב איך געדאַרפט מיר אַ דירה דינגען, האָט מען מיר גראָד אויף דריי אָרטער דורך איינאַנד קורץ און שאַרף געאָנטפערט: „נישט פאַר יודען!“; איך בין באָז געוואָרען און פאַר כעס אַריינגעפאַללען צו׳ן אַ יוד אויפ׳ן סאַמע־ראָדנע גרושיבאָוו... צו אַיין אברהם שאָכעטל־מאַכער. די שאָכטעלפאַבריק האָט זיך, אַ פנים, אָבגעשטעלט, זיינע איינענע האָנד זעננען געווג געוועזען; ער האָט אָבגעשאַפט די „יונגען“ און עס איז איהם געבליבען אַלעריגע שטוב מיט „אַ בעזונדערן גאַנג“.

אויפ׳ן טאָפעלע איז געשטאַנען: „12 רובל אַ מאָנאַט“ — מיר איז עס רעכט געוועזען; איך האָב געזוכט פאַר 15—20!

איך קומם אַריין און פראָג אויפ׳ן בעל־הבית.

אברהמיל האָט מיך דערזעהען און אַראָבגעהאַפט דאָס היטטעל מיט אַ פריידר! ער איז מיר אַנגעגען געשפרונגען, אַ קונה, האָט ער גערעכענט, און, צווישען אונז זאָלל עס בלייבען, אַ קונה, ביי וועלכען מען קאָנן נעמען אַ מקח... נור קוים איז ער געוואָהר געוואָרען, וועגען וואָס עס געהט, איז ער ווי פערשטאַרט געוואָרען.

— נישט אונטער 12 רובל! שניידט ער מיר אָב מיט פערביססענע ליפפען און אַ געבראָכען פּויליש.

— יוסעלע, מאַכט ער צו׳ן אַ בלאַסס קינד פון אַ יאָהר דריי, רוף אַריין די מוהמע. נור יוסעלע איז פערנוממען מיט גאָלדענע פּאַפּירלעך אויף

די מאַנסביל מיט די ווייבער האָבען זי בענומען איינהאַלטען.

— בערוהיג זיך, חנה, האָבען זיי געֶרעדט, — מיר וועלען אויסקומען אָהן איהם.

— זעמ'ן זיך, מיר וועללען פערבריינגען! האָט איהר גערעדט זלמן, — איך קאָנן איך רעדען ווי אַ מכשפה.

— ניין, האָט חנה אויסגעשריען, — אַ טוידטען וועל איך איהן ברינגען אַהער.

זי האָט געחאַפּט אַ פּאַטשיילע און פייל פון בויגען אַרויסגעלאָפען פון טהיר.

— פראים, וואַהרע פראים! האָט מען איהר נאָכגעשיקט.

— און וואָס מיינט איהר, זי איז דען נישט גערעכט? האָט געפראָגט איין פרוי.

— גערעכט, ווי דער טאַג! האָבען די מאַנסביל געאָנטפערט.

— אַז דער בעל הבית וואָלט ביי מיר אויפגעלאָפען ווערען, וואָלט איך נישט בעגאַנגען, האָט חיים געזאָגט.

— ווי הייסט, און איך וואָלט געגאַנגען? האָט מענדעל אונטערגעחאַפּט.

— ער איז אַ שטיק גאָרנישט, דער משה ליב!

— אַ נאַרר, אַ פערד!

— אַ וואַהרע בהמה!

---

און חנה איז געלאָפען אין איין אינפּעט, אין איין אָטהעם. זי האָט געברענט אין איין פייער און געפיהלט אין זיך אַ משונה׳דיגען כח.

זי האָט אַ שטאַרקען ריסס געטהאָן דאָס גלאָקעל פון טהיר, האָט זיך גאָר נישט דערשראָקען פאַר דען רעש, וואָס זי האָט אָנגעמאַכט, און אַרויסגערעדט נאָך אַ שאַרפע קללה. פון שטוב האָט זיך געהאָרט אַ שנעלל לויפען. עמיץ האָט אויפגעאָפפענט די טהיר און, דערזעהענדיג זי, געלאָזט זיך לויפען צוריק. חנה האָט געהאָרט, ווי אין זאַל האָט עמיץ אויסגעשריען אַיילענדיג: „משה ליב, דאָס ווייב איז געקומען!"

אַז זי איז צו צום זאַל, האָט מען איהר מקבל פנים געוועזען און פערשטעלט די טהיר. זי האָט אַריינגעקוקט אין זאַל, נור משה ליב׳ען האָט זי נישט געזעהען.

— וואו איז ער, וואו? האט זי געשריען, — זאָלל ער בעססער מיט גוטען אַהיים געהן!

— נישטאָ איהן, ער איז אַוועקגעגאַנגען, האָט מען איהר געאָנטפערט.

— איך וועל פון דאַנען נישט אָבטרעטען, האָט זי שוין געשריען מיט טרעהרען.

---

דער פאָדלאָגע און האָרט נישט.

— אַ שוואַרץ יאָהר — ברומט אברהם אונטער דער נאָז — ווענן מען דאַרף זי, איז זי נישט דאָ...

איך קלער, אַז ער האָט מורא אַריין צולאָזען אַ קאַוואַליער, און בערוהיג איהן, אַז איך בין אַ גאַנצען טאָג אין געשעפט און נעם קיין גאַסט נישט איין — „קיין שום גאַסט", אַקצענטיער איך.

— נישט אין דעם געהט עס — האַקט ער מיר איבער און קראַצט זיך דען גראָהליכען קאָפּף — ווייל... זעהט איהר... זוים איך —

ער הערבט זיך אָן צו צופּען די באָרד...

— איך בין אַ יוד! זאָג איך איהם.

— איך ווייס — מאַכט ער מיט אַ שמייכעל, ווי איינער רעדט: עס ליגט שוין אויפ׳ן פנים — נור מיין ווייב — זאָגט ער — אַ פרוממע יודענע...

— אָה! אָהנ׳עם ווייב טהוט איהר נישט? נור איך קאָנן נישט וואַרטען!

— נו, קומט!

ער וויזט מיר דאָס שטוב און איך האָב עס געדונגען.

---

דאָס ערשטע האַלבע יאָהר האָבען מיר צווישען זיך קיין מגע ומשא נישט געהאַט, אויסער וואָס איך האָב געצאָהלט און ער האָט גענומען דירה־געלד. די „מאַדאַם רחל" האָב איך זעלטען פאַר די אויגען געזעהען: פאַר נאַכט, ווענן איך האָב צייט געהאַט, האָט זי מיט׳ן זאָקען אין דער האַנד ווייזטען געמאַכט. פון מיר איז מען אויך צופריעדען געוועזען; עס איז ביי מיר שטילל געוועזען ווי אין רחוועץ; קיין איינציגער פון די קאַנטאָר־לייט האָט קיין חשק

— מען זאָגט דאָך אַייך, אַז ער איז שוין אַוועקגעגאַנגען! אַ יודענע אַ ביסל.

מען האָט זי אַריינגעלאָזען אין זאַל. זי האָט זיך אַרומגעקוקט און משה לויב׳ען נישט געזעהען.

— זאָלסט מיר שוין אַהיים געהן? האָט זי געיאָממערט, קוקענדיג אַרום זיך.

קיינער האָט זיך נישט אָבגערופען.

— זאָלסט אויפהאָרען צושפּיעלען זיך מיט מיר! האָט זי געשריען.

— מיאַ־או! האָט זיך דערהאָרט אַ קול פון הינטער אַ טהיר. דער עולם האָט זיך צולאַכט.

— „מיאַקען" זאָלסט דו שוין דאָס לעצטע מאָהל! האָט זי אויסגעשריען און געוואָרפען זיך אויף דעם קול.

— אַ ברים! אַ פּשיק! האָט מען אויף איהר געמאַכט פון אַללע זייטען און פערשטעלט דען וועג.

נור משה לויב איז אַרויסגעקראָכען פון זיין אָרט. ער איז שוין געוועזען אַ ביסעל פראָהליך. ער האָט פערלעגט אַ ליפּ אויף אַ ליפּ און אַרויפגעלעגט די האַנד אויפ׳ן באַק ווי אַיין אַלטע יודענע. דער עולם האָט זיך געקייקעלט פאַר געלעכטער.

— שוין זאָלסט דו מיר געהן אַהיים! האָט זיך חנה אויף איהן אַרויפגעוואָרפען.

— אַ ודאי, אַ ודאי! האָט ער געלע־פּעציעט ווי אַיין אַלטע יודענע אָהן צאָהן און געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּף.

מיט חנה׳ן האָט זיך אָנגעהויבען אַ איסטעריקאַ. זי האָט זיך צולאַכט און צוויינט, געוואָרפען זיך אויף דר׳ערד און געריססען פון זיך די האָר.

אַללע זענען אָבהאָנדיג געוואָרען. משה לויב האָט זיך אין איין מינוט אויסגעניכ־טערט און גענוממען זי בערוהיגען.

ער האָט אַזש נור געוויינט.

אַז חנה איז געקוממען צו זיך, האָט ער זי גענוממען אונטער׳ן האַנד און גע־פיהרט אַהיים מיט איין אַראָבגעלאָזטען קאָפּף. ער האָט זיך געפיהלט פאַר אַ שטאַרקען חוטא.

— סאַר׳ אַ שטיק זי האָט דאָס אַ ביסל געמאַכט! דען מאַנן האָט מען ביי איהר צוגענוממען! האָט עמיץ אַרויסגערעדט, ווען חנה איז געוועזען נעבען טהיר.

חנה האָט זיך אויסגעגלייכט. דאָס בלוט האָט אין איהר געקאָכט און זי האָט געוואָלט אויסגיססען צו אַללעמען אין שטוב איהר ביטטער האַרץ. זי האָט זיי געוואָלט זאָגען עפּיס אַ שאַרפען, האַרבען וואָרט — אַ וואָרט, וואָס זאָלל אָננעהמען ביי דער זיעבעטער ריפּ, וואָס זאָלל שטעכען ווי מיט שפּיזען. זי האָט זיי אַללעמען געוואָלט ווינשען, זיי זאָללען אַרבייטען

---

נישט געהאַט ווייטען אָבצושטאַטטען אויפ׳ן סאַמע־ראָדנע גרזשיבאָוו...

שפּעטער־צו האָבען מיר זיך דאָך נאָהנטער בעקאָנט.

אַיינמאָל האָט אברהם געבעטען ביי מיר פּאָר־שום; דערביי האָט ער זיך געקלאָגט אויף שלעכטע צייטען... מען זעהט נישט קיין אַרבייט... עס האָט זיך געאָפּפּענט אַ גרויסע שאַכטעל־פאַבריק, און האָט ביי אַללע איינבינדער די פרנסה פון מויל אַרויסגעריססען. איך האָב איהם דען פּאָרשום געגע־בען און געראַטהען, ער זאָלל זיך נעמען צו קינסט־ליכער אַרבייט, צו קאָנפעקטען־שאַכטעל, וואָס ווענדען זיך, זאָג איך איהם, אין געשמאַק פון אַ מענש, אין אַרטיזם, און די מאַשין מאַכט נישט אַזוי געשווינד נאָך. נור מיין אברהם׳ל מאַכט אַוועק מיט דער האַנד — „עט!" און געהט אַרויס, עפּיס, דאַכט זיך מיר, טרויעריג.

איך האָב מיך מיט מיין עצה נישט אָנגעוואָר־פען; איך בין דעראויף צו ליבעראַל געוועזען. נור פון דעמעלט אָן האָט שוין אברהם׳ל ביי מיר גאַנץ אָפט גענוממען דאָס דירה־געלד מיט אַ מאָנאַט פריהער און זיך אַלץ געקלאָגט אויף שלעכטע צייטען.

אַיינמאָל האָט ער גענאַרפט עקסטראַ 5 רובל.

— מיין זוהן, פערשטעהט איהר מיך — מאַכט ער מיט אַ שטראַהלענדיג פנים — מיין יוסעלע, העבט אָן חומש, צום מזל! נו, מוז מען שבת עפּיס מאַכען...

נור מאָנטאָג האָט ער מיר די 5 רובל אָבגעבראַכט מיט אַ פּריוויר: ער האָט געוואונען 75 רובל אויף דער לאָטעריע, און דאָס צעטטעל האָט ער בעקוממען ע״פ נס: דער נוממער האָט זיך איהם

אויף פרעמדע ווערקשטאַטטען, זיין „יענעמס אַ מענש". נור זי האָט זיך אײַנגעהאַלטען. זי האָט נור נישט געלאָזען משה לייב'ען פערמאַכען די טהיר. זי האָט זי אַלליין צוגעמאַכט מיט אַ שטאַרקען קלאַפּ.

קראַנק, צובראָכען, פערוויינט האָט זיך הנה געשלעפּט אהיים. אָבער דאָך האָט זי זיך געפיהלט בעפריעדיגט. איהרס האָט זי פאָרט אויסגעפיהרט.

דוד פּינסקי.

---

געחלומט... דערנאָך האָט ער שיער די פיס צו-בראָכען און — דען נוממער נישט געקריגען, נור ערשט אַ שעה פאַר'ן ציהען, קומט אַ שכן אין שטוב אַריין און נעמט איהן צו פאַר אַ שותף.

ער איז זיכער, אַז דאָס איז אַ גאָט'ס זאַך.

— דאָס איז — זאָגט ער — אין מיין יוסעלעס זכות. די מוטטער, עליה השלום, מיהט זיך פאַר'ן! עס איז זיין געלד! — ער רעכענט נישט אויסצו-זאָגען דעם ווייב און אַריינטראָגען דאָס געלד אין שפּאַרקאַססע אויף יוסעלעס נאָמען.

איך האָב איהם צוריק געגעבען די 5 רובל, ער זאָלל אַריינלעגען די גאַנצע 75.

— אַ שאָנעם דאַנק, רופט ער אויס מיט פרייד און, אַרויסגעהענדיג; האָר איך, מאַכט ער — „פאָרט אַ יוד! פאָרט אַ יוד!"

עס איז נאַריש — נור איך קען נישט באַז זיין אויף אַזוינע, וואָס האָבען קיין כח נישט זיך צו צונעמען זיך לאַנדער און שטאָדט, פעלדער און וואַלדער, און בעגנוגען זיך נור מיט אַ מאָנאָפּאָל אויף יושר און רחמנות... אַנדערע טהוען מעהר...

---

און... איך האָב אברהם'לען ליעב געקריגען — חאָטש נאָך אַלץ פון דער ווייטענס. און קוים האָב איך איהן ליעב געקריגען, בין איך געוואָרען וועניגער ליבעראַל און האָב געוואָלט, ער זאָלל זיך ווירקליך נעמען צו קאָנפעקטען-שאַכטעל, וואָס עס האָט נאָך געקאָנט זיין אַ געשעפט. נור מיט'ן מויל, ווייס איך, וועלל איך גאָר נישט מאַכען. איך ווייס, אַז מיר רעדען איבער, איבערצייגען און ווירקען אויף מענשען נישט מיט די בלויסע ווערטער, נור מיט די קאָליערען, האַלבע טאָנער, מיט דעלי-קאַטע שאַטטען, וואָס שטעקקען אין זיי, און אברהם'ל, חאָטש ער האָט אביסל פויליש פערשטאַנען און גערעדט, איז פאַר די עדעלערע זאַכען טויב געוועזען; פאַר איהם איז דאָס אַלץ פערלוירען געגאַנגען.

מען מוז רעדען מיט פאַקטען, טראַכט איך.

איך זאָג איהם, אַז איך האָב אַ סך טהייערע פאַפּיערען און בעשטעלל ביי איהם פאַר זייערט וועגען אַ קינסטליך, אמת אַרטיסטיש שאַכטעל.

איך האָב עס איהם אויסגעמאָהלט און געפראָגט, צו ער וועט קאָננען אַזוינס מאַכען?

— אוי, אוי! פאַר וואָס נישט!

— אפשר אויסריסווען אייך?

— נאַך וואָס? איהר מיינט דאָך אַזוי און אַזוי.

ער זאָגט מיר אַלץ איבער מיט זיינע ווערטער; איך זעה, אַז ער פערשטעהט, אַז ער האָט דאָס שאַכטעל מיט אַללע פערציערונגען פאַר די אויגען.

— נו, גוט, זאָג איך — עטליכע רובל מאָג עס קאָסטען.

— וועלל'מיר שוין זעהען, שמייכעלט ער. ער וויל מיר מאַכען דערפון אַ מתנה, נור דאָס וואָלט געוועזען געגען מיין פּלאַן.

---

דאָס שאַכטעל-מאַכען האָט געדויערט, און איך בין אַ פּאָר מאָל געזעסען ביי דער אַרבייט. די „מאַדאַם" איז אַלץ זעלטען אין דער היים; נעבען אונז איז געזעסען דאָס בלאַססע יוסעלע, וואָס איז, זייט ער לערנט חומש, נאָך בלאַססער געוואָרען, און לאָזט קיין אויג נישט אַראָב פון פאָטערס האַנד... וואָס די אַרבייט קומט מעהר בולט אַרויס, גראָססער ווערען יוסעלעס אויגען.

— שלאָפען געה, יוסעלע, דערמאַנט איהן דער פאָטער. נור יוסעלע האָרט נישט; ער זיצט פערחלומ'ט, אָנגעשפּאַרט מיט'ן קאָפּעל אויף די האַנד און איז פערקוקט, ווי פערכשופט...

מיר האָבען צווישען זיך וועניג גערעדט, נור בעמערקט האָב איך, אַז אברהם וואַרפט אויף מיר אַללע מאָל אויגען, אַז ער וויל מיך עפּיס פראָגען, אַז עס ליעגט איהם עפּיס אויף דעם שפּיץ צונג, נור ער האַלט זיך איין.

איינמאָל דאָך, אַז איך האָב אַ היים געבראַכט דעם זוהן אַ קאַרמעלקע און האָב צום בלאַססען קינד געשמייכעלט, און געגלאָט איהם די געקריי-זעלטע, ווייכע האָהרליך, זענען אברהם'לען די אויגען איבערגעגאַנגען. ער האָט זיך נישט אײַנ-געהאַלטען:

— איהר האָט, מאַכט ער פלוצלינג, ליעב אַ יוד, איהר האָט אַ יודיש האַרץ, און קיין יודיש וואָלט איהר נישט רעדען!

— איך קאָנן ניט! זאָג איך איהם.
— בולי האַי! אָנטפּערט ער מסופּק.
— און איך וויל, זאָג איך איהם, — אַז אַללע זאָללען רעדען אַזוי ווי איך. ער העבט אויף מיר אויף אַ פּאָר פערוואונדערטע און שמייכעל־דיגע אויגען.
— איהר ווילט?! מאַכט ער — איהר ווילט? אָה!...
ער רעכענט, אַ פּנים, אַז עס איז ווייניג, וואָס איך וויל... אַז עס דאַרפען נאָך אַנדערע וועללען, און איידער די אַנדערע וועללען וועללען, וועט נאָך אַסך וואַססער אָבגעהן פון דער ווייכסעל, און משיח וועט ניט דערוויל קוממען...
אַזוי האָב איך איהן זיין בליק געלעזען.

---

דאָס שאַכטעל איז ווירקליך אַרויס אַ מייסטער־שטיק. אברהם׳ל אַלליין האָט דערפון נחת געשעפּט, האָטש ער האָט גאַנץ אָפט געזיפצט, גאַנץ אָפט פערטראַכט זיך און פערלוירען די פּאַפּיער־פּאַססען פון האַנד ארויס... נור צונד שטעהט ער אין אַ זייט, מאַכט פון דער פויסט אַ שפּאַקטיוו און דאָס פּנים שטראַהלט איהם... יוסעלע טאַנצט אַרום טיש, ער איז אויסער זיך... נאָך אַ ווייל׳ע לאָזט אברהם אַראָב די האַנד, אַ שאָטטען פערדעקט איהם דאָס פּנים, און ער נעמט דאָס שאַכטעל, שוין ניט קוקענדיג דעראויף, און וויל עס אַריין טראָגען צו מיר. דע־מעלט האָט יוסעלע אַרויסגעשטויסען אַ יאָממערליך געשריי.
אברהם׳ל האָט זיך אָבגעשטעלט און מיט ליעבע און רחמנות געקוקט אויפ׳ן זוהן.
— גיט עס איהם! זאָג איך.
נור אברהם׳ל ווייגערט זיך.
— ניין, מאַכט ער נאָך אַ ישוב, דאָס איז אַ י י ע ר שאַכטעל, און דו, יוסעלע — ווענדט ער זיך צום קינד מיט אַ מאָדנע ווייכער און ציטטערדיגער שטיממע — דו וואַרט, דיר וועל איך עפּיס שענערס געבען... איהר מאַגט אויך זעהען — איין אַ מת׳ע צאַצע!
ער האָט זיך אומגעקוקט אויף אַללע זייטען, צו איז אויסער אונז קיינער ניט דאָ, דערנאָך אויס־געשפּיצט די אויערען, צו ער האָרט ניט עמיצין קוממען, און איז צוגעגאַנגען צום צווייטען אַרבייט־טיש און האָט אַפער געשלעפּט אַ קאַסטיל מיט אַלטע כלים.
ער האָט עס געעפענט און אין אַ זייט, אָב־גערוקט פון האַלץ און אייזען, איז געשטאַנען אַ פאַפּיערן פּעקקעל. ער האָט עס לאַנגזאַם אַרויס גענוממען, בעהוטזאַם געעפענט — און — עס איז אַרויס אַ קונציג, בלאַסס־בלאָה נאָה־געשייר מיט פאַנס און באָרדאָ פערצייערט.

— נאַ — מאַכט ער צו יאָסעלען — דאָס האָט דיר די מאַמע דיינע געשענקט, געדענק! דו ביסט נאָך צו קליין געוועזען, האָט זי עס ביי מיר איבער־געלאָזט.
— ניין, ניין — האָט ער זיך פּלוצלינג איבער־געהאַקט — דאָס האָט דיר ד ע ר העלד געשענקט, געדענק... גיב אַ קוש, און, אַז די מוהמע וועט פרעגען —
נור יוסעלע האָרט ניט; ער איז פאַר׳ן נייעם שאַכטעל געבליבען אָהן אָטהעם און מיט דאָפּפּעלט גרויסע אויגען ווי תמיד.

---

אַ פּאָר טאָג שפּעטער, אַז אברהם׳ל איז ווייטער געקוממען נאָך געלד, האָב איך איהן געפרעגט, צו עס וואָלט איהם ניט געלאָהנט, ער זאָל אַרבייטען נ ו ר אַזוינע קונציגע זאַכען...
— אַז איהר קאָנט יאָ, זאָג איך.
— קאָננען קאָנן איך — אָנטפּערט ער — נור...
און אין דעם „נור" האָט דאָס אויער געהאַפּט עפּיס אַ וואונדערליך טרויעריגע נאָטע... די אויגען, דאַכט מיר, פרעגען איהם ווייטער.
— עס גלויבט זיך ניט, אָט... שטאַממעלט ער און וויל אַרויס פון שטוב.
איך בעט איהן זיצען, נעם אַרויס אַביסל בראַנפען.
— איך האַלט ניט דערביי — מאַכט ער אָהן חשק.
— שאַמט אייך ניט, אָנטפּער איך איהם, ט ה ו ט אָן דאָס היטעל, מאַכט אַ ב ר כ ה, און אין האַרץ האָב איך מיך אויף מיר אַלליין געוואונ־דערט ווי טאָלעראַנט איך בין געוואָרען.
נאָכ׳ן ערשטען „לחיים" האָב איך איהן נאָך אַמאָל איבערגעפרעגט, פאַר וואָס ער נעמט זיך ניט צו דער בעססערער אַרבייט.
— עס איז, זאָגט ער טרויעריג, אַ מעשה דערביי... איך וואָלט אייך פערצאָהלט, ס׳איז קיין סודות ניט... נור...
ווייטער „נור", נור מיט אַ דרך ארץ בליק אויף מיר —
— וואָס נור?
— אויף יודיש — אָנטפּערט ער שטילל — וואָלט איך געקאָנט.
— איך פ ע ר ש ט ע ה אַביסל יודיש... זאָג איך איהם, איך קאָנן נור ניט רעדען. דאָס אַ ב י ס ל, נאַטירליך, איז געוועזען, צווישען אונז געשמועסט, שטאַרק איבערגעזאָלצען, איך האָב פערשטאַנען מעהר ווי אַביסל. —

---

אויף יודיש האָט זיך אברהם׳ל צורעדט און איך האָב געהערט אַ וואונדערליך טרויעריגע געשיכטע,

עֶר איז אַ בחור געוועזען, אַ פּועל, אונ מען האָט איהם אָנגעשלאָגען אַ שידוך מיט'ן שאַבּטעל־מאַכערס טאָכטער, וואו ער האָט געאַרבּייט. דאָס מאָדעל איז איהם זעהר געפֿעללען, נור, ווי דער אמת איז, מען האָט זיך וועגען איהר מיט עפּיס אַ דייטשעל פֿון הויף געסודעט... מען האָט געזאָגט, אַז זי זעהען זיך, שרייבען בריעף — נור ער האָט נישט געקוקט דערויף. „איין עסק! זי קאָנען שרייבען — שרייבּט זי!" דער פֿאָטער האָט אָבּגעשטעלט די תנאים, דערנאָך — די חתונה אונ איין עק. פֿאַר דער חתונה האָט זי איהן אָבּגעפּאַסט, געגומטען אין אַ זייט אַריין אונ געזאָגט, אַז זי האָט טאַקי ליעבּ דאָס דייטשעל, אַז איהן, אברהם'לען, וועט זי קיינמאָל נישט ליעבּ האָבּען, נור אויבּ ער וויל, אונ דער פֿאָטער נייט זי, וועט זי זיין זיין ווייבּ, נור אויף מעהר זאָלל ער זיך נישט ריכטען...

וואָס „מעהר" האָט ער נישט געוואוסט...

אונ האָט זיך וועניג געמאַכט דערפֿון, וואָרום — „ווער קוקט אויף אַזוינע מאַדלישע זאַכען?" ערהליך איז זי געוועזען, דאָס האָט ער געוואוסט; ווייטער — חלומות דאָרטען — זי וועט ווערען אַ בעלת הבית'טע, וועללען איהר די פלעווים אַרויס־פֿון קאָפּף. דער עיקר — זי איז איהם שרעקליך געפֿעללען.

„איך האָבּ — זאָגט ער — פּשוט־ממש קיין עפּיס אַנדערש נישט אין זיננען געהאַט — גלייך מען וואָלט זי מיר מיט אַ האַמער אין מוח אַריין געשלאָגען... איהר וועט מיר גלויבען? יום־כפּור ביים „על חטא" איז זי מיר פֿאַר די אויגען געשטאַנען...

— וואָס העלפֿט עס, זיפֿצט ער אָבּ, אַז גאָטט האָט נישט געוואָלט...

ער לאָזט אַראָבּ דען קאָפּף אונ שווייגט פֿערטרויערט.

---

—דאָס נאָה־געשירר, וואָס איהר האָט געזעהען— העבּט ער אָן נאָך אַ רגע — דאָס האָבּ איך איהר געמאַכט (ער סאַפּיט), נור נעמען האָט זי עס נישט געוואָלט...

— האָבּ איך עס בעהאַלטען, גיט ער צו מיט אַ קול אָנגעשוואָללען מיט ווייטאָג.

דערנאָך איז זי קראַנק געוואָרען — עס איז אַריין געקוממען דער דאָקטאָר, אין אַ פּאָר וואָכען אַרום — דער מלאך המות...

אַ יתום איבּער געלאָזט... ער שווייגט ווייטער אַבּיסל, לאָזט נאָך טיעפֿער אַראָבּ דען קאָפּף, די קניען ציטטערן איהם...

— אונ וואָס טהוט מען מיט אַ קליין קינד? — מאַכט ער פֿערצאָגט — האָבּ איך געמוזט נאָך אַמאָל החונה האָבּען...

ער בּלייבּט זיטצען, קוקענדיג אין דער לופֿט אַריין אונ די טרערען קאַפּען אַזוי אונ קאַפּען.

---

טרערען ביי'ן אַ מאַנספּערזאָן אונ איין אַלטערן מענש שניידען צו פֿיעל ביים הארץ.

— אונ איבּער דעם — האַקק איך איהם איבּער — אַרבּייט איהר קיין שאָנע שאַבּטעל נישט?

ער שווייגט נאָך אַבּיסל, דערנאָך העבּט ער אויף אויף מיר אַ פּאָר טיעפֿע, גלאַנצענדיג פֿערחלומט'ע אויגען.

— איהר וועט מיר גלויבען, מאַכט ער, — אַז איך נעם אַ שאָנערע אַרבּייט אין דער האַנד אַריין, דערמאַנט זיך מיר באַלד דאָס נאָה־געשירר, איהר אַוועק שטופּען מיט דער האַנד... זי... איהר טרויער... איהר טויט... אונ איך קאָנן נישט... קאָנן נישט...

ער באָרעט זיך אומזיסט מיט די טרערען... ער פֿערשטעלט זיך דאָס פּנים מיט די האַנד אונ געהט אַרויס.

פֿערהאַלטען איהן, טרייסטען, אויסרעדען האָבּ איך נישט געקאָנט; דאָס דאַרף מען אויף יודיש.

---

נור מיר האָבּען שוין אויף זיך אַנדערש געקוקט... איינמאָל פֿראָג איך איהן:

— וואָס וועט זיין מיט אייער יוסעלען?

— וואָס זאָלל זיין? פֿראָגט ער צוריק פֿערוואונדערט.

— וואָס ווילט איהר פֿונ'ם מאַכען?

— מאַכען? ער געהט אין חדר אַריין,

— אונ מכּח פּרנסה?

— פּרנסה גיט גאָטט...

— יאָ אונ פֿון דעסטוועגען זיצט איהר דאָך נישט מיט פֿערלעגטע האַנד.

— וועט ער אויך זיין אַ שאַבּטעל־מאַכער...

— אונ אויך אַרבּייטען די פּראָסטע, וואָס די פֿאַבּריק רייסט אייך פֿון דער האַנד אַרויס...

— וועט ער אַרבּייטען גוטע...

— וואָס ביי'ן אייך הייסט היינט גוטע, וועט שוין דעמעלט אַרבּייטען די מאַשין.

— אמת, מאַכט ער, די פֿאַבּריק גיט אַללע טאָג שאָנערע זאַכען אַרויס...

אונ איך גיבּ איהם צו פֿערשטעהן, אַז קאָנקורירען מיט דער פֿאַבּריק קאָנן נור דער קינסטלער, ווי צום בּיישפּיעל דער מאַלער מיט'ן פֿאָטאָגראַף; נור איין אַרטיסט! איין אמת'ער אַרטיסט, וואָס האָט אין זיך אַ גייסט, אַ זעלטענעם געשמאַק, וואָס האָט אידעען... געדאַנקען...

— ביי שאַבּטעל? וואונדערט זיך אברהם'ל.

— נו, זאָלל זיין פּלאַנען, נייע אויפֿטהון, פֿאָרמען, פֿערציערונגען... מיט איין וואָרט מען,

מוז זיין אַיין אַרטיסט.

— וועט מיין יוסעלע זיין אַיין אַרטיסט...

מאַכט ער אויף זיכער.

— יאָ... פֿאָהיג וועט ער זיין... ער האָט אַיין אינטעליגענט פּנים, נור... לערנען מוסס מען...

— לערנען? וואָס?

ערשטענס, זאָג איך איהם אַ שפּראַכע, מען זאָלל קאָננען אין איהר לערנען, אונ דערנאָך ציכנען...

נור ער האַקט מיר איבער:

— לערנען... אונ געלד?... אומזיסט וויל קיינער נישט לערנען!

איך ווער ווייטער אַ גוטער:

— ווייסט איהר וואָס, זאָג איך איהם, — איך וועל איהן לערנען...

— איהר? מאַכט ער פֿערוואונדערט אונ פֿערדאָכטיג.

איך, ענטפֿער איך איהם ערנסט אונ, ווי מעגליך, ווייך אונ גוט...

אונ אין אברהם'לס פּנים זעה איך אַ בפירוש'ע מלחמה: ער וויל מיר דאַנקען, נור ער איז מיר עפּיס חושד דערביי...

די גוטע זייט האָט דאָך גובר געווען, נור נישט אין גאַנצען:

— איהר? — פֿראָגט ער, אינ אויף וואָס פֿאַר אַ לשון וועט איהר איהן לערנען? ווי אַזוי וועט ער אייך פֿערשטעהן?

---

אונ איך האָב אָנגעהויבען צו דערמאַנען זיך דאָס יודיש —

איך האָב גאָר נישט געוואוסט, אַז עס איז אַזוי לייכט זיך צו דערמאַנען... נור פּורים-צייט בין איך שוין געזעססען מיט אברהם'לען צוזאַממען ביי דער סעודה...

י. ל. אהרנשטיין.

# דאָס געבעט.

(נאָכאַהמונג)

רבונו של עולם!
נאָך ווייניג געליטטען?
ווען וועסט דו, רבונו
של עולם, פֿערשיטטען

דען אָבגרונד, דען טיעפֿען,
וואָס טהיילט דיינע קינדער
אויף שטאַרקע אונ שוואַכע,
אויף לאַממער אונ שינדער?

* * *

אונ ברייט איז דער אָבגרונד,
אונ טיעף ווי אַ תהום,
אונ זאַפּט אין זיך איין
אונזער בלוט ווי אַ שוואָם!...

* * *

עס ציטטערט פֿון דאָרטען
דער ווייטאָגס געוויין,
דאָרט ליעגט די נקמה
אונ קריצט מיט די צאהן...

דאָרט ליעגט די פֿערצווייפֿלונג
דערשראָקקען, פֿערבליפט,
מיט ליפּפּען ווי קוילען
ביים באָכער פֿון גיפֿט...

* * *

רבונו של עולם!
נאָך ווייניג געליטטען?
ווען וועסט דו דען שרעקליכען
אָבגרונד פֿערשיטטען?...

עס ווערען אין אָבגרונד,
וואו ס'מעססער נור בליצט,
מיט בלוט אויך די ריינסטע
אידעען בעשפּריצט...

דאָרט ברעכען די פֿליגעל
די אָדלער די גראָססטע;
דאָרט ווערען פֿערשטיינערט
די הערצער, די בעסטע...

רבונו של עולם,
צו שפּראָצט דענן דיין לויב
אין פֿוילען, אין פֿינסטערן
בלוטיגען שטויב?

. . . . . . . . . . . . . . . . .

י. ל. פרץ.

# נַאטוּר-קְרֶאפְטֶען.

## ב) עֶלֶעקְטְרִיצִיטֶאט.

אִין פלוּג דאַכט זִיךְ, אַז בּלִיץ אוּנ דוּננֶער, טֶעלֶעגראַף אוּנ טֶעלֶעפאָן, עֶלֶעקטרִישֶׁע בּעֶלייכטוּנג אוּנ אַיין אָנגעֶרִיעבעֶן שטִיקעֶל בּוּרשטִין, וואָס צִיהט צוּ שטִיקלִיךְ שׂטרוֹי — האָבּעֶן גאָר קיין שוּם צוּזאַממעֶנהאַנג נִישט. אוּנ דאָךְ זעֶננעֶן זַייא נאָהנטעֶ קרוֹבים; דאָס זעֶננעֶן פאַקטעֶן, וואָס קוּממעֶן אַרוֹיס פוּן אַיין נאַטוּר־קראַפט.

§ 1 יעֶדעֶר פוּן אַייךְ האָט שוֹין אַוּדאי געֶפּרִיוּוט אָנרייבּעֶן בּוּרשטִין אָן אַ שטִיקעֶל וואָלל אוּנ צוּצִיהעֶן דעֶרמִיט שטִיקלִיךְ שטרוֹי. דאָס זעֶלבּעֶ האָבּעֶן נאָךְ דִי גרִיכעֶן בּעֶמעֶרקט אוּנ, ווַייל אוֹיף גרִיכִישׁ הייסט בּוּרשטִין: עֶלעֶקטראָן, דעֶרִיבּעֶר האָט מעֶן דעֶר קראַפט אַ נאָמעֶן געֶגעֶבּעֶן: עֶלעֶקטרִיצִיטאֶט. עֶרשט אִין 18טעֶן יאַהרהוּנדעֶרט האָט מעֶן בּעֶמעֶרקט, אַז נִישט בּוּרשטִין אַללֵיין האָט דִי אֵייגעֶנשאַפט. דאָס זעֶלבּעֶ קאָנן מעֶן מאַכעֶן מִיט גלאָז, סמאָלעֶ, לאַק (טרִיעפּוּואַקס) קאַאוּטשוּג, פאָטאַזש... מעֶן דאַרף נוּר דִי זאַכעֶן גוּט אוֹיסטרִיקעֶנעֶן, בּשעת ווען בּוּרשטִין האַלט זִיךְ שטאֶנדִיג טרוּקקעֶן.

§ 2 דִי אָנגעֶרִיבּעֶנע זאַכעֶן (אָן וואָלל, פלאַנעֶללעֶ, אַ פוּטעֶרל, מִיט דעֶר האַנד) בּעֶקוּממעֶן אַ רִיח פוּן פאָספאָר; אַז אִיהר ווֶעט זַייא צוּלעֶגעֶן צוּם פּנים, ווֶעט זִיךְ אַייךְ דאַכטעֶן, אַז אִיהר פִיהלט אַ שפִּינוועֶבּס; דאָס קוּמט דעֶרפוּן, וואָס דִי קלֵיינעֶ האָהרלִיךְ אוֹיפ׳ן פּנים ווערעֶן צוּגעֶצוֹיגעֶן אוּנ שטעֶללעֶן זִיךְ אוֹיף. אִין אַ פִינסטעֶרעֶר שטוּבּ, אַז אִיהר ווֶעט צוּלעֶגעֶן צוּ דִי אָנגעֶרִיבּעֶנעֶ זאַכעֶן אַ פִינגעֶר — ווֶעט פוּן זַייא אַרוֹיספלִיהעֶן אַ קלֵיינעֶר פוּנק; דעֶרבַּיי ווֶעט אִיהר האֶרעֶן אַ שטִיללעֶן קנאַק — אַ מִילִיאָנטעֶל פוּן אַ דוּננעֶר אוּנ אַ בּלִיץ!

מִיר זעֶהעֶן, אַז דִי קאֶרפּעֶר, וואָס מִיר האָבּעֶן אוֹיסגעֶרעֶכעֶנט, ווערעֶן עֶלעֶקטרִיזִיעֶרט — אָדעֶר אָנגעֶלאָדעֶן מִיט עֶלעֶקטרִיצִיטאֶט — דוּרךְ אָנרייבּעֶן.

§ 3 נעֶמט אַיין אָנגעֶלאָדעֶן, אָדעֶר אַיין עֶלעֶקטרִיזִיעֶרט ראֶהרִיל פוּן גלאָז אוּנ רִיהרט דעֶרמִיט אָן אַיין אַנדעֶר גלאָזראֶהרִיל, ווֶעט דאָס אוֹיךְ ווערעֶן עֶלעֶקטרִיזִיעֶרט. דאָס אֵייגעֶנעֶ ווֶעט זיין, אוֹיבּ אִיהר ווֶעט אָנרִיהרעֶן מִיט אַיין עֶלעֶקטרִיזִיעֶרט שטִיקעֶל לאַק אַ צווֵייט, אוֹיךְ גוּט אוֹיסגעֶטרִיקעֶנט שטִיקעֶל לאַק. דאָס אָנגעֶרִיהרטעֶ גלאָז אָדעֶר לאַק וועֶללעֶן צוּצִיהעֶן שטִיקלִיךְ שטרוֹי אָדעֶר האֶרצִיל פוּן בּאָז (בּוּזִינאַ)...

מִיר זעֶהעֶן, אַז דִי עֶלעֶקטרִיצִיטאֶט פעֶרשפּרֵייט זִיךְ פוּן אֵיין קאֶרפּעֶר אוֹיפ׳ן צווֵייטעֶן דוּרךְ אָנרִיהרעֶן.

§ 4 אוּנ דעֶרִיבּעֶר, אַז אִיהר ווֶעט אָנרייבּעֶן אַ גלאָזעֶרן ראֶהרִיל, אוּנ, האַלטעֶנדִיג עֶס אִין אֵיין האַנד, ווֶעט אִיהר אִיבּעֶרגעֶהעֶן דעֶרִיבּעֶר מִיט דעֶר צווֵייטעֶר האַנד, ווֶעט דִי עֶלעֶקטרִיצִיטאֶט פעֶרשוואוּנדעֶן ווערעֶן — זִי ווֶעט זִיךְ פעֶרשפּרֵייטעֶן אוֹיף אַייךְ, פוּן אַייךְ אוֹיף דעֶר עֶרד, אוּנ אִיהר פעֶרשטעֶהט אַללֵיין, וויִפִיעל עֶס קאָנן שוֹין בּלייבּעֶן פוּן דעֶר קראַפט אִינ׳ם ראֶהרִיל! אוּנ דעֶרִיבּעֶר, אַז מִיר וועֶללעֶן זִיךְ דעֶרנאָךְ צוּרִיהרעֶן מִיט דעֶם ראֶהרִיל צוּ שטִיקלִיךְ פאַפִּיעֶר אָדעֶר צוּ׳ן אַ האֶרצִיל פוּן בּאָז, וועֶללעֶן מִיר קיין שוּם בּעֶוועֶגוּנג נִישט בּעֶמעֶרקעֶן אוּנ מִיר וועֶללעֶן זאָגעֶן, אַז דִי עֶלעֶקטרִיצִיטאֶט האָט זִיךְ אוֹיסגעֶלאָדעֶן, אוּנ אוֹיבּ מִיר וועֶללעֶן עֶס דאַרפעֶן צוּרִיק אָנלאָדעֶן, וועֶללעֶן מִיר עֶס מוּזעֶן נאָךְ אַמאָל אָנרייבּעֶן.

§ 5 דאָס אֵייגעֶנעֶ ווֶעט זיין, אוֹיבּ מִיר וועֶללעֶן אִיבּעֶרגעֶהעֶן אִיבּעֶרן ראֶהרִיל מִיט וואָס־עֶס־אִיז אַ מעֶטאַלל — אַייזעֶן, שטאָהל (וואָס מִיר וועֶללעֶן האַלטעֶן אִין דעֶר צווֵייטעֶר האַנד): דִי עֶלעֶקטרִיצִיטאֶט

ווערט זיך פֿערשפּרייטען און איבּערגעהן און דאָס ראָהרעל ווערט אויסגעלאָדען ווערען.

נור בּלייבּען ווערט די קראַפֿט נישט געריהרט, אויבּ מיר וועללען איבּערגעהן דאָס גלאָז־ראָהריל מיט סמאָלע, לאַק, זיידענצייג, פּאַראַפֿין, קאַאוטשוג, גלאָז, טרוקקען האָלץ וכדומה...

דערפֿון זעהען מיר, אַז בּנוגע צו עלעקטריציטאָט, טהיילען זיך אויך די קאָרפּער אויף גוטע און שלעכטע לייטער, ווי בּיי מאַגנעטיזם; טהייל (די גוטע לייטער) לאָזען זי דורך און זי ווערט פֿערשוואונדען און אַנדערע (די שלעכטע לייטער) לאָזען זי נישט דורך און זי בּלייבּט אין אָנגעלאָדענעם קאָרפּער. צו גוטע לייטער געהאָרען: אונזער קאָרפּער, פֿייכטע לופֿט, מעטאַללען...

§ 6 אויבּ מען וויל, דער אָנגעלאָדענער קאָרפּער זאָלל די קראַפֿט נישט פֿער־ליערען, מוז מען איהן איזאָליערען, ד. ה. אָבּטהיילען, אָבּשיידען פֿון די קאָרפּער, וואָס נעמען צו און לאָזען דורך די קראַפֿט.

צו דעם צוועק, אויבּ איהר ווילט אָנלאָדען אַ גלאָזערן ראָהרעל, אַ שטיקעל בּורשטין אָדער לאַק, זאָלט איהר עס אַרויפֿשטעללען אויף אַ גלאָזערן פּיסל אָדער אויפֿהאָנגען אויף אַ זיידענעם פֿאָדען.

דערצו מוסס די לופֿט אין שטוּבּ זיין טרוקקען, ווייל די פֿייכטקייט ציהט אויך אַרוים די עלעקטריציטאָט. אויבּ איהר ווילט אויספּרובּען פֿערשיעדענע קאָרפּער, צו זיי לאָזען זיך עלעקטריזיערען, צו נ״ן, צו זיי זענען גוטע אָדער שלעכטע לייטער, קאָנט איהר אייך לייכט מאַכען איין אַפּאַראַט דערצו: נעמט אַ קליין פּיצעל קאָרק אָדער בּאָז־האָרציל, האָנגט עס אויף מיט אַ זיידענעם פֿאָדען אויף איין אויסגע־בּויגען גלאָזערן ראָהרעל אין פֿאָרם פֿון אַ ך, וואָס שטעקט מיט דער צווייטער זייט אין אַ גרויסען קאָרק *). — דאָס שטיקעל קאָרק אָדער האָרציל פֿון בּאָז האָנגט אַזוי־ערנאָך פֿריי אין דער לופֿט און עס וועט אַמלייכטסטען דערפֿיהלען וואָס־עס־איז פֿון איין עלעקטרישע קראַפֿט. —

נור דער פּראָבּיר־אַפּאַראַט וועט אונס צונוטץ קוממען אויף וויכטיגערע זאַכען.

§ 7 אַז איהר וועט אייך צוריהרען צו דעם אויפֿגעהאַנגענעם בּאָז־האָרצעל מיט איין אָנגעלאָדען שטיקל בּורשטין אָדער לאַק, וועט דאָס בּאָז־האָרציל פֿריהער צוגעצויגען ווערען, און בּאַלד דערנאָך וועט עס צוריק אָבּשפּרינגען.

אַז מיר וועללען נאָך אַמאָל צוריהרען זיך מיט'ן אייגענעם שטיקעל בּורשטין אָדער לאַק, וועט דאָס שטיקעל בּאָז־האָרציל ווייטער אָבּשפּרינגען.

פֿאַר וואָס שפּרינגט עס אָבּ?

נאַטירליך איז דאָס בּאָז־האָרציל עלעקט־ריש געוואָרען דורכ'ן אָנריהרען; עס האָט איבּערגענוממען די עלעקטריציטאָט פֿון בּורשטין אָדער לאַק, און מיר וועללען זעהען — אַז צוויי גלייכע עלעקט־ריציטאָטען שטויסען זיך אָבּ.

אַנדערש וועט אָבּער געשעהען, אויבּ מיר וועללען זיך צוריהרען צום בּאָז־האָרציל, וואָס איז אָנגעלאָדען געוואָרען פֿון בּורשטין אָדער לאַק, מיט אויך איין אָנגעלאָדען, נור גלאָזערן ראָהריל! דאָס בּאָז־האָרציל וועט זיך אין דער רגע צוציהען.

דאָס זעלבּע וועט זיין, אויבּ איהר וועט טהון פֿערקעהרט, ד. ה. איהר וועט פֿריהער צוריהרען זיך מיט גלאָז און דערנאָך מיט לאַק אָדער בּורשטין.

בּיים צוריהרען זיך מיט גלאָז, וועט דאָס בּאָז־האָרציל צושפּרינגען, דערנאָך שוין אַללע מאָל אָבּשפּרינגען. נור, פֿער־קעהרט — עס וועט ווייטער צושפּרינגען, אויבּ איהר וועט צוקוממען דערצו מיט לאַק, בּורשטין אָדער איין אַנדערע סמאָלע.

דאָס אייגענע, נור נאָך בּעססער, וועט

---

*) זעה די 6־טע פֿיגור אין „מאַגנעטיזם" (שבת־איבּם).

איהר זעהן, אויב איהר וועט אייך צוברייטען צוויי פראָבירַאפּאַראַטליך (§ 6): ביידע שטיקליך קאָרק (אָדער באָז-האָרציל) זועללען איינס פון צווייטען אָבשפּרינגען, אויב זיי וועללען אָנגעלאָדען ווערען, אָדער ביידע גלייך פון גלאָז, אָדער ביידע גלייך פון סמאָלע; דאַגעגען אָבער וועללען זיי זיך איינס דאָס צווייטע צוציהען, אויב איינס וועט זיין אָנגעלאָדען פון גלאָז און דאָס צווייטע פון סמאָלע (בורשטין, לאַק, קאַאוטשוג).

דערפון זעהן מיר, אַז מיר האָבען צו טהון מיט צ ו ו י י ע ר ל י י עלעקטריציטאָטען; אַז די עלעקטריציטאָט, מיט וועלכען עס ווערט אָנגעלאָדען ג ל אָ ז, איז נישט די זעלבע, מיט וועלכער עס ווערען אָנגעלאָדען פערשידענע מינים ס מ אָ ל ע, (וואָרום דאָס אָנגעלאָדענע גלאָז ציהט צו דאָס, וואָס די אָנגעלאָדענע סמאָלע שטויסט אָב און פערקעהרט) און: אַז צוויי פערשידענע עלעקטריציטאָטען ציהען איינס דאָס אַנדערע צו, בשעת ווען צוויי גלייכע שטויסען זיך אָב.

§ 8 מיר ווייסען שוין, אַז די עלעקטריש אָנגעלאָדענע קערפער גיבען פון זיך אַרויס פונקען. צו קאָנן מען די פונקען נישט פערגראָססערן? דאָס הייסט צו איז נישט מעגליך אָנצוזאַמלען מעהר עלעקטריציטאָט, די פונקען זאָללען שטאַרקער לייכטען?

געוויס. וואָרום די ערשיינונג, וואָס מיר זעהען אַלס בליץ און הערען אַלס דונער, איז אויך נישט מעהר נור אַ גרויסער עלעקטרישער פונק.

איז דען אין די וואָלקען פערהאַנדען עלעקטריציטאָט?

געוויס! אַ 150 יאָהר צוריק האָט פראַנקלין געלאָזט אין אַ געוויטטער (בורזשאַ, בוריאַ) אין דער הויך אַרויף אַ פאַפירענע שלאַנג; אין דער שלאַנג איז געוועזען אָנגעהאַנגען אַ דראָט, און אין דער דראָט האָט געהאַנגען איין אייזערנער שליססעל, וואָס האָט זיך צוגעריהרט צו דער ערד. אַז דער וואָלקען איז צוגעקוממען צו דעם אָרט, וואו די פאַפירענע שלאַנג האָט זיך געהאַלטען, האָט פראַנקלין צוגעלעגט די פינגער צום שליססעל און האָט געהערט אַ מין קנאַקקען און בעקוממען עטליכע פונקען.

די פריזוו איז זעהר געפעהרליך; טהייל מאָל איז דער וואָלקען אַזוי שטאַרק אָנגעלאָדען און די פונקען אַזוי קרעפטיג, אַז זיי טוידטען אַ מענש. ביין אַזאַ'ן אַרט פריזוו איז אין 1853 אַ געלעהרטער ראַכמאַן אין פעטערסבורג געהרגעט געוואָרען.

דערפון איז לייכט צו פערשטעהן: אַז דונער און בליץ איז אַלץ איינס. דאָס איז דאָס זעלבע, וואָס איהר האָרט קנאַקקען און זעהט פינקלען ביין איין אָנגעלאָדען גלאָזערן ראָהריל אין אַ פינסטערע שטוב.

§ 9 ווי אַזוי עלעקטריציטאָט צו זאַממלען.

בעלייכטען שטאָרט, מאַכען עלעקטרישע באַהנען, טעלעגראַפען, טעלעפאָנען, איבערטראָגען אַ קראַפט (למשל פון אַ וואַססער-פאַלל) אויף עטליכע ווערסט, קאָנט איהר געוואָהר ווערען פון דער פיזיק; מיר גיבען אייך נור די ע ר ש ט ע בעקאַנטשאַפט מיט נאַטור קרעפטען. נור פראַנקלינס דונער-אָבלייטער (פיאָרונאָ-חראָן, גראָמאָ-אָטוואָד), וואָס שיטצט אונזערע הייזער פאַר'ן דונער — קאָנט איהר שוין לייכט פערשטעהן: דאָס איז אַ מעטאַללענע דראָט, וואָס שטאַרט מיט'ן שפּיץ אַרויס איבער'ן דאַך און לאָזט זיך אַראָב מיט'ן צווייטען שפּיץ אין דער ערד אַריין. איהר ווייסט שוין (§ 5), אַז מעטאַלל איז אַ גוטער לייטער און אַ ז ע ס ג ע ה ט ד ו ר ך אַ י י ן ע ל ע ק ט ר י ש אָ נ ג ע ל אָ ד ע נ ע ר ו ו אָ ל ק ע ן, נעמט ד י ד ר אָ ט איבער די עלעקטריציטאָט און לאָזט זי דורך אין דער ע ר ד אַ ר י י ן.

ד״ר שטיבער.

געזייר. א. ק--ן.

# פרץ'ס

# בלעטליך

זשורנאל פיר

ליטעראטור געזעללשאפט און עקאנאמיע

2 טער באנד

פערלאג פון י. לידסקי בוכהענדלער

ווארשא תרס"ג

# ПЕРЕЦЕСЪ БЛЕТЛАХЪ

Литературно-Общественно-Экономическій Сборникъ

ВАРШАВА 1903.

Типографія А. Глинка Гусья № 20.

# דִי נֵייטָאָרִין.

דִי אוֹיגֶען רוֹיט, דִי לִיפֶּען בְּלָאה,
קֵיין טְרָאפֶּען בְּלוּט אִין בַּאקק נִישְׁט דָא.
דִי שְׁטֶערְן בְּלַאסס, בֶּעדֶעקְט מִיט שְׁוֵייס,
דֶער אָטְהֶעם אָבְּגֶעהַאקְט אוּנ הֵייס —
עֶס זִיצֶען דְרַיי מֶאדְלִיךְ אוּנ נָאהֶען...

דִי נָאדֶעל — בְּלַאנְק, דָאס לֵיינְוַואנְד — שְׁנֵיי;
אוּנ אֵיינֶע טְרַאכְט: אִיךְ נֵיי אוּנ נֵיי,
אִיךְ נֵיי בַּייטָאג, אִיךְ נֵיי בַּיינַאכְט,
קֵיין חוּפָּה־קְלֵייד זִיךְ נִישְׁט גֶעמַאכְט —
וָואס קוּמְט אַרוֹיס — אִיךְ נֵיי?

* * *

נִיט אִיךְ שְׁלָאף אוּנ נִיט אִיךְ עֶסס!
אִיךְ וָואלְט גֶעגֶע'ן אוֹיף מֵ'ר בִּ'ל נֵס,
אֶפְּשַׁר וָואלְט עֶר זִיךְ גֶעמִיהט —
אֵיין אַלְמָן חָאטְשׁ, אֵיין אַלְטֶען יוּד,
מִיט קִינְדֶערְלִיךְ אַ שָׁאקק...

* * *

דִי צְוֵייטֶע טְרַאכְט: אִיךְ נֵיי אוּנ שְׁטֶאפּ,
אוּנ שְׁטֶאפּ מִיר אוֹיס נוּר גְרָאהֶע צָאפּ',
דֶער קָאפּ — דֶער בְּרֶענְדְט, דִי שְׁלֶעף — זִי הַאקְט,
אוּנ דִי מַאשִׁין קְלַאפְּט צוּ צוּם טַאקְט...
טַא־טַא, טַא־טַא, טַא!

אִיךְ פֶערְשְׁטֶעה דָאךְ יֶענֶעמְס ווִינְק...
אָהְן אַ חוּפָּה, אָהְן אַ רִינְג
וָואלְט גֶעוֶוע'ן אַ שְׁפִּיעל, אַ טַאנְץ,
אַ לִיעבֶּע אוֹיף — אַ יָאהר אַ גַאנְץ...
נוּר דֶערְנָאךְ?... דֶערְנָאךְ?!

* * *

דִי דְרִיטֶע שְׁפַּייט מִיט בְּלוּט אוּנ זִינְט:
אִיךְ נֵיי מִיךְ קְרַאנְק, אִיךְ נֵיי מִיךְ בְּלִינְד
עֶס צְוִויקְט דִי בְּרוּסְט בַּיי יֶעדֶען שְׁטָאךְ
אוּנ עֶר הָאט חֲתוּנָה דִי וָואךְ...
אִיךְ ווִינְשׁ אִיהם נִישְׁט קֵיין שְׁלֶעכְטְס!

* * *

עֶט! פֶערְגֶעסֶען וָואס אַ מָאל!...
תַּכְרִיכִים וֶועט מִיר גֶעבֶּען קָהָל
אוּנ אַ קְלֵיינְטְשִׁיק פִּיטְצֶעל עֶרְד,
אִיךְ וֶועלל שְׁלָאפֶען אוּמְגֶעשְׁטֶערְט —
שְׁלָאפֶען, שְׁלָאפֶען, שְׁלָאפֶען!

י. ל. פרץ

# סָאצִיאָלָאגִיע

## און

## סָאצִיאָלָאגִישֶׁע הִיפָּאטֶעזֶען.

קליין און אָרם איז געוועזען די וועלט פֿון אַ פֿערציימישען, קליינשטאָרטעלדיגען בעל הבית! זיין שטח, זיינע „ד׳ אמות” זענען געוועזען אַ ציאַכנאָוועקער קהל, אַרום גענומען מיט שלאַגבאַנען און איינגעזונקען אין אַ בלאָטע... קורץ איז געוועזען דער וועג פֿון הייזעל אויס ליים, וואו ער איז געבוירען געוואָרען, ביז צום קלענערן הייזעל אויס ליים, וואו ער האָט זיין אייביגע רוה געפֿונען; אין דער מיטט האָט ער געהאַט אַ קליינע סטאַציע—אין בית המדרש אונטערן אויבען; דאָרט האָט ער זיך אויסגעקנאַקט די מידע פֿינגער, פֿריער אָבגעאָטעמט און גערעדט פֿון „וועלט=זאַכען”...

דען קורצען וועג איז ער דורכגעגאַנגען אין עליו השלום׳ס — דען זיידענס קאַפעל, אין פֿאָטערס ראַצימאָרינע יופּע, און — ער האָט זיי נאָך גערעכענט צו פֿערירשענען קינדער און קינדס=קינדער.

נישט וויסענדיג, וואָס אַמאָל איז געוועזען, נישט קלערענדיג, וואָס שפּאָטער וועט זיין, האָט ער אָבגעלעבט זיין קורצע זויערע מינוט לויט איין אַלטער פֿאָר=שריפֿט פֿון טויזענדער יאָהרען צוריק.

וואָס פֿאַר אַ בעגריף האָט ער געהאַט פֿון לעבען? עס האָט איהם אויסגעזעהען, ווי אַ רוהיג, ציכטיג און שטיל טייכעל, וואָס פֿליסט אַרויס פֿון טויער פֿון גן עדן און וואָלט אַזוי רוהיג, שטיל און ציכטיג צו גערינעלט ביז צום עולם התהו, ווען נישט דער יצר הרע, אָדער די שלעכטע תאוה פֿון מענש, וואָס וואַרפֿען אַמאָל אַריין אַ שטיין אין וואַסער, צו האַקקען דען קלאָרען שפּיגעל און עס העבען אָן צו שלאָגען ראָדער און וועללען. די גאַנצע ערד איז פֿאַר איהם אַ ברעט, וואָס האָנגט אין דער לופֿט, אָנגעשפּאַרט אויף „בלימה” אָדער אויפ׳ן עקק פֿון לויתן; די ערד איז שוין די גאַנצע וועלט, פֿאַר איהרעט וועגען איז דער גאַנצער הימעל בעשאַפֿען...

קליין איז דאָס וועלטעל פֿון פֿערציימישען, קליינשטאָרטעלדיגען בעל הבית און דראָבנע איז איהר צוועק; איהר תכלית איז — אויפֿצוהאַלטען אַ מנין בטלנים, וואָס זאָללען „הויכען, קריינען, און בעזינגען זיין ליעבען נאָמען”!

דאָס קליינע בעל הבית׳ל האָט זיך פֿאַר זיין כביכול אַ מאָס גענוממען ביים „גרויסען פּריץ”, וואָס האָט געהאַט ביי זיך אַ חברה כלי זמר מיט אַ מאַרשאַליק און

---

## אֵיינֵם דָאס אַנְדֶערֶע גֶעגַארְט.

— שענקט עפּיס אויף פּסח! וועקט מיך אַ טרויעריג אַלטע שטיממע פֿון דער אַרביים.

— גבריאל?! האָב איך אויסגעשריען דער־שראָקקען און דערפֿיהלט, אַז אין האַרץ האָט אַ צופּף געטהאָן פֿאַר ווייטאָג און דאָס גאַנצע בלוט שטאַרט אין מיר פֿאַר שרעק.

עס האָט קיינער קיין קאָנטראַקט נישט מיט׳ן מזל! דאָס ראָדעל — זאָגט מען — דרעהט זיך, היינט פֿון אויבען, מאָרגען פֿון אונטען. נור גבריאל, וואָס איך האָב איבערגעלאָזט אויף דער פּראָווינץ אַלץ אַ בעל הבית פֿון איין איינפֿאָהר הויז — פּראַווּדע אַ געדונגענע, נור — אַלץ אַ יוד מיט „שיין פּרנסה”, אַז גבריאל זאָלל אַרומגעהן פֿאַר פּסח בעטלען, דאָס האָב איך מיך נישט געריכט... ווי קומט ער גאָר קיין וואַרשוי?

אין איינן אויגענבליק שטעלל איך פֿאָר: אַ שרפֿה, אַ בלבול, אַ באַנקראָט...

נור גבריאל האָט קיין קרעדיט נישט בענוצט; „בלבולים” זענען היינט אויס מאָדע, און אַססעקו־ריערט — וויים איך געוויסס, איז ער געוועזען...

ער שטעהט ווי דערשלאָגען... עס ציטטערן איהם די האַנד, די באָרד, דאָס מויל... ער קאָנן קיין וואָרט נישט אַרויס רעדען. עס איז איהם — בין איך זיכער — גאָר נישט איינגעפֿאַללען מיך אין וואַרשוי צו טרעפֿפֿען, ער בעטעלט דאָ „אינ־קאָגניטאָ” (אומבעקאַנט)...

אַ פּאָר „רעֶזידעֶנטעֶן" אויף קאָסט — זיי זאָללעֶן חנפינעֶן און אויפבלאָזעֶן זיין כבוד . . .

דעֶר מנין בטלנים איז די סמעֶטעֶנעֶ פון דעֶר וועֶלט ; דאָס זעֶננעֶן די זיססעֶ פרוכטעֶן פון בוים , וואָס גאָטט האָט געֶפלאַנצט . דעֶר רעֶשט עולם — זעֶננעֶן בלאָטטעֶר , שטאַמם און וואָרצלעֶן . . . די אומות העולם אפשר נאָך האָלץ , שוואָמעֶן , וואָס ציהעֶן די „שפע" פון בוים . . .

אין דעֶם קליינעֶם וועֶלטעֶל , וואָס האָט געֶקאָנט נור זיינעֶ ד' אַמות און געֶוואוסט נור דעֶן היינטיגעֶן און נאָכטיגעֶן טאָג ; אין דעֶם קליינעֶם וועֶלטעֶל , וואָס האָט זיך פערמאַכט אין די גרעניצעֶן פון אַ ציאַכ-נאָווקעֶר קהל , איז געֶשעֶהעֶן צו וויניג פעֶראָנדעֶרונגעֶן , עֶס זאָלל עֶמיצעֶן איינ-פאַללעֶן , אַז מיר ג עֶ ה עֶ ן , אַז מיר וועֶרעֶן געֶצויגעֶן פון איננעֶרליכעֶ און אויסעֶרליכעֶ קראָפטעֶן צו'ן אַ וויטעֶן , וויטעֶן , און פאַר אונז פערשלייעֶרטעֶן , צוועֶק . דאָס ציאַכנאָווקעֶר לעֶבעֶן איז ווירקליך געֶשטאַנעֶן . און , אויב עֶס האָט זיך געֶמאַכט עֶפּיס אַ שינוי , איז עֶס געֶגאַנגעֶן וועֶגעֶן „הודו פאַר ברוך שאָמר" , אַ „שהחיינו אין סוכה" , האָבּסטעֶנס — וועֶגעֶן „זמן קריאת שמע" ! אויך — האָבּעֶן אַלטעֶ לייט דאַרויף טרויעֶריג געֶשאָקעֶלט מיט די קאָפּ , געֶזיפצט , געֶקרעֶכצט און געֶזאָגט : אַז אָט , אָט איז שוין עֶקק וועֶלט ! . . .

ניִשט אין אַ בעֶססעֶרעֶ לאַגעֶ זעֶנעֶן געֶוועֶזעֶן די „בטלנים" פון אַנדעֶרעֶ פעֶלקעֶר .

נור די גליקליכעֶ צייט איז שוין לאַנג און אויף אייביג אַוועֶק !

די שמאָלעֶ דראָבנעֶ אידעֶן האָבעֶן שוין לאַנג באַנקראָטיערט .

פערקעֶהרט — וואָס גראָססעֶר עֶס וועֶרט פאַר אונס אונזעֶר וועֶלט דורך רייזעֶן , איבעֶר-וואַנדעֶרונגעֶן און עֶמיגראַציאָנעֶן , וואָס לאָנגעֶר די צייט איז , מיט וועֶלכעֶר די געֶשיכטעֶ מאַכט אונס בעֶקאַנט , וואָס ריכטיגעֶר עֶס וועֶרט אונזעֶר בעֶגריף איבעֶר הימעֶל און עֶרד דורך דעֶר אַסטראָנאָמיע , מיט איין וואָרט : וואָס טיעֶפעֶר , קלאָרעֶר און ברייטעֶר עֶס וועֶרט אונזעֶר וויססעֶן , מעֶהר און בעֶססעֶר בעֶמעֶרקעֶן מיר , אַז דאָס לעֶבעֶן איז אַ ג אַ נ ג , אַז די וועֶלט מיט דעֶר מעֶנשהייט בעֶוועֶגעֶן זיך אָהן אויפהאָר , אָהן רוה און ראַסט ; אַז מיר האָבעֶן אַיין געֶבאַהנטעֶן וועֶג , אויף וועֶלכעֶן מיר וועֶרעֶן געֶטריבעֶן , און — עֶס עֶקזיסטירט אַ קראַפט , וואָס יאָגט אונס אַלץ וויטעֶר און וויטעֶר !

מיר דעֶרשרעֶקקעֶן זיך שוין ניִשט , אויב דעֶר זוהן איז ניִשט אָהנליך צום טאַטעֶן , און דעֶר אייניקעֶל צום זוהן ; מיר פעֶר-בּרעֶכעֶן שוין ניִשט די האָנד , ווענן דעֶר נייעֶר דור קומט מיט האַממעֶר און קילאָף און בּרעֶכט אַיין דאָס , וואָס דעֶר אַלטעֶ

---

און דאָס פנים ! שטאָנדיג פולל , רויט , פעֶסט — היינט אַיינגעֶפאַללעֶן , בלאַס אָהן אַ טראָפּפעֶן בלוט . . . עֶר וואַקקעֶלט זיך , עֶר וויל פאַללעֶן . . .

---

איך בין קוים דאָך צו מיר געֶקוממעֶן ; איך בין צוגעֶלאָפעֶן , אונטעֶרגעֶשפאַרט איהן , אַנידעֶר געֶזעֶצט , דעֶרלאַנגט אַ ביסל וואַססעֶר . . .

און איך בין געֶוואָהר געֶוואָרעֶן , אַז מיין גבריאל האָט געֶטהאָן אַ קלייניקייט — עֶר האָט דאָ אַלץ פעֶרקויפט , אַרויס קיין ארץ ישראל — און איז צוריק געֶקוממעֶן נאַקיט און בּלויז . אין פרייסעֶן האָט עֶר אויסגעֶבעֶטעֶלט אויף הוצאות קיין וואַרשוי און אין וואַרשוי בּעֶטעֶלט עֶר צוזאַממעֶן אויף הוצאות אַהיים , און ווער ווייסט , צו עֶר וועֶט נאָך אַהיים קוממעֶן אויף פסח !

— אַהיים ! גלייך איך האָב אַהיים ? און וואָס וועֶלל איך טהון אין דעֶר היים ? . . . שלאָכּיט עֶר ווי אַ קליין קינד . מיין ווייב ווייסט נאָך ניִשט פון די אַללעֶ צרות . . . איך האָב איהר שטאָנדיג בשורות טובות געֶשריבּעֶן . . . פאַר'ן אַרויספאָהרעֶן האָב איך איבעֶרגעֶלאָזט עֶטליכעֶ פּאָסט-מאַרקעֶן ביי'ן אַ בעֶ-קאַנטעֶן , עֶר זאָלל וויטעֶר שרייבעֶן ישועות . . . זי וועֶט מיך דעֶרזעֶהן — וועֶט זי בּלייבעֶן , חס ושלום , אויפ'ן אָרט . . .

נור ניִשט אין דעֶם געֶהט עֶס איהם . . . זי וועֶט עֶס אויסהאַלטעֶן , זי האָט שוין , אפשר , עֶרגעֶרעֶ צייטעֶן געֶהאַט . . . עֶס זעֶננעֶן זיי 10 קינדעֶר געֶשטאָרבּעֶן , און 4 אין איין וואָך , אויף איין אונטעֶר-גאַנג . . . מיט'ן אַיינפאָהר-הויז איז עֶר ניִשט געֶ-בּוירעֶן געֶוואָרעֶן . . . עֶר וועֶט וויטעֶר געֶהעֶן , צוריק

דור האָט מיט אַזוי פֿיעל נויט=שווייס געבויט. מיר ווייסען שוין, אַז די וועלט גענהט דאַדורך נישט אונטער; אַז, פֿערקעהרט — זי פֿערבעססערט, ענטוויקעלט זיך — און ווערט קליגער פֿון טאָג צו טאָג!

נור ווער איז די קראַפֿט, וואָס טרייבט אונס אויף דעם לאַנגען וועג? וואו אַהין פֿיהרט דער וועג, וואו איז זיין אָנהייב, וואו איז זיין סוף?

די נאַטור האָט נישט קיין צופֿעללע (מקרים). קיין שום זאַך געשיהט נישט „פֿון דער העללער הויט". איבעראַלל הערשען געזעטצע (זאַקאָנעס), אויף אַללעם האָבען מיר דאָס רעכט צו פֿראָגען: פֿאַר וואָס? ווי אַזוי? אין אַללעם דאַרפֿען מיר זוכען די לאָגיק פֿון די פֿאַקטען, דען צוזאַממענהאַנג צווישען זיי; דאָס, וואָס שטעקט אינ'ם פֿאַקט, וואָס בעלעבט איהן און פֿיהרט איהן ארויס אויף דער ליכטיגער שיין.

איבער'ן מענש האָבען צו שאַפֿפֿען די אַללע געזעטצע, וואָס הערשען אין דער טויטער נאַטור; ער קאָנן זיך, גלייך מיט'ן ערשטען בעסטען שטיין, נישט האַלטען אין דער לופֿט; ער האָט זיין וואָג; ער דאַרף גלייך מיט אַללע קאָרפּער האָבען איין אָרט, און קאָנן אין איין צייט קיין צווייטער אָרט נישט פֿערנעמען; אַז ער צו=לויפֿט זיך, קאָנן ער זיך אויך נישט איינהאַלטען, ווען ער וויל, גלייך מיט'ן ערשטען בעסטען רעשעל (קיילעכל), וואָס יאָגט זיך איבער דער פּאָדלאָגע. ער ווערט, גלייך מיט אַללע קאָרפּער: וואַרם, קאַלט, מאַגנעטעזירט, עלעקטריזירט — מיט איין וואָרט ער פֿאַלט אונטער די פֿיזישע קראָפֿטען גלייך מיט אַללע קאָרפּער. נור — אין איהם שטעקט עפּיס נאָך, אַחוץ דעם, וואָס שטעקט אינ'ם שטיין! גלייך מיט אַללע טהיערע — לעבט ער; ער עסט, טרינקט, שלאָפֿט, וואַקסט און פֿיהלט — דאָס זענען שוין לעבענס=קראָפֿטען, וואָס הערשען איבער איהם, ווי איבער אַללעם, וואָס עס לעבט, דאָס זענען שוין געזעטצע, וואָס ווערען שטודירט דורך דער „פֿיזיאָלאָגיע" — דער וויסענשאַפֿט פֿון לעבען און טויט, זיי פֿאַלט שוין נישט אונטער די גאַנצע נאַטור, נור די לעבענדיגע וועלט... דאָך שטעקט אין מענש נאָך עפּיס, נאָך אויסער דעם, וואָס שטעקט אין אַללעם וואָס לעבט; זיין געפֿיהל, זיין וויסען — מיט איין וואָרט — זיין אינטעלעגענץ איז קלאָרער און טיעפֿער און דעריבער האָכער, אַלץ די אינטעלעגענץ, וואָס מיר טרעפֿפֿען ביי אַללעם וואָס לעבט. דער גייסט, וואָס שטעקט אין איהם, האָט זיינע וואָרצלען נאָך אין דער טהיערישער וועלט, נור זיינע בליטהען בליהען ערשט אין

זיי אַמאָל, אויפ'ן דאָרף... ברויט מיט וואַססער וועט זיין... מיט גאָטט'ס הילף... די אויגען זענען איהם אַביסל קאַליע געוואָרען... בעגעהט מען זיך אָהן שאַרפֿע אויגען... און די בושה? מילא! געבעטעלט האָט ער פֿאָרט נור אין דער פֿרעמד. עס וועט אין דער היים קיינער נישט וויססען... פֿאָרט האָט ער אַ וועלט געזעהען...

— נור די ליגנערס, די ליגנערס — שפּרינגט ער אויף מיט כעס — די ליגנערס, וואָס האָבען זיי געוואָלט פֿון מיר?

צו האָט איהם געקאָנט איינפֿאַללען, אַז דער טערק — זיין לייבליכער פֿעטטער — וועט איהן נישט אַריינלאָזען און האַלב געלד וועט אַוועק געהן אויף דורכשוואַרצען זיך? צו האָט ער געקאָנט וויססען, אַז די אַנדערע האַלפֿט וועט צונעממען דער פֿרומער ירושלים=פּאַטריאָט, אַז דער פֿאַקטאָר וועט איהם איינהאַנדלען אַ שטיק ערד לויטער שטיין און ביין? נור דאָס אַלץ איז גאָר נישט... פֿאַקטאָר בלייבט פֿאַקטאָר און קיינער האָט נישט געוואוסט, אַז דער טערק וועט נישט אַריינלאָזען...

— נור די היעגע, די היעגע ליגנער, וואָס האָבען זיי געוואָלט? זיי האָבען דאָך דערפֿון קיין דרייער, קיין שמעקק=טאַביק נישט געהאַט?

---

און איך ווער געוואָהר, אַז מיין גבריאל'ן האָט זיך אַמאָל געטראָפֿען איין עסק קיין וואַרשוי — אַ שדכנות. און זיין פֿינסטער מזל האָט געוואָלט, ער זאָלל איינשטעהען צוזאַממען מיט דריי יונגע מחברים... איינער אַ שירים שרייבער, דער צווייטער אַ מעשה־ביכליך מאַכער און דער דריטטער —

דער מענשלִיכער!

און דער גייסט, וואָס בעלעבט דען מענש, איז נישט נור אַ שפּיגעל, אין וועלכען די וועלט שלאָגט זיך אָב מעהר אָדער וועניגער ריכטיג און קלאָר; דער גייסט איז אויך אַ „פּועל יוצא" — די נאַטור ווירקט אויף איהם, נור ער ווירקט צוריק אויף דער נאַטור אויך! ווייניג, וואָס ער פֿיהלט און פֿערשטעהט די וועלט, ער ענדערט זי, ער בעסערט זי, לויט זיינע צוועקקען און זיין לעבענס-נוצען; נישט נור, וואָס ער קוקט זיך צו און פֿערשטעהט, פֿאַר וואָס וואַססער לויפֿט, די זונן לייכט, פֿייער ברענט — ער שפּאַנט דאָס אַלץ איין צו זיך אין וואָגען און טרייבט אויף זיין וועג מיט דער בייטש אין דער האַנד! קוים ווייסט ער, פֿאַר וואָס וואַססער יאָגט — הייסט ער שוין, עס זאָלל איהם מאָהלען ווייץ און קאָרן; קוים דערגעהט ער דען סוד, ווי אַזוי פּלאַנצען וואַקסען, נייט ער שוין די ערד, זי זאָלל איהם אַרויסגעבען נור די פּלאַנצען, וואָס נוטצען און שמעקקען איהם; קוים האָט ער בעמערקט די קראַפֿט פֿון וואַרמקייט, מאַגנעטיזם און עלעקטריציטאָט — פֿליהען שוין וואַגאָנען איבער דער ערד און שיפֿען אויפ'ן ים ווי די פֿאָגעל, מוסס מען איהם שוין איבער טראָגען זיין שטיממע פֿון איין עקק וועלט

אין דען צווייטען אַריין!

צו דער מענש געהט און פֿיהרט מיט-זיך-מיט די נאַטור; אָדער דען גאַנג פֿון דער נאַטור זעהען מיר נור אַמקלאָרסטען ביים מענש, ווי למשל, דען גאַנג פֿון זייגער ביים אומרוה, די פֿעראָנדערונגען צווישען קאַלט און וואַרם אין באַראָמעטר, סיי ווי סיי זעהען מיר פֿעראָנדערונגען און בעמערקען, אַז וואָס נאָהנטער מיר קוממען צו צו אונזער צייט, ווערען זיי אַלץ אָפֿטער און ראַשער; און אויך — אַז מיר געהען נישט צוריק, אַז דער „אלף הששי" איז גאָר נישט געפֿאָהרליך, אַז די וועלט האָט גאָר נישט אין זינן חרוב צו ווערען, אַז עס ציהט זי גאָר נישט צוריק אַיינצושלאָפֿען אינ'ם אַלטען „תהו ובהו"...

און אויב מיר געהען אַלץ ווייטער און ווייטער, האָבען מיר, ווי געזאָגט, דאָס רעכט זיך אָבצושטעללען, בעקוקקען דען וועג, וואָס מיר האָבען שוין געמאַכט, זעהען, וואו ער האָט אונס געפֿיהרט, ווי ווייט מיר זעננען שוין געקוממען, כדי מיר זאָללען זיך קאָננען מאַכען אַ בעגריף: וואוּ אַהין מיר געהען... נאַטירליך, שפּיעלט אין די גרויסע וועלט-פֿעראָנדערונגען אַיין איינצעלנער מענש גאָר אַ קליין ראָלע; דאָ אַרבייטען גאַנצע געזעלשאַפֿטען: מדינות, פֿאָלקער און ראַססען, און דעריבער בשעת

אַזוי אַ חכם, אַ בעל עצה...

אין דער התחלה האָט גבריאל פֿון עולם געלאַכט, „עט, סמאַרקאַטע דייטשליך"... וואָרום טאַקי: „מלמדים און שרייבערליך שטעהען ביי איהם אויף איין מדרגה, עס איז טאַקי תורה און להבדיל (דער להבדיל איז גבריאל'ס) חכמה, נור יעדעס קאָרענדיל תורה אָדער חכמה שווימט אַרום אין אַ שיססעל בטלנות... הלמאי אַ גאון קאָנן קיין צוויי נישט צאָהלען, קאָנן קיין צורת מטבע נישט.

אויך האָט ער זיך געהאַלטען פֿון זיי פֿון דער ווייטענס, אַלס איין אמת-פֿרוממער יוד... אַזוינע דייטשליך רעדען אודאי סאַמע נבול פה — עססען אומגעוואַשען און מאַכען חוזק אויס אַ יוד מיט'ן שלחן ערוך...

און ווי פֿערוואונדערט איז ער געוואָרען צו

קוקענדיג, אַז דאָס זעננען גאָר אַנדערע מאָדע דייטשליך... געוואַשען... געבענשט... געגעסען אין די היטלען... גערעדט פֿון דער הייליגער תורה און פֿון ארץ ישראל.

ער האָט געמיינט, אַז דאָס איז אַ קאָמעדיע; מען מאַכט איהן צום נאַרר... מען וויל איהן פֿיהרען אין באָד אַריין. ער זעהט אָבער, אַז עס איז ערנסט, די אויגען פֿלאַממען, די נאָזלאָכער צי-שפּרייטען זיך, אַללע מאָל שפּרינגט איינער אַנדערער אויף און האַלט אַ גאַנצע דרשה, אַז ארץ ישראל איז אייביג, די תורה איז אייביג און ישראל איז אויך אייביג — און פֿלעכט דאָס אַלץ אַזוי בנעימות צוזאַממען — האָטש נעם, דרוקק און קוש דען איינבונד!

האָט זיך טאַקי מיין גבריאל אַ ביסל צו זיי

ווען די „פּסיכאָלאָגיע", די זעעלען־לעהרע (חכמת הנפש) שטודירט דען איינצעלנען מענש, זיינע געפֿיהלען, זיין וויססען און ווילען, האָבען מיר איין עקסטראַ וויססענשאַפֿט, אַ סאָציאָלאָגיע, וואָס שטודירט דען גאַנצען גאַנג פֿון דער מענשהייט, די ווירקונגען פֿון שטאַממען, פֿעלקער, ראַססען און אַללערליי געזעלשאַפֿטען; וואָס וויל דער־געהן דורך די פֿעראַנדערונגען אינ'ם אַללגעמיינעם לעבען פֿון דער גאַנצער מענשהייט, די קראַפֿט אָדער דאָס געזעץ, וואָס הערשט איבער אונזער „ציוויליזאַציע", וואָס פֿיהרט אונזער „קולטור"...

אין דער צייט, ווען די וועלט איז נישט נור „געשטאַנגען", נור טאַג־טעגליך נאָך, וואָס נאָהנטער צום „אלף הששי", מעהר קאַליע און פֿערדאָרבען געוואָרען, איז נאַטירליך, די וויססענשאַפֿט אויך „געשטאַנען" אויף איין אָרט אָדער נאָך צוריק געגאַנגען... וואָס אַ שפּעטער דור האָט ווייניגער דעה געהאַט; מען האָט זיך אַלץ אומגעקוקט אויף „קדמונים". וואָס עלטער אַ וואָרט איז געוועזען, פֿאַר היילינגער און קלינגער האָט מען עס געהאַלטען; וואָס פֿערפֿוילטער אַ בוך איז געוואָרען, מעהר פֿערלאָזט האָט מען זיך אויף זיינע עצות און סגולות. מען האָט נור געהערט: פֿאַר־צייטישע חכמים, פֿאַרצייטישע מוחות, און די וועלט האָט הונדערטער יאָהרען פֿער־בראַכט, שטודירענדיג אַריסטו און זיינע תלמידים!

גאַנץ אָפּט געהט די צדקה אין גבאי אַריין, דער כבוד התורה אינ'ם רב, און ערשט נישט לאַנג האָבען דען גאַנצען אוי־טאָריטאָט (פּאָוואַגע) פֿון דער וויססענשאַפֿט צוגענוממען די געלעהרטע! נישט „חקירה", נור חוקרים האָבען געהערשט. די חוקרים, די געלעהרטע זענען ווירקליך ווייט, ווייט אָבגעגאַנגען פֿאַר'ן המון־עם, און זענען זיינע וועג־ווייזער, זיינע וועכ־טער געוואָרען, נור דערפֿאַר, אַז מען איז צוגעקוממען צום וועג־ווייזער, צו דער וועכטער, איז מען שוין שטעהן געבליבען און געשלייבט און געשלאַפֿט אין אַ ראָדעל אַרום און אַרום, ווי דער חעלעמער־רב אַרום בוים, נישט צו פֿערליערען דען שליט־וועג!

היינט האָט דאָס אויפֿגעהערט!

די קולטור געהט — אונזער וויססען פֿערפֿיינערט און פֿערבעססערט זיך און, וואָס ווייטער און ווייטער מיר קוממען, ווערען מיר אַלץ קלינגער און געבילדעטער, ווייל דאָס אַלטע האָבען מיר שוין געירשענט און מיר אַרבייטען צו ווייטער און ווייטער. און דעריבער וועט שוין היינט קיינען נישט וואונדערן, אויב מיר וועללען זאָגען, אַז

צוגעלאָזט...

ער האָט קיין שלעכטס נישט געמיינט — ער האָט נור געוואָלט פֿון זיי געוואָהר ווערען: ערשטענס אַ ביסל נייס פֿון פּאָליטיק, צווייטענס — צו עס איז אמת וואָס מען זאָגט, אַז בכמה מקומות שלאָגט מען יודען, וואָרען טאַקי — מאַלע וואָס מען זאָגט, און דריטטענס — אויב עס איז אמת: ווער שלאָגט? און — מאי טעמא? פֿאַר וואָס קומט צו שלאָגען?

---

קיין פּאָליטיש נייס האָבען זיי אַלליין אָבער אויך נישט געוואוסט, נור אויף די אַנדערע שאלות האָט ער דרייערליי תשובות בעקוממען. דער חכם, דער בעל עצה האָט עפּיס גערעדט וועגען אַ בוים, וואָס די וואָרצלען מוזען זיין אין דער ערד און, אַז קוים רייסט מען זיי אַרויס פֿון דער ערד, העבט ער אָן דאַרען... אַז ישראל קאָנן זיין אַ בוים, האָט גבריאל זעהר גוט פֿערשטאַנדען; וואָרום אין מדרש איז ישראל געגליכען צו אַלץ. ישראל איז אַ בוים, ישראל איז וואַססער, ישראל איז פֿייער, ישראל איז אַ שטערן, אַ זאַמד, אַ שטויב — אַלץ אין דער וועלט קאָנן זיין ישראל, אפילו בוימעל און עססיג... נור פֿאַר וואָס דען בוים קומט צו שלאָגען, האָט ער אַלץ נישט פֿערשטאַנדען, צו דערפֿאַר, וואָס ער איז אויסגעוואָרצעלט? אָדער מען דאַרף וואַרטען ביז משיח וועט קוממען, אַ'ניט, אויב עס איז אַ זינד, זאָלל מען געהען אויף טיטוס'עס קבר און שלאָגען, נאָך וואָס האָט ער אויסגעריססען דען בוים? האַ? דען יושר פֿון שלאָגען האָט גבריאל באין אופן נישט געקאָנט פֿערשטעהן, בפרט, אַז דער „פֿילוסוף" האָט געהאַט אַ שווער לשון, גערעדט האָט ער נאָך

די „סאציאלאגיע", אלס יונגע וויססענשאפט, וואס איז ערשט נישט לאנג פון וויעג ארוים, חאטש עס ארבייטען אין איהר די גראסטע געלעהרטע, די בעסטע קאפף, האט זי נאך נישט קיין פעסטע דעות, קיין זיכערע מיינונגען; זי פערמאגט נישט קיין געזעטצע ווי: צוויי אונ צוויי איז פיער, ווארימקייט צושפרייט זיך, איין קארפער ציהט־צו דעם צווייטען... אלס יונגע וויססענשאפט האט זי נאך אסך פשט'ליך, מוטהמאססונגען, היפאטעזען, שטות — ביי וועלכע זי ווילל נישט אונ קאנן זיך פערהאלטען...

---

נור ווי אזוי מאכען זיך מוטהמאססונגען, היפאטעזען?

זיי מאכען זיך אויף דעם אייגענעם וועג, אויף וועלכען עס שווימען ארוים אזוינע מיינונגען, ווי: א חלום איז א נבואה, א גוטער יוד היילט קראנקע, אין אמעריקא וואלגערט זיך געלד אין די גאססען וכדומה אלטע, אבגעריבענע, פערשיממעלטע מטבעות, וואס געהען איבער פון האנד צו האנד אונ עס גערדויערט גאנץ לאנג, איידער עמיץ בעמערקט, אז זיי זענען פאלש. אויף אונס מאכען נור איין איינדרוק אונ מיר געדענקען נור די חלומות, וואס ווערען מקוים, מיר הארען נור פון די קראנקע, וואס דעם רבינס בוימעל האט געהאלפען, מיר וויסען נור פון די עמיגראנטען, וואס שיקקען ארויס פון אמעריקא זייער פאטאגראפיע מיט אפפענע ראק, גאלדענע קייט־אונ־זייגער אונ אלס ביילאגע: עטליכע דאללאר פאר ווייב אונ קינד. דאגעגען — פון די חלומות, וואס האבען זיך „אויסגעלאזט א בוידעם", בלייבט קיין זכר נישט אין מוח; פון די עמיגראנטען, וואס שטארבען דארט אויס פאר הונגער, הארען מיר נישט א צייכען; אזוי אויך געהט קיינער נישט ארויס פויקען אין די גאססען, וועלכע קראנקע עס האבען אומזיסט געגעבען פדיונות! ווענן מיר זאללען האבען פון די אללע זאכען א סטאטיסטיק; ווענן מיר זאללען וויססען: וויפיעל חלומות מיר האבען געהאט אונ וואס פאר א פראצענט עס איז מקוים געווארען, וויפיעל עמיגראנטען עס זענען ארויס קיין אמעריקא אונ אויף וויפיעל אמעריקאנישע ירושות מיר האבען זיך צו ריכטען; וויפיעל קראנקע עס פאהרען א יאהר צו גוטע יודען אונ וואס פאר א טהייל פון זיי ווערט געגעזען, וואלט דאס אללעם גאר אנדערם אויסגעזעהען, וואלטען מיר קיינמאל נישט געזוכט דען נומער פון לאטטעריע, וואס קומט אונס צו חלום, נישט געמאכט הוצאות צו „היילינע לייט" אונ נישט אזוי געשווינד עמיגריערט.

---

אביסל לאטייניש: „איזם"... איזם... אונ נאך אמאל איזם... אונ דעריבער, חאטש ער האט איהן געהאלטען ביי ביידע קנאפף פון קאפאטע אונ געשאקעלט זיך איבער איהם ווי א לולב, האט גבריאל גאר נישט פערשטאנגען. ער האט נור געפיהלט אינ'ם וויקלען זיך ווי א שלאנג, פערדרעהען ווי א קנויל אונ אין די ווילדע תנועות מיט'ן גאנצען גוף, אז עס איז עפיס איין ענין, אפילו א טיעפער ענין, א שטה, א שכל'דיגע שטה, נור אין קאפף אריין קריכט זי נישט!

עס האט זיך גענוממען צו'ן איהם דער מעשה ביכליך מאכער...

ער האט איהם אנגעהויבען צופערצאהלען א גאנצען ראמאן... א פערליעבעניש... אויסגעמיינט מיט א געוויין פון רחל'ס קבר, מיט דער לבנה איבער'ן כותל מערבי („גלייך דארט וואלט אין אנדערע לבנה געוועזען, אומשטיינס געזאגט")... דער לבנון — קרעכצט ער — טריקענט איהם אויס, צו ער ווערט פערשטיינערט; מיין דאגה — טראכט איך — אז משיח וועט קוממען, וועללען אויף טרוקענע ביימער אויך וואקסען בולקעס! אונ וואס טויג מיר א מעשה?... „איך בין א מענש אין די יאהרען, אויסגעגעבענע קינדער" —

אונ דער דריטטער האט'ן גענוממען אין דער האנד אריין, דער „גראממען מאכער"...

ער האט איהם ערשט אויף קלאר (חאטש אין ריימען) גענעבען צו פערשטעהן, אז דער, וואס שלאגט, איז אונזער גוטער פריינד, ער מיינט אונזער טובה... זיין אייגענע אויך, נור אונזערע דער עיקר.

אויף דעם אייגענעם אופן ווערען בעשאַפען היפּאָטעזען.

דאָס זענען מיינונגען, וואָס ווערען געבויט אויף אַ קליין ביססעל פאַקטען, אונ וואַקלען זיך אונ פאַללען אום, וואָס מעהר אונ נייערע פאַקטען מיר ווערען געוואָהר! עס זענען דעריבער פערהאַנדען בעססערע אונ ערגערע, שוואַכערע אונ וויכטיגערע היפּאָטעזען, ווייל וואָס מ ע ה ר פאַקטען אַ היפּאָטעזע האַלט אויס, וואָס מעהר זי פערטייטשט, אַלץ נאָהנטער איז זי צום אמת, וויכטיגער פאַר דער וויססענשאַפט. נור מען טאָר די פאַקטען נישט צו שלעפּען צו דער היפּאָטעזע ביי די האָהר, מען טאָר זיי נישט דריקקען, אַנדערן, אויסבייגען דער היפּאָטעזע צו ליעב! מען דאַרף אַלץ בעטראַכטען אויף קאַלט, אָהן רחמנות, אָהן דרך ארץ, אָהן חנופה! ליידער איז זעלטען, אַ געלעהרטער זאָלל זיין פריי פון די אַללע פעהלער! גערן אָדער אומגערנוויליג, מישט ער צו עטליכע טראָפּען געפיהל צום שכל אונ „שטעלט איהן" — גאַנץ אָפט צו שוואַך! יעדער טאַטע האָט ליעב זיין קינד; יעדער פילאָזאָף זיין שטה! מען דאַרף דעריבער דעם גראָסטען געלעהרטען קוקען אויף די האַנד ווי אויף אַ קונצענמאַכער; ביי יעדען „בודק חמץ" זיין, אונ זוכען אין אַללע שפּאַלטען אונ לאָכער, אונ נישט אַזוי צופאַללען צו דעם אַללעם, וואָס דער פּראָפעססאָר זאָגט פון קאַטעדר אַראָב... גלויבען, וואו מען דאַרף וויססען אונ פערשטעהן, הייסט אַרויסגעהן פון דער פינסטערער שטוב אין גאַסס אַריין זעהען, נור מיט פערמאַכטע אויגען! גלויבען דעם גראָסטען געלעהרטען, קרעדיט געבען דעם בעסטען קאָפּף איז געפאָהרליך. אין דער וויססענשאַפט מוס מען זיך נהג זיין ווי דער גראָסטער ליחוויאַרז, וואָס וויל קרעדיטירען אַ גרויס פערמאָגען — ער נעמט אַ משכון, איין אַקט ביים נאָטאַר, אַ חרםקוויטעל דערצו, אונ שלאָפט דאָך נישט רוהיג; ער פערגעסט נישט אַ רגע, אַז זיין פערמאָגען איז אין פרעמדע האַנד...

אונ דערהויפּט בעהוטזאַם מוז מען זיין מיט היפּאָטעזען אין אַזאַ וויססענשאַפט, ווי סאָציאָלאָגיע איז.

אַז אַ פיזיקער שטעלט אונס אַ היפּאָטעזע, אַז איין קאָרפּער ציהט צו דען צווייטען, האָט ער אַ כשר'ן עדות אין דער אַסטראָנאָמיע, וואָס פערטייטשט לויט דער אייגענער היפּאָטעזע די בעוועגונגען פון זוננען אונ שטערן; די בעוועגונגען, וואָס מיר קאָננען בשום אופן אַנדערס נישט פערשטעהן, אונ דערצו האָט ער נאָך טויזענדער, טויזענדער פאַקטען אונטער דער האַנד; איינפאַכע פאַקטען, וואָס געשיהען אונס

---

די מעשה איז אַזוי. די אומות העולם וויללען טאַקי, די יודען זאָללען געהען קיין ארץ ישראל... וואָס איז דאַ פאַר אַ וואונדער? הלמאי כורש האָט געוואָלט? אונ אַז ער וויל מען זאָלל געהען, וואַרפט ער טאַקי שטיינער! איי כורש האָט געוואָלט אונ נישט געוואָרפען, איז עס דאָך טאַקי כורש געוועזען... אונ אַ זהא ראיה, אַז מען מיינט נור דאָס, צו האָט מען בראָדסקין געוואָרפען אַ שטיין? חס ושלום! נור ביי קבצנים די פענסטער אויסגעהאַקט! אונ וואָס האָט מען צו קבצנים?

פון בראָדסקין האָט גבריאל געהאָרט. ער ווייסט, אַז דאָס איז דער קיעווער מלך פון צוקקער אוי אַז אַ שדכן האָט ביי'ן איהם פערדיענט 10 טויזענד רובל שדכנות... מילא אַזאַ בראָדסקין קאָנן מען טאַקי מקנא זיין אונ אַמאָל מכבד זיין מיט אַ שטיינדעל... אָבער קבצנים? וואָס?

די דייטשליך העבען אָן צו האָבען רעכט!

ביי די וואָרטער זענען מיר שוין געוועזען אין דער היים. איך נעם אַרויס פון ביכער־שאַנק דען „וועקקער" אונ דעקלאַמיער.

„איוואַן חאַסקעלעוויטש, נור דיך וויל איך פראָגען!

„איך פראָג דיך מיט גוטען! דו סוואָלאָטש! סליש!

„פון דער היים האָסט דו געבראַכט דיין פערמאָגען?

„איוואַן ווילסט דו הייסען, בן — ישי, בן קיש?"

— וואָס געדרוקט איז עס, געדרוקט? וואונדערט זיך גבריאל.

אין די אויגען, דאָ אויף דער ערד! די גרויסע קויל ציהט אַלץ צו זיך צו, אַלץ פֿאַלט אויף איהר אַראָב: דער עפּעל, אַז ער ווערט שווערער, פֿון בוים; דער שטיין, אַז מען רוקט איהן אַוועק, פֿון דער וואַנד; אַ מענש, אַז עס ברעכט זיך איבער אַ שטאַפּעל, פֿון דער לייטער. יעדע מינוט האָט אַזוינע פֿאַקטען, יעדער מענש זעהט זיי און קאָנן זיי אויספּריווען! און די פֿאַקטען נעמט דער פֿיזיקער פֿון דער ערשטער האַנד און מיר קאָננען איהם נאָכגעהן טריט בײַ טריט, בעטראַכטען די זעלבע פֿאַקטען און אויספּריווען דאָס זעלבע גלײַך מיט איהם.

גאָר אין איין אַנדרער לאַגע איז דער סאָציאָלאָג: פֿון דער ערשטער האַנד האָט ער נור די פֿאַקטען פֿון היינטיגען טאָג אין געבילדעטען לאַנד. און די פֿאַקטען, וואָס ער האָט פֿאַר זיך, זעננען נישט קיין בעווייזען, קיין ראיות צו׳ן אַ שטה: זיי זעננען אַלליין דאָס ראָטזעל, די האַרבע שאלה, וואָס מיר דאַרפֿען שטודירען און דערגעהן. וואָרום דער סאָציאָלאָג דאַרף דאָס היינטיגע לעבען אַרויס פֿיהרען פֿונ׳ם גאָר, גאָר גראָהען, אַלטען, פּראָסטען לעבען פֿון אדם הראשון׳ס צייטען; פֿון די אַלטע יסודות, וואָס האָבען אַמאָל, מיט טויזענדער, טויזענדער יאָהרען צוריק עקזיסטירט, אָדער וואָס עקזיסטיר־ען נאָך ערגיץ היינט בײַ די ווילדע פֿעלקער, וואָס האָבען זיך ווייניג געבילדעט, שוואַך ציוויליזירט און שטעהען נאָך כמעט אויף דער זעלבער מדרגה, אויף וועלכער די ערשטע מענשען זעננען געשטאַנדען. נור—וואו נעמט מען די פֿאַקטען, אויף וועלכע מען דאַרף די שטה בויען? די ווילדע, וואָס מען האָט ערשט נישטלאַנג ענטדעקט, לאָזען נישט גערן צו זיך צו, זיי היטען זיך פֿאַר אייראָפּעער און האַלטען פֿאַר זיי זייער גלויבען און בילדונג בסוד; גאַנץ אָפֿט נאַררען זיי אָב און פֿער־פֿיהרען די געלעהרטע אויפֿ׳ן שאַנדליכסטען אופֿן... אָט, מיר יודען האָבען ווייניגער סודות צו בעהאַלטען, לעבען שוין אַזוי לאַנג אין אייראָפּאַ, פֿיהרען איין אַהנליכע שפּראַכע (זשאַרגאָן—דייטש), האַנדלען, וואַנד־לען און לעבען געזעללשאַפֿטליך מיט אַנ־דערע פֿעלקער, אַ געוויססער פּראָצענט קריסטליכע געלעהרטע קאָנן אונזער ליטע־ראַטור, מאַססען פֿון אונס ערציהען זיך אין קריסטליכע גימנאַזיען און אוניווערזיטאָטען, האָבען אַ גרויס חלק אין אַללע קריסטליכע ליטעראַטורען, און דאָך ווי ווייניג קאָנן מען אונס! וואָס פֿאַר אַ דומהייטען, וואָס פֿאַר אַ שקרים, וואָס פֿאַר איין אונמאָגליכע זאַכען ווערט איבער אונס געשריבען און געגלויבט! מאַססען גייסטליכע און אַזוי געלעהרטע

— אודאי, זאָג איך און דעקלאַמיער ווייטער.
„האָסט דאָך אויך אַ לאַנד, דאַכט זיך,
פאַלעסטינאַ.
„צו איז דיר צו היים דאָרטען אינ׳ם כנען?
„וואָס דו ווילסט דיך קיהלען דאָ אין מיין
מדינה?
„אינ׳ם קאַלטען קורסק צו אין אַסטראַחאַן!"
— טאַקי, טאַקי, אָט דאָס איז עס — מאַכט גבריאל. עס גלאַנצען איהם ווייטער די אויגען; די גרייכען געפֿאַללען איהם צונד אויך, חאָטש זיי האָבען איהם אַזוי פֿיעל געקאָסט.
איך דעקלאַמיער ווייטער:
„אויף גאַרבען פֿון קאַמעלען האָסט דו דאָך
גערייטען
„און שאָפֿעליך האָסט דו געפּאַשעט בײַם פרת...
„וואָס דאַרפֿסט דו דיך לעגען דאָ אין מיין
שליטטען
„און אויף מיין ליטון צו זינגען: „מאָראָז"?!"
— יאָ, יאָ, מאָראָז!, אַזוי האָט ער טאַקי געזאָגט... נור וואָס איז אַזוינס מאָראָז?
נור איך דעקלאַמיער ווייטער:
„בוימעל, מאַראַנצען, פֿייגען און מאַנדלען—
„קאַרגע פּראָדוקטען געפֿינט זיך בײַ דיר?
„ווילסט דו פּאָדראַדען, וואָכערן, האַנדלען
„קומסט דו, מאַשעננזיק, שענקען בײַ מיר?"
אָט דאָס האָט אויף מיין גבריאל׳ן אַזאַ שטאַרקע פעולה געהאַט! פֿייגען און מאַנדלען האָט ער ליעב דאָס לעבען, בוימעל און מאַראַנצען אויך... אַ סחורה איז עס אויך נישט קיין שלעכטע! און בפרט, אַז אַנדערע פּראָדוקטען פֿעהלען אויך נישט,

קאָננען העבּרעאיש, די שפּראַכע, אויף וועלכע אונזערע ספרים זעננען געשריבּען; אונזער שוהל, ווי אונזערע הייזער, זעננען אָפּפען פאַר אַללע, מען זעהט ווי מיר לעבּען, גלויבּען און האָפּפען — און ווי ווייניג קאָנן מען אונס! און אויב געגען אונס מאַכט מען אַזוינע נאַרישע גרייזען, וואָס פאַר אַ נישט געשטויגענע און נישט געפלויגענע מעשׂות מוזען די רייזענדער פערצאָהלען פון ווילדע שטאַממען אין אַזיען, אַפריקאַ און אַמעריקאַ, וואָס זיי שטודירען קוים אַ קורצע צייט, פון ווילדע האָרדען, וואָס ווייסען גאַנץ גוט, אַז דער אייראָפּעער ברענגט זיי קראַנק און טויט, אַז נאָך דעם געלעהרטען, וואָס זעהט אויס דען אינזעל מיט'ן פאָלק, וועט קוממען דער סוחר מיט'ן סאָלדאַט, צונעמען בּיי זיי די ערד מיט אַללע איהרע אוצרות און איבּערלאָזען אָבּצאָהרונג און סיפיליס!

נישט פיעל בּעססער געהט עס מיט די היסטאָרישע פאַקטען.

איין איינצעלנער מענש, וואָס לאָזט איבּער זיין אייגען לעבּענס־בּעשרייבּונג, ווייסט אויך נישט שטאַנדיג, וועלכע פאַקטען עס וועללען אונס אינטערעסירען און וועלכע נישט. אויך, אויב ער בּעשרייבּט אפילו זיינע גוטע און שלעכטע זייטען, ווערען נישט גערן־ווילליג זיינע חסרונות פערקלענערט און די מעלות פערשאָנערט! אויף זיך אַלליין שרייבּט מען נ י ש ט דען גאַנצען אמת. דען אייגענעם שקר האָט איהר אין יעדער געשיכטע פון יעדען פאָלק. איבּער אַ פאַקט צווישען פראַנקרייך און פרייסען, ווערט גאַנץ אַנדערש פערצאָהלט אויף פראַנצאָזיש און גאַנץ אַנדערש אויף דייטש! אויך פערשרייבּט זעלטען די געשיכטע די פאַקטען פון מענשליכען לעבּען, וואָס קאָננען נוטצען דעם סאָציאָלאָג. די אַלטע געשיכטע, אינטערעסירט זיך מעהר מיט מלחמות, קעניגליכע הייזער און גענעראַלער, אַלס מיט'ן פאָלק און זיין קולטור, זיין לעבּענס אָרט און גלויבּען. נאָך פאַר אַ קורצע צייט האָבּען מיר קיין פעלקער־געשיכטע נישט געהאַט, נור געשיכטען פון קעניגע און פעלדהערען! און ווי לאַנג איז די גאַנצע געשיכטע? ווי לאַנג איז, אַז מענשען שרייבּען? די געשיכטליכע צייט איז אַ טראָפּפען אין ים געגען דער לעבּענס־צייט פון דער מענשהייט! אמת איז, אַז מיר האָבּען נאָך אַנדער מאַטעריאַל, אויסער געשיכטע. די דורות, וואָס האָבּען נאָך נישט געשריבּען, האָבּען אונס דאָך איבּערגעלאָזט וויכטיגע צייכען, וואָס עקזעסטירען בּיז היינט און ערצאָהלען אונס פון זייער לעבּען. מיר האָבּען שוין דערמאַנט, אַז דער מענשליכער גייסט איז אַ „פועל יוצא" און ווירקט אויף אַללעם אַרום

קאָנן מען שוין פרנסה האָבּען, און בּיז משיח וועט קוממען, איידער עס וועללען גרויטע בּולקעס וואַקסען, קאָנן מען זיך ווי עס איז דורכשטופּען...

נור איך לעז איהם ווייטער:

„פון פאַלמע און צעדער האָסט דו דאָרט וואָלדער,

„נור האַקקען ווילסט דו בּעריאָזע און דוב"...

און מיין גבאי יאל האָט גוט פערשטאַנגען, אַז פּאַלמען און צעדערן זעננען אויך האָלץ און מען קאָנן זיי צו שטעללען דעם טערקישען מיליטער, אַזוי ווי דאָ שטעלט מען צו אין דער ראָטע „בּעריאָזע" און „דוב", און ער איז טאַקי בּאָז געוואָרען אויף אַללע יודען, וואָס האָבּען זיך דוקא צוגעציעפּט צו „דוב" און „בּעריאָזע"...

„קאַרג האָסט דו דאָרטען, אַז לייבּען, אַז טיגער?

„צו זעננען די פוטטערליך פאַר דיר צו פראָסט?

„דאַרפסט אַ קאַמציאַטקע? ווילסט זיין אַ היגער,

„סיבּירענעם בּיבּער דאַרפסט דו, פּראַחוואָסט!"

בּיים לעצטען וואָרט ציטטערט גבריאל נאָך היינט... עס איז צו שטאַרק! דען גאַנצען פעלץ איז ער מוחל, נאַקיט און בּלויס וואָלט ער געגאַנגען, אַבּי דאָס וואָרט זאָלל ער נישט האָרען! עס דערגערווערט איהן.

„דו ווילסט דיך סליאַיען? אָה! ד'האָב פער־געססען —

„ווילסט העלפּען מיר טראָגען אַ טשין אַ מונדיר —

„איך דאַרף נישט קיין שותּף חזיר צו עססען

„און אַ קאַמאַרינסקי טאַנץ איך אָהן דיר!"

זיך, די אַלטע דורות, האָבען וועני.ער געאֶנדערט די וועלט אַליין מיר, און דאָך האָבען זיי, דורכגעהענדיג, איבערגעלאָזט אַ שליאַה, פון זייערע טריטט און מיר האָרען ביז היינט דען ווידער־קול פון זייערע רייד! זיי האָבען זיך וואהנונגען געבויט, נעסטען אויף סקאַלעס און הייזער אויף ווילען אין טייבער געמאַכט, זיי האָבען טייכער רעגוליערט, טייכער געגראָבען, בעגרעניצט זיך — און כמעט איבעראַלל געפינגען מיר נאָך זייערע ווערק, וואָס רעדען צו אונס און פערצאָהלען אונס מאַססען פערבאָרגענע זאַכען! —

נור דער גראָסטע טהייל פאַקטען פון אַלטען לעבען איז דאָך פאַר אונס פערלוירען געגאַנגען, בשעת ווען דאָס קליינע ביסל איבערגעבליבענע, קאָננען גאַנץ לייכט ווערען שלעכט פערטייטשט! איהר זעהט, אַז דאָס מאַטעריאַל, פון וועלכען די סאָציאָלאָגיע בויט זיך איהר משכן איז נישט אַזוי פעסט!

נור אָהן היפאָטעזען איז נישט מאָגליך צו מאַכען אַ שריטט אין דער וויססענשאַפט; אונזער זכרון איז אָהן אַ סיסטעם נישט אומשטאַנד צוזאַממען צו האַלטען די מענגע פאַקטען, דאָס אונגעהייערע מאַטעריאַל, וואָס ווערט גראָססער פון טאָג צו טאָג. די היפאָטעזען מוזען געבוירען ווערען, לעבען אַ צייט און אונטערגעהען, און אָבּרייניגען דען פלאַץ פאַר נייערע און בעססערע היפאָטעזען, וואָס האָבען ברייטערע פליגעל און קאָננען פערדעקקען אַ גראָססערע מענגע פאַקטען.

די הקדמה האָבען מיר געבּרויכט, עס זאָלל אייך נישט וואונדערן, אויב מיר וועללען אייך דורכפיהרען אַ שורה קורצלעבענדיגע סאָציאָלאָגישע היפאָטעזען, וואָס זעננען אַרויף און אַראָב איינער נאָך דער צווייטער, ווי די שאַטטען, אויב מיר וועללען פאַר אייך אין די אויגען אויפבויען און אומשטערצען די גראָסאַרטיגסטע אידעען, ווי הייזליך פון קאָרטען.

י. ל. פרץ.

---

# קריטיק.

## י"ז בן אריה: אַ וועלט מיט וועלטעלעך

(ווילנא, תרנ"ד).

דער מחבר וויל, אַז מיר זאָללען זיך איבערצייגען, אַז: 1) די ערד איז קיילעכדיג, נישט אַ ברעט מיט זייטען און עקקען. 2) אַז זי בעוועגט זיך אַרום דער זונן, נישט די זונן אַרום איהר, 3) אַז די ערד ציהט צו־זיך צו אַליץ, וואָס אויף איהר איז, פונקט אַזוי ווי זי אַלליין ווערט צוגעצויגען צו דער זונן

---

„חזיר" איז געוועזען דאָס צווייטע, נאָך שטאַרקערע וואָרט פאַר גבריאל'ן...

און פון אַללעם צוזאַממען איז איהם אַ ליבּט אויפגעגאַנגען אין די אויגען...

ווי הייסט אַ ליכט! יענץ איז זיין, דאָ איז פרעמדס... דאָרט איז מאַנדעלן, מאַראַנצען, פייגען און בוימעל (פוטטער פון טיגער און לייבען, איז ער מוחל) און דאָ אַ סאָלדאָטסקי מונדיר (פון קיין אַנדערן חלומט איהם נישט), ניזשני טשין (פון עפּאָלעטען חלומט זיך איהם אודאי נישט) און אַליץ איז אויס געשמירט מיט חזיר־שמאַלץ... אָה! אַ קאָלט געהט איהם דורך דורך די ביינער...

און עס פראָהט איהן, אַז „דער עולם" פאָהרט; אַז „אַללע פאָהרען"; עס זאָלל זיך אויספיהרען דער שדוך, וואָלט ער אַלליין אויך פאָהרען! ער האָט אפילו קיינמאָל נישט געהאַלטען פון „סליאַיען", ער ווייסט אפילו נישט רעכט, וואָס דאָס וואָרט בעטייט, נור פאַר וואָס נישט פאָהרען? און אַ גאָט'ס זאַך (האָט זיך איהם געדאַכט): דער שידוך, וואָס האָט געהאַנגען אויף אַ שפינוועבּס, האָט זיך דוקא אויסגעפיהרט... די מחותנים האָבען זיך שוין געהאַט צושאָלטען ביז אין די אָבות אַריין — און גבריאל האָט פאָרט געכאַפּט אַ הונדערטער! ער זעהט בחוש, אַז דאָס איז אויף הוצאות קיין ארץ ישראל... צונד קאָנן ער פאָהרען. און עס איז אַזוי לייכט: ער וועט זיך נור אַריבער שוואַרצען איבער דער גרעניץ, די דייטשליך וועללען נור אַ פיפיץ געבען צום בערלינער רב... ווי אַ פוטטער וועט עס געהן! איין זאַך נור שטעהט איהם אין וועג... פון וואַננען קומט עס צו די דייטשליך, צו די בטלנים! פאַר וואָס איז ער

און 4) אַז דורך דער אַטראַקציאָן (אַזוי הייסט די קראַפט, מיט וועלכער איין קאָרפּער ציהט צו דען צווייטען) בעוועגען זיך די הימלישע קאָרפּער (זונן, לבנה, שטערן, ערד) איינס אַרום צווייטען...

נור, כדי מיר זאָללען וועללען זיין זיינע לעזער, כדי מיר זאָללען וועללען נעמען אין האַנד אריין אַ וויססענשאַפטליך ווערק, נישט סאַמע באָבע־מעשיות און ראָמאַנען, נאַרט אונז י"ז בן אריה אַריין אין ביכל, ווי אַ מלמד נאַרט דאָס קינד צום אלף־בית... דער רבי זאָגט איהם צו אַ פּאָגעלע, און י"ז בן אריה — אַ „האָכסט אינטערעסאַנטע ערצאָהלונג"! דערזעהענדיג דען שער — רעכענט דער מחבר — וועללען מיר נישט קאַרגען די צעהן קאָפּיקים און דערנאָך איז פערפאַללען! מיר וועללען שוין אונזער געלד דורכ'ן פּענסטער נישט אַרויסוואַרפען און וועללען שוין דורכלעזען דאָס ביכל...

נאָכ'ן שער געהט איין הקדמה: „ניט אַללע מענשען — זאָגט דער מחבר — האָבען [די] מאָגליכקייט אין זייער יוגענד צו לערנען [אַ] וויססענשאַפט" — טהייל ווערען געבוירען ביי אָרמע עלטערן... (אין דער שווערער אַרבייט) געהט אַוועק אַ יאָהר נאָך אַ יאָהר און „מען וואַקסט אויס גאָר אָהן וויססענשאַפט". נור „מזל איז ביי גאָטט [אין דער האַנד], דאָס אָרמע קינד... ווערט רייך... וואָס טהוט עס אָבער אָהן וויססענשאַפט?... אָט „פאַר אַזאָלכע מענשען, וואָס וויללען נישט פערשאָמט ווערען געגען די געלערנטע" — זאָגט י"ז בן אריה — שרייבט ער זיין ביכל.

נור מיינט נישט, אַז ער שרייבט דוקא נור פאַר די, וואָס וועללען אַ מאָל רייך ווערען, אָדער דוקא נור פאַר די, וואָס וועללען האָבען די געלעגענהייט פערשאָמט צו ווערען פאַר געלערנטע... איך בין איהם אין דעם נישט חושד! די הקדמה זעהט אויס, איז, גלאַט אַזוי, געשריבען אין אַיילעניש און איז אַרויס אָהן האַנד און פיס... וואָרום י"ז בן אריה פערשטעהט גאַנץ גוט, אַז פאַר אָרמעלייט, וואָס ווערען רייך, איז נישט כדאי צו שרייבען, ווייל — עס טרעפען זיך אַזוינע לייט וואָס אַ טאָג וועניגער און וועניגער... אויך ווייסט ה' י"ז בן אריה, אַז אָרמע לייט דאַרפען מעהר וויססען ווי רייכע און דאָס וויססען קומט זיי אויך מעהר צו נוטץ. פון אמת וויססען האָט מען, אויסער דעם גייסטיגען פערגניגען, אויך — פרנסה, ברויט און גאַנץ אָפט מיט פוטטער! די בושה, וואָס דער אונגעלערנטער האָט פאַר'ן געלערנטען, איז אויך אַ זעלטענע זאַך, מעהרסטענטהיילס געשיהט פערקעהרט!.. מיר שאָמען זיך אַסך מעהר מיט אַ צורים־סענעם שטיפעל ווי מיט אַ לעדיגען מח,

---

אַלליין, גבריאל, בין אַהער נישט געפאַללען אויפ'ן שכל?

מילא „ער יאַק ער" (האָט ער געטראַכט) — נור למשל חיים־בינם, דער וועלט חכם אויף דער פּראָווינץ, געהט שוין דריי יאָהר אַרום אָהן אַ געשעפט; יוסעל האָצקים, וואָס מען האָט איהם די פאַכט אויסגעדונגען... אַ דאגה אַזאַ וועלט מיט לעדיגעהער, מיט אָרמע לייט, מיט לופט־שלינגער און סאַמע חכמה, סאַמע גמרא־קאָפּליך, סאַמע דורכגעטריבענע יונגען... פאַר וואָס איז זיי נישט איינגעפאַללען אַריבער צו חאַפּען זיך קיין ארץ ישראל, און נישט, ווי מאַנעס דער שוחט פטור צו ווערען חבוט הקבר מיט גלגול מחילות, נור טאַקי צו מאַכען זיך אַ מסחר'ל!... וואָרום באמת — אַ קליינינקייט מאַנדלען... בוימעל... פי! פי! בפרט אַז מען קאָנן ביידע זאַכען יוצא זיין!

נור דאָס האָבען איהם די דייטשליך גאָר וואָהל פערדאָנפערט:

דער ענין דערפון איז, אַז וואָס פשוט'ער און קלאָרער אַ זאַך איז על פי שכל, פאַלט אויף איהר דער עולם אַלץ וועניגער... יעדערער זוכט נור עפּיס טיעפּער אָדער אין דער זייט, וואָרום דאָס, וואָס איז געלעגען פון אויבען אָן, אויפ'ן גלייכען וועג, האָט מען אודאי שוין לאַנג אויפגעהויבען!..

אָבער באמת — ווי קאָנן זיין אַ פשוט'ערע זאַך, אַז דער „טאַטע זאָלל צוריק נעמען די מאַמען"? אַז יודען זאָללען זיך בינסלעך־ווייז איבערטראָגען קיין ארץ ישראל? וואָס קאָנן זיין פשוט'ער, לייכטער, געזונדער און גלייכער?

נור, ווייל עס איז גלייך, טויג עס נישט; דער

און אויך — די בושה, וואָס איינער צווישען הונדערט ליידט, אַז ער ווייס נישט דאָס, וואָס יענער ווייס, איז נאָך נישט דער עיקר... די בושה קאָנן זיין אַ נוצליכע זאַך, נור אין לעבען פיהרט זי געוואָהנליך נור צו עטליכע וואָרטער פראַנצאָזיש און אַ קאַדריל...

וויססען אַלליין איז נוצליך און נייטיג, און דאָס האָט ה' י"ז בן אריה געדאַרפט בעווייזען אין זיין הקדמה, אָדער זיך אָהן איין הקדמה בעגעהן.

נור דאָס איז אַ קלייניגקייט. די הויפט־פראַגע איז, ווי אַזוי ערפילט ה' י"ז בן אריה זיין פערשפרעכען? האַלט ער באמת וואָרט? גיט ער אונס אמת וויססען?

ערשטענס מוזען מיר בעמערקען, אַז ה' י"ז בן אריה מאַכט נישט קיין אונטערשיעד פון „וויססען" ביז „וויססענשאַפט", פון „ידוע" ביז „חכמה", און, אויב ער רעדט פון וויססענשאַפט, מיינט ער נישט מעהר נור וויססען און אַזויערנאָך ווילל ער ווענינער, אַלס ער זאָגט צו, נור — זאָל זיין וויססען!

מיר האָבען דורכגעלעזען דאָס ביכעל — וואָס וויסען מיר דערפון? צו וויסען מיר באמת, אַז די ערד איז קיילעכדיג, אַז זי איז אַ קויל נישט קיין ברעט? אַז זי בעוועגט זיך אַרום דער זונן, נישט פערקעהרט און אַזוי אַנדערע זאַכען.

ליידער נישט.

דער, וואָס לעזט דורך דאָס ביכעל, האָט קיין איינציגען ריכטיגען בעווייז, אַז עס איז אַזוי און נישט אַנדערס! ער האָרט אַ פשטיל פון אַ מגיד, אַ מיינונג פון אַ בוכ־האַלטער, אַ מין שטה, אַ מוטהמאַססונג — און עס פעהלט איהם גאָר נישט איין, אַז דאָס זעננען נישט קיין שכליות'ן, וואָס פליהען אין דער לופטען, נור אמת'ע, בעווי־זענע זאַכען, און אַזוי זיכער בעוויזען, ווי 2 און 2 איז 4! נאָכ'ן איבערלעזען טראַכט געוויס דער לעזער: עס קאָנן זיין, אַז די ערד זעהט אויס ווי א קאַוואָן און מיר זעהען אויס ווי די פליגען, וואָס געהען אויפ'ן קאַוואָן אַרום! עס איז גאַנץ מאָגליך, אַז די ערד דרעהט זיך אַרום דער זונן ווי אַ גלאָז וואַססער אין דער רייף, וואָס מען דרעהט אַרום אויף אַ שטריקעל, אָדער ווי אַ שטיינ־דעל אויף אַ שטריקעל, וואָס פליהט אַרום ווי אַ ראָד אַרום דער האַנד. עס איז קרוב לאמת... עס לאָזט זיך הערען, עס לייגט זיך אויפ'ן שכל, נור — אַז עס איז זיכער אַזוי, דאָס ווערען מיר נישט געוואָהר. קיין איינציגער וויכטיגער בעוויז, וואָס זאָלל אַריין ווי אַ האָלץ־שרויף אין מוח! און אין אַ האַלב יאָהר אַרום וועללען מיר פערגעססען דעם איינדרוק פון ביכעל און צוריק גלויבען אונזערע אויגען — אַז די ערד איז אַ פלאַץ מיט עקקען און קאַנטען און די זונן דרעהט

דייטש ווילל דוקא זיך „סליאַיען", דער פרוממער וואַרט אויף משיח'ן... נור ווי קומט דאָס צו משיח'ן?

משיח וועט טאַקי אויסלייזען פון גלות, אָבער דערווייל מאָג מען דאָך זיין ביים טערק אין גלות? נישט גלייכער צו וואַרטען אויפ'ן אָרט?

ער האָט נור געפראָגט, צו זעננען דאָרט קיין פאָגראָמען נישט פערהאַננען.

— חס ושלום! זעננען אויפגעשפרונגען אַללע דריי משכילים מיט די האַנד אויף די האַרצער, חס ושלום! אַזאַ נאָהנטער קרוב! אַ לייבליכער פעטטער!

---

היינט ווייס ער שוין דאָס קרבות...

ער האָט געזעהען שוחד נעממען ערגער ווי ווייס איך וואו, שמייסען מיט נאַהייקים ווייבער אויף

די ברוסטען, ערגער ווי קיטיי...

צוריק צו וועגס האָט ער געהערט, אַז די טערקען האָבען דערווייל אויסגעקוילעט מיט איין מאָל 8—6 טויזענד מענשען — פראַוודע — אַרמעניער, נישט יודען!...

נור איין ערד, איין ערד האָבען זיי עס איינ־געהאַנדעלט, ברעכט זיך גבריאל די האַנד און קרעכצט, — זאָלל זיי גאָטט נישט געדענקען!

---

נור דאָס אַלץ איז ער זיי מוחל... דער פאַק־טאָר דאָרט... מילא אַ פאַקטאָר! די דייטשליך, האָבען איהן אָנגערעדט — מאַלע — בטלנים... אַ והא ראיה — וואָס טויג זיי די פרומקייט? זיי וויללען זיך איינקויפען אין דער חברה? אי! אָט האָבען זיי זיך גענאַרט... אָבער אַזוי, דערקאָנט־

זיך אַרום איהר! מיר וועללען פֿערגעססען אַזוי דעם מגיד, ווי דעם בוכהאַלטער. אונ דאָך איז געווען גענוג צו דערמאַנען די ריזען, וואָס מען מאַכט אַרום דער ערד; צו דערמאַנען, אַז אַנדערס איז זיך שווער, אָדער אונמעגליך פֿאָרצושטעללען דעם לקוי לבנה; צו דערמאַנען, ווי אַ זאַך, וואָס קומט אונס אַליין נאָהענטער אונ נאָהענטער, ווערט גראָססער אונ גראָססער, אונ פֿערקעהרט, וואָס מעהר זי דערווייטערט זיך, ווערט זי אַליין קלענער אונ קלענער, חאָטש מיר זעהן זי אין ביידע פֿאַללען אין גאַנצען, אַז עס פֿעהלט פֿון איהר נישט קיין האָהר, וואָס איז אויך נישט מעגליך, נור סיידען, אַז די ערד איז אַ קויל...

דאָס איז אַ שטאַרקער פֿעהלער!

נאָך ערגער איז דאָס, וואָס דער לעזער וועט קריגען זעהר אַ שלעכטען בעגריף פֿון „וויססענשאַפֿט" בכלל. עס וועט זיך איהם דאַכטען, אַז וויססענשאַפֿט בכלל איז עפּיס אַ לייכטע זאַך, אַ שכל'דיג שפּיעלעכיל, אַ דוים, אַ שאָך — אַ פשטיל! וועמען פֿון י"ז בן אריה'ס לעזער וועט גאָר איינפֿאַללען, וויפֿיעל מיה אונ מאַטטער, וויפֿיעל בלוט עס האָט געקאָסט, וויפֿיעל דורות עס זענען אַריבער, וויפֿיעל צרות מענשען האָבען געליטטען, וויפֿיעל אַנשטרענגונגען מען האָט געדאַרפֿט, איידער מען איז צוגעקוממען צו דער דעה? עפּיס שווימט זי דאָך ביי איהם אַרום ווי אויף אַ וואַססער!

נאָך אַ שטאַרקער פֿעהלער שטעקט אין דעם ביכעל: די ידיעות זענען נישט אין גאַנצען ריכטיג... דער לעזער דאַרף וויססען, אַז די ערד זעהט נ י ש ט אַזוי אַקוראַט אויס ווי אַ קאַוואָן; אַז די ערד האָט נ י ש ט די קראַפֿט פֿון אַ מאַגנעס, וואָס ציהט צו נור אַייזען אונ שטאָהל נישט האַלין, למשל, אונ פּאַפּיער, אונ ווערט אַלליין פֿון גאָר נישט צוגעצויגען; אונ בכלל, אַז די אַטראַקציאָן איז נישט נוהג נור ביי ערד אונ זונן. נאָכ'ן מ ש ל פֿון מאַגניט, מוז מען דעם לעזער אויף קלאָר ערקלערען, אַז אַ ל ל ע קאָרפּער אָהן אויסנאַמען ציהען צו איינס דאָס צווייטע, אַז דער כח שטעקט אַזוי גוט אין'ם ק ל ע נ ט ע ן שטויב, ווי אין דער זונן!...

נאָך אַ פֿעהלער שטעקט אין ביכל, וואָס דער מחבר האָט זיך ליעב צו פֿערגאַלאָפּירען אונ צו זאָגען אַזוינס, אין וועלכען אַללע זענען וועניגסטען שטאַרק מסופק. נאָך דער לופֿט (למשל) האָט ער אַ ליידיג אָרט... אונ אֶ ט ע ר?

נור די אַללע פֿעהלער קאָננען לייכט פֿערריכט ווערען ביי'ן אַ צווייטע אויפֿלאַגע אונ דאָס ווערק'ל קאָנן ווערען אונגעמיין נוצליך דעם פֿאָלק. מען דאַרף די מ ש ל י ם, נור נאָך זיי מוזען קוממען קלאָרע בעווייזע;

---

מען זיי שוין אינ'ם ריח הפה... הכלל — בטלנים, דייטשערישע מלמדים.

— נור פֿאַר וואָס (ציטטערט זיין קול פֿאַר כעס) — פֿאַר וואָס, אַז איך בין צוריק געקוממען, פֿאַר וואָס האָבען נאָך די איינציגע דריי גבורים, אָבגעלייקענט אַליך שטיין אונ ביין? פֿאַר וואָס האָבען זיי מיר אין די אויגען געזאָגט, אַז זיי האָבען מיך נישט צו־גערעדט? אַז זיי האָבען שטאָנדיג געשריגען: זיצט אויף איין אָרט... לויפֿט נישט... אַז זיי האָבען געמיינט דעם דריטטען, דעם פֿערטען דור, נישט מיך?

— וואָס טויגען די ליגען? קלאַפּט ער אין טיש אַריין פֿאַר צאָרן.

— אונ דו, גבריאל, — פֿרעג איך איהן — האָסט אמת געזאָגט?

— ווי הייסט? שפּרינגט ער אויף — זאָלל מיר די צונג דאַרען...

— זיין נור, זיין — בערוהיג איך איהן — די צרות, וואָס דו דערצאָהלסט, ווייס איך זענען אמת, נור דיין ווייב וואָס האָסט דו געשריבען?

אָה, איהר? זי איז דאָך מיין ווייב... איך האָב געוואָלט...

— גוט, האַקק איך איהם איבער, — דו האָסט געוואָלט איהר גוטס... נור צו האָט זי אַלליין, נור זי דיין ווייב געלעזען די בריעף, נישט גאַנץ קהל הקדש? —

גבריאל לאָזט אַראָב די אויגען.

— עס איז טאַקי דורך מיינע בריעף נאָך איינער געקוממען...

— אונ?

מעֶן דאַרף אַסך אַרומריידעֶן פֿאַר'ן אָנפֿאַנגעֶר, נור — מעֶן טאָר דעֶן קלעֶנסטעֶן גרייז נישט אַרויסלאָזעֶן פֿון מויל... און דאָס וויסעֶן דאַרף זיך פֿאָרט נישט אַיינבעֶטעֶן אונטעֶר דעֶר מאַסקעֶ פֿון אַ האָכסט אינטעֶרעֶסאַנטעֶ עֶרצאָהלונג... עֶס פֿעֶהלט נאָך אויפ'ן שער זאָלל שטיין: אַזוי אינטעֶרעֶסאַנט ווי — שמ"ר!

מיר האָבעֶן נאָך עֶפּיס געֶגעֶן דעֶר שפּראַכעֶ. צו וואָלט געֶשאַדט, מעֶן זאָלל שרייבעֶן: דאָס קינד, נישט דעֶר קינד; דאָס, נישט דעֶר געֶזינדל? אָב (אָבזאָגעֶן, אָבלעֶרנעֶן) נישט אָפּ? נישט דער, נור די שטאָדט? ווענן דעֶר ליטווישעֶר זשאַרגאָן זאָלל וועֶללעֶן נאָכגעֶבעֶן די קלייניגקייטעֶן, אַזוי ווי דעֶר פּאָלנישעֶר גיט נאָך אַללעֶ מאָל מעֶהר פֿון זיין זייט, וואָלטעֶן מיר זיך איינס מיט'ן צווייטעֶן און ביידעֶ צוזאַמעֶן מיט אַרעֶסס בעֶססעֶר פֿעֶרשטאַנדעֶן.

נור נאָך די אַללעֶ פֿעֶהלעֶר איז דאָס ביכעֶל אים אַללגעֶמיינעֶם געֶשריבעֶן מיט אַיין אויסגעֶצייכעֶנטעֶן הומאָר און עֶס לעֶזט זיך ווירקליך ווי אַיין עֶרצאָהלונג.

דאָס ביכעֶל איז אויך זעֶהר ביללינ: עֶס האַלט 64 זייטעֶן, עֶס האָט עֶטליכעֶ, נישט שלעֶכטעֶ, בילדעֶר אין טעֶקסט — און קאָסט אין גאַנצעֶן 10 קאָפּ' מיט פּאָרטאָ! פֿאַר די, וואָס ווילל‍עֶן (און עֶס איז אַ יושר) דאָס ביכעֶל פֿעֶרשפּרייטעֶן, גיבעֶן מיר אויף די אַדרעֶססעֶ: מ. קאַצעֶנעֶלעֶנבויגעֶן, בוכהאַנדלונג, ווילנא.

בן תאר.

— און אַרוים בשן ועין... עֶר בעֶטעֶלט נאָך אין פּרייכ'ן.

— און פֿון וואַנעֶן ווייסט דו, אַז דו אַלליין האָסט אַזוינעֶ בריעף געֶשריבעֶן?

— ווער זאָגט דעֶנן? — מאַכט גבריאל — אַללעֶ האָבעֶן אַזוי געֶטהאָן...

— און אַללעֶ האָבעֶן געֶמאַכט נייעֶ עֶמיגראַנטעֶן?

— אַבי געֶזונד!

— און פֿון וואַנעֶן ווייסט דו, אַז אונזעֶרעֶ דייטשליך האָבעֶן נישט געֶקריגעֶן זייעֶר התלהבות אויך נור פֿון אַזוינעֶ בריעף?

— ווי היינט? — אָפּפּעֶנט גבריאל אַפּאָר אויגעֶן — ווי זעֶנעֶן דאָרט נישט געֶוועֶזעֶן?

— ניין!

— וואס דעֶנן?

— זיי האָבעֶן געֶלעֶזעֶן טאַקי נור אַזוינעֶ בריעף צו ווייבעֶר און כלות...

גבריאל'ן געֶהט וויטעֶר אויף ווי אַ ליכטעֶל אין די אויגעֶן.

— אַזוינעֶ „מתכּלים" זעֶנעֶן זיי? אַזוינעֶ?

— וואָס דעֶנן? אויסעֶר עֶטליכעֶ, וואָס האָבעֶן ווי יעֶנעֶר פֿאַקטאָר, געֶהאַט אַ גוטע פּרנסה דערפֿון, זעֶנעֶן די רעשט אַלליין אויך געֶנאַרט געֶוועֶזעֶן...

— און פֿאַר וואָס דעֶנן — שפּרינגט עֶר אויף — זעֶנעֶן זיי אַליין נישט געֶפֿאָהרעֶן?..

— נאָך אַזוינעֶ נאַראָנים זאָללעֶן זיי זיין! עֶס איז זיכעֶרעֶר, אַז יעֶנעֶר פּרופּט... נור געֶנאַרט האָבעֶן זיך אַללעֶ; און געֶקאָסט האָט עֶס אונז אַזוי פֿיעל געֶלד און בלוט נור דעֶריבעֶר, וואָס קיינעֶר האָט אַ לאַנגעֶ צייט קיין כח נישט געֶהאַט מודה צו זיין, אַז מעֶן האָט זיך געֶנאַרט...

— און היינט?

— טהייל נאַרט מעֶן זיך נאָך... אַסך האָבעֶן זיך ליעב צו נאַררעֶן... אַ סך זעֶנעֶן שוין צו וויט פֿערקראָכעֶן...

— נור ווער האָט עֶס אויסגעֶקלעֶרט, ווער? אינטעֶרעֶסירט זיך גבריאל, וועֶמעֶן איז עֶס איינגעֶפֿאַללעֶן? אַ פּראָסטעֶן יוד אַודאי נישט...

— געֶוויסס נישט... איינגעֶפֿאַללעֶן איז עֶס אַזעֶלכעֶם, וואָס וויל זיך טאַקי „סליאַיאָן"... וואָס האָט געֶרעֶכעֶנט, אַז קוים וועט מעֶן פּטור ווערעֶן די פּראָסטעֶ, אָרמעֶ מאַססעֶ, וועט עֶר מיט דעֶר קלייניגעֶר רעֶשט שוין נבלע ווערעֶן בנעימות ובשתיקה...

און די רעשט — ווי געֶזאָגט — האָט איינס דאָס אַנדעֶרעֶ און זיך אַלליין געֶנאַרט.

פּיתוּס אַנטאַנאָוו.

# אַ סוֹף.

## (מאָנאָלאָגען פון אַ שלים־מזל)

1.

... עֶנדע! אַ סוֹף! אַיין עֶק!

אוּנ וואָס ווייטעֶר? וואָס וועט ווייטעֶר זיין מיט מיר? יעֶצט האָבּען זיך שוין אַללעֶ קוואַללעֶן אויס־געטריקענט. איך האָבּ זיך געוואָרפען אויף אַללעֶ זייטען, געוואָלט אַללעֶ עבודה־זרות איבּעֶרדיענען— אוּנ אומזיסט. פון וואָס לעבּט מען? וואָס עסט מען?

עֶס מישט זיך מיר אין מח, עהרענוואָרט! איך קאָנן שוין נישט טראַכטען וועגען אַללעֶ מיינעֶ פלאַנען, זיי קריכען מיר גאָר אין קאָפּף נישט. עֶססען— עֶססען ווילל איך! בּרויט — אַ שטיקעֶל בּרויט! צו וועל איך דענן שטאַרבען פאַר הונגעֶר? גאָטט מיינעֶר, עֶס פערחאַפּט מיר דעֶר אָטהעֶם, עֶס שווידעֶרט מיר דעֶר לייבּ, עֶס בּעגיסט מיך מיט שווייס! איך וועֶל שטאַרבּען פון הונגעֶר! איך וועל שטאַרבען פון הונגעֶר!

עֶס בּרענט מיר אין קאָפּף. אָט איז אַ סוֹף פון אַללעֶ מיינעֶ פּלאַנען: זעֶלבּסטשטאַנדיגקייט, זיין אַ בּעל הבּית אויף זיך, נישט ווערען געטראָטען פון יענעֶמס פיס... אוי! אַ! עֶס ווילט זיך מיר עֶפּיס טהון! בּרעֶכען, רייסעֶן, בּייסעֶן, צופּען! גאָטט מיינעֶר, איך וועֶל שטאַרבען!

אוּף! מיט מיר וועֶט זיין, דאַכט זיך, אַ קאָנ־וואולסיעֶ. די נערוועֶן לאָפּען. איך וועֶל, דאַכט זיך, משוגע ווערען. וואָס איז די פעולה, איך רייבּ דעֶן שטעֶרן, רייבּ היינט, רייבּ מאָרגעֶן!

וואָס טהוט מעֶן? וואָס העֶבּט מעֶן אָן צו טהון?

שאַ, איך האָבּ נאָך עֶפּיס צו פּרובּעֶן. אויבּ דעֶרפון וועֶט זיך גאָר נישט אויסלאָזעֶן — יעֶנמאָלט, יעֶנמאָלט וועֶט מיר צוניטץ קוממען דעֶר טשוואַק אין בּאַלקעֶן.

חאַ, חאַ, חאַ! זעֶלבּסטשטאֶנדיגקייט, אַ פּריי לעֶבּען, העֶלפּען מענשעֶן, לעֶבּען פון דעֶם אַנדעֶרנס וועֶגען — אוּנ אַ טשוואַק אין בּאַלקעֶן, הונגעֶר־טויד, חאַ, חאַ, חאַ! ניין, מען דאַרף געֶהן אין אַ „פּאָד־ריאַד". איך האָבּ, דאַכט זיך, אַ גרויסעֶן טאַלענט מצה ראָדלען, האַ, חאַ, חאַ! איך לויף. לעֶבּען זאָללעֶן טאַלעֶנטירטעֶ האֶנד!

2.

געֶלונגעֶן! ווי איך בּין אַ יוּד, געֶלונגעֶן!

דעֶר פּאָדריאַדטשיק האָט מיך בּעֶקוקט פון קאָפּף בּיז די פיס, שטרענג געֶקוקט אויף מיר: מיינעֶ צוריססענעֶ קליידעֶר אוּנ דעֶר קאַטה אויף מיר זעֶנען איהם, אַ פּנים, געֶפאֶללען געֶוואָרען. עֶס פּאַסט פאַר אַ מצה־ראָדלעֶר. דעֶרנאָך האָט עֶר אַ שמייכעֶל געֶטהאָן. איך וועֶל שווערען מיט זיינעֶ בּאָרד אוּנ פאות, אַז עֶר האָט פעֶרשטאַנגען, וואָס איך בּין. פעֶרשאָלטעֶנעֶ בּילדונג, דו קריכסט פון די אויגעֶן! נור היינטיגעֶן מאָל האָט זי מיר נישט קאַליעֶ געֶמאַכט. עֶר האט נור אַ שמייכעֶל געֶטהאָן אוּנ געֶהייסען אָבּראָדלעֶן אַ מצה. בּיי'ם עֶקזאַמען האָבּ איך אַזוי נישט געֶציטטעֶרט. רבּונו של עולם, ווענן איך האַלט נישט אוים דען עֶקזאַמען! נור דעֶן עֶקזאַמען האָבּ איך אויסגעהאַלטען. דאָס מצה ראָדלען איז מיר גליקליכעֶר אַראָבּ, ווי די לאַטיי־נישעֶ איבּעֶרזעֶטצונג. ווייזוואַט דאָס מצה־ראָדלעֶן! איך וואָלט שווערעֶן, אַז די בּילדונג האָט מיר נאָך דאָס מאָל אַ טובה געֶטהאָן, איך וואָלט זיך דאָס פון איהר נישט געֶריכט. דעֶר פּאָדריאַדטשיק האָט מיר אפילו געֶזאָגט „דו", נור געֶגעֶבּען מעֶהר ווידעֶר אַיין אַנדעֶרן, אַזוי האָט עֶר על כל פּנים געֶזאָגט; איך וועֶל איהם גלויבּעֶן.

אוּנ איך בּין אַ מצה־ראָדלעֶר געֶוואָרעֶן. מיר האָט זיך שטאַרק געֶוואָלט, אַז אַיִן „פּאָדריאַד" זאָלל אַריין אַיינעֶר פון אונזעֶר שטאָדט, איך וואָלט אַיין אמת פעֶרגניגען געֶהאַט. איך וואָלט טייוולאָניש געֶלאַכט. איך וואָלט עֶפּיס יעֶנעֶן דורכשטעֶכען. פאַר וואָס? ווייס איך נישט, נור מיר ווילט זיך נקמה נעֶמעֶן פון אַללעֶ מיינעֶ שטאָדטיגעֶ. ר־ר־ר־ר, בּררר, נקמה! ציאָרט איה פּאָדעֶרי!!..

איך בּין בּאָז אויף דעֶר גאַנצעֶר וועֶלט! איך וואָלט יעֶצט, דאַכט זיך, אַ מעֶנשעֶן געֶקוילעֶט אוּנ רוהיג געֶקוקט, ווי עֶס גיסט זיך פון איהם דאָס בּלוט, ווי עֶר חאָרחעֶלט, ווי עֶר וואַרפּט זיך; זיין קרעֶכ־צעֶן, זיין שרייעֶן, זיין וואָיעֶן, וואָלט בּיי מיר געֶ-ווען די בּעֶסטעֶ מוזיק. איך וואָלט איהן נאָך אפשר דעֶרבּיי געֶקניפּעֶן, געֶבּיססעֶן, געֶשטאָכעֶן!..

דאָס האַרץ צורייסט זיך מיר, אוּף!

נור איך וועֶל דאָך אַזוי משוגע ווערעֶן. איך האָבּ אין זיך אַללעֶ סמנים פון אַ משוגעֶנעֶם. פעֶ, יעֶצט משוגעֶ ווערעֶן — איך בּין דאָך עֶפּיס אַ מצה־ראָדלעֶר! חאַ! חאַ! חאַ!

איך וועֶל בּעֶססעֶר טראַכטען וועֶגען פּאָדריאַד. אַ פינסטרעֶ גרוּבּ, פעֶרשטיקטעֶ לופּט; צושויבּערטעֶ קאָפּף, אויסגעֶדאַרטעֶ געֶזיכטעֶר, צופּיצעֶלטעֶ קליי־דעֶר, הונגריגעֶ נפשות, איבּריגעֶ נשמות, לעֶדיגעֶ מיילעֶר, קאַטה פון לעֶבּען, קללות, חרמות, ציניזם, גראָבּהייט...

נו, אוּנ וואָס נאָך? שאַ, אין ווינקעֶל, עֶנטגעֶגעֶן טהיר — אַ הויכעֶ מאָדעֶל, עֶרעֶל־פּריש, שוואַרצעֶ אויגען, אַ געֶטאָקטעֶ נאָז, חן־גריבּלעֶך... ווי איך בּין אַ יוּר, מען דאַרף גאָר אָנהעֶבּען שפּיעלען אַ ראָמאַן, חאַ, חאַ, האַ! אַ ליובּקעֶ אין פּאָדריאַר צווישען דעֶם מצה־ראָדלעֶר אוּנ אַ וואָלגעֶרקעֶ. אויף

אַ דועל אַרויסגערופען דען מצה־זעטצער, בעקוממען אַ וואונד אין האַרצען מיט דער לאָפּעטע און פּאַטעטיש אויסגעצויגען דאָס קאַלטע ראָדעל געבען דער בלייכער קאַטשעלקע.

טפו! איך וועל דאָך טאַקי משגע!

3.

היינט האָב איך זיך אָנגעגעססען פאַר אַללע הונגעריגע טאָג פון אַ גאַנץ יאָהר און וואָלפיל געקאָסט. איך האָב געגעססען מצה. דערצו האָב איך מיך דערמאָנט, אַז איך האָב ליעב געהאַט מצה מיט מילך. דאָס איז געוועזען לאַנג, גאַנץ לאַנג... האָב איך זיך געקויפט מילך און געשטאָפּט זיך אַ גאַנצען טאָג מיט מצה און מילך. דער בעל־הבית קוקט מיר אין די אויגען און לאַכט. אָט, אַ שופּט! ער פערשטעהט, וואָס איך בין.

— ווי לאַנג האָסט דו שוין קיין מצה נישט געגעססען? האָט ער מיך געפרעגט מיט אַ חיטרען שמייכעל.

ווען ער וואָלט קיין לאַנגע קאַפּאָטע נישט געטראָגען און קיין פּאַרריאַטשיק פון מצה באַקען נישט געוועזען, וואָלט ער זיכער ווייט אַוועק.

ער העבט שוין אָן אַריינבריינגען מיך אין כעס מיט זיין קוקען. וואָס וויל ער? ער וויל אַביסל שפּאַס טרייבען אויף מיין חשבון? דאָס וועט איהם נישט געלינגען! איך האָב היינט שאַרפע צאָהנער. זיי האָבען זיך שטאַרק אָנגעשאַרפט, זינד איך האָב אויפגעהערט צו עססען. ער וועט ביי מיר אַרויס בשן ועין.

און נישט ער אַלליין — אַללע קוקען אויף מיר, אפילו דאָס שאָנע מאָדעל קוקט אויך. נור דאָס איז שוין איין אַנדער קוקען. איך האָב קיין שפּיעגעל נישט, נור איך גלויב, אַז איך בין זעהר שאָן אין דעם הייסען פאַרטוך, וואָס פערדעקט מיר די שמאַטעס מיינע.

זיי פערשטעהען אַללע, אַז איך בין נישט קיין „איינפאַכער" מצה־ראָדלער. פון וואַננען פערשטעהען זיי דאָס? אָן די אויגען, אַרויסקריכען זאָללען זיי! נור דערהויפּט שולדיג איז די בילדונג. איך ווייס נישט, מיט וואָס פאַר אַ קללה איך זאָלל זי שילטען.

איך האָב געוואָלט עפּיס רעדען מיט זיי, נור איך האָב נישט געקאָנט. איך געפין עפּיס קיין טעמאַ נישט, איך האָב נישט פון וואָס צו רעדען מיט זיי. שווייג איך; לאַכען זיי פון מיר. נור איך וואָלט נישט געקאָנט רעדען, ווען איך וואָלט אפילו געהאַט פון וואָס. איך קאָן נישט רעדען. איך בין באָז! איך וויל זיך זידלען. און איך וועל זיך מיט זיי זידלען. דער בעל הבית זאָלל בעססער מיט גוטען פון מיר אָבטרעטען!

4.

די שאָנע וואָלגערקע מאַגנעטיזירט מיך. זי קוקט אויף מיר, איך אויף איהר. זי קוקט אַזוי ערנסט, מיט איין אומערדיגען בליק, גלייך זי וואָלט מיך בעדויערען. איך האָב זי געוואָלט אָנרופען „נאַרר" — נור איהרע אויגען בעווייזען אויף שכל. איך וועט זיך, אַז זי איז גאָר קיין נאַרר נישט.

איך האָב געוואָלט אָנהעבען שרייען, וואָס קוקט זי אַזוי אויף מיר, נור פון קולות האָב איך זיך איינגעהאַלטען און איינגעדרונגען אין איהר אַ באָזען קוק. זי האָט אַראָבגעלאָזען אַ פריהער די אויגען און דערנאָך אויפגעהויבען זיי צוריק און ווידער געקוקט אויף מיר. נור איהר קוק האָט זיך געביטען. זי האָט שוין געקוקט אויף מיר מיט אַ פאָרוואורף, ווי זי וואָלט געזאָגט: „פאַר וואָס בעלעדיגסט דו מיך?"

איך וואָלט געשוואָרען, אַז זי אויך האָט געהאַלטען עקזאַמען אַ פריהער אין גימנאַזיום און דערנאָך אויף מצה־וואָלגערן. נור פאַר וואָס קוקט מען אויף איהר נישט אַזוי, ווי אויף מיר? ניין, דאָס איז אַ ריין קינד פון פאָלק, אַ ראָזע צווישען דאָרנער, אַ בריללאַנט צווישען שטיינער, שאָנהייט צווישען אַללערליי האָסליכקייטען. נור בילדונג קריכט איהר נישט פון די אויגען, ניין. איהרע אויגען דריקען עפּיס אַנדערס אויס: טוגענד, צניעות, גרויסמוטה, עדעלקייט, גוטהערציגקייט און שכל, שכל, שכל. בילדונג וואָלט געוועזען אַ שאָנער ראַם; אַזוי איז זי אַ פּראַכטפאָללעס בילד אָהן אַ ראַם. נור דאָס בילד בלייבט דאָך אַלץ פּראַכטפאָלל.

איך קוק אויף איהר און קאָן זיך נישט אָבקוקען. איך בין שוין נישט אַזוי באָז. אָבער וואָס בעדויערט זי מיך אַזוי? וואָס זעהט זי אין מיר? איך וואָלט זי שוין געפרעגט — שטעהט זי פערדרוקט אין ווינקעל, אַרום און אַרום מיט וואָלגערקעס און מען קאָן אַ וואָרט נישט רעדען. פאַר נאַכט אַרבייט זי זיך אָב פריהער פון מיר. מאָרגען, ווען זי וועט זיך אָבאַרבייטען, מוז איך וואַרפען דאָס ראָדעל און לויפען נאָך איהר. אַזוי וועט עס זיין.

---

דער בעל הבית האָט ביי מיר היינט שיער נישט געקראָגען, נור ער האָט זיך אָבגעטראָגען צו דער צייט. ער קלייבט נחת, ער האָט עפּיס אַ ווילדע הנאה, וואָס איך בין ביי איהם אַ ראָדלער. ער האָט היינט געבראַכט מיט זיך נאָך איניגע לאַנגע קאַפּאָטעס און געטייטעלט זיי מיט די פינגער אויף מיר. זיי האָבען געלאַכט און געשאָקעלט צו מיר מיט די קאָפּף. איך בין זיכער, אַז מאָרגען וועלען נאָך קוממען כהנה וכהנה. ער וועט באַלד מאַכען

ביללעט'ן און אַריינלאָזען קוקען אויף מיר. ער וועט פערגולדטען ווערען.

מיר האָט בשעת מעשה דאָס בלוט אָנגעגאָסמען אין געזיכט. שלעכט! זיי פייערן דען נצחון פון פינסטערניס אויף ליכטיגקייט, פון נאַכט אויף טאָג. זיי וועלען מיך שטעללען פאַר אַ משל — דאָס הייסט, אָט צו וואָס בילדונג ברייננגט! אין זייערע פאַמיליען וועט שוין קיין מאָהל קיין שטראַהל פון בילדונג נישט אַריינשיינען, פערפאַללען. און שולדיג בין איך, ווי ער האָט עס אָבער דערשמעקט. איך בין איהם גרויט צושווערען, אַז איך בין אַ האָר נישט געבילדעט, אַז איך ווייס און קאָנן גאָר נישט, אַז איך האָב אויפ'ן עקזאַמען בעקוממען פון לאַטייניש אַ צוויי. איך בין גרויט דייטליך צו ערקלעהרען איהם, אַז אַ צוויי איז ערגער פאַר אַ דריי, אַז אַ צוויי איז אַ סימן, אַז מען ווייס נישט.

זי איז בלייך געוואָרען, ווענן ער האָט די יודען געטייטעלט אויף מיר מיט די פינגער. איך האָב עס בעמערקט. זי האָט זיך אָבער פאַר מיר בעלע־דיגט, פאַר דען מענשען, נישט פאַר דער בילדונג. נור ווער ווייס זי! ווער איז זי? וואָס איז זי?

איהר אָנטפערט מיר, שטערן,
איך וועל אייך בעשווערען...
פע, אַ נאַרריש ליעדעל!

5.

איך האָב נאַכטען נביאות געזאָגט: היינט האָבען געשטאַטטען יודען קוקען אויף מיר. איך וועל ווערען איין אַנטיסעמיט: יודען זענען היטרע. ערש־טענס האָבען זיי געטראָפען, אַז איך בין אַ ליטוואַק, צווייטענס, אַז איך בין איין אָרמער בעל־עברה'ניק, דריטטענס, אַז מסתמא האָב איך גוט געהונגערט. דאָס האָבען זיי גערעדט צווישען זיך בסוד, אַז איך האָב געהאָרט און זי מסתמא אויך. איך האָב געזעה'ן נאָך איהר.

איינער האָט געפראָגט, פון וואַננען קאָנן איך דאָס אַזוי ראָדלען.

דער צווייטער האָט געאָנטפערט, אַז אַ ליטוואַק קאָנן אַלץ. דאָס האָט ער שוין געזאָגט אַ ליגען. נור איך בין איהם עס מוחל.

זיי האָבען זיך אָנגעשטעלט קוקען אויף מיר. איך בין אין כעס געוואָרען.

— וואָס קוקט איהר? האָב איך אַ פראָג גע־טהאָן שטרענג. איך האָב געפיהלט, אַז זי האָט אַ ציטטער געטהאָן.

זיי האָבען זיך צולאַכט; איך בין נאָך מעהר אין כעס געוואָרען.

— וואָס האָט איהר זיך אָנגעשטעלט קוקען, זשידי פאַרשיווייע! האָב איך שוין אויסגעשריען אויף די הויכע טאָנער. איך האָב געפיהלט איהר פאַר־וויר־פליכען בליק. איך האָב געוואָלט חרכה האָבען אויף מיינע לעטצטע ווערטער, פערענטפערן זיך. נור איך בין נאָך מעהר בייז געוואָרען. איך האָב זיך קוים איינגעהאַלטען נישט אַרויפוואַרפען זיך מיט די פויסטען אויף די יודען.

— אַז מיר זענען „פאַרשיווע זשידי", וואָס ראָדעלסט דו יודישע מצה? האָט מיך איינער פון זיי געפראָגט.

ער האָט מיר געגעבען מיט אַ שטיין אין קאָפף. עס האָבען זיך פעראַנדערגעלאַכט די יודען, עס האָבען זיך פעראַנדערגעלאַכט די וואַלגערקעס, דער זעטצער, דער גיסער, דער שיטטער; די מצות, דאַכט זיך, האָבען געלאַכט! נישט געלאַכט האָט זי נור, ברגז אָנגעקוקענדיג די שאָנע ברעמען אויף די ליכטיגע אויגען און אָנקנוימשענדיג דען הויכען, ווייסען שטערן. נישט געלאַכט האָב איך, ווייל דאָס האַרץ איז מיר פערגאָססען געוואָרען מיט בלוט. איך בין שיער נישט צולאָפּעט געוואָרען פון כעס, פון שוואַכקייט, פון נישט קאָננען אָנטפערן. מיין כעס האָט דערגרייכט די העכסטע מדרגה. נור איך האָב זיך איינגעהאַלטען. איהר מילדער קוק האָט מיר געהאָלפען.

— וואָס ווילט איהר? האָב איך כמעט מיט אַ קרעכץ אַרויסגערעדט, — וואָס ווילט איהר? איהר ווילט וויסען, ווער איך בין? אַ ליטוואַק. וואָס איך בין? איין אָרמער בעל־עברה'ניק. ווי קום איך אַהער? איך האָב געהונגערט. פאַר וואָס האָב איך געהונגערט? דאַרפט איהר דאָך צעהן מאָל מעהר נאַרישער זיין, ווי איהר זייט, דאַרף דאָך ביי אייך אַ פריהער דער מאַרך זיך איבערקעהרען, איידער איהר זאָלט פראָגען אַזאַ קשיה! וואָס זייט איהר געקוממען קוקען? האָב איך ערהאָבערט די קולות מיט פערצווייפלונג, — איהר ווילט זעהען, ווי איינער, ראַטעווענדיג זיך פון הונגער־טויד, פון דעם טשוואַק אין באַלקען ביי זיך אין צימער, איז ענטלאָפען ראָדלען מצה?.. וואָס ווילט...

— ראָדעל, ראָדעל! האָט מיך איבערגעריסען דער זעטצער, — ער האָט זיך צו דרשנט! מע'קענן אייערע חברה, אין גהינם אללײן וועט עס נישט בעסער ווערען.

ער האָט שוין עפּיס גערעדט נישט צו דער זאַך און פערטשעפעט אַ נייע טעמאַ. נור איך האָב זיך אַרויפגעוואָרפען אויף די מצה און מיט אַללע כחות גענוממען עס ראָדלען. עס האָט זיך מיר געוואָלט אַ וואָרף טהון דאָס ראָדעל, אַ שפּיי טהון אַללעמען אין צורה און ענטלויפען, ענטלויפען. איך האָב געראָדעלט מיט וואוטה, מיט ווילדקייט, מיט נייענציג פּראָצענט פון אַ שטאַרקען, שטורמישען משגענעם. די טויג האָט זיך צום ראָדעל געקלעבט, איך האָב צוריסען אַ פּאָר מצות. איך האָב גע־

וואָרפען דאס ראדעל אויף דר'ערד און געחאפט זיך פאר'ן קאפף. מען האט זיך דערשראקען. די יודען זענען זיך גלייך צוגאנגען; די וואלגערקעס האבען מיך גענומען בערוהיגען. זי איז געוואָרען נעבען מיר.

— בערוהיגט זיך, האט זי גערעדט מיט א זיס-סער קלינגענדער שטיממע, — וואס דארפט איהר זיך פון א זאלכע פראים אבעססען דאס הארץ? איהר זייט א קינד.

אין איין מינוט האב איך אלין פערגעססען און נור צוגעהערט זיך צו דער פיינער, ליעבער שטימ-מע. מיר איז געוואָרען מאָדנע אומעדיג — עס האט זיך מיר געדאכט, אז איך וועל זיך צו-וויינען. זי האט אויפגעהויבען דאס ראדעל, גוט אויס-געווישט עס און דערלאנגט מיר.

— ראדעלט, ראדעלט, האט זי געזאגט, מאכט זיך נישט אויס פון זייערע פוסטע דבורים. עס פאסט נישט פאר א געבילדעטען מאַן.

איך האב אויפגעהויבען אויף איהר די אויגען: פון וואנגען ווייס זי עס? איך האב איהר געוואלט עפיס זאגען און נישט געוואוסט וואס. איך האב זיך דערמאנט, אז מען דארף איהר בעדאנקען פאר די טראסט-ווערטער, נור זי איז שוין געוועזען אויף איהר ארט. האב איך איהר פון וויטען בעדאנקט פאר דאס ראדעל, וואס זי האט אויפגעהויבען און אויסגערייניגט.

— נישטא פאר וואס! האט זי געאנטפערט מיט א ליעבליכען שמייכעל.

איהר שמייכעל, איהר קוק האבען מיך דער-קוויקט. עס האט זיך מיר פערוואלט ארויספאללען איהר אויפ'ן האלז, וויינען ביי איהר אויפ'ן הארץ, טראסטען זיך מיט איהרען א קוש...

איך האב שוין געווארט מיט אומגעדולד, ביז זי וועט זיך אבארבייטען. אבער אומזיסט: מען האט מיך בשום אופן נישט אבגעלאזען — נישטא קיין צווייטער ראדלער. איך האב געמיינט, איך וועל פלאטצען.

---

פו, דו טייפעל! איך קאנן נישט איינשלאפען: דאס מאדעל קריכט מיר פון קאפף נישט, זי שטעהט מיר פאר די אויגען; איהר שטיממע קלינגט מיר אין די אויערן; אט זעה איך איהר מילדען קוק. ווי ער דרינגט מיר אריין אין הארץ! עפיס ווערט מיר אזוי ווארם, אזוי אנגענעהם. עפיס צוגיסט זיך מיר א זיססקייט איבער אללע גליעדער. פון וואנען קומט עס צו איהר? וואס איז דאס פאר א מאדעל? איין אלטע קשיה! ווי אזוי האב איך ביז אהער נישט דערוואוסט? עס איז אפשר נישט מאגליך געוועזען? כזב ושקר! ווי אזוי האב איך טאקי נישט דערוואוסט? וואס האב איך נישט דערוואוסט?

טפוי, דו טייפעל, עס מישט זיך מיר אין מח!

ווי זי שטעהט דאס פאר די אויגען! איך האב עפיס קיינמאל נישט געזעה'ן אזא...

וואס איך וועל היינטיגע נאכט נישט שלאפען? ניין, איבערגעקעהרט זאלל וויערען אויף דער אנדער זייט און איינגעלאפען! איך וועל צאהלען ביז הונדערט. איינס, צוויי, דריי, פיער, פינף, זעקס, זיעבען... ווי עס קלינגט איהר שטיממע! וואס פיר א זיססקייט! קלינגט אמאל אזוי א פאר-טאפיאנא? עפיס קלאפט מיר שטארקער דאס הארץ. עס פעהלט מיר מעהר נישט פערליעבען זיך! נור איך בין נישט פאהיג אויף א זאלכע זאכען. איך האב זי נישט ליעב; איך האב זי אפילו פיינד. ווען זי שטעהט יעצט נעבען מיר, וואלט איך... זי איינ-שלינגען. או-או-או, איך האסס זי, איך קאנן זי נישט ליידען! וואס בין איך משוגע! איך וויל זיך איינשמועסן, אז איך האב זי פיינד, און דאס בלוט לויפט אין מיר שנעללער, שטארקער, הייסער; אין די שלעפען קלאפט אזש נור. פו! מען מוז איינ-שלאפען, האלטען קאפף און צאהלען, דאס איז א גוטע סגלה. איינס, צוויי, דריי, פיער...

בין איך פערליעבט, הא? וואס פערליעבט בין איך? וואס פאר א קוק ביי איהר איז?! א שאר-פעס שווערט... איך טראכט שוין וויטער וועגען דאס מאדעל!... איינס, צוויי, דריי, פיער, פינף... איך וועל גאר טראכטען וועגען איין אנדער זאך. מען דארף פון זיך דאס מאדעל אבטרייבען. וואס זאגסט דו צו דיין בעל הבית? ווי פערשטעהסט דו די יודען? דער פאנאטיזמוס איז נאך זעהר שטארק, שטארק איינגעווארצעלט געווארען אין די הערצער און מחות. זיי האבען א ווילדע הנאה, וואס א געבילדעטער הונגערט: זיי זעהען אין דעם „בעשיינפערליך" א גאטט'ס זאך. בילדונג איז ביי זיי שטארק צוזאממענגעבונדען מיט פרנסה. נאך איין ארמען געבילדעטען דארף מען נאכלויפען אין די גאססען. וואס איז פערהאנן צוקוקען, וואס איך ראדעל מצה? איך ראדעל... ראדעל... ראדעל... ווי שאן זי שטעהט ביי'ם וואלגערן! זי דרעהט זיך נישט איין אין פיער'ן, ווי אללע. זי שטעהט שלאנק, עדעל, גראציאז, ווי א בוים... איך וועל פרובען אזוי ראדלען... געחאפט דאס ראדעל און א שליידער געטהאן אויף דר'ערד... „וואס דארפט איהר זיך אבעססען דאס הארץ?"... „ראדעלט, ראדעלט"...

אח, ציארט וואזמי! איך ברעדיע דאך. איינס, צוויי, דריי, פיער, פינף, זעקס, זיעבען, אכט, נייען...

(פ. פ.)

דוד פינסקי.

## וו. גאַרשין.

### דאָס, וואָס איז נישט געוועזען.

אין אַ שאָנעם שרעקליך־הייסען זוממער־טאָג, אַ זייגאַר 12, ווען די זונן האָט פשוט געברענט, איז אַלץ כמעט געשלאָפען: מענשען האָבען אָבגעגעססען מיטטאָג און געלעגט זיך אָברוהען; די פאָגלעך זענען שטיל געוואָרען, אַפילו פליגען האָבען זיך בעהאַלטען פאַר דער היטץ. וועגען די הויזליכע טהיערע איז גאָר נישט דאָ וואָס צורעדען: בהמות, גרויסע און קליינע, האָבען זיך בעהאַלטען הינטער'ן שפייכלער פון תבואה; דער הונד האָט זיך דאָרט אויסגעגראָבען אַ גרוב, אַנידערגעלעגט זיך און, מיט האַלב פערמאַכטע אויגען, שווער געאָטהעמט און דערביי אַרויסגעשטעקט די רויטע צונג כמעט אויף אַ האַלב אַרשין; צייטענווייס, געוויס פון מרה שחורה, האָט ער געגעניצט אַזוי הויך ווי פון אַ האָרן. מאַראַס „שווינן" האָט זיך מטריח געוועזען צום ברעג פון טייכעל און אויסגעציגען זיך דאָרטין מיט איהרע דרייצעהן קינדערלעך. פון דער שוואַרצער, פעטטער בלאָטע האָבען אַרויסגעשטאַרט די חזירשע שנויצען, אָהנליכע צו מטבעות מיט צוויי לאָכער, וואָס האָבען געאָטהעמט, לאָנגליכע, מיט בלאָטע אויסגעשמירטע, חזירשע רוקענס און גרויסע, לאַנג אַראָבגעלאָזטע אויערן. נור הינער אַלליין האָבען זיך נישט געשראָקען פאַר די היטץ. זיי האָבען ווי עס איז פערטריבען די צייט, גראָבענדיג מיט די פיסלעך די טרוקענע ערד געגענאיבער דעם גאַנעק פון קיך, חאָטש זיי האָבען גוט געוואוסט, אַז זיי וועלען קיין איינציג קאָרענד'ל נישט געפיננען. דער האָהן האָט זיך, אַ פנים, אויך נישט גוט געפיהלט; ער האָט עפּיס בעקוממען אַ צורה פון אַ גולם און מיט'ן גאַנצען כח געשריען: „אַ סקאַנדאַל אַ ביסל!"

אין גאָרטען, אויף איין אָרט, וואו עס איז הייסער געוועזען ווי אומעטום, איז געזעססען אַ גאַנצע געזעללשאַפט פון נישט אויסגעשלאָפענע שררות, דאָס הייסט, געזעססען זענען נישט אַללע: דער אַלטע גניאַדי, למשל, האָט פון שרעק פאַר אַנטאָן דעם שמייסערס בייטש גאָר נישט געקאָננט זיטצען: אַנטאָן האָט דאָ נישט ווייט צו־וואָרפען אַ הויפען היי; אַ וואָרמיל, פון וועלכען עס וועט מיט דער צייט אַרויס אַ זוממער־פליגעלע, איז אויך נישט געזעססען, גיכער — געלעגען אויפ'ן בויך. נור עס רעדט זיך שוין אַזוי... זיי זענען געזעססען! דאָרטין אויפ'ן אָרט, נישט ווייט פון הויפען היי, אונטער'ן שאָטטען פון אַ קירשענבוים האָט זיך פערקליבען גאָר אַ קליינע, נור זעהר אַ וויכטיגע קאָמפּאַניע: אַ שנעק'ל, אַ מיסט־קאָפּער (זשוק), אַ עגדיס'ל (יאַששטשערקע) און דאָס אויבען דערמאָנטע וואָרמיל; צו זיי איז אונטערגעשפרונגען אַ היישרעק; דערביי איז געשטאַנען דער אַלטע גניאַדי און צוגעהאָרט זיך מיט איין גניאַדען אויער, פון וועלכען עס האָבען אַרויסגעשטעקט אַ פּאָר גראָהע האָר; אויפ'ן גניאַדי זענען געזעססען אַ פּאָר פליגען. די קאָמפּאַניע האָט גאַנץ ערעל, נור לעבענדיג געפילאָזאָפירט, „געחקרנט זיך". ווי עס פיהרט זיך, האָט איינער דעם צווייטען נישט נאָכגעגעבען, ווייל יעדער האָט הויך געשאָטצט זיין איינענע מיינונג.

— נאָך מיין מיינונג, האָט געזאָגט דער מיסט־קאָפּער, — דאַרף אַ לייטישע בריאה אַם אַללעם ערשטען זאָרגען פאַר קינדער. דער, וואָס טהוט ווי געהאָריג דאָס, צו וואָס ער איז בעשאַפפען געוואָרען, דער געהט בדרך הישר; ער ווייס זיין זאַך, און וואָס עס זאָלל נישט געשעהען, איז ער פטור פון אחריות. גיט אַ קוק אויף מיר! ווער האָרעוועט נאָך מעהר פון מיר? ווער קייקעלט גאַנצענע טאָג נאָך אַנאַנד אָהן איין אויפהאָר אַזאַ שווערע גרויסע קויל? אַ קויל, וואָס איז אַזוי קונציג קיילעכיג אַרויס פון מיסט און דינענט צו אַזאַ גרויסען צוועק, עס זאָללען זיך האָדעוועען אין איהר אַזוינע מיסט־קאָפּער, ווי איך בין? דערפאַר ווייס איך נישט, אויב נאָך איינער קאָנן מיט אַזאַ ריינעם געוויססען און רוהיגען האַרץ זאָגען: „יאָ, איך האָב געטהאָן אַלץ, וואָס איך האָב געקאָננט און געדאַרפט טהון!" אויב נאָך איינער קאָנן זאָגען די וואָרטער, ווי איך, ווען אויף דער וועלט קוממט אָן אַ נייער דור מיסט־קאָפּער. אָט וואָס הייסט פראַצע!

— נו טראָג זיך, ברודער, מיט דיין פראַצע! האָט געזאָגט די אַמייזע (מוראַשקע), וואָס האָט נישט קוקענדיג אויף די היטץ געבראַכט צושלעפען אַ גרויס שטיק טרוקען שטענגעל, בשעת דער מיסט־קאָפּער האָט געדרשנט. זי האָט זיך אויף אַ מינוט אָבגעשטעלט, צוגעזעצט זיך אויף די הינטערסטע פיסלעך און מיט ביידע פאָדערסטע אָבגעווישט דען שוויים פון פנים. — איך האָרעווע דאָך אויך, און מעהר פאַר דיר! נור דו אַרבייסט פאַר זיך אָדער פאַר דיינע קליינע קאָפּער. נישט אַללע זענען אַזוי גליקליך... דו וואָלסט געפרובט שלעפען קלאָטצער אָט ווי איך. איך ווייס אַלליין נישט, וואָס עס צווינגט מיך, איך זאָלל האָרעווען, קריכען אויס דער הויט אפילו אין אַזאַ היטץ. קיינער וועט דערפאַר אפילו קיין דאַנק נישט זאָגען. מיר אונגליקליכע אַרבייטס־אַמייזען האָרעווען אַללע מיט'ן לעטצען כח! און וואָס איז אונזער לעבען? אַ מזל אַ ביסל!..

— איהר, הערר מיסט־קאָפּער, קוקט צו פראָסט, און איהר, פרוי אַמייזע, מאָהלט דאָס לעבען אין צו פינסטערע פאַרבען, האָט אָנגעהויבען דער היישרעק,

צו קנאַקען: — ניין, העֶרר קאָפֿער! אמת, איך האָב טאַקי ליעב אַ קנאַק, אַ טאַניץ, אַ שפּרונג, אָבער נישט מעהר... דאָס געווינסען פּלאַגט אָבער נישט! גלאַט זייט איהר אַראָב אָן אַ זייט און פֿעראֶנטפֿערט גאָר נישט די פֿראַגע, וואָס פֿרוי עגדיס האָט געשטעלט. זי האָט געפֿראָגט: „וואָס הייסט אַ וועלט?" און איהר רעדט וועגען אַ מיסט־קויל! דאָס איז זאָגאַר נישט עדעל. די וועלט איז, נאָך מיין מיינונג, שוין דערפֿאַר אַלליין אַ גוטע זאַך, וואָס אין איהר איז דאָ פֿאַר אונז אַ יונג גראָזעל, אַ זונן, אַ ווינטעל. און די וועלט איז גרויס. איהר קאָנט דאָ צווישען די בוימער גאָר קיין בעגריף נישט האָבען, ווי גרויס זי איז. ווען איך בין אין פֿעלד, שפּרינג איך אונטער אין דער הויך, ווי איך קאָן נור — און גלויבט מיר באמונות, איך דערגרייך גענוג־גענוג הויך — יענמאָלט זעה איך ערשט, אַז די וועלט האָט גאָר קיין סוף נישט.

— אמת! האָט טיעפֿזיניג בעמערקט דער גניאַדי, — קיינער פֿון אייך האָט נישט געזעה'ן אַ הונדערט חלק פֿון דעם, וואָס איך האָב זיך אָנגעזעה'ן אויף מיין לעבען. שאַדע, וואָס איהר קאָנט נישט פֿערשטעה'ן, וואָס איז דאָס אַזוינס אַ וויאָרסט. אַ וויאָרסט פֿון דאַננען איז דאָ אַ דאָרף לופּאַווקאַ — אַהין פֿאָהר איך יעדען טאָג נאָך וואַסער — נור דאָרטין קאָרמעט מען מיך קיינמאָל נישט. און פֿון צווייטען זייט איז דאָ נאַאומאָווקאַ, זויעראָווקאַ — דאָרטין איז דאָ אַ מקום קדוש מיט אַ נר תמיד; ווייטער איז אַ דאָרף סוועטני דוך און דערנאָך באָגאָיאַווּלענסק. אין באָגאָיאַווּלענסק גיט מען מיר היי, נור שלעכטע; אָט אין ניקאָלאַיעוו — דאָס איז אַזאַ שטאָדט, אַכט און צוואַנציג וויאָרסט פֿון דאַננען — איז גאָר גוטע היי און מען גיט נאָך האָבער אויך. איך האָב אָבער פֿיינד אַהין צו־פֿאָהרען: אַהין פֿאָרט אויף אונז דער אָדון אַלליין און הייסט דעם קוטשער אונטערטרייבען, און דער קוטשער שמייסט שוין מיט צו פֿיעל חשק... עס איז נאָך דאָ גלופּאָווקאַ, בעלאָאָזיערקאַ, חערסאָן — אויך אַ שטאָדט... נו, קאָנט איהר דאָס אַלץ פֿער־שטעה'ן? אָט דאָס הייסט אַ וועלט! דאָס איז נאָך אויך נישט גאָר, אָבער דאָך שוין אַ היבש שטיק וועלט.

און דער גניאַדי איז ענטשוויגען געוואָרען, נור די אונטערסטע ליפּ האָט זיך נאָך בעוועגט ביי איהם, פּונקט ווי ער וואָלט נאָך עפּיס געשעפּטשעט. דאָס איז געוועזען פֿון אַלטקייט. ער איז שוין געוועזען אַלט זיעבצעהן יאָהר און פֿאַר אַ פֿערד איז דאָס אַלץ איינס, ווי ביי אַ מענשען זיעבען און זיעבציג.

— איך פֿערשטעה נישט אייערע פֿערדישע רעד און, דען אמת זאָגענדיג, יאָג איך זיך גאָר נישט ווי צו פֿערשטעה'ן, האָט געזאָגט דאָס וואָרמיל. — איך דאַרף נור האָבען אַ לאַפּיך און גענוג. אָט קריך איך שוין פֿיער טאָג און עס איז נאָך נישטאָ דער ברעג. נאָך דעם לאַפּוך איז דאָ נאָך אַ לאַפּוך, און אויף יענעם זיצט נאָך אַ וואָרמיל. אָט האָט איהר אין גאַנצען, און איך דאַרף גאָר ערגיץ נישט שפּרינגען — דאָס איז אַלץ אויסגעקלערטע זאַכען, פּוסטע מעשות. זיצט זיך דיר, עסס דאָס בלאַטט, אויף וועלכען דו זיטצסט. אַז איך וואָלט זיך נישט געפֿוילט, וואָלט איך שוין לאַנג אַוועק־געגאַנגען פֿון אייך און אייער געשפּרעך. פֿון אייער פּלוידערייע העבט אָן דער קאָפּף וועה צו טהון און מעהר גאָר נישט.

— ניין, אָט לאָזט נור, פֿאַר וואָס־זשע? האָט איבערגעשלאָגען דער היישעדעק, — קנאַקען איז זעהר אַנגענעהם און איבערהויפּט וועגען אַ זאָלכע הויכע ענינים. פֿערשטעהט זיך, עס זענען פֿער־האַנן פּראַקטישע נאַטורען, וואָס טראַכטען מעהר נישט, ווי אָנצופּאַקען רען בויך, אָט ווי איהר, העֶרר שמעטטערלינגס־וואָרמיל...

— אַח! זעהט, לאָזט מיך, איך בעט אייך, טשעפּעט מיך נישט! איך טהו עס נור צוליעב עולם הבא, צוליעב יענע וועלט.

— וואָס פֿאַר אַ יענע וועלט? האָט געפֿראָגט דער גניאַדי.

— איהר ווייסט דען נישט? האָט געאָנטפֿערט דאָס שמעטטערלינגס־וואָרמיל, — אַז נאָכ'ן טויט וועל איך ווערען אַ פֿליג, אַ שמעטטערלינג מיט פֿערשיעדענפֿאַרביגע פֿליגלען?

דער גניאַדי און דאָס עגדיס'ל האָבען דאָס גאָר נישט געוואוסט; די פֿליגען האָבען עפּעס יאָ געהאַט אַ בעגריף דערפֿון, נור זעהר אַ שוואַכען. אַללע האָבען געשוויגען, ווייל קיינער האָט נישט געקאָנט זאָגען וואָס עס איז וועגען יענער וועלט.

— פֿעסטע איבערצייגונגען זענען ווערטה דען גראָסטען כבוד, האָט אַ קנאַק געטהאָן דער היישע־רעק, — ווינשט פֿילייכט נאָך ווער עס איז צו רעדען? פֿילייכט איהר? האָט ער זיך געווענדט צו די פֿליגען, און די אַלטסטע פֿון זיי האָט אָנגעהויבען צורעדען:

— מיר קאָננען נישט זאָגען, אַז אונז איז שלעכט. מיר קוממען ערשט פֿון די גרויסע זאַלען: די מאַדאַם האָט אָנגעשטעלט אין שאַלען קאָנפֿע־טורען און מיר זענען פֿערקראָכען אונטער די דעק־לעך און געגאַשט. מיר זענען צופֿריעדען. אונזער מאַמוניו איז דערשטיקט געוואָרען אין די קאָנפֿע־טורען, נור וואָס זאָלל מען טהון? זי האָט שוין איהר וועלט'ל אויסגעפֿיהרט און מיר זענען צופֿריע־דען!

— רבותי! האָט געזאָגט דאָס עגדיס'ל, — איך קלער, אַז איהר זייט אַללע דורכאויס גערעכט;

נור פֿון צווייטען זייט...

נור דאָס עֶגדיס'ל האָט זיך אָבגעֶהאַקט אונ האָט טאַקי אַזוי נישט אויסגעֶזאָגט, וואָס איז פֿון צווייטען זייט, ווייל זי האָט געֶפֿיהלט, ווי עֶפּיס האָט איהר שטאַרק צוגעֶדריקט דעֶן עֶק צו דעֶר עֶרד.

דאָס איז געֶוועֶזעֶן דער שְׁמייסעֶר אַנטאָן, וואָס האָב זיך עֶרשט אויפֿגעֶהאַפּט פֿון דרעֶמיל אונ איז געֶקוממעֶן נאָכ'ן גניאַדי. עֶר האָט אונגעֶרן אַרויפֿגעֶטראָטעֶן מיט זיינעֶ גרויסעֶ שטיפֿעֶל אויף דעֶר געֶהערטער קאָמפּאַניע אונ האָט זי צעֶרדריקט: מעֶהר נישט די פֿליגעֶן זעֶנעֶן אַוועֶקגעֶפֿלויגעֶן אַרומ־לעֶקעֶן זייער טוידטעֶ מיט קאָנפֿעֶטורען בעֶשמירטעֶ מוטטעֶר, אונ דאָס עֶגדיס'ל איז עֶנטלאָפֿעֶן מיט איין אָבגעֶריססעֶנעֶם עֶק. אַנטאָן האָט אָנגעֶנוממעֶן דעֶן גניאַדי פֿאַר'ן טשוב, אַרויסגעֶפֿיהרט איהן פֿון גאָרטעֶן איינצושפּאַנעֶן אין פֿאַס אונ פֿאָהרעֶן נאָך וואַססעֶר אונ דערביי געֶזאָגט: „נו שלעֶפּ זיך, דו, עֶקיגעֶר!" דעֶר גניאַדי האָט דעֶרויף שטיל געֶמור־מעֶלט.

אונ דאָס עֶגדיס'ל איז געֶבליעבעֶן אָהן איין עֶק, אמת, אין אַ צייט אַרום איז עֶר אָבגעֶוואַקסעֶן, נור אויף אייביג געֶבליעבעֶן אַ ביסל טעֶמפּ אונ שוואַרצליך. אונ אַז מעֶן פֿלעֶגט פֿראָגעֶן דאָס עֶגדיס'ל, ווי אַזוי האָט זי דעֶן עֶק פֿעֶרלאָרעֶן, פֿלעֶגט זי אָנטפֿעֶרן מיט ענוות:

— מעֶן האָט מיר איהן אָבגעֶריססעֶן דעֶרפֿאַר, וואָס איך האָב מיך בעֶשלאָססעֶן אויסצוזאָגעֶן מיינעֶ איבעֶרצייגונגעֶן.

אונ דאָס עֶגדיס'ל איז געֶוועֶזעֶן גאַנץ געֶרעֶכט.

איבערזעצט דור

אהרן הורוויץ.

# שְׁלֹמה דֶער ווַיינֶער.

## עֶרצאָהלונג.

ר' שלמה דעֶר ווייגעֶר אָדעֶר ר' שלמה דעֶר חסיד, ווי אַנדערעֶ פֿלעֶגעֶן איהן רופֿעֶן, איז געֶוועֶזעֶן באמת אַ גרויסעֶר חסיד. עֶרשטעֶנס האָט זיין גאַנצעֶ קליינעֶ איינגעֶהויקערטעֶ פֿיגור, דאָס מעֶרידין־געֶזיכט, דאָס אויסגעֶקראָכעֶנעֶ, שיטטערעֶ, שפּיטציגעֶ באָרדעֶל, די בלינדליכעֶ, ריננעֶנדיגעֶ אויגעֶן, עדות געֶזאָגט, אַז עֶר איז אַ חסיד; צווייטעֶנס, איז עֶר געֶזעֶססעֶן ביי'ם ווייב אויף דעֶר האַלז אונ האָט נישט אַ קלאַפּ געֶטהאָן זיין גאַנץ לעֶבעֶן אַ פֿינגעֶר אָן אַ פֿינגעֶר; דריטטעֶנס איז עֶר געֶלאָפֿעֶן אַלעֶ

טאָג אין דעֶר פֿריה אין מקוה אַראָב צושווייגקעֶן די עברות, וואָס האָבעֶן זיך אויף איהם פֿאַר אַ טאָג אָנגעֶקליבעֶן; פֿירטעֶנס פֿלעֶגט עֶר גאַנצעֶ טאָג אָבזיטצעֶן אין בית המדרש. עֶר האָט פֿיינד געֶהאַט צו זיין אין דעֶר היים: וואָס וועֶט עֶר דאָרטין טהון? קוקעֶן אויף דעֶר פלונית'טעֶ? אין בית־מדרש פֿלעֶגט עֶר אַריינקוקעֶן אין אַ ספר, חאַפּעֶן אַ וואָרט מיט אַ למדן אַ בטלן, דורכשמיעסעֶן זיך מיט ליזבעֶ דעֶם מלמד, וואָס האָט געֶהאַט טויזעֶנד איין נאַכט צו דעֶרצאָהלעֶן פֿון דעֶם אַלטעֶן, מיטטעֶלעֶן אונ יונגערעֶן רבי. דאָרטין איז געֶוועֶזעֶן זיין וועֶלט; דאָרטין האָט עֶר געֶלעֶבט, געֶפֿיהלט, אַז עֶר לעֶבט.

בין מנחה למערב פֿלעֶגט עֶר זאָגעֶן „עין יעקב" פֿאַר'ן עולם. זיין זאָגעֶן איז געֶוועֶזעֶן „אָהן פֿליטעֶ־לעֶך", נור פֿון דעֶסטוועֶגעֶן האָבעֶן אַללעֶ מסבים געֶוועֶזעֶן, אַז עֶר איז אַ יוד אַ מופלג.

אָפֿט פֿלעֶגט מעֶן איהן זעֶה'ן אַרומגעֶה'ן מיט ליזבעֶ דעֶם מלמד קלייבעֶן נדבות אויף איין אָרמעֶ כלה, אויף איין אַלטעֶן בטלן, אויף דעֶם שמש'ס ווייב, וואָס ליעגט אין זיעבעֶטען קינדבעֶטט, אונ נאָך אַזאָלכעֶ זאַכעֶן.

זיין ווייב פֿרומה גיטעֶל איז געֶוועֶזעֶן די שפּייזערין. דאָס געֶשעֶפֿט האָט זיך געֶהאַלטעֶן נור אויף איהר. דעֶן ווייץ האָט זי אַלליין געֶמאַכט, אַלליין געֶפֿראַוועֶט, אַלליין אַרומגעֶטראָגעֶן איהן אַללעֶ ערב שבת אונ יום טוב צו די בעלי־בתים. צוועֶהן די קינדער איז אויך געֶוועֶזעֶן אויף איהר. נור זי האָט זיך נישט געֶקלאָגט: זאָלל עֶר אַרבייטעֶן וועגעֶן יענער וועלט, זי — וועגעֶן דער וועלט אונ ממילא וועלעֶן זיי שוין זיין אייביגעֶ שותפים.

נור איין טאָג אין יאָהר איז געֶוועֶזעֶן, וואָס ר' שלמה פֿלעֶגט פֿערלאָזעֶן די „דלית אמות" פֿון בית מדרש, דאָס אַרבייטעֶן וועֶגעֶן יענער וועלט אונ עוסק'ן זיך אַ ביסל אין דער וועֶלט. דאָס פֿלעֶגט זיין ערב פּסח, דעֶר יריד ביי די וויינער. אין יענעֶם טאָג זעֶנעֶן זיינעֶ העֶנד געֶוועֶזעֶן „פֿולל מיט אַרבייט": אויסשווייֶנקעֶן די קונים'ס כלים, פֿערצייכעֶנעֶן אין רעֶעסטער, נעֶהמעֶן געלד, געֶבעֶן אויסגאָב אונ שווערעֶן בנאמנות, אַז דער וויין איז גאָר איין אַנטיק, אַ הפלא, אַז דעֶר מלך מאָג איהן טרינקעֶן.

איינמאָל ערב פּסח איז ר' שלמה געֶבליעבעֶן אַלליין אין קעֶלער: פֿרומה גיטעֶל האָט נאָך געֶהאַט אַסך מלאכה אין שטוב. עֶס איז שוין געֶוועֶזעֶן שפּעֶט, ר' שלמה האָט זיך צוגעֶקליבעֶן פֿער־שליססעֶן דעֶן קעלער. פּלוצלינג איז אַריינגעֶפֿלויגעֶן פֿערסאַפּעֶט משה דעֶר שניידער, אַ לאַנגעֶר, דאַרער יוד, מיט איינגעֶפֿאַללעֶנעֶ אויגעֶן אונ אַ מאָגערעֶן געֶזיכט, וואָס איז געֶוועֶזעֶן בעֶוואַקסעֶן מיט אַ ברייטער גראָהליכער באָרד. אונטעֶר דעֶר האַנד האָט עֶר געֶהאַלטעֶן אַ פֿלאַש.

— ווי פֿערשפּאָטיגט זיך אַ יוד מיט וויין נעהמען? האָט איהן ר׳ שלמה פֿאָרוואורפֿליך געפֿראָגט. — וויין נעהמען דאַרף זיין דאָס ערשטע זאַך. די כּוסות, אַ קליינינגקייט די כּוסות!

— אוף! האָט אָבגעסאַפּעט דער שניידער, — ביז יעצט האָב איך געדאַרפֿט אַרבייטען ירוחם דעם מעהלער׳ס קאָסטיום...

— טאָ מאַך זשע יעצט קיין שהיות, האָט ר׳ שלמה איהן איבערגעריססען, — עס איז שוין גאַנץ שפּאָט. נו, וואָס פֿאַר אַ וויין ווילסטו? שטאַרקען, זיססען, שוואַכען? וויפֿיעל ווילסטו נעהמען? נו, גיכער.

ער האָט אַרויסגענוממען ביי משה׳ן די פֿלאַש פֿון האַנד, אָנגעגאָססען וואַססער און גענוממען עס רייניגען.

— איך ווייס? וועלכען איהר וועט געבען, וועט איהר געבען, האָט משה געאָנטפֿערט, — און וויפֿיעל זאָלל איך נעהמען? ווייס איך, וויפֿיעל איך זאָלל נעהמען? מיר קומט פֿון אייך אַ רובעל, גיט מיר אויף דעם רובעל.

ר׳ שלמה האָט אָבגעהאַקט אין זיין אַרבייט און פֿערוואונדערט אַ קוק געטהאָן אויפֿ׳ן שניידער.

— פֿאַר וואָס קומט דיר אַ רובעל? האָט ער געפֿראָגט.

— אָט נאָך פֿון פֿאַר פּורים אָן, האָט געאָנטפֿערט דער שניידער.

— זעהסט, דאָס איז שוין גאָר איין אַנדער זאַך האָט ר׳ שלמה אויסגעזונגען, — איך קאָנן דיר פֿערקויפֿען מעהר נישט ווי אויף גרויטע...

— ווי היינסט, און מיין אַרבייט איז דענן קיין געלד נישט? האט זיך משה בעלעדיגט.

— אָהן איהר ווייס איך גאָר נישט, האָט איהם ר׳ שלמה ערקלעהרט.

— איהר מאָגט מיר גלויבען, איהר קאָנט מיך שוין נישט דען ערשטען טאָג, אַז איך זאָג, מיר קומט, קומט מיר, האָט זיך געעקשנט דער שניידער בעלעדיגט.

— מאַך קיין שהיות נישט, משה, שוין שפּאָט, האָט איהן איבערגעריססען דער ווינגער ווייך, — האָסטו געלד, טאָ נעהם וויין, באַלמוטשע נישט.

— ווי היינסט, מיר קומט אַ רובעל! האָט שוין דער שניידער ערהאָבערט די שטיממע.

— דאָס איז איהר געשעפֿט, האָט אָבגעשניטען ר׳ שלמה. דו ווייסט דאָך, איך מיש זיך עפּיס אַ סך?

— איז וואָס זאָלל איך טהון? האָט ביטטער אַרויסגערעדט דער שניידער, — איך האָב ביי זיך נישט אַ צובראָכענעם שיללינג.

— זאָג אַלליין, וואָס קאָנן איך דיר העלפֿען? האָט ר׳ שלמה אָבגעקרעכצעט.

— זאָלל זיין, אַז עס קומט נישט. ניין, נו, עס קומט נישט, האָט אָנגעהויבען דער שניידער, בין איך ביי אייך קיין בעל־בטוח נישט אויף אַ רובעל? גיט אויף אַ האַלבען, גיט אויף צוויי גילדען.

— גלויב מיר באמנות, האָט ר׳ שלמה געזאָגט מיט אַ געבעט, — אַז איך קאָנן נישט. אָהן איהר ווייס איך גאָר נישט און טאָר גאָר נישט טהון; דאָס איז איהר געשעפֿט. זי האָרעוועט, איז זי די בעל־הבית׳טע. איך ווייס גאָר נישט...

— וועט איהר נישט געבען? זייט ביי אייך רעכט, איך זאָלל בלייבען אָהן וויין? האָט דער שניידער אויסגעשריען.

אַודאי פֿערדריסט עס מיך זעהר, האָט ר׳ שלמה פֿרום אַרויסגערעדט און גענוממען זיך פֿאַר די שלאָססער, — איך וואָלט געוועזען דער בעל־הבית, וואָלט איך...

— עך, ר׳ שלמה, זאָלל מיינע אַריבערגעהן! האָט איהן אָבגעהאַקט מיט פֿעראַכטונג דער שניידער, אַריינלאזענדיג די האַנד אין קעשענע, — איך האָב געוואָלט קויפֿען מיין טאָכטער אַ פּאָר שיך אויף יום טוב, טאָ זאָלל זי אומגעה׳ן באָרפֿיס, גיט מיר וויין! האָט ער באַז אויסגעשיפּעט פֿון די צונויפֿגעדריקטע צאָהנער, אַוועקלעגענדיג אַ רובעל.

— וויין דאַרף זיין דאָס ערשטע זאַך, האָט ר׳ שלמה געמוסרט איהן, — די כּוסות, אַ קליינינגקייט די כּוסות!..

חיים כ״ץ

# נאַטור-קרעפֿטען.

## ג) וואַרמקייט.

מיט דער וואַרמקייט טרעפֿען מיר זיך אין לעבען אויף יעדען שריט און טריט; מיר אַלליין אַרבייטען זי אויס אין אונזער קערפּער און פֿערליערען זי ערשט מיט'ן לעבען צוזאַממען; זי איז אַ לעבענס-בעדינג פֿאַר אַללעם, וואָס לעבט און וואַקסט; פֿאַר אַללעם, וואָס בעוועגט זיך. נעמט צו די וואַרמקייט — הערט אויף דאָס לעבען, פֿערשווינדט יעדע בעוועגונג; אַלץ ווערט טויט און פֿערשטאַרט, אָהן אַ תנועה, אָהן אַ קלאַנג. אַנדערע וויססענשאַפֿטען וועללען אייך לערנען, פֿאַר וואָס עס וואַרמט די זונן, וואָס פֿאַר איין אוצר היטץ עס שטעקט אין דער ערד, וואָס שפּייט מיט פֿייער דורך הוילע בערג און שפּריצט וואַרמע, הייסע און זיעדענדיגע קוועלען; פֿאַר וואָס עס בעווייזט זיך וואַרמקייט ביי פֿערשיעדענע „חעמישע פּראָצעססען", ווי ביי יעדען ברענגען, קאַללעך-לעשען און אַנדערע פֿערשיעדענע צוזאַממענמישונגען פֿון קערפּער; ווי אויך — ווי אַזוי אַלץ, וואָס לעבט און וואַקסט, אַרבייט אין זיך אויס די וואַרמקייט, וואָס עס ברויכט צום לעבען. — מיר, וואָס ווילען בעקאַנט ווערען מיט פֿיזישע קרעפֿטען, וועללען נור רעדען פֿון דער וואַרמקייט, וואָס בעווייזט זיך אונז מעכאַניש, ביי יעדער אַרבייט, ביי יעדער בעוועגונג און בכלל — וואָס פֿאַר איין אייגענשאַפֿטען די וואַרמקייט האָט. —

### א. וואַרמקייט איז איין אויסגענוצטע קראַפֿט.

1 § אַז ביי יעדער אַרבייט דערוואַרמט זיך אונזער קערפּער, האָט איהר געוויס בעמערקט. איהר זעהט גאַנץ אָפֿט, ווי אַ טראָגער דערשוויצט זיך אונטער דער לאַסט אין מיטטען גאַסס, אין גראָסטען פֿראָסט. אַז עס ווערט אונס קאַלט און מיר האָבען קיין נוצליכע אַרבייט נישט, לויפֿען מיר אַרום איבער דער שטוב, שלאָגען מיט איין פֿוס אין'ם צווייטען, מיט איין האַנד אין דער אַנדערער, און פֿון דער בעוועגונג, וואָס איז אויך נור אַיין אַרבייט פֿון אונזערע גליעדער, דערוואַרמען מיר זיך. איהר צווייפֿעלט נישט, אַז — ביי יעדער אַרבייט בעווייזט זיך וואַרמקייט.

2 § אויך איז אַייך לייכט געוועזען צו בעמערקען, אַז דער דין איז נוהג נישט ביי לעבענדיגע קערפּער אַלליין. ביים שמיעדען (קאָוועןן), אפילו אויף קאַלט, דערהיצט זיך דאָס אַייזען, אין וועלכען מיר שלאָגען, גלייך מיט'ן האַממער און אַמבאָס; רייב מיט אַ מעטאַלענען קנאָפּ איבער'ן טיש — דערוואַרמט און דערהיצט ער זיך געשווינד. אַמאָל איז דאָס געוועזען (און ביי די ווילדע איז עס נאָך היינט) דאָס איינציגע מיטטעל פֿייער צו מאַכען: מען נעמט צוויי טראָקענע קיהנדליך און מען רייבט איינס אין'ם צווייטען ביז זיי דערוואַרמען, דערהיצען זיך און צינדען זיך אָן. רייב צוויי שטיקליך אייז ווינטער אין גאַסס, איינס אין'ם צווייטען, וועללען זיי זיך אויך דערוואַרמען און צוגעה'ן. אַז מען שמיערט נישט דען וואָגען, צינדען זיך געשווינד אונטער די אַקסען פֿון די ראָדער, וואָס רייבען זיך אַרום זיי. ביי'ן אַ וואַססער-פֿאַלל איז דאָס וואַססער אונטען, פֿון'ם אַראָבפֿאַללען, וואַרמער אַלץ אויבען אין דער הויך — ביי אַרבייט אָדער בעוועגונג, דערוואַרמען זיך אַללע קערפּער.

4 § נור וואָס פֿאַר אַ שייכות האָט די וואַרמקייט צו דער אַרבייט אָדער דער בעוועגונג? איהר האָט געוויס נישט איינמאָל בעמערקט, אַז, וואָס שווערער די אַרבייט איז, מעהר בעווייזט זיך וואַרמקייט;

אַז אַיין אײַזערן קײלעכיל וועט זיך קאָללערן (קײקלען) איבער דער פּאָדלאָגע, וועט זיך עס, וואָס ווייניגער גלאַט די פּאָדלאָגע איז, געשווינדער דערוואַרמען. עס איז לײַכטער אויסצומישען לופט אַלס וואַססער, צו מישען וואַססער, אַלס צו קנעטען אין לײם, וואַקס, סמאָלע און דערגלײַכען ווייכע קאָרפּער; שווערער איז אויסצובייגען האָלץ, נאָך שווערער — שטיין, ווער שמיעסט אײַזען אָדער נאָך שטאָל; און דעריבער אַז איהר מאַכט מיט דער האַנד אין דער לופט דער־וואַרמט איהר אײַך ווייניגער, אַלס שלאָ־גענדיג מיט איהר אויף שטעהענדיג וואַססער; געשווינדער וועט איהר אײַך דערהיצען, אויב איהר וועט שלאָגען אין פּוטטער, נאָך געשווינדער — אין סמאָלע, וואַקס, זיגעל־לאַק און נאָך געשווינדער אין האָלץ, שטיין, אײַזען, שטאָל. איהר זעהט בחוש — אַז וואָס האַרטער דער קאָרפּער איז, וואָס מעהר ער שטעלט זיך אײַך ענטגעגען, וואָס ווייניגער איהר קאָנט אויפ'ן ווירקען, „פּועל יוצא" זיין, אַנדערס מאַכען — מעהר און געשווינדער קומט אַרויס די וואַרמ־קייט.

און דעריבער ווערט דער עגבויר, וואָס בויערט אין ווייך האָלץ, נישט אַזוי געשווינד הײס, ווי בײם בויערען אין שטיין; בײם בויערן אין שטיין — ווייניגער, ווי בײם בויערען אין אײַזען; די קויל, וואָס ווערט אַרויסגעשאָססען פון אַרמאַט, האָט אין'ם פליהען נור גובר צו זיין די לײַכטע לופט — דערהיצט זי זיך ווייניג; טרעפט זי אָבער אויף אַ האַרטע וואַנד פון אַ פעסטונג, וואָס זי קאָנן נישט דורכבויערן, דערהיצט זי זיך און ווערט צו שמאָלצען אויפ'ן אָרט.

בײ יעדער אַרבײַט גיבען מיר אויס אונזער קראַפט אויף אַ געוויססע בעוועגונג; צו מישען מיר לופט אָדער וואַססער, צו מיר קנעטען און בייגען ווייכע קאָרפּער, צו מיר קאָווען מעטאַללען, סײ ווי סײ גיבען מיר אויס אונזער כח אויף אַ געוויססע בעוועגונג, וואָס דאַרף געשעהען אין'ם קאָרפּער, אָבער וועלכען מיר אַרבײַטען. דעריבער ווערט אונס הײסער פון געה'ן אויף אַ שלעכטען וועג, אין אַ זאַמד אָדער אויף שטײנער, ווי אויף אַ גלאַטטען; ווייל — וואָס ווייניגער עס געשיהט פון דער בעוועגונג, מעהר בעקומען מיר פון דער וואַרמקייט!

4 § אַז מיר שלאָגען אַריין אַ נאָגעל אין אַ ווייכע הילצערנע, אָדער לײמיגע וואַנד — דערוואַרמט זיך דער האַממער מיט'ן נאָגעל זעהר ווייניג. דען כח, וואָס מיר בענוצען בײ דער אַרבײַט, געהט כמעט אין גאַנצען אויף דער בעוועגונג, וואָס דער נאָגעל מאַכט, און נור פון אַ קליין ביסעל ווערט וואַרמקייט. — טרעפען מיר אויף אַ ציגעל — דערוואַרמען זיי זיך געשווינ־דער, ווייל דער ציגעל איז האַרטער, ווייל מיר מוזען שוין לאַנגער קלאַפּען, פון יעדען קלאַפּ בעזונדער קומט שוין אַרויס ווייניגער בעוועגונג און מעהר וואַרמקייט. איז אָבער דער נאָגעל שוין אַריין אין דער וואַנד ביז'ן קאָפּ און קאָנן שוין ווייטער נישט געהן און מיר שלאָגען ווייטער — ווערט פון דעם גאַנצען כח, וואָס מיר בענוצען אויף די קלאַפּ, — וואַרמקייט, ווייל קיין ווייטערע בעוועגונג איז שוין נישט מאָגליך.

מיר זעהען, אַז די קראַפט, וואָס מיר בענוצען בײם בעשאַפטיגען זיך מיט עפּיס, געהט אין אַ געוויססען טהייל אויף אַרבײַט אָדער בעוועגונג און אין אַ געוויססען טהייל אויף וואַרמקייט; אַז ביידע — אי אַרבײַט אָדער בעוועגונג, אי וואַרמקייט — זעננען אַ בענוצטע, אויסגע־טוישטע קראַפט אַ פערביטענער כח; אָדער, אַז וואַרמקייט און בעוועגונג זעננען צוויי געשטאַלטען פון דער זעלבער קראַפט, און דערביי — אַז די קראַפט בעקומט די ערשטע געשטאַלט (פון וואַרמקייט) נור ווי ווייט די צווייטע געשטאַלט (די בעוועגונג) איז נישט מאָגליך.

## ב. וואָס גֶעשִׁיהט, אַז אַ קָארְפֶּער דֶערוואַרְמְט זִיךְ.

§ 1 נעֶם אַ פֶערבּוּנדעֶנעֶן נוּר צוּזאַמעֶנגעֶקנייִטשטעֶן, צוּזאַממעֶן געֶלעֶגטעֶן בּלאַז (פּאַחיִר, פּוּזיִר), אֶדעֶר אַיין אַיינגעֶפאַללעֶנעֶן בּאַלל. לעֶג זייִ אִין אַ וואַרמעֶן אוֹיבעֶן אַריין. קוֹים דעֶרוואַרמט זיִך די לוּפט, אִיז אִיהר שוֹין קלייִן דעֶר פּלאַץ אִין דעֶם אַיינגעֶפאַללעֶנעֶם בּאַלל, ווערט אִיהר שוֹין עֶנג צווישעֶן די קנייִטשעֶן פוּן בּלאָז! זיִ צוּשפּרייִט זיִך אוּנ צוּציִהט בּייִדעֶ: דעֶר בּלאָז אוּנ דעֶר בּאַלל העֶבּעֶן אָן אוֹיפגעֶהן, זייִ ווערעֶן אָנגעֶבּלאָזעֶן אֶדעֶר — פעֶרפוּלט מיִט דעֶר לוּפט. נעֶם זייִ פוּן אוֹיבעֶן אַרוֹיס, לאָז זייִ אָבּקיִהלעֶן — פאַללעֶן זייִ צוּריִק אַיין; די אָבּגעֶקיִהלטעֶ לוּפט פעֶרנעֶמט שוֹין צוּריִק דעֶן אַייגעֶנעֶן פּלאַץ ווי פריהעֶר — עֶס איִז אִיהר שוֹין נישט עֶנג. **פוּן דעֶר וואַרמקייט ווערט לוּפט צוּשפּרייִט, אוֹיסגעֶדעֶהנט.**

§ 2 נעֶם אַ דיִנן גלאָזעֶרן ראָהריִל, גיִס עֶס אָן נישט פוּלל מיִט וואַססעֶר, מאַך אַ צייִכעֶן, בּיִז וואַננעֶן דאָס וואַססעֶר געֶהט; דעֶרוואַרם דאָס ראָהריִל בּיי'ן אַ ליִכט אֶדעֶר אַ לאָמפּיִל, — ווערט שוֹין דאָס וואַססעֶר אַריבּעֶר איִבּעֶר'ן ראָהריִל, אוּנ עֶס וועֶט שטייגעֶן, וואָס מעֶהר דוּ וועֶסט עֶס וואַרמעֶן. געֶשווינדעֶר וועֶט דאָס שטייגעֶן צוּגעֶהן בּיי שפּירט. עֶס איִז געֶנוּג דוּ זאָלסט רייִבּעֶן מיִט אַ וואָללעֶנעֶ טאַשמעֶ אַ דיִנן שמאָל האָלזעֶל בּיִי'ן אַ פלאַש מיִט ספּירט, עֶר זאָלל זיִך אוֹיפהעֶבּעֶן איִבּעֶר'ן געֶמאַכטעֶן צייִכעֶן. דעֶריבּעֶר לוֹיפעֶן אוֹיס דעֶרהיִצטעֶ, נישט פוּללעֶ סאַמאָוואַרעֶן, טעֶפּ מיִט מיִלך אֶדעֶר זוּפּעֶ, ווייִל — **אַללעֶ פליִססיִגקייטעֶן ווערעֶן פוּן דעֶר וואַרמקייט אוֹיסגעֶדעֶהנט.**

§ 3 וואַקס, זיִעגעֶל־לאַק, סמאָלעֶ אוּנ אַללעֶ אַנדעֶרעֶ ווייִכעֶ קאָרפּעֶר ווערעֶן פוּן דעֶר וואַרמקייט אוֹיסגעֶצוֹיגעֶן אוּנ צוּגאָססעֶן. נוּר צוּ צוּשפּרייִטעֶן זיִך פוּן דעֶר וואַרמקייט אפילוּ די האַרטעֶ קאָרפּעֶר צ. ב. ש. מעֶטאַללעֶן? איִהר ווייִסט, אַז בּיי'ן אַ גרוֹיסעֶ היִץ ווערעֶן צוּ טאָפּיעֶט אַייזעֶן, שטאָהל, גאָלד אוּנ אַללעֶ אַנדעֶרעֶ מעֶטאַללעֶן; נוּר דאָס אוֹיסדעֶהנעֶן קאָננעֶן מיִר בּעֶמעֶרקעֶן בּיי'ן אַ סך קלעֶנעֶרעֶ גראַד וואַרמקייט: אַז אַ שטאָפּעֶר (פּראָבּקאַ) וויִלל נישט אַרוֹיס פוּן פלאַש, איִז געֶנוּג צוּ רייבּעֶן מיִט אַ וואָללעֶנעֶ טאַשמעֶ דאָס האָלזעֶל, עֶס זאָלל זיִך דעֶרוואַרמעֶן, צוּציִהעֶן, אוּנ דעֶר שטאָפּעֶר זאָלל אַרוֹיס. בּיי'ן אַ פייעֶר פּלאַצעֶן די שוֹיבּעֶן, ווייל זייִ ציִהעֶן זיִך אוֹיס אוּנ דעֶר היִלצעֶרנעֶ ראַם קאָנן זיִך אַזוֹי געֶשוויִנד נישט נאָכגעֶבּעֶן (שפּאָטעֶר וועֶללעֶן מיִר זעֶהעֶן, אַז האָלץ דעֶרוואַרמט זיִך נישט אַזוֹי געֶשוויִנד ווי גלאָז). מאַך אַ לאָכעֶל אִין אַ בּרעֶטטעֶל, עֶס זאָלל פּוּנקט דוּרך וואָס עֶס איִז פאַר אַ מטבע; דעֶרהיִץ די מטבע בּיים פייעֶר, וועֶט זיִ שוֹין דוּרך דאָס לאָכיִל נישט דוּרך. נעֶם אַיין אַייזעֶרן רעֶשעֶל (קייִלעֶכיִל) אוּנ אַ ריִנג, וואָס זאָלל זיין עֶטוואָס קלעֶנעֶר פאַר'ן רעֶשעֶל, עֶס זאָלל נישט קאָננעֶן דוּרכפאַללעֶן. מאַך אוֹיפ'ן רעֶשעֶל אַ צייִכעֶן, בּיִז וואַננעֶן דעֶר רינג דעֶרגעֶהט. דעֶרהיִץ דעֶן ריִנג, וועֶט עֶר אַראָבּפאַללעֶן ניִדריִגעֶר פאַרן צייִכעֶן; לאָז איִהן אָבּקיִהלעֶן, געֶהט עֶר צוּריִק נוּר צוּם צייִכעֶן צוּ; דעֶרהיִץ צינד דאָס רעֶשעֶל, וועֶט שוֹין דעֶר רינג בּלייבּעֶן שטעֶה'ן האָכעֶר, איִבּעֶר'ן צייִכעֶן. דעֶר שמיִעד זעֶצט די צוּהיִצטעֶ רייִף גאַנץ לויז אַרוֹיף אוֹיפ'ן היִלצעֶרנעֶן ראָד, נוּר אָבּגעֶקיִהלטעֶרהייִט פּרעֶסט עֶס אַיין דאָס האָלץ אוּנ זיצט פעֶסט. נעֶם אַראָב אַיין אַייזעֶרנעֶ רייִף פוּן אַ פאָססעֶל, דעֶרגליִה זיִ, אוּנ פּריִוו זיִ צוּריִק אַרוֹיפזוּצעֶן — זיִ פאַלט אַראָב פוּן גאַנצעֶן פאָס. די שיִנעֶס פוּן דעֶר אַייזעֶנבּאַהן מוּזעֶן ווערעֶן געֶלעֶגט אָבּגעֶטרעֶטעֶן אַיינס פוּן צווייִטעֶן, אַז ניִט וואָלטעֶן זייִ זיִך זוּממעֶר אוֹיסגעֶצוֹיגעֶן אוּנ אוֹיסגעֶבּוֹיגעֶן. מיִר זעֶהעֶן, אַז אוֹיסגעֶדעֶהנט

פֿון דער וואַרמקייט, ווערען אפילו די האַרטסטע קאָרפער, אונ מיר זאָגען מיט רעכט, אַז — די וואַרמקייט דעהנט, ציהט אויס אַללע קאָרפער.

ווי אַזוי דאָס געשיהט, וועללען מיר אַנדערש נישט פֿערשטעהען, צייטען מיר וועללען אָננע־מען די היפּאָטעזע, אַז אַללע קאָרפער בע־שטעהען פֿון קליינע, גאַנץ דראָבנע טהיילכען (חלקים), וואָס מיר זעהען נישט, נישט מיט די אויגען, נישט אפילו אויף אַ פֿערגראָססער־גלאָז; די וויססענשאַפֿט רופֿט די טהיילכען: מאָלעקו־לען. לויט דער היפּאָטעזע קומט אויס, אַז וואָס ווייטער עס ליגט איין מאָלעקול פֿון צווייטען, מעהר אָרט פֿערנעמט דער קאָרפער, שיטטערער, ווייכער, לופֿטיגער איז ער, אונ פֿערקעהרט — דער קאָרפער איז שווערער אונ געדיכטער, וואָס ענגער, וואָס האַרטער די מאָלעקולען ליגען איינס נעבען אַנדערן; וואַרמקייט (זאָלל עס הייסען) צושיידט די מאָלעקולען, דער ווייטערט זיי איינען פֿון צווייטען; דעריבער פֿערנעמט דער דערוואַרמטער קאָרפער מעהר פּלאַץ — ער ווערט צושפּרייט, אויס געדעהנט.

אויספֿיהרליכער (פּאָדראָבנער) דעריבער קאָננען מיר ביי דער „ערשטער בעקאַנטשאַפֿט מיט נאַטור־קראַפֿטען" נישט רעדען. אויך קאָננען מיר דאָ נישט אויכטייטשען, פֿאַר וואָס שווימט אַרום האַרט אַייזען אויף צוטאָפּיעטס, אָדער — פֿאַר וואָס פֿערנעמט געפֿרוירען וואַס־סער (אייז) מעהר פּלאַץ ווי געוואָהנליכס. (שטעלל אַרויס אויפֿן פֿראָסט אַ שאַפֿ־וואַססער, ווערט דאָס וואַססער געפֿרוירען, אויסגעצויגען אונ צוזעצט דאָס שאַפֿ).

## ג. ווי אַזוי קאָרפּער דערוואַרמען זיך:

§ 1 אַ מעטאַלל'ן לעפֿעלע דערוואַרמט זיך פֿון הייסען טהיי אין גאַנצען, חאָטש ער שטעקט נור אין דער פֿליססינגקייט ביז אין דער העלפֿט; לעג צו אַ שפּיזעל מיט איין עקק צום פֿייער, וואַרמט אונ בריהט דיך דער צווייטער עקק אין דער האַנד; דאָס פֿייער ברענט אין הרובע אונ דערהיצט ווערט דער גאַנצער אויבען, אונ, אַז מען פֿעמאַכט איהן — דאָס אַייזערנע טהירעל; אין אַ געהייצטער שטוב דערוואַרמען זיך אַללע כלים; פֿון דער פֿלאַמם אין לאָמפּ דערהיצט זיך דאָס גלאָזעל, פֿון גלאָזעל — דאָס ריעם־

טאָללעריל אין דער הויך, אונ דער קלאָש אַרום; ביי'ן אַ גראָססערע שרפה שפּירט מען די היץ וויט אונ ברייט אין גאַס — וואַרמקייט צושפּרייט זיך אין גאַנצען קאָרפער אונ געהט איבער פֿון איין קאָרפער צום צווייטען.

§ 2 נור דער אויבען וואַרמט די שטוב, ביז ער אַליין קיהלט זיך אָב; אַז דו עפֿענסט אַ פֿענסטער אין שטוב, געהט די וואַרמקייט אַרויס אונ אין שטוב ווערט קאַלט ווי אין גאַסס; אַז דו גיסט צוזאַממען צוויי גלאָז וואַססער, אַ הייס אונ אַ קאַלטס, דערוואַרמט זיך טאַקי דאָס קאַלטע, נור דאָס וואַרמע קיהלט זיך אָב אונ דו בעקומסט צוויי גלאָז וואַרם, לוי (לאָבליך) וואַססער: אָפּפֿען אַ טהיר צווישען אַ הייסע אונ אַ קאַלטע שטוב, ווערט מיט דער צייט אין ביידע גלייך וואַרם — די וואַרמקייט צושפּרייט זיך אַזוי לאַנג, ביז זי ברענגט די קאָרפער צו איין טעמפּעראַטור (גראַד וואַרם־קייט).

§ 3 אין אַללע קאָרפער צושפּרייט זיך די וואַרמקייט, אַללע לאָזען זי דורך, נור נישט אין דער אייגענער מאָס, אונ דערי־בער טהיילען מיר די קאָרפער אויף גוטע אונ שלעכטע וואַרם־לייטער.

לעג אַרויס זוממער אויף דער זונן פֿערשיעדענע מעטאַללען (זילבער, אַייזען, קופּער וכו'), מינעראַלען (צוקקער, וויסמוט, זאַלץ וכו') פֿלאַנצען־זאַכען (אַזוינע זאַכען, וואָס קוממען אַרויס פֿון געוויקסען: האָלץ, פּאַפּיער, פֿלאַנעלע וכו') וועסט דו אַרויספֿיערען מיט דער האַנד, אַז די מעטאַללען דערוואַרמען זיך אַמגעשווינדסטען, שפּעטער געהען די מינעראַלען אונ דערנאָך ערשט — די פֿלאַנצען־זאַכען. דעריבער אויך, אַז דו ריהרסט דיך צו אין אַ קאַלטע שטוב צו'ן איין אַייזערנען שליססעל, דאַכט זיך דיר, אַז ער איז קאָלטער פֿאַר אַ שטיק זאַלץ, אָדער צוקקער, אונ די לעצטע

שפּיערסט דו קאַלטער, אַלס אַ שטיק האָלץ
אָדער אַ בויגען פּאַפּיער — ווייל דאָס אייזען
נעמט ביי דיר געשווינדער צו די וואַרמ=
קייט פֿון דער האַנד, אַלס האָלץ און צוק=
קער, און די ביידע ווייטער טהוען עס
געשווינדער אַלס האָלץ און פּאַפּיער. אַז
מיר לעגען אַ מעטאַללענע דראָט מיט איין
עקק אין פֿייער אַריין, ברּיהט אונס דער
צווייטער עקק אין דער האַנד, בשעת ווען
איין אָנגעצונדענע זאַפּאַלקע אָדער אַ ברענ-
נענדיגען בויגען פּאַפּיער, האַלטען מיר אין
דער האַנד, ביז דאָס פֿייער קומט נישט
צו צו די פֿינגער; צו סאַמאָווארען, אָדער
כלים, וואָס מיר שטעללען צו צום פֿייער,
מאַכען מיר דעריבער האָלצערנע און ביי=
נערנע אויערען און האַנדטליך; בשעת ווען
צו אייזערנע אויערען, אָדער קופּערנע
האַנדטליך, קאָנן מען זיך נישט צוריהרען
אָהן אַ טיכעל. דעריבער אויך ווינטער, ווען
מיר ווילען דערהאַלטען די וואַרמקייט
פֿון אונזער לייב, קליידען מיר זיך אין
פֿלאַנעלע, וואַטע, פּעלצען, פּוך; מיר
בעוואָהרענען די פֿענסטער פֿון אונזערע
וואָהנונגען מיט וואַטע, גראָז און פּאַפּיער;
די פֿענסטער פֿון קעללער און די ברינעס
אויפ'ן הויף, ווערען אויף שטאַרקערע פֿראָסט
בעוואָהרענט מיט שטרוי; פֿרוכטען קאָנ=
סערוויערען זיך (האַלטען זיך פֿריש) זעהר
גוט אין וואַקס; אייז, עס זאָלל נישט צוגעהען,
בעשיטטען מיר מיט זאַלץ אָדער צוקקער
און וויקלען אַרום מיט וואָללענצייג; אונ=
טער'ן קישען אָדער אונטער'ן איבער=בעטט
לעגען מיר אייז, עס זאָלל נישט צוגעהען
און שטעללען וואַרם עססענוואַרג, עס זאָלל
זיך נישט אָבקיהלען; אַז מיר לעגען זיך
אין קאַלטען בעטטגעוואַנד אַריין, דער=
וואַרמען מיר עס מיט אונזער לייב, נור
דאָס בעטטגעוואַנד פֿערהיט שוין די וואַרמ=
קייט, זאָלל נישט אַרויס אויף דער שטוב;
מיט איין וואָרט: מעטאַללען זענען
די בעסטע וואַרמלייטער, אָר=
גערע זענען מינעראַלען, נאָך

ארגערע פּלאַנצען=זאַכען.

4 § לייג צו די עקקען פֿון צוויי דראָטען,
איין אייזערנען און א קופּערנען צום
פֿייער; די צווייטע עקקען האַלט אין דער
האַנד. פֿריהער וועסט דו דערשפּירען די
וואַרמקייט פֿון דער קופּערנער, דערנאָך
ערשט פֿון דער אייזערנער דראָט. די קו=
פּערנע דראָט וועסט דו אויך פֿריהער אַרויס=
וואַרפֿען פֿון דער האַנד: זי וועט דיך
פֿריהער אָנהעבען צו בריהען, — צווישען די
מעטאַללען זענען אויך פֿערהאַנדען בעססערע
און ארגערע וואַרמלייטער.

5 § נעם גלייך דינגע דראָטען פֿון פֿער=
שידענע מעטאַללען, בעדעק פֿון
איין זייט די שפּיצען מיט וואַקס; לעג זיי
זוממער אין אַ זונן אויפ'ן פֿענסטער, און
זעה, אַז די שפּיצען, וואָס זענען פריי פֿון
וואַקס, זאָללען ליגען אויף דער זונן און די
אַנדערע, די בעוואָקסטע, זאָלל בלייבען
אין שאָטטען; די שטראַהלען פֿון דער זונן
וועללען דערהיצען די מעטאַללענע דראָטען;
די וואַרמקייט וועט זיך אין זיי צושפּריי=
טען אין דער גאַנצער לאַנג, נור נישט אין
אַללע דראָטען גלייך: דאָס וואַקס וועט
טאָפּיען פֿריהער אויף זילבער, דערנאָך
אויף קופּער, גאָלד, צינן, אייזען, בליי,
פּלאַטינאַ, וויסמוט, — וואָס פֿריהער
מיר האָבען אָנגערופֿען אַ מע-
טאַלל, אַבעססערער וואַרם=ליי=
טער איז ער.

צווישען מינעראַלען געהט דער סדר
(פֿון גוטע ביז ארגערע וואַרם-לייטער):
קוואַרץ, מאַרמאָר, שטיין, ציגעל, זאַלץ,
צוקקער, זאַנד וכו'.

צווישען פֿלאַנצען=זאַכען: וואַקס, סמאָ=
לע, זיגעל=לאַק, האָלץ, האָזען=פּעלץ,
פֿלאַנעלע, פּוך, וואַטע, קאָרק וכו'.

5 § נעם אַ פֿייערקע מיט ברעננעדיגע
קויילען און זעץ אַרויף אויף אַ גלאָ=
זערנען סלאָי מיט וואַססער. דערביי וויק=
קעל אַרום די וואַנד פֿון דער פֿייערקע מיט
פֿלאַנעלע, זיי זאָללען נישט אָנריהרען די

וואָנד פֿון כלאַי, ער זאָלל זיך נישט דערהיצען; זעה, אַז די פֿרייע דנאָ פֿון דער פֿייערקע זאָלל זיך אָנריהרען אין׳ם וואַסער. אין אַ קורצע צייט וועט דער אייבערשטער שטח פֿון וואַסער זיך דערוואַרמען, דערהיצען, אָנהעבען קאָכען און זידען, און אונטען וועט דאָס וואַסער בלייבען קאַלט. אויב דו ווילסט דורכאויס דאָס וואַסער זאָלל זיך דערהיצען ביז אַראָב, מוסט דו האַלטען אַזוי די פֿייערקע איין ערך פֿון אַ 36 שטונדען און אויפֿרישען אַללע מאָל די קוילען.

דאָס זעלבע קאָנסט דו לייכטער אויספֿיהרען ביי׳ן אַ גאָלדשמיעד, וואו די פֿלאַמם, וואָס ער בענוצט צו דער אַרבייט, געהט, געבלאָזען פֿון אָטהעם, דורך אַ ראָהריל אין דער זייט; דו קאָנסט צו שטעללען צו דער פֿלאַמם אַ גלאָזערן ראָהריל מיט וואַסער; אויבען וועט עס אויפֿקאָכען אין דער רגע, נור אונטען וועט עס בלייבע קאַלט: וואַססער און אַללע פֿליססיגקייטען זעננען ערגערע וואַרמלייטער אַלס מינעראַלען*).

6 § נאָך איין ערגערער וואַרמלייטער איז די לופֿט. ווען דער קלאָש פֿון אַ ברענענדיגע לאָמפּ איז שוין שטאַרק דערהיצט, אַז ער בריהט שוין ביי׳ם אָנריהרען, איז די לופֿט צווישען קלאָש און דעם גלאָזעל נישט אַסך וואַרמער אַלס אין מיטטען שטוב. אין דער פּראַקטיק ווייסען מיר דאָס שוין לאַנג: מיר טראָגען ווינטער האָריגע זאַכען, צווישען וועלכע עס האַלט זיך די לופֿט. מיט זעצעכטס וואָס האַלט אין זיך לופֿט, בעשיטטען מיר אויפֿ׳ן ווינטער קאַרטאָפֿעל, גרינצייג און פֿרוכטען; מיר בעוואָהרינען ווינטער די שויבען מיט טאָפּעל-פֿענסטער, וואָס האַלטען, דורך דער פֿערמאַכטער לופֿט צווישען די שויבען, די וואַרמקייט פֿון שטוב אַסך בעססער" ווי אַ פֿענסטער מיט דאָפּעלט דיקקע שויבען. דורך דער לופֿט, וואָס האַלט זיך אין דער מיטט, זעננען צוויי דיננע קליידער וואַרמער אַלס איין ראָק, וואָס קאָנן דיקקער זיין פֿאַר ביידע; אויסגעאַרבייטע לייבליך און האַנדשוה זעננען וואַרימער, וואָס גראָססער די אויגלעך זעננען... ווייל — לופֿט און אַללע גאַזען זעננען ערגערע וואַרמלייטער אַלס פֿליססיגקייטען.

7 § פֿאַר וואָס דענן קיהלט זיך אַזוי געשווינד אָב די שטוב, אַז מען אָפּפֿענט אַ פֿענסטער? פֿאַר וואָס קאָכט אַזוי געשווינד אויף אַ טאָפּ וואַססער אָדער מילך, אויב עס האָט דאָס פֿייער פֿון אונטען, ווי אויף דער ענגלישער קיך, אָדער ווענינגסטענס פֿון אַ זייט, ווי אויפֿ׳ן געוואָהנליכען קוימען? פֿאַר וואָס ווערען מיר אַזוי געשווינד געפֿרוירען אין גאַסס, בפרט אין אַ פֿייכט וועטטער? ווייל וואַססער און לופֿט מישען זיך און צום פֿייער, אָדער צום וואַרמען אָרט, קומט אַללע מאָל צו פֿריש וואַססער אָדער פֿרישע לופֿט. נעם אַ פּראָבירקע**), גיעס אָן מיט קאַלט וואַססער און שיטט אַרויף עטליכע שטיקליך זעגעכטס פֿון האַרט דעמבינע האָלץ (אָפּילק׳עס)—דאָס זעגעכטס האַלט זיך רוהיג פֿון אויבען, עס שווימט אַרום אין דער הויך. דערוואַרם די פּראָבירקע פֿון אונטען (ביי׳ן אַ ליכט אָדער אַ לאָמפּ), וועסט דו זעהן, ווי דאָס זעגעכטס העבט זיך אָן גאָר אַנדערס אויפֿצופֿיהרען, עס שווימט שוין אַראָב און אַרויף; עס פֿאַלט אַראָב ביז צו דער דנאָ, עס העבט זיך צוריק אויף און פֿאַלט ווייטער אַראָב און עס דויערט אַזוי לאַנג, ביז דאָס גאַנצע

*) דאָס וואַססער אין טייך דערוואַרמט זיך אויבען גאַנץ געשווינד פֿון דער זונן, נור עס דויערט גאַנץ לאַנג, איידער עס דערוואַרמט זיך טיעפֿער; ווינטער ווערט עס פֿון אויבען געפֿרוירען און אונטען האַלט זיך דאָס ביססעל וואַרמקייט, וואָס עס האָט שוין איבער׳ן גאַנצען ווינטער — אַז נישט וואָלט נישט מעגליך געוועזען דאָס לעבען פֿון פֿיש.

**) עפּרובעטקאָ — אַ גלאָזערן ראָהריל, אָפֿפֿען פֿון איין זייט.

וואַססער אין דער פּראָבּירקע העבּט אָן קאָכען. אין דער בּעוועגונג פֿון זעגעכטס זעהסט דו בּחוש, ווי דאָס וואַססער מישט זיך. נור — פֿאַר וואָס מישט זיך דאָס וואַססער?

נעם צווי גלאָזער און טאַריוועס זיי אויס אויף אַ גוטער וואָג, זיי זאָללען וואָגען גלייך; גיסס אָן איין גלאָז מיט הייס און דאָס צווייטע מיט קאַלט וואַססער, וועסט דו זעהען, אַז דאָס צווייטע וואָגט איבּער דאָס ערשטע. עס איז לייכט צו פֿערשטעהן, פֿאַר וואָס: מיר ווייסען שוין, אַז וואַססער ווערט (ווי אַללע אַנדערע קאָרפּער) אויסגעדעהנט און דיננער פֿון דער וואַרמקייט; אין אַ גלאָז וואַרם וואַססער איז דעריבּער דאָ ווענינגער וואַססער ווי אין אַ קאַלטס — און דעריבּער טאַקי מישט זיך דאָס וואַססער, אויבּ עס האָט דאָס פֿייער אונטען אָדער אין אַ זייט, ווייל דאָס דערוואַרמטע וואַססער איז לייכטער און העבּט זיך אויף אין דער הויך און דאָס קאַלטע איז שווערער און פֿאַלט אַראָבּ; דערנאָך ווערט דאָס קאַלטע, וואָס איז אַראָבּ געפֿאַללען דערהיצט און הייבּט זיך אויף, און דאָס וואַרמע פֿון אויבּען איז שוין צינד שווערער און פֿאַלט אַראָבּ... און אַזוי ווייטער און ווייטער, בּיז עס קאָכט אויף דאָס וואַססער אין גאַנצען. די וואַרמקייט צושפּרייט זיך געשווינד אין פֿליססיגקייטען, ווייל זיי מישען זיך.

8 § דאָס זעלבּע איז בּיי לופֿט. דו האָסט געוויסס ניט איינמאָל בעמערקט, אַז אין בּאָד, האָטש מען הייצט אונטען, איז, וואָס אַ בּאַנק העכער, וואַרמער; גאָר אין דער הויך ברענט כּמעט די לופֿט; אויף דער האָכסטער בּאַנק ווערט דיר דאָך לייכטער אָבּצואָטמען, אויבּ דו דרעהסט איבּער דאָס געזיכט צו דער; בּאַנק אין אַ געוואָהנליכע קיהלע שטוב, ווערט אויך פֿון זיצען פֿריהער קיהלער אין די פֿיס, אַלס אין גאַנצען קאָרפּער. זוממער, איז אין די הייזער, וואָס אַ שטאָקק העכער — הייסער. דאָס נאַטירליך קומט אַלץ דערפֿון, וואָס די לופֿט, וואָס ווערט אויסגעדעהנט פֿון וואַרמקייט, איז לייכטער אַלס די קאַלטע לופֿט און העבּט זיך אויף אין דער הויך. עפֿפֿען אַ טהיר פֿון אַ קאַלט אין אַ וואַרם צימער אַריין, געה צו מיט אַ בּרענענדיג ליכט און האַלט עס אין דער מיטט טהיר — די פֿלאַמם האַלט זיך גראַדע; העבּ אויף דאָס ליכט העכער, בּייגט זיך אויס די פֿלאַמם פֿון דער וואַרמער אין דער קאַלטער שטוב אַריין; נעם עס נידריגער, אונטער דער מיטט, דרעהט זי זיך אויס און יאָגט זיך פֿון קאַלטען צימער אין וואַרמען אַריין. פֿון דער פֿלאַמם דערקענסט די בּעוועגונג פֿון דער לופֿט — אויבען אַרוס געהט די וואַרמע פֿון וואַרמען אין קאַלטען צימער אַריין און אונטען געהט די קאַלטע פֿון קאַלטען צימער אַריין אין'ס וואַרמען. — דו קענסט דאָס זעלבּע נאָך אַנדערס אויספּרובען: קלעבּ אָן מיט איין עקק איין שטיקל פּאַפּיער אין פֿענסטער אין דער פֿוטרינע אין דער הויך און דאָס צווייטע אין דער פֿוטרינע אונטען; עפֿפֿען דאָס פֿענסטער — דער פֿרייער עקק פֿון פּאַפּיער וועט זיך אויבען יאָגען אַרויס און אונטען אַריין.

דערוויל זעהען מיר, אַז די וואַרמקייט צושפּרייט זיך: א) דורך גוטע וואַרם לייטער און ב) דורך דעם מישען זיך פֿון פֿליססיגקייטען און גאַזען.

(פּ. פּ.)

# פְרִיהלִינג.

דוּ זֶעהסְט? דִי עֶרְד הָאט זִיךְ בֶּעפְרַייט
פוּן שְׁלָאף, אוּנ פְרָאסְט, אוּנ שְׁנֵיי;
דוּ זֶעהסְט? דִי עֶרְד הָאט זִיךְ בֶּענַייט
אוּנ לֶעבְּט, אוּנ אָטְהֶעמְט פְרַיי!

וִוי מִיט דֶער שְׁטַארר—פֶערְהַאסְטֶער פֶעלל
הָאט לַייכְט גֶעמַאכְט אַיין עֶקק
דֶער בְּלָאהֶער טַייךְ! אוּנ אוֹיף דֶער שְׁטֶעלל
אִיז עֶר זַיין וֶועג אַוֶועק!

וִוי אָבְּגֶעשָׁאקְקֶעלְט הָאט דֶער וַואלְד
דֶען שְׁנֵיי אוּנ בְּלִיהט, אוּנ שְׁפְּרָאצְט:
אוּנ אוֹיךְ דָאס שְׁוַואכְסְטֶע גְרֶעזֶעל שְׁפַּאלְט
זַיין „אוּנְטֶער דְר'עֶרְד" אוּנ גְלָאצְט,

אוּנ זֶעהט דִי זוּנן, דִי פְרַייעֶ וֶועלְט,
אוּנ צִיהט, אוּנ זוֹיגְט זַיין גְלִיק!
אוּנ הֶערְסְט, וִוי אִיבֶּער בֶּערְג אוּנ פֶעלְד——
„טְשִׁירִיק! טְשִׁירִיק! טְשִׁירִיק!"

טְשִׁירִיק! אִיךְ לֶעבּ אוּנ שְׁוֶועבּ, אוּנ וִויל
אִיךְ שְׁלָאף שׁוֹין נִישְׁט, אָה, נֵיין!
. . . . . . . . .
נוּר, אַח, דֶער טוֹיטֶער מַאנן לִיגְט שְׁטִילל
נָאךְ נִישְׁט גֶעוֶועקְט, אָה, נֵיין!

י. ל. פרץ

# סאָציאָלאָגיע.

סאָציאָלאָגיע — האָבען מיר געזאָגט — איז אַ נייע וויססענשאַפֿט, אין איהר אַרבייטען ערשט עטליכע דורות און עס איז דעריבער נישט אַזוי לייכט אָבצוגרעניצען איהר פֿעלד, אויף וועלכען זי אַרבייט, צו בעשטיממען דען אָרט, וואָס זי פֿערנעמט צווישען אַנדערע וויססענשאַפֿטען.

וויססענשאַפֿטען האָבען מיר אַ סך; יעדע שטודירט אַ בעזונדערע אַרט פֿאַקטען, האַנדעלט מיט בעזונדערע ערשיינונגען. און דאָך — הייסט „וויססען" — קענגען די נאַטור, און די נאַטור לאָזט זיך נישט אָבטהיילען אויף פּראָווינצען און לאָנדער, אַרומצוימען מיט גרעניצען און שלאַגבוימס, מיר זאָללען אין יעדער מדינה אַריינזעטצען אַ בעזונדערען געלעהרטען גענעראַל-גובערנאַטאָר מיט אַ שטאַב פּראָפֿעססאָרען צו הילף. אויך ווערען קיין נייע ערשיינונגען נישט געבאָרען; עס שווימען נישט אַרוים קיין נייע אינזלען פֿון ים, מיר זאָללען ברויכען אַללע מאָל צו גרינדען אַ נייע וויססענשאַפֿט צום נייעם סטודיום; די מענשהייט: שטאַממען, פֿאָלקער און מדינות, מיט וועלכע די סאָציאָלאָגיע האָט צו-טהון, איז אָלטער פֿאַר דער געשיכטע (היסטאָריע).

נאָך וואָס האָבען מיר אַזוי פֿיעל וויססענשאַפֿטען, ווי אַזוי האָבען זיי זיך איינגעטהיילט מיט אונזער וועלט?

אַז מען וויל ערקלערען איין אַנפֿאַנגער, פֿאַר וואָס די קיילעכדיגע ערד זעהט איהם אויס פֿלאַך ווי אַ ברעט, הייסט מען איהם, ער זאָל זיך פֿאָרשטעללען אַ פֿליעג אויף אַ גרויסען קאַוואָן; די פֿליעג זעהט נור אַ קליין פּיצעל קאַוואָן מיט אַ מאָל און מיינט געוויס אויך, אַז זי געהט אַרום אויף אַ פֿלאַכען ברעט. צו קאָנן איין אַהנליכער בייספּיעל נישט דיענען צו אונזער צוועק? מיר וועלען זיך פֿאָרשטעללען אַ טויזענד פֿליעגען, וואָס שפּאַציערען אַרום אויף אַ קאָליערט טישטוך און וויללען שטודירען זיין דעסען (ריסונאָק). דער דעסען איז איינער, נור ער איז צו גרויס פֿאַר דער פֿליעגס אויג און מוח, זי זאָלל איהן חאַפּען מיט אַ מאָל, און זיי צוואַרפֿען זיך דעריבער אויף אַ מאַססע קעפּעליך, צו שפּרייטען זיך אויפ'ן גאַנצען טישטוך; יעדעס צעהנדליג שטודירט בעזונדער אַ קליין פּיצעל אָרט און דערנאָך, רעכענען זיי, וועלען זיי זיך צוזאַממענקוממען, איינע וועט דער אַנדערער איבערגעבען, וואָס זי ווייס, און עס וועט אַרויס אַ ריינער, קלאָרער בעגריף איבער'ן גאַנצען בילד.

# קאָט מורליקאַ'ס מעשה'לעך *).

פֿון רוססישען.

## פֿאָררעדע.

וועֶר איז געוועזען קאָט-מורליקאַ?

אַרויסגעבענדיג די מעשה'לעך פֿון קאָט-מורליקאַ, מוזען מיר זאָגען חאָטש איניגע ווערטער וועגען זייער מחבר.

דאָס איז געוועזען איין אַלטער און זעהר אַ געעהרטער קאָטער, נור, צום בעדויערן, פֿולל מיט ווידערשפּריכע; ער איז געוועזען אַלט און פֿון דעסטוועגען האָט ער שטענדיג געזונגען דאָס ליעד:

נישט אַלץ, וואָס אַלט, איז גוט!...

דערפֿאַר גופא האָט ער בשום אופן נישט געקאָנט ווערען נישט קיין אַנטיקוואַריום — קיין האָנדלער מיט אַלטע זעלטענהייטען, נישט קיין אַרחיוואַריוס — אַ שומר אין אַרחיוו, חאָטש אין אַ וועלכען עס איז אַרחיוו פֿיהרען זיך די פֿעטסטע מייז.

ער איז געוועזען, בלי ספק, אַ בכבוד'טער קאָטער, נור שטענדיג איז ער געוועזען געגען כבוד אָבגעבען; ער האָט עס גערופֿען „חניפֿעוישע

*) אונטער דעם נאָמען „קאָט-מורליקאַ" שרייבט אַ בעוואוסטער פּראָפֿעססאָר וואַגנער, מיט וועלכען מיר רעכענען בעקאַנט צו מאַכען אונזערע לעזער דורך אַ גאַנצע רייהע פֿון זייגע מעשה'ליך.

אַז ניט, וועלען מיר זיך אפשר פֿאָרשטעללען די חקירה אין גאַנצען אַלס אַ בערג־ווערק (רודניק) אונ די געלעהרטע חוקרים אַלס אַרבייטער — רודאָקאָפּען ? ביידע אַרבייטען אין דער פֿינסטערניס, קוים ביי׳ן אַ שוואַכען שיין: די רודאָקאָפּען — פֿון קליינע לאָמפליך, וואָס זיי טראָגען אויף דער ברוסט, אונ די געלעהרטע — פֿון שוואַכען מענשליכען שכל אין מוח; אַזוי ווי אַללע רודאָקאָפּען זוכען דאָס זעלבע מעטאַלל, צום ביישפּיעל — גאָלד, אַזוי זוכען אויך אַללע געלעהרטע דאָס אייגענע וויססען, דען זעלבען אמת; אונ אַזוי ווי די אַרבייטער אין בערג־ווערק צוטהיילען זיך אויף פֿערשיעדענע חברות, שניידען זיך אוים פֿערשיעדענע וועגען, אַרבייטען־אוים פֿערשיעדענע שיכטען, — אַזוי גראָבען זיך אויך די געלעהרטע אין פֿערשיעדענע וועגען אונטער דער נאַטור, קאָפּען, פֿערלאַנגערן אונ פֿערברייטערן פֿערשיעדנע שיכטען, נור אַלץ מיט דעם זעלבען צוועק, צו זוכען דאָס זעלבע מעטאַלל... מיט דער צייט ווערען די וואַנד צווישען די אויסגעברייטערטע שיכטען אַלץ דיננער אונ דיננער; פֿון אַללע שיכטען וועט אַ מאָל ווערען איין סאַלאָן, אונ פֿון אַללע וויססענשאַפֿטען — איין וויססענשאַפֿט.

אַנדערע וועלען אַייך אפשר זאָגען, אַז די וויססענשאַפֿטען צו־וואַקסען זיך ווי אַ בוים: פֿון איין שטאַמם יאָגען זיך אַרוים הונדערטער צווייגען, פֿון יעדער צווייג שפּראָצען אַרוים מאַססען קלענערע, אונ דאָס קלענסטע צווייגעל האָט נאָך שטראָנגעליך, אונ יעדער שטראָנגעל—בלאַטטער!

אונ אפשר וועלען מיר נעמען אַ ביישפּיעל פֿון דער האַנדעלט וועלט? מיר וועלען זיך פֿאָרשטעללען אַ גרויסע קאַנטאָר מיט פֿערשיעדענע געשעפֿטען, הונדערטער טישען, ביכער אונ הילפֿס־ביכער, בוכהאַלטער אונ שרייבער? דאָ האָבען מיר שוין אפילו ספּעציאַליטעטען; דער, וואָס מעסט, וואָגט אונ פֿערשרייבט האָבער, האָט גאָר נישט צו טהון מיט וואַלד; דער בוכהאַלטער פֿון וואַלד איז נישט קלאָר אין פּאָדריאַד אונ אַזוי ווייטער? נור דער בעל הבית אַלליין, אָדער דער אָבער־בוכהאַלטער, דער פֿיהרט די קאָנטראָלע פֿון אַללע געשעפֿטען צוזאַממען, ער האַלט אין דער האַנד אַללע פֿאָדעם, ער ספּעקולירט אויף אַללעם אונ ווייסט פֿון אַללעם; דאָס איז אפשר טאַקי דער פֿילאָזאָף, וואָס ווילל אויף אַללע וויססענשאַפֿטען בויען זיין אַללגעמיינען סיסטעם איבער דער גאַנצער וועלט.

אונ אפשר זענען גאָר די וויססענשאַפֿטען אֶהנליכער צו׳ן אַ לייטער? די לייטער איז גרוים; זי שטעהט מיט די פֿים אויף

---

צערעמאָניע".

ער האָט געליעבט די וויססענשאַפֿט אונ ליידען נישט געקאָנט די געלעהרטע. ער האָט געליעבט די קונסט אונ תכלית שנאה פֿיינד געהאַט די קינסטלער: דערהויפּט יענע, וואָס האָבען זייער גאַנץ לעבען געזונגען פֿאַלשע נאָטען.

מיט איין וואָרט דאָס איז געוועזען גאָר אַ בעזונדערער, אָריגינעלער קאָטער, חאָטש ער האָט יעדע בעזונדערהייט, יעדע אָריגינעליטאַט, יעדעם „יוצא מן הכלל", נישט ליעב געהאַט אונ פֿערפֿאָלגט: ערשטענס שוין דערפֿאַר אַלליין, ווייל ער האָט נישט געקאָנט מאַכען אַ הלוק צווישען אָריגינעל אונ מאָדנע, אונ דערהויפּט, דערפֿאַר, וואָס די אַללע בעזונדערהייטען, אויסנאַהם־זאַכען, ווי „אַי־אַי־אַי־עָן", פֿערשטעללען פֿאַר אונז דאָס געוואָהנליכע, דאָס איינפֿאַכע, דאָס פשוטע, וואָס מיר מוזען גוט אויסשטודירען אָדער וואָס פֿאָדערט אונזער הילף.

דער אָרמער קאָטער איז געוועזען אַ ביסל מטורף; איהם האָט זיך פֿערזעטצט אין קאָפּף אַ געדאַנק, פֿון וועלכען עס האָבען איהן נישט געקאָנט אויסהיילען אַללע אייראָפּעאישע אונ אַמעריקאַנישע רופאים.

— איך, האָט ער געזאָגט, בין געבאָרען געוואָרען אויף דער וועלט מיט׳ן קאָפּף אַראָב אונ פֿון יענמאָלט אָן דאַכט זיך מיר, אַז אַלץ אַרום מיר איז מיט די פֿים אַרויף.

— אויבען שטעהען שטאַרקע אונ שאָנע גאָלדענע קאָלבער, פֿאַר וועלכע אַ סך קניען, אָדער לכל הפחות טאַנצען אונ שפּרינגען אויף די הינטערסטע פֿיסלעך, אונ מיר דאַכט זיך, אַז אויבען

דער ערד און מיט'ן קאָפּ ווילל זי שפּאַלטען דען הימעל? די ליטעראַטור איז אונזער וויססען בכלל, און — די ספּעציעלע וויססענשאַפטען בפרט זענען די שטאַפּעל פון דער ליטעראַטור, וואָס העבען זיך איינע האָבער איבער דער צווייטער, ניט איבער צושפּרינגען.

לייבער וועלען די אַללע ביישפּיעלען און נאָך טויזענדער, וואָס מיר קאָננען לייכט געפינען, אונס קיין ריכטיגען בעגריף, ווי אַזוי עס טהיילען און מעהרען זיך די וויססענשאַפטען, ניט געבען! בכלל זענען אין דער נאַטור קיין צוויי גלייכע זאַכען ניט פערהאַנדען; קיין איינציגער משל איז ניט גאָר אין גאַנצען אֶהנליך, ניט פאָלליג גלייך צום נמשל.

די ערשיינונגען אין דער נאַטור, דאָס הייסט: די פאַקטען, וואָס מיר שטודירען אין פערשידענע וויססענשאַפטען, זענען זיך גאָר ניט גלייך. דער פאַקט, אַז אַ שטיין איז אַראָבגעפאַללען, מיט וועלכען עס בעשעפטיגט זיך די פיזיק; דאָס לעבען פון פלאַנצען און טהיערע, וואָס געהער צו דער פיזיאָלאָגיע; אונזער ווילען, וואָס די פסיכאָלאָגיע שטודירט, און צ. ב. ש. — דאָס צוזאַממענשמעלצען זיך פון מענשען אויף ראַססען, פעלקער און רעליגיאָנען, איבער וועלכען עס אַרבייט די ניי-געבאָרענע סאָציאָלאָגיע — די אַללע פאַקטען זענען ניט אויף איין מדרגה! זיי ליעגען ניט ווי דער דעסען אויף איין שטח פון אַ טישטוך; עס איז ניט קיין דעסען, צו וועלכען די פליעגען פון משל קאָננען בענוטצען איבעראַלל דאָס זעלבע אויג, די זעלבע פיסליך, און יעדער פליעג איז דעריבער לייכט איבער צוגעהען פון איין קופּקעלע צום צווייטען; פון אַ פיזיקער ביז אַ סאָציאָלאָג איז צו ווייט.

עס איז דעריבער אויך ניט קיין בערגווערק, וואו אַללע זוכען דאָס זעלבע. פערקעהרט יעדע וויססענשאַפט זוכט איין אַנדער מאַטעריאַל, אַנדערע מאָדע פאַקטען און אויב פון דעם פערשידענעם מאַטעריאַל, וועט זיך אפשר לאָזען אַמאָל אויפבויען איין פּאַלעע, איין פּאַלאַץ, איין ריכטיגער בעגריף פון דער נאַטור, האָט דאָך דערווייל יעדער געלעהרטער צו טהון גאָר מיט איין אַנדערער וועלט!

די וויססענשאַפטען וואַקסען אויך ניט ווי בוימער! יעדע וויססענשאַפט קאָפּירט, פאָטאָגראַפירט אַ געוויססען טהייל פון דער נאַטור; און די נאַטור, דאָס אָריגינאַל, צו וועלכען די קאָפּיע אָדער די פאָטאָגראַפיע דאַרף אֶהנליך זיין, האַפּט גאָר ניט דען אָנבליק פון אַ בוים.

ספּעציאַליזירטער זענען שוין די פערשטעהען אַט יענע קליינינקע וואָרמלעך, וואָס גראָבען זיך טאַג-טעגליך אין דר'ערד איבער אַ שטיקעל טרוקען ברויט.

— — — — — — — — —

— — — — — — — — —

— אויבען שטעהט די מענשענפריינדליכע ברידערליכקייט און גיט אַוועק דעם נאָכסטען דאָס לעטצטע איינציגע העמד פון לייב, — און מיר ווייזט אויס, אַז אויבען שטעהט גאָר אָט יענס אייגענע העמד, וואָס איז נאָהנטער צום אייגענעם לייב, אַלס אַללע אַנדערע העמדער.

— אויבען שטעהט דער „עמוד-אש", די זייל פון פראָגרעסס, פון געה'ן פאָרוואָרטס, און בעווייזט מיט אַ האַנד, וואָהין מענשען זאָללען געהן —, און מיר דאכט זיך, אַז די זייל ליגט שוין לאַנג אויף אַ זייט, און אויף איהר ליעגען מענשען און חזר'ן פון גוטען און פוללען האַרצען: „ווער איז שכור, דער איז קלוג"!

— אויבען שטעהט די וועלט-מנורה, ווייל קיינער שטעלט זי ניט אונטער דעם טיש, און איך זעה, אַז זי שטעהט טאַקי אונטער דעם טיש, אויף וועלכען עס עסט די גוטע גאָטטין „דומהייט" און כישופט-וואָראָזשעט אַללעמען, וועמען עס לעבט זיך גוט אויף דער וועלט.

— אויבען שטעהט דער אמת, וואָס וויל, אַז יעדער געשעהענער פאַקט זאָלל זיין פריי, אַז ווי נור אַ פאַקט איז בעשטיממט געוואָרען, זאָלל מען איהן ניט פערדעקען, פערדרעהען, בעהאַלטען — און מיר דאכט זיך, אַז אויבען רויכערן זיך אָט יענע אַלטע קטורת-פאַנגען, וואָס שטעהען דאָרטין פון

שיעדענע געשאַפֿטען אין דער גרויסער קאַנטאָר, נור יעדעס געשאָפֿט קאָנן דאָרט געפֿיהרט ווערען בעזונדער, האָבען אַ בעזונדערן בעל הבית, איינ׳ס איז נישט אָבהאָנגיג פֿון צווייטען, און די וויססענשאַפֿטען זענען אַללע פֿערקניפּט און פֿערבונדען; יעדע ערפֿינדונג, יעדע נייע אידעע אין איין וויססענשאַפֿט, קעהרט איבער וועלטען אין אַללע וויססענשאַפֿטען צוזאַממען, ווייל די וויססענשאַפֿטען זענען איינע אויף דער צווייטער געבויט!

און דאָך זענען זיי קיין לייטער נישט! מיר האָבען נאָך נישט קיין איינציגען פֿערטיגען שטאַפּעל, ער ווערט געאַרבייט אויפֿ׳ן האָכסטען און אויפֿ׳ן נידריגסטען צוזאַממען, מען שטודירט סאָציאָלאָגיע (דאַכט זיך דער האָכסטער שטאַפּעל), נור די פֿיזיק (דער נידריגסטער) איז נאָך גאָר נישט געשלאָסען, מען אַרבייט אין איהר אויף אַללע כלים, טאָג־טאָגליך געשיהט נייעס!

און ביי דעם אַללעם שטאַרקט זיך דער בעגריף, ווערט פֿעסטער אונזער איבערצייגונג, אַז מיר האָבען צו טהון מיט א י י ן וועלט, מיט א י י ן נאַטור, אַז אַללע ערשיינונגען, די איינפֿאַכסטע און די פֿערוויקקעלטעסטע, זענען פֿאָרט, ווי מען זאָגט: „מעור אחד" — פֿון איין פֿעלל!

---

דער בעגריף פֿון דער איינהייט דער נאַטור איז נישט קיין געבוירענער.

דער ערשטער מענש האָט, גלייך מיט׳ן היינטיגען קינד, בעמערקט און בעגריפֿען נור דאָס, וואָס עס האָט איהם, אינ׳ם פֿערשלאָפֿענעם מוח אַריינגעברענגט דאָס בלויסע אויג. נאַטירליך האָט ער אויפֿ׳ן ערשטען בליק, ביי׳ם ערשטען שוואַכען שיין און אָבער־פֿלאָכליכען בעטראַכטען, געזעהען סאַמע אָבגעטהיילטע, בעזונדערע, דורכאויס זעלבסט־שטאָנדיגע, אַלליינהערשענדע זאַכען און קראָפֿטען. פֿערשיעדענע זאַכען, פֿערשיעדענע קראָפֿטען, פֿערשיעדענע ווירקונגען: פֿייער ברענדט, וואַססער לעשט, ווינטען בלאָזען, בערג שפייען מיט פֿייער, די זונן לייכט און רעגיערט ביי טאָג, לבנה און שטערן ביי נאַכט... טהייל מאָל פֿליהט דורך, אָדער עס שלאָגט אַריין, אַ דונער; עס טרייבט זיך דורך אַ וואָלקען און שפייט אויף דער ערד מיט וואַססער פֿון הימעל... עס האָט איהם גאָר נישט געקאָנט חלומען, אַז די אַללע ערשיינונגען זענען זיך גאַנץ נאָהנטע קרובים, אַז אונטער טויזענד־אַרטיגע קליידער און מונדירען בעווייזט זיך די זעלבע קראַפֿט, ווי אונטער פֿערשיעדענפֿאַרביגע הויטען און קליידער — דער זעלבע מענש! פֿערקעהרט, ער האָט איבעראַלל געזעהען שונאים, וואָס געהען

---

דער צייט פֿון די אַלטע פֿאַלשע נביאים, און אונטען... נור אונטען קאָנן מען גאָר נישט זעהען, ווייל דער רויכיגע וואָלקען מאַכען שיער בלינד.

— אַח! ווען וועט זיך מיר שוין פֿאָרשטעללען, אַז מענשען געהען מיט די קאָפּ אַרויף און וואַרפֿען נישט מיט די פֿיס אין דער לופֿטען?...

און דער אָרמער קאָטער שאָקעלט שטאַרק מיט׳ן עק, טאָמער וועט ער פֿערטרייבען פֿון זיך דעם אונרוהיגען, אין איהם איינגעוואָרצעלטען, געדאַנק. נור דאָס מיטטעל האָט, פֿערשטעהט זיך, נישט געהאָלפֿען, און ער האָט זיך גענוממען קנורען (מורליקען) אונענדליכע לידער און מעשה׳לעך. קינדער האָבען איהן אַרומגערינגעלט און צוגעהאָרט; צווישען זיי איז זיין אַלטען האַרץ געוועזען וואַרם און היימליך.

נור אויך דאָ האָט ער קיין רוה נישט געהאַט. אויך דאָ זענען צו איהם צוגעשטאַנען אַללערליי קאָפּ־פֿערדרעהער, וואָס האָבען איבערגעזויפּט יעדען געדאַנק זיינען, יעדעס וואָרט.

— וואָס חלומסט דו? האָט געפֿראָגט איין פֿערדרעהער, — פּאַססען דען אַ זאַלבע צאַרטליכקייטען צו דיינע גראָהע וואָנסען?

— געה גאַרב אויס דיין פֿעלל, — האָט געענטפֿערט דער קאָטער, — און דאָס האַרץ אויך, אויב דיר געפֿעלט נישט קיין ווייכקייט, קיין צאַרטליכקייט, איך האַלט דיך נישט אָב.

— וואָס ווידערשפּרעכסט דו זיך אַלליין? האָט געזאָגט אַ צווייטער פֿערדרעהער.

— נור אַ שטעקען איז גלאַט, אָהן ווידערשפּריכע, האָט געבורטשעט דער קאָטער, איך וויל

זִיךְ אֵיינֶער דֶעם אַנדֶערְן אויפְ'ן לֶעבֶּען; פֵיינד, וואָס יאָגֶען זִיךְ, שלאָגֶען, טאָדטֶען, ווִי אֵיין מֶענש דֶען צווֵייטֶען, ווִי אֵיין טהִיער דאָס צווֵייטֶע! אַללֶע מאָל אִיז אַיין אַנדֶערֶער גּוֹבֵר, אַללֶע מאָל פַאלט אַיין אַנדֶערֶער; דִי וועֶלט ווֶערט דֶערפוּן פוּלל מִיט שטוּרם אונ גֶערויש: דאָס קראֶכצֶען דִי גֶעפַאללֶענֶע, דאָס שאַללֶען אונ יאָכצֶען דִי זִיעֶגֶער! — דִי זוּנן אִיז אַ גרויסֶער אָקס, וואָס טרִינקט אויס דֶען ים, וואָס פֶערנִיכטֶעט דאָס וואַססֶער, אונ דאָס וואַססֶער אִיז זִיךְ נוֹקם אונ פֶערגִיעסט אונ פֶערלֶעשט יֶעדֶעם פַייֶער — יֶעדֶע בּרֶעננֶענדִיגֶע שלאַנג! אִין אֵיין וועֶגס אִיז דֶער ים אַ ווִילדֶע חיה מִיט אֵיין אונגֶעהֵייֶערן מאָגֶען, וואָס שלִינגט אַיין, פֶערדֵייעט, קאָכט אִיבֶּער: עֶרד, שטֵיינֶער, פלאַנצֶען, טהִיערֶע אונ גֶעווִיקסֶען! אַלץ, וואָס פַאלט אִין וואַססֶער אַריין, ווֶערט אויפגֶעפרֶעססֶען! דֶער ווִינד שלאָגט זִיךְ מִיט וואָלדֶער אונ בֶּערג אונ פַּאטשט דֶען ים אִין פּנים אַריין, אַז דֶער ים לויפט־אויף מִיט וועֶללֶען ווִי מִיט בּיילֶען! אונ אַז דֶער בַּארג קומט אִין רציחה אַריין, אֶפפֶענט עֶר אַ מויל אונ שִיטט מִיט פַייֶער! דִי עֶרד, אִיז, דאַכט זִיךְ, גאָר אַ גוּטֶע, גֶעטרייֶע מאַמֶע... זִי זֵייגט אויס אונ האָדִיוועֶט־אויף בּיי דֶער בּרוּסט אַללֶע גֶעווִיקסֶען, עֶרנאָהרט אַללֶע מֶענשֶען אונ טהִיערֶע — נוּר טהֵייל מאָל ווֶערט זִי אויךְ בּאָז, צִיטטֶערט פַאר כַּעַס, שפַּאלט זִיךְ אונ שלִינגט אַיין אִיהרֶע אֵייגֶענֶע קִינדֶער... הֵיינט: אַ לֵייבּ, אַ בּאֶר, אַיין עֶלעפַאנט אָדֶער, „אַ בּרֶעננֶענדִיגֶער עֶגדִיס" — אַלץ זֶענֶען פַאר אִיהם בֶּעזוּנדֶערֶע כּחות, בֶּעזוּנדֶערֶע זאַכֶען, אונ אַללֶע לֶעבֶּען מִיטֶן אֵייגֶענֶעם ווִילּלֶען; זֵיי קאֶננֶען טהוּן דִי גראֶסטֶע טובות אונ דִי גראֶסטֶע רעות, אונ מֶען מוּסס זִיךְ בּיי זֵיי אויסבּעֶטֶען דאָס לֶעבֶּען, אויסקויפֶען זִיךְ, אָדֶער עֶנטלויפֶען, בֶּעהאַלטֶען זִיךְ, אַוועֶק גנבינֶען... אַלץ וואָס אִיז שטאַרקֶער פַאר'ן מֶענש אִיז זֵיין גאָטט! אונ עֶר אִיז אַרומגֶערִינגֶעלט מִיט טויזֶענדֶער גאָטטֶער, מִיט טויזֶענדֶער בּאָזֶע בּלוטזִיכטִיגֶע גאָטטֶער; אַללֶע ווִילּלֶען בֶּעזוּנדֶערֶע מזבחות, עבודות, קרבנות אונ אַללֶע דאַרפֶען דִי „כּהנים", וואָס האָבֶּען פַאר זֵיי גֶעגאָססֶען, גֶעטרוּנקֶען, גֶעבִּייזֶערט זִיךְ, אִיבֶּערגֶעבֶּעטֶען, גֶעהֶערשט, גֶעלֵייט־זֶעלִיגט אונ גֶעשטראָפט... דֶער גאָטטֶער־כּבוד אִיז גֶעוועֶזֶען אַ מטבע, וואָס מֶען האָט קֵיינֶעם נִישט גֶעקאַרגט, עֶס האָט זִי בֶּעקוּממֶען אַ רויטֶע קוּה, אִין גאַנצֶען אַ פרה אֲדוּמָה, אָדֶער דוקא מִיט „שתי שערות" — מִיט צוויי שוואַרצֶע האָרלִיךְ, אויף אַ גֶעווִיסֶען אָרט! פַאר'ן טִיטֶעל אִיז נִישט צוּ נִידרִיג גֶעוועֶזֶען: אַ שלאַנג, אַ טייךְ! אפילו אַ שטֵיין אויפ'ן פֶעלד (אבני השדה) האָט גֶעהאַט

נִישט זֵיין קֵיין שטעֶקֶען.

— אַ פַּאר וואָס דֶערצֶעהלסט דוּ אויף קִינדֶער לשון נִישט קִינדֶערשֶע מעשׂות? פראֶגט אַ דרִיטטֶער, קאֶננֶען דִיךְ דֶענן קִינדֶער פֶערשטֶעה'ן?

נוּר דאָ האָט שוין דֶער קאָטֶער פֶערלאָרֶען דִי גאַנצֶע גֶעדוּלד. עֶר אִיז אויפגֶעשפּרוּנגֶען אונ מִיט ווִילדקֵייט אַרויפגֶעוואָרפֶען זִיךְ אויף אַללֶע פֶערדרֶעהֶער.

— אונ אִיהר ווֶער זֵייט?! האָט עֶר גֶעשרִיעֶן. זֵייט אִיהר אַללֵיין דֶענן נִישט קֵיין קִינדֶער אִין דֶעם זֶעלבֶּען וואוּקס פוּן יֶענֶעם קִינד, וואָס מֶען רוּפט מֶענשהֵייט, פוּנ'ם קִינד מִיט דֶעם משנה'דִיגֶען, שווֶערֶען קאָפּף, וואָס וואָגט אִיהן אִיבֶּער אַראָב?

— זִי, אֵייעֶר הויכֶע מֶענשהֵייט, האָט אָבּגֶעלֶעבּט אַזוֹי פִיעל יאָהר־הוּנדֶערטֶער אונ ווֵייס נאָךְ אַלץ נִישט: ווִי אַלט זִי אִיז?...

— בִּיז יֶעצט קאָנן זִי זִיךְ אַלץ נאָךְ נִישט בֶּעפרֵייעֶן פוּן דִי אַלטֶע ווִיקֶעלֶעךְ, פוּן דִי גאֶנגֶעל־בּאֶנדֶער, אויף וועֶלכֶע מֶען פִיהרט זִי...

— זִי יאָגט זִיךְ נאָךְ אַלץ נאָךְ שאֶנֶע פלִיגֶעלֶעךְ, אָדֶער נאָךְ אומלויפֶענדֶע פֵייעֶרלֶעךְ, וואָס בּלִיטצֶען אויף אִיבֶּער יֶעדֶער בּלאָטֶע.

— יֶעדֶע מִינוּט אִיז זִי גרֵייט צוּשלאָגֶען זִיךְ, דראַפֶּען זִיךְ בִּיז בּלוּט, פַאר יֶעדֶעם שטִיקֶעל קאֶטִיגֶע עֶרד, פַאר יֶעדֶען אונגוּטצלִיכֶען גראֶגֶער.

— זִי בֶּערִיהמט זִיךְ מִיט אִיהר ווִיססֶענשאַפט אונ קאָנן נאָךְ אַלץ נִישט אִיבֶּערלֵייעֶגֶען אֵיין וואָרט „מֶענשלִיכקֵייט", דאָס אַללוועֶלטלִיכֶע וואָרט, וואָס עֶס האָבֶּען זִי גֶעלֶערנט דִי בֶּעסטֶע מֶענשֶען פוּן דור דורות.

— אַוועֶק מִיט אֵייעֶרֶע קשיות! גֶעהט לֶערנט

עֶפּיִס אַ דעה אויף דער וועלט, האָט אויך געקאָנט נביאות זאָגען, סודות פֿערצאָהלען, און עס זענען שוין געוועזען אַזוינע, וואָס זענען מיט די שטיינער געוואָרען גרויסע מחותּנים און אויף זייער לשון אויסגעצייכענט פֿערשטאַננען און — דעם פֿאָלק פֿערטייטשט!

און פֿאַר'ן פֿאָלק האָט מען שוין געהאַט פֿאַרטיגע, פֿעסטגעשטעלטע פֿילאָזאָפֿיען, פֿון וועלכע עס זענען מיט דער צייט רעליגיאָנען געוואָרען... דאָס זענען געוועזען גרייטע פֿאָרמען, ווי אַזוי צודינען דען אָדער יענען גאָט; אָבגעפּאַסטע השבעות — זיי צו בעשווערען; אָבגעשטעלטע מנהגים, זיי צו געפֿאָללען; געוויססע קרבּנות, וואָס האָט זיי אַמבעסטען געשמעקט! — דאָס פֿאָלק האָט דען עול פֿון שטודירען די גאָטטער אַראָבגעוואָרפֿען פֿון קאָפּף און איבּער געגעבען די פֿערמיטלער (די פֿאַקטורים), וואָס מען האָט צוגעשטעלט צווישען זיך און די גאָטטער... די פֿערמיטלער האָבען שוין קיין אַנדערע בעשאָפֿטיגונג נישט געהאַט, און האָבען ווירקליך שטודירט, געקלערט, געלערנט און אַ סך דערגאַנגען! בשעת ווען, למשל, דאָס עגיפּטישע פֿאָלק (מצרים) האָט מאָדליך געוואָרפֿען אין נילוס אַריין און קאָלבּער געקושט, האָבען שוין זיינע „כּהנים" אַסך, אַ סך געוואוסט, נור דעם פֿאָלק נישט אויסגעזאָגט! אויסזאָגען, וואָלט געהייסען פֿערליערען די פֿעטטע פּרנסה, אַרויסלאָזען די ממשלה פֿון דער האַנד! די וויססענשאַפֿט האָט מען געהאַלטען בּסוד; די גייסטליכע זענען געוועזען אַ בעזונדערע, אָבגעשלאָססענע קאַסטע, אַ בעזונדער שבט; און די וויססענשאַפֿט — אַ בעהאַלטענע קבּלה, אַ סוד וואָס איז איבּערגעגאַנגען פֿון איין דור צום צווייטען און מיט וועלכען מען האָט שאַרלאַטאַנישע שוואַרצע קונצען בעוויזען!

נור די ליכט לאָזט זיך נישט בעהאַלטען: זי שטראַהלט דורך און קומט דאָך צו צום פֿאָלק! נאַטירליך נישט דירעקט, נישט גלייך! די געלעהרטע און אפילו די געבילדעטע קלאַססע איז נאָך עד היום אָבגעגרעניצט פֿון דער רעשט וועלט, און ווי לאַנג איז, אַז די געלעהרטע וועלט האָט נאָך געהאַט איהר בעזונדער לשון — לאַטיין? מיט דער צייט האָט דאָך דער שכל הישר געמוזט גובר זיין; אויב די וועלט האָט דעם ווילדען אויסגעזעהן, ווי אַ היינטיגער ציירק, אַלס אַ סצענע פֿאַר גלאַדיאַטאָרען צום באָרען זיך און שלאָגען, האָט דאָך דער קלאָרער שכל אַללע מאָל איינציגוויז אַראָבגעשלעפּט איין גלאַדיאַטאָר נאָכ'ן צווייטען פֿון דער סצענע און געשיקט אין זיין רוה אַריין... מיט דער צייט האָט מען דאָך געמוזט

זיך ביי פֿון קליינע די קלענסטע, אויף וועלכע איהר קוקט מיט פֿאַלשען גענאָד. אין זייערע הערצער איז אַלליין די נאַטור, אַ פּשוטע, אַ ריכטיגע, אַ הויכע. זיי זענען עלטער פֿאַר אייך אויף אַ גאַנצען דור; האָבער פֿאַר אייך אויף אַ גאַנצען קאָפּף, ווייל אין דעם קאָפּף זענען שוין אויסגעלעגט יענע וועגען, צו וועלכע עס האָבען זיך געוואָלט דערשלאָגען אייערע טאַטעס און זיידעס, און האָבען זיך פֿאָרט נישט דערשלאָגען!..

נו, וואָס!.. עס קאָנן זיין, אַז דער משוגענער קאָטער איז טאַקי גערעכט געוועזען, — האָטש אַ ביסל? נור איבּריגענס, זאָללען אונזערע קינדער פֿעראָנטפֿערן די פֿראַגע.

---

# קורילקאַ*).

אַ מאָל איז געוועזען... נישט קיין רב, נישט קיין רביצין, נור אַ קורילקאַ. אָט טאַקי דער אייגענער קורילקאַ, וועגען וועלכען עס זינגט זיך אים רוססישען ליעדעל:

> ווי עס זענען ביי אונזער קורילקאַ
> די פֿיסעלעך דיננינקע,

*) אַ רויבער־האָלץ, אַ קיהנדעל. עס איז אַ מין קינדער־שפּיעל: מען צינדט אָן אַ קיהן און איינער גיט עס איבּער שנעל דעם אַנדערן. ביי וועמען עס פֿערלעשט זיך, דער דאַרף שטראַף צאָהלען. דער־ביי זינגט מען אַ ליעד.

בּעמערקען, אַז דער גבּור קומט נישט אויף דער סצענע אַרויף, ווענן ער וויל, געהט נישט אַוועק, ווענן עס פֿאַלט איהם איין, און טהוט נישט, וואָס ער וויל! די אַלטע וועלט האָט נאָך בּעמערקט, אַז די זונן און לבנה און שטערן, ליזיווען (בּייטען זיך) נישט, ווענן עס פֿאַלט זיי איין, נור זיי בּעווייזען זיך שטאַנדיג צו דער ריכטיגער, בּעשטימטער צייט; שפּעטער איז מען דערגאַנגען, אַז די ערד איז קיילעכדיג און מען האָט אָבגעשאַפֿט בּיידע לאָכער אין הימעל, דורך וועלכע זיי קוממען אַרויס און אַריין! די זונן שלאָפֿט זיך שוין נישט אויס איבּער דער נאַכט, אין דעם צושטראַהלטען מאָרגענרויט זעהט מען שוין נישט דער זונס צושויבּערטע, גאָלדענע צאָפּף; זי פֿאָהרט שוין נישט אַרויס אויף אַ וואָגען; די לבנה איז שוין קיין קוואָקע נישט, וואָס זאָל יעדען פֿאַרנאַכט אַרויס טרייבּען די הינדליך אויף דער בּלאָהער פּאַשע און אַהיים טרייבּען זיי פֿאַר טאָג, די זונן זאָלל זיי די אויגען נישט אויסבּרעננען!

דער ווילדער ים ווערט אויך אויס פּיינע'בּריה; פּריה בּעמערקט מען, אַז ער האָט עפּיס אַ גרעניץ! — מען קאָנן נאָך נישט וויססען, אַז דער ים צורייבּט די פֿעלזען, אַז פֿון די פֿעלזען ווערט זאַמד, וואָס בּעטט אויס זיין געלעגער, און אַז דער ים טוישט דאָס געלעגער אָדער ציהט זיך איין, בּלייבּט דאָס זאַמד פֿריי, נור מען האָט זיך פֿאָרגעשטעלט, אַז עפּיס אַ האָבּערע קראַפֿט האָט אָנגעשיטט פֿון זאַמד אַ גרעניץ פֿאַר'ן ים און אָנגעוויזען: וויי טער זאָלסט דו דיך נישט רוקקען; דערנאָך האָט מען ערשט בּעמערקט, אַז עבּבּע און פֿלוט מוזען זיין צוויי מאָל אין מעת־לעת!

גאַנץ שפּעט ווערט מען געוואָהר, אַז דער ווינד איז נישט קיין בּעזונדערע זאַך; אַז דאָס פֿליהען נישט אַרום קיין גאָטטער וואָס פֿיהרען מלחמה מיט בּערג, וועלדער און ימים — דאָס מישט זיך נור די וואַרמע מיט דער קאַלטער לופֿט! די ערד, ווערט מען געוואָהר, איז אַ קויל, וואָס האָט אַ מאָל אין גאַנצען געבּרענט און קיהלט זיך אַללע מאָל אָבּ. די אָבּגעקיהלטע קאָרע, די הויט פֿון אויבּען, ווערט, אַללע מאָל דיקקער, נור איננערוועניג בּרענט נאָך און עס טאָפּיען זיך און צוגעהען מעטאַללען. און דער בּאַרג איז דעריבּער גאָר נישט שולדיג, אויבּ דאָס פֿייער גיעסט זיך דורך זיין האַלז אַרויס! עס פֿלעגט אַ מאָל זיין אַ הונד אין הימעל, וואָס האָט די לבנה געבּיססען, און מען האָט געמוזט יעדען חדש קנעטען אַ נייע; אַ לויתן, וואָס האָט זיך אַמאָל צוגעחאַפּט איינצושלינגען די זונן! דען הונד מיט'ן לויתן האָט מען געמוזט אָבּשרעקקען

---

די נשמה אַ קורצינקע!

קורילקאַ איז געוועזען פֿון איין עכטען פּיכּטען (סאָסנאָווע) שפּאָנדעל מיט אַ שוואַרצען קאָפּעל.

איינמאָל האָבּען זיך צוזאַמענגענוממען אין אַ גרויסען זאַל אַ סך אויסגעפּוצטע קינדער, מאָדלעך אין ווייסע און ראָזע קליידעלעך און יונגלעך אין שאָנע ראָקלעך און העמדלעך. זיי האָבּען זיך געזעצט אין אַ קרייז, אָנגעצונדען דען קורילקאַ און ער האָט אָנגעהויבּען אַרומגעהן פֿון האַנד צו האַנד. יעדער האָט געשווינד איבּערגעגעבּען קורילקאַ'ן דעם שכן און אַללע האָבּען פֿראָהליך געזונגען:

„עס לעבּט, עס לעבּט קורילקאַ,
עס לעבּט, איז נישט געשטאָרבּען”.

— זעהסט, ווי אַללע האָבּען מורא, איך זאָלל חס ושלום נישט שטאַרבּען! האָט קורילקאַ געטראַכט, הייסט עס, אַז איך בּין אַ וואָהלער יונג. און פֿון פֿערגניגען האָט ער אַללעמען געלאָזען רויך אין די אויגען. נור בּיי איין יונגעל מיט איין ווייסען קאָפּף האָט ער זיך פֿערלאָשען.

— אַח, דו שלעכטער קורילקאַ, האָט געזאָגט דאָס יונגעל, האָסט נישט געקאָנט פֿערלעשען זיך בּיי איין אַנדערן!

קורילקאַ האָט זיך בּעלעדיגט און, ווען ער איז נור ווידער אַריינגעפֿאַללען צו דעם יונגעל, האָט ער זיך שוין אויף להכעיס פֿערלאָשען.

— נו, האָט געזאָגט דאָס יונגעל, קורילקאַ האָט דערעססען, לאָ'מיר שפּיעלען אין פֿאַנטען.

און ער האָט אַ שליידער געטהאָן קורילקאַ'ן, אָבּער אַזוי געשיקט, אַז ער איז פֿון זאַל פֿער־

מיט פויקען, טראמפייטען און געוואלטען, מען זאל ראטירוען די ליכט פון דער לבנה ביי נאכט און די ליכט מיט דער ווארמקייט פון דער זון ביי טאג — היינט הייסט שוין א פויער אויפ'ן דארף, ווען עס וועט זיין לקוי חמה, און קינדער אין וויעג הערען פון מולד! פייער איז אוים מיוחס געווארען — מען רייבט איין שטעקעלע אינ'ם צווייטען, דערווארמען זיי זיך און צינדען זיך אן. אמאל האט עס געהייסען „אונזיין פייער", אדער „פרעמד פייער", א מין כשוף, א פייער פון דער סטרא אחרא! צום מזבח האט מען געמוזט האבען ריין פייער, פייער היילינם, פון הימעל אראב — היינט ווייסען מיר שוין, אז דער דונער איז דער זעלבע עלעקטרישע פונק, וואס מיר נאררען ארוים פון א שטיקעל טריעפוואקס, און אז אללע פייערן זענען גלייכע מיוחסים...

נאטירליך קריגען די גאטטער די דימיסיע (אטסטאווקע) נישט מיט א מאל, זיי ווערען אללע מאל קלענער און קלענער, און מיר געפינען זיי נאך היינט ארומוואנדערן מיט שפארען און שליפעס אין ערגיץ א העקק... פריהער ווערען פון גרויסע — קליינע גאטטער, וואס פאללען אונטער איינעם, א גרויסען גאטט; דערנאך פאללען זיי אראב אויף געצען — אויף סענאטארען צו מיניסטארען ביי גרויסע גאטטער, שפאטער — פראסטע משרתים ביי זיי, ביז זיי פאללען אראב אויף שדים און רוחות... אויף סימבאלען און קמיעות... וואו האט איהר נישט נימפען, וואססער מענשען? וואו ווארפט מען נישט א מעססער אין א ווירבעל=ווינד אריין צו דערזעהען א טראפ= פען בלוט פון א שד? אין וועלכע וואלדער און מדבריות וואלגערן זיך עס נישט ארום די פערצייטישע גאטטער אין געשטאלט פון רוחות? די זעלבע, וואס האבען א מאל געפיהרט די וועלט ביד רמה, וואס האבען פאלאצען און טעמפעל געהאט, וואס מען האט זיי געבויט מזבחות, געשטאפט מיט קאשערן פעץ און בלוט, גערויכערט מיט קטורת, צו וועלכע מען האט צוגעשטעלט ראטעס כהנים פאר לאקעען — די זעלבע בהאלטען זיך היינט אין חורבות אלס לוים און ווארפען מיט קארטאפעל... און פון אלטען לבנה=סדור איז ביי אונז קוים אקליין בלאטטעל געבליבען מיט א הויכען „שלום עליכם"!

די מפלה פון גאטטער, אבגאטטער, געצען און געצליך האבען מיר צו פער= דאנקען דעם טיעפערן בעגריף, וואס דער מענש האט בעקוממען איבער דער נאטור — ערפיהלט איהר איינהייט און זוכט איהר איינציגען גאטט!

צו היילף קומט אלס ווייטער און

---

פלויגען אין גאסטצימער, פון גאסטצימער אין קינדערצימער, און דארטין האט ער געטראפען אין ווינקעל צו דעם שפיעלצייג.

— שלום עליכם, וואס מאכט איהר? האט אויסגעשריען קורילקא, — איך בין געקוממען מיט'ן עקסטרעננעם צוג גלייך פון גרויסען זאל, דארטין איז זעהר א גרויסער עולם, א שאנע שטארקע בעלייכטונג און אליץ פון מיינעט וועגען. דארטין האט יעדער געוואלט האלטען מיך חאטש א ביסל אין די האנד, ווייל דאס איז, פערשטעהט אלליין, זעהר א גרויסער כבוד. אללע האבען זיך געפראהט, וואס איך בין נישט געשטארבען און האבען געזונגען: „עס לעבט, עס לעבט קורילקא!" איך האב זייהר ליעב אזא בענעהמען זיך מיט מיר. מען האט מיך געטראקטירט מיט אפעל, קאנפעקטען,

איינגעמאכץ, נור איך האב דאס אליץ נישט געגעס= סען, ווייל איך האב נישט געוואלט! איך האב נור גערויכערט טהייערע, גוטע ציגארען, — פוף, פוף, פופ=ף! אללע זענען געוועזען ענטציקט פון מיין רויכערן, ענדליך האבען זיי מיר אללע דערעססען און איך בין געקוממען אהער צופאהרען מיט'ן שנעללסטען צוג אויף די פליגעל פון א ווינד=מיהל, ווי א פויל — שישששש!

— עס פיר א באלבאטון לאזט מיך נישט שלאפען, ער האט געזאגט דאס ליימענע ענטיל, א גאנ= צען טאג עס איך, וואלט איך חאטש ביי דער נאכט א ביסל א מעל טהון. עפיס א שפאנדעל איז גע= קוממען צו ציהען און רוישט, ווי איך ווייס נישט וואס.

— מאך! זייט מוחל, איך בין גאר נישט

ווייטער די וויססענשאַפט.

די וויססענשאַפט טהיילט זיך, זי צוּוואַרפט זיך אויף טויזענדער פלעצ, געהט אויף טויזענדער פערשידענע וועגען, נור זי פיהלט אַלץ טיעפער און טיעפער די איינהייט פון דער נאַטור, און איהר איבערצייגונג, אַז זי האָט צו־טהון מיט איינעם. ווערט פעסטער פון טאָג צו טאָג. טאָגליך פאַלט אום איין אַנדערע וואַנד, וואָס האָט אָבגעטהיילט צווייערליי ערשיינונגען, איין אַנדערע גרעניץ צווישען וועלטען און עס ווערט פערשיטט איין אַנדער אָבגרונד צווישען פאַקטען...

ווי ווייט איז אַ מאָל געוועזען צווישען הימעל און ערד! אַ בלאָה פרוכה האָט אָבגעטהיילט ביידע וועלטען — איבער'ן הימעל איז סאַמע רוחניות, דאָרט וואָהנט גאָט און זיינע מלאכים, אונטער'ן הימעל סאַמע גשמיות, סאַמע עפר ואפר אַש און שטויב. דער הימעל אַלליין — זענען גלגלים, אַזויע ראָדער, אין וועלכע די שטערן זענען אַריינגעשלאָגען ווי נאָגעל... מיימאָנידעס (רמב"ם) האָט צושפאַלטען דען אמת אויף צוויי; האַלב האָט ער אַוועקגעגעבען משה רבינו, האַלב — אַריסטו'ן... ביז צו גלגלים" האָט אַריסטו רעכט, אָבער איבער די גלגלים — משה רבינו! דאָ איז געוועזען די נאַטירליכע גרעניץ צווישען „אמת'ע רעליגיאָן" און „אמת'ע פילאָזאָפיע", וואו עס האָבען זיך געענדיגט דער ערשטערס פים האָט זיך אָנגעהויבען דער צווייטערס קאָפּ, אָדער בעססער געזאָגט: משה רבינו האָט צוגעדריקט אַריסטו'ס ציופּרנע! די גרעניץ איז אָבער געפאַללען! די אַסטראָנאָמיע האָט אויסגעריססען די ערד פון מיטטעלפונקט און אַריינגעשליידערט צווישען דער מחנה שטערן — אונזער ערד איז אַ שטערן, די שטערן זענען אויך אַזוינע ערדען, נור גראָססערע קוילען; אַללע זענען וועלטען, אַללע האָבען גלייכע פאָליטישע און ציוויל־רעכטע אין דער נאַטור! און עס איז בעשאַפפען געוואָרען אַ „הימלישע פיזיק" וואָס שטודירט מיט דער הילף פון ספעקטראַלאַנאַליז די קערפער פון „יענע וועלטען", וואָס רעכענט אייך אויס מיט דער גראָסטער זיכערהייט די מעטאַללען, וואָס געפינען זיך דאָרט! אויס גרעניץ!

אויף דער ערד אַלליין האָבען מיר אַמאָל דריי אָבגעטהיילטע וועלטען געהאַט: „דומם, צומח, חי!" 1) די טויטע וועלט (דומם), צו וועלכער עס האָבען געהערט אַללע קערפער, אויסער געוויקסען און לעבענדיגע, 2) די פלאַנצען וועלט (צומח), צו וועלכער עס האָט געהערט אַללעס, וואָס וואַקסט און לעבט ניט, און 3) די לעבענדיגע וועלט (חי), צו וועלכער עס געהערען

---

קיין שפאָנדעל. איהר זייט אַ פראָסטע ליימען טיל, קאָנט איהר מיך נישט שאַטצען. איך בין קיינמאָל קיין שפאָנדעל נישט געוועזען. מיין רע איז געוועזען קורילקאַ, מיין באָבע — קורילקאַ און איך אַלליין בין איין עכטער קורילקאַ, גראַף קורילקאַ! אָט אַזוי איז עס! פערשטעהט איהר?

— האָרט, גראַף קורילקאַ, האָט אָבגערופען אַ פופע (קוקלע), ביי וועלכער קלקאַ איז געלעגען צופוסען אויף דער דילע (פּאָדלאָ). איהר וואָלט אונז אַללעמען געטהאָן אַ גרויסע בה, ווען איהר וואָלט ענטשוויגען געוואָרען.

— אַח! מאַדעמואַזעל! איך בעט טויזענדער מאָל מחילה, וואָס איך האָב אייך נישט בעמערקט. נור איהר האָט מיך פשוט גרבלענדט! אַזאַ שאָנע דאַמע האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געזעה'ן. איהר זייט געוויס געוועזען אין גרויסען זאַל; דאָרטען האָבען אַללע פּרווילין געטראָגען מיך אויף די האַנד, נור קיין פרווילין האָט נישט אַזאַ שאָן לאַיקאָווע האַנט'ל, אַזוי ווי איהר. איך ליעג פאַר אייערע פיס; ריהרט עס דענן אייך נישט און איהר וועט מיר אייער האַנד און האַרץ נישט אַוועקגעבען? קוקט נישט, וואָס איך האָב קיין שיך נישט. איך בין געקליידעט נאָך דער מאָדע: איך האָב דאָך דינגינקע פיסעלעך, אַ קורצינקע נשמה'לע. איינמאָל בין איך געגאַנגען אין דעם בעסטען מאַגאַזין קויפען שוהוואַקס פאַר די לאַיקאָווע שיכלעך. וויפיעל, זאָג איך, קאָסט ביי אייך אַ באַנקע מיט דעם בעסטען שוהוואַקס־רייבאַקס: בעט טהייער, ווייל איך בין אַ גביר. — „צוויי קאָפּעיקען מיט אַ גריווונע". — „דאָס איז וואָלפּיל, שניירט מיר אָב

מענשען אונ טהיערע, וואס וואקסען, נור לעבען אויך אונ קאננען זיך פריי בעוועגען. היינט זענען די גרעניצען אויך אבגעפאלען! צווישען דעם „דומם" מיט'ן „צומח" ליעגען אללע קריסטאללען, וואס וואקסען אין געוויססע פארמען; וואס וואקסען צוריק אין דער אייגענער פארם, אויב זי ווערט דורך עפיס צושטארט; צווישען „צומח" אונ „ח י" ליעגען מאססען בריות, וואס לעבען אונ ריהרען זיך נישט פון ארט, מאססען פלאנצען, וואס קאננען זיך פריי בעוועגען, אונ די ביידע וועלטען שווימטען ארום אין א דריטטער, אללגעמיינער וועלט פון איינצעלנע צעללען, פון בעזונדער לעבענדיגע קאמערליך! זי איז ארומגערינגעלט מיט איין אונערמאססליכער וועלט פון לעבענדיגען מאטעריאל, פון וועלכען עס ווערען געבויט אי די פלאנצען, אי די טהיערע אונ מענשען! אונ וויטער — יעדע „צעללע", יעדעס קאממעריל בעזונדער, בעשטעהט פון אטאמען, פון די זעלבע קליינע חלקים, פון וועלכע אללע קארפער (די טוידטע, די דומם'ס נישט אויסגעשלאססען) זענען געבויט! עס איז ריכטיג, אז דער מענש איז פון לייט גענקנעטען, אז דאס שיינדיל, די קרוין פון דער וועלט, איז אויך נור שטויב פון דער ערד!

נור איהר קאנט זאגען, אז נישט אינ'ם מאטעריאל שטעקט דער אונטערשייד, נור אינ'ם תוך, אינ'ם גייסטיגען לעבען, אינ'ם רוחניות! עס וועט זיך קיינער מיט אייך נישט שפארען, אז דאס מענשליכע אויסגעבילדעטע לעבען איז העכער, אז דאס גייסטיגע לעבען איז ענטוויקעלטער ביים מענש אלס ביי טהיערע, ביי טהיערע ווי ביי פלאנצען אונ מיר קאננען עס נישט ארויס שפירען ביים „דומם", ביי'ם מינעראל, ביי'ם שטיין — נור א טראפפען, וואס איז אריינגעפאללען אין א פאסס וואסער עקזעסטירט דאך, חאטש מיר קאננען איהן נישט ארויסשפירען! אויך לאזט זיך נישט די נאטור אזוי ריכטיג איינטהיילען אויף קארפער אונ גייסט, ווארום — וואס איז אזוינס בעוועגונג? א גוף אדער א נשמה? אונ אללעס בעוועגט זיך, אללעס אנדערט זיך, קיין איינציגער שטויב האט קיין רגע רוה — אין אללעם שטעקט בעוועגונג, אונ קיין קארפער איז זיכער נישט! היינט — וואס איז דער שכל, מיט וועלכען דער הונד לערנט זיך אויס יאגען אונ חאפען א האז; איין אלטער פוקס — נישט אנצוריהרען פערסמטע גאלקים, וואס די יאגער ווארפען איהם אונטער, פערד — צו פערשטעהען „רעכטס" אונ „לינקס" אהן א בייטש, אויך א געבוירענער אינסטינקט? אז א מענש — בעווייזט זיך דאס ערשטע מאל אויף א ניי

---

פאר א האלבען א האלבע". — „מיט'ן גראסטען פערגניגען, אנטפערן זיי, נור מיר האבען יעטצט נישט קיין שניידער, אללע אויסגעגאנגען"...

— נעמט דארטין ווער איין דען פלוידערזאק, האט אויסגעשריען דער פויק, קיינעם גיט ער קיין רוה נישט, ער האט אללע שוין טויב געמאכט.

— זייט מוחל, מיין ליעבער הערר, איך בין גאר קיין פלוידערזאק נישט. איך בין פירסט (קניאז) קורילקא אונ דערצו זעהר א טאפפערער העלד. איינמאל האב איך זיך צושלאגען מיט א דיקער שייט האלץ. זי איז מיר געלעגען איבער'ן וועג אונ האט געזאגט: פאח! האב איך איהר — טראח! אונ זי טרררר... אין גאנצען צופלויגען געווארען אויף שטיקלעך. פערשטעהט איהר?

— נו, ווארט! האט געזאגט א האלצערן סאלדאט'ל, זאללען נור אללע איינשלאפען. איך וועלל דיר בעווייזען אזא טראח, וואס די האסט נאך קיינמאל נישט געזעה'ן.

— פאר וואס! וואס הייסט? איך האלט עהרליך אללע סאלדאטען, איך בין אלליין א סאלדאט. ווענן איך בין געוועזען גענעראל קורילקא, בין איך ארויפגעשפרונגען אויפ'ן אוווען אונ אללע גלייך צו מיר, רוישען, שרייען: „עס לעבט, עס לעבט קורילקא, ער לעבט, איז נישט געשטארבען"! פיהר אונז אין פייער אונ מיר אללע נאך דיר: אין פייער אונ אין וואססער. אונ איך האב זיך גלייך געווארפען אין רעכטען פייער, אויף אללע קאנאנען. פלוצלינג בום, באח, א הארמאט דורך מיר, איך דורכ'ן הארמאט, בראח, קראח!..!

נור קיינער האט איהן שוין נישט געהערט,

אינזעל, וויסען נישט די פֿאָגעל, אַז מען דאַרף פֿאַר איהן ענטלויפֿען, נור נאָך עטליכע גוט געציעלטע שאָסס — דערקעננען זיי אין איהם אַ שונא און פֿליהען פֿאַר איהן אַוועק. אַז מען האָט דורכגעצויגען טעלעגראַפֿישע דראָטען אין ווייטע, אָבגעלעגענע אָרטער אין אַמעריקאַ, זענען טויזענדער פֿאָגעל טאָגליך פֿון זיי אין׳ם דורכפֿליהען איבערגעשניטטען און געהרגיט געוואָרען. נור די פגרים זענען טאָג־טאָגליך וועניגער געוואָרען און האָבען מיט דער צייט אין גאַנצען אויפֿגעהאָרט; די פֿאָגעל האָבען זיך אויסגעלערנט אויסווייכען די געפֿאָהרליכע פֿאָדעם! די, וואָס זענען בעקאַנט מיט׳ן לעבען פֿון פֿאָגעל, ווייסען, אַז די יונגערע לערנען זיך זינגען און נעמען מאַכען ביי די אַלטערע! טויזענדער, טויזענדער פֿאַקטען ווייזען אונז אויס, אַז דער שכל ביי חיות איז אויך נור אזוי ווייט אַ געבוירענער, ווי ווייט בכלל אַללע זאַכען קאָננען קוממען בירושה, נור אַז אין יעדען מין זענען פֿערהאַנדען קליגערע און נאַררישע איינצעלהייטען (יחידים), און אויבוואָהל די טהיערע ענטוויקלען זיך וועניג און אַזוי לאַנגזאַם, אַז מיר קאָננען די ענטוויקעלונג נישט בעמערקען, און מיר האָבען דעריבער נור אַ קליין ביסל פֿאַקטען, אַלס בעווייזע דערויף — איז דאָך לייכט אַיינצוזעהען, אַז מיר מוזען שוין דען „אינסטינקט״ לעגען אין אַלטען אַרחיוו אַריין, אַז — וואו מיר האָבען נור צו טהון מיט „לעבען״, דאָרט האָבען מיר אויך צו טהון מיט געוואָהנליכע פסיחישע ערשיינונגען. נאָך קהֶלֶת האָט געצווייפֿעלט, צו עס איז אמת, אַז דער גייסט פֿון מענשען געהט אַרויף (אין הימעל אַריין) און דער גייסט פֿון טהיערע בלייבט אונטען 1)... און אין אונזער סדורל האָט זיך אַריינגענאַרט דער זאַץ: „און דער מענש איז נישט מעהר ווערטה פֿאַר דעם פֿיה, ווייל אַללעס איז נור אָטהעם״ (אָדער: נישט, נאַרריש) 2).

ענדליך זענען מיר געוואָהנט געוועזען איינצוטהיילען אַללע ערשיינונגען אין דער נאַטור אין צוויי גרויסע האָלפֿטען, אין: „קאָרפּער״ און „גייסט״. „קאָרפּער״ הייסט אַללעס, וואָס האָט אַ געוויכט, פֿערנעמט איין אָרט, אָדער קירצער געזאָגט — וואָס שטעלט זיך אונז ענטגעגען! „גייסט״ — איז אַללעס, וואָס איז קיין קאָרפּער נישט, ווי: זעעלען (לויט דער אַלטער פסיחאָלאָגישער שוהלע) אָדער (לויט דער נייער) אידעען, בעגריפֿפֿען, געפֿיהלען, פֿערלאַנגונגען... דאַכט זיך, אַז איין קלאַססע פֿון דער צווייטער

1) מי יודע רוח בני האָדם העולה הוא למעלה וכו׳.
2) ומותר האדם מן הבהמה אין כי הכל הבל.

---

אַללע האָבען פֿערשטאָפּט די אויערן און, ווי יעדער האָט נור געקאָננט, איז מען שטאַרק געשלאָפֿען. און ער האָט גערעדט — גערעדט, געברומט — געברומט, און לסוף אַלליין אַיינגעשלאָפֿען.

האַלבע נאַכט האָט זיך דאָס גאַנצע שפּיעלצייג אויפֿגעהאַפּט, ווייל עס שפּיעלט אין זיך אַלליין — גור יענמאָלט, ווען אַללע שלאָפֿען שוין אין שטוב.

— „קוקורעקו!״ האָט אויסגעשריען דער קאַרטאָנער האָהן. דער פּויק האָט אויסגעקלאַפּט „זאָריע״. דאָס ענטיל האָט אָנגעהויבען פּייפֿען; דאָס טראָמפּייטל צו בלאָזען און דער פּאָרצעללאַנענער פּאַפּעגיי האָט געזאָגט: באָן זשור, פּאַפּאַ! די קאַטץ האָט געזאָגט: „לאָ׳מיר זינגען, מיך האָט קיינער נישט דורכגעבלאָזען שוין דען דריטטען טאָג און ביי מיר האָט זיך דאָס בייכ׳ל פֿערשטאָפּט״. זי האָט אָנגעהויבען צו שפּרינגען און צו שרייען: מיאַו, מיאַו, מיאַו!..

— אַח, דאָס איז היבש, האָט אויסגעשריען קורילקאַ און איז אויפֿגעשפּרונגען אויף די פֿיס, — לאָ׳מיר טאַקי זינגען! ווען איך בין געוועזען אין גרויסען זאַל, האָבען דאָרטין אַללע געזונגען, נור איך בעססער פֿון אַללעמען. איך בין אַ וואונדערבאַרער מוזיקאַנט און האָב פֿערפֿאַססט איין אויסגעצייכענט ליעד, וואָס מען זינגט אומעטום! און ער האָט אָנגעהויבען צוקווייטשערן מיט זעהר אַ דינגעם קול׳כעל:

עס לעבט, עס לעבט קורילקאַ,
ער לעבט, איז נישט געשטאָרבען.
אַללע האָבען פֿערשטאָפּט די אויערן.

— אַ, ניין, מיר וועללען בעססער טאַנצען, האָט אויסגעשריען דאָס דריידעל (גאָר), — עס איז

איז פֿעסט אָבגעגרענצט, און דאָך, וואָס טהוט מען מיט'ן אָטהער אָהן געוויכט, וואָס די פֿיזיק מוס אָננעמען, כדי צו פֿערשטעה'ן די בעוועגונגען: ליכט, עלעקטריציטאָט, וואַרמקייט א. ד. ג.? און וואָס איז די בעוועגונג אַלליין? וואָס איז דער ליכטשטראַהל, דער עלעקטרישער פֿונק, דער כח פֿון מאַגנעט? — וואָס זענען אַללע „קראַפֿטען", וואָס ווירקען אין דער „טויטער" נאַטור? נשמות? אַנדערע ווילּלען צוטהיילען די ערשיינונגען אויף — 1) מעכאַנישע, וואָס געשעהען שטענדיג לויט געזעץ: דער שטיין מוסס אַראָבפֿאַללען, לייכטערע קערפּער אַלס לופֿט מוזען זיך אויפֿהעבען און פֿליהען און דערגלייכען און 2) בעשענקטע מיט פֿרייען ווילּלען, מיט דער מעגליכקייט צו וועהלען, אויסצוקלייבען (דער מענש וויל ל געהען שפּאַציערען, לערנען און לעדיג געהען א. ז. וו.). ליידער איז אין דעם פֿאַך אויך נישט געלונגען; ערשטענס, ווייל די היינטיגע פּסיכאָלאָגיע נישט מודה זיין, אַז עס איז פֿערהאַנדען אַ בעזונדערע קראַפֿט „ווילּלען"; זי זאָגט, אַז אַזוי ווי, למשל, דער וואַלד עקזיסטירט נישט, נור בוימער, נישט קיין שטאָדט, נור הייזער און מויערען, אַזוי עקזיסטירט נישט קיין ווילּלען אַלס אַ בעזונדערע קראַפֿט נור איינצעלנע פֿערלאַנגונגען, איינצעלנע „וועללען-עפּיס" און בעגעהרען, און זיי, די פֿערלאַנגונגען, זענען נישט פֿריי; וועהלען הייסט: נעמען דאָס בעססערע, אויסקלייבען דאָס נוצליכע; מען קען האָבען מעהר אָדער ווייניגער שכל, ערגער אָדער ריכטיגער אָבשאַצען, וואָס עס איז בעססער און ניצליכער, אָבער פֿ ר י י, גאָר אָהן אַ סבה, וועהלען איז נישט מעגליך; און פֿון דער צווייטער זייט בעמערקען מיר אין פֿיזיק און כעמיע וואונדערבאַרע ערשיינונגען, אַז אַטאָמען און קערפּער ציהען זיך צו און שטויסען זיך אָב, גלייך זיי וואָלטען ג ע פֿ י ה ל געהאַט און שונאים אָדער פֿריינד געוועזען!

מיר זעהען, אַז די נאַטור לאָזט זיך נישט טהיילען, אַז די ערשיינונגען לאָזען זיך אין דער ווירקליכקייט נישט אָבגרענצען איינע פֿון דער צווייטע. מיר האָבען איבעראַלל צו טהון מיט קערפּער, אין וועלכע עס געשעהען די נידריגסטע און העכסטע, די איינפֿאַכסטע און פֿערוויקקעלטעסטע בעוועגונגען, און, די וויססענשאַפֿט בעווייזט, אַז אונטערן נאָמען „בעוועגונג" קאָננען מיר פֿערזאַמלען אַללע ערשיינונגען פֿון דער געוועהנליכסטען בעוועגונג, ווען אַ קערפּער בייט זיין אָרט, ביז דער העכסטען בעוועגונג אין מוח — דעם געדאַנק. די כעמיע לערנט אונס, ווי אַזוי פֿון די זעלבע אַטאָמען, אָבהענגיג פֿון דעם סדר, לויט וועלכען זיי

---

דאָך אַזוי אַנגענעהם דרעהען זיך און זומזען.

— לאָ'מיר טאַנצען, האָט מסבים געוועזען די פּופּע, מיין קאַוואַליער וועט זיין דער פּאַפּעגיי, די קאַטץ וועט טאַנצען מיט'ן האָהן, די טרובאַ מיט'ן פּויק און דאָס האָלצערנע סאָלדאַט'ל מיט'ן ענטיל.

— טאַנצען, טאַנצען! האָט אונטערגעהאַפּט קורילקאַ, צושטעלט זיך גיכער, לעבעדיגער, פֿראַהליכער. איך וועל אייך שוין בעווייזען אַ וואונדערליכען טאַנץ. איך האָב איהן געטאַנצט אין קיך פֿאַר'ן קעניג אַלליין, אין איינעם מיט זיין קאָזאַק. קוקט, מען דאַרף נור זעהען שפּרינגען האָכער פֿאַר זיך: אָט אַזוי, איינס צוויי, אָט אַזוי, איינס צוויי, אָט אַזוי, עי דו, געה דו, דרעה זיך, פֿראַה זיך! — און קורילקאַ האָט זיך אַזוי צושפּרונגען, אַז ער האָט אַ נידערגעוואָרפֿען אַפֿריהער דען גאַר, דערנאָך דאָס ענט'ל, דאָס פֿערד'ל, די טרובאַ און די פּופּע.

— נעמט איין, זייט אַזוי גוט, דען קיבעןעזות פּנים, האָבען אַללע געשריען. ער האָט זיך אַזוי צודרעהט, אַז ער ווייס נישט, אויף וואָסער וועלט ער איז. מיט איהם קאָנן מען פּראָסט נישט שפּיעלען.

— קורילקאַ — נאַרר! האָט זיך געבאָזערט דער פּאַפּעגיי.

— וואָס! איז אויפֿגעשפּרונגען קורילקאַ, ווי דערזעגט איהר זיך מיר אַזוי מעיז צו זיין, איהר האָט אָנגעריהרט מיין כבוד, איהר האָט מיך בעליידיגט, איהר מוזט זיך מיט מיר שלאָגען אויף אַ דועל אין דער מינוט, אין דער סעקונדע, שוין אויף דעם אָרט, אין צורה אַריין, אויף פּיסטאָלעטען,

לעגען זיך איינער נעבען צווייטען, ווי אויך פון זייער צאהל, ווערען די טויזענדארטיגע קערפער; אונ די פיזיק בעווייזט אונס, אז פון די זעלבע בעוועגונג, אבהאנגיג פון דער געשווינדיגקייט אונ דער לאנג פון דער פאליע, ווערען פערשיעדענע ערשיינונגען, ווי ליכט, מאגנעטיזם, עלעקטריצטעט א. ז. וו.

וויססען הייסט: קעננען די נאטור; קעננען די נאטור הייסט דערגעהען די געזעצע, לויט וועלכע עס געשעהען אללע פעראנדערונגען אין איהר, אונ דאך מוזען מיר האבען צו טהון נור מיט איין געזעץ, וויל איבעראלל, וואס מיר שטודירען נישט, האבען מיר אלץ צו טהון מיט דעם זעלבען שכל, מיט דער זעלבען לאגיק, ווי אויך מיט די אייגענע מאטעמאטישע ציפפערן. דער אייגענער שכל דיענט צו אללע וויססענשאפטען, מיט די זעלבע ציפפערן בערעכענען מיר די צאהל פון העריננ אין פאסס, פון שטערן אין הימעל, די געשווינדיגקייט, מיט וועלכער א ליכט-שטראהל פליהט ארויס פון דער זונן אונ שלאגט זיך אן אין דער נעץ פון אונזער אויג, אדער דער עלעקטרי-פונק פליהט איבער דער דראט פון טעלעגראף, ווי אויך די געשווינדיגקייט, מיט וועלכער עס קומט צו איין איינדרוק פון א שפילקע-שטאך פון דער הויט ביז'ן מוח אריין, אונ פערקעהרט — ווי לאנג עס דויערט, איידער עס קומט אן צום שפיץ-פינגער פון פוס דער בעפעהל פון מוח, ער זאל זיך איינבייגען!

איבעראלל **די זעלבע אטאמען, די זעלבע בעוועגונג אונ די זעלבע ארדנונג!**

פאר וואס דענן זעהען אונס די ערשיינונגען אזוי פערשיעדענארטיג אויס? פאר וואס שטודירען מיר זיי אין פערשיעדענע וויססענשאפטען?

גאנץ איינפאך; 1) וויל אויפ'ן וועג פון איינפאכסטען ביז דעם פערוויקעלטעסטען האבען מיר עטליכע „איקסען", עטליכע איבערגאנג, וואס מיר קאננען נישט פערשטעהען, ווי אויך, 2) ווייל אונזער מוח איז נישט אימשטאנד אללעס גלייך גוט צובעגרייפען, אללעס אין איין לעבענסצייט צו שטודירען.

מיר האבען, דאכט זיך, אטהער, אהן א וואג, ווי אזוי ווערט פון איהם דער דינסטער גאז, וואס לאזט זיך וואגען? איקס! אדער היקו, ווי איהר ווילט. מיר האבען אטאמען, נור ווי אזוי פון די זעלבע אטאמען ווערען, אבהאנגיג פון זייער צאהל אונ ארדנונג, פערשיעדענע קערפער מיט פערשיעדענע, ענטגעגענגעזעצטע אייגענשאפטען, ווייסען מיר נישט! פון די זעלבע אטאמען שטעללען זיך צוזאממען לעבענ-

---

דעגענס, שפיזען, שווערטער, מעססער, פיקעס, האק, גראבליעס. — שוין שטעלט זיך מיר ענטגעגען, פערטהיידיגט זיך!

— עי! פאן! האט אויסגעשריען דאס האלצערנע סאלדאט'ל אונ געחאפט קורילקא'ן פאר'ן קאלנער, דו ביזט אפילו נישט שכור, נור א סקאנדאליסט. מען דארף דיך א ביסל אבקיהלען.

קורילקא האט זיך געפרובט אויסרייסען, נור דאס סאלדאט'ל איז געוועזען א סך געזונדער. ער האט איהן אזוי דורכגעטראסעלט, אז פון ארמען קורילקא'ן זענען אללע סקאבקעס ארויסגעשפרונגען.

— אי, אי, זעהט! האט קורילקא געיאממערט, הערר סאלדאט, וואשע בלאגאראדיע, איך האב דאך אויף צופלייסען, איך האב דאך גלאט אזוי, איך בין דאך זעהר א רוהיגער, איך ציעפע דאך קיינעם נישט, איך אכטע דען הערן פאפעגיי אונ אללע סאלדאטען...

— אין קארב'ל איהן, אין לעדיגען קארב'ל, האבען אללע געשריען, זאלל ער דארטין זיטצען ביז אין דער פריה.

מען האט אבגעפיהרט קורילקא'ן אין קארב'ל, אריינגעזעטצט אונ פערדעקט מיט'ן דעק. ער האט דארטין געקלאפט, געריססען, געדראפעט, לסוף האט ער געפונען א שפאלט, ארויסגעשטעקט דורך איהן דען קאפף אונ אויסגעשריען.

— עי, חברה! אט בין איך דער העלד קורילקא! אונ איהר זייט אללע ווייסע חברה'ניקעס, כל-בוזניקעס, קאלבאסניקעס, שלעפער, שמאטעס, לעקער, פלאקער, שטעקער, קאלב-פריש, שוויינ-

דינגע צעללען, מיר קאָננען בּעמיש די צעללע צונעממען, מיר קאָננען וויסען, וואָס פֿאַר אַ בּעמישע סובסטאַנצען (חמר) עס געהען אין איהר אַריין, נור, אַז מיר נעמען די זעלבּע סובסטאַנצען אונ לעגען זיי צוזאַמ־מען קומט דאָך אונס קיין צעללע נישט אַרויס, בּעוויזט זיך דאָך קיין לעבּען נישט! וויי־טער וויסען מיר, אַז אַללע קאָרפּער פֿון מענשען, טהיערע אונ פֿלאַנצען בּעשטעהען פֿון איינצעלנע צעללען; מיר קאָננען אויך אללעס וואָס לעבּט, טאָדטען, די צעללען צוריק צוצונעממען, נור קיין צוויי צעללען צוזאַמ־מענשטעללען, זיי זאָללען ווערען איין קאָר־פּער, איין אָרגאַניזם — קאָננען מיר נישט! אזוי ווי די אָרגאַניזמען בּעשטעהען פֿון איינצעלנע צעללען, אזוי בּעשטעהען געזעל־שאַפֿטען (שטאַממען, פֿאָלקער, ראַססען) פֿון איינצעלנע אָרגאַניזמען, אונ דאָך וועט זיך קיינער נישט אונטערנעמען אויסצוקנע־טען אַ ניי פֿאָלק, בּשעת וועגן היסטאָרישע גבּורים ווי, למשל, טיטוס, האָבּען אַ סך פֿאָלקער צו שניטטען, צערשטיקקעלט אונ צוואָרפֿען אויף שבעה ימים אונ פֿון מאַס־סען איז קיין זכר נישט געבּליבּען.

וואו עס מאַכט זיך איין איקס, אַ תיקו — דאָ איז אַ גרעניץ צווישען איין וויססענ־שאַפֿט אונ דער צווייטער! מיר וויסען, למשל, אַז דער געדאַנק ווערט געבּוירען אין מוח, אַז יעדעס אבר האָט זיין פֿונקציע, זיין דיענסט; אַז אַזוי ווי די האַנד נעמט אָן, דאָס אויג זעהט, דאָס אויער האָרט, אַזוי אויך דענקט דער מוח; אַז מיר מאַכען דען מוח צו שאַנדען דורך אַ ראַנע, אַז אויבּ מיר שוואַכען איהן אָבּ מיט נישט עססען, נישט שלאָפֿען אָדער צופֿיעל אַרבּייט, האָרט ער אויף צו ווירקען, פּונקט ווי איין אַנדער אבר אין דער זעלבּער לאַגע; אונ דאָך וויסען מיר נישט, ווי אַזוי דער געדאַנק קומט אַרויס! אונ מיר מוזען האָבּען איין עקסטראַ פֿיזיאָלאָגיע, וואָס שטודירט פֿונקציאָנען פֿון פֿערשיעדענע אברים אונ איין עקסטראַ פּסיחאָלאָגיע, וואָס האָט בּעזונדער צו טהון מיט פֿיהלען, וויססען אונ דענקען. אַזוי האָבּען מיר אויך איין עקסטראַ כּעמיע, וואָס שטודירט, ווי אַזוי די אַטאָמען פֿער־בּינדען זיך צו מאַכען קאָרפּער. אונ איין עקסטראַ פֿיזיק, וואָס שטודירט זייערע איינגענשאַפֿטען; אונ אויבּ די פּסיחאָלאָגיע האָט שוין פֿיעל דערגאַנגען וועגען פֿיהלען, וויססען אונ דענקען פֿון דעם איינצעלנען אָרגאַניזם, קומט אַ נייע וויססענשאַפֿט סאָציאָלאָגיע אונ וויל שטודירען גאַנצע געזעל־שאַפֿטען, גרויסע אָרגאַניזמען ווי: ראַס־סען, פֿאָלקער אונ שטאַממען!

יעדע וויססענשאַפֿט האָט איהר איינ־צעלהייט, בּיי וועלכער זי הערבּט אָן. די

---

עקען, שימכיעל, בּלאָטע, שלים־מזלניקעס, הקדש׳ניקעס, חאַפּער, לאַפּער, טאַפּער!... נור אַללע האָבּען געטאַנצט אונ קיינער האָט קורילקאַ׳ן נישט געהאָרט, אונ ער האָט געשריען, געבּרומט, געליאַרמט, בּיז׳ן העללען טאָג.

ווען אין דער פֿריה זענען די קינדער צוגעגאַנגען צו די שפּיעלעכלעך, זענען זיי אַללע געלעגען אויף זייערע אָרטער אונ אפילו קורילקאַ איז געלעגען בּיי דער פּופּע צופֿוסען, גלייך ווי עס איז גאָר נישט געשעהען.

— זעהט נור, האָבּען געזאָגט די קינדער, דאָס האָט זיך דאָך דער נאָכטיגער קורילקאַ אַהער פֿערקליבּען: וואָס זאָגט מען אויף איהם? דאָ איז דען דיין אָרט? אַח, די! אַרויס! אונ מען האָט איהן אַרויסגעוואָרפֿען דורכ׳ן פֿענסטער.

— אָט לייד איך יעטצט פֿאַר׳ן אמת אונ גלייך אין סיבּיר, האָט געשריען קורילקאַ. אוף, ווי שנעלל! אונ חלאָפּ! קורילקאַ איז געפֿאַללען אויף אַ שטיין אין גאַסס.

— אַח! האָט ער געקלאָגט זיך פֿאַר דעם שטיין. ווען איהר וואָלט געוואוסט, פֿון וואַנען איך בּין געקוממען צופֿאָהרען, פֿון וואָס פֿאַר אַ הויכען אָרט איך האָבּ זיך אַראָבּגעלאָזען! איך בּין געוועזען דאָרטען, דאָרטען אין גרויסען זאַל. איך האָבּ געהאַט אַ סך שפּיעלצייג: אַ פּויק, אַ טראָמפּייט, אַ פֿלייט, איין ענטיל, אַ הינדעל, אַ שאָן מאַמזעל, וואָס האָט געוואָלט חתונה האָבּען דווקא מיט מיר, אַ נאַררישען פּאַפּעגיי, וועלכען איך האָבּ גערופֿען „פּאָפּקאַ — נאַרר" אונ אַ שלעכטען, האָלצערנען סאָלדאַט. ער איז געוועזען אַ שרעקליכער סקאַנדראַ־

כעמיע — דען אטאם, די פיזיק — דען קאר־פער, די ביאלאגיע (די לעהרע פון לעבען) — די צעללע, די פיזיאלאגיע — דען ארגאן (אבר), די פסיכאלאגיע — דען נערוו, (פון וועלכען עס פערבינדען זיך „קניפען" ביי נידריגע און געהירן (מוח) ביי העכערע טהיערע) און די סאציאלאגיע — די געזעללשאפט.

די גרעניצען צווישען זיי זענען, ווי געזאגט, די איקסען אדער די תיקו'ס: דאס הייסט, דא, וואו אונזער וויססען (נישט די נאטור) רייסט זיך איבער ווי א פאדעם און מיר קאננען נאך נישט צוזאממענבינדען איין עקק מיט'ן צווייטען.

וועגען ספעציאליטאטען, וואס ערלייכטערן דאס שטודירען, וועלען מיר רעדען אויף איין אנדער ארט; דא וויללען מיר נור בעמערקען, אז אזוי ווי די כעמיע שטודירט די אטאמען אום צו דערקעננען דען בוי פון גאנצע קארפער, אזוי ווי די פיזיק שטודירט איינצעלנע קארפער, אום צו דער־קעננען די נאטור־ערשיינונגען פון קארפער, אזוי, ווי די ביאלאגיע העבט אן ביי צעללען אום צו קוממען צו'ן א בעגריף פון לעבען בכלל, און די פיזיאלאגיע העבט אן פון פונקציאנען פון איינצעלנע ארגאנען (גלידער), אום צו פערשטעהען די אללגעמיינע ווירקונג פון גאנצע ארגאניז־מען, אזוי אויך איז דער צוועק פון דער סאציאלאגיע, וואס העבט אן ביי געזעלל־שאפטען, צו דערגעהן דען וועג פון דער גאנצער מענשהייט.

י. ל. פרץ.

# דעם רבין'ס ציבוק.

מענשען, נישט דוקא אלטע יודען, געדענקען נאך, ווי ביי שרה רבקה'ן האט אמאל געפעהלט, נישט דוקא קינדער, נור אפילו ברויט, רחמנא לצלן! פשט־פשוט — ברויט! חיים ברוך אללייןן, דער מאנן איה־רער, איז שטאנדיג געוועזען א גרויסער חסיד; טאקי פון דער התחלה אן, זייט דער שווער זיינער (עליו השלום — איין עהר־ליכער יוד געוועזען) האט איהן אראב גע־ברענגט פון אונטער לובלין. מען האט באלד געזעהען, אז עס איז א כלי, א ברכה פון זיין ליעבען נאמען; אז עס איז אזוינס, וואס, אויב עס ברענגט נישט משיח'ן, צאפט משקה פון דער וואנד! ער האט שוין אזא צורה געהאט: אין די טיעפע, אונטער־געשלאגענע אויגען, האט שטאנדיג עפיס געציטטערט א מין בעהאלטען שיינדעל, גלייך עמיץ דרייט זיך ארום מיט א ליכט אין א פינסטערע שטוב! א בלאסס פנים, נור ביי וואס־עס־איז, האט עס אויפגע־

---

ליסט, א שור המועד, נור איך האב איהן ווייך געמאכט, געחאפט פאר'ן קאלנער, א טראסעל געטהאן — טראח און אין קארב'ל אריין. אח! ווי גוט עס וואלט געוועזען, אז יעדען נארר זאלל מען פערזעטצען אין א קארב'ל און יעדעם קארב'ל זאלל שטעה'ן אויפ'ן טראטואר אנשטאט א טומבע. איהר גלויבט, ווי שאן דאס וואלט געוועזען.

— הארט, — אט געזאגט דער שטיין, ווי וואלט איך וועללען פלאצען און אריין נייען קלאפטער אין דר'ערד, אבי נישט ליעגען אונטער אייך...

— אח, איך פערשטעה אייך, איך פערשטעה אייך, האט געקלונגען קורילקא. איך ווייס, אייך איז שווער, איהר קאנט נישט דערטראגען, איך בין צו גרויס פאר אייך. נור גלויבט מיר, אייער פער־דיענסט וועט נישט פערפאללען ווערען ביי די דאנק־בארע שפאטערע דורות. אויף אייך וועט מען אנשרייבען מיט גאלדענע אותיות: דא איז געלעגען באראן פאן קורילקא, איז יאהר...

נור דא האט אונטערגעחאפט קורילקא'ן דער בעזים, מיט וועלכען דער הויזקנעכט האט גע־קעהרט דען טראטואר, און ער איז אראבגעפלויגען פון שטיין.

— קעהר, קעהר! האט ער געשריען, — איך האב ליעב ריינקייט. אוועק מיט דעם מיסט, מיט דער אונריינקייט! אט אזוי, אט אזוי!

און ער איז געשפרונגען איבער'ן טראטואר אין איינעם מיט'ן מיסט, ביז ער האט זיך פערפלאנטעט אין בעזים.

— נו, יעטצט וועל איך פאהרען רייטענדיג אויפ'ן בעזים, האט ער געשריען, אדיע! איך פאהר

בליהט ווי אַ רויז, אַזאַ דינן הייטעל האָט ער געהאַט; בײַ די שלעפֿען האָט בע־שטאַנדיג זיך עפּיס געוואָרפֿען, געהאַקט — און מיט אַ פּשוט'ן יוועפּאָווער גאַרטעל האָט זיך די ברואה 10 מאָל אַרום גענומען, און אפשר מעהר?!

פֿערשטעהט זיך אַלליין, אַז פֿון פּשוט לערנען איז נישט געוועזען וואָס צו רעדען, אַזוינס געהט טיעפֿער און טיעפֿער: זהר, עץ־חיים... וואָס איהר ווילט נור אַלליין! מיט'ן רבין, זאָלל לעבען, פֿלעגט ער אָבזיצען שעה'ן לאַנג, און זיי האָבען צווישען זיך אפילו קיין וואָרט נישט גערעדט, נור אַלץ אויפ'ן אויג, מיט'ן וואונק! נו, רעד מיט אַ זוינעם מכח פרנסה?!

פֿאַר וואָס האָט'ן דער בית המדרש גערופֿען „חיים ברוך שרה־רבקה'ס". אָדער בקיצור: „שרה רבקה'ס מאַנן", פֿאַר וואָס האָט מען אָנגעהאַנגען אַללע „שערי בינה" אין'ם טאָפּף אַרבּיס מיט'ן ביסעל הייבען, מיט וועלכע שרה רבקה האָט געהאַנדעלט, איז טאַקי נישט צום פֿערשטעהן. זי אַלליין — שרה רבקה — האָט געהאַט ווילד עגמת נפש דערפֿון. עס איז טאַקי — האָט זי געפֿיהלט — אַ כבוד, וואָס ער הייסט אויף איהר נאָמען, נור — זי האָט אָבער אויך געוואוסט, אַז אַזויערנאָך קומט זי אָב מיט אַביסל נחת אויף דער וועלט! זי פֿלעגט

גאַנץ אָפּט, כמעט אַ פּאָר מאָל אין דער וואָך, קוממען אין בית המדרש אַריין מיט'ן טאָפּף אַרבּיס. „חיים ברוך!" האָבען די ישיבה־בחורים אויסגעשריגען, „דיין שפּייזערין געהט". נור חיים ברוך, זעהט אויס, האָט נאָך געפֿיהלט איהר גאַנג אויף די טראָפּ: ער האָט שוין לאַנג פֿערשטעקט די צורה אין'ם זהר, און איבּערן שטאַנדער ציטטערט נור דאָס פּעטטע, פֿערפֿערטע שפּיצעל פֿון דער יאַרמולקע. נור אפילו אויף דעם שפּיצעל קוקט זי אויך נישט; זי קוקט בכלל נישט אין זיין זייט אַריין, זי ווילל נישט זעהען ווי די שכינה רוהט איבּער זיין לערנען, זאָללען זיך איהרע אויגען נישט פּאַשען אויף דער וועלט. אַלץ — טראַכט זי — דאָרטין, דאָרטין, אויף יענער וועלט! נור אין האַרץ פֿיהלט זי דאָך אַ וואַרמקייט, אַ נחת, טהיילמאָל פֿיהלט זי זיך אַביסל ווי בערוישט, ווי נאָך אויסטונקען אַ גאַנץ קעלעשיקל צוקקער־בראָנפֿען אויף אַ ברית; די ישיבה־בחורים ווייסען שוין דערפֿון און... נאַררען זי אָב אויף דער מאָס, נעמען אַרויס אַ גראָסערע רעשט, מען חאַפּט בײַ'ן איהר אַזויאַביסעל אַרבּיס... און פֿערפֿאַללען! פֿון בית המדרש געהט זי אַרויס עפּיס ווי אויפֿגעוואַקסענער, גראָססער, מיט אַ העללערן, פֿרייערן בליק! עס איז זי גאָר נישט צו דערקענען, אַז זי איז שוין אַ ווייבעל פֿון

---

גלייך אין חינאַ צו'ם חינעזישען קיסר, ער מאַכט מיך פֿאַר אַ יורש פֿון זיין טראָן.

נור דער הויזקנעכט האָט איהן אַוועקגעטראָגען אין איינעם מיט'ן בעזים אין קיך אַריין און אַוועק געשטעלט אין ווינקעל נעבען אויבען.

— גוטען מאָרגען! האָט אויסגעשריען קורילקאַ: איך בין געקוממען צו פֿאָהרען פֿון דעם חינעזישען קיסר. דאָרטין איז געוועזען אַ סך ליכט...

— נו, דאָס איז שוין נישט אמת, האָט געזאָגט דער בעזים, איך האָב דיך פּשוט אויסגעקעהרט פֿון גאַסס.

— ווי דערוועגסט דו זיך רעדען מיר ענטגעגען, האָט זיך געהיצט קורילקאַ, דו, דו, דו, פּראָסטער פּויער! איך וועל דיך גלייך אין צירקעל פֿערזעטצען און דאָרטין וועט מען דיר געבען אַ גאַנצען טאָג

די גאַסס קעהרען.

— אַה! האָבען געזאָגט די שפּאַנדליך, וואָס זענען געלעגען אויף דער הרובע, — זעהט נור, דאָס איז דאָך דאָס שפּאַנדעל, וואָס מען האָט נאַכטען צוגענוממען פֿון אונז אַרויף. אַה, סאַר אַ שלעכט, אָבגעברענט, קאַטיג שפּאַנדעל דאָס איז געוואָרען. נור דאָך אונזערער אַ קרוב. וואָס מאַכסט דו, ליעב ברודער'ל?

— וואָס פֿאַר אַ ברודער'ל בין איך אייך! האָט געליאַרמט קורילקאַ, איהר קיכען־געזינדל, האַלץ־פֿלאַקער! איך בין פֿירסט, גראַף, באַראָן פֿיש, פֿון קורילקירר! און קורילקאַ איז אַרויסגעשפּרונגען פֿון בעזים און געפֿאַללען אויף דער דילע נעבען אויבען.

— ווי קאָנן מען נישט אַרוים פֿון די כלים, האָט ער שוין שוואַכער געברומט, — נור איך בין

עֶטליכֶע אוּנ צוואַנציג יאָהר— אָהן אַ קנייטש אויפ׳ן שטערן, מיט אַ געֶרייטעלט חנודיג פּנים׳ל, גלייך זי איז ערשט פון אונטער דער הופּה אַרוֹיס! אוּנ פון דעם טאַקי — אַז זי דערמאַנט זיך — האָט זי נ אָ ך מעהר עגמת נפש. עֶס וועֶט איהר, — טרויערט זי אין הארץ, — גאָר נישט בלייבען אויף יענער וועֶלט, זי וועט אַרויפקוממען ווי איין אָבּ־געֶפּליקטע גאַנז, אָהן אַ פּעֶדער פון אַ זכות אויפ׳ן לייב... וואָרום, וואָס ט ה וּ ט זי דענן? זי דרעהט זיך אַרום מיט׳ן טאָפּף אַרביס אין גאַסס, טראָגט אָב פון איין דאָנגערשטיג צום צווייטען די הייבען אין עטליכֶע הייזער אַריין! וואָס ה אָ ט ער פון איהר? כל זמן דער פאָטער עליו השלום האָט נאָך געלעבּט אוּנ דאָס ראָדעל האָט זיך געדרעהט, איז געֶוועֶזען אַ דירה אוּנ צו עֶססען, אוּנ צו טרינקען טאַקי כיד המלך. היינט? אויף אַללע שונאי ציון געזאָגט! דער נדן איז ערגיץ פּערפאַללען געוואָרען, דאָס הייזעל פערקויפט! אין דער פּריה פיש־גריץ — קאַרטאָפּעל מיט וואַססער, ביי נאַכט אַ יאַכיל מיט אַ נאָכטיגען בייגעל! אַט דאָס איז זיין עולם הזה! שוין 7 יאָהר האָט זי איהם אפילו קיין קאַפּאָטע נישט געמאַכט... אויף פסח — אַ היטל, אַ פּאָר שטיפּעל, נישט מעהר! משבת לשבת גיט זי איהם אַרויס אַ העמד; אומשטיינס געזאָגט — אַ העמד!

שפינוועבּס? זי טראָגט שוין אַ ברילל דורך די העמדער; צערע אוּנ צערע אוּנ גאָר נישט...

„רבונו של עולם, — טראַכט זי, — אַז מען וועט נעמען אויף יענער וועלט איין אות פון זיין תורה אויף איין וואָגשאָל, אוּנ אויף דער צווייטער וועט מען אַרויפלעגען אַללע מיינע יאַכליך מיט פישגריצען מיט מיינע אויגען צו... וואָס וועט איבערוואָגען?

זי ווייסט אַפילו, אַז עס איז פערקניפּט אויף דער וועלט, איז פערבינדען אויף יענער אויך! אַז נישט אַזוי געשווינד טהיילט מען דאָרט אָב אַ מאַנן פון אַ ווייב! אוּנ ער וועט דענן לאָזען? אַזאַ בריליאַנט ווי ער איז? זי זעהט דענן נישט, ווי ער ווילל דוקא זי זאָלל אויך טועם זיין ביי׳ם עססען... עס איז נאַרריש, ער וועט דאָך נישט רעדען, נור מיט די אויגען מאַכט ער; אוּנ אַז זי מאַכט זיך נישט וויססען, ברומט ער, ווי אין מיט׳ן שמונה עשרה... לאָזען וועט ער נישט — ניין! ער וועט נישט בעשטעה׳ן, ער זאָלל זיצען אויף דער פּאַטער־שטוהל צווישען צדיקים אוּנ אָבות, אוּנ זי זאָלל זיך ערגיץ אַרום וואַלגערן אין עולם התהו, אין וויסטע וואָלדער... וואָס העלפט עס אָבער, אַז ערשטענס וועט איהר גלאַט זיין אַ חרפּה די אויגען אויפצוהעבען צווישען די אמות: די בושה וועט זי פערברענען;

נישט קיין נוטר שנאה: איך האָב ליעב צוואַרמען זיך נעבען אַ הרובע.

וועֶנן דו רייזט זיך דורך אוּנ קומסט צוריק,
איז דער רויך פון פאַטערלאַנד אוּנז אַנגע־
נעהם אוּנ זיס.

אַלץ איז דאָ אַזוי גוט. איך האָב זיך אומ־געקעהרט אין מיין ממשלה. גוטען מאָרגען, הער קאָטער וואַסקאַ, איך וועל אייך מאַכען פאַר מיין אינטענדאַנט: ביי אייך פינקלען אַזוי די אויגען. איך קאָנן אויך פינקלען. ווען איך בין געוועזען אין גרויסען זאַל, האָט ביי מיר אויפ׳ן קאָפּף געפינ־קעלט אַ שטערן אין דונקעלע וואָלקענס.

— האָרט, האָט געזאָגט דער קאָטער, איהר זייט דאָס אונגוטצליכסטע וועזען אין דער גאַנצער וועלט. עס וואָלט זעהר גוט זיין, ווען מען וואָלט

אייך אַריינגעוואָרפען אין אויבען. לכל הפחות וואָלט איהר געבען אַ ביסל היטץ.

דעם קאָטער׳ס וואונש איז ערפיהלט געוואָרען. די קאָכין האָט אויפגעהויבען קורילקאַ׳ן אוּנ אַריינ־געוואָרפען אין אויבען.

— זעהט אַללע! האָט ער אויסגעשריען, זעהט!

איך געה אין פייער פאַר דאָס פאַטערלאַנד!

נו! לעבעדיגער צו דער זאַך! איהר אַללע נאַררישע האָלץ! לערנט זיך פון מיר, אַט אַזוי דאַרף מען ברענגען, טראַח, פיש, טוק, טשיק!!.

אוּנ קורילקאַ איז פערברענט געוואָרען, פון איהם איז געבליעבען נור אַ ביסעלע אש.

אוּנ וועֶנן דו וועסט אַמאָל נעהמען אש אין האַנד אַריין, טאָ היט זיך, חאַפּ זיך נישט מיט דער האַנד פאַר די אויגען: אין זיי קאָנן אַריינפאַללען

און צוויטענס האָט זי קיין קינדער נישט... „יאָהרען ציהען, יאָהרען פליהען"... 7 יאָהר וואהנט זי שוין, נאָך דריי בעשריגענע יאָהר און — אַ גט! זי וועט איהם דענן רעדען דאָס אַנדערע וואָרט? איין אַנדערע וועט זיין פוסבאַנקעלע זיין אין גן עדן און זי וועט זיך, גאָטט ווייסט, מיט וואָס עס איז פאַר אַ שניידער, פינסטערן ערגיץ אין גיהנום... וואָס? עס קומט איהר מעהר?

נישט איינמאָל קומט איהר אַ שניידער אָדער אַ שוסטער צו חלום און זי חאַפּט זיך אויף מיט אַ יללה. ער וועקט זיך אויף דערשראָקקען. ביי נאַכט אין דער פינסטער רעדט ער אפילו, פראָגט: וואָס איז? נור זי ענטפערט: גאָר נישט! זי וויינט, בעט גאָטט, עס זאָלל איהר אַריין אַ ברכה אין די אַרבּים אָדער אין די הייבען.

און ער איז טאַקי געוועזען אַ בריליאַנט! אַ נאַררישע יודענע, טראַכט ער, אין וואָס איהר געהט דאָ! און פון דעסט וועגען — קלערט ער — דאַרף מען עפּים צו טהון דערינגען! אפשר וועט זי זיכער אַמאָל עפּים נעמען אין מויל אַריין, פערגיננען זיך!

ער האָט געזוכט אין די ספרים און געזוכט, נור אַמאָל מאַכט זיך, אַז וואָס מען זוכט, געפינט מען דוקא נישט! אַזוינע זאַכען קוממען בהיסח הדעת, אומגעריכט!

טהייל מאָל — דאַכט זיך איהם — אַז ער איז שוין אויף אַ דרך, איז איהם, מעשה שטן, עפּים מבלבל, און ער מוז אָנהעבען זוכען אויף-דאָס-ניי! ער האָט זיך מישב געוועזען צו מאַכען דערפון אַ שמועס מיט איהם, זאָלל לעבען! עס איז אָבער שווער געגאַנגען. איינמאָל האָט דער רבי נישט געהאָרט, פערטראַגען געוועזען; צווייִמאָל האָט ער געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ נישט אַהין און נישט אַהער, דאָס דריטטע מאָל האָט ער געענטפערט:

— הום! אַ ודאי וואָלט אַ יושר געוועזען, נור דערווייל איז עמיץ אַריין געקוממען.

דערנאָך, איז ער עקסטראַ געפאָהרען און געפראָגט: נו?

—נו! נו! האָט דער רבי געענטפערט, און וויטער גאָר נישט.

איינמאָל זיצט חיים ברוך ביים רבי'ן ערב שבת און גיט אַ זיפץ.

— קיין שטיינער — באַזאָרט זיך דער רבי — מיינס אַ חסיד זיפצט נישט. וואָרען טאַקי, וואָס?

— די הייבען — ענטפערט חיים ברוך.

— מען האָט שוין אין כל תפוצות ישראל חלות געבאַקקען — ענטפערט דער רבי! פרייטאָג נאָך צוועלפען רעדט מען נישט פון קיין הייבען!

נור שבת-צונאַכטס האָט שוין חיים ברוך

---

אַ שטויב פון קורילקאַ'ן, — אַח, ווי דאָס זועט דיר די אויגען אויסעססען!

און ווייסט דו? די קורילקאַ'ס זענען פון דעסטוועגען נוטצליך. זיי מאַכען פעטט די ערד מיט זייער שטויב, נאָך זייער טויד. ווען דיר וועט זיך אַמאָל מאַכען אויף דיין לעבען בעגעגנען אַ קורילקאַ'ן, וואָס דערעסט אַללעמען, פלוידערט אַ סך און טהוט גאָר נישט, ווייס, אַז דאָס איז נישט אַנדערס, ווי איין אומגעהענדיגע מאַשין אויף מיסטיגען דיין ערד, אויף בעדעקקען זי מיט זיין דינגער (נאַוואָז). דאָס איז גאָר!

ד. פולס.

## ציעסלאַוו.

### אויף דער געפּרוּוירענער שויב.

(פון פּאָלנישען, פריי איבערזעצט).

אַמאָל, פאַר יאָהרען, בין איך געוועזען אָבער גאָר אויף אַ הויכע מדרגה... טאַקי נישט וויט צום הימעל! אַז איך האָב אין אַ שטיללע נאַכט אַ פענסטער געעפענט, האָב איך געהאָרט ווי מלאכים זינגען, און אַז אונטען אין גאַס האָט געפּאַטשט אַ רעגען, אַ ווינד האָט זיך געשפּיעלט מיט זאַמד און מענשען די אויגען פערשיטט, איז ביי מיר, אויבען אין דער הויך, געוועזען אַזוי רוהיג, אַזוי שטילל, אַז מען האָט געהאָרט יעדען דראַפּ אין די מיזען-לאָכליך. עס האָט זיך מיר אפילו

אַרויסגערעדט בפירוש:

— רבי, — מאַכט ער, — אפשר וואָלט איהר זיך מַכנים געוועזען אין דער זאַך?

נור דער רבי ווערט ווייטער באַז:

— און דו — מאַכט ער — ביזט חולה? פאַר דיין תפלה איז דער הימעל, חס ושלום, פערמאַכט?

חיים ברוך האָט בפירוש געהערט „חס ושלום", עס איהם אַראָב אַ שטיין פון האַרץ און פון דעסטוועגען איז ווייטער אַוועק אַ פאָר חדשים און גאָר נישט... אויף ראש השנה איז ער געקוממען נאָך אומגעפּועלט. מוצאי יום=טוב גיט איהם דער רבי פּלוצ=לינג אַ קלאַפּ אין די פּלייצעס אַריין בפני קהל ועדה און פראָגט: „חיים ברוך, וואָס פעהלט דיר?" ער איז פערשעמט געוואָרען און געאָנטפערט: „גאָר נישט!"

— שקר! מאַכט דער רבי, — דיר פעהלט עפּיס.

— וואָס? פראָגט חיים ברוך פערציטטערט און אויף דער צונג איז איהם שוין געלעגען די „ברכה אין הייבען און אַרביס", נור דער רבי האָט איהם נישט געלאָזט צום וואָרט קוממען און אָבגעצאָהלט וואָרטער ווי פערל:

— „דיר — חיים־ברוך — פעהלט — אַ — ליולקע=ציבּוק!"

דער עולם איז נבהל ונשתּומם געוואָרען.

— דו רויכערסט, מאַכט דער רבי, פון אַ פּיפּקעלע ווי אַ בעל=עגלה!

חיים ברוך'ן איז אַרויס דאָס פּיפּקעלע פון מויל, און ער האָט קוים אַרויסגע=שטאַממעלט:

— איך וועל זאָגען שרה=רבקה'ן.

— זאָג, זאָג, מאַכט דער רבי. זאָל זי דיר קויפען אַ גרויסע ליולקע=ציבּוק... נעם דיר=מיט מיין יום=טוב'דיגע פאַר אַ מאָס; כּהויה זאָלל זי זיין.

און ער האָט איהם איבערגעגעבען זיין ליולקע=ציבּוק.

און דאָס איז עס געוועזען אין גאַנצען!

נאָך איידער ער איז אַהיים געקוממען, האָט מען שוין אין שטעדטעל געוואוסט, אַז חיים ברוך פיהרט דעם רבינס יום=טוב=דיגע ליולקע=ציבּוק...

— נאָך וואָס, נאָך וועגן? האָט מען געפראָגט אין אַללע גאָסליך, אין אַללע הייזליך. — נאָך וואָס? האָבען געצאַפּעלט אַללע יודישע נשמה'ס?

נאָך וואָס? האָט מען זיך אַלליין גע=אָנטפערט — מן הסתם אויף קינדער!

חיים ברוך, דאַכט זיך, ליידט נאָך אויף דעם, וואָס אַללע לומדים ליידען, מן הסתם וועט דער רויך פון רבינס יום=טוב=דיגע ליולקע האָבען אויף דעם אויך אַ פּעולה! אַהאַ! נאָך עפּיס: שרה=רבקה

גערַאכט, אַז די זונן שיינט ביי מיר אין אַללע ווינקעלעך!

עט, וואָס אַמאָל איז געוועזען...

אַ מענש איז געוועזען יונג, מיט אַ געזונדען מאָגען; טאָג מיט גאָלדענע פּלאַנען, נאַכט מיט ברילאַנטענע חלומות... זוממער, וואַלד, רויזען. און צווישען די רויזען האָט געקלונגען עמיצינס אַ געלאַכטער אַ קלינגענדינס, אַ רוינס ווי אַ זילבער'ן גלאָקקעל... אַ הימעל מיט שטערן, גאָלדענע, חנודינע שטערנדליך אויפ'ן העלל־בלאָהען הימעל... צווישען די שטערן איז איינער מיין געוועזען, אודאי!

טרויעריגע מענשען האָב איך ווייניג געזעהען, קלאָג־ליעדער ווייניג געהערט... צווישען מיר און דעם לעבען האָט אַ מלאך אַ זיידענע גאַזע אויפגע=האַנגען, דורך וועלכער אַללע טרערען זענען פּאַטעטיש געוועזען, אַללע זיפצען זענען דער ליעבעס איינניק=ליך; און אויב עמיץ צו ברעכט אַ פוס, קריגט ער באַלד אַלס נאַגראַדע אַ פּאָר ברעננענדיגע אויגען, צווי אַלאַבאַסטער האַנטליך און אַ גאָלדען האַרץ, וואָס טרעטען זיין בעט נישט אָב, ביז ער געהט מיט זיי אונטער דער חופה...

אויסער דעם האָב איך געהאַט אַ זיכערע אידעע גליקליך צו מאַכען די גאַנצע וועלט...

---

עס איז געוועזען, איך געדענק גאַנץ גוט — פעברואַר. אַהיים בין איך געקוממען געפרוירען; עס איז געוועזען אַ פראָסט, אַ שטאַרקער, נור אַלץ אונטען; די שטערן אין דער הויך האָבען געלאַכט אויס איהן אין די קליינע פויסטען און געגליטשט זיך איבערן זיידענעם טישטוך. און ביי מיר איז אויך

ליידט אויף די אויגען, צו 22 יאהר טראגט זי א ברילל, דער רבי האט עס אודאי אין זינן געהאט, א קליינינקייט חיים־ברוך'ס ווייב!

אונ גלאט: צו וואס העלפט נישט אזא ציבוק? אונ נאך א יום־טוב־דיגער ציבוק?!!

אונ איידער חיים ברוך איז אראב פון דער פוהר האבען איהן שוין הונדערט מענשען געבעטען, ער זאלל בארגען דען ציבוק אויף א חודש, א וואך, א טאג, א שעה, א מינוט, א רגע... מען וויל איהן אבגילטען!

נור ער האט אללעם געאנטפערט:

— איך ווייס? פרעגט שרה רבקה'ן...

אונ א נבואה איז איהם ארויס פון מויל...

---

שרה רבקה האט א וואהל געשאפט...

ח"י גדולים פאר א ציה פון דער ליולקע־ציבוק! ח"י גדולים, נאך נישט א גראשען ווענינער! אונ דער ציבוק העלפט! שרה רבקה האט שוין איהרם א הייזעל, א שאן געוועלבעל, א סך היינבען, א סך אנדערע סחורות. זי אלליין איז פולל'ער געווארען, געזונדער, אויסגעגלייכט! זי האט דעם מאנן שוין נייע וועש געמאכט אונ די ברילל'ען אוועק־געלעגט...

פאר עטליכע וואכען איז מען געקוממען נאכ'ן ציבוק פון פריץ וועגען! מען האט אנידער־געלעגט דריי זילבער־רובל, ווי דענן!

— אונ קינדער? ווילט איהן וויססען.

— אודאי! שוין דריי צו פיער... ער איז אויך א גאנצער מענש געווארען...

---

אין בית המדרש איז שטאנדיג א פלפול. טהייל זאגען, אז שרה רבקה וויל ל נישט אונ וו ע ט נישט אבגעבען דעם רבין דען ציבוק; אנדערע זאגען, אז זי האט איהן שוין לאנג אבגעגעבען אונ דאס איז איין אנדערער אונ ער אלליין, חיים ברוך, שווייגט.

ווארום טאקי, למאי נפקא מיניה? אבי ער העלפט!

היתום אנלמאירעווו.

---

גוט געוועזען; קיין מלאכים־געזאנג האב איך דורכ'ן פערמאכטען פענסטער נישט געהערט, נור זילבערנע שטראהלען האבען ארומגעטאנצט אין שטוב, א מחיה! עס איז מיר געוועזען גוט, עס איז מיר וואהל געוועזען... עס האט זיך מיר נישט געגלוסט אנצוצינדען א ליכט; איך האב מיך געווארפען אויפ'ן בעטט אונ פערקוקט אויפ'ן פענסטער...

פלוצלינג איז מיר א ביסל טרויעריג געווארען...

— אהא! דערמאנן איך מיך; עס געהט צו זוממער... עס פיהלט זיך די היים...

איך טראכט אונ קוק ווייטער אויפ'ן פענסטער...

די פערפרוירענע שויב זעהט זעלטען אויס מיט די אלא...ייר ווייסע צווייגליך אונ בוימליך, וואס בייגען זיך איבער ... לעגען זיך איינס איבערן צווייטען... דא, וואו עס ...הרט אן א שטראהל, בליצט ווי א קרעלל אויף דער ...ווייג — דארט ליגט זיך א שטיקל דינגע זילבערנע קא... אנקע...

איך בעמערק עס ערשט ווי צום ערשטען מאל, אונ עפים אין הארץ ווערט וויכער אונ טרויעריגער, אין די אויגען פערדרעהט זיך א טרעהר א... דורך דער טרעהר זעהט ווייטער אללעס גאר אנדע..ם אויס, עס אנדערט זיך דאס גאנצע בילד אויף דער שויב...

עס איז נישט קיין זילבער..ע נעץ, זי פער־גרינענט זיך אונ איך זעה בחוש אונזער דאך, זוממער

בעוואקסען מיט מאך... אט, נידריגער ברעננען די קליינע שייבליך... עס מוס זיין פארנאכט אונ די מאמע שטעהט ביים קוימען אונ קאלט וויעציערע; פון פלאמם ברעננען די שויבען... אין דער זייט ליגט מיין ברידערל אויף דער פאדלאגע, מיט ברעננענדיגע אויגען, א שאנער יונג וועט פונ'עם זיין, נור בלאסס איז ער אונ שטאנדיג פערטראכט, גלייך אין די דריי יאהר, וואס ער איז אויף דער וועלט, איז איהם שווער דען הימעל צו פערגעססען... דער טאטי איז געוועזען ביים דאווינען, נור ערנסט שטעהט אונ גרייט צום טיש די שוועסטער, אויך בלאסליך, מיט האהר לאנגע, וויינע ווי לען...

א! ווייט, ווייט איז נאך דאס אללעס... נאך עטליכע וואכען צום פרייען דארף, צום זוממערדיגען לעבען...

פלוצלינג ווערט טונקעל די שויב —

א וואלקען האט דען הימעל בעדעקט.

---

אונ א וואונדערליכע זאך: דען זעלבען פאר־נאכט איז אונזער הויז פערברענט געווארען.

ל. פינגל.

# קְרִיטִיק.

אַ. קאָטִיקס עֶט אַ. בּרעֶסלעֶרס אויסגאַבּעֶן. וויססעֶנשאַפטלִיכֶע פאָלקס-בִּיכעֶר. עֶרשטעֶס בּוּך: ווִי האָבּעֶן מעֶנשעֶן געֶלעֶבּט מִיט אֵיינִיגעֶ טויזעֶנד יאָהר צוּרִיק. פעֶרפאַסט פוּן פאַוּלאָווִיטש. אִיבּעֶרזעֶצט דוּרךְ קאָטִיק אוּנ בּרעֶסלעֶר.

האָרט אַ מעשה, וואָס אִיךְ וועֶלל אַייךְ פעֶרצאָהלעֶן מִיט קאָטִיק עֶט בּרעֶסלעֶרס לשון, מִיט זֵייעֶר גראַממאַטִיק אוּנ לאָגִיק:

דִי מעשה אִיז אַזוֹי: דעֶר לעֶבּעֶן מִיט דִי אָבּסטאָיאַטעֶלסטוועֶס דרעֶהעֶן זִיךְ, דִי פרעֶדמעֶטעֶן מִיט דִי פאָלאָזשעֶניעֶס ראַזווִיוואַיעֶן זִיךְ. עֶס אִיז געֶוועֶזעֶן אַיין אוּנגעֶדעֶנקטעֶ צייט, וואָס אַללעֶ מעֶנשעֶן האָבּעֶן נִישט פעֶרזוּכט פוּן עץ הדעת! דִי אַללעֶ פרעֶדמעֶטעֶן, וואָס מִיר נִיטצעֶן יעֶצט, זעֶנעֶן נִישט בּעֶשאַפפעֶן געֶוואָרעֶן ערב שבת בין השמשות! אִין דעֶר פעֶריאָדעֶ (צייט) פוּן נאַרִישעֶ, פעֶרגראָבּטעֶ מנהגים, פִיהרוּנגעֶן, וואָס עֶקזִיסטִירט בּיי אַמאָלִיגעֶ עֶלטעֶרן מִיט'ן נִיט-צייטִיגעֶן אוּנ נִיט-ראַזווִיטנעֶ שכל אוּנ קלֵיינעֶ ספּאָסאָבּנאָסטעֶן, אִיז, פאָניאַטנעֶ, וועֶגעֶן לִיטעֶראַטוּר מִיט אִיהרעֶ גוּטעֶ, לִיבּעֶ אַיינדרוּק, אִין זִינְנעֶן, ווִי מִיר מֵיינעֶן האָבּעֶן זֵיי קֵיין בּעֶגרִיף! בּיים אָטשטאַג פוּן לִיטעֶראַטוּר האָט זִיךְ ראַספּאָריאַזשאַיעֶט שמ"ר אוּנ אַנדעֶרעֶ קלֵיינעֶ פִיה, וואָרעֶ שמ"ר, זֵיי אַללֵיין האָבּעֶן דעֶרקאַזשעֶט אַיינצוּסטראָיעֶן בִּיכלִיךְ אוּנ האָבּעֶן מִיטן ספּאָרטשעֶנעֶם מאָזג געֶספּאָלנִיט אַללעֶ זאַדאַטשעֶס! דִי פאַלשעֶ קרִיטִיק מִיט'ן וואַרפעֶנדעֶן געֶוועֶהר האָט נִיט געֶהאַט דִי דרֵייסט אוּנ דִי חִיטראָסט צוּ בּראַקִיווֶעֶן, אָבִּיזשאַיעֶן; זִי האָט זִיךְ ווִי אַ געֶפּגר'ט פאָגעֶל אַיינגעֶבּויגעֶן אִין אַ דוּגאַ אוּנ פעֶרבּעֶהאַלטעֶן אִין פעֶטשעֶרִים.

אוּנ שמ"ר'ס נִישט אִיסקוּסטווִיעֶננעֶ, נִישט פִּיטאַטעֶלנעֶ, פאַנטאַסטִיטשעֶסקעֶ ווערק, זעֶנעֶן פאָכאָזשעֶ אויף זשִילִים אוּנ וואָרעֶ דִי גראָז, וואָס וואַקסט אַללֵיין אויף דִי פעֶלד אָהן אַ געֶגעֶשטִין, אָהן אַ נאַפּאַדיעֶניעֶ, נאַפּראָטִיוו מִיט פּאָלנעֶ אוּוואַזשעֶניעֶ. זֵיינעֶ האָלצעֶרנעֶ פלאַסטִינקעֶס, אוּמגעֶשמִירטעֶ מִיט ווִיכעֶ שמִירוּנג, האָבּעֶן דעֶם עוֹלם געֶקלוּנגעֶן ווִי פרִיוואָטנעֶ בּוּבּעֶנטשִיקעֶס אוּנ זֵיין לוִיבּ האָט זִיךְ געֶהאָרט ווִי אויסשוּססקלאַפעֶן פוּן שטאָהלעֶרנעֶ געֶשִיקט-שִיעֶסעֶנדעֶ פִּיסטאָלעֶטעֶן!

[נ]וּר, ווִי געֶזאָגט — דִי אָבּסטאָיאַטעֶלסטוועֶס דרעֶהעֶן זִיךְ — אוּנ מעֶן האָט אָנגעֶהויבּעֶן וואַזשנעֶר קוּקעֶן אויף דִי פעֶלד מִיט דִי גראָז אוּנ דִי אָדעֶר יעֶנעֶ געֶווִיקסעֶ אוּנ פעֶרלאַנגט פראָבּעֶס אויף דִי ווֵייץ, וועֶרעֶן בּעֶקאָנט מִיט תבואות, קרִיגעֶן פִיזִיטשעֶסקעֶ מאָגלִיכקֵייט בּעֶקוּממעֶן שפּייז אַ חוּץ דִי סטאַדעֶ — שמ"ר עֶט קאָמפּאַנִיעֶ.

עֶס אִיז געֶוואָרעֶן אַ בּוּרעֶ, אַ סטראַשנעֶ האַלאַס! שלום עליכם האָט דער עֶרשטעֶר געֶרעֶשעֶט צוּ טאָפּטשעֶן מִיט דִי פִיס, אויסטשאָראָפּעֶן דִי פּאָטשווּעֶ, צוּ שרֵייעֶן: גראַבּיאָזש! אוּנ צוּמאַכעֶן אַ סִילנעֶ נאַפּאַדיעֶניעֶ אויף שמ"ר'ס קרעֶפּאָסטעֶן אוּנ אוּקרעֶפּלעֶנִיעֶס אוּנ האָט אִיהן גאַנץ אַיינגִינעֶהם געֶהאַרגִיט...

אוּנ אַז שמ"ר אִיז שוֹין טוֹיט (אָדעֶר אִין אַמעֶרִיקאַ), פאַר וואָס זאָללעֶן זִיךְ קאָטִיק עֶט בּרעֶסלעֶר נִישט מאַכעֶן אַ סאָאָבּשצִיעֶניעֶ אוּנ מִיט אָבּשצעֶ סִילעֶס, אִיבּעֶרזעֶצעֶנדִיג דעֶן בּעֶרִיהמטעֶן פאַוּלאָווִיטש, געֶבּעֶן נאָךְ אַמאָל שמ"ר'ן אַ קאָפּף? וואָס שאַדט עֶס? נאָךְ אַמאָל געֶפִינְנעֶן אַמעֶרִיקאַ!

---

נוּר לצנות אָן אַ זייט! אפשר ווִילט אִיהר ווִיססעֶן, ווי אַזוֹי אַ מעֶנש האָט זִיךְ אויסגעֶלעֶרנט רֵייטעֶן? אפשר מֵיינט אִיהר, אַז פעֶרצייטִישעֶ דִירות זעֶנעֶן געֶוועֶזעֶן האָבעֶר, שטאַרקעֶר אוּנ עֶס האָט זִיךְ געֶקאָנט טרעֶפפעֶן, אַז אַיין אדם הראשון אִיז

גראָד געשטאַנענען פֿערבראַכֿט איבער אַ רינדשטאָק, בשעת אַ פֿערד איז אין אינפּעט דורכגעלאָפֿען דורך זיינע צושפּרייטע פֿיס, און דער מענש איז געבליבען זיצען רייטענדיג? אפשר מיינט איהר גאָר, אַז אַ מענש האָט געוואָלט חאַפּען אַ פֿערד, און האָט עס טאַקי אָנגעחאַפּט ביי דער ציפּרינאַ, נור ער האָט נישט געוואָלט, דאָס פֿערד זאָלל איהן בייסען, האָט ער זיך אַרויפֿגעחאַפּט איהם אויפֿ'ן רוקען און איז אַוועק רייטענדיג? איך קאָנן אויך גאָר איינפֿאַללען, אַז ער האָט געזעהען ווי אַ פֿליג רייט אויף אַ פֿערד און האָט אויך געפּרוּווט די זעלבע קונץ? פֿון פּאַוולאָוויטשען (איבער די איבערזעצער האָבען איהן געטריי איבערגעגעבען) וועט איהר ערשט געוואָהר ווערען דען גאַנצען אמת; די מעשה איז אַזוי געוועזען: דער מענש האָט שוין געוואוּסט, וואָס מען מיינט אַ חמור, אָדער אַ פֿערד, למשא; ביים איבערציהען פֿון איין אָרט צום צווייטען, האָט ער זיינע זאַכען אַרויף געלעגט אויפ'ן „פֿערדם פּלייצע" און דערנאָך איז איהם ערשט איינגעפֿאַללען, אַז דאָס פֿערד קאָנן איהן אַלליין אויך טראָגען! נישט גוט, האַ?

פֿון פּאַוולאָוויטשען וועט איהר געוואָהר ווערען אַ שכל פֿון אַ באָר, הערט! אַז „אַ בער שטעהט שלעכֿט אין דער מלחמה (!) מיט זיינע שׂונאים (!), חאַפּט ער מיט די פֿאָדערשטע לאַפּעס גרויסע שטיקקער האָלץ, מאַכֿעוועט מיט זיי און מיט דעם פֿערטרייבט ער זיינע שׂונאים!" איהר האָט אודאי נאָך אַזוינס נישט געהערט. עס איז אייך אַודאי שווער צו גלויבען! נור איהר טאָרט נישט פֿערגעססען, אַז דאָס איז נישט דער באָר פֿון נייענצעהנטען יאָהרהונדערט, וואָס האָט שוין לאַנג דען שׂכל פֿערלאָרען, נור אַיין אַלטער, אַמאָליגער באָר, ביי וועלכֿען מיר האָבען זיך (לויט פּאַוולאָוויטשען אָדער זיינע איבערזעטצער) אויסגעלערנט בענוטצען זיך מיט אַ שטעקען!

דער מענש האָט אַ מעלה, „אַז ער קאָנן ריהרען, אַרבייטען מיט זיין מאַרך פֿון קאָפּף, וואס גיט איהם מאָגליכֿקייט מיט אַזוינע זייטיגע קלוגע מיטלען ערפֿיללען זיין געברויך, וועלכעס מיט זיין קאָרפּערליכֿען בוי איז ער נישט אימשטאַנד דאָס צו בעקוממען" און „קאָנן וואַרפֿען אַ שטיין אָדער אַ שטיק האָלץ אויף אַ ווייטע שטרעקע און הרגענען דערווייל זיין שׂונא, די ווילדע טהיר, איידער זי אויספּעיעט צו נעהען צו איהם" נור „האָבענדיג מאַרך אין קאָפּף, און קאָננענדיג מיט איהם ריהרען, האָט ער דאָך געמוּסט אַסך לערנען, איידער ער האָט געקריגען, למשל, „אונזער וויסען וועלכֿע שפּייז און געטראָנקע ערוואַרעמט דעם קאָרפּער" ווי אַזוי „צו פֿערריכֿטען די פֿעהלערען פֿון די נאַטור".

נור אַמוויכֿטיגסטען איז צו וויסען, ווי אַזוי דער מענש האָט זיך אויסגעלערנט צו מאַכֿען אַ בויגען! דערצו דאַרף מען פֿערשטעהן דען דין פֿון עלאַסטיציטאָט (דאָס צוריק שפּרינגען פֿון פֿערשידענע קאָרפּער) און פּאַוולאָוויטש ווייס דען דין און פֿערצאָהלט כהויה, ווי אַזוי עס איז געוועזען:

„וואָהנענדיג אימער אין וואַלד און קוקענדיג אויף אַללעס, וואָס געפֿינט זיך אַרום איהם, האָט דער מענש געמוזט ניט ווילענדיג בעמערקען די נאַטור פֿון די חיות אויך די נאַטור פֿון די בוימער. עס האָט זיך געטראָפֿען אַז ווילענדיג חאַפּען אַ פֿויגעל (,) וועלכע איז געשטאַנענען אויף איין צווייגעל און איינבויגענדיג דאָס (,) אום צו חאַפּען די פֿייגעל, ווען ער האָט גראַדע ניט ווילענדיג אָבגעלאָזען דאָס צווייגעל, איז מיטען קלאַפּ, וואָס זי האָט געגעבען, קומענדיג צוריק אויף איהר אָרט, איז דאָס פֿייגעל געהאַרגיט געוואָרען! דאָס האָט איהם אַרויף געפֿיהרט אויף אַ געדאַנק (,) בענוטצען זיך מיט דעם קראַפֿט פֿון איינגעבויגענעם האָלץ און אַזוי איז אַרויסגעקוממען אַ באָגען".

און אַזוי איז אַרויס דער „פּערוואָביטנער" אַמאָהליגער בויגען! אַללע קאָננען זיך אינ=

טערעסירען מיט דער פראַגע, ווי אַזוי אַ מענש האָט זיך אויסגעלערנט „בעהאַלטען אויף שפּעטער”. מען ווייסט, אַז די ווילדע פעלקער האָבען דערפון קיין בעגריף נישט, אַז דאָ פרעסט מען צוזעצטערהייט, פערפעהלט עססענוואַרג — שטאַרבט מען פאַר הונגער. נור פּאַוולאָוויטש איז צו אָריגינעלל, ער זאָלל זיך אינטערעסירען מיט דעם, וואָס אַללע אינטערעסירען זיך. ער פראָגט פערקעהרט: ווי אַזוי האָט ער זיך אויסגעלערנט צו וויססען, אַז פליייש קאָנן מען נ י ש ט בעהאַלטען? און פּאַוולאָוויטש'עס שכל, געקלייידט אין קאָטיק עט ברעסלערס פאָרם, אַנטפערט כהאי לישנא: מען דאַרף—

גערענקען אין די גוטע צייט אַז עס קאָנן קוממען אַ שלעכטע, און איבערלאָזען אַ פּאָר-ראַטה (זאַפּאַס) דאַן ווען עס איז דאָ איבעריג אויף די צייט וואָס וועט פעהלען, אַלזאָ, נאָכדעם ווי ער האָט זיך זאָ בעטראַכט, ווען עס האָט איהם געגליקט למשל אַמאָל אויף דער פּאָלעוואַניע, האָט ער בעהאַלטען אַ זאַיאָנץ (האָז) מיט אַ פּאָר פאָגעל, ווי מען זאָגט, נאַטשאַרני דען אויף מאָרגען איז איהם גראַדע אַייגעפאַללען איבערבייטען דעם אָרט. ער גייט, טראָגט זיך מיט דער משא אויף די פּלייצעס און עס איז איהם צוליעב דעם דער גאַנג שווערער, עס פערמאַטערט איהם, ער קאָנן זיך נישט ריהרען, ער איז עפּיס ווי געבונדען דעריבער האָט ער ניט געקאָנט חאַפּען צוויי הערשען וועלכע זענען איהם פערביי געלאָפען אויפ'ן וועג. נור פון דעסט-זועגען האָט ער ווי עס איז פאָרט געחאַפּט אַ טהירכען (אַ חיה'לע) האָט זיך אָנגעגעססען און גייט ווייטער און צופרידען מיט דעם וואָס זיין זאַפּאַס איז גאַנץ און קען איהם נאָך דינען אַמאָל אין אַ נויט. אין איינינגע טאָג אַרום איז טאַקי געקוממען דער טאָג אויף וועלכען ער האָט זיך שטאַרק געריכט און אונזער ווילדער נעמט זיך צום פּאָקעל וואו עס ליעגט דער זאַפּאַסנער זאַיאָנץ. אָבער דער לעצטערער איז ניט געלעגען אויף אַ לעדניק, נור די הייסע שטראַהלען פון דער זאָננע האָבען איהם געוואַרעמט דעריבער איז ער געוואָרען פערעפּושט און פערוואָרימט. דער יאָגער ווערט בּאָז אויף דעם זאַיאָנץ, וואַרפט איהם אַוועק און נעמט זיך צו די פאָגעל, נור דאָ זעהט ער איז אויך דאָס זעלבע ווי ביי'ן זאַיאָנץ „נו, קלערט ער, שוין גלייכער ליידען אַביסעל הונגער, איבערקוממען ווי עס איז מיט אַ ביסעל יאַגדעס, שוואָמען, אײדער עססען אַזאַ שמוטץ. נור צו וואָס האָט מיר נאָך געטויגט טראָגען אַזאַ פערדאָרבענעם עססען וועלכעס איך קאָנן ניט געברויכען? צו וואָסערע כפּרות האָב איך מיך איינגעמאָטערט מיט דעם, און לאָ די וואָס איך האָב מיך נור דערשוויצט ביי איהר, האָט זי מיר נאָך געשטערט חאַפּען דעם געשמאַקען הערש”. הכלל, דער ווילדער איז געקוממען צו דער דעה אַז קיין זאַפּאַסען מיט פליייש קאָנן מען ניט מאַכען...”

אַזוינע פערל פון חכמה, שכל הישר, גראַממאַטיק און אָרטאָגראַפיע געפינט מען אינ'ם קליינעם ביכל פולל און פיעל! אַלץ איז אָנגעוויזען „איבער אַיין אויער”, אַלץ איז אַרויסגעזאָגט ווי פון אַ שטוממען און אַלץ איז געשריבען „נח מיט זיעבען גריזען”.

עס איז אונס שווער געוועזען צו בעקוממען דאָס אָריגינאַל, אום צו וויססען, צו האָבען מיר די אַללע דומהייטען צו פערדאַנקען פּאַוולאָוויטשען אַלליין אָדער זיינע איבערזעצער. נור פאַר אונס איז עס נישט וויכטיג: גענוג, אַז דאָס פאָלק קריגט אין דער האַנד אַריין אַ ווערקיל, וואָס קאָנן נישט ליכטיג, נור פינסטער מאַכען אין מוח. —

בן תאר.

בעשלאָג נישט געהאַט ·

— וואָס איז? האָט זי אַרויסגעשריגען אין גאַסס אַריין.

— רבקה זיינוועליס איז נפטר געוואָרען. די מאַמע איז צוריק געשפרונגען פון פענסטער.

— ברוך דיין אֶמת! האָט דער טאַטע אַרויסגעזאָגט... שטאַרבען איז גאָר נישט...

— ברוך דיין אמת, מאַכט די מאַמע, ערשט גערעדט פון איהר!

---

דעמאָלט האָב איך געהאַט אַ וווּנדערליך אונרוהיגע צייט. איך ווייס אַלליין נישט, וואָס מיט מיר איז געוועזען.

טהייל מאָל בין איך גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפען. אין די שלעפען האָבען מיר ווי האַממערס געקלאַפּט און דאָס האַרץ האָט אַזוי גענאָגט, גלייך ווי עס וואָלט זיך געשראָקקען פאַר עפּיס, אָדער נאָך עפּיס שרעקליך געבאָנקט; טהייל מאָל איז מיר ווייטער אַזוי וואַרם און ווייך געוועזען אויפ'ן האַרץ, אַז איך וואָלט געוואָלט אַלץ אַרום נעמען און קושען און האַלזען.

נור די ברידערליך האָבען צו זיך נישט געלאָזט, אפילו דער 5 יאָהריגער יוחנן האָט געקאָפּעט און געשריען, אַז ער וויל זיך נישט שפּיעלען מיט קיין מאָדעל. די מאַמע, אויסער דעם, וואָס איך האָב פאַר איהר מורא געהאַט, איז שטאָנדיג געוועזען באַז און פערייאָגט, און דער טאַטע — נאָך קראַנקער. אין אַ קורצע צייט איז ער אין גאַנצען גראָה געוואָרען ווי אַ טויב, דאָס פנים איז איינגעשרומפּען געוואָרען ווי אַ פּאַרמיט, און די אויגען האָבען אַרויסגעקוקט אַזוי אונבעהאָלפען און מיט אַזאַ שטום געבעט, אַז עס איז גענוג געוועזען, איך זאָלל עס דערזעהען און אַרויס לויפען פון שטוב מיט אַ געוויין.

דעמאָלט פלעג איך מיך דערמאַנען אָן מיין בערלען... איהם וואָלט איך געקאָנט אַלץ דערצעהלען, קושען און האַלזען... נור ער ליעגט דאָרט אין דער קאַלט'ער ערד און עס האָט מיך אָנגעהאַפּט נאָך אַ ביטטערליכער געוויין...

די טרערען, אייגענטליך, פלעגען זיך מיר בעווייזען גאַנץ אָפּט אָהן אַ טעם.

טהייל מאָל האָב איך אַרויסגעקוקט פון פענסטער אויפ'ן הויף אַרום און געזעהען, ווי די לבנה שווימט און שווימט צו אַללע מאָל נאָהנטער צום אויסגעווייסטען פּלאָט, וואָס איז געגען אונזער פענסטער, און קאָנן דען פּלאָט נישט אַריבער. און פּלוצלינג האָב איך רחמנות בעקוממען אויף דער לבנה, עס האָט מיר אָנגעהויבען קלעממען ביים האַרץ און די אויגען צו

---

וואָס ער האָט ערשט נישט לאַנג בעקוממען, און העבט אָן צו צעהלען אויף דער האַנד. מלכה'ס אונרוהיגע אויגען האָבען עס אינ'ם אַרויסגעהען בעמערקט, זי האָט זיך צוריק געוואָרפען צום מאַנן און האָט נייגיעריג אַריבער געקוקט איבער זיין אַקסעל; זי דערזעהט, ווי ער צעהלט דאָס קופער געלד.

— האָרסטו! גיט זי איהם אַרוים אין אויער אַריין — ס'איז צופיעל! וואָס, רייך בּיסט דו? זי שטעלט זיך איהם פון פאָרנט און רוקט אָב מיט'ן פינגער איין מטבע נאָך דער צווייטער; ענדליך האָט זי איבערגעלאָזט איין צעהנער און צו גענוממען די רעשט.

— מען קאָנן נישט אַזוי! — בעט ער זיך ביי איהר.

מלכה'ס אויגען שיעסען שוין מיט פייער, אַ טונקלער, רויטער פלעק איז איהר אַרויס געטרעטען אויפ'ן פנים, זי האָט צוגענוממען דען לעצטען צעהנער אויך, און האָט אַלץ צוזאַממען אַראָבגעלאָזט צו זיך אין קעשענע. חיים קוקט און ווייסט נישט, וואָס דאָס זאָלל בעטייטען.

— טס — שווייג! איך ווייס שוין וואָס צו טהון, נישט דיין זאַך!

חיים שטעלט זיך נישט אַקעגען; ער ווייסט, אַז מלכה האָט שכל, אַז מען מאָג זיך אין אַזוינע זאַכען אויף איהר פערלאָזען און געהט צוריק צו לייזער'ס בעטט.

— נו וואָס, הערר דאָקטאָר? וואָס זאָגט דער הערר דאָקטאָר צו'ן איהם? — פראָגט ער ערנסט און טרויעריג, און קוקט אונרוהיג אין דאָקטאָרס אויגען אַריין. דער דאָקטאָר האָט זיך אַוועק געדרעהט, און,

גיִעסען און גיִעסען.

טהייל מאָל וויִיטער פֿלעג איך אַרומגעהען מאַטט, איך האָב מיך געוואַקקעלט אָהן כּח מיִט אַ בלאַסס פּנים און אונטער געשלאָגענע אויגען; אין די אויערן האָט מיר לייִבּט גערוישט, דער קאָפּף איז מיר שווער געוועזען און עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז עס איז מיר אַזוי נישט גוט אויף דער וועלט, אַז עס וואָלט אַמבעסטען געוועזען צו שטאַרבען. דעמאָלט ווייטער האָב איך בערלין שטאַרק מקנא געוועזען... ער ליעגט זיך דאָרט אַזוי רוהיג..

גאַנץ אָפּט האָט זיך מיר אויך געחלומט, אַז איך שטאַרב, אַז איך ליעג אין קבר, אָדער, אַז איך פֿליה אַרום אין הימעל אין איין העמד מיט צולאָזטע האָהר און קוק אַראָב און זעה, וואָס אויף דער וועלט טהוט זיך. און פונקט דעמאָלט האָב איך געהאַט פערלוירען די אַללע חבר'טעס, מיט וועלכע איך האָב אין צייִבען געשפּיעלט, און האָב שוין קיין אַנדערע נישט בעקוממען. איינע פון זיי איז שוין אַרויסגעגאַנגען שבת מיט איין אַטליסענע יופּע און אַ קייִט און אַ זייגער: עס האָט שוין געזאָלט זיין איהר חתונה. און אַנדערע זענען „כּלה מאָדליך" געוואָרען. שדכנים און מחותנים פֿלעגען „אָבהאַקקען די טהירען" און מען האָט זיי געקאָמט, געוואַשען, געקלייִדט, בשעת ווען איך בין אַרום נאָגאַנגען באָרפּיס, אין איין אַלטע בעזשינע, קורצע ספּאָדניצע, און איין אויסגעבלאַקיוויטען ציצינען סטאַניק, וואָס האָט אויף מיר אויפ'ן סאַמע־ראָנדע פֿראָנט אין עטליכע אָרטער געפּלאַצט, און איך האָב איהן צוגעלאַטעט מיט איין אַנדער קאָליער ציץ...

די כּלה־מאָדליך האָבען מיך געמיידט און מיט יונגערע קינדער האָב איך מיך געשאָמט צו חבר'ן; אויך האָבען מיך שוין די צייִבען נישט אינטערעסירט. ביי טאָג פֿלעג איך מיך דעריבער נישט אַרויסווייזען אין גאַסס אַריין, די מאַמע ווייטער האָט מיך אין ערגיץ נישט געשיקט, און אפילו, אַז איך האָב אַ מאָל געוואָלט געהען אַ גאַנג, נישט געלאָזט; פֿאַר דאָס פֿלעג איך מיך אַרויס חאַפּען פֿאַר נאַכט און אַרומגעהען הינטער'ן הויז ביי די שפּייכלער, נישט ווייט פון טייך; זוממער פֿלעג איך זיצען ביז שפּאָט אין דער נאַכט אַריין. אין אָנהייב פֿלעגט די מאַמע צו מיר אַרויסגעהען; צוגעגאַנגען איז זי קיינמאָל נישט, נור אין טויער זיך געשטעלט, אומגעקוקט זיך און אַוועקגעגאַנגען, — דערביי פֿלעג איך הערען פון ווייטענס, אַז זי זיפֿצט. מיט דער צייט האָט דאָס אויך אויפגעהערט.

און איך פֿלעג אָבזיצען איינע אַלליין

---

נישט קוקענדיג אויף חיים'ן, שטיל געאָנטפערט.

— אַ דאָקטאָר איז קיין גאָט נישט! מען טהוט, וואָס מען קאָנן!

חיים'ס קאָפּף האָט זיך נאָך טיעפער אַראָבגעבויגען.

— איהר האָט אַ סך קינדער — מאַכט דער דאָקטאָר, ווייזענדיג אויפ'ן יונגוואַרג, וואָס האָט זיך פֿאַר איהן בעהאַלטען אין די ווינקלען, — וואו עס איז דאָ אַ סך, דאָרט האַלט זיך עס שווער! נור ער מאַכט אַוועק מיט דער האַנד, גלייך ער וואָלט שוין חרטה געהאַט אויף די ווערטער, וואָס ער האָט געזאָגט. ער נעמט דען שטעקקען און לאָזט זיך צו דער טהיר; חיים חאַפּט זיך אויף פון זיינע טרויעריגע געדאַנקען און געהט איהם נאָך.

— אַת, הערר דאָקטאָר — זאָגט ער נאָך טרויעריגער און ערנסטער — איך דאַנק זעהר דעם הערר דאָקטאָר, זאָלל דער הערר דאָקטאָר אייביג לעבען...

ביי דער טהיר האָט אויפ'ן דאָקטאָר שוין מלכּה געוואַרט, זי האָט איהם זעהר שאָן געדאַנקט און געבעטען, ער זאָלל מאָרגען נאָך אַ מאָל קוממען; דערביי האָט זי איהם דערלאַנגט אַ קליין פּאַפּיערן פּאָקעל. דער דאָקטאָר קוקט זיך נישט אום. ער נעמט שווייגענדיג צו דאָס פּאָקעלע און לאָזט עס אַראָב אין קעשענע אַריין. ער זאָגט נאָך אַמאָל אָן, מען זאָלל דעם קראַנקען נישט שטאָרען און טהון אַללעס, וואָס ער האָט געהייסען, און געהט אַרויס.

אין שליטטען האָט ער געלאַנגט צו דער קעשענע און אַרויסגענוממען דאָס פּאַפּיערל. מיט

גאַנצע שעה'ן און אײַנהערען זיך, ווי עס רוישט דאָס קלײנע טײַכעל, ווי עס שפּרינגען די פֿרעש פֿון גראָז אין טײַך אַרײַן, אָדער נאָכיאָגען אַ לײַכטען וואָלקען אויפֿ'ן הימעל..

טהייל מאָל פֿלעג איך האַלב אײַנשלאָפֿען מיט אָפֿענע אויגען.

אײנמאָל האָב איך דערהערט פֿון ווײטענס אַ טרויעריג ליעדעל. דאָס קול איז געוועזען יונג און פֿריש און האָט זיך מיר מיט'ן טרויער אויסגעגאָססען אין'ם גאַנצען לײַב; עס איז געוועזען אַ יודיש ליעדעל. דאָס זינגט דער „רופֿא=יונג", טראַכט איך, וואָרען אַנדערע וואָלטען זמירות, נישט קײן ליעדליך געזונגען.

איך טראַכט, אַז מען מוס אַרײַן אין שטוב און אַזוינע ליעדלעך נישט הערען און מיט'ן רופֿא־יונג זיך נישט טרעפֿען. נור אויפֿגעהויבען האָב איך מיך נישט; איך בין עפּיס ווי פֿערחלומט געוועזען, מאַטט, און בין געבליבען זיצען אויפֿ'ן אָרט, חאָטש דאָס האַרץ איז אומרוהיג געוועזען. דאָס ליעדעל קומט צו אַלץ נאָהנטער און נאָהנטער, עס געהט פֿון יענער זײַט טײַך אַריבער איבער דער בריקק. איך האָר שוין טריטט אויפֿ'ן זאַמד, איך וויל ווײַטער ענטלויפֿען, נור די פֿיס פֿאָלגען מיך נישט און איך זיץ ווײַטער. ענדליך איז ער צוגעקוממען צום אָרט, וואו איך בין געזעססען.

— דו ביסט עס, לאה?

איך ענטפֿער נישט. אין די אויערען רוישט מיר נאָך שטאַרקער, די שלעפֿען שלאָגען נאָך מעהר און עס דאַכט זיך מיר, אַז איך האָב קײנמאָל אַזאַ גוט און זיס קול נישט געהערט.

ער מאַכט זיך ווענינג דערפֿון, וואָס איך ענטפֿער איהם נישט. ער זעצט זיך אַנידער נעבען מיר אויפֿ'ן קלאָץ און קוקט מיר גלײַך אין פּנים אַרײַן. זײַן בליק האָב איך נישט געזעהן, ווײַל איך האָב די אויגען נישט אויפֿגעהויבען, נור געפֿיהלט: עס האָט מיר געברענט אויפֿ'ן פּנים.

— ביסט אַ שאָנע מויד, לאה, מאַכט ער צו מיר, אַ שאָד!

עס האָט מיך אָנגעחאַפּט אַ שרעקליך געוויין און איך בין ענטלאָפֿען.

דען צווייטען אָבענד בין איך שוין נישט אַרויסגעגאַנגען; דען דריטטען אויך נישט. נור דען פֿירטען, פֿרײַטאָג צו נאַכט, איז מיר שוין אַזוי שווער געוועזען אויפֿ'ן האַרץ, אַז איך האָב געמוסט אַרויסגעהען; עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך וועל דאָ דערשטיקט ווערען אין שטוב. ער האָט אויף מיר, אַ פּנים, אין שאָטטען, אין ווינקעל, געוואַרט, ווײַל קוים האָב איך מיך אַנידער געזעצט אויף מײַן אָרט, איז ער מיר ווי אויסגעוואַקסען פֿון אונטער דער ערד.

אַ גוטען שמײַכעל האָט ער עס אויפֿגעוויקעלט. דער שמײַכעל איז איבערגעגאַנגען אין אַ שטילל, לוסטיג געלעכטער, אַז ער האָט דערזעהן אין'ם פּאַפּירעל דריי אַלטע קנאָפּ! מיט דעם זעלבען געלעכטער האָט ער זיי צוריק געלעגט אין קעשענע אַרײַן און שטילל צו זיך געזאָגט:

— האָ, האָ, הײַנט נאָך אַ בעססערער טאָג אַלס נעכטען!

אַ גאַנצען טאָג איז לײַזערל געלעגען אָהן בעוועגונג, און האָט גאָר נישט גערעדט. שווײַגענדיג, האָט ער זיך געלאָזט צו לעגען די קאַלטע קאָמפּרעססען, גענוממען די מעדיצין, געלאָזט זיך געוואַלטיג האַלזען און קושען פֿון דער מוטטער; נור דערפֿון איז איהם לײַכטער נישט געוואָרען.

עס פֿאַלט צו דער אָבענד, די לעצטע שטראַהלען פֿון דער זונן לעשען זיך, און מיט זיי צוזאַממען דאָס אָרמע לעבען... עס געהט, דאַכט זיך, אויס גלײַך מיט דער מעדיצין אין פֿלאַשעל... לײַזערל רוקט פֿאַמעליך אָב פֿון קאָפּף די נאַססע שמאַטעס, וואָס דער פֿאָטער לעגט איהם צו; ער וויל זיך אַ ביסעל אָברוהען...

ער איז נאָך שטיללער געוואָרען, ער האָט אפֿילו אויפֿגעהערט צו הוסטען, ער פֿיהלט זיך בעססער, דאָס פּנים גלײַכט זיך איהם אויס, עס פֿערשווינדט דער שאָטטען פֿון ווײטאָג און, אויסגעלײַטערט, זעהט עס כמעט פֿראָהליך אויס.

די מוטטער בײַגט זיך איבער איהם איבער.

— שלאָפֿסט? פֿראָגט זי.

ער ענטפֿערט נישט.

— ווילסט שלאָפֿען? שלאָפֿסט שוין? — פֿראָגט

— ענטלויף נישט פֿאַר מיר, לאָה! האָט ער זיך מיט אַ וויין, האַרציג קול געבעטען — גלויב מיר, איך וועלל דיר קיין שלעכטס נישט טהון.

דאָס ערנסטע, ווייכע קול זיינס האָט מיך בערוהיגט.

ער האָט אָנגעהויבען ציהען אַ שטילל טרויעריג ליעדעל און מיר זעננען ווייטער געקוממען די טרערען אין די אויגען אַריין. איך האָב מיך אומזיסט געוואָלט איינהאַלטען; איך האָב אָנגעהויבען שטילל צו וויינען.

— וואָס וויינסט דו, לאָה! האַקט ער אָב און פֿראָגט, אָננעמענדיג מיך ביי דער האַנד.

— דו זינגסט אַזוי טרויעריג — האָב איך איהם געענטפֿערט און אַרויסגעצויגען די האַנד פֿון זיינע.

— איך בין אַ יתום, מאַכט ער, איינער אַלליין, אין דער פֿרעמד.

עס האָט עמיץ זיך בעוויזען אין גאַסס און מיר זעננען זיך צולאָפֿען.

דאָס ליעדעל האָב איך מיך אויסגעלערנט און פֿלעג עס זינגען שטיללערהייט ביינאַכט אויפֿ'ן געלעגער; דערמיט בין איך איינגעשלאָפֿען, דערמיט בין איך אויפֿגעשטאַנען. נור גאַנץ אָפֿט האָב איך ביטטערליך און יאָממערליך געוויינט, וואָס איך האָב מיך בעקאַנט מיט אַ „רופא־יונג", וואָס קליידט זיך דייטש און גאָלט זיך דאָס באָרדעל. וואָלט ער נאָך אַזוי געגאַנגען ווי דער אַלטער רופא, וואָלט ער אַ פֿרוממער יוד געוועזען... איך האָב געוואוסט, אַז ווען דער טאַטע ווערט עס געוואָהר, שטאַרבט ער, חס ושלום, פֿאַר עגמת נפש; די מאַמע וואָלט אין זיך אַ מעשה געטהאָן! דער סוד איז מיר געלעגען ווי אַ שטיין אויפֿ'ן האַרץ און, ווען איך בין צוגעגאַנגען צום טאַטענס בעטט, דערלאַנגען איהם עפּיס, אָדער ווען די מאַמע קומט אַהיים פֿון גאַסס, פֿלעג איך מיך דערמאָנען אָן מיין זינד און האָנד און פֿים האָבען אונטער מיר געציטטערט, בשעת ווען דאָס פנים האָט דען לעצטען טראָפּען בלוט פֿערלוירען. און דאָך האָב איך איהם יעדען טאָג צוגעזאָגט, אַז איך וועל מאָרגען אויך אַרויסקוממען, און איך האָב קיין אורזאַך נישט געהאַט פֿון איהם צו ענטלויפֿען. ער האָט מיך שוין אפילו ביי דער האַנד נישט אָנגענוממען, מעהר נישט געזאָגט, אַז איך בין אַ שאָנע מויד, נור ער האָט מיט מיר גערעדט און געלערנט מיך ליעדעליך... איינמאָל האָט ער מיר אַ שטיקל באָקסער געבראַנגט

— עסס, לאָה!

איך ווילל נישט נעמען.

— פֿאַר וואָס? פֿראָגט ער טרויעריג,

זי נאָך אַ מאָל און ריהרט איהן ביים אַקסעל.

— איך ווילל שלאָפֿען — ענטפֿערט ער איהר שטילל און העבט אויף איהר אויף אַ פּאָר אויגען מיט אַ שמערצליכען בליקק.

— שלאָף מיין קינד, שלאָף! און זי גלייכט איהם אויס דאָס קישען — נור אַזוי האַסטיג, אַז דער קאָפּף פֿאַלט צו צו דער וואַנד, — שלאָף לייזערל, איך וועלל דערהווייל לויפֿען נאָך מעהל...

— געה שוין געה — מאַכט חיים — איך וועל ביי'ן איהם זיצען.

— געה, געה! — יאָגט ער זי. ער פֿיהלט, אַז דער קראַנקער דאַרף רוה.

אין אַ פּאָר מינוט שפּעטער, אַז עס איז אין שטוב אין גאַנצען שטילל געוואָרען, האָט לייזערל געעפֿפֿענט די אויגען:

— די מאַמע איז אַוועק געגאַנגען? — האָט ער געפֿראָגט.

— יאָ.

— איך וועלל נישט שלאָפֿען; איך וויל ל נישט שלאָפֿען, מיר טהוט שוין גאָר נישט וועה, עס איז מיר שוין בעססער... וואָלט איך געקאָנט אָבזיפּצען טיעף, האָטש איינמאָל... עס איז מיר אַזוי ענג...

חיים זעצט זיך צו אויפֿ'ן בעטט און נעמט לייזער'לס דאַרע האַנד אין ביידע האַנד אַריין.

— טאַטע, אפשר וואָלסט דו געעפֿפֿענט דאָס פֿענסטער?

— ס'איז אַ גרויסער פֿראָסט.

— איך דאַרף אָבער לופֿט, אַ סך לופֿט... מען טאָר נישט?

פֿאַר וואָס ווילסט דו ביי מיר נישט נעמען?

איך האָב מיך אַרויס געחאַפּט, אַז איך וואָלט בעססער געגעסען אַ שטיקעל ברויט.

---

ווי לאַנג אונזער צוזאַממען־זיצען און זינגען האָט געדויערט, ווייס איך נישט. איינמאָל איז ער געקוממען טרויעריגער ווי שטאָנדיג, איך האָב עס באַלד אין זיין פּנים דערקאָנט, און האָב׳ן געפֿראָגט, וואָס איז איהם.

— איך מוסס אַוועק פֿאָהרען.

— וואו אַהין? האָב איך איהן געפֿראָגט אָהן אַ קול.

— צו דער סובּרעוויזיע.

איך האָב איהן אָנגעחאַפּט ביי דער האַנד:

— אַ זעלנער וועסט דו זיין?

— ניין, האָט ער מיר געאָנטפֿערט און צוגעדריקט מיר די האַנד — איך בין אַ שוואַכער... איך לייד אויפ׳ן האַרץ. קיין זעלנער וועלל איך נישט זיין, נור שטעללען מוז איך מיך...

— וועסט צוריק קוממען?

— אַוודאַי...

מיר שוויינען אַ ווייל׳ע.

— עס וועט דויערן, מאַכט ער, אַ פּאָר וואָכען.

איך שווייג און ער קוקט אויף מיר מיט אַ געבעט.

— וועסט בעגקען נאָך מיר?

— יאָ... האָב איך אַלליין קוים געהערט מיין תשובה.

מיר שווייגען ווייטער אַ ווייל׳ע.

— לאָ׳מיר זיך געזעגענען.

מיין האַנד איז נאָך געלעגען אין זיינע.

— פֿאָהר געזונד! האָב איך איהם געזאָגט מיט אַ פֿערציטטערט קול.

ער האָט זיך איבער געבויגען, מיר אַ קוש געגעבען, און איז פֿערשוואונדען געוואָרען.

איך בין לאַנג געשטאַנגען ווי שכור.

— לאָה! האָב איך דערהערט דער מאַמעס קול, נור דאָס אַלטע ווייבּע, כּמעט זינגענדיגע קול, פֿון דער צייט, ווען דער טאַטע איז נאָך געזונד געוועזען.

— לאה׳שע!

אַזוי האָט מען מיך שוין לאַנג נישט גערופֿען. איך האָב נאָך אַ מאָל אַ ציטטער געטהאָן און בין מיט די נאָך ברעננענדיגע ליפּען אַריינגעלאָפֿען אין שטוב. נור איך האָב די שטוב נישט דערקאָנט. אויפ׳ן טיש זעננען געשטאַנגען צוויי פֿרעמדע לייכטער מיט ברעננענדיגע ליכט, עס איז געשטאַנגען בראָנפֿען מיט לעקקאַך — דער טאַטע איז געזעססען אויף אַ שטוהל אָנגעלעהנט אויף אַ קישען, דאָס פּנים האָט

---

חיים האָט זיך אומגעקוקט אין שטוב; עס איז קיינער נישט דאָ, אויסער די צוויי יונגסטע קינדער, וואָס האָבען זיך בעהאַלטען אונטער׳ן אויבען; ער העבט זיך אויף און מאַכט אַ ביסל אויף דאָס פֿענסטער. אַ שטראָם קאַלטע לופֿט רייסט זיך אין שטוב אַריין; לייזערל האָט טיעף אָבגעזופֿצט.

— אַזוי איז גוט — האָט ער שטילל געזאָגט — טאַטע, בייג מיר צו דען קאָפּף צום פֿענסטער... אָט אַזוי, נאָך אַ ביסל! איך וויל זעהן, צו עס איז שוין דאָ שטערן... צו זיי לייכטען שוין? נור ביי אונז אין שטוב זעהט מען זיי קיין מאָל נישט... נישט קיין שטערן, נישט קיין זונן...

חיים דערשפירט אַ ציטטער פֿון דער קליינער האַנד.

— דו האָסט איהר אָבגעטראָגען ס׳קלייד? —

פֿראָגט לייזערל און די אויגען האָבען איהם פּלוצלינג אויפֿגעבליצט.

חיים גלאָט לייזערלס האָהר.

— ד׳האָב אָבגעטראָגען, אַוודאַי... ווי דו געדענקסט אַלץ!

— צופֿרידען געוועזען? נישט געזידעלט? געלד האָט זי געגעבען?

— זי האָט געגעבען, און נישט געזידעלט נור — לאָז אָב, לייזערל, וואָס טויג דיר דאָס, לייזערל?!

— אַזוי איז גוט, גאַנץ גוט! איך האָב פֿיינד, אַז מען זידעלט! מען דאַרף נישט זידלען, — נישט אמת? דו אַרבייטסט שטאָנדיג, טאָג אַזוי נאַכט, און טהוסט קיינעם קיין שלעכטס נישט! פֿאַר וואָס קומט צו זידלען אַזוינעם, וואָס אַרבייט שטאָנדיג

איהם געשמייכעלט פֿון יעדען רינצעל אַרוים. — עס זענען געשטאַנען נאָך באַנקליך ביים טיש, אויך פֿרעמדע — עס זענען דאָ פֿרעמדע מענשען געוועזען — נור די מאַמע חאַפּט מיך אַרום און קושט מיך און האַלזט מיך:

— מזל טוב, טאָכטער, טאָכטערשי, לאה'שי, מזל טוב!

איך פֿערשטעה נישט, וואָס מען מיינט, נור דאָס האַרץ שרעקט זיך און קלאַפּט און קלאַפּט אַזוי מורא'דיג! אַז די מאַמע האָט מיך אַרויסגעלאָזט פֿון די אָרם, האָט מיך דער טאַטע צוגערופֿען. איך האָב קיין כח נישט געהאַט צו שטעהען און האָב מיך אַראָבגעלאָזט צו איהם אויף די קניען און אָנגעשפּאַרט דען קאָפּף אויף זיין שויס. ער גלאָט מיר דען קאָפּ, קרייזעלט מיר די האָהר:

— וועסט שוין, קינד מיינס, נישט ליידען קיין הונגער, קיין נויט; וועסט שוין, קינד מיינס, נישט אַרומגעהען נאַקט און באָרוויס... וועסט זיין אַ נגידה... דו וועסט זיין רייך... דו וועסט פֿאַר דיינע ברידערליך מלמד-געלד צאָהלען... מען וועט זיי שוין פֿון די חדרים נישט אַרויסוואַרפֿען... דו וועסט אונז אויך העלפֿען... איך וועל געזונד ווערען..

— און ווייסט, ווער דער חתן איז? פֿראָגט די מאַמע, מיט אַ פֿרייד — טאַקי ר' זיינוויל! טאַקי ר' זיינוויל, ער האָט אַלליין אַ שדכן געשיקט...

---

איך ווייס נישט, וואָס מיט מיר איז געשעהן, נור אויפֿגעחאַפּט האָב איך מיך אויפֿ'ן געלעגער אין מיטן טאָג.

— געלויבט איז גאָטט! האָט די מאַמע אויסגעשריגען.

— געלויבט איז זיין ליעבער נאָמען! דער טאַטע.

און מען האָט מיך ווייטער געהאַלזט און געקושט. נאָך מעהר — מען האָט מיר איינגעמאַכטס דערלאַנגט!.. אֶפשר ווילל איך וואַססער מיט סאָק? אפשר אַ ביסל וויין?

איך האָב צוריק די אויגען פֿערמאַכט און געקייכט מיט אַ שטיקענדיג געוויין.

— וואָהל, וואָהל — פֿרייט זיך די מאַמע — זאָלל זי זיך אָבוויינען, מיין אָרם קינד! מיר זענען זיך אַלליין שולדיג, אויף אַ מאָל אַזאַ נחת דערצאָהלט! אַזוי פּלוצלינג! עס קאָנן איין אָדער פּלאַצען! רבונו של עולם! נור געלויבט איז גאָטט, ווייל דיר אָב דאָס האַרץ, זאָללען אַללע צרות אַוועק שווימען מיט די טרערען און אַ ניי לעבען זאָלל זיך אָנהעבען, אַ ניי לעבען...

דער מענש האָט צוויי מלאכים — אַ גוטען און אַ שלעכטען מלאך, און איך בין

---

און טהוט קיינעם קיין שלעכטס נישט?... מען זעהט נאָך נישט קיין שטערן?

— אויף דער גאַסס אפשר יאָ.

עס איז ווייטער שטילל. די פֿינסטערקייט פֿון דער נאַכט איז אַריין אין די קליינע פֿענסטערליך.

חיים האָט זיך פֿערקוקט אויף לייזערלס פּנים, וואָס האָט אין דער טונקעלקייט פֿון אָבענד פֿערלוירען די שאַרפֿע ליניען און איז עפּיס ווייכער געוואָרען.

— צו איז דער הימעל א ו נ ט ע ר די לאַמ-טערנס? פֿראָגט לייזערל.

— אונטער די לאַמטערן? פֿראָגט חיים דער-שראָקקען; ער מיינט, אַז לייזערל רעדט פֿון וו ע ג.

— אונטער די שטערן — פֿערטייטשט לייזערל — זיי זענען דאָך גאָטט'ס לאַמטערן... און גאָטט וואָהנט דאָך דאָרט אין הימעל, האָבער — א י ב ע ר די שטערן... ער זיצט אויף אַ גאָלדענעם שטוהל, הויך, און די מלאכים זינגען פֿאַר איהן זמירות...

ער רעדט שטילל, ווי צו זיך אַלליין; די לעצטע ווערטער זענגען זיך צערפֿלאָססען אין דער שטילקייט ווי איין איינגערוימטער סוד.

חיים האָרט און קוקט זיך איין, און עס דאַכט זיך איהם, אַז לייזערלס פּנים ווערט אַללע מינוט ליכטיגער און דורכזיכטיגער; עפּיס זעהט עס איהם אויס אַזוי הייליג ווי אַ פּנים פֿון אַ מלאך. ער האָט פֿעסטער צוגעדריקט די קליינע האַנד.

— טאַטע — רופֿט זיך ווידער אָן לייזערל — אמת — אַז דאָרט אין הימעל איז בעססער ווי דאָ?

זיבער געוועזען, אַז דער גוטער מלאך הייסט מיר אינ'ם רופא־יונג פֿערגעססען, עססען ר' זיינוועלים איינגעמאַכטס, טרינקען זיין סאָק מיט וואַססער אונ קליידען זיך אויף זיין חשבון, בשעת ווענן דער שלעכטער מלאך האָט מיר אַיינגערעדט, איך זאָלל איינמאָל פֿאַר אַללע מאָל זאָגען דעם טאַטען אונ דער מאַמען, אַז איך וויל ניט, באֵין אופן ניט.

ר' זיינוועלין האָב איך נאָך ניט געקאָנט, איך האָב'ן אפשר אַ מאָל געזעהען, נור — אָדער פֿערגעססען, אָדער באַלד ניט געוואוסט, ווען איך זעה... נור אונטער די אויגען האָב איך איהן פֿיינד געהאַט.

באַלד די צווייטע נאַכט האָט זיך מיר געחלומ'ט, אַז איך שטעה אונטער דער חופה. דער חתן איז ר' זיינוועלע אונ מען פֿיהרט מיך 7 מאָל אַרום איהם, נור די פֿים זענען מיר ווי פֿערשטאַרט אונ די אונטערפֿיהרערקעס טראָגען מיך אין דער הייך — דערנאָך האָט מען מיך אַ היים געפֿיהרט; די מאַמע האָט אַקעגען געטאַנצט מיט אַ קוילייטש אונ עס געהט שוין די גאָלדענע יאָך. איך האָב מורא די אויגען אויפֿצוהויבען, איך בין זיכער, אַז איך וועל דערזעהן אַ בלינדען, אָהן איין אויג, אונ אַ לאַנגע, אַ שרעקליך לאַנגע נאָז... עס קומט מיר אַ קאַלטער שווייס אויפֿ'ן לייב —

נור פלוצלינג רוימט ער מיר איין אין אויער:

—לאה'שע, אַ שאָנע מויד ביסט דו!

אונ דאָס קול איז גאָר ניט פֿון קיין אַלטען מאַנן — עס איז יענעמס קול... איך עפֿפֿען אַביסעל די אויגען — עס איז זיין פנים...

— טס! רוימט ער מיר איין, זאָג ניט אויס. איך האָב ר' זיינוועלין פֿער־נאַרט אין וואַלד אַריין, אַריינגעלעגט אין אַ זאַקק, צוגעבונדען אַ שטיין אונ אַריינגע־וואָרפֿען אין טייך (אַזאַ מעשה האָט מיר אַמאָל די מאַמע פֿערצאָהלט) אונ איך בין צוריק אויף זיין אָרט!

איך האָב מיך אויפֿגעחאַפּט פֿערציט־טערט. דורך דער ברייטער שפּאַרע פֿון לאָדען האָט אַריינגעשלאָגען אַ ליכט פֿון דער לבנה, אונ האָט בעלייכט די גאַנצע שטוב, איך בעמערק ערשט, אַז אין מיטן באַלקען האָנגט צוריק דער העגגללייכטער, טאַטע־מאַמע שלאָפֿען אויף בעטטנעוואַנד — דער טאַטע שמייכעלט פֿון שלאָף, די מאַמע שנאַרכט רוהיג... אונ דער גוטער מלאך זאָגט מיר: אַז דו וועסט זיין גוט אונ פֿרום, וועט דער טאַטע געזונד ווערען, די מאַמע וועט אויף דער אָלטער ניט אַרבייטען אַזוי שווער אונ ביטטער, אונ פֿון דיינע ברידערליך וועללען ארויסגעהען למדנים, רבנים, גאונים; גרויסע, גרויסע

אמת, אַז דאָרטען נאָהנט מען ניט?

— דאָרטען רייסט מען שוין ניט, מען זאָלל דאַרפֿען נאָהען — ענטפֿערט חיים ביטטערליך.

— אונ קיינער זיצט ניט דאָרט אַ גאַנצען טאָג אַזוי, אַז עס פֿערחאַפּט דאָס האַרץ?

אונ ער ענטפֿערט זיך אַלליין:

— דאָרט מוזען אַללע קינדער, אַללע קליינע קינדער אַרומגעהען אַ גאַנצען טאָג שפּאַצירען איבער'ן הימעל; זיי שפּיעלען זיך אודאי מיט די יונגע מלאכים, מען הייסט זיי ניט אַרבייטען... דאָרטין זענען קיין שניידערשע טישען ניט פֿערהאַנן, קיין נאָדלען, קיין שער! די מאַשין קלאַפּט ניט; דער קאָפּף טהוט ניט וועה, עס איז אַ זוי שטיל, אַ זוי שטיל...

ער ווערט ענטשוויגען, פֿערזונקען אין חלומות

פֿון נחת אין הימעל.

— טאַטע — מאַכט ער פלוצלינג מיט אַ גאַנץ לויטער קול — פֿערצאָהל מיר עפּיס פֿון יעקב'ן אָדער פֿון יוסף'ן; דו קאָנסט דאָך אַזוינע שאָנע מעשות!

— ניין לייזערל, דו ביסט נעביך קראַנק... אַז דו וועסט מיט גאָטס הילף געזונד ווערען...

דאָס קול איז איהם פלוצלינג שטעקען געבליבען אין דער קעהל, עס האָט איהם עפּיס צוזאַממענגע־קלעמט דאָס האַרץ ווי מיט צוואַנגען, אונ ער האָט ניט געקאָנט ענדיגען.

— דערצאָהל, דערצאָהל! — האָט זיך לייזערל געבעטען, אפשר גאָר פֿון יצחק'ן, פֿון דער עקדה?

— אַח, קינד! האָט חיים אַרויסגעקראַכצט.

— צו האָט אברהם שטאַרק געוויינט, ווען גאָט האָט'ן געהייסען אַוועק געבען זיין איינציג קינד?

יוּדעֶן, ווייל מען וועט פֿאַר זײַ בעֶצאָהלעֶן מלמד־געֶלד.

— נוּר קוּשעֶן — זאָגט דער שלעֶכטעֶר מלאך — וועט דיך ר׳ זיינווילעֶ... עֶר וועט זיך צוּ דיר צוּריהרעֶן מיט פֿעֶרראָצטעֶ וואָנסעֶן... עֶר וועט דיך אַרוּמנעֶמעֶן מיט בײַנעֶרדיגעֶ האָנד... אוֹיך וועט עֶר דיך פֿייניגעֶן ווי יעֶנעֶ ווייבעֶר, אוּנ וועט דיך יוּנגעֶרהייט יאָגעֶן אין גרוּב אַריין. אוּנ עֶר וועט קוּממעֶן צוּ פֿאָהרעֶן אוּנ וועט עגמת נפש האָבעֶן, דיך קיין ליעדליך שוין נישט לעֶרנעֶן, וועסט שוין מיט איהם אָבעֶנד אוֹיף אָבעֶנד נישט זיצעֶן... דוּ וועסט זיצעֶן מיט ר׳ זיינוועֶלין...

— ניין! הימעֶל אוּנ עֶרד זאָלל צוּזאַממעֶן קוּממעֶן! צוּרייסעֶן די תּנאים!

איך בין שוין נישט געֶשלאָפֿעֶן ביז אין דעֶר פֿריה.

די עֶרשטעֶ האָט זיך אוֹיפֿגעחאַפּט די מאַמעֶ; איך ווילל מיט איהר רעֶדעֶן, נוּר איך בין געוואָהנט אין אַללעֶ געֶפֿאַהרעֶן צוּם טאַטעֶנס הילף. אָט, וועֶקט זיך שוין דעֶר טאַטעֶ.

— ווייסט, שרה׳לעֶ — זעֶנעֶן זיינעֶ עֶרשטעֶ וואָרטעֶר געֶוועֶזעֶן, איך פֿיהל מיך גאָר גוּט; וועֶסט זעֶהעֶן, איך וועֶלל היינט אַרוּיסגעֶהעֶן אין גאַסס אַריין.

— געֶלוּיבט איז זיין ליעבעֶר נאָמעֶן!

אַלץ אין אוּנזעֶר טאָכטעֶרס מזל, אַלץ אוּנזעֶר טאָכטעֶרס, דעֶר צדקה׳ס, זכוּת.

— אוּנ דעֶר רוֹפא איז טאַקי געֶרעֶכט. די מילך שמעֶקט מיר זעֶהעֶר וואָהל...

זײַ שווייגעֶן אוּנ דעֶר גוּטעֶר מלאך זאָגט מיר:

— אַז דוּ וועֶסט גוּט אוּנ פֿרוּם זיין, וועֶט דעֶר טאַטעֶ ווערעֶן געֶזוּנד; קוים וועֶט פֿוּן דיינעֶ ליפּפּעֶן אַרוּיס אַ זינדיג וואָרט — פֿאַלט עֶר אַנידעֶר אוּנ שטאַרבט.

— האָרסטוּ, שרה׳לעֶ — מאַכט ווייטעֶר דעֶר טאַטעֶ — האָר שוין אוֹיף צוּ זיין אַ פּשעֶ־קוּפּקעֶ...

— וואָס רעֶדסטוּ דוּ?

— וואָס דוּ האָרסט! — איך ווילל היינט נאָך זיין ביי זיינוועֶלין... עֶר וועֶט מיך צוּ נעֶמעֶן צוּ׳ן אַ געֶשעֶפֿט אָדעֶר באָרגעֶן עֶטלי־כעֶ רוּבל, וועֶללעֶן מיר זיך מאַכעֶן אַ געֶ־וואָלבעֶל, איך וועֶלל שטעֶהעֶן אַ ביסל, דוּ אַביסל — דעֶרנאָך וועֶל איך אָנהעֶבעֶן צוּ האַנדלעֶן מיט תּבוּאה...

— הלוואַי זאָלל גאָטט געֶבעֶן!

אוּדאַי וועֶט גאָטט געֶבעֶן — אַז דוּ וועֶסט היינט נעֶמעֶן אוֹיף חתוּנה קליידעֶר, זאָלסט דוּ דיר אוֹיך נעֶמעֶן... חאָטש אוֹיף צוויי קליידעֶר. אוּנ פֿאַר וואָס נישט? עֶר האָט געֶהייסעֶן נעֶמעֶן, וואָס מעֶן דאַרף; אוּנ דוּ וועֶסט דאָך נישט זיין אוֹיפֿ׳ן אוֹיפֿרוּפֿעֶן אין

---

— עֶה, לייזעֶרל! נאַך וואָס רעֶדסט דוּ דעֶרפֿוּן? בעֶט זיך דעֶר פֿאָטעֶר.

נוּר לייזעֶרל, דאַכט זיך, האָרט נישט.

— יצחק — זאָגט עֶר, ווילל צוּ זיך אַלליין, — האָט אַ וּ ד אַ י נישט געֶווײַנט! עֶר האָט זיך געֶטראַכט, אַז, ווען עֶר וועֶט קוּממעֶן אין הימעֶל אַריין, וועֶט עֶר פֿוּן דאָרט אוֹיך קאָננעֶן שטאָנדיג אַראָב קוּקעֶן אוֹיף דעֶר היים... אוּנ עֶר וועֶט דאָרט בעֶטעֶן דעֶן אײבעֶרשטעֶן, עֶר זאָלל דעֶם פֿאָטעֶר גרינגעֶר מאַכעֶן די פּרנסה, עֶר זאָלל איהם אַריינשיקעֶן די ברכה, עֶר זאָלל הייסעֶן, זיינעֶ מלאכים זאָללעֶן איהם חאָטש אַביסל העֶלפֿעֶן...

די לעֶצטעֶ וואָרטעֶר זעֶנעֶן זיך ווידעֶר צוּ־פֿלאָססעֶן אין אַ שטילל שעֶפּטשעֶן. די אוֹיגעֶן זעֶנעֶן בלייך געֶוואָרעֶן; די ברעֶמעֶן האָבעֶן זיך פּאַמעֶליך

אוּנ שווער אַראָבגעֶלאָזט, אוּנ איבעֶר׳ן פּנים איז דוּרכגעֶפֿלויגעֶן אַ שאָטטעֶן. נוּר שפּעֶטעֶר האָט עֶר נאָך אַמאָל געֶאָפֿנט די אוֹיגעֶן אוּנ געֶווענדט זיך צוּם פֿאָטעֶר:

— פֿאַר וואָס דאָס — איך געֶדענק נישט — פֿאַר וואָס? וואָס איז עֶס?

— פֿאַר וואָס געֶדעֶנק איך נישט? — האָט עֶר זיך דעֶרשראָקעֶן אַלליין איבעֶר געֶהאַקט — אַ האַ! דעֶר אינספּעֶקטאָר וועֶט זיך באַזעֶרן! — טאַטעֶ, זאָג איהם דוּ! איך האָב שוין פֿעֶרגעֶססעֶן... בעֶט עֶר זיך מיט אַ וויינעֶנדיג קוֹל אוּנ דריקט דעֶם פֿאָטעֶר די האַנד מיט אַ בקשה.

— וואָס מיינסט דוּ, לייזעֶרל?

— פֿאַר וואָס דאָס — וועֶגעֶן וואָס האָב איך געֶוואָלט פֿרעֶגעֶן? איך געֶדעֶנק נישט — האָט עֶר

דיינע בגדים.

— געה שוין געה! אָנטפֿערט די מאַמע — דער עיקר מוז מען די קינדער עפּיס מאַכען — ראובן געהט באָרוויס, ער האָט זיך יענע וואָך אַ האַלז אַריינגענוממען, לאָמט ער נאָך... און עס געהט צו ווינטער, מען דאַרף לייבליך און העמדליך, וואַטאָווע קאַפּאָטליך.

— נעם, נעם...

— האָרסט, מאַכט דער גוטער מלאך, אַז דו וועסט רעדען אַ שלעכט וואָרט, וועט די מאַמע דיינע קיין קלייד נישט האָבען און דו ווייסט, אַז דאָס אַלטע פֿאַלט איהר אַראָב פֿון לייב; דיינע ברידערליך וועללען ווינטער צייט אין די גראָסטע פֿראָסט לויפֿען אין חדר אַריין באָרפֿיס, און זוממער וועללען זיי זיך אַריינגעמען האַלצער אין די פֿיס...

— איך זאָג דיר דען אמת — מאַכט די מאַמע, מען וואָלט געדאַרפֿט אַלץ אויסרעדען „ברחל בתך הקטנה", וואָרען זעהר אַ גוטער מענש איז ער נישט... מען דאַרף אָברעדען, וויפֿיעל ער וועט איהר פֿערשרייבען — וואָרען יורשים וועט זיין ווי האָלץ... ווען אפילו נישט קיין אַקט — זאָלל ער חאָטש געבען אַ חרם־קוויטיל, וואָרען טאַקי, ווי לאַנג קאָנן אַזוינער לעבען? נאָך אַ יאָהר, נאָך אַ יאָהר...

— ביי וואָהלטאָג — זיפֿצט דער טאַטע — לעבט מען לאַנג.

— לאַנג! פֿערגעס נישט—70 יאָהר... טהייל מאָל ווערט איהם עפּיס ווי טויט אונטער די אויערען...

און דער שלעכטער מלאך זאָגט: אַז דו וועסט שווייגען, וועסט דו געהן אונטער דער חופה מיט אַ טויטען, מיט אַ מת וועסט דו לעבען... מען וועט דיך לעגען־פֿיהרען מיט אַ מת...

די מאַמע זיפֿצט.

— אַלץ איז ביי גאָטט אין די האַנד — מאַכט דער טאַטע. די מאַמע זיפֿצט ווייטער און דער טאַטע זאָגט:

— און וואָס קאָנן מען טהון... מען האָט געקאָנט בעססער מאַכען? אַוודאי, ווען איך בין געזונד, ווען איך פֿערדיען, ווען עס. איז חאָטש דאָ טרוקקען ברויט אין שטוב... ער האָט אָבגעהאַקט; מיר האָט זיך געדאַכט, אַז עפּיס וויינט דעם באַטען אין הארץ.

— וואָלט זי חאָטש יונגער געוועזען מיט אַ פּאָר יאָהר, וואָלט איך דאָס לעצטע געטהאָן... ווייס איך? אפשר אויף דער לאָטעריע געשטעלט...

און איך האָב געשוויגען.

---

## מיין 70 יאָהריגער חתן האָט געגעבען

---

שטיל אַרויסגערעדט און דער קאָפּף איז איהם שוואַך אַראָבגעפֿאַללען אויף דער ברוסט.

עס איז אַ לאַנגע ווילע שטיל געוועזען און אין דער שטילקייט האָט זיך נור געהאָרט זיין אָטהעם, וואָס האָט זיך שווער אַרויסגעאַרבייט פֿון דער ברוסט.

אין אַ מינוט אַרום האָבען זיך לייזערל'ס אויגען נאָך אַמאָל אָנגעצינדען, אָבער שוין נור די אויגען אַלליין: דאָס פנים איז געבליבען טונקעל און קאַלט. אַרויסגעיאָגט פֿונ'ם גאַנצען לייב, האָט זיך דאָס לעבען נאָך צוזאַממענגעזאַמעלט אין דעם ברענגענ־דיגען בליק.

— טאַטע, שעפּציעט לייזערל, און פֿערטיעפֿט אינם פֿאָטער דען שטאַרען און ברענענדיגען בליק, אונטער וועלכען חייב'ן ווערט דער אָטהעם פֿער־חאַפּט — טאַטע, פֿאַר וואָס האָט יצחק געזאָלט שטאַרבען?

— אַ קרבן! — האָט היים אַרויסגעקראַכצט.

— אַ קרבן? צו וואָס טויג אַ קרבן? צו וואָס מקריב זיין קינדער? איז דען נישט אַ שאָד? — פֿראָגט לייזערל און נעמט אַלץ נישט אַראָב דען פֿלאַקקערדיגען שטאַרען בליק פֿון פֿאָטער.

דער פֿאָטער שווייגט און לייזערל העבט זיך פּלוצלינג אויף פֿון געלעגער, שטרעקט אויס די האַנד צום פֿענסטער און ביינגט נאָך שטאַרקער צו דען צערשויבערטען קאָפּף.

— צו וואָס טויג אייך דער קרבן? — רופֿט ער אין דער לופֿט אַריין — צו וואָס? נעמט מיך נישט, נעמט מיך נישט! נעם...

ער פֿערליערט דען אָטהעם, העבט אָן שווערער

אַריינגעגאַנגען און באַלאַקעט מיט איהם, נור מיט'ן רופא האָט ער קיינמאָל נישט געקאָנט רעדען אַ וואָרט. ער האָט איהם שטאָנדיג איבערגעהאַקט אין מיטן און געהייסען, ער זאָלל זיינעס טהון. נור צונד האָט אין'ם קול אַזוי פיעל בעליידיגונג געשטעקט, אַז מיר האָט אָנגעהויבען דאָס האַרץ וויי צו טהון... וואָרען, ווי אַזוי וואָלט ער נאָך יענעם בעליידיגט, יענעם, וואָס ליגט נעביך קראַנק!...

פאַר וואָס איז ער קראַנק?

ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט אַ האַרץ-פעהלער. וואָס דאָס איז, האָב איך נישט געוואוסט, נור מן הסתם איז עס אַזוינס, וואָס לעגט אַ מאָל אין בעטט אריין. און דאָך — האָט מיר דאָס האַרץ געזאָגט, אַז איך מוס אויך האָבען אַ שטיקעל שולד דערביי.

ביי נאַכט האָב איך אין שלאָף געוויינט; די מאַמע האָט מיך אויפגעוועקט און געזעצט זיך ביי מיר אויפ'ן בעטט.

— שאַ, קינד מיינס, האָט זי מיר געזאָגט, לאָ'מיר דען טאַטען נישט וועקקען. און אונזער שמועס איז געוועזען פון מויל אויף אויער. די מאַמע, האָב איך בעמערקט, איז שטאַרק צורודערט: זי קוקט אויף מיר פאַרשעמדיג, זי ווילל עפּיס ביי מיר דערגעהן, און איך האָב מיך בעשלאָססען איהר גאַר נישט צו זאָגען, על כל פנים נישט ווען דער טאַטע שלאָפט.

— קינד מיינס, וואָס האָסט דו געוויינט?

— איך ווייס נישט, מאַמע.

— פיהלסט דיך געזונד?

— יאָ, מאַמישי! נור טהייל מאָל טהוט מיר דער קאָפּף וועה.

זי איז געזעססען האַלב אָנגעשפאַרט אויפ'ן בעטט און איך האָב צוגערוקט דען קאָפּף און אָנגעלעגט אויף איהר האַרץ.

— מאַמע — פרעג איך — וואָס קלאַפּט ביי דיר דאָס האַרץ?

— פאַר מורא, טאָכטערשי.

— דו האָסט אויך מורא ביינאַכט?

— ביי נאַכט און ביי טאָג, איך האָב שטאָנדיג מורא.

— וואָס האָסט דו מורא?...

— איך האָב מורא פאַר דיר...

— פאַר מיר?

די מאַמע ענטפערט נישט, נור איך פיהל, אַז עס פאַלט מיר אַ טרער אויפ'ן פנים, אַ וואַרעמע טרער.

— דו וויינסט, מאַמישי?

די טרערען פאַללען אָפטער און אָפטער.

„איך וועלל נישט זאָגען", בעפעסטיג איך מיך אין דער דעה.

## פון דער לייטער אַראָב.

(נאַכאַהמונג).

די יודישע באַראָנעססאַ האַפּלאַפּ איז געוועזען נישט אין גוטען הומאָר. דאָס איז צו שוואַך געזאָגט געוואָרען. זי איז געוועזען אין אַ טייוולאָנישען הומאָר — דאָס איז שוין כמעט ריכטיג. זי איז געוועזען אין אַ טייוולאָנישען הומאָר און, ווען זי וואָלט געקאָנט, וואָלט זי דערטרונקען די גאַנצע וועלט אין אַ לאָפּפּעל וואַססער, אין דעם אייגענעם לאָפּפּעל, פון וועלכען זי האָט שוין אַ פּאָר טאָג דורך אַנאַנד נישט געקאָנט אַראָבשלינגען אַ ביסל געשמאַקסטען בוליאָן, ווייל איהר איז נישט געגאַנגען אין האַלז, ווייל זי איז געוועזען אין אַ טייוולאָנישען הומאָר. די סבה פון איהר ביטטערן הומאָר איז געוועזען צו וויכטיג, מען זאָלל עס קאָננען לייכט אַראָבשלינגען. אויף דעם באַלל ביי'ם גראַף האָהענשטיין האָט מען זי אַנגאַזשירט ערשט צו'ם פירטען קאַדריל און נישט פאָרגעשטעלט דעם הערצאָג מיט זיין פרוי, וואָס זענען געוועזען אויפ'ן באַלל.

דאָס איז טאַקי געוועזען אַ שרעקליכע בעליי-דיגונג. פאַר וואָס? פאַר וועגן?

דען טיטול באַראָנעססאַ האָט זי נאָך געירשנט פון איהר פאָטער. ער, עליו השלום, איז געוועזען אַ גרויסער קאָפּף-מענש. ער האָט אָנגעהויבען, ווי מען זאָגט, מיט די פינף פינגער. נור דער שכל האָט איהם אונטערגעזאָגט דריי זאַכען: אַ גוט אויג, געשיקט זיין און... חאַפּען — און ער איז מיט

אין אַ ווײַלע אַרום פֿראָגט מיך פּלוצלינג די מאַמע:

— צו האָט דיר ניט רבקה עפּיס אַנדערצײלט?

— וועגען וואָס, מאַמע?

— וועגען דיין חתן?

— פֿון וואַנעם קענן זי מיין חתן?...

— זי זאָלל איהן קענגען, וואָלט זי נישט גערעדט; נור אַזוי, ווי אין שטאָדט... ווייסט נישט, פֿאַר קנאה... אַ יוד אַ גביר, האָט כח צו נעמען אויף דער עלטער אַ בתולה. רעדט מען אַוודאַי... ווייס איך? צו האָט מען דיר נישט געזאָגט, אַז דאָס לעצטע ווייב זיינס איז געשטאָרבען, ווייל ער האָט זי געפּייניגט?

איך זאָג איהר גאַנץ קאַלט בלוטיג, אַז איך האָב עפּיס געהערט דערפֿון, נור פֿון וועמען, ווייס איך נישט.

— אַוודאַי פֿון רבקה'ן — דאָס מויל זאָלל איהר הינטען שטעהן — באַזאָרגט זיך די מאַמע.

— פֿון וואָס דען — פֿראָג איך — איז זי אַזוי פּלוצלינג געשטאָרבען?

— פֿון וואָס? אַ האַרץ־פֿעהלער האָט זי געהאַט...

— נו וואָס? אַז מען האָט אַ האַרץ־פֿעהלער שטאַרבט מען?

— אַוודאַי.

מיר האָט עפּיס געקנאַקט אין מוח...

. . . . . . . . . . .

איך בין געוואָרען אַ „ווידען קינד" — מען האָט מיך אין אַללע הייזער געלויבט; די טאַטע־מאַמע האָבען עס גאָר נישט געקאָנט פֿערשטעהן; דער שניידער אַוודאַי נישט. איך האָב מיר גאָר נישט אויסגעבעטען: וואָס די מאַמע האָט געוואָלט, האָט זי געמאַכט, וואָס פֿאַר אַ מאַטעריע, וואָס פֿאַר אַ שניט, וואָס פֿאַר אַ קליידער... אַלץ וואָס זי האָט נור אַלליין געוואָלט.

רבקה פֿלעגט אַריינקוממען און קנייפּען זיך אין די באַקקען: „וועך פֿערלאָזט זיך אין מאָדע זאַכען אויף אַ מאַמען — אַ יודענע פֿון דער אַלטער וועלט?! וועסט שבת נישט קאָנגען זיך ווייזען, נישט אין שוהל, נישט אין גאַסס, אין ערגיץ נישט!

— דו קווילסט זיך! האָט זי געענדיגט.

מיר איז איינגעפֿאַללען, אַז איך בין שוין לאַנג געקווילט. און איך האָב רוהיג געוואַרט אויף שבת נחמו, ווען מען האָט געזאָלט פֿערבעטען דען חתן אויף קדוש...

דערנאָך וועט זיין אַיין אויפֿרופֿען, דער נאָך אַ חתונה.

דעם טאַטען איז ווירקליך בעססער. ער געהט טהייל מאָל אַרוים אין גאַסס אַריין, ער העבט אָן געוואָהר צו ווערען וועגען תבואה. רעדען, ווי ער האָט גע־

---

דער צייט געוואָרען פֿון די גראָסטע אונטערנעהמער, פֿון די גראָסטע פּאָדריאַדטשיקעס, און האָט געבראַכט זעהר פֿיעל נוטצען דעם פֿאַטערלאַנד. פֿאַר איהם האָבען זיך אויפֿגעעפֿפּענט אַללע טהירען און אַ סך פֿון די גרויסע שררות האָבען זיך אָנגעהויבען מיט איהם אָפּט עצות האַלטען וועגען זייערע געפֿאַללענע עסקים. בקיצור — ער איז געוואָרען אַ באַראָן.

זיין טאָכטער איז שוין אַ געבאָרענע באַראָנעססאַ. איהר בלוט איז שוין ריין באַראָניש בלוט — און פּלוצלינג אַזאַ בעליידיגונג! אמת, איהר מאַנן האָט דערגרייכט צום טיטול באַראָן צוליעב דעם שווער... זי האָט פֿערשאַלטען דען טאָג, וואָס זי האָט נאָכגעגעבען דעם פּאַפּאַ און חתונה געהאַט מיט אַ יודען. וואָלט ער איהר דען נישט געקאָנט

קויפֿען דען ערשטען בעסטען גראַף? יודישקייט אָדער יודען האָבען איהן דען געאַרט? ער האָט מעהר נישט דאָס געלד געקאַרגט!..

נור פֿאַר'ן מאַנן זאָגט זי עס נישט אַרויס.

— איך זאָג דיר, — קלאָגט זי זיך פֿאַר איהם, פֿאָהרענדיג אַ היים פֿון באַלל, — אַז מען טאָר די אַללע גראַפֿען און באַראָנען אויף דער שוועלל נישט לאָזען. זיי זענען ערגער, איך ווייס נישט פֿאַר וועמען, זיי מאַכען אויך אַ חלוק „יודען־קריסטען". זיי דאַרפֿען דאָך געווים וויסען, אַז, ווען מען זאָלל גוט בעטראַכטען, זענען יודען די גראָסטע יחסנים.

דער מאַנן האָט איהר גאָר נישט געאָנטפֿערט. ער איז געוועזען שטאַרק פֿערנוממען מיט זיינע געדאַנקען: ער האָט בעטראַכט, וועמען זאָלל ער איינלאַדען צו'ם מאָלצייט, וואָס ער וועט געבען,

קלעֶרט, דעֶם חתן וועֶגעֶן אַ הלוואָה, האַלט עֶר נאָך פֿאַר צו פּריִה; עֶר רעֶכֿעֶנט שבת־נחמו צו פֿעֶרבעֶטעֶן איִהן אויף שלש סעודות, און, נאָכֿעֶן שלש סעודות, אַריין צו וואַרפֿעֶן עֶטליכֿעֶ וואָרטעֶר.

אַז עֶס איִז שוין אַזוי גוט, איִז צייט אָבצושיִקעֶן דעֶם רופא; מעֶן האָט אפילו היינט קרעֶדיִט, עֶר שיִקט שוין ניִשט זיין יונג און קומט אַלליין, נור עֶס איִז צייט, זאָלל זיין אַיין עֶקק. וויפֿיִעל מעֶן האָט אָבגעֶשיִקט, ווייס איִך ניִשט, נור דעֶר שליח איִז געֶוועֶזעֶן אַברהמ׳ל, וואָס האָט געֶ־זאָלט, דורכֿגעֶהנדיג איִן חדר אַריין, דעֶר־לאַנגעֶן די עֶטליכֿעֶ גילדעֶן.

שפּאָטעֶר איִז פּלוצליִנג אריינגעֶקוממעֶן דעֶר יונג...

— וואָס? וועֶניג געֶשיִקט? בעֶגעֶגעֶנט איִהן דעֶר טאַטעֶ.

— ניין, ר׳ יהודה — איִך בין מיִך געֶקוממעֶן געֶזעֶגעֶנעֶן.

— מיט מיר? פֿראָגט דעֶר טאַטעֶ פֿעֶרוואונדעֶרט.

אַזוי ווי עֶר איִז אַריינגעֶקוממעֶן, בין איִך אַניִדעֶר געֶפֿאַללעֶן אויפֿ׳ן עֶרשטעֶן באָנקעֶל, וואָס איִז געֶשטאַננעֶן נעֶבעֶן מיר; נור ביי די וואָרטעֶר האָב איִך מיִך פּלוצליִנג אויפֿגעֶשטעֶלט און איִן קאָפּף האָט אויפֿ־געֶבליִצט אַ געֶדאַנק, אַז איִך דאַרף איִהן שיִטצעֶן, ניִשט לאָזעֶן בעֶליידיגעֶן. נור עֶס איִז ניִשט געֶקוממעֶן דעֶרצו.

— איִך פֿלעֶג דאָ אַריינקוממעֶן — האָט עֶר געֶמאַכֿט מיט זיין ווייך, זיס און טרויעֶריג קול, וואָס האָט זיִך געֶגאָססעֶן איִן יעֶדעֶן האַרץ ווי בוימעֶל — ציִנד פֿאָהר איִך אַוועֶק, אויף שטאָנדיג... האָב איִך געֶמיינט —

— נו, נו, אדרבה — מאַכֿט שוין געֶ־לאַססעֶנעֶר דעֶר טאַטעֶ — זעֶץ דיִך, יונגעֶר מאַנן, עֶס איִז אפילו שאָן פֿון דיין זייט, אַז דו געֶדעֶנקסט איִן אַ בעל־בית... אדרבה...

— טאָכֿטעֶרשי, מאַכֿט עֶר צו מיר, מעֶן דאַרף איִהם עֶפּיס געֶבעֶן!

עֶר האָט זיִך אויפֿגעֶשטעֶלט בלאַסס, מיט ציטטריגעֶ ליפּפּעֶן און פֿייעֶרדיגעֶ אויגעֶן, נור איִן דעֶר רגע האָט זיִך איִהם דאָס פנים צוריק מרה שחורה׳דיג געֶאָנדעֶרט.

— ניין, ר׳ יהודה, איִך דאַרף ניִשט, איִך דאַנק אַייך — זייט געֶזונד!

עֶר האָט די האַנד ניִשט אויסגעֶצויגעֶן צו קיינעֶם, נור אויף מיר האָט עֶר אַ בליִק געֶוואָרפֿעֶן.

איִן דעֶם בליִק האָט געֶשטעֶקט אַ פֿאָרוואורף. עֶס האָט זיִך מיר געֶדאַכֿט, אַז עֶר בעֶשולדיגט מיִך, אַז עֶר וועֶט מיר

---

צוליעֶב דעֶם אָרדעֶן, וואָס עֶר וועֶט היינט־מאָרגעֶן בעֶקוממעֶן.

און ווען די פֿרוי בראָנעֶססאַ איִז געֶוועֶזעֶן איִן טייוולאָנישעֶן הומאָר, האָט עֶר איִהר פֿאָרגעֶשטעֶללט אַ צעֶטטעֶל פֿון די, וועֶמעֶן עֶר קלעֶרט איינלאָדעֶן. מיט אַיין אָנגעֶקנייטשטעֶן שטעֶרן און מיט אַ רויטעֶן בליישטיפֿט איִן דעֶר האַנד האָט זי געֶנוממעֶן איִבעֶר־קוקעֶן דעֶן צעֶטטעֶל. פּלוצליִנג האָט זי זיִך האַסטיג אַ וואָרף געֶטהאָן מיט׳ן גאַנצעֶן קאָרפּעֶר, געֶוואָרעֶן רויט ווי צונטעֶר און די אויגעֶן האָבעֶן געֶשאָטטעֶן מיט פֿונקעֶן. זי האָט אַ וואָרף געֶטהאָן דעֶן צעֶטטעֶל אויפֿ׳ן טיש און אָנגעֶהויבעֶן האַסטיג צו שטרייכֿעֶן מיט דעֶם בליישטיפֿט אויף איין אָרט.

דאָס איִז געֶוועֶזעֶן די פֿאַמיליעֶ פֿון אַ יודישעֶן סוחר, פֿון וועֶלכֿעֶן איִהר מאַנן האָט זייט עֶר לעֶבט טובות געֶהאַט.

— וואָס איִהם קאָנן איינפֿאַללעֶן? האָט זי זיִך צורעֶדט. — גראַפֿעֶן און בראָנעֶן און אַ פּראָסטעֶר זשיד! אַז דו וועֶסט מאַכֿעֶן אַ באַלל פֿאַר יודעֶן, מאָגסט דו איִהן דעֶן עֶרשטעֶן רופֿעֶן, אפילו דעֶן גאַנצעֶן אויבעֶן־אָן אַוועֶקגעֶבעֶן! אָבעֶר מיט גראַפֿעֶן, בראָנעֶן?!.. אָט, דאָס איִז דאָך די מעשה, וואָס איִך קאָנן דיִך ניִשט אָבגעֶוואָהנעֶן פֿון דיינעֶ יודישעֶ שטיִק! ווי לעֶגט זיִך דיר דאָס גאָר אויפֿ׳ן שכל? מילא, איִך וואָלט נאָך קאָננעֶן אַיינרעֶדעֶן איינעֶן פֿון די עֶדעֶללייט, עֶר זאָלל זי, די זשידאָווקאַ, צו־פֿיהרעֶן צום טיש — אַ מאַנסביל וועֶט זיִך גראָד אַזוי ניִשט בעֶליידיגעֶן. אָבעֶר עֶר, דעֶר זשידלאַק, זאָלל צופֿיהרעֶן איינעֶ פֿון די גראָסאַרטיגעֶ דאַמעֶן? דאָס וואָלט שוין געֶוועֶזעֶן די גראָסטעֶ בעֶליידיגונג!

ניִשט מוחל זיין — ו ו אָ ס , האָבּ איִך רעֶכ֗ט אלליין ניִשט געוואוסט. נור איִך בּיִן ווייטעֶר איִן חלשות געֶבּליִבּעֶן.

— שוין דאָס דריִטטעֶ מאָל ! — האָר איִך — זאָגט דיִ מאַמעֶ צום טאַטעֶן...

„עֶס מאַכ֗ט ניִשט אוים, איִן דיִ יאָהרעֶן טרעֶפ֗ט זיִך עֶס... נור חס ושלום ווערט ר׳ זיינוועֶלע געוואָהר, שיִקט עֶר אָבּ דיִ תנאים... עֶר האָט שוין געֶנוג געֶהאַט יעֶנעֶ חולניִת..."

נור קיין חולנית בּיִן איִך ניִשט געֶוועֶזעֶן.

איִן חלשות בּיִן איִך איִן גאַנצעֶן נאָך אייִנ־אייִנציִג מאָל געֶפ֗אַללעֶן: בּיי דעֶר גאָלדנעֶר יאָך, אַז איִך האָבּ „ר׳ זיינוועֶליִן" דאָס עֶרשטעֶ מאָל רעֶכ֗ט דערזעֶהן...

און ניִשט מעֶהר.

אפילו נאָכ֗טעֶן, ווען דעֶר רופא, וואָס שניידט מיין „ר׳ זיינוועֶלעֶן" אוים אַללעֶ חודש דיִ נאָגעֶל, וואָס וואַקסעֶן איִהם איִן דיִ פ֗יִס אריין, האָט מיִך, אַרויסגעֶהעֶנדיִג, געֶפ֗ראָגט, צו איִך געֶדעֶנק זיין יונג, און דעֶרצאָהלט, אַז עֶר איִז געֶשטאָרבּעֶן איִן וואַרשאַוועֶר שפּיִטאָל — בּיִן איִך ניִשט געֶ־פ֗אַללעֶן איִן חלשות, און קוים אַ טרעֶר געֶ־לאָזט. איִך האָבּ אַלליין ניִשט געֶוואוסט פ֗ון איִהר, נור דעֶם רופא איִז זיִ, דיִ טרעֶר, געֶפ֗אָללעֶן.

— איִהר זייט אַ גוטעֶ — האָט עֶר געֶזאָגט, און דעֶמאָלט האָבּ איִך זיִ עֶרשט דעֶרפ֗יִהלט אויף מיין בּאַקק.

מעֶהר ניִשט!

איִך בּיִן אַ געֶזונטעֶ; איִך לעֶבּ שוין 5 יאָהר מיִט ר׳ זיינוועֶלעֶן...

ויִ אַזוי, וועֶלל איִך אפשר איין אַנדערסמאָל פ֗עֶרצאָהלעֶן.

י. ל. פרץ.

## אַלְט און יונְג.

1.

פְרִיהֶער פְלֶעגֶען אַלְטֶע זִינְגֶען
פְרומֶע, טְרויעֶרִיגֶע לִיעדֶער,
און דִי יונְגֶע פְלֶעגֶען הֶערֶען
און זִיךְ בֶעטֶען: זִינְגְט אונְז וִויעדֶער!

צו דֶעם הִימֶעל פְלֶעגֶען דְ׳אַלְטֶע,
צו דֶעם הִימֶעל מִיט דִי שְטֶערֶען,
אויפְצוּהֶעבֶּען פְרום דִי אויגֶען,
קוּקֶען און נִתְפַּעֵל וֶוערֶען.

און דִי יונְגֶע פְלֶעגֶען פְרֶאגֶען,
וָואס דִי אַלְטֶע זֶעהֶען אויבֶּען;
דְ׳אַלְטֶע זָאגֶען זֵיי: „מַלְאָכִים!" —
און דִי יונְגֶע פְלֶעגֶען גְלויבֶּען.

---

יעֶנעֶ וואָלט מיִר געֶוואָרעֶן אַ דם־שונא! איִז איִך אַלליין וועֶל דאָס אַוודאי ניִשט וועֶללעֶן, אַז עֶר זאָלל מיִך צופ֗יִהרעֶן צו׳ם טיִש...

---

— בּיי אונזעֶר בּאַראָן איִז הייִנט אַ בּאַלל און אונז האָט מעֶן ניִשט געֶרופ֗עֶן, — האָט געֶזאָגט דעֶר סוחר צום ווייבּ.

— זעֶהר פ֗יין פ֗ון זייעֶר זייט! האָט זיִך דאָס ווייבּ געֶקריִמט. — מיִר האָבּעֶן דאָס טאַקיִ פ֗עֶר־דיִענט בּיי איִהם! נור עֶר איִז געֶוועֶזעֶן ניִשט שולדיִג, דאָס איִז איִהר קאָפ֗עֶל: זיִ שאָמט זיִך דאָך שוין מיִט אַ יודעֶן! ויִ וועט איִהר דאָס גאָר אָנשטעֶהן צו זיִטצעֶן מיִט אַ יודעֶן בּיי איין טיִש? מעֶן קאָן זיִ גאָר ניִשט, דיִ פּריִצה — זיִ שאָמט זיִך אויך מיִט אַ יודעֶן! ויִ לאַנג האָט איִהר מאַמעֶ פ֗עֶרקויפ֗ט אייעֶר אויפ֗׳ן מאַרק?!. איִך זאָג דיִר טאַקיִ, אַז אונזעֶרעֶ יודעֶן זעֶנעֶן ניִשט ווערט, וואָס זיִ לעֶבּעֶן אויף דעֶר וועֶלט. ויִ זיִ ווערעֶן נור אַ בּיִסל עֶר־הויבּ֗ט, ווערעֶן זיִ שוין גאַנצעֶ מיוחסיִם בּיי זיִך — און דיִ עֶרשטעֶ זאַך איִז — אויסוועֶכ֗עֶן אַ יוד. ויִ דעֶר יוד איִז דאָס איִן צוויִשעֶן איִן גלות?! נו, רבונו של עולם!..

און איִהר הומאָר האָט זיִך פ֗עֶרצויגעֶן מיִט אַ וואָלקעֶן. און געֶראָד דאַן האָט זיִך דעֶם קויפ֗מאַנן פ֗עֶרוואָלט מאַכ֗עֶן אַ בּאַלל — וועֶיל עֶר איִז שוין 25 יאָהר סוחר.

איִן צעֶטטעֶל פ֗ון דיִ גאָסט זעֶנעֶן געֶשטאַנעֶן דיִ גראָסטעֶ לייט און סוחריִם.

— ווייִסט, וועֶמעֶן איִך וואָלט נאָך געֶרופ֗עֶן? האָט עֶר געֶזאָגט דעֶם ווייבּ, איִך וואָלט נאָך געֶרופ֗עֶן

אונ אַז אויף דֶעם בְּלוֹיעֶן הִימֶעל
וָואלְקֶען שְׁוֶועֶרֶע, גְרוֹיע צִיהֶען,
פְלֶעגֶען דְ'אַלְטֶע זִיךְ פֶּערְקוּקֶען
אונ פֶערְצֶאהלֶען, אַז דָאס פְּלִיהֶען

דִי נְשָׁמוֹת פוּן צַדִיקִים,
דִי נְשָׁמוֹת פוּן רְשָׁעִים,
דִי נְשָׁמוֹת פוּן דֶער חֶבְרָה,
פוּן שַׁמָשִׁים אונ גַבָּאִים.

נוּר נְשָׁמוֹת פְלֶעגֶען דְ'אַלְטֶע,
זֶעהֶען אִין דִי וָואלְקֶען אוֹיבֶען,
אונ דִי יוּנְגֶע פְלֶעגֶען הֶארֶען,
אונ דִי יוּנְגֶע פְלֶעגֶען גְלוֹיבֶּען.

2.

דוֹרוֹת צִיהֶען, דוֹרוֹת פְלִיהֶען —
יוּנְגֶע פְלֶעגֶען אֶלְטֶער וֶוערֶען
אונ דִי יוּנְגֶערֶע צוּ לֶערְנֶען
וֶועגֶען וָואלְקֶען, הִימֶעל, שְׁטֶערֶען...

אונ דִי אַלְטֶע וֶוערֶען אֶלְטֶער,
גְרָאהֶער, שְׁוַואכֶער אונ זֵיי שֵׁיידֶען
פוּן דֶער וִויסְטֶער וֶועלְט אונ וֶוערֶען
„אוֹיפְגֶענוּמֶען אִין גַן־עֵדֶן!"

אונ דִי עֶנְקֶעל פְלֶעגֶען פְרֶאגֶען,
וָואס דִי זֵיידֶעס טְהוּעֶן אוֹיבֶען?

— „תּוֹרָה לֶערְנְט מֶען אִין גַן־עֵדֶן!"
אונ זֵיי הֶארֶען, אונ זֵיי גְלוֹיבֶּען...

3.

פוּן סֶעקוּנְדֶען וֶוערֶען שְׁטוּנְדֶען
אונ פוּן שְׁטוּנְדֶען וֶוערֶען טֶאג,
אונ חֳדָשִׁים גֶעהֶען אִיבֶּער,
יָאהְרֶען צִיהֶען זֵייעֶר וֶועג —

אונ עֶס קוּמֶען נַייעֶ צַייטֶען,
נַייעֶ מֶענְשֶׁען שְׁטֶעהֶען אוֹיף —
אונ דִי יוּנְגֶע זִינְגֶען לִיעדֶער,
אונ דִי אַלְטֶע הֶארֶען אוֹיף.

לִיעדֶער נַייעֶ פוּנ'ֶם לֶעבֶּען,
פוּנ'ֶם לֶעבֶּען דָא אוֹיף דֶר'עֶרְד.
זִינְגְט דֶער נַייעֶר דוֹר אונ פְרֵייט זִיךְ
אונ דֶער אַלְטֶער שְׁווַייגְט אונ הֶערְט.

אונ צוּם הִימֶעל הֶעבֶּען יוּנְגֶע
אוֹיף דִי אוֹיגֶען, צוּ דִי שְׁטֶערֶען,
אונ זֵיי זָאגֶען: „דָאס אִיז וֶועלְטֶען" —
אונ דִי אַלְטֶע כּוּעֶן הֶארֶען.

אַללֶע שְׁטֶערֶען זֶענֶען וֶועלְטֶען,
אונ דִי וָואלְקֶען זֶענֶען פַּארֶע.
אונ עֶס שְׁטֶעקְט קֵיין פִּיצֶעל רָשָׁע
אָדֶער צַדִיק אִין דֶער חֲמַארֶע...

---

דען רב מיט דער רביצין. זיי...

— וואס נאך וואלסט דו זאגען? האט איהן דאס ווייב איבערגעריססען מיט היטץ. דארפסט זיי דא נאטיג האבען, דאס שינדעל? ער זאלל זיך מיר אוועק זעטצען אין איין אויבען־אן אין זיין לאפסערדאק אונ יארמאלקע, אונ זי אין דעם אנדערן אין ציפיק! וואס איז, אהן א רב קאנסט דו נישט אויסקוממען? אוי, אוי, אוי! מיט דיר קאנן מען טאקי פיהרען א הויז מיט לייטען צו גלייך! איהם פעהלט דער יוד, די לאנגע פאות פעהלען איהם!...

זי האט איהן דערביי דורכגעשטאכען מיט א בליק, אז ער האט זיך נישט דערוואגט א ווארט איבער צו רעדען.

— זעהר פיינע יודען האבען מיר, נישט דא וואס צו רעדען. האט די רביצין געמורמעלט, — מען מאכט א באלל פאר א האלבע שטאדט אונ דען רב רופט מען נישט. דער רב וועט זיי דאך די אויגען פערשווארצען — מען שאמט זיך דאך, ברוך השם, היינטיגע צייטען מיט א רב. עס איז טאקי דענן א וואונדער, וואס דער יוד האט צרות? ווי פיעל ער האט, איז נאך אלץ וועניג! ער האט נאך געדארפט האבען כפל כפלים. זיי זענען א סך ערגער פאר אללע אנטיסעמיטען! א קריסט איז דאך בעססער פאר זיי! א קריסט האט שוין מעהר דרך ארץ פאר א רב...

— מילא, האט איהר דער רב געאנטפערט, מען טאר אויף א יודען קיין שלעכטס נישט רעדען! לא'מיר בעססער מאכען א צעטטעל, וועמען מיר זאללען רופען אויף אונזער שמחה.

און דער ד... קיין פּאַרמיט —
אַנדער ... אָרט אויבען —
און די אַלטע ...ען הערען,
נור זיי קאָננען דאס נישט גלויבען.

4.

. . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . .

ל. וואַליק.

# ד"ר היינריך נוססבוים:

## דער גוף און די נשמה *)

## ב.

אויב עס זעננען געזונד די חושים, די נערוועו און דער מוח, ד. ה.: אויב די טויערען זעננען אָפּפען, די וועגען — פריי און די פאַבריק אין אָרדנונג, ווערט פון די איינדריקע, פון דעם רויהען מאַטעריאַל, וואָס די וועלט שטעלט אונז צו, אויסגע-אַרבייט די רוחנישע, גייסטיגע סחורה, וואָס מיר רופען: געפיהלען, וויססען און ווילען.

נור צו וועללען אַלליין איז נאָך וועניג! מען קאָנן פיהלען הונגער, וויססען מיט וואָס מען קאָנן איהן שטיללען און דעריבער וועללען עססען און דאָך שטאַרבען פאַר הונגער נישט ווייט פון ברויט אָדער אַנדער עססענוואַרג, אויב מען איז צו'ם ביישפּיעל, פּאַראַליזירט און מען קאָנן זיך פון אָרט נישט ריהרען.

אויסער פיהלען, וויססען און וועללען מוז מען זיך נאָך קאָננען בעוועגען, ריהרען זיך מיט'ן גאַנצען קאָרפּער פון איין אָרט אויפ'ן צווייטען אָדער ריהרען מיט איינציגע גליעדער.

קיין שום זאַך אין דער נאַטור קאָנן אָהן בעוועגונג נישט לעבען, אפילו די שנעקקען, וואָס לעבען צוגעוואַקסען מיט זייערע הייזלעך צו'ן אַ פעלזען ביים ים, האָבען אין די הייזלעך אַ פענסטערל, פון וועלכען זיי שטעקען אַרויס די קאָפּלעך און חאַפּען זיך אַריין זייער עססענוואַרג פון דער לופט. אַפילו דער בוים, וואָס עס דאַכט זיך, אַז ער ריהרט זיך נישט, האָט אויך זיין פרייע בעוועגונג, אָהן וועלכער עס וואָלט נישט מאָגליך געוועזען זיין לעבען. די בעוועגונג זיינע שטעקט אין די וואָרצלען, וואָס רוקען זיך אונטער

*) זעה „תמוז".

דער רב האָט אויך אַ יום טוב! ער איז אַלט געוואָרען 50 יאָהר, און נישט יעדער קאָנן אַזוינס בעווייזען! ער האָט אָנגעהויבען אויסרעכענען אַללע פיינע בעלי־בתים פון שטאָדט, דערנאָך איז ער אַריבער צו די כלי־קדש: צו די שוחטים, שמשים, מלמדים, בטלנים...

— בטלן, אַ, בטלן! האָט איהן די רביצין איבערגעריססען, — דו קאָנסט נישט ליידען, אַז ביי דיר וועט זיין אַ ביסל ריין אין שטוב? דאַרפסט דוקא האָבען די בלאָטע ביי זיך? נישט קשה, מען וועט זיך בעגעהן אָהן זיי אויך! אַוועקזעטצען ביי איין טיש העררן לאָבערזאַק אָדער לאַנגהאַנד מיט די פערפּושטע שלעפער — וואָס נאָך ווערסט דו וועללען? פון זייערט וועגען דאַרף איך נישט מאַכען אַזאַ פאַראַד! אַז איך וועל וועללען גאָר יוצא זיין, וועללען מיר אויף מאָרגען מאַכען פון זייערט וועגען איבערגעיים אַ טיש!...

---

און ווענן ביי דעם רב איז די שמחה, זיטצט אַ צעהנדליג בטלנים אין קלויז אַרום אויבען און קלאָגט זיך:

— היינטיגע רבנים! אַללע גלוחים האָט מען פערבעטען און פון אונזערע לייט קיין איינציגען נישט — אפילו ר' יונה'ן, דען שוחט, נישט גערופען! שאָן, נישט דאָ וואָס צו זאָגען!

— עה! האָט אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנד אַ בטלן, — נישט דאָ וועגען וועמען צו רעדען! פ... מיך און לאָ'מיר איהם צו להכעיס שיקקען נאָך אַ ביסל משקה!...

און בשעת זיי האָבען געטרונקען לחיים און

דער ערד, מיידען אוים שטיינער אונ זוכען זיך אָב זייער חיונה, זייער פֿייכטינקייט אונ זאַלצען, מיט וועלכע זיי שפּייזען דען בוים.

מיט דער הילף פֿון אַ מיקראָסקאָפּ ענטדעקקען מיר אין אַ טראָפּפֿען וואַססער מיללאָנען קליינע בעשעפּפֿניססען, נור יעדע ברואה האָט אין דעם טראָפּפֿען אַ פֿרייען פּלאַטץ צו בעוועגען זיך אום אויסצוזוכען זיין לעבענסמיטטעל!

אויסער דעם, וואָס די בעוועגונג איז נוטצליך פֿאַר'ן גוף, וואָס איהר צו פֿערדאַנקען, קאָננען מיר נעמען זיך דאָס נוטצליכע אונ אויסמיידען דאָס שאָדליכע, איז די בעוועגונג נישט וועניגער נוטצליך פֿאַר דער נשמה, פֿאַר דאָס גייסטיגע לעבען.

מיר וויסען שוין, אַז דאָס גייסטיגע לעבען בעשטעהט פֿון פֿיהלען, וויססען אונ וועללען, אונ — אַז די דריי מינים סחורה ווערען אויסגעאַרבייט פֿון דעם רויהען מאַטעריאַל, פֿון די אַיינדריקען, וואָס מיר בעקוממען פֿון דער וועלט. נור וואָס פֿאַר איין איינדריקע וואָלטען מיר געהאַט, אָדער ווי אָרם וואָלטען זיי געוועזען, ווען מיר וואָלטען זיין אָהן בעוועגונג, ווען מיר וואָלטען געבאָרען ווערען אונ געשטאָרבען אויפ'ן איינגענעם אָרט?

די בעוועגונגען, וואָס מיר מאַכען, געשעהען מיט אָדער אָהן אונזער וויללען. די בעוועגונגען, וואָס מיר מאַכען מיט'ן גאַנצען קאָרפּער, געשעהען דאָס רוב מיט אונזער וויללען, דאָך דרעהען מיר זיך איבער, וואַרפֿען זיך אום אין שלאָף, אונ נאַכט-וואַנדלער (לונאַטיקעס) קריכען אין שלאָף אויף די גלייכע וואַנד. דאַגעגען געשעהען די בעוועגונגען פֿון די אינגערוויינינגסטע גליעדער אין אונזער קאָרפּער גאָר אָהן אונזער וויללען אונ וויססען: דאָס בלוט רינט אָהן אויפֿהאָר אין די אָדערן, צו מיר וויללען יאָ צו נישט, אונ ביז אַ קורצע צייט האָבען מיר גאָר נישט געוואוסט, ווי אַזוי דאָס בלוט ריזעלט. אַזוי אויך אַרבייט דאָס האַרץ, ציהט זיך איין אונ צושפּרייט זיך, נעמט אַריין בלוט אונ שטויסט עס אַרויס אין די אָדערן אַריין, אויך גאָר אָהן אונזער ידיעה. דעסגלייכען אָטהמען די לונגען אומגעפֿראָגט אונזער דעה. דער מאָגען, די געדאַרם, די נירען, די גאַלל — דאָס זעננען גאַנצע פֿאַבריקען אין אונזער קאָרפּער אונ זיי טהוען זיך זייערס אָהן אונזער רשות.

יעדע בעוועגונג, סיי זי געשיהט מיט אָדער אָהן אונזער וויללען; סיי עס מאַכט זי דער קאָרפּער אין גאַנצען אָדער אַ געוויסס אינגערוועגדיג אָדער אויסענווענדיג גליעד — געשיהט מיט דער הילף פֿון פֿלייש.

דער יסוד פֿון אונזער גוף איז אַ ביינערנער סקעלעט; דער סקעלעט איז געבויט פֿון מאַססען פֿערשידענאַרטיגע ביינער. די „געלענקען" זעננען די אָרטער, וואו צוויי ביינער קוממען זיך צוזאַממען אונ קאָננען זיך פֿריי בעוועגען ווי אויף זאַוויאַסען. איבער'ן סקעלעט קומט דאָס פֿלייש.

ביים מיטטאָג, ווען איהר עסט פֿלייש, אָדער בעססער נאָך אין יאַטקע, וואו עס ליגען די „פּרעדקיס", קאָנט איהר לייכט בעמערקען, אַז דאָס פֿלייש פֿון בעל-חי בעשטעהט נישט פֿון איין שטיק, נור פֿון פֿערשידענע פּאַססען, וואָס וויקלען

געוואונשען זיך, יודען זאָללען האָבען בעססערע רבנים, זעגען אַריין אין קלויז קאַרל אונ זרח די נאַכטוואַכטער, אַנצוואַרמען זיך.

— יהודים! האָט זיך אָנגערופֿען אַ בטלן, — מען דאַרף נתנ'ן דעם ערל אַ ביסל משקה — משום דרכי שלום.

— זרח'ן שוין אויך, האָט נאָך איינער פֿאָרגעלעגט.

— זרח'ן? פּעך! נאָך מיט דעם נאַכטוואַכטער האָבען צו טהון!

דוד פּינסקי.

אַרום די בּיינער אויף פֿערשידענע וועגען און פֿערשידענע אָרטען. יעדער איינציגער פֿאַסס אָדער „מוסקול" קאָנען זיך איינ־און אויסציהען און אַזוי־ערנאָך קאָנען די בּעוועגונג געשעהען. אַז דער מוסקול למשל פֿון עללענבויגען, וואָס בּעשטעהט פֿון צוויי בּיינער מיט אַ געלענק ציהט זיך איין, נעמען מיר די האַנד צו זיך, ציהט זיך דער מוסקול אויס — ציהען מיר אויס די האַנד!

די מוסקעלן אַלליין (אָהן געהירן און נערווען) קאָננען זיך דאָך נישט בּעוועגען, נישט איינציהען און נישט אויסציהען. זיי ערפֿיללען נור דען בּעפֿעהל, וואָס קומט פֿון די געהירן אין קאָפּף אָדער אין׳ם מאַרכבּיין, דען בּעפֿעהל, וואָס די נערווען בּרענגען זיי צו!

דער מוח (וואָס ליעגט אין קאָפּף און אין׳ם מאַרכבּיין) איז אַזוי־ערנאָך אַ פֿאַבּריק, אין וועלכער די נערווען פֿיהרען אַריין ידיעות און פֿיהרען אַרויס בּעוועגונגען. יעדע פֿאַבּריק, וואו מען פֿיהרט אַריין און אַרויס, מוז האָבּען: אָדער צוויי־ערליי וועגען, אָדער איין וועג אַ בּרייטען, וואָס קוממען אַריין, זאָללען זיך קאָננען מיידען מיט די, וואָס פֿיהרען אַרויס. נאַטירליך איז בּילליגער אויפֿצוהאַלטען איין בּרייטען וועג איידער צוויי שמאָלע, נור די נאַטור איז אַ רייכע פּריצה און ערלויבּט זיך אויפֿצוהאַלטען צוויי־ערליי וועגען — צוויי־ערליי נערווען: „עמפּפֿינדונגס־נערווען", וואָס פֿיהרען די איינדריקקע פֿון דרויסען אין מוח אַריין, און „בּעוועגונגס־נערווען", וואָס פֿיהרען פֿון מוח אַרויס די בּעפֿעהלען אויף בּעוועגונגען!

מיר האָבּען, זעהט איהר, צו טהון מיט צוויי־ערליי פּראָצעססען אָדער צוויי־ערליי אַקטען. מיר וועללען נעמען אַ פּראָסטען בּיישפּיעל: עס האָט זיך אונס געשטעלט אַ פֿליעג אויפֿ׳ן שטערן און מיר טרייבּען זי אַוועק מיט דער האַנד. די גאַנצע געשיכטע האָט געדויערט אַ רגע און דאָך זעננען דאָ צוויי פּראָצעססען געשעהען.

דער ערשטער פּראָצעסס העבּט זיך אָן אויף דער הויט פֿון שטערן, וואו די פֿליעג האָט זיך געשטעלט; די הויט ווערט געריייצט, דער חוש המישוש בּעקומט אַיין איינדרוקק און שיקט איהן דורך דען עמפּפֿינדונגס־נערוו אין מוח אַריין. דאָרט ווערט דערפֿון דער בּעגריף, דאָס וויססען, אַז עפּיס רייצט אונס דען שטערן. ווייל עס איז אונס נישט דאָס ערשטע מאָל, מיר האָבּען שוין הונדערטע און אפשר טויזענדער מאָל געפֿיהלט אַזאַ מין קראַצען די הויט און מיט דער הילף פֿון די אויגען האָבּען מיר געזעהען, אַז דען איינדרוקק האָבּען מיר דער פֿליעג צו פֿערדאַנקען, דרינגט זיך דער מוח, אַז דער יעצטיגער איינדרוקק קומט אויך אַרויס פֿון אַ פֿליעג און ער קומט צו דער דעה, אַז — אַ פֿליעג שטעהט אויפֿ׳ן שטערן! טהייל מאָל נאַרט ער זיך אָבּ. אַז עמיץ פֿיהרט אונס הינטען לייכט איבּער דען האַלז מיט איין עק פֿון אַ שטרוי — מיינען מיר אויך, אַז עס איז אַ פֿליעג. נור אין דעם פֿאַלל, וואָס מיר רעדען, האָט זיך דער מוח נישט טועה געוועזען: דער בּעגריף איז ריכטיג — עס שטעהט אַ פֿליעג! מיט דעם בּעגריף „אַ פֿליעג שטעהט" האָט זיך געענדיגט דער ערשטער פּראָצעסס: אָנגעהויבּען האָט ער זיך אויף דער הויט און אויסגעלאָזט אין מוח! ציינד געהט אַ צווייטער, פֿערקעהרטער פּראָצעסס, וואָס האָט זיין אָנהעבּ אין מוח און וועט זיך ענדיגען אויף דער הויט: דער מוח אַנטפֿערט אויף דעם רייצען פֿון חוש המישוש גאָר נישט פֿריינדליך, ער וויל די פֿליעג נישט האָבּען און עס געהט אַרויס פֿון מוח אַ בּעפֿעהל, און עס טראָגען איהן די בּעוועגונגס־נערווען. עס ערהאַלטען איהן די מוסקעלן פֿון דער האַנד און זיי ציהען זיך איין אויף אַזאַ אופֿן, אַז די האַנד בּעוועגט זיך און יאָגט אַוועק די פֿליעג.

צו דער פּראָצעסס געדויערט לאַנג און מיר בּעמערקען איהן און וויסען פֿונ׳ם, צו ער געדויערט צו ווייניג, אָדער מיר זעננען

מיט עפיס אנדערס פערנוממען און דער גאנצער טאפעלטער אקט געשיהט אהן אונזער וויססען, סיי ווי סיי קאנן קיין איינציגע בעוועגונג נישט געשעהן אהן דעם בעפעהל פון די געהירן.

און אזוי ווי ביים ערשטען אקט, כדי ער זאלל ריכטיג אויסגעפיהרט ווערען, מוזען געזונד זיין: די חושים, די עמפפינדונגס־נערוועו און דער מוח, אזוי מוזען ביים צווייטען אקט געזונד זיין: דער מוח, די בעוועגונגס־נערוועו און די מוסקעלן, ווי אויך די ביינער מיט זייערע געלענקען.

צו יעדער בעוועגונג מוזען ערשטענס געזונד זיין די געלענקען, די זאוויאסען, אויף וועלכע די ביינער ריהרען זיך, דערנאך די פאססען פליייש, די מוסקעלן, וואס וויקלען זיי ארום — כדי זיי זאללען זיך קאננען איינציהען און אויסציהען, אוים־ און אוועקבייגען אדער צוריק אויסגלייכען די ביינער; ווערט איין אנציננדונג ביי די געלענקען, אדער ווערט ביי סאלדאטען פון אסך רייטען אדער מארשירען פערהארטיוועט דאס פליייש פון די פיס, איז די בעוועגונג נישט אויסצופיהרען. אין ערשטען פאלל לאסט זיך נישט בייגען דאס ביין, אינ'ם צווייטען פאלל — קאנן זיך נישט איינ־ און אויסציהען דאס פליייש, עס זאלל ריהרען די ביינער. אז עס מאכט זיך אויף איין ארט אינ'ם פליייש א מכה קאננען מיר שוין מיט דעם ארט נישט ריהרען.

געזונד מוזען אויך זיין די נערוועו. אז עס האקט זיך איבער א בעוועגונגס־נערוו, בלייבט א געוויססער מוסקול האנגען, און מיר קאננען מיט איהם נישט ריהרען. טהייל מאל בלייבט האנגען פון א שניט אין דער באקק, וואס האט איבערגעהאקט א געוויססען נערוו, די גאמבע מיט דער אונטערשטער ליפ און מיר קאננען דאס מויל נישט פערמאכען; ביי אלטע איז דער זעלבער נערוו אבגעשוואכט און זיי האלטען שטאנדיג אפפען דאס מויל. פאראליזש, ביי וועלכען דער קראנקער פערליערט די בעוועגונג אין גאנצען אדער אין א טהייל פון קערפער, איז א קראנק פון די בעוועגונגס־נערוועו; דער מוח הייסט ריהרען זיך, דאס פליייש איז גרייט אויסצופיהרען דעם בעפעהל, נור דער נערוו, די פערבינדונג צווישען געהירן און פליייש, איז איבערגעהאקט, פערדארבען, און דער מוח האט איבער'ן גוף, אדער איבער א טהייל פונ'ם גוף, נישט צו שאפפען!

עס פערשטעהט זיך, אז דער עיקר מוס געזונד זיין דער מוח! דער מוח קאנן קראנק זיין אויף אזא אופן, אז ער וועט נישט אומשטאנד זיין אויסצואַרבייטען דען בעפעהל פאר די מוסקעלן, אז עס וועט גאר נישט געבארען ווערען דער וויללען זיך צו בעוועגען!

אונזערע געהירן בעשטעהען: 1) פון צוויי האלבע קוילען און א קליינ מוח'ל אונטער די קוילען, וואס ליגען אין קאפף, און 2) פון לאנגען מוח וואס לאזט זיך אין מארכביין אראב. די געהירן מיט אונזערע אברים פון גוף זעננען פערבונדען מיט איין אונגעהייערע נעץ פון עמפפינדונגס־ און בעוועגונגס־נערוועו. נישט אלץ געשיהט מיט דער הילף פון גאנצען מוח, נור יעדעס טהייל האט זיין ווירקונג. מיר קאננען מיט דער הילף פון קינסטליכע אפעראציעס אויסשניידען ביי חיות פערשיעדענע פיצליך געהירן און לויט דעם וועט דאס טהיער פערליערען א געוויססען כח אויף א געוויססע ווירקונג. אויף איין ארט מאכען מיר צושאנדען דאס זעהען, דאס הערען, דאס פיהלען, דאס אנטאפען; אויף אנדערע ערטער — דאס פיהלען, וויססען אדער ווענלען! מען האט אסך מאל אפעריערט הינד און טויבען אויף אזא'ן אופן, אז זיי זעננען אין גאנצען געזונד, נור עס פעהלט זיי נישט מעהר ווי די מאגליכקייט צו וועללען! אז מען לעגט זיי אין מויל אריין עססענווארג, קייען זיי, שלינגען און פערדייען, נור נעמען זיך עססען, עס מאג ליגען נעבען מויל — קאננען זיי נישט, וויל

זײַ קאָננעֶן נישט װעֶללעֶן עסבעֶן. אַזױ אױך
קאָננעֶן זײַ געֶהעֶן אָדעֶר רוהעֶן, נור אָנ=
הײבּעֶן צו געֶהעֶן אָדעֶר — אױפהאָרעֶן אונ
אָבּשטעֶללעֶן זיך קאָננעֶן זײַ נישט, װײל זײַ
קאָננעֶן נישט װעֶללעֶן געֶהעֶן אָדעֶר װעֶללעֶן
שטעֶהן אױף אײן אָרט. שטעֶהעֶן זײַ, װעֶללעֶן
זײַ זיך קײנמאָל אַללײן נישט ריהרעֶן
פֿון אָרט; שטױסט מעֶן זײַ אַװעֶק, װעֶללעֶן
זײַ אַזױ לאַנג געֶהעֶן, ביז עֶס װעֶט זײַ עֶמיץ
אָדעֶר עֶפּיס פֿעֶרהאַלטעֶן!

דאָס זעֶלבּעֶ טרעֶפֿט זיך בײ'ם מעֶנש,
אױב דעֶר פּאַססעֶנדעֶר טהײל געֶהירן װעֶרט
געֶשאָדיגט דורך אַ װאונד אין מוח; װאָס עֶס
טרעֶפֿט זיך גאַנץ אָפֿט בײ סאָלדאַטעֶן, װאָס
װעֶרעֶן געֶראַניעֶט אין קריעג.

---

מיר זעֶהעֶן, אַז דעֶר גוף מיט דעֶר
נשמה, אָדעֶר, ריכטיגעֶר געֶזאָגט, דאָס
גײַסטיגעֶ מיט'ן קאָרפּעֶרליכעֶן לעֶבּעֶן זעֶננעֶן
אַזױ פֿעֶרקניפּט אונ פֿעֶרבּונדעֶן, אַז עֶס איז
נישט מעֶגליך, אײנס זאָלל אױפ'ן צװײטעֶן
נישט װירקעֶן. מיר האָבּעֶן שױן דעֶרמאַנט,
אַז אונזעֶר גוף — יעֶדעֶר פֿאָדעֶם פֿלײש,
יעֶדעֶס פּיצעֶל בּײן, יעֶדעֶר טראָפּעֶן בּלוט —
בּעֶשטעֶהט פֿון דראָבּנעֶ אײנציגעֶ קאָמ=
מעֶרליך, אונ יעֶדעֶס קאָממעֶרל איז אָבּ=
האָנגיג פֿון אונזעֶר געֶמיט אונ גײַסטיג=לעֶבּעֶן;
אונ פֿעֶרקעֶהרט — אונזעֶר גײַסטיג לעֶבּעֶן
װי אױך אונזעֶר געֶמיטה זעֶננעֶן אָבּהאָנגיג פֿון
דעֶם בּעֶשטאַנד, אין װעֶלכעֶם עֶס געֶפֿינט
זיך יעֶדעֶס אײנציגעֶ קאָממעֶרל אין אונזעֶר
גוף!

עֶס בּלײבּט אונס צו בּרעֶנגעֶן עֶטליכעֶ
בּײשפּיעלעֶן, װאָס װעֶללעֶן אײך בּעֶװײזעֶן,
װי װײט עֶס דעֶרגרײכט די פּעולה פֿון
אונזעֶר געֶמיטה אױפ'ן קאָרפּעֶר:

עֶס איז בּעֶקאַנט אַ פֿאַקט, אַז בּײ'ן
אַ געֶװיססעֶר דרײצעֶהן=יאָהריגעֶר אידיאָטקעֶ,
װאָס האָט געֶליטטעֶן אױף דעֶר שװעֶרעֶר
קראַנקהײט, פֿלעֶגט זיך אַללעֶ װאָך, טהײל
מאָל אַללעֶ צװײ װאָכעֶן, בּײטעֶן דאָס געֶ=
מיטה (דעֶר הוטאָר) אונ מיט איהם צו=
זאַממעֶן — די פֿאַרבּ פֿון די האָהר! דאָס געֶ=
מיטה פֿלעֶגט איבּעֶרגעֶהעֶן פֿון פֿרײליכקײט
אױף מרה שחורה אונ פֿעֶרקעֶהרט, אונ די
האָהר — פֿון העֶלל=בּלאָנד אױף פֿלאַמם=רױט
אונ פֿון פֿלאַמם=רױט אױף העֶלל=בּלאָנד.
אײן אַנדעֶרעֶר חולה־נופל פֿלעֶגט פֿאַר
יעֶדעֶן צופֿאַלל אַרײנפֿאַללעֶן אין אַ מרה
שחורה אונ דעֶרפֿון פֿלעֶגעֶן איהם די
האָהר צו װעֶרעֶן האַרט, געֶקרײזעֶלט אונ
רױט, איז אָבּעֶר די מרה אַריבּעֶר, זעֶננעֶן
די האָהר צוריק געֶװאָרעֶן װי פֿריהעֶר —
פֿײן, װײך אונ טונקעֶל=בּלאָנד מיט אַ
גלאַנץ! עֶס איז בּעֶקאַנט געֶװעֶזעֶן אַ גאַנצעֶ
משפּחה, בּײ װעֶלכעֶר די האָהר פֿלעֶגעֶן
זיך קרײזלעֶן פֿאַר פֿרײד אונ אױסגלײכעֶן
פֿון עגמת נפש. פֿלעֶקקעֶן אױף דעֶר הױט,
װאָס קוממעֶן אַרױס פֿון פֿעֶרשידעֶנעֶ
עֶרעֶגונגעֶן, װי גרױס פֿרײד, צאָרן וכדומה,
האָט געֶװיס יעֶדעֶרעֶר געֶזעֶהן.

אַז מיר פֿעֶרלאָזעֶן די הױט, װאָס איז
די גרעֶניץ, װאָס טהײלט אָבּ דעֶן מעֶנש
פֿון דעֶר רעֶשט װעֶלט, בּעֶגעֶגנעֶן מיר זיך
מיט די מוסקולן, — מיט'ן פֿלײש, װאָס
קראָנקט גאַנץ אָפֿט דורך מאָראַלישעֶ סבּות.
יעֶדעֶר קאָרפּעֶר, אונ יעֶדעֶר אבר אין'עֶם
קאָרפּעֶר, האָט אַ געֶװיססעֶ מאָס פֿון קראַפֿט
צו דעֶר אַרבּײט. טהײל מאָל איז אָבּעֶר
אונזעֶר װיללעֶן אַ שלעֶכטעֶר בּעל הבּית אונ
עֶר נאָטיגט די אברים, זײַ זאָללעֶן מעֶהר
אַרבּײטעֶן, אַלץ זײעֶר כּח טראָגט אױס. דעֶ=
מעֶלט אַרבּײטעֶן מיר זיך איבּעֶר, מיר
װעֶרעֶן מיעֶד, עֶס טהוט אונס װעֶה דאָס
גאַנצעֶ לײבּ, עֶס בּרעֶכעֶן די בּײנעֶר. גאַנץ
אָפֿט טרעֶפֿט זיך, אַז פֿון איבּעֶראַרבּײטעֶן
פֿאַללעֶן מיר אין אַ שװעֶרעֶ קראָנק אַרײן,
אונ מיר מוזעֶן, װעֶניגסטעֶנס אױף אַ צײט,
גאָר אין גאַנצעֶן אױפֿהאָרעֶן צו אַרבּײטעֶן.
טהועֶן מיר עֶס נישט, דרױט (גראָזשעֶט)
אונז אַ פֿלײש=אָבּצעֶהרונג, דאָס איז אַ
קראָנק, אַז די מוסקאַלן „װאַקסעֶן צוריק",
זײַ װעֶרעֶן אַללעֶ מאָל דיננעֶר, שמאָלעֶר

און קירצער, און מען זעהט כמעט ווי זיי שווינדען! דעמאָלט האָבען מיר עס נור דעם מוח צו פערדאַנקען, אויב אונזער לייב געהט צו גרונד! ביי געוויססע גייסטעס־קראַנקהייטען טרעפט זיך „קאַטאַלעפּסיא“, דאָס איז אַ ווינדערליכער צושטאַנד פון לייב, ווען די מוסקעלן ווערען שטאַר ווי פערשטיינערט און קאָננען זיך נישט איינציהען אָדער אויסבייגען. דער מענש איז אַזוי שטייף ווי אַ ברעט און מען קאָנן איהן אָנשפּאַרען מיט׳ן שפּיץ קאָפּ אויף איין באָנקעל און מיט די פינגער פון די פיס אויף אַ צווייט, און ער וועט אַזוי ליגען אויסגעצויגען ווי אַ דראָט, חאָטש מען וועט איהם אַרויפלעגען אַ גרויסע לאַסט אויפ׳ן בויך.

ביינער־קראַנקהייטען טרעפען זיך אויך: פאַר שרעקק ווערען די געלענקען אָנגעשוואָללען און מיר קאָננען קיין בעוועגונג נישט מאַכען.

וואָס פאַר איין איינדרוקק אונזער געמיטה האָט אויף די אינערווייניגסטע אברים, ווי אויף לונגען און האַרץ, ווייסען מיר שוין; עס איז אויך גענוג יעדער זאָלל זיך דערמאַננען, ווי אַזוי ער אָטהעמט אין שרעק, ווי אַזוי עס קלאַפּט איהם דאָס האַרץ און דערגלייכען.

מיר האָבען דאָ קיין פּלאַץ נישט צו בעשרייבען די ווירקונג, וואָס אונזער מאָראַליש לעבען האָט אויף ניערען און לעבער, ווי אויך אויף אַנדערע אברים; עס איז גענוג, אַז מיר ווייסען שוין, אַז אונזער לייב און אונזערע געהירען זיינען פערבונדען מיט אַ נעץ פון נערווען: אַז דורך די נערווען, וואָס קוממען צו צו יעדען קאָמּמערל אין לייב, איז אונזער „גוף“ און „נשמה“, אונזער גייסטיג און קאָרפּערליך לעבען, אַזוי צוזאַמּמענגעבונדען, אַז איינס קאָנן נישט געזונד אָדער קראַנק זיין אָהן דעם צווייטען.

דאָס דאַרפען דער עיקר געדענקען די אֶלטערן, וואָס ווילּלען גוט ערציהען זייערע קינדער. מען דאַרף אַכטונג געבען נישט נור אויף קאָפּף און האַרץ נור אויך אויפ׳ן לייב, אויפ׳ן קאָרפּער בכלל, מען דאַרף זעהען, אַז דאָס קינד זאָלל זיך רעגעלמאָססיג גלייך ענטוויקלען, נישט איבעראַרבייטען זיך, נישט צופיעל לעדיג געהען. און בעשעפטיגט זאָללען זיין אַללע אברים, ד. ה. — דער קאָרפּער מיטן גייסט צוזאַמּמען! דער קאָפּף דאַרף לערנען, דאָס האַרץ פיהלען, די מוסקעלן אַרבייטען, נור — אַלץ אין דער מאָס.

רעפּערירט און פּאָפּולאַריזירט פון

ד״ר ג. לצווין.

## די ליעבע.

וואָס וואָלט געוועזען, ווען גאָטט זאָלל די ליעבע
אונז נעמען אַ וועק?
די וועלט וואָלט געוואָרען אַ מדבר, אַ וויסטע,
אַ זאַנד אָהן אַ ברעג!

דאָס האַרץ וואָלט דערשראָקקען געצאַפּפּעלט אין מיטן,
פאַר ווייטאָג פערדאַרט;
און, גלייך אָהן אַ זונן, וואָלט די וועלט זיך פערהיטט,
פערגליווערט, פערשטאַרט!

און ס׳לעבען וואָלט אונזערס אַ שוגא געוועזען!...
און דער, וואָס עס האָט
דאָס לעבען בעשאַפּפען, דער וואָלט נישט געוואָלט שוין
זיין איהם אַ גאָטט!

וו. יאחאלזאן.

## דאס טעאַטער.

— אַ שאָנעם אֵיידים האָסט דו דיר איינגעהאַנדעלט, אויף אַללע מיינע שונאים געזאָגט — מאַכט ביילע מיט כעס צום מאַנן — עס איז אין איהם שוין ווידער אַריין דער דבוק, ער קומט שוין ווידער אַהיים שפּאָט ביי נאַכט, אַזוי ווי פאַר יאָהרען, נישט היינט געדאַכט!

— וואָס? ער איז שוין אפשר ווידער אין טהעאַטער? — האָט זיך משה אויפגעחאַפּט דערשראָקען.

— די שדים ווייסען — האָט זי באָז געאַנטפערט — איך קוק איהם דענן נאָך, וואָהין ער געהט? גענוג, אַז דריי, פיער מאָל אין דער וואָך קומט ער שוין ווידער אַהיים אייניסען—צוויייען ביי נאַכט.

— אַשאָנע ריינע כפרה מיט דעם יונג — האָט ער געגעבען אַ קלאַפּ מיט דער האַנד אָן טיש אַריין, דאָס שוואַרצע יאָהר ווייסט, וואָס פון איהם איז געוואָרען; אַזאַ פייערדיגער קאָפּ, אַזאַ ן עלוי און פלוצלונג — אַ זאַ מפּלה. — און וואָס זאָגט מלכה? —

— מלכה? — האָט זי ווידער געפרעגט — מלכה? זי איז אַקינד, זי האָט איהן אַוודאי ליעב, אַשאָנער יונג איז ער, טאַקי — הויך געוואַקסען, ווי אַ בוים, נו, גט'ען וועט זי זיך מיט איהם אַוודאי נישט!

— ווער רעדט פון אַ גט? — האָט ער זיך אָנגעחאַפּט. ער הייבט זיך אויף און געהט איבער דער שטוב; פערזאָרגט און צופּענדיג די באָרד, רעד ער ווייטער:

אַ גט? ווער רעד פון אַ גט? פערגעסט? רב צדוק'ס איינ איייניקעל, און ווער ר' צדוק איז, ווייסט דו? ר' צדוק — ער שטעלט זיך אָב מיט אַ גדלות — איז אייגער פון די ל"ו צדיקים! אַזאַ מחותן צו האָבען איז דאַכט זיך קיין קלייניגקייט נישט, האַ? ווי מיינסט דו? קיין בושה, דאַכט זיך, האַ?

יאָ... ווילל ביילע קוממען צום וואָרט, נור ער האָט נאָך נישט געענדיגט זיינס — און זאָרג נישט — האַקט ער איהר איבער — פון דוד'לען וועלל איך, מיט גאָטס הילף, דאָס משוגעת אַרויסטרייבען, אַזוי ווי איך האָב אַרויסגעטריבען פאַר יאָהרען. ער שטעלט זיך ווייטער אָב פאַר ביילען:

— געדענקסט די מאַרינאַרקע?

ער פאַלט ווייטער אַריין אין אַ גדלות:

— איך האָב זי צו שניטטען אויף שטיקק-שטיקקלאַך; דעם סטודענט, וואָס האָט'ן אָנגערעדט דערצו. האָב איך

## די נשמה.

(קוואָללען: טעילאָר—לעבאָק—ספּענצער).

איינס פון די שטאַרקסטע בעווייזען, אַז אַללע מענשען קוממען אַרויס פון איין שטאַמם, איז דאָס, וואָס מיר טרעפען אין אַללע צייטען און אויף אַללע אָרטער אָהנליכע אידעען איבער גאָטט, וועלט און מענש.

איינע פון די אַלגעמיינסטע אידעען איז דער גלויבען אין נשמה, גייסט אָדער זעעלע.

פון וואַננען נעמט זיך דער גלויבען? ווי אַזוי האָט ער זיך ענטוויקעלט? פון דעם ווילען מיר רעדען אין איינציגע אַרטיקלען.

### א) וועגען גייסט און זעעלע.

וואָס נידריגער דער מענש שטעהט אין דער בילדונג, מעהר איז ער גענייגט צו האַלטען אַלץ, וואָס רינגעלט איהן אַרום, פאַר טאָפּעלטע, צוויי-פאַכיגע זאַכען.

אויסער דעם, וואָס ער זעהט מיט די אויגען, טאַפּט אָן מיט דער האַנד און קאָנן הערען און פיהלען... זעהט ער איבעראַלל נאָך איין אינגער-וויינגסטע, אַ בעהאַלטענע, איין ערעלערע זאַך, וואָס לאָזט זיך נישט זעהען, נישט אָנריהרען, און דאָך מוסס עס זיין דער אינהאַלט, דער תוך פון דער זאַך, דאָס — וואָס עס לעבט אין איהר!

פון וואַננען קומט ער צו דעם געדאַנק?

עס וועט אונס לייכט זיין צו געפינען דען וועג.

גאַנץ גוּט אָנגעזיִדעלט און אַ רוֹי ס גע־
טריבען ; ער אַ ל יִ י ן האָט געלייזט אַ פּייער־
דיגען פּאַטש . . .

ביילע דערשרעקט זיך !

— איך בעט דיך, משה — ווער נישט
באַלד אַזוי צוקאָכט ; מיט גוטען קאָנן מען
אַמאָל בעסער אויספיהרען, בעסער ווי מיט
באָזען . . .

— אַוודאַי, ווייל איך פּרוּוען פריהער
מיט גוטען !

— דער עקר — מאַכט ביילע, —
געהט מיר אין מלכּה'ן. זי האָט דערמאָלט
אַ האַלב לעבען פּערלוירען, איך האָב גע־
מיינט, זי וועט עס נישט א וֹ י ס האַלטען . . .
איי ! נו, פּטור ! נור, אַז דו ו ו י ל ס ט,
ר ע ד פריהער מיט מלכּה'ן . . . אפשר
ו ו י י ס ט זי עפּיס דערפון . . .

— עס וואָלט אַלץ גוט געוועזען,
מאַכט ביילע, ווען ער זאָלל דאַווינען מיט
דיר אין איין שטיבעל . . .

— ווילל ער נישט, דער שייגעץ !

— און אפשר — פּרוּווט זיך ביילע —
וואָלסט דו צו ז י י נ ע ם געפאָהרן ?

— וואָס ? משוגע ביסט דו ? ווילסט
לייזען פון מיר אַ פּאָרציע ! וועסט מיך אָנ־
רעדען צו אַללעס באַז ? נאָך ווייניג, אַז
אַלץ קוּמט אַרוֹיס פון דיר ?

פון מ י ר ? — בלאָזט זיך אָן ביילע —
פון מ י ר ? א י ך האָב'ן פּאַריאָהרען אַ
מאַרינאַרקע געמאַכט ? אַ סטודענט גע־
ברענגט ? אין טעאַטער געפיהרט ?

— נו, נו, אַ מויל, קיין עין־הרע, ווייס
איך, האָסט דו . . . אין איין שטיבעל זאָלל'ן
מיר דאַווינען ! . . . וואָלסט דו דיך בעסער
נישט איינגעשפּאַרט אויף אַ בעזונדערן
אַ ל ק י ר . . . וואָלטין מיר בעסער גע־
וואָהנט צו זאַממען, וואָלט ער שוין נישט
אַ ה י י ם ג ע ק ו מ מ ע ן שפּעט !

— איך האָב דיר שוין געזאָגט, אַז
מען קאָנן נישט, היינט קאָנן מען שוין
נישט . . . היינט מ וּ ז אַ פּאָר פּאָלק וואָהנען
בעזונדער, היינט . . .

— היינט ? ווייטער היינט און אָבער
היינט ! וואָס איז היינט ? די וועלט קעהרט
זיך איבער, וואָס ? נור, וואָס וועל איך
רעדען אומזיסט, האָסט אויסגעפיהרט און
גענוג . . .

ביילע שווייגט בעלייזיגט.

נו, וואָס טהוט מען ? פרעגט זי נאָך
אַ ווייל.

— וואָס מען טהוט ? איך געה אין
זיין שטיבעל אריין ! געפינן איך איהן דאָרט,
וועט זיין זיין טויט ! און דו ג ע ה אַ ר י י ן
צ וּ מ ל כּ ה ן, ש מ וּ ע ס מיט א י ה ר
איבער די זאַך !

———

מיר, למשל, ווייסען איין אונטערשייד צווישען
לעבען און נישט לעבען. מיר ווייסען איין אונטער־
שייד צווישען אַ שטיין, אַ שטיק ערד, אַ טייך און
אַנדערע טויטע זאַכען — ביז אַ פלאַנץ, וואָס וואַקסט
אַרוֹיס פון דער ערד ; צווישען די וואָס וואַקסען,
ציינכענען זיך נאָך אויס די אַללע, וואָס לעבען און
בעוועגען זיך פריי ; צווישען אַללע לעבענדיגע איז
דער האָכסטער דער מענש מיט זיין שפּראַכע און
קלאָרען פערשטאַנד . . . עס שטעקט אפילו אין דעם
אַ שטיקל טעות, אין דער נאַטור זענען נישט דאָ
קיין שאַרפע גרענצען ; צווישען אַללע מינים, וואָס
מיר מאַכען זיך, געפינען מיר אַזוינע בעשאָפעןנישען,
וואָס מיר ווייסען נישט, וואָס מיט זיי טהון ; צו
שטעללען זיי לינקס צו רעכטס, און אויף וועלכען
שטאַפּעל פון דער קינסטליכער לייטער, וואָס מיר
האָבען זיך געמאַכט, אָנרופענדיג איינס האָכער און
איינס נידריגע. דאָך וועט קיינער נישט גלייכען
אַ מענש צו'ן אַ בער, אַ בער צו'ן אַ בוים און דאָס
אַלץ נישט פערטוישען מיט אַ בריל ע ערד אָדער
אַ שטיק אייזען ; עס וועט קיינעם נישט איינפאַללען
די אַללע ערשיינונגען, וואָס מיר זעהען ביי זיך,
צו זוכען ביין אַ שטיק מעטאַלל . . .

נור, צו ווערען מיר מיט דעם אונטערשייד
צווישען זאַכען געבוירען ?

געוויסס נישט ; אונזערע קינדער באָזערן זיך
אויפ'ן פּוס פון טיש, וואָס האָט זיי אַ בייל געמאַכט,
שלאָגען אַ שטוהל, זידלען אַ שטיין, וואָס פערי־
האַלט זיי אין וועג.

קלענערע קינדער ווילען זייגען ביי זייערע
אייגענע פינגער, ביים עקק פון קישעלע, ווי אויך

מלכּה איז געזעססען אויפֿן בעטט, פֿערטראַכט, מיט איין אַראָבגעלאָזענעם קאָפּף. דאָס נאַכט־לאָמפּיל האָט געוואָרפֿען אַ בלאַססע שיין אויף איהר דראָבגע חנו׳דיג טרויעריג געשטאַלט.

— דאָס ביסט דו, דוד? — האָט זי זיך אויפֿגעכאַפּט, דערהאָרנדיג טריטט. נור זי האָט דערזעהן די מוטטער, און איז געבליבען שטעהן פֿערשאָמט מיט אַ געריטעלט פּנים.

— איך האָב געמיינט ס׳איז דוד — האָט זי זיך פֿערענטפֿערט. און זיך צוריק געזעצט.

— דיין דוד, זעהטאוים, איז שוין וויטער אַ וואָהלער יונג — האָט ביילע געזאָגט מיט אַ חוזק און ביטטערקייט, עס איז שוין 9 דער זייגער און ער לאָזט דיך נאָך אַליין זיטצען...

מלכּה קראָכצט.

— פֿאַריאָהרען האָט ער געהאַט צו טהון מיט סטודענטען, ביכער, שמאָנצעס... היינט וואָס?

— איך וויים?

— אַ גלגול שטעקט אין דעם יונג! — — וויים איך? מאַכט מלכּה שטיל — ער זאָגט, עס איז איהם דאָ דושנע.

— דושנע? עס איז גאָר נישט דושנע, שקר שקרים... און אַז יאָ — אָפֿענט מען אַ פֿענכטער!

— ער זאָגט — פֿיהרט מלכּה וויטער און דאָס קול ווערט איהר נאָך טרויעריגער — ער זאָגט, אַז ער פֿיהלט זיך דאָ געבונדען, נישט פֿריי...

— אַזוי? פֿריי? הפקר ווילל ער זיין? אָהן השגחה? ביזערט זיך ביילע, און וואָס זאָגסט דו, האַ?

מלכּה שווייגט, זי האָט נאָך נידריגער אַראָב געלאָזט דען קאָפּף און פֿערביססען די אונטערשטע ליפּפּ, זי זאָלל נישט אַרויס מיט אַ געוויין, וואָס האָט איהר די ברוסט צו שפּאַרט. ביילע קריגט אויף איהר הערצליך רחמנות. זי רוקט זיך צו און נעמט זי אָן ביי דער האַנד. די האַנד ציטערט.

נו, נו — מאַכט ביילע מיט אַ געלאַססען און ווייך קול — נו, נו, שרעק דיך נישט, עס וועט זיך אַלץ אויסגלייכען...

מלכּה בייגט זיך איבער און בעהאַלט דען קאָפּף אין דער מוטטערס שוים, די מוטטער גלעט איהר דאָס שייטעל.

אַלץ וועט מיט גאָטטס הילף גוט זיין — טרייסט זי זי, נור העלפֿען מוכט דו אונז... מיר מיטן טאַטען... דו מוסט אונז אַלץ, אַלץ זאָגען...

— אַלץ? — שטאָהנט מלכּה.

— אַוודאַי! ערשטענס מוזט דו איהן בּיים שפּיין פֿון דער וויעג...

אָבצושיידען איין זאַך פֿון דער צווייטער, באַ, אפילו זיך פֿון דעם אַללעם, וואָס איז אַרום אונס, פֿערלאַנגט שוין אַ קלאָרערען שכל.

אונזערע קינדער מוזען פֿריהער אַסך נחת האָבען דורך קיצלען, און שמערצען דורך וועה טהון, פֿון זייער אייגען האַנדטעל אָדער פֿיסעל, איידער זיי ווערען געוואָהר, אַז עס זענען זייער אייגענע גלידער, טהיילען פֿון זיי אַלליין.

די מענשהייט אין גאַנצען האָט אויך איהר קינדער־יאָהרען געהאַט!

טאַג־טעגליך ווערען מענשען נייעס געוואָהר; טאָג טעגליך ווערט אונזער וויססען בּרייטער, טיעפֿער, ריכטיגער, געדיעגענער, און דעריבער איז אונזער ציוויליזאַציע אַ זאַך, וואָס וואַקסט פֿון טאָג צו טאָג. היינט, אַז מיר זאָללען קאָננען צוריקלעגען דען וועג, וואָס מיר האָבען ביז אַהער געמאַכט, וואָלטען מיר געוויסס צוריקגעקוממען צו דעם פּונקט, פֿון וועלכען אונזער מענשליכע ציוויליזאַציע האָט אָנגעהויבען קוים וואָס אַרויס צושפּראָצען...

וואו איהרע וואָרצלען שטעקקען, וואו איהר זאַמען ליעגט — איז איין אַנדערע פֿראַגע, פֿון וועלכער מיר וועללען אֶפּשר רעדען אויף איין אַנדערען אָרט, נור ציינד מוזען מיר מודה זיין, אַז עס איז געוועזען אַ צייט, ווען די מענשהייט איז ערשט אַרויס פֿון וויעג, ווען זי האָט קיין אונטערשיעד צווישען זאַכען נישט געוואוסט, ווען זי האָט זיך אַלליין נישט ריכטיג געקאָנט.

ווי עקסטראַ, אַלץ בעוויז פֿאַר אונז, לעבען נאָך ביז היינט אַזוינע ווילדע שטאַממען (שבטים),

נאָכקוקען, נאָכגעהען, וויסען מיט וועמען עֶר געהט...

מלכּה שווייגט.

— האָסט ניִשט עֶפּיס בּעמערקט? פֿראָגט ווייטער בּיילא.

— ניין...

— יאָ — דערמאָנט זיך די מוטטער — ניב נאָך אַכטונג אויפֿן טלית קטן... זעה נור, צו ער לאָזט איהן ניִשט אַמאָל איבּער אין דער היים.

— פֿערשטעהסט, קינד? — האָט די מוטטער ווייטער געצויגען — אַ יוד, וואָס געהט אין אַ טלית קטן, שלעפֿט זיך ניִשט אַרום בּיי נאַכט — עס חאַפּט זי אָן אַ נעגיִץ אונ זי וואַרפֿט איין אויג אויפֿן זייגער.

— אַיי! עס איז שוין טאַקי אמת שפּעט, צעהנען דער זייגער; נאָכטען אין דער צייט האָבּ איך מיך שוין איבּערגע־דרעהט אויף דער לינקער זייט.

זי הייבּט זיך אויף.

— געה שלאָפֿען מלכּה, וואַרט ניִשט אויפֿן הולטיי, נישט קשה, ער וועט לייזען פֿון טאַטען!

---

די מוטטער איז אַרויסגעגאַנגען אונ מלכּה האָט אָנגעהויבּען צו געהן אַרום דער שטוב, מיט פֿערבּראָכענע האַנד אונ ציטטערדיגע ליפּפּען, דער מוטטערס וואָרטער האָבּען זיך איהר געלעגט ווי אַ שטיין אויפֿן האַרץ...

„מען וועט איהן שלאָגען! איהר דוד'ן! נור אפשר איז ער טאַקי אויף אַ שלעכטען וועג, זי ווייסט ניִשט; זי פֿערשטעהט ניִשט, וואָס פון איהם איז געוואָרען, וואָס פֿאַריאָהרען איז געוועזען אונ וואָס היינט איז; נור געוואָלט וואָלט זי בּעססער, „מען זאָלל זי זיעדלען אונ שלאָגען איידער דודן". „אונ פֿאַר יאָהרען איז ער נאָך אַ קינד געוועזען; איבּערן יאָהר איז ער וווּנדער־ליך אויפֿגעוואַקסען, איבּער דער איינבּער־שטער לופּ האָבּען איהם שוין האָהרליך — אַזוינע זיסע וואָנסאָלאָך אַרויסגעשפּראָצט, אונ אויגען האָט ער אויך גאָר אַנדערע, אַזוינע הייסע, לעבּענדיגע, אונ בּאַקקען אַנדערע, אונ תּנועות אַנדערע"... „נור פֿאַר וואָס איז איהם דושנא?" „פֿאַר וואָס ענטלויפֿט ער אַללע נאַכט פֿון דער היים? פֿאַר וואָס רעד ער ניִשט מיט איהר"?

זי זעצט זיך צוריק אויפֿן בּעטט אונ שפּאַרט אָן דאָס יונג־פֿערזאָרגטע פּנימ'ל אויף די האַנד... „שלעכטע חברים האָט ער, זי ווייסט, חאָטש דער מוטטער וועט זי ניִשט זאָגען, דעם פֿאָטער אַוודאַי ניִשט... שפּיע־לען לערנט ער זיך...!"

„נאָכטען איז עמיץ בּיין איהם געוועזען; אַוודאַי דער, וואָס לערנט איהן שפּיעלען...

---

וואָס זעהען שוין אונז אויס אַזוי קינדיש, אַזוי ניִשט ענטוויקעלט, גלייך זיי וואָלטען נאָך בּיז היינט פֿון דער קינדער־זייעג ניִשט אַרויס — אונ אָט — בּיי די שטאַמכען טאַקי קאָננען מיר שטודירען די אַלטע, גראָהע צייט, ווען דער מענש האָט זיך בּעוויזען מיט אַ פֿערשלאָפֿען געהירן (מוח), ווען ער האָט קוים וואָס אָנגעהויבּען צו אָפּפֿענען די אויגען, ווען ער האָט נאָך זיך אַלליין געקאָנט ניִשט קלאָר, נאָך איידער ער איז אין גאַנצען צו זיך געקוממען!

קיין אונטערשיעד צווישען זאַכען האָט ער ניִשט געוואוסט אונ נאָך ווענינער האָט איהם געקאָנט איינפֿאַללען, אַז ער אליין איז עפּיס האָכערס אונ בּעססערס פֿאַר דעם אַללעם, וואָס רינגעלט איהן אַרום. פֿערקעהרט — אַלץ אַרום איהם האָט איהם אויסגעזעהען גראָססער, שטאַרקער אונ האָכער, ווייל אַלץ אַרום איז געוועזען שטאַרקער פֿאַר איהם; ער איז גרייט געוועזען אַללעם צו פֿערגאָטטערן — ווילדע חיות, בּוימער, וואַססערן — אַלץ, אַלץ וואָס האָט איהן אַזוי געוואונדערט, אַזוי ענטצוקט אונ געשראָקקען צוזאַממען.

אונ דעריבּער האָט דער ערשטער מענש גע־רעכענט, אַז אַלץ וואָס שטעקט אין איהם, שטעקט איבּעראַלל אין אַללע זאַכען, צווישען וועלכע ער לעבּט. דעריבּער האָט ער אַלץ, וואָס ער האָט געפֿיהלט אין זיך, געזוכט אונ געפֿינגען אין דער „גאַנצער וועלט" — דאָס הייסט אין דעם קליינעם וועלטעל, וואָס ער האָט געקאָנט.

מען זאָגט, אַז „זיך איז אַמשווערסטען צו קאָננען", עס איז אמת, נור זיך אַלליין דערפֿיהלען מיר דאָך אַמגעשווינדסטען אונ אַמבּעסטען! אונ

אַ קלעזמער טוּסס ער זיין ,.. זיי האָבּען פוּן טעאַטער גערעדט"; עס חאַפּט זי אָן אַ געוויין, אוּנ זי וואַרפט זיך אין גאַנצען אויפען בעטט מיטן פנים אין קישען אַריין, דאָס געוויין צו פערשטיקקען. אויפן געדאַנק, אַז ער געהט אפשר אין טעאַטער אַריין, בלייבּט איהר דאָס האַרץ שטעהן פאַר שרעק! זי איז נאָך קיינמאָל אין טעאַטער נישט געוועזען. זי ווייס אפילו וואו עס איז, זי איז שוין מיט אַ חברת'ע ביי דער קאַססע געוועזען, געזעהען וואו מען קויפט בילעטען, אויך האָט זי געזעהען די טרעפ, אויף וועלכע מען געהט אַרויף, מאַרמאָרנע, ווייסע טרעפּ, די חברת'ע האָט זי אויך אָנגערעדט, נוּר זי איז נישט אַראָב פוּן רעכטען וועג; זי האָט נישט איינמאָל פוּן פאָטער געהערט, אַז אין טעאַטער זענען עבודה=זרה'ס, עס טאַנצען שקצים מיט שיקסעס, אוּנ אַללערליי כשוף=מאַכער מאַכען נאָך רעגען אוּנ דוננערן אוּנ בליצען גאָטט אויף להכעיס, פּוּנקט ווי אַ מאָל די כשוף=מאַכער אין מצרים! די חברת'ע האָט אפילו אַנדערש געזאָגט, זי האָט געזאָגט, אַז אין טעאַטער זינגט מען, להבדיל, שאָנער ווי אין שוּהל... נוּר האָט טאַקי פאַר דער ליגענד אָבגעהאַקט פוּן דער חברתע; זי וויל זי שוין מעהר נישט קאָננען... וואָס טויג איהר צו האָבּען

צוּ טהוּן מיט כשוּף? אוּנ איהר דוד איז אין טעאַטער, צווישען עבודה זרה'ס, כשוף=מאַכער אוּנ — וואָס זי וויל נישט בּרענגען איבּער די ליפּפּען!

עס דאַכט זיך איהר, אַז איהר דוד שטעהט איבּער געבּויגען איבּער אַ טיעפע בּרינגע אוּנ ועט נוּר וואָס אַריינפאַללען...

אַ קאַלטער שווייס בּעדעקט זי פאַר שרעקק, זי שפּרינגט אויף.

— ראַטיוועען מוּז מען איהן, ראַטיוועען; אוּנ זי אַ ל י י ן; זי וויל נישט די מוּטטער זאָל איהן זידלען, דער פאָטער זאָל איהן, חס ושלום, שלאָגען; ניין, זי וועט עס נישט אויסהאַלטען... נוּר זי אַליין וועט אַלץ טהוּן! זי ווייסט שוין ו ו אָ ס צוּ טהוּן! זי וועט צוּ'ן איהם געהן אין טעאַטער אַריין אוּנ וועט איהן אַרויסרייסען פוּן די גוישע האָנד; גאָטט וועט איהר העלפען אוּנ זי וועט נישט נזוּק ווערען, אוּנ ער וועט זי פאָלגען... ער האָט זי טהייל מאָל אַ ז ו י ליעב, אַ ז ו י ליעב... אוּנ זי וועט וויינען פאַרן... מיט בּיטטערע טרערען וויינען! עס טרעפּפען זיך אַזוינע זאַכען, אַז אַ ווייבּ ראַטיוועט אַרויס דען מאַנן פוּן גיהנם! די מוּטטער האָט איהר אַ מאָל פערצאָהלט, ווי איהרם אַ מוּהמע האָט אַ היים געשלעפּט דען מאַנן פוּן גאָר אַ מיאוּסע חברה... זי האָט איהר נישט

---

דאָס, וואָס דער ערשטער מענש האָט געפיהלט אין זיך, האָט ער געזעהען אוּמעטוּם. אָט, דאָס אייגענע געפיהל טאַקי, איז געוועזען דער גרוּנד (יסוד) פוּן דער אַלטסטער מענשליכער פהילאָזאָפיע; אויף דעם שוואַכען זעלבּסט-געפיהל זענען אַללע אַלטסטע רעליגיאָנען געבּויט.

---

דער ווילדער מענש פיהלט, אַז ער האָט אין זיך אַ קראַפט (אַ כח), וואָס ווערט אַמאָל שטאַרקער, אַמאָל שוואַכער; די אייגענע קראַפט פערלאָזט איהן אַמאָל כמעט אין גאַנצען, דערנאָך קוּמט זי צוּריק; מיט איין וואָרט — עס שטעקט אין איהם אַזוינס, וואָס עקזיסטירט אוּנ לעבּט, חאָטש עס לאָזט זיך נישט אָנטאַפּען מיט די האַנד, נישט פיהלען מיט דער נאָז, נישט הערען מיטן אויער,

נישט פערזוּכען מיט'ן גוּמען, אוּנ נישט זעהען מיט די אויגען. — עס מוּסס זיין עפּיס אַ ז ו י נ ס — וואָס איז צוּ ערעל (אָדער ווי דער ווילדער דריקט זיך אויס: צוּ דינן) מען זאָל עס קאָננען אָנגעמען! נוּר די קראַפט איז דאָ, ער פיהלט זי! מיט דער הילף פוּן איננערווייניגסטען „דיננעם עפּיס" ריהרט ער מיט זיינע גליעדער; מיט דעם ערעלער קראַפט רוּקט ער זיך פוּן איין אָרט צוּם צווייטען, מיט דער קראַפט טהוּט ער, וואָס ער דאַרף; עס טרעפט זיך, אַז פוּן דער קראַפט פליהט פוּן איהם אַבּיסל אַרויס, אוּנ דעמאָלט ווערט ער שוואַך, ער קאָנן נישט אַרבּייטען, ריהרען זיך פוּן אָרט; דעמאָלט פאַלט ער אַנידער אוּנ חאַפּט זיך אויף ערשט דעמאָלט ווען די קראַפט קוּמט צוּריק.

די זעלבּע קראַפט, וואָס ער האָט געפיהלט אין

געוואָלט זאָגען ווער און ווען און וואָס, נור מסירת-נפש, האָט די מוהמע געהאַט! מען האָט זי געוואָלט שלאָגען! און זי וועט זיך אויך פֿאַר איהר דוד׳לען מוסר נפש זיין... נור — זי וועט נישט געהן ווי יענע מיט אַ בעזעם, זי וועט איהן נישט אהיים שלעפּען ווי יענע ביי די אויערען... זי וועט נור זיך בעטען ביי׳ן איהם... בעטען, וויינען, די פֿיס אַרומנעמען און קושען, זי וועט פּועלען... ער האָט זי טהייל מאָל אַ ז ו י ליעב!

— אלא נישט, ווילל זי פֿערפֿאַללען ווערען צוזאַממען מיט איהם!

---

געלד אויף אַ דראָשקע מיט אַ בילעט האָט זי, עס ליעגט נאָך ביי׳ן איהר אפשר האַלב „דרשה-געשאַנק" געלד... אַוועק באַרגען אויף פּראָצענט, ווי דער פֿאָטער האָט געהייסען, האָט זי נישט געוואָלט, זי האָט עפּיס ליעב געקריגען די באַנקאָ-צעטעל, וואָס זי האָט פֿאַר ז יי ן דרשה בעקוממען... און מיט דעם געלד טאַקי וועט זי איהן ראַטיווען...

פֿאָהרינדיג אין דער דראָשקע איבער דער גאַסס, פֿערמאַכט זי די אויגען — זי שאָמט זיך דער גאַסס אין פּנים אַריין צו-קוקען, זי ווילל קיין היימישען מענש נישט זעהן. אָנגעלעהנט אין אַ ווינקעל, פֿיהלט זי ווי דאָס האַרץ וואַרפֿט זיך ביי׳ן איהר פֿאַר שרעקק...

„אפשר טהוט זי נישט גלייך? פֿאַר אַ יאָהרען, ווען מען האָט דוד׳לען גע-שלאָגען, און זי האָט זיך נישט געקאָנט טרייסטען פֿון עגמת נפש און האַרץ ווייטאָג, האָט איהר די מוטטער געזאָגט, אַז ער איז נישט ווערטה איהרע טרערען, אַז ער איז איין אָבגענאַרטע זאַך, אַ וואָרמיגע פֿלוים, אַז מען וועט איהן נאָך מיט׳ן מיסט אַרויס וואַרפֿען, אַז זי וועט נאָך אַ שאָנערן און אַ בעססערן מאַנן בעקוממען...

נור דעמאָלט האָט זי נאָך מעהר גע-וויינט... וואָרען „ווען אַ מלך זאָלל קוממען, אַ מלך מיט אַ בריליאַנטענע קרוין אויפֿ׳ן קאָפּף, וואָלט זי אויך איהר דוד׳לען נישט פֿערטוישט"... „די מאַמע ווייסט דען, וואָס פֿאַר אַ זיס דוד׳דל זי האָט? זי פֿיהלט דען?... ער ווייטער האָט דעמאָלט געוואָלט ענטלויפֿען... געפּאַקט האָט ער זיך! נור דערנאָך ער האָט אויף איהר גע-קוקט און געקוקט, ביז דאָס האַרץ איז איהם ווייך געוואָרען... זי האָט קיין וואָרט נישט געקאָנט אַרויס רעדען, נור ער איז צוגעפֿאַללען צו׳ן איהר און האָט...

— פּרוּ!

שוין דאָס טעאַטער. פֿאַר דער קאַססע איז לעער; זי ווילל אַ בילעט „פֿאַר וויפֿיל

---

זיך, האָט ער געזוכט אומעטום.

צו האָט דען נור ער דען אַלליין די קראַפֿט? צו נור ער אַלליין רוקט זיך, טהוט און אַרבייט? צו שאָקעלט זיך נישט און וואַקסט דער בוים? צו יאָגט נישט דאָס וואַססער מיט אַ כח און אַ כעס? צו וואַרפֿט עס נישט אום אַזוינע פֿעסטע בוימער, צו רייסט עס נישט אָב אַזוינע שטיקקער פֿעלזען, וואָס ער, מיט ז יי ן קראַפֿט, וואָלט אפילו פֿון אָרט נישט געריהרט? צו לויפֿען נישט אויבען אויפ׳ן הימעל די וואָלקען, וואָס האָבען איהם אויסגעזעהען ווי אַ סטאַדע ווייסע, גראָהע און שוואַרצע שאָפֿען? צו הויבט זיך נישט אויף דער שטויב אין דער הויך און לאָזט זיך דערנאָך אַראָב? צו שטעקט אין׳ם שטעקקען, וואָס ער נעמט אין דער האַנד אַריין, זיך צו וואָהרען, נישט אַ ב ע ז ו נ ד ע ר ע ר כח אויסער דער קראַפֿט, וואָס שטעקט אין זיין אייגענער האַנד? צו קאָנן זיין האַנד אָהן דעם שטעקקען אַזאַ פֿעסטען זעץ טהון? צו קאָנן זי אַזוי הויך און ווייט שליידערן אַ שטיין, ווי הויך און ווייט ער פֿליהט, פֿון אַ שליידער-שטעקקען געוואָרפֿען? צו שטעקט אין פֿיילענבויגען (אויבוואָהל ער האָט איהן אַלליין צוזאַממענגעשטעלט) נישט אַ בעזונדערע קראַפֿט? צו קאָנן ער אַלליין אַזוי ווייט וואַרפֿען אַ פֿייל און אַזוי ריכטיג טרעפֿפֿען אין ציעל? צו שטעקט [illegible] דער אונטערשיעד, די איבריגע קראַפֿט, [illegible] מאַטעריאַל, פֿון וועלכען ער האָט דאָס העקציוג, דאָס געוועהר געמאַכט? צו שטעקט זי נישט אין׳ם האָלץ, פֿון וועלכען עס קוממען אַרויס שטעקקען און בויגען; אין ׳ער אָדער פֿון דער חיה, וואָס ער האָט אַלץ סטרונע אויסגעצויגען?

"עס איז"; זי לעגט אנידער דאס בייטעלע, דער קאסירער בעמערקט איהר פערלעגענ=הייט, גיט איהר א בילעט און נעמט זיך אליין ווי פיעל עס קומט.

„אויף ערשטען שטאק, זאגט ער איהר, רעכטס... נומער 110"...

---

זי איז אין טעאטער און דרעהט זיך אוועק מיט'ן פנים פון דער סצענע; זי פיהלט, אז דארטען מוס זיין דער רעכטער כשוף, די אמת'ע עבודה זרה... עס זאלל נישט זיין אזוי ענג, אזוי אונמאגליך די האנד ארויס צו בעקוממען, וואלט זי זיך די אויערן פערשטעלט; על כל פנים וועט זי די אויגען צו מאכען, ביז עס וועט נור שטיללער ווערען... דא מוס דאך אויך זיין, להבדיל, איין „אויסנעמענס", איין איבער האקקעכעט'ן, און דעמאלט וועט זי איהן שוין אכזוכען, א מייל ווייט וועט זי איהן דערקאננען.

זי פערמאכט די אויגען, נור אין די אויערן רייסט זיך איהר אריין די מוזיק... און מען זינגט, און מען שפיעלט אזוי טרויעריג, אזוי וויינענדיג, אזוי פון הארץ ארויס, אז עס פאסט פונקט פאר איהר מזל, פאר איהר הארץ=וויטאג...

און די סצענע, וואס האט זי אזוי געשראקקען, הייבט זי צינד אן צו ציהען ווי א מאגנעט; אומזיסט וויל איהר „יצר=טוב" איינהאלטען די ברעמען, זיי אפפענען זיך אליין און חאפען יעדער שטראהל ליכט, ווי דאס אויער יעדען טאן... און אלץ קומט איהר אין הארץ אריין, און דאס הארץ איז אזוי וויך, אזוי ווינדערליך וויך, אזוי אנגעזאפט מיט טרערען...

„ס'אפשר גאר קיין גיהנם נישט?" בליצט איהר אויף אין מוח — נור דער געדאנק וויקקעלט זיך נישט ווייטער — די סצענע רייסט זיך איהר מיט געוואלט אין הארץ און אין מוח אריין, זי קאן דא אפילו איהר דודן פערגעססען... אז עס רופט זיך אן די קאססעל=פויק אדער די „געפלאכטענע טראמפייט" ציטטערן אונטער איהר די פיס, נור אז די פיעדעל זינגט אדער א קלארנעט וויינט, אה דעמאלט פיהלט זי זיך אזוי גוט...

— געלויבט איז גאטט, — טראכט זי — וואס היינט איז באמת אהן כשוף=מאכערס און אהן עבודה=זרה'ס... אהן שיקסעס אפילו... עס שטעהן נור פאננים אין סאמיטענע און זיידענע קליידער, און פריצים שטעהן אין געלבע שטיפעל, קרומ=מע שווערטען און גאלדענע און זילבערנע קליידער... און איינער, דער שאנסטער פון זיי, שטעהט אין דער מיטט און האלט זיך צו מיט דער רעכטער האנד דאס

---

אין די אללע זאכען מוזען שטעקקען בעהאל=טענע קראפטען... וואס מען דארף זוכען און געפיננען!

---

דער נביא מאכט חוזק אויס'ן געצענדיענער, ער האט זיך אליין — זאגט ער — אבגעהאקט א שטיק האלץ, אלליין בעארבייט, פון די שפאנער זיך א פייער געמאכט, אויף זייערע קוילען זיך עפיס אבגעבראטען... דעם שטיק האלץ האט ער אלליין מיט'ן מעססער געגעבען א פארם, געשניצט לויט זיין אייגענער פאנטאזיע, און דערנאך פאלט ער פאר זיין אייגענער „מעשה ידו" פאר דעם אייגענעם שטיקק האלץ, אויף די קניע און בעט ויהן וועגען לעבען און טויט, הונגער און זעטט...

דער נביא האט רעכט, נור דער ווילדער מענש האט זיין פהילאזאפיע געהאט, ער איז געוועזען און איז נאך היינט אין דער אייגענער לאגע ווי אונזערע קינדער מיט זייערע פופפען 1), עס דארף נור האבען עפיס איין אהנליכקייט צו'ן א קינד, טהוט שוין די פאנטאזיע די רעשט! עס ווערט שוין געשאקעלט, געקארמיט, איינגעשלאפט, געקישט און געהאלזט.

אונזער היינטיגע וויססענשאפט לערנט אונז, אז אללע קארפער בעשטעהען פון גאנץ דראבנע חלקים (אטאמען), וואס מיר זעהען נישט מיט די אויגען און האבען נאך דערצו קיין גענויגענדע פערגראססער-גלעזער נישט; זי וויזט אונז אויס, אז, ווענינגסטענס, אין דער טויטער וועלט, איז

---

1) קוקלא, ליאלקע.

האַרץ, עֶס מוּס איהם דאָס האַרץ וויי טהוּן, און עֶר זינגט מיט אַ יאָממער און אַללע אֶנטפֿערן איהם מיט טרייסט, נוּר עֶר לאָזט זיך נישט טרייסטען און יאָממערט אַלץ מעֶהר און מעֶהר...

פלוּצלינג האָט זיך דוּרך די פריצים מיט די פאַנגעֶס דוּרכגעריסען איין אַלטער מאַנן; עֶר איז גראָה ווי אַ טויב, נוּר אַ קול האָט עֶר ווי אַ לייב און — אַ פיסטאָלעט אין דער האַנד! מיט כעס האָט עֶר גערעֶדט צוּם יוּנגען מאַנן, וואָס האָט געיאָממערט, עֶר האָט׳ן עפּיס געפֿראָגט, איין מאָל און צוויי מאָל, און דערנאָך האָט עֶר געחאַפּט דעֶם פיסטאָלעט און האָט׳ן דער שאָססען אויפֿ׳ן אָרט!

און צוּנד האָט זיך ערשט אָנגעהויבען דאָס גיהנם, די פֿאָרהאַנג איז אַראָב געֶפֿאַללען און מענשען האָבען אָנגעהויבען צוּ פּאַטשין מיט די האַנד, צוּ טיפּפּען מיט די פֿיס און צוּ שרייען און צוּ מאַכען משונה׳נע קולות! זיי ווילען געֶוויס, מען זאָלל זיי אַרויס געבען דעֶן אַלטען רוצח, זיי ווילען איהן אויף שטיקער צוּרייסען; עֶס ווערט איהר פֿינסטער פֿאַר די אויגען, זי פֿיהלט, אַז זי וועֶט עֶס נישט אויסהאַלטען און לויפֿט אַרויס פֿוּן טעֶאַטער...

דערשראָקקען און אָן אָטהעם איז זי קוים צוגעֶפֿאַללען צוּ דער טהיר פֿוּן דער אֶלטערנס דירה, זי קאָנן צוּם גלאָקקיל נישט טרעֶפֿפֿען, קלאַפּט זי ביי דער קלאַמקע, נוּר אוּנגעוואָהנליך שטאַרק; דאָס דיענסט־מיידעל אָפּפֿענט מיט׳ן קיך־לאָמפּיל אין דער האַנד און לאָזט עֶס שיער נישט אַראָב פֿאַר שרעֶקק.

— מלכה׳לע, וואָס איז מיט אַייך, מלכה׳לע?

עֶס בעוויזט זיך די מוּטטער אין איין העמד:

— וואָס איז געשעהען, רבונו של עולם...

— שרעֶק דיך נישט, מלכה׳לע, האָרט זיך דערווייל דעֶם פֿאָטערס קול. — עֶר איז אויך אַרויס פֿוּן בעֶטט און שטעֶהט אוּנטער דער טהיר — שרעֶקק דיך נישט מלכה׳לע, עֶר זיצט אין שטיבעֶל, אין שטיבעֶל איז עֶר, איך בין געוועזען ביי׳ן איהם... עֶר האָט אַ מזל פֿוּן אַ גוי, אפשר 10 גילדען געוויננען.

---

אין עֶטליכע טאָג אַרוּם איז דוד פֿאַר־נאַכט אַרוּמגעגאַנגען אין שטוּב און וויטער געֶקלאָגט זיך, אַז עֶס איז איהם דושנע, אַז מען האָט איהן לעבענדיגער הייט אין אַ קבר אַריין געלייגט... אוּנטערווייליכטס איז צוּ׳ן איהם צוגעקוּממען מלכה, זי האָט איהם פֿערוואָרפֿען די האַנד אויפֿ׳ן האַלז,

---

אַללעֶם אָבהעֶנגיג פֿוּן דעֶם סיסטעֶם, לויט וועלכען די אַטאָמען האַלטען זיך איינס ביים צווייטען. טהייל ווילען אפילו אויף דעֶם אייגענעם אופן אויסטייטשען די ערשיינוּנגען ביי פֿלאַנצען און טהירע, נוּר סיי ווי סיי זוכען מיר דען אוּנטערשיעד צווישען קאָרפּער שוין טיעפֿער, בשעת ווען אוּנזערע קינדער און דער ווילדער מענש בעמערקען פֿאָרערשט די קאָליער און דערנאָך קוים די פֿאָרם פֿוּן דער זאַך! און מיינען, אַז אַלץ העֶנגט אָב פֿוּן דער קאָליער אָדער פֿוּן דער פֿאָרם, וואָס די זאַך האָט.

אַ קינד, וואָס ברינהט זיך אָב אין פֿייער קריגט מורא פֿאַר אַללעֶם, וואָס עֶס איז רויט; ווען עֶס האָרט שוין אויף צוּ שמאָטשקען שטיין און ביין, ציהט עֶס נאָך ביים פֿינגער, ווייל עֶס איז אָהנליכער צוּ דער ברוּסט...

בכלל איז דער ווילדער מענש, ווי אויך אוּנזערע קינדער און אוּנגעבילדעטע מענשען, זעהר לייכט צוּם פֿערגלייכען און זעהר שווער צוּם אוּנטערשיידען. קוים געפֿינט מען עפּיס איין אָהנליכקייט פֿוּן איין זאַך צוּ דער צווייטער, איז עֶס שוין דאָס זעלבע, אַ באָרשטעֶל האָט האָהר און אַ קינד האָט האָהר, איז אַ באָרשטעֶל איין אויסגעצייכענטע פּוּפּפּע; ביים ווילדען זעֶנען די וואָלקען סטאַדעס פֿוּן שאָפּסען; ביי׳ם פּראָסטען פֿאָלק האָרט מען גאַנץ אָפֿט אזא געשפּראָך: „וואָס האָט דער דאָקטאָר פֿערשריבען?“, „אַ ווייס פֿלאָשעֶלע“... „גיב מיר אויך אָב אַ ביסל, מיין יוּנגעֶל האָט אויך היץ“. די רפואה, מיינען זיי, שטעֶקט אין דער קאָליער, אָדער, על כל פנים, אַז יעדע רפואה מוּז האָבען איהר קאָליער. די ווילדע מענשען, וואָס האָבען דאָס ערשטע מאָל ביי די

צוּגעבויגען דאָס ברענענדיגע פנים צו זיינע אויערען אוּנ מיט אַ ציטטערדיגן קול איינגע־רוימט: — ווּעלל־מיר געהן אין טעאַטער אריין? אַ יאָ דוד'ל.

ער האָט זי אָנגעחאַפּט, אויפגעהויבען אוּנ אָנגעהויבען מיט איהר אַרומטאַנצען אין שטוּב....

אין מיט'ן טאַנצען רוימט זי איהם ווייטער איין:

— אַז דו ווילסט, מאָגסט דו אויסטהון דען טלית קטן.

— נאָך וואָס? פרעגט ער פערווינדערט.

סאלאמאנא פערל.

## ש. ראפּאפּארט.

## די כּתבים.

אין אַקליין נידעריג ציממעררל אויף איין אויבערשטיביל איז געזעסען אַ יוד פון אַ יאָהר 50—55; אַ דאַרער, מיט אַ לאַנגער נאָז, גרויסע אויגען, געדיכטע ברעמען אוּנ אַ ברייטען געקנייצטין שטערין אונטער אַ פערשמאָלצענער יאַרמולקא, אוּנ מיט אַ פּאָר לאַנגע, דינגע פאות, וואָס האָבען זיך אַראָבגעלאָזען אין די זייטען ביז צו דער צופלאָסענער באָרד.

דאָס איז געוועזען יעַנקיל עטיל'ס, דער קאַלינאָווער קרעצמער, אדער — ריכטיגער געזאָגט — דער קאַלינאָווער קרעצמערינס מאַן.

דאָס ציממעריל איז געוועזען קליין אוּנ האַלב פינסטער, זיין מעבעל איז בע־שטאַנדען פון אַ בעטיל, אַ קליין טישיל, אַ באַנקעל אוּנ איין אַלמער מיט ספרים.

יעַנקיל איז געזעסען ביים טיש, פערטיפט אין אַגרויס ספר, ער האָט זיך ניט גערירט פון אָרט; נור פון צייט צו צייט פלעגען זיך ביי איהם די קנייצען אויפ'ן שטערן אויסגלייכען דער פערטראַכ־טער בליק פלעגט זיך אָברייסען פון ספר אוּנ קוקען אין פענצטעריל, דורך וועלכען עס האָט זיך מעהר נישט געזעהען, ווי אַ שטיק בלאָער הימטעל. באַלד אָבער פלעגט זיך דער שטערן נאָך שטאַרקער פערקנייצען אוּנ די אויגען צוריק אָנהייבען לויפען איבער די קליינע אותיות פון די געדיכטע שורות אין אַ גרויסען ספר.

אפשר אַ שעה איז געזעסען יעַנקיל איבער דעם זעלבער בלאַט, ביי דעם זעלבען ענין, וואָס ער האָט עטליכע מאָל איבערגעטראַכט. ענדליך, ניט אַראָבלאָזענ־דיג די אויגען פון ספר, האָט ער זיך לאַנגזאַם אויפגעהויבען, גענעבען אַ טריטט

אייראָפּעער בעקומען אַייזען אין געשטאַלט פון נאָגעל, שליסעל אָדער ריגגען... האָבען זי עס פערזייעט; אַז די ערד גיט אָב דען זאָמען מיט אַזוינע פראָצענט, וועט זי מיט נאָגעל, שליסעל אוּנ ריגגען אויך דאָס זעלבע טהון.

אוּנ — אויב אַלץ האָנגט אָב פון דער אָהנליכע־קייט, איז קיין ווּנדער נישט, אַז ביי דער קלענסטער אָהנליכקייט פון אַ מענש ביז אַ טהיער — האָט מען גע־גלייבט, אַז ער איז אַ בער, אָדער אַ לייב, לויט דעם צו וועלכען ער איז איננערליך (מיט'ן חאַראַקטער) אָדער אויסערליך (מיט'ן פנים) אָהנליך געוועזען; נאָך זיין טויט, האָבען זיינע ווייבער אוּנ קינדער נישט געטאָרט עססען לייבען אָדער בערען־פליש, ווייל זיי וואָלטען בעגעססען זייערע קרובים... ביי גאַנצע שטאַממען וערען פערשידענע טהיערע גערעכענט פאַר „אָבות”

אוּנ דאָס טהיער, פון וועלכען מען קומט אַרויס, איז „ט אָ ט ע ם” (הייליג, פערוועַרט) אוּנ מען טאָר עס אין דעם שטאַמם נישט טויטען, נישט עססען; אַללע אַלטע נאָמען פון מענשען האָבען דעריבער די בעדייטונג פון טהיערע. אַ געוויססע צייט האָט מען געהאַלטען אין אייראָפּאַ אַ געוויססע פלאַנץ „עָאופ־ראַזיאַ” פאַר געזונד צו די אויגען, ווייל איהרע בליטהען האָבען די פאָרם פון אויגען.

ביי דעם ווילדען מענש שפּיעלט דעריבער נור קאָליער אוּנ פאָרם די ראָלע. ער מיינט אַז פערשיע־דענע קראָפטען האַלטען זיך אין פערשידענע פאַרבען אוּנ פערשידענע פאָרמען.

טהייל מאָל וויל ער מאַכען נאָך עפּיס בעס־סערס אוּנ שטאַרקערס פאַר דער נאַטור; ער וויל פעראייניגען איינציגע פאָרמען צו זאַממען, נעמען

צוּ דעֶם אַלמעֶר, וואָס אִיז געֶשטאַנעֶן נאָהנט בּיים טִישׁ, האָט אַרוּיס געֶנוּממעֶן פֿוּן אַ גאַנצעֶן הוֹיפֿעֶן צוואָרפֿעֶנעֶ, פֿעֶרשרִיבּעֶנעֶ, גרוֹיסעֶ אוּנ קלֵיינעֶ שטִיקלִיךְ פּאַפִּיר, געֶלעֶגט זֵיי אוֹיפֿ'ן טִישׁ, האָט זִיךְ געֶזעֶצט אוּנ ווִידעֶר פֿעֶרטראַכט אִיבּעֶר'ן ספר. אִין אַווײלע אַרוּם האָט עֶר געֶנוּממעֶן דִי פּאַפִּירעֶן, האָט זֵיי לאַנגזאַם פֿאַנאַנדעֶרגעֶקלִיבּעֶן, אוֹיסגעֶקנֵייטשט, צוזאַממעֶן געֶלעֶגט, דוּרכגעֶקוּקט, האָט אוֹיפֿגעֶזוּכט דאָס לעֶצטעֶ נִיט דעֶרשרִיבּעֶנעֶ בּלאַט, אוּנ האָט צוּגעֶרִיקט צוּ זִיךְ דעֶם טִינטעֶר מִיט דעֶר געֶנוֹעֶנעֶר פּעֶן אוּנ האָט געֶשווִינד אָנגעֶהוֹיבּעֶן צוּ שרײבּעֶן.

— יַעֲנקִיל! יַעֲנקִיל! — האָט זִיךְ דעֶרהעֶרט פֿוּן אוּנטעֶן אַ געֶזוּנטעֶ ווייבּעֶרשעֶ שטִימּמעֶ.

יַעֲנקִיל האָט זִיךְ אוֹיפֿגעֶחאַפּט פֿוּן שטהוּל, ווִי צוּם לוֹיפֿעֶן. נוּר עֶר אִיז געֶבּלִיבּעֶן אַזוֹי שטֵיין אַיינגעֶבּוֹיגעֶן אִיבּעֶר'ן טִישׁ, אוּנ, נִיט עֶנטפֿעֶרעֶנדִיג, האָט עֶר ווייטעֶר אוּנ נאָךְ געֶשווִינדעֶר געֶשרִיבּעֶן.

— יַעֶ־יַעֶ־יַעֲנקִיל!! מעֶן קעֶן זִיךְ אִיהם נִיט דעֶררוּפֿעֶן! — האָט זִיךְ ווִידעֶר דעֶרהעֶרט דִי זעֶלבּעֶ שטִיממעֶ, שוֹין העֶכעֶר, מִיט צאָרן.

יַעֲנקִיל האָט זִיךְ גִיךְ אוֹיסגעֶגלײכט, האָט אַוואָרף געֶטהוּן דִי פּעֶן אוּנ אִיז געֶשווִינד אַראָבּגעֶלאָפֿעֶן אִין קרעֶצִים — אַ גרוֹיסעֶ בּלאָטִיגעֶ שטוּבּ, פֿעֶרפֿוֹילט, פֿוּלל מִיט פּוֹיער'ן, וואָס האָבּעֶן געֶרעֶדט אוּנ געֶטוּמוּלט. עֶטִיל, דִי קרעֶצמעֶרִין — אַ נִידרִיגעֶ דִיקעֶ יוּדעֶנעֶ, אִיז געֶשטאַנעֶן בּיים שעֶנק־טִישׁ אוּנ געֶמאָסטעֶן בּראָנפֿעֶן.

יַעֲנקִיל אִיז צוּגעֶגאַנגעֶן צוּם שעֶנקטִישׁ. נוּר דאָס אִיז שוֹין נִיט געֶוועֶן דעֶר פֿרִיהעֶרדִיגעֶר יַעֲנקִיל: זיין פּנים, אוֹיףווּעֶלכעֶן עֶס האָבּעֶן זִיךְ נאָר וואָס אָבּגעֶשפּיגעֶלט הוֹיכעֶ געֶדאַנקעֶן, אִיז געֶוועֶן יעֶצט פֿעֶרבִּיטעֶרט, עֶרשראָקעֶן; דִי גרוֹיסעֶ פֿעֶרטראַכטעֶ אוֹיגעֶן האָבּעֶן געֶקוּקט מִיט אַ געֶבּעֶט, רחמנות'דִיג.

— קוּים אַמאָל! — האָט זִיךְ אָנגעֶרוּפֿעֶן מִיט כּעס דִי שעֶנקעֶרעֶן — פֿעֶרקרִיכט עֶר צוּ זִיךְ אַרוֹיף, קעֶן מעֶן זִיךְ אִיהם נִיט דעֶררוּפֿעֶן... נאַ, נעֶם אוּנ פֿאָר אַרִיבּעֶר מִיט אִיוואַנעֶן צוּ אִיהם אִין דאָרף, עֶר וועֶט דִיר געֶבּעֶן אַ פּוּד פֿלאַקס... זאָלסט אָבּעֶר זעֶהעֶן, וואָס עֶר וועֶט דִיר געֶבּעֶן, העֶרסט? ווּעֶסט דאָרטעֶן אִיבּעֶרנעֶכטִיגעֶן בּיים שוֹחט אוּנ ווּעֶסט מאָרגעֶן בּרעֶנגעֶן צוּטראָגִין.

יַעֲנקִיל האָט זִיךְ נאָךְ מעֶהר אַיינגעֶהוֹיקעֶרט, זיין פּנים אִיז געֶוואָרעֶן נאָךְ רחמנות'דִיגעֶר אוּנ עֶר האָט אַרוֹיסגעֶשטאַמעֶלט שטִיל:

דאָס שאָנסטעֶ אוּנ דאָס בּעֶסטעֶ פֿוּן אַללעֶרלֵיי מִינִים אוּנ מאַכעֶן דעֶרפֿוּן אֵיינס! זיין אִידעֶאַל האָט געֶקאָנט זיין: דעֶר עֶקק פֿוּן וואַללפִֿישׁ, דִי גרִיזִיווּעֶ פֿוּן אַ לֵייבּ, דִי פִֿיסס פֿוּן אַ בּעֶר, אוּנ אַ קאָפּף, פֿוּן אַ שאָן ווייבּ — גאַנץ אָפֿט האָט מעֶן פֿעֶרגאָטטעֶרט דִי געֶשטאַלט פֿוּן אֵיין עֶלעֶפֿאַנט מִיט פֿלִיגעֶל פֿוּן אֵיין אָרלעֶר! אוּנ הוּנדעֶרטעֶר, אוּנ טוֹיזעֶנדעֶר יאָהרעֶן האָט דִי קוּנסט אַזוֹינעֶ פֿאַנטאַזִיעֶן געֶשנִיצט... אוּנ עֶס אִיז גאַנץ נאַטִירלִיךְ, אַז קוּים אִיז דעֶם ווִילדעֶן מעֶנשׁ אַרוֹיס עֶפּיס שראֶקלִיכס אוּנ שטאַרקס פֿוּן דעֶר האַנד, אִיז עֶר אַליין נתפּעל געֶוואָרעֶן פֿאַר זיין אֵייגעֶן ווּעֶרק, אִיז עֶר געֶפֿאַללעֶן אוֹיף דִי קנִיעֶ אוּנ האָט פֿעֶרגאָטטעֶרט זיין אֵייגעֶנעֶ אַרבּייט; ווייל אִין דעֶר פֿאָרם שטעֶקט דִי קראַפֿט, וואָס מעֶן קאָנן בּעֶנוּצעֶן, אוֹיסבּעֶטלעֶן, אוֹיסווִינגעֶן, אוֹיסקנִיעֶן...

נוּר סיי ווִי סיי אַלץ אִיז אַ פֿאָרם, אוּנ אַללעֶ פֿאָרמעֶן זעֶננעֶן נאָסטעֶן, וואו עֶס האַלטעֶן זִיךְ דִי אַללעֶ קראֶפֿטעֶן, וואָס בּעֶווייזעֶן זִיךְ אוּנ שרעֶקקעֶן אִיהן פֿוּן אַללעֶ זייטעֶן!

וואו עֶר וואַרפֿט זיינעֶ אוֹיגעֶן, רייסעֶן זִיךְ אַרוֹיס פֿוּן דעֶר עֶרד פֿעֶרשִׁידעֶנעֶ געֶוויקסעֶן; דאָס קלעֶנסטעֶ בּיימעֶל טרייבּט זיינעֶ וואָרצלעֶן אִין דעֶר עֶרד אַריין טִיעף, טהײל שפּאַלטעֶן דוּרךְ שטֵיינעֶר; דאָרט שפּרִינגט אַראָבּ אַ שטִיק עֶרד פֿוּן אַ בּאַרג; אִין יעֶנעֶר זייט רעֶדט עֶפּיס אוּנ רוֹישט דעֶר וואַלד, דאָ ווייטעֶר בּרוּמט אוּנ בּאָזעֶרט זִיךְ אַ טייךְ — אִין אַללעֶ זייטעֶן זעֶננעֶן פֿוּלל בּעֶהאַלטעֶנעֶ כּחות, אוּנ עֶר קוּמט צוּ'ן אַ פֿעֶסטעֶ דעה, אַז אַלץ, וואָס עֶר זעֶהט, אִיז נוּר נאָסטעֶן, וואו עֶס וואָהנעֶן בּעֶהאַלטעֶנעֶ רוּחות אוּנ גײסטעֶר! אוּנ אַ זהא ראיה — דִי

— איך בין... ניט קיין גרויסער מבין... איך וועל אפשר...

נור די שענקעריִן האָט איהם איבערגעשלאָגען.

— „וועסט אפשר״! וואָס וועסטו אפשר — האַ? וועסט אפשר אַ מיתה משונה איינעמען? אוי, לא יוצלח! צו וואָס דו זאָלסט זיך ניט צוריהרען — פּירסט דו דאָך איבער! צו וואָס דו זאָלסט זיך ניט נעמען, מאַכסט דו קאַפּויר מיט די פּיס!...

יענקיל האָט מיט אַפּערבאָרגענעם זיפּץ אַ קוק געטהון אויף דער טיר פון זיין קאָממערל.

— אַ־אַ! עס ציהט דיך שוין אַהין? דו קוקסט שוין? דאָרטען איז וואַרעמער? איי, אַז גאָטט וואָלט מיך אויסגעלייזט פון דיר מיט צוואַנציג יאָהר צוריק, וואָלט איך אפשר געוויסט, אַז איך לעב אויף דער וועלט!...

יענקיל שווייגט, ער ריהרט זיך נישט פון אָרט,

נו, וואָס שטייסט דו? דער גוי וואַרט דאָך! נעם שוין, ליימענער גולם, חאַפּ אויף דיר דאָס פוטער, און פאָהר; אָבער געדענק זשע, וואָס איך זאָג דיר: זעה, דאָס צעהנטע מאָל זאָג איך דיר, זעה, ער זאָל דיר געבען סחורה, ניט קאָסטרע! ווייסט דאָך, אַז אַ גוי איז אַ גנב, בפרט נאָך, אַז ער גיט דאָס פאַר איין אַלטען חוב...

רעדענדיג, האָט זי איהם דערלאַנגט דאָס פוטער און דאָס היטעל. יענקיל האָט זיך אָנגעטאָן און איז אַוועקגעפאָהרען.

אויף מאָרגען, אַזייגער צוועלף ביי טאָג, איז יענקיל אַריין אין קרעצמע, דורכגעפרוירען, פערמאַטערט, בעדעקט מיט שניי, און מיט אַ זאַק אויף די פּלייצעס.

— געשווינד געקוממען! ניטאָ וואָס צורעדען! — האָט איהן עטיל בעגעגינט — נאָך דעם מלאך המות דאַרף מען דיך שיקקען... נו, ווייז אָקאָרסט, וואָס האָסטו דאָרטען געבראַכט!

נור ווי זי איז צוגעגאַנגען צום זאַק, האָט זי זיך אַחאַפּ געטאָן פאַר׳ן קאָפּף.

— געוואַלד!! גזלן!! אָט דאָ איז פאַר 6 רובל פלאַקס?! אַי, אויסגעריסען זאָלסטו ווערען! גולם! וואָס האָסטו דאָס געבראַכט?! דאָס איז דאָך קאָסטרע!! נאַרר! נאַ־אַ־אַר!! — האָט זי געשריען אויסער זיך, און אויסגעשטעלט ביידע פויסטען.

יענקיל איז געשטאַנען ווי אַפּערמשפּטער, מיט איין אַראָבגעלאָזטען קאָפּף און האָט געשוויגען. עטיל האָט געשריען, געשאָלטען און ענדליך אַ געשריי געטהון מיט האַסס.

נו, שטייסט נאָך? אַוועק פון מיינע

---

קאָרפּער זעננען נישט אין אייביגע בעוועגונג, ערשט איז דער שטיין געפלויגען, פון אַ גייסט (אַ זוינד) געיאָגט, צונד ליעגט ער ווי אַ גולם, ווי אַ טויטער... טהייל מאָל איז דאָס וואַססער רוהיג און טויט, טהייל מאָל איז שטיל און שטום דער וואַלד.

מיר האָבען שוין דערמאַנט, אַז דעמעלט איז נאָך דער מענש נישט אַזוי שטאָלץ געוועזען ווי היינט! פערקעהרט, ער האָט זיך געגען דער נאַטור געפיהלט ווי דער שוואַכסטער וואָרם! עס האָט זיך איהם נאָך נישט געחלומט, אַז ער וועט אַמאָל איבער אַללעם הערשען, אַללעם רעגולירען, אַז עס וועט זיך אין איהם אויפוועקען אַ וויללען, וואָס וועט זיך אויסגיסען איבער דער גאַנצער ערד און אַללע איהרע כחות וועללען זיין זיינע משרתים... דעמעלט איז ער נאָך געשטאַנען געגען דער נאַטור אונבעהאָלפען, אונגעלומפּערט... און דעריבער האָט ער אַלץ פערגאָטטערט, ווייל אַלץ האָט איהם געדראָהט, ער האָט זיך פאַר אַללעם געשראָקקען! און דעריבער האָט ער איבעראַלל געזעהען נאָך מעהר ווי איינפאַך לעבען!

עס איז שווער זיך פאָרשטעללען, ווי אַזוי דער ערשטער מענש, מיט׳ן נאָך פערשלאָפענעם און טונקעלעם שכל, האָט זיך געפיהלט אויף דער אונבעקאַנטער, וואונדערליכער וועלט, מיט איהרע טויזענדער בעהאַלטענע כחות, וואָס לאָקקערן אויף זיין לעבען. דאָס; וואָס אונזער יונגע קינדער אָדער עלטערע נור אומגעבילדעטע, אָדער נערוועזע מענשען, פיהלען, בשעת זיי בלייבען אַללײן אין דער פינסטער, קאָנן אונז געבען קוים די שוואַכסטע פאָרשטעללונג פון דער שרעקק, וואָס דער ערשטער

אויגעֶן, גולם! עֶר וואַרט נאָך, דעֶר קאַליקעֶ!!

יעֶנקיל האָט זיך שטיל אַוועֶקגעֶשלעֶפּט צו זיך אין צימעֶרל.

שטילל איז עֶר אַריין אין צימעֶר, שטיל איז עֶר צוגעֶגאַנגעֶן צום טיש, האָט זיך אָנגעֶלעֶהנט אויף איהם, האָט אונטעֶרגעֶשפּאַרט די קאָפּף מיט די האַנד און פֿעֶרקוקט זיך אוממוטיג אין פֿעֶנצטעֶר. כּמעט אַ שעה איז עֶר אַזוי געֶשטאַנעֶן איבּעֶרגעֶבּויגעֶן ניט ריהרעֶנדיג זיך פֿון אָרט, עֶר האָט צוויי דריי מאָל אָבּגעֶזיפֿצט טיעף און פֿעֶרשטיקט.

אופ׳ן טיש איז אַלץ געֶוועֶן, ווי עֶר האָט געֶלאָזעֶן, נור די פּאַפּירעֶן האָבּעֶן געֶפֿעֶהלט. יעֶנקיל האָט דאָס ניט בּעֶמעֶרקט און איז אַלץ געֶשטאַנעֶן און געֶטראַכט. ענדליך האָט עֶר זיך אַקעֶרגעֶטאָן, איז צוגעֶגאַנגעֶן צו דעֶר אַלמעֶר און האָט זי געֶוואָלט עֶפֿעֶנעֶן. פּלוצלינג האָט עֶר בּעֶמעֶרקט אויף דעֶר פּאָדלאָגעֶ אַ שטיקעֶל פֿעֶרשריבּעֶן פּאַפּיר. עֶר האָט עֶס אויפֿגעֶהויבּעֶן, אַ קוק געֶטאָן, איז צוגעֶגאַנגעֶן צום טיש, און, דעֶרזעֶהעֶנדיג, אַז דאָרטעֶן זיינעֶן ניטאָ די פּאַפּירעֶן, האָט עֶר זיי געֶנומעֶן זוכעֶן מיט גרויס אומרוה. עֶר האָט אויפֿגעֶהויבּעֶן דאָס ספר, איבּעֶרגעֶקוקט און איבּעֶרגעֶשאָקעֶלט אַלץ, וואָס איז געֶוועֶן אופ׳ן טיש — די פּאַפּירעֶן זיינעֶן ניט געֶוועֶן.

— וואָהין האָבּעֶן זיי געֶקעֶנט אַהינקומעֶן? איך האָבּ זיי, דוכט זיך, געֶלאָזט אויפ׳ן טיש — האָט עֶר אַרויסגעֶרעֶדט פֿאַר זיך.

מיט ציטטעֶרעֶנדעֶ האַנד האָט עֶר איבּעֶר געֶוואָרפֿעֶן אַללעֶ ספרים אין אַלמעֶר — ניטאָ! עֶר האָט איבּעֶרגעֶקעֶרט אַלץ, וואָס עֶס איז געֶוועֶזן אין צימעֶריל — אומזיסט! די פּאַפּירין זיינעֶן עֶרגיץ אַוועֶק געֶקוממעֶן.

דאָס האַרץ האָט בּיי יעֶנקלעֶן שטאַרק געֶקלאַפּט, האַנט און פֿיס האָבּעֶן איהם געֶציטטעֶרט, עֶר איז געֶבּליעבּעֶן אין מיט׳ן צימעֶר, ווי פֿעֶרשטיינעֶרט, מיט גרויס אויפֿגעֶריססעֶנעֶ אויגעֶן, בּלייך און עֶרשראָקעֶן:

— אפשר האָט זי זיי געֶזעֶהעֶן?... האָט עֶר עֶנדליך אַרויסגעֶרעֶדט מיט אַציטטעֶרעֶנדעֶ שטיממעֶ און האָט זיך געֶוועֶנדט צו דעֶר טיר. נור עֶר איז ניט אַרויסגעֶגאַנגעֶן. עֶר האָט ווידעֶר אָנגעֶהויבּעֶן זוכעֶן. עֶטליכעֶ מאָל איז עֶר אַזוי צוגעֶגאַנגעֶן צו דעֶר טיהר, און יעֶדעֶס מאָל האָט עֶר זיך אַלץ אומגעֶקעֶרט צוריק און נאָך אַ מאָל און ווידעֶר אַ מאָל איבּעֶרגעֶקוקט און איבּעֶרגעֶזוכט אין יעֶדעֶן ווינקעֶלעֶ. עֶנדליך האָט עֶר זיך געֶמאַכט אַ האַרץ און איז אַראָבּ אין שעֶנק אַריין. עֶטיל האָט געֶגרייט צום טיש און האָט איהן ניט בּעֶמעֶרקט.

---

מעֶנש האָט געֶהאַט פֿאַר דעֶר נאַטור!

די אידעֶע, אַז אַללעֶס לעֶבּט, וואַלגעֶרט זיך נאָך אַרום אין אונזעֶר פּאָעֶזיע, וואו די בּוימעֶר האָבּעֶן צוזישעֶן זיך סודות, די טייכליך שמועסעֶן מיט דעֶר לבנה, דעֶר הימעֶל וויינט מיט טרעֶרעֶן זכו׳ וכו׳ זי איז אויך נאָך נישט אין גאַנצעֶן אַרויסגעֶטריבּעֶן פֿון דעֶר פֿילאָזאָפֿיע! אַסך רעֶכעֶנעֶן: אַז לעֶבּעֶן שטעֶקט איבּעֶראַלל, וואו מיר זעֶהעֶן קראַפֿט און בּעֶוועֶגונג.

און קראַפֿט און בּעֶוועֶגונג האָט דעֶר עֶרשטעֶר מעֶנש געֶזעֶהעֶן גענוג אַרום זיך!

---

היינט וויסעֶן מיר, אַז אין דעֶר נאַטור ווערט קיין זאַך נישט פֿעֶרלוירעֶן, דעֶר קלעֶנסטעֶר שטויבּ ווערט נישט צו נישט! די פֿיזיק לעֶרנט אונז, אַז דאָס אַללעֶס, וואָס ווערט אונז פֿעֶרשוואונדעֶן, ווי למשל אַ ליכט וואָס האָט אויסגעֶבּרעֶנט; וואַססעֶר, וואָס האָט אויסגעֶפּאַרעֶט; אַ זאַך וואָס איז צושטויבּט געֶוואָרעֶן, אַז דאָס אַלץ איז נישט געֶגאַנגעֶן לאבּוד, נור דעֶרפֿון זעֶנעֶן געֶוואָרעֶן אַזוינעֶ קאָרפּעֶר, וואָס מיר ווערעֶן פֿון זיי מיט אונזעֶרעֶ 5 חושים ניט געֶוואָהר; צו טהייל דאַרפֿעֶן מיר אַ שפּאָקטיעף, מיר זאָללעֶן זיי דעֶרזעֶהן, צו אַנדערעֶ מוזעֶן מיר בּעֶנוצעֶן חעֶמישעֶ, קונציגעֶ המצאות, מיר זאָללעֶן זיי דעֶרקאָנעֶן; מיט׳ן שפּאָקטיעף דעֶרזעֶהעֶן מיר די קלעֶנסטעֶ בּרואים, וואָס לעֶבּעֶן און מעֶהרעֶן זיך אין דעֶר לופֿט און וואַססעֶר, און מיט חעֶמישעֶ מיטטעֶלן ווערעֶן מיר געֶוואָהר פֿון לופֿט און פֿעֶרשיעדעֶנעֶ גאַזעֶן... און היינט איז אונז לייכט צו בּעֶווייזעֶן, אַז אַלץ, וואָס ווערט פֿעֶרשוואונדעֶן פֿעֶר-

עטליכע מינוט איז ער געשטאַנגען און געקוקט אויף איהר, ענדליך האָט ער אַרויסגערעדט מיט אַהייזעריגער שטימע:

— עטיל...

דערהערענדיג אַזאַ שטימע, האָט זיך עטיל דערשראָקען און געשווינד זיך איבער־געדרעהט. נאָר, דערזעהענדיג יענקלען, האָט זי אַרויסגערעדט מיט אַ בּאַזען שמייכעל:

— וואָס איז? עסען פערוועלט? אַ? האָסט דאָך שוין פערדינט אַ וואַרמעס, בעל־מפרנס מיינער!

— ניין... האָט זיך יענקיל אָבגע־רופען שטיל — צו האָסטו ניט געזעהען די כתבים, וואָס זיינען געלעגען בּיי מיר אויפ'ן טיש?...

זיין קול איז געווען אַזאַ רחמנות'דיגער, אַז עטיל האָט איהם געענטפערט גאַנץ ווייך:

— כתבים?... איך ווייס ניט...

אַ־אַ! יע! נעכטען האָב איך דאָרטען בּיי דיר גענומען עפּעס שטיקלעך פּאַפּיער: איך האָב געדאַרפט איינוויקלען טאַביק און הערינג...

בּיי יענקלען איז דאָס האַרץ איינגע־פאַללען.

דו האָסט אַלץ... פאַרטאָן...? האָט ער קוים אַרויסגערעדט.

— ווייס איך? גיב אַ קוק אונטער'ן שענק טיש: דאָרט מוזען נאָך ליגען עטליכע שטיקלעך...

יענקיל האָט זיך אַוואָרף געטאָן צום טיש. ער האָט איבּערגעזוכט אומעטום און האָט געפונען אַ פּאָר בּלעטלעך פון זיינע כתבים. נאָר זיי זיינען געווען אַזוי פערשמירט אין הערינג־ראָסיל, אַז ער האָט זיי נישט געקענט פאַנאַנדערקלייבען.

— עטיל! — האָט זיך בּיי איהם אַרויסגעריסען אַבּיטערער יאָממער. — זאָג, וועמען האָסטו אַוועקגעגעבען די כתבים! האָב רחמנות!

— איך געדענק זייער וועמען! גוים! — האָט זי געענטפערט רוהיג און פאַרגעזעצט. — וואַש זיך, מיר וועללען עססען וואַרמעס.

— עטיל! האָט יענקיל ווידער אַרויס־גערעדט מיט אַווייַנענדער שטימע — עטיל, איך וועל דיר דריי טעג ניט עססען — זאָג, וועמען האָסטו אַוועקגעגעבען די כתבים!

עטיל איז שוין אין כעס געוואָרען:

— דער אייבערשטער זאָל אויסהיטען, אַז דער שוטה ציעפּעט זיך צו! וואָס בּיסטו צוגעשטאַנגען ווי אַ סמאָלע? איך ווייס ניט און אַ סוף! ליימענער גולם! אָט איז דיר אַ טאַטע פון קינדער, אַ בעל הבית, אַ בעל מפרנס!

יענקיל האָט ניט געהערט איהרע רייד און האָט זיך מיט אַפּערקלעמט האַרץ צוריק געשלעפּט צו זיך אין צימער. ער האָט ניט געהערט, ווי זי האָט איהם נאָכגעשריען: „איז וואָס, גייסט ניט וואַרמעס עססען?" ער האָט ניט געהערט, ווי זי האָט איהם נאָכגעשיקט אַ קללה, ער איז אַרויף צו זיך אין צימער, איז צוגעגאַנגען צום טיש, האָט זיך אָן כוחות אַראָבגעלאָזט אויפ'ן שטול. שטיללע הייסע טרערען האָבען זיך אָנגעהויבען גיסען פון זיינע אויגען און זיין פערמאַטערטער קאָפּף האָט זיך אַלין נידע־ריגער אַראָבגעלאָזט איבּערן כפר...

איבּערגעזעצט פון

א. רייזען.



פאָרם, איין אַנדערע צורה — היינט ווייסען מיר שוין אַז פון די פערשוואונדענע זאַכען ווערען פערשידענע לייכטע גאַזען...

(פ"פ).

ד״ר [illegible].

# בַּיי דֶעם פְרֶעמְדֶען חוּפָּה קְלֵייד.

אַ סצֶענֶע פוּן ווארשויֶער לֶעבֶען.

אִין אַ מאָדֶע, מאגאזין. פֶערזאָנֶען: די מַאדַאם, צווֵיי מאַדיסְטְקִים אוּנ הַאנְד-מֵאדְלִיך. *

## מאַדאַם

היינט ווערט גֶעשטֶעפּט אוּנ גֶענֶעהט,
היינט ווֶעט מֶען לֶערִיג נִישט זִיצֶען!
טוּריי — טוּריי — טוּריי!
זעֶהט נוּר די גאַזֶען, די שפִּיצֶען!
זֶעהט, ווי דאָס זיידֶענס ווֶעט בלִיצֶען!!

אַשלֶעפּעֶ ווֶעט זיין גאָר אַ מוֹרָא!
אַוודאי צֶעהן עֶללֶען די שלֶעפּ!
היינט-שֶע — בּריליאַנטֶענֶע קנאֶפּ!
זֶעהט — מֶען גֶעטרויט אַזאַ סחורה!

## האַנד-מאֶרליך (כאָר).

אָט האָט אִיהר אַ ווִינדעֶר,
אַ ווִינדעֶר, אַ שפּאַס!
צוּ הַייסט דֶען נִישט „פּאַווֶע" —
יאָ פּאַווֶע — די גאַסס,

וואוּ ס'שטֶעהט זִיךְ אַ מוֹיעֶר
גאַנץ גֶעלבּלִיךְ אוּנ בּלֵייךְ,
דאָךְ פֶּעסט ווי אַ פֶעלִיזֶען
דריי שטאָק אִין דעֶר הֵייךְ!

די פֶענסטעֶר אִין אַייזֶען,
די טוֹיעֶרן פֶערמאַכט...
עֶס גֶעהט נאָךְ אַ זעֶלנעֶר
אַרוּם אוּיף דעֶר וואַכט!

אוֹי! דאָרטֶען צוּ וואהנֶען
אִיז טרוֹירִיג אוּנ באַנג;
עֶס שלאָגט דוּרך די מוֹיעֶרן
דאָס קֵייטֶען-גֶעקלאַנג...

עֶס קלִינגט אַזוֹי טרוֹירִיג
דִין-דאָן אוּנ דִין-דאַם!
אָה, רִיהרט נִישט דאָס זיידֶענס,
נִיט-טשעֶפּט, מאַדאַם!

## דיא עֶרשטעֶ מאָדִיסטקאַ

כאַטעֶן-דעֶ-ליאָן... אוּנ שפִּיצֶען אוּנ גאַזֶען,
עֶס פֶעהלט נאָךְ בּריליאַנטֶען צוּם רִימֶעל...
דִיוואַנֶען אוּנ בּלוּמֶען, אוּנ לאַמפֶּען... די כּלה
ווֶעט אוֹיסזֶעהן — אַ מלאָךְ פוּן הִימֶעל!

## האַנד-מאֶדלִיךְ-כאָר...

נִישט קֵיין גראָשֶען פַאר דעֶר דִירה,
אוּנ אִין מוֹיל קֵיין בִּיסֶען;
ד'ווִיל בּיי'ם מלאַך פַארשוּס בּעֶטעֶן,
נֵיין! זי ווִילל נִישט ווִיסֶען!

מלאַךְ, גִיב פאָראוֹיס אַ רוּבּל,
נֵיין! זי גִיבּט נִישט פרִיהר!
ד'ווִיל פֶערצאֶהלעֶן אִיהר פוּן הוּנגעֶר, —
ווייזט זי מִיר די טהִיר!

אוי עֶס זעֶצט מיר אין די שלעֶפּעֶן,
דאַכט זיך מיר, אָט־פאַלל׳יך,
„נור אָהן קונצעֶן, נור אָהן פאַקסעֶן!"
לאַכט מיך אויס דעֶר מלאָך!

. . . . . . . . . . . . . .

אוי, מיך האָט דעֶם מלאָך לאַכעֶן
ביז אהיים געֶהעֶצט!
און איך האָב דעֶם מלאָך זיידעֶנס
אויף אַ ברויט פעֶרזעֶט!

און עֶס איז אַראָבגעֶפאַללעֶן
פלוצלינג ווי פון הימּמעֶל,
אוי, דעֶר מלאָך מיט אַ לאַפּאַטע [1])
טאַקי צו צו׳ם רימּמעֶל!

און מיך האָט פעֶרזאָרגט דעֶר מלאָך
אויף די גרויסעֶ פּראָסט,
אוי, אויף גאַנצעֶ דריי חדשים
מיט קוואַרטיר און קאָסט!

## דיא צווייטע מאָדיסטקאָ.

בלאַסס איז דאָס זיידעֶנצייג פונקט ווי מיין פּנים׳עֶל
דורכזיכטיג־דינן ווי מיין הויט...
ריהרט מעֶן עֶס, קרעֶכצט עֶס „אוי!", פונקט מיינעֶ ביינדאַליך —
דאָס הייסט אַ גליקליכעֶ מויד!

היינט ווּעֶללעֶן קוממעֶן ברילּיאַנטעֶנעֶ קנעֶפּאַליך
גרויסע, ווי אָרימעֶ טרעֶרעֶן!
נו, אַייל דיך ראָדעֶלעֶ, אַייל דיך טרעֶקאָטשעֶ נור,
ד׳זאָלל מיינעֶ ביינדליך נישט הערעֶן!

טראַך — טראַך ביינדאַלעֶ, טור — טור — טור ראָדאַלעֶ,
שלאָג׳מיר דאָך גלייך מיטן זייגעֶר...
טראַך — טראַך ביינדאַלעֶ, — טור — טור — טור ראָדאַלעֶ —
ווענן ווּעֶל׳מיר רוהעֶן, אַ שטייגעֶר?

## האַנד־מאָדליך (כאָר).

עֶס איז פעֶרהאַנן אַ שטיבאַלע
אויף גז שטיללעֶר גאַסס!
ס׳ האָט קיין טהיר, קיין פעֶנסטעֶריל —
אייביג שטילל און נאַסס!

חאָטש מען צאָהלט קיין דירה־געֶלד
וואַרפט מעֶן נישט אַרויס!
דאָרטעֶן רוה׳ן אויף אייביג שוין
די ביינדאַליך זיך אויס!

פון קיין שטעֶפּעֶן וויים מעֶן נישט,
עֶס ווערט שוין נישט געֶנייט,
צום שטיבאַלעֶ קומט איטליכעֶר
אויף אייביג שוין בעֶקלייד

[1]) סיסטשיק.

## די צווייטע מאָדיסטקאַ.

שטעפּ, נאָדעל, שטעפּ די בראַבאַנדערנע שפּיצען —
פאַר איהר, פאַר איהר!
תכריכים'לעך וועסט דו נאָך גיך אונ באַלד שטעפּען —
פאַר מיר, פאַר מיר!

עס בלישציען בריליאַנטען, עס שמייכעלט די כלה —
ווי שאָן, ווי ליעב!
ווען וועט אַ שמייכעל מיין פּנים בעשיינען?
אין גריב, אין גריב!

ער וועט זי טוליען, צו קנייטשען די שפּיצען
אין האַרציגען שטאָרם!
דיך ווער וועט גלעטען אונ פּיעשטשען, אונ טוליען?
אַ וואָרם, אַ וואָרם!

## „לוסטיג לעבען"

(אַ יונג האַנד־מאַדיל.)

וואָס פערסמט איהר מיר דאָס לעבען?
זינגט נישט אַזוי שראָקליך!
ד'האָב קיין סאַמיט אונ קיין אַטלאַס —
נור די רויטע באָקליך!

ד'האָב קיין שפּיצען, קיין בריליאַנטען
ווייס איך, וואָס זיי טויגען!
ד'האָב אַ האַלז, איין אַלאַבאַסטער,
צוויי בריליאַנטען — אויגען!

ד'דאַרף קיין פּערל, זעהט די צאָהנדליך,
אַח — ווי זיי געפעללען!
אונ די יונגע, פרישע ליפּלעך
זענען מיינע קרעללען!

פעהלט מיר גאָלד דען? זעהט די לאָקקען!
אונ וואָס גליק איז ווייס איך!
לאָסט מיך לאַכען, לאָזט מיך לעבען
„לוסטיג־לעבען" הייס איך!

## האַנד־מאַדליך (אויסער לוסטיג־לעבען)

אויף יעדער גאַסס, אין יעדען הויז
שטעהט אַ קאַסטען מיסט!
קלויבען לאָזט מען פראַנק אונ פריי
שמאַטעס גאָר אומזיסט!

אונ — ווערט „לוסטיג־לעבען" אַלט,
ווייסט איהר, וואָס איהר גלייסט?
מאַכט אַ שטעקאַלע זיך פיין,
גראַבילט זיך אין מיסט!

## דיא ערשטע מאָדיסטקאָ

יונגער־הייט אַ האָזאַלע
געשפרונגען אונ געקישט;
צונד האָט עס קיין נאָזאַלע
אונ קיין גיעמען נישט!

(פ"פ).

י. ל. פרץ.

# ו. גאַרשין.

## דער סיגנאַל.

סעמיאָן איוואַנאָוו איז געוועזען אַ וואַכטער אויף דער אײַזענבאַהן. פֿון זיין הייזעל איז געוועזען: צו'ן איין סטאַנציע 12, צו דער אַנדערער — 10 וויערסט. אַ ווערסט פֿיער פֿון זיין הייזעל האָט מען נאָך פֿאָריגעם יאָהר אויפֿגעשטעלט אַ גרויסע שפּינערײַ־פֿאַבריק! דער קוימען פֿון דער פֿאַבריק איז איבערגעוואַקסען דען וואַלד. און האָט פֿון ווייטענס אויסגעזעהן ווי איין אונגעהייער הויכער, דאַרער און שוואַרצער ריעז, וואָס יאָגט פֿון מויל אַרויס אַ געדיכטען, שוואַרצען רויך... אין די פֿיער וויערסט איז, אויסער אַנדערע אײַזענבאַהן־הייזלעך, קיין מענשען־וואָהנונג נישט געוועזען.

סעמיאָן אַליין איז געוועזען אַ קראַנקער און אַ שוואַכער מענש. אַ יאָהר ניין צוריק איז ער געוועזען סאָלדאַט און האָט דורכגעמאַכט אַ מלחמה, אַלס דענשציק ביי'ן איין אָפֿיציער. געוועהנליך, האָט איהם קיין צרות נישט געפֿעהלט: ער האָט געליטטען הונגער און דורשט, היץ און קאָלט. עס איז גאַנץ אָפֿט אויסגעקומען צו מאַכען אַ פֿערציג־פֿופֿציג וויערסט צו פֿוס אין גרעסטען פֿראָסט אָדער אין דער גרעסטער היץ; עס האָט זיך איהם אויך גאַנץ אָפֿט געטראָפֿען צו זיין אויסגעשטעלט אויף אַ קויל, צו ציטטערן פֿאַר דער אייגענער הויט! אָבער עפּיס האָבען די פֿייערדיגע קיילעכליך ווי דרך־ארץ געהאַט פֿאַר סעמיאָנען; זיי האָבען איהן נישט אָנגעריהרט און, פֿייפֿענדיג, פֿאַרביי געפֿלויגען... איינמאָל איז זיין פּאָלק אין רעכטען פֿייער געשטאַנענען. אַ גאַנצע וואָך האָט מען זיך מיט דעם טערק מיט פֿייערדיגע קייקלעך געביטטען: דאָס רוססישע מיליטער ליעגט אויף זיין אָרט, אַקעגען, איבער אַ קליינע לאָנקע, דאָס טירקישע, און, פֿון פֿריהמאָרגען ביז שפּעט אין דער נאַכט, הערט מען נישט מעהר, ווי דאָס הילכיגע קנאַללען פֿון ביקסען און דאָס טרוקענע פֿייפֿען פֿון קוילען. סעמיאָנ'ס אָפֿיציער איז אויך אויפֿ'ן פֿעלד געוועזען, און סעמיאָן פֿלעגט איהם ברענגען דריי מאָל אין טאָג פֿון קיך צו עססען, אַ חוץ הייסע סאַמאָוואַרען... אויפֿ'ן פֿרייען פֿעלד געהט אַ מאָל סעמיאָן מיט'ן סאַמאָוואַר אין די האַנד; די קוילען פֿייפֿען, סווישטשען און זינקען מיט אַ ברום אין דער ערד; סעמיאָן ציטטערט, עס ווערט איהם קאַלט אין גאַנצען לייב, ער וויינט, און — טראָגט דען סאַמאָוואַר ווייטער. די אָפֿיציערען

---

## די נְשָׁמָה.

(פֿאָרטזעצונג פֿון „לכבוד שבת”).

פֿון דעם אַללעם האָט דער ווילדער מענש נישט געוואוסט!

פֿערקעהרט, ער האָט געזעהן בחוש, אַז אַלץ קאָנן צושאַנדען ווערען! אָט האָט אַ דונער אַריין געשלאָגען אין אַ בוים. ער זעהט אינ'ם פֿייער אַ שראָקליכע, פֿייערדיגע חיה, וואָס איז בעפֿאַללען דען הויכען ריעז — דען בוים; עס ווערט צווישען זיי אַ שטאַרקע, ברענענדיגע מלחמה: דער בוים קנאַקט, זעצט און טראַסקיט פֿאַר כעס... נור דאָס פֿייער סיציט און ציִשט ווי אַ שלאַנג, און חאַפּט אַרום דען ריעז מיט צעהנדלינגער רויטע צונגען, און עסט איהן אויף!... דער בוים פֿאַלט — ער איז שוין טויט, עס בלייבט פֿון איהם נור קויל, אַש — און דאָס לעצטע ווערד אויך מיט דער צייט צושטויבט און פֿערשוואונדען...

די אייגענע שראָקליכע מלחמה פֿיהרט דאָס וואַססער מיט די פֿעלזען; מיט די ריזיגע פֿעלזען, וואָס שטעהן אַרום וואַססער, ווי אויף דער וואַך, און האַלטען דען שראָקליכען, באָזען ים אין תפיסה! נור דער ים שווייגט נישט און באָרעט זיך; ער שטרעקט אויס זיינע ווילדע האַנד — די פֿאַליעס און פּאַטשט די פֿעלזען, און רייסט פֿון זיי שטיקקער... און אַללע מאָל פֿאַלט איין אַנדער שטיק פֿעלזען אין ים אַריין און ווערט דאָרט צוריבען און צומאָרשטען... די זונן ווייטער טרינקט אויס די וואַססערן,

זוענען מיט סעמיאָנען זעהר צופריעדען געוועזען; אַ פּריש, קאָכענדיג גלאָז טהעע שמעקט אויפ'ם פעלד מיט אַ ריח פון גן־עדן!

פון דער מלחמה איז סעמיאָן אַהיים געקומען אַ גאַנצער, אָהן אַ שום ראַנע. נור אַ שוואַכקייט אונ אַ בראָכעניש אין האַנד אונ פיס איז איהם שוין געבליבען אַלס אַיין אייביג אַנדענקען. נישט וועניג צרות איז סעמיאָן אויסגעשטאַנען נאָך דער מלחמה: אַ היים געקומען, האָט ער זיין אַלטען פאָטער שוין נישט געטראָפען; זיין אייגענס אַ פיער־יאָהריג אייניציג יונגעל האָט זיך אויך איבערגעטראָגען אויף יענער וועלט; עפּיס האָט איהן אין האָלזעל געוואָרגען אונ דערשטיקט, אונ סעמיאָן מיט'ן ווייב זוענען געבליבען נאַקט אונ בלויס. צוריק אויסאַרבייטען זיך אין דערווירטשאַפט איז אונמעגליך געוועזען. מיט געשוואָללענע האַנד אונ שוואַכע פיס לאָזט זיך נישט אַרבייטען אין פעלד! אונ סעמיאָן מיט'ן ווייב האָבען זיך אַוועקגעלאָזט אין דער פרעמד אַריין. זיי האָבען געזוכט גליק אין חערסאָן, אויפ'ן דאָן, נור אין ערגיץ עס נישט געפונגען; עס איז געקומען דערצו, אַז סעמיאָנס ווייב האָט זיך אין אַ הויז פאַר אַ דיענסט געשטעלט, אונ סעמיאָן איז ווייטער געגאַנגען וואַנדערן אונ זוכען גליק...

אויף אַ געוויססער סטאַנציע אויף דער באַהן האָט איהם דער נאַטשאַלניק אויסגע־זעהן בעקאַנט; סעמיאָן קוקט זיך צו גוט, אונ דער נאַטשאַלניק קוקט אויך אויף סעמיאָנען. ביידע קוים דערמאַנען אונ דערקאָננען זיך! עס איז געוועזען איין אָפיציער פון סעמיאָנס פּאָלק.

— וואָס, איוואַנאָוו? — פרעגט דער אָפיציער.

— ריכטיג, וואַשע בלאַהאָראָדיע, דאָס בין איך!

— נו, ווי קומסט דו אַהער?

סעמיאָן פערצאָהלט זיינע צרות; אַזוי אונ אַזוי...

— וואָהין פאָהרסט דו איצטער?

— ניע מאַגו זנאַט, וואַשע בלאַהאָ־ראָדיע.

— ווי הייסט, נאַרר איינער, ווער דען זאָלל וויססען?

— טאָטשנאָ טאַק, וואַשע בלאַהאָראָדיע! איך וויים נישט; איך האָב מיך נישט ווי אַ היין צוטהון! מען מוס זוכען אַרבייט!

דער אָפיציער האָט ווי איבער גע־טראַכט, אַרום געקוקט אונ דערנאָך געזאָגט:

— ווייסט דו וואָס, ברודער, בלייב דערווייל דאָ, ביי מיר אויף דער סטאַנציע. דו ביסט, דאַכט זיך, בעווייבט, וואו זשע איז דיין ווייב?

---

די שאָבסען אין הימעל (די וואָלקען) זופען פון ים... איבעראַלל קריעג! אומעטום פערניכטעט איינער דען צווייטען...

שפּעטער וואַקסט זיין אייגענע קראַפט, אונ ער הייבט אָן אַלליין אויך אין דעם קריעג אַ גרויסע ראָלע צו שפּיעלען. ער האָט זיך אויסגעלערנט פייער מאַכען אונ ברענט וועלדער אונ סטעפּיס, צוזאַממען צו יאָגען די חיות, אויף וועלכע עס יאָגט (פּאָליוויט) — ער עסט אונ טרינקט אונ פערדאַרבט אויך אַ היביש ביסל זאַכען...

פריהער טהוט ער עס מיט טויט־שראָק, פון וועלכער דער הייגטיגער ווילדער מענש איז נאָך נישט אין גאַנצען בעפרייט; ער שיעסט אַ וואָלף, אונ פאַלט פאַר'ן פגר אויף די קניע, אונ בעט ביין איהם מחילה: נישט אַ מישנע, זאָגט ער, האָב איך עס געטהון;

איך האָב גאָר אין דער וועלט אריין געשאָססען, דאָס האָט דער ווינד, דיין שונא, אויף דיר געטראָגען די פייל. אָבער: נישט איך, נור אַ ווייסער מענש האָט דיך געשאָססען! נור וואָס אַמאָל ווערט די שראָק שוואַ־כער אונ אונזער ווילדער מענש מאַכט אַלץ צו־שאַנדען, צו ער ברויך, צו נייץ, אונ מיטן אייגענעם פערגניגען, מיט וועלכען אונזערע קינדער צוברעכען אַלץ אין שטוב. ער וויל אויך זעהן וואָס אינגער־ווענדיג שטעקט... וואָס אינגערווענדיג שטעקט ווערט ער, נאַטירליך, נישט געוואָהר, נור ער געוויינט זיך דערצו, אַז אַלץ אין דער וועלט קאָנן פערדאָרבען, פערניכטעט ווערען; אונ פערשוואונדען, עס זאָלל דערפון קיין זכר נישט בלייבען, גלייך עס וואָלט קיינמאָל נישט געוועזען. נור דאָס וועט פער־וואונדערן די אייבערשטע גראַבע הויט פון

— טאַק טאָטשנאָ, וואַשע בלאַהאָראָדיע, בעוויבט. דאָס ווייב דינט ביי'ן אַ סוחר אין קורסק.

— נו גוט, שרייב איהר, זי זאָלל אַהער קוממען. איין אומזונסטען בילעט וועל איך איהר שוין שאַפען, מיר דאַרפען אַ וואַכטער אויף דער ליניע, וועל איך די שטעללע אויסבעטען פאַר דיר.

— אַ גרויסען דאַנק, וואַשע בלאַהאָראָדיע, — האָט סעמיאָן געאָנטפערט צופרידען.

און סעמיאָן איז אויף דער סטאַנציע געבליבען, צוגעהאָלפען ביי'ם נאַטשאַלניק אין קיך, געשפאַלטען האָלץ, געקעהרט דען הויף, די פלאַטפאָרמע. אין 2 וואָכען אַרום איז דאָס ווייב געקוממען, און סעמיאָן איז מיט איהר אויף אַ האַנד=וועגעלע איבערגעצויגען אין זיין הייזעל אַריין אויף דער ליניע. אַ הייזעל האָט ער בעקוממען אַ נייעס, אַ וואַרעמס. האָלץ צו הייצען — ווי פיעל דו ווילסט, אַ קליין גאָרטעל און אַ האַלבע דעסיאַטין ערד פון ביידע זייטען ליניע. סעמיאָנען איז גאָר פראָהליך געוואָרען: סטייטש, אַליין אַ בעל=הבית! און ער האָט שוין אָנגעהויבען טראַכטען וועגען אַ קוה, וועגען אַ פערדיל קויפען.

געגעבען האָט מען איהם אַללעס, וואָס מען דאַרף צו זיין דינסט: אַ גרינע פאָהן, אַ רויטע פאָהן, לאַטערנען, אַ טראָמפייט, אַ האַממער, אַ שליסעל צו וויטרים, אַ קילאָף (לאָם), אַ לאָפאַטע, בעזעמער, שרויפען, און צוויי ביכלעך מיט פאָרשריפטען (דינים), ווי אַזוי ער דאַרף זיך בעגעהן און ווען יעדער צוג (פאָיעזד) קומט, די ערשטע צייט איז סעמיאָן גאַנצע נאָכט נישט געשלאָפען, אַלץ דעם גאַנג פון די ציגע געחזרט: אין צוויי שעה אַרום קומט אָן דער צוג, און ער געהט שוין אויף זיין שטיק פלאַנט, אָדער ער זעצט זיך אויפ'ן באָנקעל נעבען הייזעל, קוקט און האָרכט איין, צו ראָשען שוין נישט די רעלסען, צו פייפט נישט די לאָקאָמאָטיוו. זיינע פאָרשריפטען האָט ער זיך אויסגעלערנט ווי אַ וואַסער אויסענווענדיג, האָטש עס איז איהם גענוג שווער געוועזען דאָס לעזען!

זוממער צייט איז עס געוועזען. די אַרבייט איז נישט שווער, קיין שניי אָבשאַרען בעדאַרף מען נישט, ציגע געהען אויך נישט אָפט. סעמיאָן געהט אַרום און בעקוקט זיין ווייערסט אַ פאָר מאָל אין טאָג; דרעהט צו אַ שרייפעל וואו מען דאַרף, גלייכט אויס די שטיינדליך, קוקט אַרום די וואַססער=ראָהרען און געהט אַ היים צו זיין הויז=אַרבייט. די שטוב=אַרבייט וואָלט אויך גוט געגאַנגען, ווען נישט דאָס

---

דער זאַך; וואו קומט אַהין דער תוך? דער עדעלער, דינגנער תוך, וואָס שטעקט אין יעדער זאַך?

וואו קומט דאָס אַהין? צו ווערט דאָס אויך צושאַנדען, פערלוירען? ווי אַזוי? וואָס ווערט עס? אויסגעטריקענט, פערברענט אָדער צערשטויבט? ער האָט זיך באין אופן נישט געקאָנט פאָרשטעללען קיין מיטטעל, דורך וועלכען דאָס עפיס זאָלל קאָננען ווערען אויס עפיס! דאָס אַללעס, וואָס פיהרט איבער אַללע קאָרפער, קאָנן אויף דעם „עפיס" קיין שליטה נישט האָבען...

ווי אַזוי קאָנן מען צוברעכען, צערשטויבען, פערברענען אָדער פערניכטען דאָס, צו וועלכען מען קאָנן נישט צוקוממען מיט די האַנד, צו וועלכען מען קאָנן זיך נישט צוריהרען?

דאָס מוסס אייביג לעבען!

וואו דען קומט עס אַהין, ווען די זאַך, אין וועלכען דאָס „עפיס" האָט געוואָהנט, איז פערדאָרבען געוואָרען? וואו טהוט זיך דאָס עפיס אַהין, ווען עס פערליערט די שאָל, אין וועלכער עס איז געוועזען איינגעהילט; די דירה, אין וועלכער עס האָט געוואָהנט?

אויף דעם איז דאָ אַ לייכטע תשובה. נישט איינמאָל טרעפט זיך דעם ווילדען מענש, אַז ער מוסס זיין דירה פערלאָזען; עס טרייבט איהן פון דער הייל, אָדער פון שפאַלט אין אַ פעלזען אַרויס, דער הונגער, די שרעק פאַר אַ ווילד טהיר, אָדער אַ שטאַרקערער ווילדער מענש... און דעמאָלט מוסס ער זיך אויסזוכען איין אַנדערן שפאַלט אין אַ פעלזען, איין אַנדערע היים, איין אַנדערע דירה...

דאָס עפיס מוסס אויך אַזוי טהון!

אונגליק, וואָס אַלײן טאָר מען גאָר נישט טהון. דאַרף מען עפּיס, מוס מען פרעגען דען וועגמייסטער, דער ווייטער פראָגט אַ האָבער'ן און איידער עס קומט די ערלויבניס, געהט איבער די צייט און מען קאָנן שוין גאָר נישט טהון. און סעמיאָנען מיט זיין ווייב האָט אָנגעהויבען צייטענוויים ווערען אונמוטהיג...

עס זעננען אַוועק אַ פּאָר חדשים; סעמיאָן האָט זיך אַ ביסעל בעקאָנט מיט זיינע שכנים, מיט די נאָהנטע וואָכטער: איינער איז געוועזען אַ גאַנץ אַלטער מענש; מען האָט איהם שוין גערעכענט אָבצוזאָגען, ער האָט זיך שוין קוים וואָס געקאָנט ריהרען פון הייזעל, און דאָס ווייב זיינס איז אויף זיין אָרט אַרוים אויפ'ן וועג. דער צווייטער וואָכטער, נאָהנטער צו דער סטאַנציע, איז געוועזען אַ יונגער מאַנן, עפּיס אַ דאַרער און אַ מרה'שחורה'דיגער. דאָס ערשטע מאָל האָט איהם סעמיאָן אויף דער ליניע בעגעגענט, אַראָב גענוממען דאָס היטעל, גענייגט זיך:

— גוט מאָרגען, שכן.

דער שכן האָט איהם אָנגעקוקט אַביסעל פון דער זייט, קוים געאָנפּערט: „גוט מאָרגען — גוט יאָהר", אַוועק געדרעהט זיך און אַוועק געגאַנגען ווייטער.

די ווייבער האָבען זיך אויך אַ פּאָר מאָל געטראָפען. סעמיאָנ'ס ווייב, אַרינאַ, האָט, ווי געוועהנליך, בעגריסט די שכנ'טע, יענע אָבער האָט זיך אין קיין שמועס'ן נישט אַריין געלאָזט און איז אַוועק איהר וועג. איינמאָל בעגעגענט זי סעמיאָן: „וואָס איז דאָס עפּעס, — זאָגט ער, — ביי דיר פאַר אַ מאַנן, אַ זאַ פערשלאָססענער?"

יענע האָט אַ ווײלע געשוויגען, דערנאָך זיך אָנגערופען: „נו, וועגען וואָס זאָלל ער מיט דיר רעדען? יעדער מענש האָט דאָס זייניגע... געה דיר דיין וועג!

עס איז אַוועק נאָך אַ חודש צייט, און די שכנים זעננען פאָרט געוואָרען פריינדליכער צווישען זיך. וואַסיל מיט סעמיאָנען קוממען זיך צונויף אויף דער ליניע, זעצען זיך אין אַ זייט, פערררייכערן די ליולקעס און פיהרען אַ שמועס, יעדער דערצעהלט וועגען זיין לעבען. וואַסיל פערברענגט מעהר די צייט מיט שווייגען און סעמיאָן פערצעהלט פון זיין דאָרף, וועגען מלחמה...

נישט וועניג — זאָגט ער — בין איך אין מיין לעבען אויסגעשטאַנען, און וויפיהל האָב איך נאָך צו לעבען? קיין גליק האָב איך נאָך ביז אַהער נישט געזעהן. ווי גאָטט בעשערט אַזוי איז שוין, יעדער מענש האָט זיין מזל... אַזוי, אַזוי, ברודער וואַסיל.

און וואַסיל האָט די ליולקע אויסגע-

---

דאָס עפּיס, דער תוך פון דער זאַך, די נשמה, אַז זי פערליערט דען קאָרפּער, וואָס זי האָט בעוואהנט, געהט זי איבער צו'ן איין אַנדערן קאָרפּער, ציהט זי זיך איבער אין איין אַנדערע דירה אַריין.

די עגיפּציאַנער (מצריים), וואָס האָבען געגלויבט אין תחית המתים, וואָס האָבען זיך פאָרשטעלט, אַז ביים שטאַרבען פליהט נור די נשמה פון גוף אַרוים, נור זי קאָנן צוריק קוממען, האָבען זיך טאַקי בעמיהט צו דערהאַלטען איהר די דירה אין אָרדנונג, זי זאָלל האָבען אין וואָס זיך צוריק אַריינצוציהען; זיי האָבען די טויטע געפאַלמיסט.

און דער ווילדער האָט מאָססען בעווייזע דערויף: דאָס זעהט ער אויף שריטט און טריטט.

אָט חלישט ער פאַר הונגער, ער פיהלט, אַז די כחות (נאַטירליך, האָט ער געזאָגט: די נשמה) געהען איהם אויס, דאָס לעבען וויל איהן אין גאַנצען שוין פערלאָזען, נור פּלוצלינג געפינט ער אַ פיש, וואָס וואַרפט זיך, אַרויסגעוואָרפען פון ים אויפ'ן לאַנד; אַ וויכטהיר, איבערגעלאָזט פון דער פאַלע אויפ'ן פעלזען, אָדער אַ חיה'לע, וואָס האָט זיך נישט געשראָקען, אָדער קיין צייט נישט געהאַט צו ענטלויפען — און ער לעבט צוריק! ער האָט אַ פרישע נשמה בעקוממען, אַ נייע לעבען, עס האָבען זיך איהם די כחות בענייערט.

וואָס איז געשעהען? פון וואַנגען נעמט זיך עס?

ער איז זיכער, אַז ער האָט מיט'ן לעבענדיגען עססענוואַרג איינגעשלונגען זייער נשמה, אַז זי איז איבערגעגאַנגען צו'ן איהם, אַז צונד לעבט אין איהם אַ נייער כח! למשל דער כח פון אַ פיש!

דער גלויבען דערינגען איז אַזוי שטאַרק צווישען

קלאַפּט אָן רעלס, אויפגעשטעלט זיך און געזאָגט.

— ניין, ברודער, נישט דאָס מזל עסט אויף מיך מיט דיר, נור מענשען. עס איז נישט דאָ אויף דער וועלט אַ חיה ווילדער און שלעכטער פאַר'ן מענש! איין וואָלף פרעסט נישט דען צווייטען און איין מענש שלינגט איין דען צווייטען לעבענדיגערהייט.

— נו, ברודער, אַ וואָלף עסט אויך דען צווייטען, זאָג דאָס נישט.

— עס רעד זיך נור אַזוי! אָבער אין אמת'ן איז קיין אָרגערע חיה אויף דער וועלט נישט דאָ; ווען נישט, וואָס דער מענש איז אַזוי שלעכט, וואָלט גאָר נישט שלעכט געוועזען. יעדער זוכט נור דיך צו פאַקען, אויסרייסען פון דיר אַ שטיק פליישׁ און אויפצופרעסען.

סעמיאָן האָט זיך פערקלערט.

— איך ווייס נישט, זאָגט ער, — עס קאָנן זיין אַזוי ווי דו זאָגסט, נאָר אויב עס איז אַזוי, איז דאָך עס אויך פון גאָטט.

— נו, אויב אַזוי, — רופט זיך אָן וואַסיל, — האָב איך מיט דיר נישט וואָס צו רעדען. אַז מען זאָלל יעדעס אונרעכט אַרויפוואַרפען אויף גאָטט, און זיצען אין ליידען מיט פערלעגטע האָנד, הייסט, לויט מיין מיינונג, נישט זיין אַ מענש, נאָר אַ שטיק פיה! אָט האָסט דו מיין מיינונג אין גאַנצען.

ער האָט אָבגעזאָגט זיינס און איז אַוועק אָהן אַ „גוטען טאָג". סעמיאָן האָט זיך אויפגעהויבען.

— שכן, — שרייט ער, — וואָס זידעלסט דו נאָך?

יענער אָבער האָט זיך נישט אומגעקעהרט און איז אַוועק זיין וועג.

לאַנג, לאַנג, האָט איהם סעמיאָן נאָכגעקוקט, ביז ער איז פערשוואונדען געוואָרען אונטערן בערג'ל. סעמיאָן איז געקוממען אַהיים און געזאָגט צום ווייב:

— נו, אַרינאַ, האָבען מיר דאָס אַ ביסל אַ שכן, אַ חיה רעה, נישט אַ מענש!

צוקריגט אָבער האָבען זיי זיך נישט; זיי האָבען זיך ווידער בעגעגענט, ווידער צורעדט און שטאַנדיג וועגען דעם איינגענעם.

ע... ע... ברודער! ווען נישט מענשען וואָלטען מיר מיט דיר שוין נישט געזעססען דאָ אין די הייזליך, — זאָגט וואַסיל.

— נו, וואָס איז דאָ דאָס הייזעל אַזוי שלעכט? לעבען דאָ קאָנן מען — מיינט סעמיאָן.

— לעבען קאָנן מען, לעבען קאָנן מען — אַח, דו מענש איינער! געלעבט האָסט דו לאַנג, נור ווענינ געלעבט! געע-

---

די ווילדע שטאַממען, אַז זיי קוממען נאָך צו דער דעה, אַז די אויפגעגעססענע נשמה, האָט אַ שטאַרקען איינדרוק אויפ'ן מענש. ווער עס עסט, למשל, בערען-פלייש ווערט אַזוי שטאַרק ווי אַ בער. ביי טהייל שטאַממען האָט מען פערוועהרט די פרויען זאָללען עססען פלייש פון אַ לאָמפּערט, ווייל אפילו אַ ווילדער מענש וויל, אַז די פרוי זאָלל זיין גוט און געלאַססען... די מאַלאַיער פון זינגאַפּאָר נוצען אַסך טיגער-פלייש; עס איז (זאָגען זיי) נישט געשמאַק, נור דערפון ווערט מען געשיקט און שטאַרק. די דאַיאַקען פון באָרנעאָ האָבען איין אָבשיי פאַר הירשענפלייש; דערפון פערליערט מען דען מוטה! דערייבער עססען עס נור פרויען און קליינע קינדער. פאַרצייטען פלעגט מען געבען עקרות פּראָש (וושאַבים), זיי זאָללען האָבען אַסך קינדער. קאַראַיבען עססען נישט קיין חזיר-פלייש און קיין שילדקרעט — זיי זאָללען נישט קריגען אַזוינע קייליכיגע אויגען ווי די ברואים האָבען; דאַקאָטאַנער עססען הינדס-לעבער, זיי זאָללען קריגען דאָס געשווינדיגקייט פון הונד און זיין חוצפא! די אַראַבער עססען דעריבער קאַמעלען-פלייש, צו קריגען זייער איינגעשפּאַרטקייט און ליידענשאַפט (תאוה). די חינעזער גלויבען, אַז מען ווערט אַ גבור, אויב מען עסט אויף אַ הארץ פון אַ גבור... די נייזעלאַנדער גיבען די קינדער איינצושלינגען שטיינדליך, זיי אַלליין זאָללען ווערען אַזוי געהאַרטיווייט... אַ געלעהרטער האָט געהערט, ווי ביי אונס האָט אַ מיידעל געזאָגט צו'ן אַ יונגעל: עסס נישט קיין סך גאָנזען-פלייש, עס וועט פון דיר ווערען אַ נאַרישע גאַנז. — ביי אונס גיט מען קיין חדר-יונגעליך נישט צו עססען די האָרצליך פון עופות —

קוקט האָסט דו אַ סך, נור ווענינ געזעהען. איין אָרוממאַן דאָ אין הייזעל, אָדער אַנדערש וואו, ווייס פון קיין לעבען נישט! די מענשען-פּרעססען פּרעססער דיך אויף אין גאַנצען, דריקקען אויס פון דיר די גאַנצע זאַפט אונ קראַפט; דערנאָך, וועסט דו אַלט ווערען, וועט מען דיך אַרויסשליי-דערן ווי אַ פערפוילטע קאַרטאָפעל פאַר חזירים... וויפיעל בעקומסט דו אַ חודש?

— אַ ביסל ווענינ... 12 רובעל.

— אונ איך בעקום דרייצעהן מיט אַ האַלבם! פאַר וואָס-זשע, פראַג איך דיך, איז דאָס אַזוי? לויט פאָרשריפט קומט אַללע גלייך; די קאַססע גיט אַרויס פאַר יעדען 15 רובעל אַ חודש, בעהייצונג אונ בעלייכ-טונג; פאַר וואָס-זשע, פראָג איך דיך, גיט מען אונז צוועלף, אָדער דרייצען מיט אַ האַלבם? אונ דו זאָגסט נאָך, מען קאָנן אַזוי לעבען! איין זאַך, בעט איך דיך, פערשטעה, אַז איך רעד נישט וועגען די אַנדערטהאַלבען אָדער דריי רובעל. זאָללען זיי דאָס גאַנצע צונעממען... איך רעד נור... וואָרט: אָט בין איך פאָריגען חודש אויף דער סטאַנציע געוועזען; דער דירעקטאָר איז פאַרביי געפאָהרען, איך האָב איהן געזעהן, איך האָבע די עהרע געהאַט! ער פאָהרט אין אַ בעזונדערן וואַגאָן; ער איז אַרויס געגאַנגען אויף די פלאַטפאָרמע אונ שטעהט... נייז, איך וועל שוין דאָ לאַנג נישט פערבלייבען; איך וועל אַוועק וואָהין די אויגען וועללען מיך טראָגען!

— וואָהין-זשע וועסט דו געהן סטע-פּאַניטש? וואָרף נישט אַוועק קיין ברויט צו זוכען בראָקלעך. האָסט אַ הייזעל, עס איז דיר וואַרם, אונ אַ שטיקעל ערד אויף דערצו... דאָס ווייב דיינס אַרבייט...

— ערד! וואָלסט אַ קוק טהון אויף מיין ערד, וואָלסט דו דאַן זאָגען! אַ שפּענ-דעל איז אויף איהר ניטאָ. אויף זוממער האָב איך אַביסל קרויט פערזייעט, איז דער וועג-מייסטער אָנגעפאָהרען.

„וואָס איז דאָס? — מאַכט ער — פאַר וואָס האָסט דו נישט געפראָגט? שוין, אין דער מינוט זאָלל זיין אויס קרויט!" ער איז שכור געוועזען, אַ נישט וואָלט ער גאָר נישט געזאָגט, אַ צונר האָט עס איהן אָנגעחאַפּט: דריי רובעל שטראָף!"

וואַסיל שווייגט אַ ווייל, גיט אַ זייג פון דער ליולקע אונ זאָגט ווייטער שטילל:

— נאָך אַ וואָרט, וואָלט איך איהן צו טוידט געשלאָגען!

— נו, וואַסיל, דו ביסט דאָך עפּים אַ כעסן, עפּים צו הייס!

— גאָר נישט קיין כעסן, גאָר נישט צו הייס! איך טראַכט אונ רעד מעהר

זיי זאָללען נישט קריגען קיין פערשטאָפּטע האַרצליך אונ נישט פערגעססען דאָס לערנען. אין דער קבלה איז בעקאַנט די מיינונג, אַז וואָס מען עסט, דאָס ווערט מען.

אונ אין דעם, ווי אין יעדער זאַך, שטעקט אויך אַ שטיקל אמת. עס איז פיזיאָלאָגיש בעוויזען, אַז דאָס עססען האָט אַ שטאַרקע ווירקונג אויפ'ן מוח. טהייל מאכלים מאַכען דאָס דענקען שווער, טהייל לייכט, טהייל הייבען די פאַנטאַזיע וכו' נור, נאַטיר-ליך, האָט עס גאָר קיין שום אָנהאַנג מיטן כאַראַקטער פון לעבענדיגען טהיר...

די וועגעטעריאַנער (וואָס ווילען, מען זאָלל אויפהערען צו עססען פליייש אונ בעגנינען זיך מיט פלאַנצען) פערשפּרייטען די מיינונג, אַז אַללע אונ-זערע שלעכטע מדות אונ תאוות האָבען מיר דערפון, וואָס מיר עססען פליייש פון בעשעפעניששען, אין וועלכע די שלעכטע מדות אונ תאוות שטעקקען.

נור די נשמה פערלאָסט די דירה, נישט דוקא דעמעלט, ווען זי ווערט צושאַנדען אונ פערדאָרבען. גאַנץ אָפט בלייבט עפּים ליעגען טויט אונ-פערדאָרבען, אונגאויסגעגעססען; גאַנץ אָפט בלייבט עפּים ליעגען אָהן לעבען, אָהן כח אונ עס איז נישט צו דערגעהן, פאַר וואָס דער נשמה איז נמאס געוואָרען די דירה אונ וואו אַהין דער גייסט, די נשמה, וואָס האָט די זאַך בעלעבט איז אַהין גע-קוממען? די נשמה, זעהט אויס, איז אַ פרייער פויגעל, ווען זי וויל פליהט זי אַרויס פון נאָסט; נור — וואו קומט זי דעמאָלט אַהין?

צו קאָנן זי נישט אַרום פליהען אין דער לופט? נאַטירליך האָט אונזע ...לדער מענש פון דער

נישט, ווי דער אמת איז; נו, ער וועט נאָך פֿון מיר האָבען, דער פּיאַניצא, איך וועל מיך נאָך ביים הויפּט־נאַטשאַלניק בע־קלאָגען, מיר וועללען זעהן!

און ער האָט וואָרט געהאַלטען; בעקלאָגט זיך.

איינמאָל איז דער הויפּט־נאַטשאַלניק דורכגעפֿאָהרען און אַלץ בעטראַכט. אין דריי טאָג אַרום האָבען געזאָלט קוממען עפּיס גרויסע לייט פֿון פּעטערסבורג אויף אַ רעוויזיע, האָט מען געמוזט אַלץ אין אָרדנונג ברענגען. מען האָט אָנגעשיטט, אויסגעגלייכט, די שפּאַלען איבער געזעהן, צו געדרעהט די שרויפֿען, איבער גע־מאָלט די קלאָצלעך. סעמיאָן האָט אַ גאַנצע וואָך געאַרבייט, אַלץ פֿער זאָרגט, דען ראָק פֿערלאַטעט, אויסגערייניגט, און זיין מעש־בלעך מיט אַ ציגעל אַזוי אָבגע־ריבען, אַז עס האָט געבלאַנקט; וואַסיל האָט אויך געאַרבייט. געקוממען איז דער נאַטשאַלניק אויף אַ וועג־וואָגענלע. די מאַשינקע פֿליהט, גלייך רוחות וואָלטען זי געטראָגען, אַ ווערסט צוואַנציג אין אַ שעה; און די ראָדער קוויטשען דולל צו ווערען! ער איז צו געפֿלויגען צו סעמיאָנס הייזעל; סעמיאָן איז אַרויסגעשפּרונגען, פּאָר־קאָזעראָק, ווי אַ סאָלדאַט; אַרומגעקוקט, אַללעס אין אָרדנונג!

— דו ביסט שוין לאַנג דאָ? — פֿראָגט דער נאַטשאַלניק.

פֿון צווייטען מאַי, וואַשע בלאַהאַראָדיע.

— גוט. אַ דאַנק. און ווער איז אין נומער הונדערט פֿיער און זעכציג?

דער וועג־טייסטער, וואָס פֿאָהרט מיט איהם, האָט געאָנטפֿערט:

— וואַסיל ספּירידאָוו.

— ספּירידאָוו... ספּירידאָוו... אַ האַ, דאָס איז דער זעלביגער, אויף וועלכען איהר האָט דאָס פֿאָריגע יאָהר איין אונג געוואָרפֿען?

— דאָס איז ער.

— נו, גוט, לאָמיר זעהען דען וואַסיל ספּירידאָוו, מאַרש!...

דאָס וועגעלע פֿליהט ווייטער.

סעמיאָן קוקט פֿאַר זיך און טראַכט: דאָרט וועט זיין אַ חתונה!

אין אַ פּאָר שעה אַרום איז סעמיאָן אַרויס אויף דער ליניע. פֿון אונטער'ן באָרגיל, זעהט ער, רוקט זיך עפּיס אַ פֿיגור מיט עפּיס ווייס איבער'ן קאָפּף; ער קוקט זיך צו, עס איז וואַסיל. אין האַנד אַ שטאָקען, אויף דער פּלייצע אַ קליין פּעקיל און די באַק מיט אַ ווייס טוך פֿערבונדען.

— וואָהין, שכן? — שרייט סעמיאָן.

וואַסיל איז צוגעקוממען נאָהנטער. ער זעהט אוים שרעקליך: דאָס געזיכט ווייס

לופֿט, וואָס מיר קאָננען אַלץ גאַז, נישט געוואוסט, ער האָט נור געזעהן איין אונגעהייער גרויסען, לייזיגען, געהיימניספֿאָללען פּלאַץ צווישען הימעל און ערד... וואָס טהוט זיך דאָרט? צו איז עס טאַקי באמת לעער?

טהייל מאָל הייבט אָן אין דעם ליידיגען אָרט עפּיס צו קלאַפּען, צו רוישען, צו באָזערן זיך, צו יאָגען, צו רייבען... עפּיס אַזוינס, וואָס מען זעהט נישט, העבט זיך אויף מיט איין אונגעהייער קראַפֿט און יאָגט דורך און פֿערניכטעט אַלץ, וואָס עס טרעפֿט אויפ'ן וועג... ריזיגע בוימער פּלאַצען, די אָבערפֿלאַכע (דער אייבערשטער שטח) פֿון וואַסער קריגט אַ גאַנזיגע הויט פֿאַר שרעק, עס העבט אָן דער ים צו ציטטערן... די סטאַדעס אויפ'ן הימעל ציטטערן אויך און יאָגען, זיך און ענטלויפֿען...

וואָס איז עס אַזוינס? וואָס איז געשעהן?

וואָס שרייט, וואָס קרעכצט, וואָס בעט זיך, וואָס צאָרנט, וואָס דונגערט, וואָס יאָגט, וואָס קריצט מיט די צאָהן?...

אָה! דאָס זעננען זיכער די רוחות, די גייסטער, די נשמות, וואָס פֿערליערען, אָדער פֿערלאָזען זייערע דירות אויף דער ערד...

צו וואַרפֿט איהר נישט עד היום אַ מעססער אין ווירבעלווינד אַריין, צו דערזעהען אַ טראָפּפען בלוט פֿון אַ שד! נייין?

(פ"פ)

ד"ר שטיפֿער.

ווי קרייד, די אויגען ווילד, ער רעדט און די שטיממע ברעכט זיך איהם.

— אין שטאָדט אַריין, — זאָגט ער, — קיין מאָסקוואַ... צום דירעקטאָר.

— צום דירעקטאָר?... אָ האָ! קלאָגען זיך, הייסט עס? לאָז אָב, וואַסיל, פערגעסס.

— ניין, ברודער, איך וועלל נישט פערגעססען; צו שפּעט צו פערגעססען! זעהסט דו? ער האָט מיר דאָס גאַנצע פּנים צושלאָגען, צובלוטיגט. זייט איך וועלל לעבען, וועלל איך עס נישט פערגעססען.

סעמיאָן חאַפּט איהן אָן ביי דער האַנד:

— לאָז אָב, סטעפּאַניטש, איך ראָט דיר גוט: דו וועסט בעסער נישט מאַכען. ווי עס איז — איז.

— וואָס זאָגסט דו מיר דאָרטען „בעססער!". איך ווייס אַלליין, אַז בעססער וועט נישט זיין; דו האָסט אמת געזאָגט, אַז אַללעם הענגט אָב פון מזל. זיך וועלל איך בעססער נישט מאַכען, אָבער פאַר'ן אמת, ברודער, מוז מען שטעהן!

— זאָג חאָטש, וואָס איז דאָרט ביי אייך געוועזען?

— וואָס זאָל זיין?... אַלעס אַרום געקוקט, — פון דער דרעזינע אַראָב געגאַנגען — אין הייזעל אַריינגעגאַנגען. איך האָב פאָראויס פערשטאַנען, אַז מען וועט שטרענג אַרומקוקען, עס איז אַלץ אין אָרדנונג געוועזען. ער האָט שוין געוואָלט ווייטער פאָהרען, בין איך צוגעגאַנגען מיך בעקלאָגען אויפ'ן וועג-מייסטער... הייבט ער אָן שרייען: דאָ, זאָגט ער, וועט באַלד אַ רעוויזיע זיין, און דו, אַזוינער און אַזוינער, האָסט אין זינן אַ גאָרטיל! דאָס שמעקט, זאָגט ער, מיט „טיינע סאָוויעטניקעס" און דו קריכסט מיט דיין קרויט! איך האָב נישט אויסגעהאַלטען, עפּיס אַ וואָרט געזאָגט, נישט זעהר קיין גראָבס, נור עס האָט זיך איהם געדאַכט... נו, גיט ער מיר אַ פאָהר איבער'ן פּנים... איך שטעה, גלייך ווי איך וואָלט איהם רעכט געגעבען... זיי זענען אַוועק געפאָהרען, איך האָב מיך אַביסל דערמאַנט, אָבגעוואַשען דאָס פּנים, און אַזוי געהע איך.

— נו, און דאָס הייזעל?

— דאָס ווייב איז געבליבען, זי וועט אויך קאָננען! איבעריגענס, חאַפּט זיי דער רוח מיט זייער וועג אין איינעם!

וואַסיל האָט זיך אָבגעשטעלט.

— בלייב געזונד, סעמיאָן, איך ווייס נישט צו וועלל איך געפינען וואָס איך זוך.

— שוין געהסט דו? צו פוס?

— אויף דער סטאַנציע וועלל איך אַריין אין אַ טאָוואַרנע... מאָרגען אין מאָסקוואַ.

די שכנים האָבען זיך אָבגעזעגענט. וואַסיל איז אַוועק און האָט זיך אַ צייט נישט געוויזען. דאָס ווייב האָט אויף זיין אָרט געאַרבייט, טאָג און נאַכט נישט געשלאָפען, און מיט שרעק געוואַרט אויפ'ן מאַן. אויפ'ן דריטטען טאָג איז די רעוויזיע אָנגעפאָהרען: אַ לאָקאָמאָטיוו, אַ באַגאַזש-וואַגאָן, צוויי ערשטע קלאַססע, און וואַסיל איז נאָך אַלץ נישט געוועזען, אויפ'ן פירטען טאָג דערזעהט סעמיאָן זיין ווייב: דאָס געזיכט פון טרערען געשוואָלען, די אויגען רויט.

— וואָס, געקוממען דער מאַנן? — פרעגט סעמיאָן.

דאָס ווייבעל האָט אַ מאַך געטהון מיט דער האַנד, נישט געאָנטפערט, און איז אַוועק אין איהר זייט.

* *
*

נאָר אַ מאָל, נאָך יונגעלוויים, האָט זיך סעמיאָן אויסגעלערנט פייפלעך צו מאַכען פון וויטשקעס. דאָס האָרציל פון דער וויטשקע פלעגט ער אויסברענגען, אויסבויערען לאָכעלעך וואו מען בעדאַרף; אין עקק אַריינזעצען אַ קליין פלאָקעלע, און אַזוי גוט אויסריכטען, אַז — שפּיעל חאָטש וואָס דו ווילסט. אין אַ ליידיגע צייט פלעגט ער אָנאַרבייטען אַ מאַססע פייפעלעך און דורך אַ בעקאַנטען קאָנדוקטאָר שיקקען אין שטאָדט

אַריין, וואו עֶר פלעגט לייזען צוויי קאָפּיקעס אַ שטיק. צום דריטטען טאָג נאָך דער רעוויזיע האָט עֶר געלאָזט דאָס ווייב פאַר דעם נאַכטצוג אויף דער ליניע און האָט גענוממען אַ קליין מעסער׳ל און איז געגאַנגען אין וואָלדעל אַריין אָנשניידען וויטשקעס. עֶר איז אָבגעגאַנגען אַ וויערסט; דאָרט דרעהט זיך אויס דער וועג; ער האָט זיך אַראָבגעלאָזט פון דער ליניע און איז אַוועק אין מיט׳ן וואַלד בּאַרג=אָב. אין אַ האַלבע וויערסט ווייטער איז געוועזען אַ גרויסער זומפּף, וואו עֶס זענען געוואַקסען די בעסטע וויטשקעס. עֶר האָט אָנגעשניטטען פון זיי אַ גאַנצען הויפען און געלאָזט זיך צוריק אַ היים. די זונן האָט זיך שוין גאַנץ נידריג אַראָבגעלאָזט, גלייך זי וואָלט זיך געזעצט אויפ׳ן שפּיץ בּאָרג׳ל. עס איז אַזוי שטילל ווי אויף אַ בית־עלמין, עֶס הערט זיך מעהר נישט, ווי די פייגעלעך פּישטשען, פיהרען צווישען זיך אַ ליעבליכען שמועס, און ווי עס ברעכט זיך אונטער די פיס אַ צווייגיל נאָך אַ צווייגיל. סעמיאָן איז אָבגעגאַנגען נאָך אַביס׳ל; בּאַלד איז שוין די ליניע, און עס דאַכט זיך איהם, אַז עֶר הערט עפּיס אַ גערויש, גלייך עס וואָלט געקלאַפּט אייזן אַייזען אָן דעם אַנדערן. סעמיאָן אַיילט זיך, מאַכט גראָסערע טריט. „וואָס קאָנן עס זיין?" טראַכט ער זיך. עֶר געהט אַרויס פון וואַלד — עֶר האָט פאַר זיך די לייני־וואַנד (נאַסיפּ). אַרויף צו צוהער, אויף דער ליניע, זיצט אַ מענש אייגעהויקערט און טהוט עפּיס; סעמיאָן געהט ווייטער. „מסתמא, טראַכט עֶר, גנב׳עט ווער עס איז מוטערקעס". ער קוקט — דער מענש האָט זיך אויך אויפגעהויבען; אין די האַנד האַלט ער איין אַייזען, מיט׳ן אַייזען גיט עֶר אַ קלאַפּ אין רעלס און רוקט איהן אָב אָן אַ זייט. עֶס איז איהם פינסטער געוואָרען אין די אויגען; ער וויל שרייען — עֶר קאָנן נישט. עֶר קוקט — וואַסיל!... עֶר לויפט מיט די לעצטע כּוחות בּאַרג=אַויף און יענער קייקעלט זיך ווי אַ דריידעל בּאַרג=אָב פון יענער זייט.

— וואַסיל! ברודער! קעהר זיך אום! גיב דאָס אַייזען! מיר וועללען צוריק לעגען דען רעלס, קיינער וועט נישט וויססען, קעהר זיך אום, ראַטיווע דיין נשמה פון אַזאַ שרעקליכע זינד!

וואַסיל קעהרט זיך נישט אום און איז שוין אין וואַלד.

סעמיאָן שטעהט נעבען דער אויסגעדרעהטען רעלס, די וויטשקעס אַרויס געלאָזט פון דער האַנד. אַ צוג געהט מיט פּאַסאַזשירען, פול געפּאַקט מיט מענשען. איהן אָבשטעללען קאָנן ער נישט: ער האָט קיין פאָהן; די רעלס צוריק זעצען קאָנן ער אויך נישט; מיט די בלויסע האַנד קאָנן מען נישט, — מען בעדאַרף לויפען, נישט אַנדערש ווי לויפען אַ היים נאָך אַ אינסטרומענט, נאָך אַ געצייג. העלף גאָטט!...

און סעמיאָן לויפט צום הייזעל, אַז עס פערחאַפּט איהם דער אָטהעם. ער לויפט — אָט — אָט — פאַלט ער, ניין, ער איז שוין אַרויס פון וואַלד — ביז׳ן הייז׳ל איז נאָך אַ קלאַפטער הונדערט, נישט מעהר, — ער הערט, אויף דער פאַבּריק גיט מען אַ פייף, עס הייסט: 6 אַ זייגער, און 2 מינוט אויף זיבען געהט דורך דער צוג! גאָטט!... ראַטיוועט אונשולדיגע מענשען! און סעמיאָנען דאַכט זיך, אַז אָט — אָט קומט אָן די לאָקאָמאַטיווו מיט דען לינקען ראָד אויף דער איבערגעריסענער רעלס. אָט, פערציטטערט זי, בייגט זיך איבער, די שפּאַלען רייסען זיך אויס, ברעכען זיך אויף שפּענדלעך, און דאָ דרעהט זיך אויס דער וועג, און דער צוג קייקעלט, קייקעלט זיך פון דער לייַנוואַנד אַראָב, פון עלף קלאַפטער די הייך! און דאָרט׳ן אין דריטטען קלאַסס זענען מענשען! פול אָנגעפּאַקט: ווייבער, קליינע קינדער... איצטער זיצען זיי נאָך גאַנץ רוהיג: קלערען גאָר נישט, און דאָ וואַרט אויף זיי דאָס קבר... ניין, לויפען ביז׳ן הייזיל און צוריק קוממען איז שוין קיין צייט ניטא...

און סעמיאָן לויפֿט צוריק נאָך גיכֿער, ווי פֿריהער. ער לויפֿט מיט די לעצטע כחות, נישט וויסענדיג נאָך אַליין, וואָס ווייטער וועט זיין. ער איז צוגעלאָפֿען צו דער אָבגעדרעהטער רעלס: די וויטשקעס זיינע ליגען אויפ'ן אָרט. ער האָט זיך איינגעבויגען, געהאַפּט איינע, אַליין נישט וויסענדיג צו וואָס; ווייטער אַוועק געלאָפֿען, און עס דאַכֿט זיך איהם, דער צוג יאָגט אין קבר אַריין. עס הערט זיך אַ ווייטער סווישטש, די רעלסען האָבען אָנגעהויבען שטיל צו ציטטערן און צו טאַנצען. ווייטער לויפֿען איז נישט דאָ קיין כחות. אָבגעשטעלט האָט ער זיך אַ קלאַפֿטער הונדערט ווייט פֿונ'ם שרעקליכֿען אָרט, דאָ האָט איהם אַ ליכֿטיגער געדאַנק, ווי דורכֿגעבליצט דורכֿ'ן מוח, ער האָט אַראָב געהאַפּט דאָס היטעל אַרויס גענוממען פֿון דאָרט אַ טיכֿעל; אַרויס געחאַפּט אַ מעססער פֿון שטיוועל, געמורמעלט: „גאָטט זיי צו היילף"; אַ זעץ מיט'ן מעססער אין דער לינקער האַנד, איבער'ן עללענבויגען, דאָס בלוט האָט אַ שפּריץ געטהון, אַ גאָסס געטהון ווי אַ הייסער שטראָם: איינגענעצט דאָס טיכֿל, פֿאַרנאַנדער גענוממען, אויסגעצויגען, אָנגעבונדען אויף דער וויטשקע און אַרויס געשטעלט אַ רויטע פֿאָהן!

ער שטעהט, דרעהט די פֿאָהן אַהין און אַהער, און פֿון ווייטענס ווייזט זיך שוין דער צוג; דער מאַשיניסט בעמערקט איהן נישט! אַז ער וועט צו קוממען נאָהנט, אויף אַ הונדערט קלאַפֿטער, ווער וויים, אויב ער וועט קאָננען אָבשטעללען דען שווערען צוג! —

און דאָס בלוט גיסט און גיסט. סעמיאָן דריקט צו די וואונד צו דער זייט, ער וויל דאָס בלוט פֿערהאַלטען, נור עס העלפֿט נישט; ער האָט, זעהט אויס, צו טיעף דאָס מעססער אַריין געזעצט. אין קאָפּף האָט זיך ביי איהם אָנגעהויבען דרעהען, שפּרינגען; פֿאַר די אויגען שפּרינגען, טאַנצען שוואַרצע פֿליגען, און מיט אַמאָל ווערט פֿינסטער; אין די אויערען קלינגט שרעקליך... ער זעהט נישט דען צוג, הערט נישט דאָס רוישען; איין געדאַנק זיינגט אין מוח: איך וועל נישט אויסשטעהן, איך וועל פֿאַללען, איך לאָז אַרויס די פֿאָהן; דער צוג וועט דורכֿפֿליהען איבער מיר... העלף־ושע גאָטט, אָ העלף!...

און עס איז איהם געוואָרן פֿינסטער אין די אויגען, פּוסטע אין האַרץ און די פֿאָהן איז פֿון האַנד אַרויס געפֿאַללען. נור נישט אויף דער ערד איז די בלוטיגע פֿאָהן געפֿאלען: עמיצענס אַ האַנד האָט זי אונטער געחאַפּט און אויף געהויבען אין דער הייך, אַקעגען דעם לויפֿענדיגען צוג. דער מאַשיניסט האָט זי דערזעהן: פֿערמאַכֿט דען רעגולאַטאָר און געגעבען דעם לאָקאָמאָטיוו אַ צוריק־שטויס, — דער צוג האָט זיך געשטעלט.

* *

*

פֿון די וואַגאָנען זעננען מענשען אַרויס געשפּרונגען, זיי זעהן: אַ מענש ליגט פֿערחלישט אין אַ טייך בלוט; אַ צווייטער שטעהט נעבען איהם מיט אַ בלוטיג טוך אויף אַ וויטשקע.

וואַסיל האָט אַלץ אַרומגענוממען מיט איין בליק; ער האָט אַראָב געלאָזט דען קאָפּף:

— בינדעט מיך, זאָגט ער, — דאָס האָב איך אָבגעדרעהט די רעלס...

איבערגעזעצט דורך

ז'בנר הברצ'י.

# בײַ דעם פרעמדען חופּה קלייד.

א סצענע פון װאַרשױער לעבען.

(פאָרטזעצונג)

## דיא צװײטע מאַדיסטקאַ

זי װעט זיצען צװישען בלומען
אויף א דיװאַן—רייך!
און מיר מאַכט אויף דר'ערד א ביסל
שטרוי נור גלייך!

זי דאַרף שפּיגלען, זשיראַנדאָלען,
לאָמפּען אַללערליי;
מיר צו קאָפּענס — גראָשענדיגע
ליכטליך צװײ!

אָהן מוזיק אויף פיהרט מיך לעגען,
האָטש הײנט ביינאַכט,
װילט איהר דוקא — װיינט א ביסל,
װילט איהר — לאַכט!

## מצדאַם

שטיללער, שטיללער, שטיללער,
שטילל איין אויגענבליק!
טוריי — טוריי — טוריי!
אָט, דאָס הייסט מוזיק!

און, אז טרערען פאַללען
פון דער שװערער נויט —
אויף די װייסע קלײדער
װערט א פלעק אויף טויט.

װאָס האָט איהר פון די ליעדער?
דריקענדיש נישט מעהר!
עס ציטטערן די ברעמען,
אָט, אָט, פאַלט א טרער...

טוריי — טוריי — טוריי!
אָט, דאָס הייסט מוזיק —
האָט איהר נימ קיין אייגענס
זינגט פון פרעמדען גליק!

## אַללע (כאָר)

עס איז געװען א מיידאַלע,
אַמיידאַלע א פּראַכט. —
עססען עסט עס יעדען טאָג,
שלאָפט זיך יעדע נאַכט!

און אייגאַלוך — פערחלומטע,
בלומעליך־געניי!
בלומאַלעך, און כלה־חן
ליגט אויף זיי װי טוי!

ליפליך האָט זי רויטענקע,
רויטענקע, װאָס נישט?
נאָך נישט קיין צוביססענע,
נאָך נישט אויסגעקושט!

צונד נעהען מיר דעם מאַדאַלע
צו מזל און צו גליק —
א זיידען חופּה־קלײדאַלע
א קלײדאַלע א שניק!

און זי האַלט דאָס קאָפּאַלע
חנו'דיג און שטאָלץ! —
זאָרגט עס אויף א ברײטאַלע?
קוילען אָדער האָלץ?

מען װעט איהר געןן א מאַנאַלע,
איי, דעם יונגען בלוט...
איי — איי — איי! דאָס מאַנאַלע
קאָננען מיר דאָך גוט!

## מאַדאַם

אוי נאַרישע קנאה,
איך קאָנן דיך פון לאַנג
איך קאָנן אויך דיין ציינגעל —
די גיפטיגע שלאַנג!

אוי נאַרישע קנאה
די גאַלל איז דיין האַרץ —
גאָלד װאָס איז? בלאָטע!
דער שנײ איז דיר שװאַרץ!

דיִ זונן האָט דאָך פלעָקקעָן,
דיִ שטעָרן — צוּ קליִיַן!
מיִינט, זיִ פרעָסט יעָנעָם
און פרעָסט זיִך אַליִיַן!

(אַללע כֿאָר)

עֶס איִז געֶווֶעֶ׳ן אַ מאַמאַלעֶ,
אַ מאַמאַלעֶ, אַ פֵיינס!
זיִ האָט געֶהאַט אַ טאָכֿטעֶריִל,
אַ טאָכֿטעֶריִל אַ קליִינס!

און עֶס האָט דאָס מאַמאַלעֶ
דאָס טאָכֿטעֶריִל געֶקוּשט,
געֶקוּשט, געֶהאַלזט, געֶוואָהרעֶנט עֶס:
זיִי קיין נאַשעֶר ניִשט!

קוּק ניִשט אויף קיין אַיינגעֶמאַכֿטס,
דיִ אויגעֶן האַלט פֶערגליִיסט!
טהוּ נוּר וואָס דעֶר טאַטעֶ וויִלל,
און וואָס דיִ מאַמעֶ הייִסט!

און וואָס גוּטעֶ, פֿרוּמעֶ לייט
עֶס ראָטהעֶן דיִר, מיין קיִנד!
זעֶהסט דוּ נאָשעֶן, קוּק אַוועֶק!
בעֶססעֶר — מאַך דיִך בליִנד!

זאָגט מעֶן, חס ושלום, דיִר:
„איינגעֶמאַכֿטס איִז זיִסס",
יאָלסט דוּ ווערעֶן פייעֶר-פלאַם,
טוּפעֶן מיִט דיִ פיִס!

פֿאַר דאָס ווֶעלל איִך שפּעֶטעֶר דיִר
קויפעֶן אויפ׳ן מאַרק,
אם ירצה השם, אַ ניִססעֶלעֶ,
וויִיסט, איִך בין ניִשט קאַרג!

פֿאַר אַ גאַנצעֶן גראָשעֶן געֶלד —
אַ ניִססאַלעֶ פוּן גאָלד,
פֿאַר דיִר אַליִין אַ ניִססעֶלעֶ,
דוּ וועֶסט עֶס האָבעֶן האָלד!

פֿאַר אַ גאַנצעֶן גראָשעֶן געֶלד
אַ גוּסס פֿאַר דיִר אַליִין...
און דיִ וועֶסט עֶס קיִשעֶן פֿריי,
און קנאַקקעֶן מיִט דיִ צאַהן!

און עֶס פאָלגט דאָס טאָכֿטעֶריִל
וואָס טאַטעֶ-מאַמעֶ הייִסט,
און זיִ האַלט אַ גאַנצעֶן טאָג
דיִ איִינגאַלעֶך פֶערגליִיסט!

רייטעֶלט זיִך, אַז איינגעֶמאַכֿטס —
זאָגט מעֶן איִהר — איִז זיִסס,
ס׳צאַפּפּעֶלט איִהר דאָס האָרצאַלעֶ —
זיִ טוּפּעֶט מיִט דיִ פיִס!

עֶס קוּמט דיִ צייט, דאָס מאַמאַלעֶ
האַלט איִהר וואָרט ניִשט קאַרג!
פֿאַר אַ גאַנצעֶן גראָשעֶן געֶלד
קויפט זיִ איִהר אין מאַרק

אַ פֶערגאָלדעֶט ניִססעֶלעֶ.
אַיי, ס׳איִז מלא חן!
מיִט ציִטטעֶרדיִגעֶ העֶנדטאַליִך
חאַפּט ז׳עֶס אויף דיִ צאַהן!

חאַפּט עֶס אויף דיִ צאַהן און קנאַקט —
אייִ! דיִ ניִסס איִז פֿויל,
עֶס שפּייט און שפּייט דאָס וויִיבאַלעֶ —
טאַבאַק פֿוּלל אין מויל!

— מאַמעֶ, וויִינט דאָס טאָכֿטאַריִל
דיִ יאָנדאַרעֶ [1]) וואוּ איִז?
„מאַמעֶשיִ" און „מאַמעֶ-קרוין"
איִז דאָס דעֶר טעֶם פוּן ניִסס?—!

דאָס האַרץ טהוּט וועֶה דעֶם מאַמאַלעֶ,
דאָס פנים מאַכֿט זיִ גלאַט: —
„עֶס איִז אַזוי! דיִין מאַמאַלעֶ
האָט אויך אַזוינס געֶהאַט!

---

[1]) יאַדרא, מוֹיבּעֶ.

## די מאַדאַם.

נישט דאָרט איז גליק, וואו צירונג בליצט,
וואו עדעלשטײנען מיט פֿונקען שפּריצט,
נישט אַלץ איז גאָלד, וואָס בלאַנקט און גלאַנצט,
נישט דאָס איז פֿרײד, וואָס לאַכט און טאַנצט!
עס מײד גאַנץ אָפֿט דאָס גאָלדנע בעטט
דער שלאָף; דען גרויסען זאַל די וואַטט!
ווי אויך דאָס גליק דען זאַקק מיט געלט,
דאָס ווײסט שוין לאַנג די גאַנצע וועלט!

## דיא ערשטע מאָריסטקאַ

אַ מאָל איז געוועזען, נור וואו? מן הסתם
דאָרט ערגיץ אין בויבערג אויף יענער זייט ים!
נור — צו איז געוועזען? איהר פֿראַגט נאָך, איהר קלערט?
איך האָב עס אַלײן פֿון מײן באָבען געהערט!

די מאַמע איז געשטאָרבען — דער טאַטע'ז אַוועק,
די טרויריגע ווינטער-נאַכט האָט גאָר קײן עק!
די פֿענסטער פֿערקאָוועט, די טהיר איז פֿערשנײט,
און ס'רײסט זיך דער ווינד ווי אַ הונד אויף דער קײט!
הורורו — עס-וואָיעט און קלאָגט
דאָס האַרץ איז דערשראָקקען, עס ציטטערט, עס נאָגט...
די באָבע, זי האָרט נישט, נור דיאַ-דיאַב-דיאַם!
די טויבע פֿערציילט מיר פֿון יענער זייט ים!

## אַללע.

געװנוג שוין הקדמות,
נישט פּלוידער, נישט קוויל;
פֿערגעסס אין דער באָבען,
די מעשה פֿערצייל!

## די ערשטע מאָריסטקאַ

אויף יענער זייט ים איז געשטאַנגען אַמאָל
אויף היהנערנע פֿיסליך אַ הײזעל אין טהאָל.
געשטאַנגען זיך פּראָסטע, אָהן עזות, אָהן שטאָלץ,
אָהן פּוצעכץ, אָהן צירונג — פֿון לײם און פֿון האָלץ!
אַ פֿענסטער אַ קלײנטשיקס, נור חנו'דיג האָלד
די זונן זי בעשײנט עס טאַג-טאָגליך מיט גאָלד
לבנה און שטערען
פֿערהאַלטען זיך גערען
און מאָלען מיט זילבער די שויבען!

דאָס האָט דער הימעל די ליעבע געלוינט!
עס האָבען אין הײזעל צווײ ברידער געוואוינט!
עס האַלטען צווײ הערצער צוזאַממען געטרײ,
שווער איז די אַרבײט, נור ס'אַרבײט זיך פֿרײ!
ווײס איז דאָס מעבעל, מיט קלײען דאָס ברויט,
נור אַלץ איז בשותפות — די פֿרײד און די נויט!
עס האָט זיך געלעבט,
די צײט האָט געוועבט
איהר לאַנגען, איהר כשר'ען פֿאָדעם!

נור איינמאל בעוויזט זיך אַ גאַסט אויף דער שוועלל,
פּילל גינגאָלד, שמאראַגדען, עס פּונקעלט זיין פּעלל!
די שלאַנג איז געקוממען מיט גלאַנץ אונ מיט פּראַכט;
דער אֶלטערער ברודער דערזעהט זי אונ טראַכט:
עס איז אויף דער וועלט דאָך עשירות פֿערהאַנ׳ן!
ווענן איך האָב אַ שמאַראַגט, איך אָרימער מאַנן,
ד׳פּערקויף איהן, וואס ניט?
ד׳וואָלט אויפּ׳ן יריד
געקויפט מיר צו מעלקען אַ קוה!

די שלאַנגגען — זיי וויסען וואס ס׳טראַכט זיך ביי לייט.
זי ווינקט איהם אונ רופט איהן אַוועק אין אַ זייט!
אונ זאָגט איהם: איי ברידער, וואָלסט דו נור געוואָלט,
וואָלסט דו געהאַט שוין פּילל פּעססער מיט גאָלד,
קרעללען, דיאַמאַנטען, בריליאַנטען אַ וועלט,
אונ אַלץ, וואס מען קאָנן נור בעקוממען פֿאַר געלד!
איך מאַך נישט קיין שפּאָט,
איך ווייס שוין דען סוד,
איך קאָנן דיר איהם זאָגען אין וואלד!

די שלאַנג איז אַוועק אונ דער יונגערער קלערט:
ווי גאָטט האָט זיך יעדעם זיין שאַנקייט בעשעערט;
גע פּראָג׳ן: דער גלאַנץ אונ די שאַנקייט וואָס טויג?
ביי׳ם אֶלטערן פּלאַמט שוין די תאוה אין אויג:
קרעללען, דיאַמאַנטען, בריליאַנטען — אַח גאָטט!
זי זאָלל נור נישט נאַרען אונ זאָגען דען סוד!
ער קוקט אויפּ׳ן וואלד,
אונ גנב׳עט זיך באלד
פֿון ברודער אַרוים צו דער שלאַנג!

די זונן געהט שוין אונטער, פֿערגאָלד נאָך די זוים
פֿון וואָלקען אין הימעל; אונ אונטער אַ בוים
זיצען שוין ביידע, — דער מענש אונ די שלאַנג;
זיי זיצען צוזאַממען אונ שביעסען שוין לאַנג.
ער ציטטערט אונ ווייס נישט — פֿאַר פֿריינד צו פֿאַר שרעק?
זי וויקקעלט דאָס האַרץ איהם אַרום מיט׳ן עק
אונ רעד פֿון דיאַמאַנטען,
קרעללען בריליאַנטען,
„אַלץ ועסט דו האָבען גאָר גרינג!"

„בעטראַכט נור דיין ברודער, דאָס איז אַ פֿאַבריק
„פֿון קרעללען, בריליאַנטען, דיאַמאַנטען אונ גליק,
„עס טרעפט זיך, ער אַרבייט, אונ וואונדערליך הייס
„ווערט איהם, דער שטערן בעדעקט זיך מיט שווייס
„אונ טראָפּען גאָר גרויסע!... ער ווישט מיט דער האַנד,
„לאָז נישט! דער טראָפּען דאָס איז אַ דיאַמאַנט!
„נור אַרבייטען הייס!
„קלויב אויף דען שווייס!
„שיטסט דו אָן פּעססער דיאַמאַנטען!

„עס טרעפט און עס פאלט פון די ברעמען א טרער,
„דו, שוטה, דו מיינסט, עס איז וואססער נישט מעהר,
„און טרייסט'ען, און האלזט'ען, דו האלסט עס נישט אוים,
„און קושסט איהם די טרערען פון ד'אויגען ארוים!
„פערשוויענדסט דיין פערמאגען, דו נארישער קאפף,
„לאז וויינען, לאז וויינען! און קלויב יעדען טראפף!
„א טראפף, האב פערשטאנד
„דאס איז א ברילאנט
„רייך וועסט דו זיין ווי א קאניג!

„דערנאך — האט דיין ברודער איין ערעלע פעלל,
„א שטאך כיט א נאדעל — דו האסט שוין א קרעלל!
„בלוט — זאגסט דו — איז עס, בלוט — זאגסט דו — א קאפף,
„דו נארר! עס איז קרעללען, דו צאפ נור און צאפ!
„זאלל ער נור בלוטען און בלוטען נישט קארג!
„אנשטאטען וועסט דו שוין קרעללען א בארג!
„דו האסט א פאבריק,
„און מאך דיר דיין גליק,
„ביסט שטארקער און וויסט שוין דען סוד!

די ליפפען פערביססען, די פויסטען געבאלט,
געהט שוין דער אלטערער ברודער פון וואלד,
די אויגען, זיי ברענגען און זיימען זיך שווארץ,
דאך צאפפעלט די ליעבע צום ברודער אין הארץ,
ער טרייסט זיך: „איך וועל דאך נור מאכען א פריף,
„א שטאך וועל איך געבען, א קליינען, נישט טיעף:
„מיין ברודער? איך וויים!
נור טרערען און שווייס,
הערסט דו דאך, זעננען ברילאנטען!

עס הערט די לבנה נאך די אייגענע נאכט,
ווי ס'האט אינם שטיבעל געוויינט און געלאכט,
עס קוקקען די שטערן אין פענסטער אריין:
ווי לאכט עס א ברודער ביי'ם ברודער'ס געוויין?!
די זונן האט צו מארגענס געוואונדערט זיך שטארק,
ווי שלאגט עס א ברודער דעם צווייטען אין קארק?
עס וואונדערט זיך גלייך
דער וואלד און דער טייך
וואס איז עס אין שטיבעל געשעהן

און עס איז געקוממען אויף ביידע גאטס שטראף!
דאס גליק איז פערשוואונדען, עס וויכט זיי דער שלאף,
אוועק איז די ליעבע, דער פריעדען אוועק —
דער שלאפט נישט פאר ווייטאג דער צווייטער פאר שרעק,
דער שרייט: מיין עשירות, מיין רייכטהום, מיין גוט!
דער צווייטער: ס'איז טרערען, מיין שוויים און מיין בלוט!
דיאם, דיאם, דיאם, דיאם!
אויף יענער זייט ים!
רייסט מען זיך שוין ביי די האהר!

(אַללע — כאָר)

מען שלאָגט זיך, מען רייסט זיך
טראַך־טראַך, טראַך־טראַך —
נור וואָס איז געוועזען
דער סוף פון דער זאַך?

דער סוף פון די ברידער
פון שראֶקליכען הויז?
פערצייל שוין אונ ציה נישט
די הערצער אַרויס!

## דיא ערשטע מאָדיסטקאַ

עס איז געקוממען אַ שרעקליכע נאַכט!
איך ליעג ביי דער באָבען אין שוים אונ איך טראַכט:
„וואָס לעגט זיך דער שאָטען, זוי לאַנג, אַזוי ברייט?
„וואָס רייסט זיך דער ווינד ווי אָ הונד אויף דער קייט?
„וואָס ברעכען די מוירען, וואָס רייסט זיך דער דאַך?
„צו הער איך די באָבען, צו בין איך נאָך וואַך?"

איך ליעג ביי דער באָבען אין שוים אונ איך טראַכט:
„צו זעה איך אין חלום די שראֶקליכע נאַכט?
„צו הער איך אַ מעשה? צו בין איך דענן וואַך?
„וואו ברעכען די מוירען? וואו רייסט זיך דער דאַך?
וואו רייסט זיך דאָס הייזעל אַוועק פון זיין אָרט?
„הורורו — הורורו — דאָ אָדער דאָרט?"
שטאָנדיג געקלערט
אונ קיינמאָל געהערט
דען סוף פון דער שראֶקליכער זאַך!

## אַללע, אויסער מאַדאַם

דער זייגער שלאָגט, אַיי צעהנען שלאָגט,
גענענדיגט שוין די מיה!
אַהיים, ווער נור אַהיים פערמאָגט,
אַהיים ביז אין דער פריה!

אין בעטט אריין אַ בעטט ווער ס'האָט,
נור שלאָפען געהט, געדענקט אָן גאָטט!
שלאָפען דאַרף די נויט!
שלאָפען איז אַ גוט געשעפט:
מען רוהט זיך אויס, אונ טהייל מאָל טרעפט
עס חלום'ט זיך — אַ ברויט!

אַח, צעהנען שלאָגט צום עק די מוה —
גוט־נאַכט, מאַדאַם —

מאַדאַם

קומט מאָרגען פריה!

י. ל. פרץ.